קארל מארקס

# דאס קאַפּיטאַל

## קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאנאמיע

ערשטער באַנד

א

איבערזעצט נאָך ק. קאוטסקיס דייטשע פאָלקסאויסגאַבע
פון דר׳ י. א. מעריסאן

פארלאג ח. בזשאזא

ווארשע / 1936

# אינהאלט

זייט

## צווייטער אבטייל
## די פערוואנדלונג פון געלד אין קאפיטאל.



## דריטער אבטייל
## די פראדוקציאן פון דעם אבסאלוטען מעהרווערטה.

זייט

# פון די ארויסגעבער.

דער ערשטער באנד פון „קאפיטאל" פערנעהמט אן ערך 1300 זייטען אין דעם פארמאט פון אונזערע אויסגאבען, און מיר זיינען געווען געצוואונגען אויס מאטעריעלע און טעכנישע גרונדען איינצוטיילען דאס גאנצע ווערק אין דריי כמעט גלייכע טיילען. גליקליכערוויז שטערט נים אט די איינטיילונג די איינ־הייט פונ'ם בוך. די דריי אבטיילען. וואס געהען אריין אין אט דעם ערשטען טייל, ענטהאלטען „סחורה און געלד", „די פער־וואנדלונג פון געלד אין קאפיטאל" און „די פראדוקציאן פון אבסאלוטען מעהרווערטה". דער צווייטער טייל וועט ענטהאלטען דעם פערטען אבטייל, „די פראדוקציאן פון רעלאטיווען מעהר־ווערטה", דעם פינפטען אבטייל „די פראדוקציאן פון דעם אב־סאלוטען און רעלאטיווען מעהרווערטה און דעם זעקסטען אבטייל „דער ארבייטס־לוין". דער דריטער טייל וועט ענטהאלטען דעם זיבעטען אבטייל „דער פראצעס פון קאפיטאל־אנזאמלונג". יעדער טייל איז כמעט א גאנצער ענין פאר זיך און דער כלל „אין מוקדם ומאוחר בתורה" קאן טרעפליך אנגעווענדעט ווערן אויף אט ד[illegible] ווערק.

מיר דאנקען אלע פריינד פון דער קראפאטקין ליטעראטור־געזעלשאפט פאר זייער ביזאהעריגער שטיצע און האפען, אז זיי וועלען מיט נאך מעהר ענערגיע אונז העלפען דורכפיהרן אט די גרויסארטיגע אונטערנעהמונג.

דער פערוואלטונגס־ראטה.

# פאָרוואָרט פונ'ם איבערזעצער.

די איבערזעצונג פון מארקס' „קאפיטאל", די גרעסטע אונטערנעהמונג, וואָס די יונגע וויסענשאפטליכע ליטעראטור אין אידיש האָט ביז איצט געוואגט דורכצופיהרן, איז, פערשטעהט זיך, געווען פערבונדען מיט גרויסע שוועריגקייטען. אויב ווי־סענשאפט בכלל איז שווער איבערצוגעבען אין א שפראך, וואָס האלט נאָך אין ווערן — ווען דער שרייבער מוז ניט נאָר צוגרייטען דעם אינהאלט, נאָר אין א גרויסען טייל אויך שאפען בעת מעשה די כלים, וואו אריינצוגיסען דעם אינהאלט — איז אָט די ספעציעלע וויסענשאפט פון פאָליטישער עקאָנאָמיע, וועלכע האָט צוליעב יהר טרוקענקייט און טונקעלער פערוויקעלטקייט פערדיענט דעם נאָמען „די אומעטיגע וויסענשאפט", אודאי שווער איבערצוגעבען אין אונזער אמביציעזער אָבער בלוט־אָרימער פאָלקס־שפראך.

אָט די שוועריגקייטען ווערן אָבער נאָך פערפיעלפאכט, ווען מען האָט אין זין, אז „קאפיטאל" איז ניט סתם פאָליטישע עקאָנאָמיע און מארקס איז ניט בלויז א געניאלער פערפאסער. פאָליטישע עקאָנאָמיע אלס א וויסענשאפטליכער געגענשטאנד מעג בעצם זיין טרוקען, פערוויקעלט און ניט אנציהענד, זי איז אָבער ניט קיין הייליגקייט און מען מעג, אויב מען קאָן נאָר, זי מאכען ווייכער, קלאָרער און אינטערעסאנטער. סתם א פערפאסער, אפילו א געניאלער, איז דאָך ניט מעהר ווי א מענש, וועלכען מיר דארפען נאָר זובען צו פערשטעהן; און אויב זיין שפראך איז שווער איינצובייסען און זיינע אויסדרוק־פאָרמען זיינען פערוויקעלטע, גיט מען זיך אַן עצה: מען נעהמט ארויס דעם תמצית און מען גיט עס איבער מיט אייגענע ווערטער. ניט אזוי אָבער מיט „דאָס קאפיטאל" פון קארל מארקס.

„דאָס קאפיטאל" איז אַן ענטפלעקונג פון א גרויסער וואר־הייט. ווערטה־טעאָריען, פאָרשונגען איבער די פונקציעס פון געלד, די פראָדוקציאָן פון סחורות און די פערטיילונג פון רייכטימער זיינען פאָליטישע עקאָנאָמיע: די לעהרע וועגען דער פערוואנדלונג פון געלד אין קאפיטאל און די ענטשטעהונג פון מעהרווערטה

איז אָבער מעהר ווי דאָס—עס איז די אָפענבאַרונג פון דער תורה פון סאָציאַליזם. דאָס קאַפּיטאַל בעהאַנדעלט ניט נאָר די געזעצען פון דער סחורה־פּראָדוקציאָן ווי זיי זיינען, נאָר עס פאַסט זיי אום אין זייער פּראָצעס פון ווערן; עס ענטדעקט די געזעצען פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג; עס שאַפט אַ וועלט־אַנשויאונג און ווערט געקרוינט אַלס די ביבעל פון דעם פּראָלעטאַריאַט...

קאַרל מאַרקס איז דער נביא פון אַ גרויסער צוקונפט. ער איז דער וויסענשאַפטליכער בעגרינדער פון דעם סאָציאַליזם; דער געזעץ־ערפינדער פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג; דער וועג־ווייזער פון פּראָלעטאַריאַט און דער מורה דרך פון זיין בעוועגונג. אויף זיין וואָרט, זיינעם אַן אויסדרוק בויט מען תלי תלים של הלכות, און זיין נאָמען גופא איז געוואָרן אַ שטה, אַ שטרענגע שוהלע.

מיט אַזאַ בוך שפּיעלט מען זיך ניט און מיט אַזאַ פּראָפעסער ניהמט מען זיך קיין פריהייטען ניט.

די געוועהנליכע פּינקטליכקייט און טרייהייט צום אָריגינאַל איז דעריבער פאַר אָט דער אַרבייט ניט געווען גענוג. זעהר אָפט האָבען געמוזט בענוצט ווערן גענוי דיזעלביגע אויסדרוקען ווי דער פּערפאַסער האָט זיי געברויכט, ווייל די קלענסטע עגדערונג וואָלט געקאָנט אַרויסרופען אַ חשד אויף דער ריכטיגקייט פון דער איבערזעצונג. דעם איבערזעצער׳ס פעסטער כלל: „גיב איבער דעם פּערפאַסער׳ס זין אַזוי גענוי ווי דו פערשטעהסט, אין זיינע אייגענע ווערטער אויב מעגליך, אין אַנדערע ווערטער אויב דו מוזט, אָבער שטענדיג אין דעם בעסטען אידיש, וואָס דו קאָנסט"—האָט אין דעם פאַל געמוזט מאָדיפיצירט ווערן אין דעם שטרענגערן רעגעל: גיב איבער אונטער אַלע אומשטענדען ניט נאָר דעם זין, נאָר אויך די פאָרם מיט דער גרעסטער פּינקטליכקייט, אין אַ פליסיגען אידיש אויב מעגליך, אין בלויז אַ פערשטענדליכען אידיש, אויב דו מוזט.

עס פערשטעהט זיך, אַז האַלטענדיג זיך אָן דעם ספּעציעלען שטרענגערן כלל און ניט נעהמענדיג זיך די פרייהייט צו מסביר צו זיין דעם ענין אפילו אין די שווערסטע פּלעצער און אין די טיעפּסטע אויספיהרונגען, מוזען אָפטמאָל פּאַרקומען אונגעוועהנליך־

טרוקענע זאַץ־פאָרמען. פאַר דעם, וואָס איז ניט בעהאַווענט אין די וויסענשאַפטליכע אויסדרוקען, קאָנען אפשר אַזוינע זאַצען קלינגען גאַנץ פרעמד אָדער גאָר אונפערשטענדליך, אָבער זיי קלינגען וואהרשיינליך ניט ווייניגער פרעמד און אונפערשטענד־ליך אויך אין אָריגינאַל פאַר דעם ניט־וויסענשאַפטליכען דייטשען לעזער. אַבסטראַקט־וויסענשאַפטליכע פאָרמען קלינגען אייגענט־ליך גלייך אין אַלע שפראַכען. געווים האָט אידיש דערצו נאָך דעם חסרון, וואָס פיעלע בעגריפס־ווערטער, וועלכע זיינען שוין געוואָרן אין אַנדערע שפראַכען אַלטעגליכע אומגאַנגס־ווערטער, מוזען אין איהר נאָכאַנאַנד ערשט ווערן איינגעפיהרט, און ווי יעדער נייער איינפיהר, מוזען זיי לכתחילה קלינגען פרעמד. בעד־האַנדלען אָבער אַ וויסענשאַפטליכען ענין און ניט געברויכען אָדער איינפיהרען די נויטיגע בעגריפס־ווערטער, איז פונקט אַזוי מעגליך, ווי בויען למשל אַ טעלעסקאָפּ מיט די הוילע צעהן פינגער אָדער אפילו מיט די פערשפיצטע שטיינדלעך פון דעם פרימיטיווען האַנדווערקער. מען קאָן ניט שרייבען קיין וויסענשאַפט אין אַן איינפאַכען מאַמע־לשון.

דאָך וויל איך האָפען, אַז דער לעזער וועט ניט האָבען צופיעל אורזאַכען מתרעם צו זיין אויף דעם אידיש פון אָט דער איבער־זעצונג. ווי ווייט איך האָב געקאָנט, האָב איך געזוכט אויפצו־האַלטען דעם גייסט פון דער שפראַך אין יעדען זאַץ־בוי, און דאָס איז דאָך אייגענטליך דער עיקר; הגם מיר וועט ניט וואונדערן, אויב דער אויפמערקזאַמער קריטיקער, וועט אפשר וואו־ניט־וואו ענטדעקען אַן אויסמיידליכען גערמאַניזם. די גרעסטע אויסזעצונג פון אויבען־אויף וועט מסתמא געמאַכט ווערן אַנטקעגען די פיעלע, זעהר פיעלע פרעמד־ווערטער, וועלכע ווערן בענוצט דערהויפּט אין די ערשטע קאַפּיטלען. זייער צאָהל אָבער וועט זיך אַרויסווייזען אין אַ פערקעהרטער פּראָפּאָרציע צו דער אינטעליגענץ פון דעם לעזער. וואָס מעהר אינטעליגענט דער לעזער איז, אַלץ אַ קלע־נערע צאָהל וועט ער בעטראַכטען פאַר פרעמד־ווערטער, וואָס ווע־ניגער אינטעליגענט, אַלץ מעהר ווערטער וועלען זיין פאַר איהם פרעמדע.

בכלל טיילען זיך איין די געברויכטע פרעמד־ווערטער אין צוויי סאָרטען. איין סאָרט איז אַזעלכער, וואָס מען קאָן אָהן

איהם לחלוטין ניט אויסקומען. דאָס זיינען די טעכנישע אויס־
דרוקען פון דער געגעבענער וויסענשאַפט, די ספּעציעלע געצייג,
אַזוי צו זאָגען, פון דער בעשטימטער קאָפּ־אַרבייט. יעדער האַנד־
ווערקער האָט זיינע געצייג און האָט פאַר זיי בעשטימטע נעמען,
אַזוי האָט אויך יעדער וויסענשאַפטליכער דענקער זיינע אויסדרו־
קען פאַר די בעשטימטע בעגריפען, מיט וועלכע ער אָפּערירט.
מען קאָן ניט דענקען און שרייבען איבער פּאָליטישער עקאָנאָמיע
אין קיין שפּראַך ניט אָהן די ווערטער צ.ב.ש. „רעלאַטיווע ווערטה־
פאָרם", „עקוויוואַלענט", „קוואַליטאַטיוו", „קוואַנטיטאַטיוו"
א.אַז.וו., פּונקט ווי מען קאָן ניט רעדען אָדער שרייבען וועגען
שוסטעריי, ניט געברויכענדיג אַזעלכע משונה׳דיגע פּרעמד־ווערטער
ווי „קאַפּול", „דראַטווע" א.אַז.וו. און אַזוי ווי עס וואָלט קיין
זין ניט געהאַט, שרייבענדיג וועגען שוסטעריי, אויסצומיידען דאָס
וואָרט „קאַפּול" און בעשרייבען עס יעדעס מאָל אַלס אַזאַ מין
שטיק האָלץ, וואָס האָט די פאָרם און מאָס פון פוס, און אויף
וועלכען עס ציהט זיך אָן דער לעדער פון שוך; אַזוי האָט אויך
קיין זין ניט צו בעשרייבען יעדעס מאָל דעם בעגריף, וואָס ווערט
איבערגעגעבען אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע דורך דעם אויסדרוק
„עקוויוואַלענט" וכדומה.

דער אַנדער סאָרט נעהמט אריין אַלע אַלגעמיין־ליטעראַרישע
[illegible]מד־ווערטער, וועלכע די געלעהרטע שרייבער אין אַלע ש[illegible]ר־
כען בענוצען אַזוי אָפט, אַז זיי זיינען כמעט געוואָרן אינטערנאַ־
ציאָנאַלע אומגאַנגס־ווערטער אין וויסענשאַפטליכע און פילאָזאָ־
פישע ווערק. אַ טייל פון אָט די פרעמד־ווערטער קאָן פערביט[illegible]
ערן אויף איינפאַכע ווערטער פון דער פאָלקס־שפּראַך, און דאָרט
וואו עס שאַדט ניט דער גענויקייט און שאַרפקייט פון דעם גע־
דאַנק, איז אודאי נויטיג צו געברויכען גיכער אַ לייכטען וואָרט
איידער אַ שווערן. עס זיינען אָבער צווישען די אויך פאַראַן אַ
גרויסע צאָהל, וועלכע מען קאָן ניט און מען דאַרף ניט פערבייטען
אויף די גרינגערע ווערטער פון דער פאָלקס־שפּראַך. אין זיין
פאָררעדע צו דער דייטשער פאָלקס־אויסגאַבע פון „קאַפּיטאַל"
שרייבט קאַוטסקי וועגען דעם פּונקט ווי פאָלגט:

„יעדע וויסענשאַפט נויטיגט זיך אין לויף פון איהר פאָרט־
שריט צו שאַפען אַן אייגענע שפּראַך. די געוועהנליכע אומגאַנגס־

שרייך בעצייכענט נ... די ... שיינונגען פון דער אויבערפלאַך. הויבט מען אָבער אָן גראָבען טיעף, שטויסט מען זיך אָן אויף בעגריפען, פאר וועלכע עס פעהלען ווערטער אין דעם מאַמע־לשון. כדי זיי צו בעצייכענען, מוז מען ענטוועדער ערפינדען נייע ווער־טער, אָדער מען מוז נעהמען ווערטער פון אַנאַנדער שפּראַך, דאָס רוב פון לאַטיין אָדער גריכיש, און זיי געבען א בעזונדערן זין, וואָס שטימט ניט אינגאַנצען מיט זייער אורשפּרינגליכען זין, און דעריבער קאָן עס ניט גענוי איבערגעגעבען ווערן דורך א פּשוט'ע איבערזעצונג.... אַזוינע ווערטער טאָרען נאַטירליך ניט ארויס־געוואָרפען ווערן. און איך האָב געדענקט, אַז עס איז ניט רעכט ארויסצו־וואַרפען אפילו אַזוינע פרעמד־ווערטער, וועלכע מען קאָן יאָ פערבייטען אויף דייטשע, אויב זיי זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם מאַרקסישען אויסדרוק־אופן און זיינען שוין געוואָרן א פעסטער בעשטאַנד־טייל פון דעם שפּראַך־אוצר פון דער מאַרקסיס־טישער ליטעראַטור.... כדי צו מאַכען אַזוינע ווערטער לייכטער פערשטענדליך, האָב איך צוגעגעבען, דאָרט וואו דאָס וואָרט קומט פאַר צום ערשטען מאָל, דאָס נעהענטסטע דייטשע וואָרט, און עס איינגעשלאָסען אין עקיגע קלאַמערן.... וואו איך האָב מורא געהאַט, אַז די צוגעשטעלטע פערטייטשונג וועט אומזיסט שטערן און ...בהאַלטען דעם פלוס פון דער ערקלערונג פון א געדאַנק, האָב איך די טייטש־ווערטער בעסער גאָר אויסגעלאָזט."

גענוי דיזעלביגע מאָטיווען און אויסרעכענונגען האָבען מיך געלייטעט אין דעם געברויך פון אַזוינע פרעמד־ווערטער אין דער ...ידישער איבערזעצונג, אָנווענדענדיג אויך די אייגענע מעטאָדע פון צושטעלען טייטש־ווערטער אין בעזונדערע עקיגע קלאַמערן. נאָר מיר איז עס אויסגעקומען צו טהאָן אָפטער, צוליעב די גרע־סערע נויטען פון דעם דורכשניטליכען אידישען לעזער, ווי אויך אין די פעלען, וואו א פרעמד־וואָרט איז שוין אַן אַלטער תושב אין דייטש און נאָך נאָר א יונגער גר אין אידיש. פערקעהרט וויעדער, וואו א געוועהנליך דייטשיש וואָרט איז געווען שווער איבערצוזעצען גענוי אין אידיש, האָב איך געברויכט דאָס נע־העגטסטע אידישע וואָרט לויט'ן זין נאָך און איינגערינגעלט דאָס אָריגינעלע דייטשע וואָרט אין רונדע קלאַמערן, כדי עס זאָל קיין טעות ניט קאָנען זיין אין דעם ווירקליכען זין פון וואָרט.

איך וויל אויך בעמערקען, אז די איבערזעצונג פון די צאָהל־רייכע פוס־נאָטען איז בעזאָרגט געוואָרן פונקט מיט דערזעלביגער טרייהייט ווי דער טעקסט, און די אַלע רעפערענצען צו דער אומפאנגרייכער עקאָנאָמישער ליטעראטור פון מעהרערע שפּראַכען זיינען גענוי אָנגעגעבען געוואָרן ווי זיי געפינען זיך אין אָריגינאַל. פאר דעם אַלגעמיינעם לעזער וועלען פיעלע פון זיי אפשר זיין וועניג־וואָס אינטערעסאנט, די פאָלשטענדיגקייט אָבער פון דעם בוך פאָדערט, עס זאָל קיין וואָרט און קיין אות ניט פעהלען פון דעם מייסטער'ס ווערק, און די וואָס ווילען זיך טיעפער גריבלען אין קאפּיטאַל זאָלען קאָנען מיט דערזעלביגער זיכערקייט זיך פערלאָזען אויף דער אידישער איבערזעצונג, ווי אויף יעדער אַנדער אויסגאַבע אין וועלכער עס איז אַנדער שפּראַך.

וואָס איז נוגע דעם טעקסט גופא, האָט אָט די אידישע איבערזעצונג אַ גרויסען יתרון איבער אַלע פריהערדיגע אויסגאַבען און איבערזעצונגען פון קאפּיטאַל. אידיש האָט געווארט לאַנג גענוג אויף דעם גרעסטען ווערק פון דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור, דערפאַר האָט זי זיך דערווארט אויף קאוטסקי'ס פאָלקס־אויסגאַבע, וואָס איז ערשינען ערשט אין 1914, נאָך וועלכער אָט די איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרן. אין פּרט פון פּינקטליכקייט און ריינקייט פון פעהלערן האָט די קאוטסקי־אויסגאַבע אונפערגלייכליכע מעלות, דען די גענויע ריכטיגקייט אין טעקסט פון דער „ביבעל פון פּראָלעטאַריאַט", אַזוי ווי דער קרי וכתיב פון תורת משה, מוז זיין פון דער העכסטער וויכטיגקייט.

* * *

„דאָס קאפּיטאַל" איז דורכגעגאַנגען אייניגע רעוויזיעס אין פערשיידענע אויסגאַבען, אין אַלעמען פינף דייטשע און איין פראַנצויזישע. אין דער צווייטער דייטשער אויסגאַבע האָט נאָך מארקס אַליין געמאַכט בעדייטענדע ענדערונגען; אַזוי אויך אין דער פראַנצויזישער איבערזעצונג, וועלכע איז ערשינען אין העפטען און איז געגאַנגען דריי יאָהר—פון 1872 ביז 1875. די נעקסטע דריי דייטשע אויסגאַבען זיינען ערשינען נאָך מארקס'עס טויט און זיינען רעדיזשירט געוואָרן פון פריעדריך ענגעלס, ווי אויך די ענגלישע איבערזעצונג, אין וועלכער וויכטיגע אויסבעסערונגען זיינען געמאַכט געוואָרן אין די ענגלישע ציטאַטען, ווי

עס וועט דערמאָנט ווערן שפּעטער. אין די דאָזיגע אויסגאַבען האָט ענגעלס אַריינגענומען די אַלע פערבעסערונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן פון מאַרקס'ן אַליין אין דער פראַנצויזישער איבערזעצונג, ווי אויך אַנדערע ענדערונגען, וועלכע ער האָט געפונען צווישען מאַרקס'עס נאָטיצען אויף די גליונות פון זיין האַנד־עקזעמפּלאַר פון דער צווייטער אויסגאַבע. וועגען די דאָזיגע ענדערונגען שרייבט ענגעלס אין זיין פאָרוואָרט צו דער דריטער אויפלאַגע ווי פאָלגט:

„מאַרקס האָט אין אָנפאַנג בדעה געהאַט אינגאַנצען איבער־צואַרבייטען דעם טעקסט פון ערשטען באַנד: איינינע טעאָרע־טישע פּונקטען איבערגעבען בולט'ער, צוגעבען נייע פּונקטען און פערפאָלשטענדיגען דעם געשיכטליכען און סטאַטיסטישען מאַטע־ריאַל ביז צו דער לעצטער צייט. דער צושטאַנד אָבער פון זיין געזונד און די נויט צו ענדיגען די רעדאַקציע פון צווייטען באַנד האָבען איהם געשטערט זיך צו נעהמען פאַר דער דאָזיגער אַרבייט. ער האָט זיך געמוזט בענוגענען מיט די נויטיגסטע ענדערונגען און צושטעלען נאָר די הוספות, וועלכע די פראַנצויזישע אויס־גאַבע, וואָס איז דערווייל ערשיענען, האָט שוין ענטהאַלטען.

אין דעם נאַכלאַס [די כתבים וואָס זיינען געבליבען נאָך זיין טויט] האָט זיך געפונען אַ דייטשער עקזעמפּלאַר, וועלכען ער האָט ערטערווייז קאָרעגירט און וואו ער האָט אָנגעוויזען אויף די פערבעסערונגען פון דער פראַנצויזישער אויסגאַבע, ווי אויך אַ פראַנצויזישער עקזעמפּלאַר, אין וועלכען ער האָט גענוי אָנגע־צייכענט די שטעלען, מיט וועלכע מען דאַרף זיך בענוצען. די דאָזיגע ענדערונגען און הוספות זיינען דערהויפּט געמאַכט געוואָרן אין לעצטען טייל פונ'ם בוך, אין דעם אָבטייל: „דער אַקומו־לאַציאָנס־פּראָצעס פונ'ם קאַפּיטאַל". דער טעקסט אין דעם אָב־טייל איז דאָס רוב געבליבען ווי ער איז לכתחילה אָנגעשריבען געוואָרן, בעת די ערשטע אָבטיילען זיינען פון אָנפאַנג אָן גרינד־ליכער איבערגעאַרבייט געוואָרן. דער סטיל איז דעריבער געוועזן לעבעדיגער, מעהר פון איין גוס, ער איז אָבער געוועזן אויך מעהר נאַכלעסיג, פול מיט אַנגליציזמען און ערטערווייז ניט דייטליך.

בנוגע דעם סטיל האָט מאַרקס אַליין גרינדליך רעווידירט אַנדערע אונטער־אָבטיילען, און האָט מיר דערציילט, ווי אויך

דורך פיעלע מינדליכע אָנדייטונגען, געגעבען די מאָס ווי ווייט איך מעג געהן אין דער ארבייט פון ארויסוואַרפען די ענגלישע טעכנישע אויסדרוקען און אַנדערע אַנגליציזמען. אין אָט דער דריטער אויפלאַגע איז אַלזאָ קיין וואָרט ניט געענדערט געוואָרן, וועגען וועלכען איך וויים ניט בעשטימט, אַז דער פּראָפעסער אַליין וואָלט עס געענדערט."

די הוספות אין דער פראַנצויזישער אויסגאַבע זיינען זעהר וויכטיגע און מאַרקס אַליין האָט זיי צוגעגעבען אַ גרויסע בע־דייטונג, ווי מען קאָן עס זעהן פון זיין נאָכוואָרט צו דער דאָזיגער אויסגאַבע, אונטער'ן נאָמען „אַ וואונק צום לעזער":

„הערר זש. ראָי האָט זיך אונטערגענומען צו מאַכען די איבערזעצונג אַזוי גענוי, זאָגן אפילו אַזוי ווערטליך, ווי נאָר מעגליך. ער האָט זיין אויפגאַבע ערפילט געוויסענהאַפט. אָבער גראָד אָט די געוויסענהאַפטיגקייט און געטרייקייט האָט מיך בעוואָגען אָפּט־מאָל צו ענדערן אַן אויסדרוק, כדי צו מאַכען איהם לייכטער פער־שטענדליך פאַר'ן לעזער. די ענדערונגען האָבען צייטענווייז גע־מוזט געמאַכט ווערן אין איילעניש, ווייל דאָס בוך איז ערשיענען אין העפטען; זיי האָבען ניט געקאָנט דורכגעפיהרט ווערן מיט דערזעלביגער גענויער אויפפאַסונג און דעריבער איז דער סטיל ניט ארויסגעקומען גלייכמעסיג. און אַזוי ווי איך האָב זיך שוין איינ־מאָל גענומען פאַר דער אַרבייט פון רעווידירן, האָב איך זיך גע־פיהלט געניטיגט צו מאַכען ענדערונגען אין טעקסט, פון דער צווייטער דייטשער אויסגאַבע, גופא: פעראיינפאַכען איינינע שלוס־אויספיהרונגען, אַנדערע פערפאָלשטענדיגען, צושטעלען היס־טאָרישע און סטאַטיסטישע הוספות, צוגעבען קריטישע בעמער־קונגען א.אַז.וו. די פראַנצויזישע אויסגאַבע מעג האָבען איהרע ליטעראַרישע חסרונות, זי פערמאָגט אָבער אַ בעזונדערן וויסענ־שאַפטליכען ווערטה אין פערגלייך מיט'ן אָריגינאַל, און דאַרף דעריבער בענוצט ווערן אפילו פון די, וועלכע קאָנען לעזען דאָס בוך אין דייטש."

קאַוטסקי האָט נאַטירליך זיך בענוצט מיט די אַלע אויסבע־סערונגען, וואָס מאַרקס האָט געמאַכט אין דער פראַנצויזישער איבערזעצונג, וועלכע קאָן בעטראַכט ווערן מעהר ווי אַן איינפאַכע איבערזעצונג, נאָר ווי איינע פון די וויכטיגסטע נייע אויסגאַבען,

וועלכע האָט פערגרעסערט דעם וויסענשאַפטליכען ווערטה פון דייטשען אָריגינאַל גופא. אָבער אויסער דעם האָט ער אויך גענומען אין בעטראַכט די לייכטערע פערשטענדליכקייט פון דער פראַנצויזישער איבערזעצונג.

„מאַרקס האָט גערעכענט—שרייבט קאַוטסקי— ז צווישען די פראַנצויזישע אַרבייטער וועט ער געפינען ווענינער געדולדיגע לעזער איידער צווישען די דייטשען, און האָט דעריבער געזוכט צו מאַכען גרינגער פאַר זיי דעם געדאַנק אין אייניגע ערטער. איך האָב מיך געפיהלט בערעכטיגט צו בענוצען אַזוינע שטעלען אויך ביים צונויפשטעלען דעם דייטשישען טעקסט, וואָרים מיין אויפגאַבע איז צו מאַכען דאָס בוך מעהר פערשטענדליך אויף ווי ווייט דאָס איז מעגליך, ניט אָנריהרענדיג די טיעפקייט און דעם כאַראַקטער פון דעם ווערק.”

פאַר דער פערטער דייטשער אויסגאַבע האָט ענגעלס זיך בענוצט אַ חוץ מיט דער כראַנצויזישער איבערזעצונג אויך מיט דער ענגלישער. אין דער ענגלישער אויסגאַבע האָט מאַרקס'עס טאָכטער, עלינאָר מאַרקס־אַוועלינג, פערגליכען אַלע ציטאַטען פון ענגלישע פערפאַסער און פון די ענגלישע בלוי־ביכער, וועלכע מאַרקס האָט איבערזעצט אין דייטש, און זיי איבערגעגעבען לויט זייער אָריגינעלען טעקסט, אנשטאַט צוריק צו איבערזעצען זיי פון דייטש אין ענגליש, וואָס עס וואָלט אין בעסטען פאַל ניט געקאָנט שטימען מיט די אָריגינעלע אויסדרוקען פון די ציטירטע ענגלישע פערפאַסער. אין זיין פאָררעדע צו דער כערטער אויסגאַבע בעמערקט ענגעלס וועגען דעם ווי פאָלגט:

„עס האָבען זיך דערביי אַרויסגעפונען פערשיידענע קליינע ניט־פינקטליכקייטען, ווי אויך אַ גרויסע צאָהל דרוקפעהלערן, און אָפטמאָל ניט גאָר אַ גליקליך־געוועהלטעס איבערזעצונגס־וואָרט. אייניגע שטעלען זיינען געוועזען ציטירט פון די אַלטע אַריזער העפטען, פון די יאָהרען 1843-45, ווען מאַרקס האָט נאָך ניט פערשטאַנען קיין ענגליש און האָט די ענגלישע עקאָנאָמען ע־לעזען אין פראַנצויזישער איבערזעצונג, אַזוי אַז די טאָפּעלטע איבערזעצונג האָט אָפט געקלונגען גאַנץ אַנדערש ווי אין אָריגינאַל.... פערגלייכט מען אָבער די פערטע מיט די פאָריגע אויסגאַבען, קאָן מען זיך איבערצייגען, אַז אַט דער גאַנצער מיהזאַמער

רייניגונגס-פראצעס האט פונדעסטוועגען ניט געענדערט קיין וועזענטליכען פונקט פונ'ם בוך."

דער דאזיגער רייניגונגס-פראצעס איז אודאי געווען העכסט ניצליך, ער איז אבער, ווי עס שטעלט זיך ארויס, ניט געגאנגען ווייט גענוג און קאוטסקי האט נאך געפונען א רעכט ביסעל וואס צו רייניגען. אייןביישפיעל צווישען אנדערע איז כדאי דא צו ברענגען. מארקס ציטירט א זאץ פון דזשאהן סטוארט מילל און מאכט וועגען איהם א פערניכטענדע בעמערקונג. ענגעלס געהמט די ציטאטע פון דער פראנצויזישער איבערזעצונג און גיט עס איבער אין דייטש ווי פאלגט:

[מילל זאגט:] „איך זעצע איבעראל דען געגענווערטיגען שטאנד דער דינגע פאראויס, דער ביז אויף ווענינע אויסנאהמען איבעראל הערשט, דאס הייסט, דאס דער קאפיטאליסט אלע פאר־שיסע מאכט, די בעצאהלונג דעם ארבייטער'ס איינבעגריפען."

[מארקס' בעמערקונג דערצו:] „זעלטזאמע אפטישע טוישונג, איבעראל איינען צושטאנד צו זעהן, דער ביז יעצט נור אויסנאהמס־ווייזע אויף דעם ערדבאל הערשט."

„די איבערזעצונגען זיינען געווים פאלקאם קארעקט—ווייזט אן קאוטסקי—אבער ענגעלס וואלט זיי ניט אנגעשריבען, ווען ער וואלט מילל'ס זאץ גענומען פון ענגלישען אריגינאל אנשטאט פון דער פראנצויזישער איבערזעצונג. מילל, אין „פרינסיפאלס אוו פאליטיקאל עקאנאמיע", לאנדאן 1860, ז. 253, זאגט:

"I assume throughout the State of things which, where the laborers and the capitalists are separate classes, prevails, with few exceptions, universally, etc."

דאס הייסט: איך זעצע איבעראל דען שטאנד דער דינגע פאראויס, דער דארט, ווא ארבייטער און קאפיטאליסטען פערשיעדענע קלאססען בילדען, ביז אויף ווענינע אויסנאהמען, אלגעמיין הערשט א.אז.וו."

מארקס האט מסתמא פערזעהן אט דעם אונטערגעשטריכענעם זאץ, ווען ער האט געמאכט דעם אויסצוג פון מילל'ס ווערק פאר זיינע פראנצויזישע העפטען. מילל ברענגט אריין אין זיין בע־

הויפּטזאַך אַזאַ 'תנאי, וועלכער נעהמט צוועק דעם גאַנצען שפּיץ פון מאַרקס'עס קריטיק. איך האָב דעריבער אויסגעלאָזט די ציטאַטע גאָר אינגאַנצען פון אַט דער אויסגאַבע, איבערהויפּט אַזוי ווי עס האָט נאָך אויסער דעם קיין נויטיגען צוזאַמענהאַנג ניט מיט דעם עיקר הענין.״

אַט די מעשה מיט מאַרקס'עס אומזיסטער בעמערקונג אויף אַ ניט־ריכטיג ציטירטען זאַץ פון מילל האָט נאָך מיין מיינונג ניט געדאַרפט אויסגעלאָזט ווערן פון טעקסט, ערשטענס צוליעב איהר היסטאָרישען אינטערעס, און צווייטענס צוליעב די נוצען, וואָס מיר קאָנען אָפט ציהען פון די פעהלערן פון גרויסע מענשען — עס פערשטעהט זיך, איבערגעבענדיג למען האמת אין אַ הערה דעם ריכטיגען נוסח פון מילל'ס זאַץ און אָנווייזענדיג אויף מאַרקס'עס טעות. און איך ברענג עס אַריין דאָ אין דער פאָררעדע, אַ חוץ אַלס אילוסטראַציע פון די נאָך־געבליבענע טעות'ן אין דער פער־טער אויסגאַבע, טאַקע אויך צוליעב דעם דערמאָנטען טעם, ד. ה. אין די אינטערעסען פון היסטאָרישער פּינקטליכקייט.

אחוץ אַזוינע אויטאָר'שע גרייזען האָט קאַוטסקי געפונען אין דער לעצטער, דער פינפטער, אויסגאַבע אַ גרויסע צאָהל פּשוט'ע דרוק־פעהלער, וועלכע שטערן דעם זין און מאַכען אָפט־מאָל דעם זאַץ גאַנץ אונפערשטענדליך. ער ברענגט אַלס ביי־שפּיעל גאַנצע 30 אַזוינע דרוק־פעהלערן, צווישען וועלכע עס גע־פינען זיך: האָפנונגסלאָזע אַנשטאַט האָפנונגספאַלע, וואַ־רען־בעציהונגען אַנשטאַט וועקסעל־בעציהונגען, מערהייט אַנשטאַט מעהראַרבייט, אַרבייטס־קראַפט אַנשטאַט אַר־בייטס־צייט, נאַטירליכע אַנשטאַט אונגאַטירליכע, א. אז. וו. אינגאַנצען האָט ער אָנגעצעהלט 150 זין־שטערענדע דרוקפעהלערן, און ער קאָווירט נאָך ניט פאַר דער פאָלשטענ־דיגקייט פון דער דאָזיגער צאָהל.

נאָך אַ פערדיענסט פון אַט דער קאַוטסקי'ס אויסגאַבע איז דאָס, וואָס זי איז אויסגערייניגט פון די פיעלע אַנגליציזמען — ד. ה. ווערטער און זאַץ־ווענדונגען, וואָס נעהמען זיך פון ענגליש — וועלכע זיינען נאָך געבליבען אין דער לעצטער דייטשער אויסגאַבע. קאַוטסקי ערקלערט זייער אורשפּרונג ווי פאָלגט:

„אין דער צייט, בעת ער האָט געשריבען „דאָס קאַפּיטאַל״,

האָט מאַרקס בענוצט ענגליש פונקט אַזוי געלויפיג ווי דייטש. די קינדער אין הויז האָבען גערעדט ענגליש און אַזוי איז ענגליש געוואָרן די שפּראַך פון טעגליכע פערקעהר אויך פאַר מאַרקס'ן. אויף דעם אופן איז די ענגלישע שפּראַך אונבעוואוסטזיניג איהם נעהענטער געלעגען אין קאָפּ אײדער דייטש. ד'ערצו האָט ער פאַרגעצויגען אין מאַנכע זאַכען דעם געברויך פון ענגליש אפילו בעוואוסטזיניג. בעת ער האָט געמאַכט זיינע פאָרשונגען איז ענגלאַנד געווען דאָס איינציגע לאַנד, וואָס האָט אויפגעוויזען אַן ענטוויקעלטען קאַפּיטאַליזם און אַן ענטוויקלונג פון דער טעאָריע פון קאַפּיטאַליזם. די מאַטעריאַלען ווי אויך די טערמינאָלאָגיע פון דער וויסענשאַפט זיינען כמעט אויסשליסליך געווען ענגלישע. אויסער דעם, אַזוי ווי ער האָט בעהערשט אין אַ גלייכער מאָס די דריי גרויסע וועסט־אייראָפּעאישע שפּראַכען (דייטש, פראַנצויזיש און ענגליש) פלעגט ער אין אַ געגעבענעם מאָמענט בענוצען די שפּראַך, וועלכע האָט אַמבעסטען געפּאַסט צו זיין צוועק און געגעבען זיין געדאַנק דעם גענויעסטען, פיינסטען אָדער קרעפטיגסטען אויסדרוק. שרייבענדיג דייטש, פלעגט ער אָפטמאָל געברויכען אַ פראַנצויזישע אָדער בעסער אַן ענגלישע ווענדונג, ניט אויס פערנעכליסקייט אָדער מחמת אַ פערזעהען, נאָר בכיון, כדי צו פערשטאַרקען די ווירקונג פון זיינע ווערטער. זיינע אַנגליציזמען זיינען געוואָרן אַ וועזענטליכער טייל פון זיין סטיל; אָהן זיי וואָלט ער ניט דערגרייכט אַזאַ שאַרפע און טרעפענדע אייגענאַרטיגקייט. אָבער ניט אַלע זיינע אַנגליציזמען זיינען געווען פון אָט דעם סאָרט; עס זיינען געווען אויך אַזוינע, וואָס מען האָט ניט נאָר געקאָנט אויסקומען אָהן זיי, נאָר מען האָט געזעהן, אַז זיי זיינען שעדליך, ווייל זיי קאָנען אַרויסרופען מיספערשטענדנישען ביי די לעזער, וועלכע זיינען ניט בעקאַנט מיט דער ענגלישער שפּראַך."

מאַרקס אַליין האָט שוין אָנגעפאַנגען אויסצורייניגען די שעדליכע אַנגליציזמען נאָך דער ערשיינונג פון דער צווייטער אויסגאַבע, און ענגעלס האָט פאָרטגעזעצט די אַרבייט אין די ווייטערדיגע אויסגאַבען. אָבער ענגעלס האָט זיך אויך אַזויפיעל איינגעלעבט מיט דער ענגלישער שפּראַך, אַז ער האָט אַ סך זיינע פרעמדע אויסדרוקען אַליין ניט בעמערקט.

אזוי צום ביישפּיעל געפינט זיך נאָך אין דער פערטער אויס־גאַבע, ז. 139, וואו עס רעדט זיך וועגן בענטהאַמ'ס לעהרע, דער זאַץ „יעדער פיר זיך און קיינער פיר דער אנדערן ק ע ה ר ט" — דאָס וואָרט „קעהרט" נעהמט זיך פון דעם ענגלישען "Care," וואָס מיינט זאָרגען, איז אָבער פאַר דעם דייטשען לעזער אינגאַנצען אונפערשטענדליך. אויף ז. 219 נאָטע 91 שטעהט „די גערוועגקראַפט פערליערט איהרען טאָן", אין ענגליש "Tone," וואָס מיינט איהר „שפּאַנקראַפט"; און אזוי ווייטער. א קאָמישער טעות איז אַרויסגעקומען אין דער פראַנצויזישער איבערזעצונג דורך א שעדליכען אַנגליציזם, וואָס האָט זיך געפונען אין דייטשען טעקסט. אויף ז. 221 ווערט דער ענגלישער זאַץ "Slept on the floor (of the furnace)" איבערזעצט: געשלאָפען אויף דעם פ ל ו ר; און אזוי ווי „פלור" מיינט אין ניעדער־דייטש „פעלד", האָט דער פראַנצויז איבערזעצט: "J'ai dormi dans le Champs" איך האָב געשלאָפען אויפ'ן פרייען פעלד... אין אייניגע פעלעצער געברויכט מארקס דאָס וואָרט „א ו נ ט ע ר־ג ע ה ן", ניט אין זיין דייטשען זין, נאָר אין דעם ענגלישען זין פון וואָרט undergo, וואָס מיינט „דורכמאַכען".

פערגלייכענדיג די איבערזעצונג פון די ענגלישע ציטאַטען מיט זייער אָריגינאַל, ווי זיי ווערן געגעבען אין דער ענגלישער אויסגאַבע, האָב איך בעמערקט דאָ און דאָרט אייניגע אונפּינקטליכקייטען, וועלכע ענדערן אָבער נ י ט אין קיין פאַל דעם זין פון די ציטירטע פערפאַסער, און האָב זיי דעריבער געלאָזט ווי מארקס האָט זיי איבערגעגעבען. בלויז אין צוויי־דריי שטעלען (ז. 392) האָב איך אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם אָריגינעלען ענגלישען טעקסט אין פוס־נאָטען, ווייל די איבערזעצונג אין מארקס'עס טעקסט איז בלי ספק עטוואָס פערוויררט.

איך וויל אויך בעמערקען, אז אַלע מאַטעמאַטישע פאָרמולען זיינען איבערגעגעבען געוואָרן, ווי זיי געפינען זיך אין דער קאַוטסקי אויסגאַבע, מיט דער איינציגער נאַטירליכער ענדערונג, וואָס איך האָב בענוצט אידישע אנשטאַט לאַטיינישע בעצייכענונג־בוכשטאַבען. דערביי מוז איך אויסדרוקען מיין דאַנקבאַרקייט דעם „בחור הזעצער, וועלכער האָט ניט געשפּאָרט קיין מיה בייצוקומען די אַלע טעכנישע שוועריגקייטען, וואָס זיינען געווען פערבונדען מיט

דעם זייטיגעץ פון די דאָזיגע גראַמאַטישע אין אידיש, ווי אויך מיט אַנדערע פונקטען פון דער זעצער־קונסט, וואָס נאָר מבינים וועלען קאָנען ריכטיג אָבשאַצען.

---

ווארפענדיג צו־לעצט אַן אָבשיידס־בליק אויף דער ארבייט פון אריינברענגען אַט דעם גרויסען ווערק אין דער אידישער ליטעראטור, ווערט דער אַנזיכט אַ וויילע פערשטעלט פון דעם שאָטען פון אונזערע סאָציאַליסטישע דרדקי מלמדים און בראָשורען־פּאָפּולאַריזאַטאָרס, וועלכע קאָנען ניט איינזעהן ניט די מעגליכקייט, ניט די ניצליכקייט פון מאַרקס' „קאַפּיטאַל" אין אידיש. עס איז די אַלטע טענה: דער איד, וואָס איז אינטעליגענט גענוג צו פערשטעהן „קאַפּיטאַל", איז אויך געבילדעט גענוג צו לעזען עס אין אַנאַנדער שפּראַך, און דער וואָס קאָן עס ניט לעזען אין אַנאַנדער שפּראַך, וועט עס אויך ניט פערשטעהן אין אידיש. אָבער אַ חוץ וואָס די דאָזיגע טענה איז אַלעמאָל געווען די שעדליכסטע שטערונג פון דער ענטוויקלונג פון דער אידישער ליטעראטור, האָט זי אין דעם היינטיגען צושטאַנד פון דער אידישער קולטור־בעוועגונג פערלאָרען אפילו איהר אויבערפלעכליכע בערעכטיגונג. איצט ווען אפילו דאָ אין אַמעריקא וואַקסט אויס אַ אידישע סאָציאַליסטישע בעוועגונג אויף דעם אָרט פון די פריהערדיגע „אידיש־שפּרעכענדע" סאָציאַליסטישע גרופּען; ווען אין רוסלאַנד עפענט זיך אויף אַזאַ ברייטע פעלד פאַר אידישער קולטור און סאָציאַליסטישער טהעטיגקייט: איצט קאָן שוין מעהר קיין פראַגע ניט זיין וועגען דער ניצליכקייט און נויטיגקייט פון אריינברענגען די אַלגעמיינע גייסטיגע אוצרות פון דער מענשהייט אין דער אידישער ליטעראטור.

עס איז אמת, אַז די געדולד פון דעם לעזער—און ניט נאָר פון דעם געוועהנליכען ארבייטער־לעזער, נאָר אפילו אויך פון דעם אינטעליגענט—וועט אָפט מוזען אויסהאַלטען זעהר אַ שווערע פּראָבע איידער ער וועט זיך קאָנען קלאָר מאַכען די טיעפע חשיבות פון „קאַפּיטאַל". אָבער ווירקליך שווער איז אייגענטליך נאָר דער ערשטער אָבטייל פונ'ם בוך—די ערשטע דריי קאַפּיטלען, וועלכע ענטוויקלען דעם פּערפאַסער'ס ווערטה־טעאָריע און די פונקציעס פון געלד. דער צווייטער אָבטייל, וואָס ענטהאַלט דעם

פערטען קאפיטעל „די פערוואנדלונג פ'ון געלד אין קאפיטאל", איז נאר שווערליך אין פארם, אבער ניט אין אינהאלט; בעת די איבעריגע קאפיטלען, מיט ווענינע אויסנאהמען, לעזען זיך כמעט גאר לייכט. איבעריגענס האט מארקס אליין, וועלכער האט געזוכט צו מאכען זיין ווערק וואס מעהר צוגענגליך פאר דעם ארבייטער'ס פערשטאנד, געפיהלט די שוועריגקייט פון דער אויפגאבע און דערמאנט די לעזער אין זיין פאררעדע צו דער פראנצויזישער איבערזעצונג, אז —

„עס איז נימא קיין ברייטע, אויסגעטראטענע גאס צו דער וויסענשאפט, און נאר יענע מעגען דערוואַרטען צו גרייכען איהרע ליכט-פולע שפיצען, וועלכע שרעקען זיך ניט אב פאר דער שווערער מיה צו קלעטערן אויף איהרע משופע'דיגע שטעגען".

דר. י. א. מעריסאן.

ניו יארק, סעפטעמבער, 1917.

# קארל מארקס

## א ביאגראפישע סקיצע.

ארל מארקס איז געבוירן געווארן דעם 5. מאי 1818 אין דער אלטער שטאדט טריער פון דער רהיינישער פראווינץ. ער שטאמט אב פון אן אלטער און בכבוד'ער אידישער פאמיליע, „געלנאטען” פון רבנים און גדולי הדור אין א דירעקטען יחוס, וואס גרייכט צוריק ביז דעם ...טען יאהרהונדערט. זיי אלע האבען געטראגען דעם פאמיליע-נאמען מרדכי. נאר קארל מארקס'עס זיידע האט איבערגעביטען דעם נאמען אויף מארקס.

קארל'ס פאטער איז געווען דער ערשטער, וואס האט אבגעבראכען די אלטע טראדיציעס פון זיין רבנישער פאמיליע, האט שטודירט וועלטליכע למודים און איז געווארן אן אדוואקאט. ער איז געווען א פריידענקער און א גרויסער אנהענגער פון די פראנצויזישע ענציקלאפעדיסטען פון 18טען יאהרהונדערט. קארל'ס מוטער האט אבגעשטאמט פון אונגארישע אידען, וועלכע האבען זיך בעזעצט אין האלאנד אין 17טען יאהרהונדערט.

עטליכע יאהר איידער קארל איז געבוירן געווארן איז די רהיינישע פראווינץ ווידער איבערגעגאנגען צו פרייסען (אין 1815), און דער גראבער און בייזוויליגער אנטיסעמיטיזם פון דער דייטשער רעגירונג פון יענער צייט האט אבגענומען פון די אידען אלע מענשליכע בירגער-רעכט, וואס זיי האבען גענאסען אונטער דעם קאדעקס נאפאלעאן, און געטריבען טויזענדער אידישע פאמיליען אין שמד. קארל'ס פאטער, וועלכער איז געווען א בעוואוסטער אדוואקאט און א נאטאריוס אין געריכט, האט אונטער די אומשטענדען ניט געקאנט אנהאלטען זיין פראפעסיאן און האט זיך גע'שמד'ט מיט זיין פרוי און קינדער ווען קארל איז אלט געווען 6 יאהר

אין 1835 האט דער יונגער מארקס געענדיגט דאס גימנאזיום אין זיין געבורטס-שטאדט און איז דעמזעלבען יאהר אריינגעטראטען אין אוניווערזיטעט פון באן אלס שילער פון יורידישען פאקולטעט. נאך א קורצער צייט איז ער אנגעקומען אין בערלינער אוניווערזיטעט, וואו ער האט שטודירט אויך פילאסאפיע און געשיכטע. צווישען די סטו-

דענטען אין די אוניווערזיטעטען האט זיך אין יענער צייט אנגעפאנגען א ראדיקאלע און רעוואלוציאנערע בעוועגונג, עס איז אבער ניט בעקאנט, אז מארקס זאל האבען גענומען א וועלכען עס איז אנטייל אין דער דאזיגער סטודענטען-בעוועגונג. ווי עס איז צו זעהן פון זיינע בערלינער בריעף צו זיין פאטער—דער איינציגער קוואל פון די מאגערע ידיעות, וואס מיר האבען וועגען זיין סטודענטישען לעבען—איז ער געווען שטארק פערטאן אין לערנען און בויען פילאזאפישע טעאריען. ער האט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין שארפען קאפ און גרויסער בעלעזענקייט, און איז געווארן א אינטימער חבר פון ברונא בויער, דעם בעריהמטען ביבעל-קריטיקער, און קארל קאפפען, דעם היסטאריקער—ביידע פיעל עלטער פאר איהם און שוין לאנג ניט מעהר קיין סטודענטען.

ער האט דורכגעמאכט זיין עקזאמען אין יענא, אין 1841, און בעקומען דעם טיטול דאקטאר פון פילאזאפיע. לכתחילה האט מארקס ניט געקאנט בעשליסען, צי ער זאל זיך אבגעבען צו פילאזאפישע פארשונגען, אדער זיך אויסוועהלען א פראקטישע טהעטיגקייט. זיין פריינד ברונא בויער האט איהם דאן געשריבען: „עס וואלט געווען אן אונזין פאר דיר זיך אויסצוקלייבען א פראקטישע קאריערע. די טעאריע איז אין היינטיגער צייט די שטארקסטע פראקטיקע, און מיר קאנען אפילו זיך ניט פארשטעלען, וואס פאר א וויכטיגע פראקטישע בעדייטונג זי וועט נאך געווינען אין דער צוקונפט.“ מארקס האט בעשלאסען צו פאלגען זיין פריינד'ס עצה און זוכען צו ווערן א דאצענט פון פילאזאפיע אין באנער אוניווערזיטעט.

אין יענער צייט איז די פילאזאפיע געווען ענג פערבונדען מיט פראגען פון רעליגיע. די יונגע ראדיקאלע שטרעמונג האט געפיהרט איהר קאמף אנטקעגען דער אלטער ארדנונג דורך פילאזאפישער קריטיק פון איהרע אידעאלאגישע יסודות; ד.ה. זי האט געזוכט צו צערשטערן די אונפעהלבארקייט פון דער רעליגיעזער סאנקציע פון דער דאזיגער ארדנונג. די רעגירונג האט פאלגליך געהאט אן אויג אויף די פראפעסארען און די פאליציי האט זיך גלייך אריינגעמישט, ווי נאר עס האט אנגעהויבען צו בלאזען א פרייער ווינטעל פון דער קאפעדרע פון אוניווערזיטעט. ברונא בויער'ס לעקציעס האבען ניט געשמעקט דער רעגירונג און זי האט איהם גלייך ארויסגעזעצט פון באנער אוניווערזיטעט. אט דער פאל מיט זיין נאהענטסטען פריינד האט מארקס'ן געעפענט די אויגען און ער האט אויפגעגעבען זיינע געדאנקען וועגען

א פּראָפעסאָרישער קאַריערע. ער האָט דאַן בעשלאָסען זיך אַריינוואַרפען
אין דעם איינציגען פעלד, אויף וועלכען עס איז נאָך מעגליך געווען,
אין דעם דאַמאָלסטדיגען דויטשלאַנד, צו פיהרען אַן ערנסטען פּאָליטישען
קאַמף—אין דעם פעלד פון דער פּובליציסטיק.

גראָד יעמאָלט האָט די מעהר-ליבעראַלע בורזשואַזיע פון דער רהיינ-
שער פּראָווינץ בעשלאָסען אַרויסצוגעבען אין קעלן אַ נייע טעגליכע
צייטונג, אין אָפּאָזיציע צו דעם הערשענדען אַבסאָלוטיזם, אונטער דעם
נאָמען „די רהיינישע צייטונג”. אַלס מיטאַרבייטער זיינען צוגעצויגען
געוואָרען בויער, מאַרקס, שטירנער, קאָפּען, העס און אַנדערע און די
צייטונג איז ערשיענען אין יאַנואַר 1842. איהר פּראָגראַם איז בעשטאַנען
אין די פאָדערונגען פון אַן אַלגעמיינעם וואַהל-רעכט, פרייהייט פון דער
פּרעסע א.אַז.וו., אַ פּראָגרעסיווען איינקאָמען-שטייער, אַבשאַפונג פון
שטייערן אויף נויטיגע לעבענסמיטלען א.ד.ג. מאַרקס'עס ערשטע אַר-
טיקלען וועגען פרייער פּרעסע האָבען געצויגען אַלעמענס אויפמערק-
זאַמקייט אויף איהם. אַרנאָלד רוגע האָט וועגען זיי געשריבען: „עט-
וואָס טיעפערעס וועגען פרייער פּרעסע איז קיינמאָל נאָך ניט געשריבען
געוואָרען און קאָן ניט געשריבען ווערען.” מאַרקס האָט שנעל פאַרנומען
דעם ערשטען פּלאַץ צווישען די גלענצענדע מיטאַרבייטער פון דער נייער
צייטונג, און אין הערבסט פון דעמזעלבען יאָהר איז ער געוואָרען דער
הויפּט-רעדאַקטאָר. זיין רעדאַקציע אָבער האָט געהאַט אויסצושטעהן אַ
שטענדיגען קאַמף מיט דער צענזור, און ענדליך, אין מאַרץ 1843, האָט
די רעגירונג אינגאַנצען אונטערדריקט די „רהיינישע צייטונג.”

אין דעמזעלבען יאָהר האָט מאַרקס געהייראַטעט זיין יוגענד-חבר'טע,
צו וועלכער ער איז געווען פאַרקנס'ט נאָך איידער ער איז אַריינגעטראַטען
אין אוניווערזיטעט,—זשעני וועסטפאַלען, די טאָכטער פון אַ הויכען
רעגירונגס-בעאַמטען אין זיין געבורטס-שטאָדט טריער. נאָכדעם ווי די
„רהיינישע צייטונג” איז פאַרמאַכט געוואָרען איז ער אַוועקגעפאָהרן מיט
זיין פרוי אין אויסלאַנד, און נאָך אַ קורצער רייזע האָט ער זיך בעזעצט
אין פּאַריז. צוזאַמען מיט אַרנאָלד רוגע האָט ער אין פּאַריז אַרויסגע-
געבען „די דויטש-פראַנצויזישע יאָהרביכער”, דאָס ערשטע ביכעל פון
וועלכע איז ערשיענען אין 1844. צווישען זיינע אַנדערע אַרטיקלען אין
די דאָזיגע „יאָהרביכער” געפינט זיך אַ גרעסערע אַבהאַנדלונג איבער
„די יודען-פראַגע”. מאַרקס בעהאַנדעלט די פראַגע אָביעקטיוו. ער זעהט
אין דעם אידישען פאָלק בלויז דעם פערקערפּערטען גייסט פון האַנדעל

און אין די פערפאלגונגען נישט. מעהר נאך: די קנאה-שנאה מצד דעם קריסטליכען האנדעל, און קומט צום שלוס, אז די אידישע פראגע וועט נאר געלייזט ווערן ביז וואנען די מענשליכע געזעלשאפט וועט זיך בנוגע בעפרייען פון דעם גייסט פון האנדעל. „דעם אידען'ס געזעלשאפטליכע עמאנציפאציע — ענדיגט ער — איז דער געזעלשאפט'ס עמאנציפאציע פון דעם אידען.“

אין פאריז איז מארקס מקושר געווארן מיט פריעדריך ענגעלס, מיט וועלכען ער האט געשלאסען א פאקט פון פריינדשאפט און מיטארבייטער-שאפט, וואס האט אנגעהאלטען ביז'ן לעצטען טאג פון זיין לעבען. ער האט זיך אונטער דער צייט אפגעגעבען איבערהויפט מיט דעם שטודיום פון פאליטישער עקאנאמיע און דעם פראנצויזישען סאציאליזם, האט אבער אויך ניט פערנאכלעסיגט זיין שטענדיגען קאמף (בויטין פעדער) אנטקעגען דעם פריוסישען אבסאלוטיזם. צוזאמען מיט ענגעלס האט ער מיטגעארבייט אין דער רעוואלוציאנערער דייטשער צייטונג „פארווערטס“, וואס איז ערשינען דאן אין פאריז און יעגער צייט, און וועלכע האט אפטע בעפרעדיגט דעם טעראריסטישען קאמף פאר דייטשלאנד. דעם ערשטען יאנואר 1845 איז די צייטונג פערבאטען געווארען אויפ'ן פערלאנג פון דער פריוסישער רעגירונג, און אלע בעדייטענדערע מיטארבייטער פון דער צייטונג, צווישען זיי אויך מארקס, האבען בעקומען א בעפעהל פון דעם בעקאנטען מיניסטער גיזא צו פערלאזען פאריז אין 24 שטונדען. מארקס איז דאן אוועקגעפאהרען אין בריסעל.

אין פאריז איז מארקס בעפריינדעט געווארן מיט פרודאן'ען און פלעגט אפט פערברענגען מיט איהם אין לאנגע און היציגע דיסקוסיאנען איבער סאציאל-עקאנאמישע פראגען. שפעטער-פריהער האט ער זעהר פיעל געהערט פון איהם און האט פרודאן'ס „וואס איז אייגענטהום?“ אנגערופען „דער וויסענשאפטליכער מאניפעסט פון פראנצויזישען פראלעטאריאט“. עס איז קיין צווייפעל ניט, אז פרודאן האט געהאט א שטארקען איינפלוס אויף מארקס'ן אין דער ענטוויקלונג פון זיין ווערטה-טעאריע. עס איז אפילו א סברא, אז דער גרויסער פונדאמענטאלער אונטערשייד צווישען ארבייט און ארבייטס-קראפט, וואס שטעהט אין צענטער פון מארקס'עס ערקלערונג פון מעהרווערטה, איז צוערשט ענטדעקט געווארן פון פרודאן'ען און נאר שפעטער ענטוויקעלט געווארן פון מארקס'ן. דאס האט אבער ניט געשטערט מארקס'ן שפעטער, ווען ער האט זיך אין זיין מאטעריאליסטישער אנשויאונג געשטיצט אויף דעם אקוראט-געגענזעציגען

טאַליזם צו פּרודאָנ׳ס געזעלשאַפֿטלעכן אידעאַליזם, אַרויסצוטרעטן קעגן
זיין פֿריהערדיקן פֿריינד און לעהרער.

אין די יאָהרן צווישן 1845 און 1848, וואָס ער האָט פֿאַרבראַכט
אין בריסעל, האָט ער אָבגערעכנט זיך מיט אַלע אוטאָפּיסטישע פֿאָרמען פֿון
דעם האַלבפֿאַדיגן סאָציאַליזם און געלייגט דעם פֿונדאַמענט פֿאַר זיין
וויסנשאַפֿטליכן סאָציאַליזם. אין דער צייט האָט ער געשריבן (אין
פֿראַנצויזיש) זיין ווערק „די נויט פֿון דער פֿילאָזאָפֿיע" אַלס פּאָלעמיק
קעגן פּרודאָנ׳ס בוך „די פֿילאָזאָפֿיע פֿון דער נויט". אין אָט
דעם ווערק האָט מאַרקס שוין פֿולשטענדיג ענטוויקעלט זיין מאַטעריאַ-
ליסטישע אויפֿפֿאַסונג איבער דער געשיכטע. „די געזעלשאַפֿטליכע פֿאַר-
העלטענישן — שרייבט דאָ מאַרקס — זיינען ענג פֿאַרבונדען מיט די פּראָ-
דוקטיווע קרעפֿטן. פֿאַרשאַפֿענדיג זיך נייע פּראָדוקטיווע קרעפֿטן,
בייטן די מענשען איבער זייערע פּראָדוקציאָנס-מיטלען, און איבערביי-
טענדיג זייערע פּראָדוקציאָנס-מיטלען, די מיטלען צו באַזאָרגען זייער
חיונה, בייטן זיי איבער אַלע זייערע געזעלשאַפֿטליכע פֿאַרהעלטענישען.
דיזעלבע מענשען, וועלכע בויען געזעלשאַפֿטליכע פֿאַרהעלטענישען, צו-
געפּאַסטע צו דעם אופֿן פֿון זייער מאַטעריעלער פּראָדוקציאָן, שאַפֿען
אויך פּרינציפּען, אידעען און קאַטעגאָריען, וואָס פּאַסען צו זייערע
געזעלשאַפֿטליכע פֿאַרהעלטענישען."

אַזוי איז ער אויך איצט אַרויסגעטראָטען אַנטקעגען דער ליידענשאַפֿט-
ליכער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדאַ, וואָס ווילהעלם וויטלינג האָט אין
יענער צייט אָנגעפֿיהרט אין דייטשלאַנד. אין 1844 איז מאַרקס געווען
בעגייסטערט פֿון וויטלינג, דעם איינפֿאַכען שניידער-אַרבייטער און פֿאָ-
לאַנטפֿולען אַגיטאַטאָר, און האָט וועגען איהם געשריבען: „וואו האָבען
די פֿילאָסאָפֿען און שריפֿטשטעלער פֿון דער בורזשואַזיע געשאַפֿען אויפֿ׳ן
פֿעלד פֿון פּאָזיטיווער עמאַנציפּאַציע אַ ווערק, וואָס קאָן זיך פֿערגלייכען
מיט וויטלינגס „גאַראַנטיען פֿון האַרמאָניע און פֿרייהייט"? פֿערגלייכט
די אָרימזעליגע קליינליכע מיטעלמעסיגקייט פֿון דער דייטשער ליטעראַטור
מיט אָט דעם גלענצענדען ליטעראַרישען דעביוט פֿון אַ דייטשען אַרביי-
טער...." איצט, אין 1846, ווען מאַרקס האָט אַלץ קלערער און בע-
שטימטער אויסגעאַרבייט זיין טעאָריע פֿון וויסענשאַפֿטליכען פּראָלעטאַ-
רישען סאָציאַליזם, איז דער אונטערשייד צווישען איהם און וויטלינג׳ס
פּראָפּאַגאַנדאַ געוואָרן אַלץ שאַרפֿער. — ווען וויטלינג איז געקומען צו
איהם אין בריסעל, זיך אויסרעדן וועגען זייערע פֿערשיידענע מעטאָדען

פון אנפיהרן די ארבייטער־בעוועגונג, און וויטלינג האט אין פערלויף פון דעם שטענדיגען ויכוח איהם גיפטיק בעמערקט, אז עס איז נאך א פראגע, ווער עס ברענגט די ארבייטער גרעסערע נוצען, ער אדער די הערן, וואס זיצען אין אויסלאנד און קלערן אויס טעאריען — האט מארקס מיט גרויס כעס אויסגעשריען: „אונוויסענהייט און עם־הארצות האבען קיינמאל קיינעם ניט געהאלפען און קיין שום נוצען ניט געבראכט".

אין דעם ערד וואס די סאציאלע בעוועגונג איז געוואקסען אין דייטשלאנד און שארפער געמאכט דעם קאמף צווישען דעם פאלק און דער רעגירונג, איז אלץ גרעסער געווארן דער שטראם פון פאליטישע עמיגראנטען, וואס זיינען אנטלאפען אין דער שווייץ, אין פראנקרייך, בעלגיען און ענגלאנד. די דייטשע עמיגראנטען האבען אין אויסלאנד ארגאניזירט אונצעהליגע געזעלשאפטען, וואס זייער ציל איז געווען די פאליטישע בעפרייאונג פון דייטשלאנד דורך די פערשיידענסטע מיטלען און וועגען. שוין 1833 האבען דייטשע עמיגראנטען געגרינדעט אין פאריז דעם „דייטשען בונד דער געעכטעטען", וועלכער האט געצעהלט עטליכע הונדערט מיטגליעדער, מעהרסטענס בעלי מלאכות, און האט ארויסגעגעבען אן אייגענעם ארגאן „דער געעכטעטע". די געזעלשאפט איז לויט די יעמאלטדיגע פאליטישע אומשטענדען, פערשטעהט זיך, געווען א געהיימע און איהר ציעל איז געווען „צו בעפרייען דייטשלאנד פון דעם יאך פון דער שענדליכער קנעכטשאפט און איינפיהרן אזא ארדנונג, וואס זאל ניט לאזען קיין מעגליכקייט וויעדער אריינצופאלען אין קנעכטשאפט". עטליכע יאהר שפעטער איז דער דאזיגער בונד צופאלען געווארן און אויף זיין ארט איז אויסגעוואקסען „דער בונד דער גערעכטען", וועלכער האט געצעהלט ביז א טויזענד מיטגליעדער און איז געווען איינגעטיילט אין קליינע גרופען, וואס האבען געהייסען „קאמונען". אט די ארגאניזאציע האט בעקומען איהרע לאזונגען און פרינציפען פון דער פראנצויזישער רעוואלוציאנערער „געזעלשאפט פון די יאהרעסצייטען", וועלכע איז געשטאנען אונטער דער פיהרערשאפט פון בארבעס און בלאנקי. דעם 12טען מאי 1839 האט די „געזעלשאפט פון די יאהרעסצייטען" געמאכט אן אויפשטאנד אין פאריז און דער „בונד דער גערעכטען" איז צוגעשטאנען צו איהר. דער אויפשטאנד איז שנעל אונטערדריקט געווארן און די פיהרער פונ'ם „בונד דער גערעכטען" האבען געמוזט אנטלויפען פון פאריז. וויטלינג, וועלכער איז געווען א טהעטיגער מיטגליעד פונ'ם בונד, איז אנטלאפען אין דער שווייץ, וואו ער האט געגרינדעט א נייע

בונד; אַנדערע פיהרער זייַנען ענטלאָפען אין לאָנדאָן און האָבען דאָרט ווידער אויפגעשטעלט דעם צופאַלענעם בונד. אין 1843 איז וויטלינג אַרעסטירט געוואָרען אין דער שווייץ, און די גאַנצע טהעטיגקייט פון דעם געוועזענעם בונד דער גערעכטען האָט זיך קאָנצענטרירט אין דער לאָנ-דאָנער אָרגאַניזאַציע.

די ציעלען און מעטאָדען פון דעם בונד אין לאָנדאָן זייַנען ביי דער צייט נאָך געווען הויפּטזעכליך געהיים-פערשווערערישע, און מאַרקס און ענגעלס, וועלכע זייַנען איינגעלאַדען געוואָרען צו ווערן מיטגליעדער פונ'ם בונד אין דעם יאָהר 1843, האָבען זיך ענטזאַגט אַרייַנצוטרעטען אין איהר [illegible] מיט דעם בונד. אין די נעקסטע עטליכע יאָהר אָבער, אַ דאַנק דעם איינפלוס פון דער ענגלישער טשאַרטיסטישער בעוועגונג און דורך מעהר-ענטוויקעלטער פּראָלעטאַרישער בעוועגונג פון די ענגלישע אַר-בייטער, האָט דער „בונד דער גערעכטען" אַלץ מעהר זיך געשטעלט אויף אַ רעאַלען באַזיס, און ווען ער האָט, אין יאָהר 1847, געשיקט אַ ספּע-ציעלען שליח צו מאַרקס'ן אין בריסעל און ענגעלס'ן אין פּאַריז איינ-צולאַדען זיי צו נעהמען אַ פיהרענדען אנטייל אין דער אָרגאַניזאַציע, האָבען זיי ביידע גערן אָנגענומען די איינלאַדונג. אונטער מאַרקס'עס ליטונג האָט זיך אין בריסעל געגרינדעט אַ צווייג פון דעם בונד. דער ערשטער קאָנגרעס פונ'ם „בונד דער גערעכטען" האָט שטאַטגעפונען אין לאָנדאָן, אין זומער פון 1847טען יאָהר, אויף וועלכען ענגעלס איז גע-קומען צו פאָהרן אַלס דעלעגאַט פון דעם פּאַריזער צווייג פונ'ם בונד. דער בונד איז גרינדליך רעאָרגאַניזירט געוואָרען און האָט אַפילו געענדערט זיין נאָמען אויף דעם נייעם נאָמען: „דער בונד דער קאָמוניסטען". אויפ'ן צווייטען צוזאַמענפאָהר פון דעם קאָמוניסטען-בונד, וואָס איז פאָרגעקומען סוף 1847, איז מאַרקס געקומען צופאָהרן פון בריסעל און האָט גרינדליך ערקלערט זיין גאַנצע סאָציאַליסטישע טעאָריע אין אַ רעפעראַט, וואָס ער האָט געלעזען פאַר די דעלעגאַטען. דער קאָנגרעס האָט בעאויפטראַגט מאַרקס'ן אויסצואַרבייטען אַ מאַניפעסט, און אַזוי איז ערשיענען אין פעברואַר 1848 אין נאָמען פון קאָמוניסטען-פערבאַנד דער בעריהמטער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט" פון מאַרקס און ענגעלס.

אין פעברואַר 1848 האָט אין פּאַריז אויסגעבראָכען די רעוואָלוציע. די דייטשע עמיגראַנטען אין בריסעל האָבען זי היציג בעגריסט. די רעגירונג איז גלייך צוגעפאַלען אויף די פרעמדע „בונטאָווטשיקעס". מאַרקס איז אַרעסטירט געוואָרען און באַלד אַרויסגעשיקט געוואָרען פון

בעלגיען. צום גליק האט א מיטגליעד פון דער רעוואלוציאנערער רע-גירונג געשיקט מארקסן אן איינלאדונג צו קומען אין פאריז, וועלכע ער האט, פערשטעהט זיך, גלייך אנגענומען מיט פרייד. אין פאריז איז מארקס נאטירליך ניט געזעסען מיט פערלעגטע הענד; דער צענטראל-קאמיטעט פון דעם „קאמוניסטען-בונד" איז אריבערגעטראגען געווארן אין פאריז און אונטער מארקס' דירעקציע האט ער געזוכט צו ווירקען אויף דער דייטשער בעוועגונג. א קורצע צייט שפעטער, דעם 18טען מארץ, האט אויך אויסגעבראכען די רעוואלוציע אין בערלין, און מארקס איז גלייך אוועקגעפאהרן אין דייטשלאנד.

צו יענער צייט האט נאך אין דייטשלאנד קיין ארגאניזירטע סאציא-ליסטישע פארטיי ניט עקזיסטירט, און מארקס האט איינגעזעהן אז דער קאמף דארף דערווייל געפיהרט ווערן פאר דער ראדיקאלער דעמאקראטיע אנטקעגען דעם אבסאלוטיזם. די נעקסטע שטופע אין דער געזעלשאפט-ליכער ענטוויקלונג איז נאך זיין מיינונג געווען דאס אויפשטייגען פון דער בורזשואזיע און דער וואוקס פון דער גרויס-אינדוסטריע, וועלכע וועט נויטיגערווייז ארויסרופען אין לעבען אן ארבייטער-פראלעטאריאט. וואס וועט דאן מיט ארגאניזירטע כחות אנפיהרן זיין קלאסען-קאמף אנטקעגען דעם קאפיטאליסטישען קלאס. ער איז דעריבער געפאהרן דירעקט אין קעלן, די הויפטשטאדט פון דער רהיינישער פראווינץ, וואו די בורזשואזיע איז געווען ענטוויקעלט אם שטארקסטען, און האט ארויס-געגעבען „די נייע רהיינישע צייטונג", מיט דער מיטווירקונג פון ענגעלס, ווילהעלם וואלף, פרייליגראטה און אנדערע.

„די „נייע רהיינישע צייטונג"—שרייבט ענגעלס—איז געווען די איינ-ציגע צייטונג אין דער גאנצער דעמאקראטישער בעוועגונג פון יענער צייט, וואס האט פערטיידיגט דעם שטאנדפונקט פון פראלעטאריאט. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס די רהיינישע ליבעראלען זיינען מיט אמאל געווארן רעאקציאנערען און פערביסענע פיינד פון דער צייטונג; וואס דאס קריעגס-געריכט פון קעלן האט אבגעשטעלט די צייטונג פאר א לענ-גערער צייט אין הערבסט פון יאהר 1848; וואס דער פראנקפורטער יוסטיץ-דעפארטאמענט האט פער'מסר'ט ארטיקעל נאך ארטיקעל פאר דעם שטאאטס-פראקוראר און געפאדערט געזעצליכע פערפאלגונג—איז די צייטונג זיך רוהיג אנגעגאנגען, געווינענדיג אלץ א גרעסערע רעפוטאציע און צירקו-לאציע, וואס ווילדער עס זיינען געווארן די אטאקעס פון דער רעגירונג און דער בורזשואזיע. ווען דער פרייסישער קוד'עטא איז פארגעקומען

אין נאָוועמבער 1848, האָט די „נייע רהיינישע ציימונג" אויפגערופען דאָס פאָלק אין יעדער נומער ניט צו צאָהלען קיין שטייערן און ענטפערן מיט געוואַלט אַנטקעגען דער געוואַלט פון דער רעגירונג. צולעצט, נאָכ־דעם ווי די מאַי רעוואָלוציע אין דרעזדען און דער אויפשטאַנד אין באַדען איז אונטערדריקט געוואָרן, האָט די רעגירונג זיך געפיהלט שטאַרק גענוג צו פערמאַכען די ציימונג אינגאַנצען."

מאַרקס איז דאַן אויסגעוויזען געוואָרן פון פרייסען און ער איז אַוועקגעפאָהרן אין פאַריז. נאָך דעם יוני אויפשטאַנד (1849) האָט די פראַנצויזישע רעגירונג פערבאָטען מאַרקס'ן צו פערבלייבען אין פראַנק־רייך, און ער איז אַוועקגעפאָהרן אין לאָנדאָן, וואו ער איז שוין פער־בליבען וואוינען די איבעריגע צייט פון זיין לעבען.

אין 1850 האָט ער פרובירט אַרויסגעבען די „נייע רהיינישע צייטונג" אַלס אַן אונפּעריאָדישען זשורנאַל אין לאָנדאָן; די אומשטענדען זיינען אָבער געווען אונגינסטיג און דער זשורנאַל איז באַלד אונטערגעגאַנגען. נאָך דעם קו'ד'עטאַ פון דעצעמבער 1852 האָט מאַרקס אָנגעשריבען זיין „אַכטצעהנטען ברומער פון לואי באָנאַפּאַרט"—אַ גלענצענדען היסטאָרישען מאָנאָגראַף, וואָס איז ערשיענען אין דעם זשורנאַל „די רעוואָלוציאָן", וועלכען זיין פריינד ווידעמייער האָט אַרויסגעגעבען אין באָסטאָן.

נאָך דעם קאָמוניסטען־פּראָצעס אין קעלן (נאָוועמבער 1852), ווען די אַנגעקלאָגטע זיינען פעראורטיילט געוואָרן, האָט דער „קאָמוניסטען־בונד" זיך אויפגעלייזט, און מאַרקס האָט זיך אינגאַנצען אָבגעגעבען מיט זיינע וויסענשאַפטליכע פאָרשונגען און זשורנאַליסטישער אַרבייט. אַ לענגערע צייט האָט ער רעגעלמעסיג געשריבען פאַר דער „ניו יאָרק טריביון" צוויי אַרטיקלען אַ וואָך איבער פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פראַגען, (פאַר וועלכע ער האָט געקריגען גאַנצע 10 טאָלער אַ וואָך האָנאָראַר, און דאָס איז געווען אַ לענגערע צייט זיין איינציגער מקור פון חיונה. זעהר אָפט, ווען די פּאַר טאָלער פון אַמעריקא זיינען ניט אָנגעקומען אין צייט, פלעגט דער פּערפאַסער פון „קאַפּיטאַל" אַליין טראָגען צום „פעטער" די אַלטע זילבערנע לעפעל, וואָס זיין ווייב האָט איהם געבראַכט אין נדן). אין 1859 איז ערשיענען זיין ערשטעס גרויס ווערק „צור קריטיק דער פּאָליטישען עקאָנאָמיע", אין וועלכען ער האָט צום ערשטען מאָל ענט־וויקעלט זיין ווערטה־טעאָריע.

אונפּערדעסען זיינען די אומשטענדען געוואָרן גינסטיג פאַר אַן אונ־

אבהענגיקער ארבייטער־בעוועגונג אין די פערשיידענע ציוויליזירטע לענ־דער. דער טרייד־יוניאניזם אין ענגלאנד איז געווען געבויט אויף קאנ־סערוואטיווע פרינציפען און האט ניט געקאנט מעהר צופריעדען שטעלען די פראגרעסיווע ארבייטער. אין פראנקרייך האט ווידער אנגעהויבען צו זידען דאס אלטע רעוואלוציאנערע בלוט. און אויך אין דייטשלאנד, א דאנק לאסאל׳ס גלענצענדער אגיטאציע, האבען די ארבייטער אנגעהויבען איינצוזעהן די נויטען פון ארגאניזאציע און די ראטהזאמקייט צו פרו־בירן בויען אן אונאבהענגיקע פאליטישע פארטיי. מארקס האט גע־גלויבט, אז איצט איז געקומען די צייט צו ארגאניזירן א פערבאנד, וואס זאל ארומנעהמען די ארבייטער־בעוועגונג פון די פערשיידענע לענדער, בעטאנענדיג איהר אינטערנאציאנאלען כאראקטער, און וואס זאל מאכען מעגליך א געמיינשאפטליכע, פעראייניגטע טהעטיגקייט.

סוף אפריל 1863 איז אבגעהאלטען געווארן אין לאנדאן א סימפאטיע־פערזאמלונג פאר פוילען, וועלכע רוסלאנד האט דאמאלט, מיט דער הילף פון פרייסען, ווידער דערטרונקען אין בלוט. עס זיינען איינגעלאדען געווארן פערטרעטער פון פערשיידענע פעלקער און עס איז בעשלאסען געווארן צו ארגאניזירן אן אינטערנאציאנאלען ארבייטער פערבאנד. א יאהר און א האלב שפעטער, דעם 28טען סעפטעמבער 1864, איז אבגע־האלטען געווארן אין לאנדאן דער היסטארישער מיטינג אין סט. דזשיימס האלל, וואו די אינטערנאציאנאלע ארבייטער אסאציאציאן איז געגרינדעט געווארן. מארקס האט רעדיגירט די פרינציפען־ערקלערונג, דעם פראגראם און די קאנסטיטוציע פון דער נייער ארגאניזאציע.

דער ערשטער קאנגרעס פון „אינטערנאציאנאל” איז אבגעהאלטען גע־ווארען אין זשענעווא דעם 3טען סעפטעמבער 1866, מיט 60 דעלעגאטען. מארקס איז יעמאלט געווען זעהר פערנומען צוגרייטענדיג צום דרוק דעם ערשטען באנד פון „קאפיטאל”, וועלכער איז ערשיענען דעם נעקסטען יאהר, און האט פערזענליך ניט געקאנט אנוועזענד זיין אויפ׳ן קאנגרעס. דער גענעראל־ראטה פונ׳ם „אינטערנאציאנאל” האט זיך געפונען אין לאנדאן און מארקס איז געווען דער גענעראל סעקרעטער, ביז אויף דעם האאג׳ער קאנגרעס אין 1873, ווען, לויט א רעזאלוציע, וואס איז אריינגע־בראכט געווארן פון מארקס און ענגעלס, איז דער גענעראל־ראטה אריבער־געפיהרט געווארן נאך ניו יארק, וואו ער האט שטילערהייט אויסגעהויכט זיין נשמה.

דא איז ניט דער פלאץ צו בעשרייבען די זעהר אינטערעסאנטע גע־

שטאַרבן פון דעם גרויסען „אינטערנאַציאָנאַל", וועלכע איז אויף יענ[illegible] שריט פערבונדען מיט מאַרקס'עס מהעטיגקייט. די חלוקים צווישען די פערשיידענע ריכטונגען, נאָך מעהר אָבער די פערפאָלגונגען פון זייט רעאַקציע, וועלכע האָט געוויטעט אין אייראָפּאַ נאָך דעם פאַל פון דער פּאַריזער קאָמונע אין 1871, איז שולדיג אין דעם אונטערגאַנג פון דער גראַנדיעזער היסטאָרישער אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע. ווי די מעשה איז, האָט מאַרקס איצט ווידער געקאָנט זיך אינגאַנצען אָבגעבען מיט זיינע וויסענשאַפטליכע אַרבייטען און כמעט דערענדיגען דעם צווייטען און דריטען באַנד פון זיין „קאַפּיטאַל".

די אָנגעשטרענגטע אַרבייט האָט רואינירט זיין געזונד. נאָך אין די 70-גער יאָהרען האָט ער געמוזט פאָהרען זיך קורירן אין קאַרלסבאַד און אין דרום־פראַנקרייך. דעם שווערסטען קלאַפּ אָבער האָט ער געליטען אין 1881, ווען זיין היים־געליעבטע פרוי איז נאָך אַ לענגערער קראַנקהייט געשטאָרבען. ער האָט דאַן געמאַכט אַ רייזע נאָך אַלזשיר און דרום־פראַנקרייך אין דער האָפנונג צו פערבעסערן זיין געזונד, אָבער די האָפנונג איז ניט פערווירקליכט געוואָרן. דאַן איז געקומען דער לעצטער קלאַפּ: זיין בעליעבטע טאָכטער זשעני, לאָנגע'ס פרוי, איז פּלוצלונג געשטאָרבען נאָך אַ קורצער קראַנקהייט. דעם נעקסטען ווינטער איז ער קראַנק געוואָרן אויף לונגען־ענטצינדונג, און נאָכדעם ווי עס האָט אויסגעוויזען אַז ער בעסערט זיך, איז ער שטילערהייט, זיצענדיג אין זיין שטוהל, געשטאָרבען דעם 14טען מאַרץ 1883.

י. אַ. ט.

# פאָרוואָרט צו דער ערשטער אויפלאַגע

דער ערשטער באַנד פון אָט דעם ווערק, וואָס איך גיב איבער דעם פובליקום, איז אַ פאָרטזעצונג פון מיין בוך „צור קריטיק דער פּאָליטישען עקאָנאָמיע”, וואָס איז ערשיענען אין 1859. פאַר דער לאַנגער פויזע צווישען דעם אָנפאַנג און דער פאָרטזעצונג איז שולדיג אַ לאַנגיעהרינע קראַנקהייט, וועלכע האָט איינינע מאָל אונטערבראָכען מיין אַרבייט.

דער אינהאַלט פון יענעם פריהערדיגען בוך איז צוזאַמענגעפאַסט אין דעם ערשטען קאַפּיטעל פון אָט דעם באַנד. דאָס איז געטאָן געוואָרן ניט נאָר צוליעב דעם צוזאַמענהאַנג און דער פאָלשטענדיגקייט. די דאַרשטעלונג פון דעם ענין איז פערבעסערט. אַזוי ווייט ווי די אומשטענדען פון דער זאַך האָבען עס דערלאָזט, זיינען פיעל פונקטען דאָ מעהר ענטוויקעלט, וועלכע זיינען דאָרטען נאָר געוועזען אָנגעדייטעט, בעת פערקעהרט, וואָס עס איז דאָרטען געוועזען אויספיהרליך ענטוויקעלט, איז דאָ נאָר אָנגעדייטעט. די אָבטיילען וועגען דער ווערטה-טעאָריע און געלד-טעאָריע פאַלען איצט נאַטירליך אינגאַנצען אַרויס. דער לעזער פון דעם פריהערדיגען בוך וועט פונדעסטוועגען געפינען נייע קוועלען פאַר דער געשיכטע פון יענע טעאָריען אין די נאָטען צום ערשטען קאַפּיטעל.

יעדער אָנפאַנג איז שווער, איז ריכטיג פאַר יעדער וויסענשאַפט. דער ערשטער קאַפּיטעל, איבערהויפּט דער אָבטייל, וואו עס געפינט זיך דער אַנאַליז פון סחורה, וועט דעריבער זיין דער שווערסטער צו פערשטעהן. וואָס געהערט די אַנאַליזען פון דעם עצם ווערטה און דער גרויס פון ווערטה, האָב איך זיי ווי ווייט מעגליך פּאָפּולאַריזירט.* די ווערטה-פאָרם, וואָס די געלד-פאָרם

* דאָס האָט זיך מיר אויסגעוויזען צו זיין זעהר נויטיג, אייננזעהענדיג אַז אפילו לאַסאַל׳ס שריפט אַנטקעגען שולצע-דעליטש—דער אָבטייל, וואו ער דערקלערט, אַז ער גיט איבער „די גייסטיגע קווינט-עסענץ” פון מיינע אויפקלערונגען איבער די דאָזיגע טהעמאַס—ענטהאַלט גאַנץ וויכטיגע טעות׳ן. אַגב אורחא: ווען לאַסאַל האָט ענטליהען פון מיינע שריפטען כמעט ווערטעליך, און ניט אָנגעבענדיג די קוועלען, אַלע אַלגעמיינע טעאָרעטישע זאַצען פון יענע עקאָנאָמישע ווערק, צ.ב.ש. וועגען דעם היסטאָרישען כאַראַקטער פון קאַפּיטאַל, וועגען

איז איהר פערטיגע געשטאַלט, איז זעהר עלעמענטאַר און איינפאַך. פונדעסטוועגען האָט דער מענשליכער גייסט מעהר ווי צוויי טויזענד יאָהר אומזיסט געזוכט זי צו דערגרונטעווען, בעת פון דער אַנדער זייט איז איהם דער אַנאַליז פון פיעל טיעפערע און קאָמפּליצירטערע פאָרמען געלונגען ווענינגסטענס קרוב לאמת. וואָרום? ווייל עס איז לייכטער צו שטודירן דעם ענטוויקעלטען קערפער איידער די איינצעלנע צעל פון קערפער. אחוץ דעם, אין דעם אַנאַליז פון עקאָנאָמישע פאָרמען קאָן מען זיך ניט בענוצען, ניט מיט דעם מיקראָסקאָפּ, ניט מיט כעמישע רעאַגענטען. די קראַפט פון אַבּ־סטראַקציע מוז דיענען אנשטאט זיי ביידען. אָבער די סחורה־פאָרם פון דעם אַרבייט־פּראָדוקט, אָדער די ווערטה־פאָרם פון סחורה, איז די עקאָנאָמישע צעל־פאָרם פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט. פאַר דעם אונגעבילדעטען ווייזט זיך אויס, ווי דער גאַנצער אַנאַליז וואָלט בעשטאַנען פון פּלפּולים איבער קלייניגקייטען. פאַקטיש האַנדעלט זיך טאַקע וועגען קלייניגקייטען, אָבער וועגען דעמזעלבען סאָרט ווי די, וואָס די מיקראָסקאָפּישע אַנאַטאָמיע בעהאַנדעלט.

מיט דער אויסנאַהם פון דעם אָבטייל וועגען דער ווערטה־פאָרם, וועט מען דעריבער זיך ניט קאָנען בעקלאָגען, אַז דאָס בוך איז שווער צו פערשטעהן. איך שטעל זיך נאַטירליך פאָר אַזוינע לעזער, וועלכע ווילען לערנען עפּעס נייעס און פאָלגליך אויך אַליין דענקען.

דער פיזיקער בעאָבאַכטעט די נאַטור־פּראָצעסען ענטוועדער דאָרט, וואו זיי בעווייזען זיך אין זייער קלאָרסטער פאָרם און זיינען וואָס וועניגער פערשטעלט פון שטערענדע איינפלוסען, אָדער ער מאַכט וואו מעגליך עקספּערימענטען אונטער אַזוינע בעדינגונגען, וועלכע פערזיכערן דעם פאָרגאַנג פון דעם פּראָצעס אין זיין ריינער פאָרם. וואָס איך האָב אויסצופאָרשען אין אָט דעם ווערק, איז דעם קאַפּיטאַליסטישען אופן פון פּראָדוקציאָן און די פּראָדוקציאָן־ און פערקעהר־שייכות'ן, וואָס פּאַסען זיך צו איהם. זייער קלאַ־

---

דעם צוזאַמענהאַנג צווישען די פערהעלטניסען פון דער פּראָדוקציאָן און דעם צוגאַנג פון פּראָדוקציאָן א.אַז.וו. א.אַז.וו. אפילו ביז צו דער טערמינאָלאָגיע, וואָס איך האָב געשאַפען—איז דאָס מסתמא געטאָן געוואָרן צוליעב פּראָפּאַגאַנדאַ־אויסרעכנונגען. איך רעד נאַטירליך ניט וועגען זיינע איינצעל־אויספיהרונגען און אַנ־ווענדונגען פון די דאָזיגע זאַצען, מיט וועלכע איך האָב גאָרנישט צו טהאָן.

סישער באַדען איז לעת עתה ענגלאַנד. דאָס איז דער גרונד פאַרוואָס ענגלאַנד דיענט אַלס די הויפּט־אילוסטראַציע פון מיינע טעאָרעטישע ענטוויקלונגען. זאָל אָבער דער דייטשער לעזער נעהמען קוועטשען מיט די פּלייצעס אויף דעם צושטאַנד פון די ענגלישע אינדוסטריע־ און אַגריקולטור־אַרבייטער, אָדער זאָל ייר וועלען זיך אָפּטימיסטיש טרייסטען, אַז אין דייטשלאַנד האַלט עס נאָך ווייט ניט אַזוי שמאָל, דאַן מוז איך איהם זאָגען: דע טע פאַבולאַ נאַראַטור—דאָס איז ד י י ן געשיכטע, וואָס איך דערצעהל דאָ!

אין עצם האַנדעלט זיך דאָ ניט וועגען דעם העכערן אָדער נידעריגערן ענטוויקלונג־גראַד פון די געזעלשאַפטליכע געגענזאַצען, וואָס נעהמען זיך פון די נאַטור־געזעצען פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן. עס האַנדעלט זיך וועגען די דאָזיגע געזעצען גופא, וועגען אָט די טענדענצען, וואָס ווירקען און זעצען זיך דורך מיט אַן אייזערנער נויטווענדיגקייט. דאָס לאַנד, וואָס איז אינדוסטריעל מעהר ענטוויקעלט, צייגט דעם לאַנד, וואָס איז ווייניגער ענטוויקעלט, נאָר דאָס בילד פון זיין אייגענער צוקונפט.

אָבער לאָמיר דאָס לאָזען אָן אַ זייט. וואו די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן איז ביי אונז [אין דייטשלאַנד] פאָלשטענדיג איינגעפיהרט, צום ביישפּיעל אין די ריכטיגע פאַבריקען, זיינען די צושטענדען אַ סך ערגער ווי אין ענגלאַנד, ווייל עס פעהלט דאָ דאָס געגען־געוויכט פון די פאַבריק־געזעצען. אין אַלע אַנדערע געביטען ליידען מיר, ווי די איבעריגע לענדער פון מערב־אייראָפּא, ניט נאָר פון דער ענטוויקלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן, נאָר אויך פון דעם, וואָס זי איז ניט גענוג ענטוויקעלט. צוזאַמען מיט די נייע צרות דריקט אונז אַ גאַנצע רייה גע׳ירשנ׳טע צרות, וועלכע נעהמען זיך פון דעם, וואָס עס זשיפּען נאָך אַלטע, אָבגעלעבטע פּראָדוקציאָנס־אופנים, מיט זייער כאַליאַסטרע פון פערעלטערטע געזעלשאַפטליכע און פּאָליטישע שייכות׳ן. מיר ליידען ניט נאָר פון די לעבעדיגע, נאָר אויך פון די טויטע. „לע מאָר סעזי לע וויף“—דער טויטער כאַפּט דעם לעבעדיגען און זעצט איהם אויף זיין אָרט!

אין פערגלייך מיט דער ענגלישער, האָט די סאָציאַלע סטאַטיסטיק פון דייטשלאַנד און די איבעריגע לענדער פון מערב־איירָאָפּא זעהר אַז עלענדען אויסזעהן. דאָך האָט זי [illegible] דעם

שלייער אַקוראַט גענוג, צו קאָנען כאַפּען אַ קוק אויף דעם מעדוזאַקאָפּ, וואָס שטעקט הינטער איהם. מיר וואָלטען זיך דערשרעקען פאַר אונזערע אייגענע צושטענדען, ווען אונזערע רעגירונגען און פאַרלאַמענטען וואָלטען אָנגעשטעלט, ווי אין ענגלאַנד, אונטערזוכונגס־קאָמיסיעס פון די עקאָנאָמישע פערהעלטנישען; ווען די דאָזיגע קאָמיסיעס וואָלטען געווען בעזאָרגט מיט דערזעלביגער פאָלקאָמענער מאַכט ווי אין ענגלאַנד אויסצופאָרשען דעם אמת; ווען עס וואָלט געלונגען צו געפינען פאַר דעם צוועק פונקט אַזוינע זאַכפערשטענדיגע, אונפּאַרטייאישע מענשען, וואָס זיינען קיינעם ניט נושא פנים, ווי די פאַבריק־אינספּעקטאָרען פון ענגלאַנד, אַזוינע דאָקטוירים בעריכט־ערשטאַטער וועגען „פּובליק העלטה" [עפענטליכע געזונדהייט], אַזוינע אונטערזוכונג־קאָמיסאַרען וועגען דער עקספּלואַטאַציע פון פרויען און קינדער, וועגען די צושטענדען פון די וואוינונגען און דערנעהרונג א.אז.וו. פּערסעאוס האָט געטראָגען אַ כשוף־היטעל, כדי די מאָנסטערס, וואָס ער האָט פערפאָלגט, זאָלען איהם ניט זעהן. מיר ציהען די כשוף־היטעל טיעף אַריבער די אויגען און אויערן, כדי צו קאָנען זיך איינרעדען, אַז עס זיינען גאָר קיין מאָנסטערס ניטאָ.

מיר טאָרן זיך וועגען דעם ניט נאַרן. אַזוי ווי דער אַמעריקאַנער אונאַבהענגיגקייט־קריעג פון 18טען י.ה. האָט געקלונגען די שטורם־גלאָק פאַר דעם אייראָפּעאישען מיטעל־קלאַס, אַזוי האָט דער אַמעריקאַנער בירגער־קריעג פון 19טען י.ה. זי געקלונגען פאַר דעם אייראָפּעאישען אַרבייטער־קלאַס. אין ענגלאַנד קאָן מען דעם פּראָצעס פון איבערקעהרעניש אָנטאַפּען מיט די הענד. ווי נאָר ער וועט גרייכען אַ געוויסען הויך־פּונקט, וועט ער מוזען צוריק ווירקען אויפ'ן קאָנטינענט. דאָרט וועט ער אָננעהמען מעהר ברוטאַלע אָדער מעהר הומאַנע פאָרמען, לויט נאָך דעם ענטוויקלונגס־גראַד פון דעם אַרבייטער־קלאַס גופא. זייערע אייגענע וויכטיגסטע אינטערעסען, ניט צו רעדען וועגען העכערע מאָטיוען, דיקטירן דעריבער די איצט־הערשענדע קלאַסען אָבצוראַכען, אויף ווי ווייט מען קאָן עס קאָנטראָלירן דורכ'ן געזעץ, אַלע הינדערנישען, וועלכע שטערן די ענטוויקלונג פון דעם אַרבייטער־קלאַס. איך האָב צוליעב דעם טעם, אַחוץ אַנדערע, אָבגעגעבען אַזויפיעל פּלאַץ אין אָט דעם באַנד פאַר דער געשיכטע, די פּרטים און רעזולטאַטען

פון דער ענגלישער פאַבריק־געזעצגעבונג. איין פאָלק זאָל און קאָן לערנען פון די אנדערע. אפילו ווען א געזעלשאַפט איז שוין ארויף אויפ'ן וועג צו ענטדעקען דעם נאַטור־געזעץ פון איהר בעוועגונג— און דער לעצטער ענד־צוועק פון אָט דעם ווערק איז אויפצודעקען דעם עקאָנאָמישען בעוועגונגס־געזעץ פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט—קאָן זי ניט אריבערשפרינגען און אוועקמאַכען דורך דעקרעטען די נאַטורמעסיגע פאַזען פון איהר ענטוויקלונג. זי קאָן אָבער אָבקירצען און מילדערן די געבורט־וועהען.

איין וואָרט, כדי צו פערמיידען מעגליכע מיספערשטענדנישען. די געשטאַלטען פון דעם קאַפיטאַליסט און גרונד־אייגענטימער האָב איך בשום אופן ניט געצייכענט אין ראָזיגע פארבען. אָבער עס האַנדעלט זיך דאָ וועגען פערזאָנען נאָר אויף אזוי ווייט, ווי זיי זיינען די פערזאָניפיקאַציעס פון עקאָנאָמישע קאַטעגאָריען, די טרעגער פון בעשטימטע קלאַסען־פערהעלטנישען און קלאַסען־אינטערעסען. מיין שטאַנדפונקט, וועלכער פאַסט אויף די ענטוויקלונג פון דעם עקאָנאָמישען געבוי פון דער געזעלשאַפט ווי א נאַטור־געשיכטליכען פראָצעס, קאָן פיעל ווייניגער ווי יעדער אנדערער פעראַנטוואָרטליך מאַכען דעם איינצעלנעם פאַר פערהעלטנישען, פון וועלכע ער בלייבט געזעלשאַפטליך אלעמאָל א פּראָדוקט, וויפיעל ער זאָל זיך ניט דערהויבען איבער זיי סוביעקטיוו.

די פרייע וויסענשאַפטליכע פאָרשונג בעגעגענט אויף דעם געביט פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע ניט נאָר דיזעלבע פיינד ווי אויף אלע אנדערע געביטען. דער אייגענטימליכער כאַראַקטער פון דעם מאַטעריאַל, וואָס זי בעהאַנדעלט, רופט ארויס אנטקעגען איהר די גוואַלטיגסטע, געמיינסטע און פיינדליכסטע ליידענשאַפטען פון דער מענשליכער ברוסט, די פוריען פון פּריוואַט־אינטערעסען. די ענגלישע הויך־קירך, צום ביישפּיעל, וועט גיכער מוחל זיין דעם אָנגריף אויף 38 פון איהרע 39 אני מאמינ'ס, איידער אויף $^1/_{39}$ פון איהרע הכנסות. היינטיגען טאָג איז אפילו דער אטעאיזם אליין אן עבירה קלה („קולפּא לעוויס"—א לייכטע זינד), אין פערגלייך מיט דער קריטיק פון די טראַדיציאָנעלע אייגענטום־פערהעלטנישען. פונדעסטוועגען מערקט זיך שוין דאָ אויך א פאָרטשריט. איך קאָן אָנווייזען צ.ב.ש. אויף דעם בלויבוך:
“Correspondence with her Majesty's Missions abroad,

regarding Industrial questions and Trades-Unions." וואָס איז ערשיענען אין די לעצטע וואָכען. די אויסלענדי״ע פערטרעטער פון דער ענגלישער קרוין זאָגען זיך ארויס אין ־שוט'ע דבורים, אז אין דייטשלאנד, פראנקרייך, קורץ אין אלע ציוויליזירטע לענדער פון אייראָפעאישען קאָנטינענט, לאָזט זיך פונקט אזוי פיהלען אן אומוואנדלונג פון די בעשטעהענדע פערהעלטנישען צווישען קאפיטאל און ארבייט, און איז פונקט אזוי אונפערמיידליך, ווי אין ענגלאנד. אין דערזעלביגער צייט ערקלערט אויף יענער זייט אטלאנטישען ים, הערר וויד, דער וויצע פרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאאטען, אין עפענטליכע פערזאמלונגען: נאָך דער אָבשאפונג פון דער שקלאפעריי טרעט ארויף אויפ'ן טאגעס אָרדנונג די אומוואנדלונג פון די פערהעלטנישען פון קאפיטאל און גרונד־אייגענטום! דאָס זיינען צייכענס פון דער צייט, וועלכע לאָזען זיך ניט פערשטעקען הינטער פורפור־מאנטלען אָדער שווארצע קיטלען. זיי בעדייטען ניט, אז מאָרגען וועלען געשעהן נסים. זיי בעווייזען, אז אפילו אין די הערשענדע קלאסען הויבט אָן שפּראָצען דער געדאנק, אז די איצטיגע געזעלשאפט איז ניט קיין פעסטער קריסטאָל, נאָר אן אָרגאניזם, וואָס לאָזט זיך אומוואנדלען און געפינט זיך שטענדיג אין דעם פּראָצעס פון אומוואנדלונג.

דער צווייטער באנד פון אָט דעם ווערק וועט בעהאנדלען דעם צירקולאציאָנס־פּראָצעס פון קאפיטאל און די געשטאלטונגען פון דעם קאפיטאליסטישען פּראָצעס אינגאנצען גענומען; דער לעצטער און דריטער באנד וועט בעהאנדלען די געשיכטע פון דער עקאָנאָמישער טעאָריע.

יעדער אורטייל פון א וויסענשאפטליכער קריטיק איז מיר ווילקאָמען. וואָס געהערט די פּאָראורטיילען פון דער אזוי גערופענער עפענטליכער מיינונג, צו וועלכער איך האָב קיינמאָל קיין קאָנצעסיעס ניט געמאכט, האלט איך זיך ווי פריהער ביי דעם שפּרוך פון דעם גרויסען פלאָרענטינער:

**Segui il tuo corso, e lascia dir le genti!**

געה זיך דיין וועג און לאָז די לייט רעדען!

קאָרל מארקר

לאָנדאָן, 25טען יולי, 1267.

# נאָכוואָרט צו דער צווייטער אויפלאַגע.

איך מוז קודם אָנווייזען די לעזער פון דער ערשטער אויסגאַבע אויף די ענדערונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אין דער צווייטער אויסגאַבע. די קלערערע איינטיילונג פונ׳ם בוך וואַרפט זיך גלייך אין אויג. די צוגעגעבענע נאָטען ווערן אומעטום בעצייכענט אַלס נאָטען צו דער צווייטער אויסגאַבע. וואָס איז נוגע דעם טעקסט גופא איז דאָס וויכטיגסטע ווי פאָלגט:

קאַפּיטעל I, 1 די אַרויסדרינגונג פונ׳ם ווערטה דורך אַן אַנאַליז פון די גלייכונגען, אין וועלכע עס דריקט זיך אויס יעדער טויש־ווערטה, איז דורכגעפיהרט געוואָרן אויף אַ שטרענגערן וויסענשאַפטליכען אופן; אַזוי אויך איז אוועקגעשטעלט געוואָרן מעהר אויסדריקליך דער צוזאַמענהאַנג צווישען דער ווערטה־סובסטאַנץ און דער בעשטימונג פון דער ווערטה־גרויס דורך דער געזעלשאַפטליך־נויטוועענדיגער אַרבייט־צייט, וואָס איז אין דער ערשטער אויסגאַבע נאָר אָנגעדייטעט געוואָרן. קאַפּיטעל I, 3 (די ווערטה־פאָרם) איז אינגאַנצען איבערגעאַרבייט: די דאָפּעלטע דאַרשטעלונג פון דער ערשטער אויסגאַבע האָט עס שוין לכתחילה געמאַכט נויטיג. — פערביינגעהענדיג וויל איך בעמערקען, אַז יענע דאָפּעלטע דאַרשטעלונג האָט צו פערדאַנקען מיין פריינד דר. ל. קוגעלמאַן פון האַנאָווער. איך בין געוועזען ביי איהם צו גאַסט אין פריהלינג פון 1867, ווען די ערשטע קאָרעקטור־בויגענס זיינען אָנגעקומען פון האַמבורג, און ער האָט מיך איבערצייגט, אַז פאַר דעם רוב לעזער איז נויטיג אַ פולערע און מעהר דידאַקטישע אויסטייטשונג פון דער ווערטה־פאָרם. — דער לעצטער אָבטייל פון דעם ערשטען קאַפּיטעל: „דער פעטיש־כאַראַקטער פון דער סחורה א.אז.וו.״ איז גרעסטענטיילס געענדערט. קאַפּיטעל III, 1 (די מאָס פון ווערטהען) איז גענוי רעווידירט געוואָרן, ווייל דער דאָזיגער אָבטייל, אָנווייזענדיג אויף דער שוין געגעבענער ערקלערונג אין „צור קריטיק דער פּאָליטישען עקאָנאָמיע״, איז בעהאַנדעלט געוואָרן נאַכלעסיג אין דער ערשטער אויסגאַבע. קאַפּיטעל VII ספּעציעל טייל 2, איז בעדייטענד איבערגעאַרבייט געוואָרן.

עס איז איבעריג אַריינצוגעהן אין פּרטים וועגען די ענדערונ־

גען אין טעקסט, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן ערטערווייז נאָך בנוגע דעם סטיל. אַזעלכע ענדערונגען קאָן מען טרעפען דורכ'ן גאַנצען בוך. נאָך אַלעם דעם געפין איך איצט, איבערקוקענדיג די פראַנצויזישע איבערזעצונג, וואָס איז ערשיענען אין פאַריז, אַז איינינע טיילען פון דייטשען אָריגינאַל וואָלטען געפאָדערט אין איין פאַל אַ מעהר גרינדליכע אומאַרבייטונג, אין אַנאַנדער פּלאַץ אַ גרעסערע סטיליסטישע קלאָרקייט, אָדער אַ גענויערע בעזייטיגונג פון צופעליגע פערזעהונגען. עס איז דערצו קיין צייט ניט געוועזן, וואָרים איך האָב געקריגען די ידיעה, אַז דאָס בוך איז אויספערקויפט, אין הערבסט 1871, ווען איך בין געווען פערנומען מיט אַנדערע נוטיגע אַרבייט, און דאָס דרוקען פון דער צווייטער אויסגאַבע האָט שוין גדאַרפט זיך אָנהויבען אין יאַנואַר 1872.

די גוטע אויפנאַהמע, וואָס „דאָס קאַפּיטאַל" האָט שנעל געפונען אין ברייטע קרייזען פון דעם דייטשען אַרבייטער־קלאַס, איז דער בעסטער שכר פאַר מיין אַרבייט. אַ מאַן,—דער ווינער פאַבריקאַנט, הערר מייער,—וועלכער שטעהט עקאָנאָמיש אויף דעם בורזשואזען שטאַנדפונקט, האָט זעהר קלאָר אַרויסגעבראַכט דעם פאַקט אין אַ בראָשור, וואָס ער האָט פערעפענטליכט בעת דעם דייטש־פראַנצויזישען קריעג, אַז דער גרויסער חוש פאַר טעאָרעטישען דענקען, וואָס מען האַלט אַז דייטשלאַנד האָט בירושה, האָט זיך אָבגעטאָן פון די אַזוי גערופענע דייטשלאַנד'ס געבילדעטע קלאַסען און לעבט אויף פון דאָס ניי אין דעם אַרבייטער־קלאַס.

די פּאָליטישע עקאָנאָמיע איז אין דייטשלאַנד פערבליבען ביז צו דער שטונדע אַן אויסלענדישע וויסענשאַפט. גוסטאַוו פאָן גוליך האָט שוין אין 1830, אין די ערשטע צוויי בענדער פון זיין ווערק „געשיכטליכע דאַרשטעלונג דעם האַנדעלס, דער געווערבע א.אז.וו.", אויפגעוויזען אין אַ גרויסען טייל די היסטאָרישע אומשטענדען, וועלכע האָבען ביי אונז געשטערט די ענטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס אופן, און פאָלגליך אויך דעם אויפבוי פון דער מאָדערנער בירגערליכער געזעלשאַפט. עס האָט געפעהלט, הייסט עס, דער לעבעדיגער באָדען פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע. זי איז אימפּאָרטירט געוואָרן ווי פאַרטיגע סחורה פון ענגלאַנד און פראַנקרייך; איהרע דייטשע פּראָפעסאָרען זיינען געבליבען תלמידים. דער טעאָרעטישער אויסדרוק פון אַ פרעמדער ווירק־

ליבקייט האָט זיך פערוואַנדעלט אונטער זייערע הענד אין אַ זא
לונג פון דאָגמען, וואָס זיינען אויסגעטייטשט געוואָרן פון זיי אַ
דעם זין פון דער קליינבירגערליכער וועלט, וואָס האָט זיי ארומ
רינגעלט, און ממילא—שלעכט אויסגעטייטשט. דעם געפיהל פ
וויסענשאַפטליכער אונמאַכט, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט איינגאַנצ
אונטערדריקען, און דעם אונהיימליכען געוויסען, וואָס מען מ
שפּיעלען די ראָליע פון לעהרער אויף אַ פּאַקטיש פרעמדען געבי
האָט מען געזוכט צו פערשטעקען אונטער דעם פּוץ פון ליטעראַריש
היסטאָרישער געלעהרזאַמקייט, אָדער דורך אַ צומיש פון אַ פרעמ
ען מאַטעריאַל, געבאָרגט פון די אַזוי גערופענע „קאַמעראַל
וויסענשאַפטען—אַ מיש־מאַש פון קענטעניסען, וואָס יעדער האָ
נונג־פולער קאַנדידאַט פון דער דייטשער ביוראָקראַטיע מוז אוי
האַלטען זייער העלדישען פּייער.

זינט 1848 האָט זיך די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן ראַש
ענטוויקעלט אין דייטשלאַנד, און ביי היינטיגען טאָג האַלט
שוין און פולען בליהען פון שווינדעל און ספּעקולאַציע. אָבע
דער מזל איז נאָך אַלץ געבליבען אונפריינדליך צו אונזערע פאַך־
לייט. כל זמן זיי האָבען געקאָנט זיך אָבגעבען אָהן פּאָראורטיילע
מיט פּאָליטישער עקאָנאָמיע, האָבען געפעהלט אין דער דייטשע
ווירקליכקייט די מאָדערנע עקאָנאָמישע פערהעלטעגישען. אַזוי
באַלד ווי אָט די פערהעלטעגישען זיינען אריינגעטראָטען אין לעבען,
איז עס געשעהן אונטער אַזוינע אומשטענדען, וועלכע דערלאָזען
ניט מעהר קיין אונפּאַרטייאישען שטודיום אין די גרעניצען פון
דעם בורזשואַזען שטאַנדפּונקט. אַזוי ווייט ווי די פּאָליטישע
עקאָנאָמיע איז אַ בורזשואַזע, ד.ה. אויף ווי ווייט זי פּאַסט אויף
די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג ניט ווי אַ געשיכטליך פּאָראיבער־
געהענדע ענטוויקלונג־שטופע, נאָר ווי אַן אַבסאָלוטע און לעצטע
געשטאַלט פון דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציאָן, קאָן זי בלייבען
אַ וויסענשאַפט נאָר אַזוי לאַנג, ווי דער קלאַסען־קאַמפּף בלייבט
אונבעמערקט אָדער ווייזט זיך נאָר ארויס אין פּעראיינצעלטע
ערשיינונגען.

לאָמיר נעהמען ענגלאַנד. איהר קלאַסישע פּאָליטישע עקאָ־
נאָמיע פאַלט אויס אין דער פּעריאָדע פון דעם אונענטוויקעלטיז
קלאַסען־קאַמפּף. איהר לעצטער גרויסער רעפּרעזענטאַנ

נעהמט ענדליך דעם גענענזאַץ פון די קלאַסען־אינטערעסען—פון ארבייטס־לוין און פּראָפיט, פון דעם פּראָפיט און די גרונד־רענטע —בעוואוסטזיניג אַלס דער אָנהויב־פּונקט פון זיינע פאָרשונגען, נאאיוו אויפפאסענדיג דעם דאָזיגען גענענזאַץ ווי אַ געזעלשאַפטלי־כען נאַטור־געזעץ. דערמיט אָבער האָט די בורזשואזע וויסענשאַפט פון עקאָנאָמיע טאַקע געגרייכט איהר גרעניץ, וועלכען זי האָט ניט געקאָנט אריבערטרעטען. נאָך ביי ריקארדאָ'ס לעבען, און להיפּך צו איהם, איז אַרויסגעטראָטען די קריטיק פון דער בורזשואזער עקאָנאָמיע אין דער פּערזאָן פון סיסמאָנדי.*

די נעקסטע 10 יאָהר נאָכדעם—פון 1820 ביז 1830—צייכנען זיך אויס אין ענגלאַנד מיט אַ וויסענשאַפטליכער לעבענדיגקייט פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע. דאָס איז געווען די פּעריאָדע אי פון דער וואולגאריזירונג און אויסברייטונג פון ריקארדאָ'ס טעאָריע, אי פון איהר קאַמפּף אַנטקעגען דער אַלטער שוהלע. עס זיינען פאָרגעקומען גלענצענדע טורנירען. וואָס עס איז דאַמאָלסט אויפגעטאָן געוואָרן איז אויפ'ן אייראָפּעאישען קאָנטינענט ווייניג בעקאַנט, אַזוי ווי די פּאָלעמיק איז דאָס רוב צושפּרייט אין זשורנאַל־אַרטיקלען, צופעליגע שריפטען און בראָשורען. דער אונפּאַרטייאישער כאַראַקטער פון יענער פּאָלעמיק—הגם ריקארדאָ'ס טעאָריע דיענט שוין אין אויסנאַהם־פּאַלען ווי אַן אָנגריף־וואַפען אַנטקעגען דער בורזשואזער עקאָנאָמיע—דערקלערט זיך דורך די אומשטענדען פון יענער צייט. פון איין זייט איז די גרויס־אינדוסטריע גופא ערשט אַרויסגעטראָטען פון איהרע קינדער־יאָהרען, ווי מען קאָן עס זעהן פון דעם פאַקט, וואָס ערשט מיט דעם קריזיס פון 1825 הויבט זי אָן דעם פּעריאָדישען קרייז־לויף פון איהר מאָדערנעם לעבען. פון דער אַנדער זייט איז דער קלאַסען־קאַמפּף צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט פערשטופּט געוואָרן אין הינטערגרונד, פּאָליטיש דורך דער מחלקה צווישען די רעגירונגען און פעאָדאַלען, וואָס האָבען זיך אַרומגעקליבען אַרום דער „הייליגער אַליאַנץ“, און די פּאָלקס־מאַסען, וואָס זיינען געפיהרט געוואָרן פון דער בורזשואזיע; עקאָנאָמיש דורך די רייסערייען צווישען

* זעה: מיין שריפט „צור קריטיק דער פּאָליטישען עקאָנאָמיע“, 1טע אויפלאַגע. בערלין 1859, ז. 39.

דעם אינדוסטריעלען קאפּיטאל און דעם אַריסטאָקראַטי״ען גרונד־
אייגענטום—אַ קאמף, וועלכער האָט זיך אין פראנקרייך פער־
באָרגען הינטער דעם געגענזאַץ צווישען דעם פּאַרצעל־אייגענטום
(קליין־גרונר בעזיץ) און דעם גרויסען גרונד־בעזיץ, בעת אין ענג־
לאַנד איז ער אַרויסגעטראָטען אָפען זינט די קאָרן־געזעצען. די
ליטעראַטור פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע אין ענגלאַנד אין אָט
דער פּעריאָדע דערמאָנט אָן דעם פיזיהלינג. מיט דעם יאָהר 1830
איז אַריינגעטראָטען דער קריזיס, וואָס האָט בעשטימט די זאַך־
לאַגע איין מאָל פאַר אַלע מאָל.

די בורזשואַזיע האָט אין פראַנקרייך און ענגלאַנד ערָאבערט
די פּאָליטישע מאַכט. פון דאַן אָן האָט דער קלאַסען־קאַמף צָנ־
גענומען פּראַקטיש און טעאָרעטיש אַלץ מעהר אויסגעשפּראָכעיע
און דראָהענדע פאָרמען. ער האָט געקלונגען די טויטען־גלאָק פון
דער וויסענשאַפטליכער בורזשואַזער עקאָנאָמיע. פאַר איהר איז
איצט מעהר ניט געווען די פראַגע צי דער אָדער יענער טעאָרעם
איז אמת, נאָר צי עס איז ניצליך פאַר׳ן קאַפּיטאַל, צי שעדליך,
צי עס איז בעקוועם אָדער אונבעקוועם, צי די פּאָליציי ערלויבט עס,
צי נים. אנשטאַט דער עהרליכער פאָרשונג איז איצט די פּאָלי־
טישע עקאָנאָמיע געוואָרן אַ בעצאָהלטע פּרייז־פעכטעריי; אויף דעם
אָרט פון דער פרייער וויסענשאַפטליכער אונטערזוכונג איז אויס־
געוואַקסען דער זינדיגער געוויסען און די שלעכטע כונה פון דער
אַפּאָלאָגעטיק, פון רעכטפערטיגונג. פונדעסטוועגען האָבען אפילו
די צודרינגליכע פּאַמפּלעטען, וואָס די „אַנטי קאָרן־לאַ ליעג" מיט
די פאַבריקאַנטען קאָבדען און ברייט בראָש האָבען אָנגעוואָרפען אַ
וועלט, געהאַט, אויב ניט קיין וויסענשאַפטליכען אינטערעס, דאָך
אַ היסטאָרישען אינטערעס דורך זייער פּאָלעמיק אַנטקעגען דער
אַריסטאָקראַטיע פון גרונדאייגענטום. אָבער די פרייהאַנדעל־געז־
זעצגעבונג, וואָס סער ראָבערט פּיעל האָט אָנגעפאַנגען, האָט אפילו
אָט דעם לעצטען שפּיץ אַרויסגעצויגען פון דער וואולגאַר־עקאָנאָמיע.

די רעוואָלוציע, וואָס איז פאָרגעקומען אויפ׳ן קאָנטינענט אין
1848-49, האָט צוריק געווירקט אויך אויף ענגלאַנד. מענשען,
וועלכע האָבען נאָך געוואָלט אויפהאַלטען אַ וויסענשאַפטליכע בע־
דייטונג און האָבען געוואָלט זיין עפּעס מעהר איידער פּשוט׳ע
סאָפיסטען און אונטערלעקער פון די הערשענדע קלאַסען, האָבען

געזוכט צו ־רעגנען די פּאָליטישע עקאָנאָמיע פון קאַפּיטאַל אין איינקלאַנג מיט די טענות, וועלכע האָבען זיך שוין מעהר ניט געלאָזט איגנאָרירן פון דעם פּראָלעטאַריאַט. דערפון נעהמט זיך דער בלאַסער סינקרעטיזם [די פּשרה צווישען געגענגעזעצטע אויפפּאַסונגען], ווי דזשאָהן סטואַרט מילל פערטרעט איהם אַמבעסטען. דאָס איז אַ באַנקראָט־ערקלערונג פון דער בורזשואַזער עקאָנאָמיע, וועלכע דער גרויסער רוסישער געלעהרטער און קריטיקער, נ. טשערנישעווסקי, האָט שוין מייסטערהאַפט בעלויכטען אין זיין ווערק „שטריכען פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע לויט מילל".

אין דייטשלאַנד, הייסט עס, איז דער קאַפּיטאַליסטישער אופן פון פּראָדוקציאָן צייטיג געוואָרן נאָכדעם ווי זיין אַנטאַגאָניסטישער כאַראַקטער האָט זיך שוין דורך היסטאָרישע קאַמפּען בעוויזען מיט אַ געפילדער אין פראַנקרייך און ענגלאַנד; בעת דער דייטשער פּראָלעטאַריאַט האָט שוין פערמאָגט אַ פיעל־פעסטערן טעאָרעטישען קלאַסען־בעוואוסטזיין, איידער די דייטשע בורזשואַזיע. אַזוי שנעל, אַלזאָ, ווי עס האָט אויסגעזעהן, אַז עס איז מעגליך געוואָרן אין דייטשלאַנד אַ בורזשואַזע וויסענשאַפט פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע, איז זי שוין ווידער געוואָרן אונמעגליך.

אונטער אָט די אומשטענדען האָבען זיך איהרע וואָרטפיהרער צוטיילט אין צוויי לאַגערען. פון איין זייט, די קלוגע, געשעפטמעסיגע, פּראַקטישע מענשען האָבען זיך גרופּירט אַרום באַסטיאַ'ס פאָהן—דעם פלאַכסטען און דעריבער דעם געלונגענסטען פערטרעטער פון דער וואולגאַר־עקאָנאָמישער אַפּאָלאָגעטיק; פון דער אַנדער זייט, די וואָס זיינען געוועזען שטאָלץ אויף דעם פּראָפעסאָרישען כבוד פון זייער וויסענשאַפט, זיינען נאָכגעגאַנגען דזשאָהן סטואַרט מילל אין דער בעמיהונג אויסצוגלייכען דאָס, וואָס קאָן ניט אויסגעגליכען ווערן. אַזוי ווי אין דער קלאַסישער צייט פון דער בורזשואַזער עקאָנאָמיע, אַזוי אויך אין דער צייט פון איהר אונטערגאַנג, זיינען די דייטשען געבליבען בלויז חדר־אינגלעך, נאָכבעטער און נאָכטרעטער, קליינע קרעמערלעך פון דעם אויסלענדישען גרויסגעשעפט.

די אייגענטימליכע היסטאָרישע ענטוויקלונג פון דער דייטשער געזעלשאַפט האָט דעריבער דאָרט אויסגעשלאָסען יעדע אָריגינעלע פאָרטבילדונג פון דער בורזשואַזער עקאָנאָמיע, אַחוץ—די קריטיק

פון דער דאזיגער עקאנאמיע. אזוי ווייט ווי אזא קריטיק פערטרעט בכלל איין קלאס, האט זי נאר געקאנט פערטרעטען דעם קלאס, וועמעס היסטארישער בערוף איז צו רעוואלוציאנירן דעם קאפי־טאליסטישען פראדוקציאנס אופן און ענדליך אבצושאפען די קלא־סען—דעם פראלעטאריאט.

די געלעהרטע און ניט־געלעהרטע ווארטפיהרער פון דער דייט־טשער בורזשואזיע האבען צוערשט פרובירט טויטשווייגען „דאס קאפיטאל", ווי דאס האט זיי אבגעגאלטען מיט מיינע פריהערדיגע שריפטען. אזוי באלד ווי אט די טאקטיק האט זיך שוין מעהר ניט געפאסט צו די אומשטענדען פון דער צייט, האבען זיי, פרע־טענדירענדיג אז זיי קריטיזירן מיין בוך, געשריבען רעצעפטען „צו בערוהיגען דעם בורזשואזען בעוואוסטזיין". זיי האבען אבער גע־פונען אין דער ארבייטער פרעסע—זעה צ.ב.ש. יאזעף דיעצגען'ס ארטיקלען אין דעם „פאלקסשטאאט"—שטארקערע געגנער, וועמען זיי זיינען נאך ביז היינט שולדיג אן ענטפער.*

אן אויסגעצייכענטע רוסישע איבערזעצונג פון „קאפיטאל" איז ערשיענען אין פעטערבורג אין פריהלינג פון 1872. די אויפ־לאגע פון 3000 עקזעמפלארען איז איצט איינגאנצען אויסגעגאנגען.

---

* די פלוידערזעק פון דער דייטשער וואולגאר־עקאנאמיע האבען געטאדעלט דעם סטיל און די דארשטעלונג פון מיין בוך. קיינער קאן ניט שטרענגער אור־טיילען וועגען די ליטעראריש חסרונות פון „קאפיטאל", ווי איך אליין. פונ־דעסטוועגען וויל איך דא איבערגעבען, פאר דער בעלעהרונג פון די דאזיגע הערען און זייער פובליקום, אן ענגלישען און א רוסישען אורטייל איבער דעם בוך. די „סאטורדיי רעוויו", וועלכע איז דורכאויס פיינדליך צו מיינע אנזיכטען, זאגט אין איהר בעמערקונג וועגען דער ערשטער דייטשער אויסגאבע: די דאר־שטעלונג „גיט אפילו צו די טרוקענסטע עקאנאמישע פראגען א בעזונדער רייץ." די „סט. פעטערבורגסקיע וויעדאמאסטי" בעמערקט אין איהר נומער פון 20טען אפריל 1872 צווישען אנדערעס: „די דארשטעלונג, מיט דער אויסנאהם פון איינינע העכסט ספעציעלע טיילען, צייכענט זיך אויס דורך אלגעמיין־פערשטענד־ליכקייט, קלארקייט, און טראץ דער וויסענשאפטליכער הויך פון דעם עניז, דורך אונגעוועהנליכער לעבעדיגקייט. אין דער הינזיכט איז דער פערפאסער.... גאר ניט גלייך צו דעם רוב דייטשע געלעהרטע... וועלכע שרייבען זייערע ביכער אין אזא פערפינסטערטער און טרוקענער שפראך, אז ביי דעם איינפאכען שטערב־ליכען פלאצט דער קאפ". ביי די לעזער פון די היינטיגע דייטשע נאציאנאל־ליבעראלע פראפעסארישע ליטעראטור פלאצט אבער עפעס אנדערעס איידער דער קאפ.

שוין אין 1871 האָט הערר נ. זיבער, פּראָפעסאָר פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע אין קיעווער אוניווערזיטעט, נאָכגעוויזען אין זיין בוך „טעאָריאַ צענאָסטי אי קאַפּיטאַלאַ ד. ריקאַרדאָ", אַז מיין טעאָריע פון ווערטה, געלד און קאַפּיטאַל איז אין איהרע גרונדציגען אַ נויטוועגדיגע ווייטערע ענטוויקלונג פון דער סמיטה־ריקאַרדאָ לעהרע. וואָס עס איבערראַשט דעם מערב־אייראָפּעער לעזענדיג דעם דאָזיגען ווערטהפולען בוך, איז די קאָנזעקווענטע דורכפיהרונג פון דעם ריין־טעאָרעטישען שטאַנדפּונקט.

די מעטאָדע, וואָס איז אָנגעוועגדעט געוואָרן אין „קאַפּיטאַל", איז שלעכט פערשטאַנען געוואָרן, ווי מען קאָן עס זעהן פון די איינע די אַנדערע ווידערשפּרעכענדע אויפפאַסונגען פון דעם בוך.

אַזוי וואַרפט מיר פאָר די פּאַריזער „רעוויו פּאָזיטיוויסט" פון איין זייט, אַז איך בעהאַנדעל די עקאָנאָמיע מעטאַפיזיש, און פון דער אַנדער זייט—שטעלט זיך פאָר!—אַז איך בעשרענק זיך בלויז אויף אַ קריטישער צוגליעדערונג פון די פאַקטען, אַנשטאַט צו פערשרייבען רעצעפּטען (אפשר קאָנטיסטישע?) פאַר דער גאַרקיך פון דער צוקונפט. אַנטקעגען דעם פאָרוואורף פון מעטאַפיזיקע בעמערקט פּראָפעסאָר זיבער: „אויף ווי ווייט עס האַנדעלט זיך וועגען דער אייגענטליכער טעאָריע, איז מאַרקס'עס מעטאָדע די דעדוקטיווע מעטאָדע פון דער גאַנצער ענגלישער שוהלע, וואָס איהרע חסרונות און מעלות געפינט מען ביי די בעסטע טעאָרעטישע עקאָנאָמיסטען." הערר מ. בלאָק—„די טעאָרעטיקער פון דעם סאָציאַליזם אין דייטשלאַנד. אויסצוג פון „זשורנאַל דע עקאָנאָמיסט" יולי און אויגוסט 1872—ענטדעקט, אַז מיין מעטאָדע איז אַנאַליטיש, און זאָגט צווישען אַנדערעם: „דורך אָט דעם ווערק שטעלט זיך הערר מאַרקס אין איין רייה מיט די אויסגעצייכענטסטע אַנאַליטישע קעפּ." די דייטשע רעצענזען־שרייבער שרייען נאַטירליך אַז עס איז העגעלשע סאָפיסטיק. דער פּעטערבורגער „וויעסטניק יעוראָפּי", אין אַן אַרטיקעל, וואָס בעהאַנדעלט אויסשליסליך די מעטאָדע פון „קאַפּיטאַל" (מאַי־נומער 1872, ז. 427 ביז 436) געפינט, אַז מיין פאָרשונגס־מעטאָדע איז שטרענג רעאַליסטיש, אָבער די דאַרשטעלונג־מעטאָדע איז אומגליקליכערווייזע דייטש־דיאַלעקטיש. ער זאָגט: „אויפ'ן ערשטען בליק, ווען מען זאל אורטיילען לויט דער אויסערליכער פאָרם פון דער

פֿאַרשטעלונג, איז מאַרקס דער גרעסטער אידעאַל־פֿילאָזאָף, נאָר אין דעם דייטשען, ד. ה. אין דעם שלעכטען זין פֿון וואָרט. אין אמת'ן אָבער איז ער אונענדליך־מעהר רעאַליסט איידער אַלע זיינע פֿאַרגענגער אין דעם ענין פֿון עקאָנאָמישער קריטיק... מען קאָן איהם בשום אופן נישט אָנרופען אַ אידעאַליסט.“ איך קאָן דעם העררן פּערפֿאַסער בעסער ניט ענטפֿערן ווי דורך אייניגע אויסצוגען פֿון זיין אייגענער קריטיק, וועלכע קאָנען אַ חוץ דעם זיין אינטערעסאַנט פֿאַר אייניגע פֿון מיינע לעזער, וועלכע קאָנען זיך ניט בענוצען מיט דעם רוסישען אָריגינאַל.

נאָכדעם ווי ער ברענגט אַ ציטאַט פֿון מיין פֿאָררעדע „צו דער קריטיק דער פּאָליטישען עקאָנאָמיע“, ז. IV ביז VII. וואו איך האָב דערקלערט די מאַטעריאַליסטישע גרונדלאַגע פֿון מיין מעטאָדע, שרייבט דער הערר פּערפֿאַסער ווי פֿאָלגט: —

„פֿאַר מאַרקס'ן איז נאָר איין זאַך וויכטיג: אויסצוגעפֿינען דאָס געזעץ פֿון די ערשיינונגען, מיט דער אונטערזוכונג פֿון וועלכע ער בעשעפֿטיגט זיך. און דערביי איז פֿאַר איהם וויכטיג ניט נאָר דאָס געזעץ, וואָס בעהערשט זיי, אַזוי ווייט ווי זיי האָבען אַ בעשטימטע פֿאָרם און געפֿינען זיך אין דעם צוזאַמענהאַנג, וועלכען מען קאָן בעאָבאַכטען אין אַ געגעבענער צייט. פֿאַר איהם איז פֿריהער פֿאַר אַלץ נאָך וויכטיג דאָס געזעץ פֿון זייער פֿערענדערונג, פֿון זייער ענטוויקלונג ד. ה. פֿון דעם איבערגאַנג פֿון איין פֿאָרם אין דער אַנדערער, פֿון איין אָרדנונג פֿונ'ם צוזאַמענהאַנג אין אַנדער אָרדנונג. האָט ער איינמאָל ענטדעקט דעם דאָזיגען געזעץ, אונטערזוכט ער בפּרטיות די פֿאָלגען, אין וועלכע דאָס געזעץ ווייזט זיך אַרויס אין געזעלשאַפֿטליכען לעבען... מחמת דעם זאָרגט זיך מאַרקס נאָר וועגען איין זאַך: נאָכצוּווייזען דורך אַ גענויער וויסענשאַפֿטליכער אונטערזוכונג די נויטוועגדיגקייט פֿון בעשטימטע אָרדנונגען פֿון די געזעלשאַפֿטליכע שייכות'ן, און אַזוי עהרליך ווי מעגליך צו קאָנסטאַטירן די פֿאַקטען, וועלכע דיענען איהם פֿאַר דעם גרונד און שטיין־פּונקט פֿון זיין פֿאָרשונג. דערצו איז פֿאָלשטענדיג גענוג ווען ער בעווייזט, צוגלייך מיט דער נויטווענדיגקייט פֿון דער געגענווערטיגער אָרדנונג, די נויטווענדיגקייט פֿון אַנאַנדער אָרדנונג, אין וועלכע די ערשטע מוז אונפֿערמיידליך אַריבערגעהן, גאַנץ גלייך צי די מענשען גלויבען עס אָדער ניט, צי זיי זיינען

בעוואוסטזיניג דערפון אָדער ניט. מאַרקס בעטראַכט די געזעל־
שאַפטליכע בעוועגונג ווי אַ נאַטור־היסטאָרישען פּראָצעס, וואָס
ווערט געפיהרט פון געזעצען, וועלכע זיינען ניט נאָר ניט־אָבהענגיג
פון דעם ווילען, דעם בעוואוסטזיין און דער אָבזיכט פון די מענשען,
נאָר אדרבא פערקעהרט, וועלכע בעשטימען זייער ווילען, בעוואוסט־
זיין און אָבזיכטען.... אויב דער בעוואוסטזיניגער עלעמענט
שפּיעלט אין דער קולטור־געשיכטע אַזאַ אונטערגעאָרדענטע ראָליע,
דאַן פערשטעהט זיך פון זיך אַליין, אַז די קריטיק, וואָס איהר
געגענשטאַנד איז די קולטור גופא, קאָן ווענינער ווי אַלץ האָבען
אַלס איהר גרונדלאַגע אַ וועלכע עס איז פאָרם אָדער אַ וועלכען
עס איז רעזולטאַט פון בעוואוסטזיין. דאָס הייסט, דער פּונקט
פון וועלכען די קריטיק געהט אַרויס, קאָן ניט זיין אַ אידעע, נאָר
אַן אויסערליכע ערשיינונג. די קריטיק וועט בעשטעהן אין דער
פערגלייכונג און קעגענאיבערשטעלונג פון אַ פאַקט, ניט מיט אַ
אידעע, נאָר מיט אַנאַנדער פאַקט. פאַר איהר איז נאָר וויכטיג,
אַז ביידע פאַקטען זאָלען אונטערזוכט ווערן אַזוי גענוי ווי מעגליך
און זאָלען ווירקליך פאָרשטעלען מיט זיך פערשיידענע שטופען פון
ענטוויקלונג; און מעהר ווי אַלץ איז אָבער וויכטיג, עס זאָל ניט
ווענינער גענוי אויסגעפאָרשט ווערן די אָרדנונג, דער כסדר׳דיגער
גאַנג און די פערבינדונג, אין וועלכע עס בעווייזען זיך די דאָזיגע
שטופען פון ענטוויקלונג. איינער קאָן אָבער פרעגען: ס׳טייטש,
די אַלגעמיינע געזעצען פון עקאָנאָמישען לעבען זיינען דאָך איינע
און דיזעלבע, גאַנץ גלייך צי מען ווענדעט זיי אָן אויף דער געגענ־
וואַרט אָדער אויף דער פערגאַנגענהייט? אָבער דאָס איז גראָד,
וואָס מאַרקס לייקענט אָב. אַזעלכע אַלגעמיינע געזעצען עקזיס־
טירן פאַר איהם ניט. לויט זיין מיינונג נאָך בעזיצט פערקעהרט
יעדע היסטאָרישע פעריאָדע איהרע אייגענע געזעצען.... אַזוי
באַלד ווי דאָס לעבען האָט אַריבערגעלעבט אַ געגעבענע ענטוויק־
לונגס־פעריאָדע, איז אַריבערגעטראָטען פון איין געגעבענעם סטאַ־
דיום אין אַנאַנדערן, הויבט עס שוין אָן געפיהרט צו ווערן פון
אַנדערע געזעצען. מיט איין וואָרט, דאָס עקאָנאָמישע לעבען
שטעלט פאַר אונז פאָר אין דעם פאַל אַן ערשיינונג, וועלכע איז
פאָלשטענדיג צוגעגליכען צו די ערשיינונגען אויף אַנדערע געביטען
פון דער ביאָלאָגיע.... די אַלטע עקאָנאָמען האָבען ניט פער־

שטאַנען די נאַטור פון די עקאָנאָמישע געזעצן, ווען זיי האָבן זיי פערגליכען מיט די געזעצן פון דער פיזיק און כעמיע.... אַ טיעפערער אַנאַליז פון די ערשיינונגען האָט בעוויזען, אַז די סאָציאַלע אָרגאַניזמען אונטערשיידען זיך איינע פון די אַנדערע פונקט אַזוי גרינדליך ווי די באָטאַנישע און זאָאָלאָגישע אָרגאַניזמען.... איין און דיזעלבע ערשיינונג קאָן בעהערשט ווערן פון גאַר אינגאַנצען פערשיידענע געזעצן מחמת דעם פערשיידענעם געבוי פון די דאָזיגע אָרגאַניזמען, דער פערשיידענאַרטיגקייט פון זייערע איינצעלנע אָרגאַנען, דעם אונטערשייד פון די בעדינגונגען, אונטער וועלכע זיי פונקציאָנירן א.אז.וו. מאַרקס לייקענט צ.ב.ש., אַז דאָס בעפעלקערונגס־געזעץ איז גלייך פאַר אַלע צייטען און אַלע ערטער. ער בעהויפטעט אין געגענטייל, אַז יעדע ענטוויקלונגס־שטופע האָט איהר אייגענעם בעפעלקערונגס־געזעץ.... מיט דער פערשיידענער ענטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטען ענדערן זיך די פערהעלטנישען און די געזעצן וועלכע רעגולירען זיי. אַזוי ווי מאַרקס' ציעל איז צו דערפאָרשען און דערקלערן פון אָט דעם שטאַנדפונקט די קאַפּיטאַליסטישעווירטשאַפטס־אָרדנונג, פאָרמולירט ער נאָר שטרענג וויסענשאַפטליך דאָס ציעל, וואָס יעדע גענויע אונטערזוכונג פון עקאָנאָמישען לעבען מוז האָבען.... דער וויסענשאַפטליכער ווערטה פון אַזוינע פאָרשונגען ליעגט אין דער אויפקלערונג פון די בעזונדערע געזעצן, וועלכע רעגולירן די ענטשטעהונג, די עקזיסטענץ, די ענטוויקלונג, דעם טויט פון איין געגעבענעם געזעלשאַפטליכען אָרגאַניזם, און זיין פערביטען ווערן דורך אַנאַנדערן, אַ העכערן אָרגאַניזם. און אָט דעם ווערטה האָט אין דער ווירקליכקייט מאַרקס'עס בוך.״

בעת דער פּערפאַסער האָט אַזוי טרעפענד געשילדערט דאָס, וואָס ער רופט אָן מיין ווירקליכע מעטאָדע, און האַלט זיך אַזוי פריינדליך צו מיין פּערזענליכער אַנוועדונג פון דער דאָזיגער מעטאָדע—וואָס דען האָט ער געשילדערט אויב ניט די דיאַלעקטישע מעטאָדע ?

געוויס מוז דער אופן פון דאַרשטעלונג זיך פאָרמעל אונטער[שי]יידען פון דעם אופן פון פאָרשונג. די פאָרשונג מוז בעקאַנט [ווע]רן מיט'ן מאַטעריאַל אין אַלע זיינע פּרטים, מוז אַנאַליזירן זיינע [פע]רשיידענע ענטוויקלונגס־פאָרמען און מוז אויסזוכען זייער אינער־

ליכען צוזאַמענבונד. ערשט נאָכדעם ווען די אַרבייט איז דורכ־געפיהרט, קאָן די ווירקליכע בעוועגונג דאַרגעשטעלט ווערן ווי עס פּאַסט דערצו. ווען דאָס געלינגט און דאָס לעבען פון דעם מאַ־טעריאַל שפּיעגעלט זיך אידעעל וויעדער אָב, דאַן קאָן עס אויסזעהן, ווי מען וואָלט דאָ געהאַט צו טהאָן מיט אַ קאָנסטרוקציע אַ פּריאָרי.

מיין מעטאָדע איז איהר גרונדלאַגע נאָך ניט נאָר פערשיידען פון דער העגעל'שער מעטאָדע, נאָר זי איז איהר דירעקטער היפּך. פאַר העגעל'ן איז דער פּראָצעס פון דענקען, וועלכען ער פערוואַנדעלט אפילו אונטער דעם נאָמען אידעע אין אַ זעלבסטשטענדיגען סוביעקט, דער דעמיאורג, דער שעפער, פון דאָס ווירקליכע, וואָס בילדעט נאָר זיין אויסערליכע ערשיינונג. ביי מיר איז, פערקעהרט, דאָס אידעעלע נישט מעהר ווי דאָס מאַטע־ריעלע, וואָס איז איבערגעזעצט און איבערגעמאַכט געוואָרן אין דעם מענשען'ס קאָפּ.

די מיסטיפיצירענדע זייט פון דער העגעל'שער דיאַלעקטיק האָב איך קריטיזירט מיט אַן ערך דרייסיג יאָהר צוריק, אין אַ צייט, ווען זי איז נאָך געווען שטאַרק אין מאָדע. אָבער גראָד אין דער צייט, ווען איך האָב אויסגעאַרבייט דעם ערשטען באַנד פון „קאַפּיטאַל", איז די קאַפּריזנע, העזה'דיגע און מיטעלמעסיגע עפּי־גאָנען [נאָכפאָלגער], וועלכע גיבען איצט דעם טאָן אין דער געבילדעטער דייטשלאַנד, יעפעלן געוואָרן צו בעהאַנדלען העגעל'ן, ווי דער בראַווער מאָזעס מענדעלזאָן האָט אין לעסינג'ס צייט בעהאַנדעלט שפּינאָזא'ן—ווי אַ „טויטען הונד". איך האָב דעריבער זיך אָפען ערקלערט אַלס אַ תלמיד פון יענעם גרויסען דענקער און האָב אין דעם קאַפּיטעל איבער דער ווערטה־טעאָריע זאָגאַר קאָקעטירט אין איניגע שטעלען מיט זיין כאַראַקטעריסטישער טערמינאָלאָגיע. די מיסטיפיקאַציע, וואָס די דיאַלעקטיק ליידט אין העגעל'ס הענד, האָט אויף אַן אומפּאַסענדען און בעוואוסטזיניגען אופן פעסטגע־שטעלט איהרע אַלגעמיינע בעוועגונגס־פאָרמען. ביי העגעל'ן שטעהט די דיאַלעקטיק אויפ'ן קאָפּ. מען מוז זי אוועקשטעלען אויף די פיס, כדי צו געפינען דעם ראַציאָנאַלען קערן אין דער מיסטישער שאָל.

אין איהר מיסטיפיצירענדער פאָרם איז די דיאַלעקטיק גע־

וואָרן די דייטשע מאָדע, ווייל זי האָט אויסגעזעהן צו פערהערליכען און לויטער מאַכען דעם עקזיסטירענדען צושטאַנד. אין איהר ראַציאָנאַלער געשטאַלט איז זי פאַר דער בורזשואזיע און איהרע דאָקטרינאָרען־אידעאָלאָגען אַן ערגערניש און אַ שרעק, ווייל זי נעהמט אריין אין דעם פּאָזיטיווען פערשטענדעניס פון דעם עקזיסטירענדען צושטאַנד אויך דאָס פערשטענדעניס פון זיין נעגאַציע, פון זיין נויטוועגדיגען אונטערגאַנג; ווייל זי בעטראַכט יעדע היסטאָריש־געוואָרענע פאָרם אין פלוס פון בעוועגונג און פאַסט איהר דעריבער אויף אויך פון איהר פערגענגליכער זייט; ווייל זי לאָזט זיך פון קיין זאַך ניט אימפּאָנירן און איז בעצם קריטיש און רעוואָלוציאָנער.

די ווידערשפּרוך־פולע בעוועגונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט לאָזט זיך דעם פּראַקטישען בורזשוא אַמשטאַרקסטען פיהלען אין די שוואַנקונגען פון דעם פּעריאָדישען קרייז־לויף, דורך וועלכען די מאָדערנע אינדוסטריע לויפט דורך, און וואָס זיין העכסטער פּונקט איז דער אַלגעמיינער קריזיס. דער דאָזיגער קריזיס האַלט שוין ווידער אין אָנקומען, אָבוואָהל ער געפינט זיך נאָך אין זיינע פאָר־שטופען; און ער וועט ארומכאַפּען אַזאַ ברייטען געביט און וועט זיין אַזוי אינטענסיוו אין זיין ווירקונג, אַז ער וועט אריינפּויקען דיאַלעקטיק אפילו אין די קעפּ פון די אויפגעקומענע מוצלחים פון דער נייער הייליגער דייטש־פּרייסישער אימפּעריע.

לאָנדאָן, 24טען יאַנואַר, 1873.

קאַרל מאַרקס.

געווידמעט

מיין אונפערגעסליכען פריינד

דעם שארפזיניגען, געטרייען און ערעלען פארקעמפפער
פון פראלעטאריאט

# ווילהעלם וואלף

געבוירן אין טארנוי דעם 21טען יוני 1809. געשטארבען אין דער פרעמד,
אין מאנטשעסטער, דעם 9טען מאי 1864.

## ערשטער קאפיטעל.

# סחורה.

### 1. די צוויי פאקטארען פון סחורה: געברויך-ווערטה און ווערטה (דער עצם ווערטה און די גרויס פון ווערטה).

דער רייכטום פון די געזעלשאפטען אין וועלכע עס הערשט דער קאפיטאליסטישער אופן פון פראדוקציאן, ווייזט זיך ארויס אלס אן „אונגעהויערע זאמלונג פון סחורות“,1 און די איינצעלנע סחורה אלס זיין עלעמענטארע פארם. מיר מוזען דעריבער אנפאנגען אונזער אונטערזוכונג מיט דעם אנאליז פון א סחורה.

א סחורה איז קודם אן אויסערליכער געגענשטאנד, א זאך וואס בעפריעדיגט דורך איהרע אייגענשאפטען וועלכע עס איז מענשליכע בעדערפענישען. דער כאראקטער פון די דאזיגע בעדערפענישען, צי זיי נעהמען זיך למשל פון מאגען, צי פון דער פאנטאזיע, ברענגט קיין ענדערונג אין דעם פרט ניט אריין.2 עס האנדעלט זיך דא אויך ניט אום דעם, ווי אזוי די זאך בעפריעדיגט דאס מענשליכע בעדערפעניש, צי דירעקט, אלס לעבענס-מיטעל, ד. ה. אלס געגענשטאנד פון גענוס, אדער אינדירעקט, אלס מיטעל פון פראדוקציאן.

יעדע ניצליכע זאך, ווי אייזען, פאפיער א. ד. ג. קאן בעטראכט ווערן פון א צווייעדיגען שטאנדפונקט: לויט דער קוואליטעט (איכות) און לויט דער קוואנטיטעט (כמות). יעדע זאך אזוינע איז א גאנצעס, וואס האט פיעל אייגענשאפטען און קאן דעריבער זיין ניצליך לויט איהרע פערשיידענע זייטען. די ענטדעקונג פון אט די

1) קארל מארקס: „צור קריטיק דער פאליטישען עקאנאמיע“. בערלין, 1859, ז. 3.

2) „דאס פערלאנגען שליסט ממילא איין דאס בעדערפעניש: עס איז דער אפעטיט פון'ם גייסט און פונקט אזוי נאטירליך פאר איהם, ווי הונגער איז נאטירליך פאר'ן קערפער... די מעהרסטע זאכען בעקומען זייער ווערטה דורך דעם, וואס זיי בעפריעדיגען די בעדערפענישען פון'ם גייסט“. (ניקאלאס בארבאן: דיסקארס עטצ., לאנדאן 1696, ז. 2 און 3).

פערשיידענע זייטען און ממילא פון די פערשיידענע אופנים פון געברויך פון זאכען, איז די ארבייט פון דער געשיכטע [געשיכט־ליכע טהאט].[3] אזוי איז אויך די ערפינדונג פון געזעלשאפטליכע מאסען פאר דער קוואנטיטעט פון די ניצליכע זאכען. די פערשיי־דענהייט פון די מאסען פון סחורות שטאמט טיילווייז פון דער פערשיידענער נאטור פון די זאכען, וואס דארפען געמאסטען ווערן, און טיילווייז פון דעם אלגעמיינעם הסכם.

די ניצליכקייט פון א זאך, איהר אייגענשאפט צו בעפריעדיגען מענשליכע בעדערפנישען פון וועלכען עס איז סארט, מאכט איהר פאר א געברויך־ווערטה.[4] די דאזיגע ניצליכקייט אבער שוועבט ניט אין דער לופטען. אזוי ווי זי העננט אב פון די אייגענשאפטען פון דעם סחורה־קערפער, עקזיסטירט זי ניט אהן איהם. דער סחורה־קערפער גופא, ווי אייזען, ווייץ, דימענט א.אז.וו. איז דע־ריבער א ג ע ב ר ו י ך ־ ו ו ע ר ט ה אדער א ג ו ט. דער דאזיגער כאראקטער זיינער העננט ניט אב פון דעם, צי עס קאסט דעם מענשען א סך אדער ווייניג ארבייט זיך אנצואייגנען זיינע געברויך־אייגענשאפטען. ווען מיר בעטראכטען די געברויך־ווערטהען, נעהמען מיר שטענדיג אן, אז מיר האבען צו טהאן מיט בעשטימטע קוואנטיטעטען פון זיי, ווי למשל טוצען זייגערס, עלען לייוועגד, טאנען אייזען א.אז.וו. די געברויך־ווערטהען פון סחורות גיבען דעם מאטעריאל פאר א בעזונדערן שטודיום—די קענטעניש

---

3 „זאכען האבען א אינערליכע פארטרעפליכקייט („ווערטיו", דאס ווארט, וואס בארבאן בענוצט, האט ביי איהם א ספעציפישע בעצייכענונג פאר „געברויך־ווערטהע"), וועלכע איז אומעטום דיזעלבינע, פונקט ווי די אייגענשאפט פון דעם מאגנעט צוציהען אייזען" (דארט גופא, ז. 6). די אייגענשאפט פון דעם מאגנעט צוציהען אייזען איז ערשט דאן געווארן ניצליך, אזויבאלד ווי מען האט ענטדעקט דורך דער דאזיגער אייגענשאפט גופא די מאגנעטישע פאלאריטעט.

4 „דער נאטירליכער ווערטה פון יעדער זאך בעשטעהט אין איהר פאסיגקייט צו בעפריעדיגען די נויטוועגדיגע בעדערפענישען פון מענשליכען לעבען אדער צו דיענען זיין בעקוועמליכקייט." (דזשאהן לאקע: „סאם קאנסידערייישענס אן דהי קאנסעקוועגס אוו דהי לאוערינג אוו אינטערעסט", 1691, אין „ווארקס" אויכגאבע, לאנדאן 1777, באנד 2, ז. 28.) אין דעם 17טען יאהרהונדערט געפינען מיר נאך אפט ביי די ענגלישע שרייבער אז „ווארטה" ווערט בענוצט פאר געברויך־ווערטה און „וואליו" פאר טויש־ווערטה—וואס עס שטימט מיט דעם גייסט פון א שפראך, וועלכע האט ליעב אויסצודריקען די דירעקטע זאך מיט א גערמאניש ווארט און די רעפלעקטירטע זאך מיט א ראמאניש ווארט.

פון סחורות.[5] דער געברויך־ווערטה פערווירקליכט זיך נאָר אין דעם געברויך אָדער בענוצונג. געברויך־ווערטהען שטעלען צונויף דעם מאטעריעלען אינהאלט פון רייכטום, וואָס זיין געזעלשאפט־ליכע פאָרם זאָל ניט זיין. אין דער געזעלשאפטליכער פאָרם, וועלכע מיר וועלען דאָ בעטראכטען, קומען זיי אין דערזעלבער צייט אויך פאָר אלס די מאטעריעלע טרעגער פון דעם—ט ו י ש־ו ו ע ר ט ה.

דער טוישוווערטה בעווייזט זיך קודם ווי די קוואנטיטאטיווע שייכות, די פראָפּאָרציע, אין וועלכער געברויך־ווערטהען פון איין סאָרט טוישען זיך אויף געברויך־ווערטהען פון אנאנדער סאָרט[6] — א צופעליגע שייכות, וועלכע בייט זיך שטענדיג מיט דער צייט און דעם אָרט. דער טוישוווערטה שיינט דעריבער פאָרצושטעלען עפּעס, וואָס איז צופעליג און ריין רעלאטיוו, און פאָלגליך קומט אויס, אז א אימאנענטער טוישוווערטה, וואָס ליעגט אינערליך אין דער סחורה, איז א ווידערשפּרוך.[7] לאָמיר די זאַך נעהנטער בעטראכטען.

א געוויסע סחורה, א פערטעל ווייץ צום ביישפּיעל, טוישט זיך אוים אויף אנדערע סחורות אין די פערשיידענסטע שייכות'ן— צ.ב.ש. אויף 20 פונט שוהוואקס, אָדער אויף 2 עלען זייד, אָדער אויף א האלב אונץ גאָלד א.אז.וו.; פונדעסטוועגען בלייבט דער טוישוווערטה פון דעם פערטעל ווייץ ניט פערענדערט, סיי ער דריקט זיך אוים אין שוהוואקס, זייד אָדער גאָלד. ער מוז אלזאָ האָבען א געוויסען תוך, וואָס לאָזט זיך אונטערשיידען פון אָט די אלע פערשיידענע אויסדרוק־פאָרמען.

---

[5] אין דער בירגערליכער געזעלשאפט הערשט די יורידישע השערה (פּיקציא יורים), אז יעדער מענש אלס קויפער בעזיצט אן ענציקלאָפּעדישע קענטעניש פון אלערליי סחורות.

[6] „דער ווערטה בעשטעהט אין דער פערהעלטעניש, אין וועלכער איין זאך ווערט אויסגעטוישט אויף אנאנדער זאך, איין בעשטימטע סומע פון א פּראָדוקט אויף אנאנדער בעשטימטער סומע פון א פּראָדוקט." (לע טראָן: „דע ל'אינטערע סאָסיאל." פיזיאָקראַט עדיסיאָן, פּאַריז 1846, ז. 889.)

[7] „קיין זאך קאָן ניט האָבען קיין אינערליכען טוישוווערטה." (נ. באַרבאָן, „א דיסקאָרס" א.אז.וו., ז. 16), אָדער ווי באַטלער זאָגט:
"The Value of a thing
is just as much, as it will bring"
(א זאך איז ווערטה אזוויפיעל, וויפיעל עס ברענגט אריין.)

לאמיר ווייטער נעהמען צוויי סחורות, צוםביישפיעל ווייץ און אייזען. וואס זייער אויסטויש־שייכות זאל ניט זיין, לאזט זיך עס שטענדיג איבערגעבען אין א גלייכונג, אין וועלכער א געוויסער סכום ווייץ ווערט געשטעלט גלייך צו א וועלכען עס איז סכום אייזען, צ.ב.ש. 1 פערטעל ווייץ איז גלייך צו 2 צענטנער אייזען. וואס זאגט אונז די דאזיגע גלייכונג? אז עס עקזיס־טירט עפעס א געמיינזאמעס פון דערזעלבער גרויס אין צוויי פער־שיידענע זאכען—אין 1 פערטעל ווייץ און פונקט אזוי אויך אין 2 צענטנער אייזען. ביידע זיינען אלזא גלייך צו א דריטען, וועלכער איז אליין פאר זיך ניט דאס איינע, ניט דאס אנדערע. יעדערער פון די ביידע, ווי ווייט עס איז א טוישווערטה, מוז, הייסט עס, זיך לאזען רעדוצירן צו דעם דאזיגען דריטען.

אן איינפאכער געאמעטרישער ביישפיעל מאכט דאס קלאר. כדי צו בעשטימען און פערגלייכען דעם שטח פון אלע גראד־ליניגע פיגורען, לייזט מען זיי אויף אין דרייעקען. אבער דעם דרייעק גופא רעדוצירט מען צו אן אויסדרוק, וואס איז גאנץ פער־שיידען פון זיין קענטיגער פיגור,—אויף דעם האלבען פראדוקט פון זיין גרונד־ליניע מיט זיין הויך. אזוי אויך מוז מען די טויש־ווערטהען פון סחורות רעדוצירן צו עפעס א געמיינזאמעס, פון וואס זיי שטעלען פאר א מעהר אדער וועניגער.

דאס דאזיגע געמיינזאמע עפעס קאן ניט זיין א געאמעטרישע, פיזיקאלישע, כעמישע אדער אנאנדער נאטירליכע אייגענשאפט פון סחורות. זייערע קערפערליכע אייגענשאפטען קומען איבערהויפט נאר אין בעטראכט, אויף ווי ווייט די דאזיגע אייגענשאפטען מאכען זיי פאר נוצבארע זאכען, ד.ה. פאר געברויך־ווערטהען. פון דער אנדער זייט זעהט מען פון אויבען אויף, אז דער טויש־ווערטה פון סחורות רעכענט זיך ניט מיט זייער ניצליכקייט. אין די גרעניצען פון דער אויסטויש־שייכות פון די סחורות גילט איין געברויך־ווערטה פונקט אזויפיעל ווי יעדער אנדער געברויך־ווערטה, וויבאלד ער געפינט זיך נאר אין דער געהעריגער פראפארציע. אדער ווי דער אלטער בארבאן זאגט: „איין סארט סחורה איז אזוי גוט ווי אנאנדער סארט, אויב זייער טוישווערטה איז גלייך גרויס. עס איז דא ניטא קיין חלוק אדער פערשיידענקייט צווישען זאכען

פון דעמזעלבען טויש־ווערטה."[8] אלס געברויך־ווערטהען זיינען סחורות קודם כל פון פערשיידענע קוואליטעטען; אלס טויש־ווערטהען קאנען זיי נאר זיין פון פערשיידענע קוואנטיטעטען, און פאלגליך ענטהאלטען זיי ניט קיין אטאם געברויך־ווערטה.

לאזט מען אויס פון חשבון דעם געברויך־ווערטה פון די סחורה־קערפער, בלייבט זיי נאר נאך איין אייגענשאפט—וואס זיי זיינען ארבייטס־פראדוקטען. אבער אויב אזוי, ווערט דער ארבייטס־פראדוקט שוין אויך פערוואנדעלט כמעט ביי אונז אויף די הענד. ווען מיר ציהען אב אדער לאזען אויס פון איהם זיין געברויך־ווערטה, דאן ציהען מיר אויך אב פון איהם זיינע קערפערליכע בעשטאנד־טיילען און פארמען, וואס מאכען איהם פאר א געברויך־ווערטה. עס איז דאן ניט מעהר א טיש, א הויז, שפין־פאדים אדער עפעס אנאנדער ניצליכע זאך. אלע זיינע אייגענשאפטען, וואס מיר נעהמען אויף מיט אונזערע חושים, זיינען אויסגעלאשען. עס איז שוין אויך ניט מעהר דער פראדוקט פון דער טישלער־ארבייט, אדער פון דער בוי־ארבייט, אדער פון דער שפינעריי־ארבייט, אדער פון עפעס אנאנדער בעשטימטער פראדוקטיווער ארבייט. צוזאמען מיט דעם ניצליכען כאראקטער פון די ארבייטס־פראדוקטען, פערשווינדט דער ניצליכער כאראקטער פון די ארבייטען, וואס זיינען פערקערפערט אין זיי; עס פערשווינדען אלזא אויך די פערשיידענע קאנקרעטע, בעשטימטע פארמען פון די דאזיגע ארבייטען; זיי אונטערשיידען זיך ניט מעהר איינע פון די אנדערע, נאר זיי ווערן אלע צוזאמען רעדוצירט צו איין סארט מענשליכער ארבייט—אבסטראקטע, סתם מענשליכע ארבייט.

לאמיר איצט בעטראכטען, וואס עס איז איבערגעבליבען פון די ארבייטס־פראדוקטען. עס איז גארניט איבערגעבליבען פון זיי אחוץ די זעלביגע דמיון'דיגע זאכליכקייט,—א בלויזע פערגליווערונג פון ניט־אונטערשיידליכער מענשליכער ארבייט, ד.ה. פון אויסגעגעבענער מענשליכער ארבייטס־קראפט, אהן א חלוק אין וועלכער פארם זי איז אויסגעגעבען געווארן. אלע וואס אט די

[8] „.... בליי אדער אייזען פאר 100 פונט סטערלינג האבען דעמזעלבען טויש־ווערטה ווי זילבער אדער גאלד פאר דעמזעלבען בעטרעף." דארט אויבען. ז. 53 און 7.

זאַבען שטעלען נאָך פּאָר מיט זיך איז, אז עס איז אויסגעגעבען געוואָרן מענשליכע ארבייט אויף זייער פּראָדוקציאָן, אז אין זיי ליעגט אָנגעהויפט מענשליכע ארבייט. אלס קריסטאַל־טיילכלעך פון אָט דער געזעלשאפטליכער סובסטאַנץ, וואָס איז געמיינשאַפט־ליך פאר זיי אַלעמען, זיינען זיי ווערטהען — סחורה־ווערטהען.

אין עצם פון דער אויסטויש־שייכות פון די סחורות בעווייזט זיך אונז זייער טוישווערטה ווי עפּעס, וואָס איז דורכאויס אונ־אָבהענגיג פון זייערע געברויך־ווערטהען. לאָזט מען ווירקליך אויס (מען אבסטראהירט) דעם געברויך־ווערטה פון די ארבייטס־פּראָ־דוקטען, בעקומט מען דאָן דעם ווערטה, ווי ער איז אָקאָרשט דע־פינירט געוואָרן. דאָס געמיינזאַמע, וואָס שטעלט זיך ארויס אין דער אויסטויש־שייכות אָדער אין דעם טוישווערטה פון א סחורה, איז אַלזאָ איהר ווערטה. מיר וועלען זעהען ווייטער אין אונזער אונטערזוכונג, אז דער טוישווערטה איז די נויטווענדיגע פאָרם, אין וועלכער דער סחורה־ווערטה קאָן זיך אויסדריקען און ארויס־ווייזען; דערווייליע אָבער מוזען מיר נאָך בעטראַכטען דעם ווערטה אונאָבהענגיג פון אָט דער פאָרם זיינער.

א געברויך־ווערטה אָדער א גוט [א ניצליכער ארטיקעל] האָט, הייסט עס, נאָר א ווערטה דערפאר, ווייל עס איז פערקערפּערט אָדער מאַטעריאַליזירט אין איהם אבסטראקט [סתם] מענשליכע ארבייט. ווי אָבער זאָל מען מעסטען די גרויס פון זיין ווערטה? דורך דעם סכום פון דער „ווערטה־שאַפענדער סובסטאַנץ", פון דער ארבייט, וואָס ליעגט אין איהם. דער סכום אַליין פון דער ארבייט מעסט זיך מיט איהר צייט־דויער, און די ארבייט־צייט ווידער געפינט איהר מאָסשטאַב אין בעשטימטע צייט־טיילען, ווי שטונדען, טעג א.אז.וו.

עס קאָן זיך אויסווייזען, אז אויב דער ווערטה פון א סחורה ווערט בעשטימט דורך דעם סכום ארבייט, וואָס איז אויסגעגעבען געוואָרן בעת איהר פּראָדוקציאָן, איז וואָס פוילער און אונפעהיגער א מענש איז, אַלץ ווערטהפולער איז זיין סחורה, ווייל ער פער־ברויכט אויף איהר אַלץ מעהר צייט. די ארבייט אָבער, וועלכע מאכט אויס די סובסטאַנץ פון ווערטהען, איז די גלייכע מענשליכע ארבייט, די פערוואָנדונג פון דערזעלביגער מענשליכער

אַרב־יט־קראַפט. די גאַנצע אַרבייט־קראַפט פון דער געזעלשאַפט, וועלכע שטעלט זיך פאָר אין דעם סך־הכל פון די ווערטהען פון דער סחורה־וועלט, רעכענט זיך דאָ אַלס איין און דיזעלביגע מענשליכע אַרבייטס־קראַפט, הגם זי בעשטעהט פון אונצעהליגע אינדיווידועלע אַרבייטס־קרעפטען. יעדע פון אָט די אינדיווידועלע אַרבייטס־קרעפטען איז דיזעלבע מענשליכע אַרבייטס־קראַפט ווי די אַנדערע, אויף ווי ווייט זי האָט דעם כאַראַקטער פון אַ געזעלשאַפטליכער דורכשניט־אַרבייטסקראַפט און ווירקט ווי אָט אַזאַ דורכשניט־אַרבייטסקראַפט; ד.ה. אויף ווי ווייט זי געברויכט אין דער פּראָדוקציאָן פון אַ סחורה נאָר די דורכשניטליך־נויטוועגדיגע אָדער די געזעלשאַפטליך־נויטווענדיגע אַרבייט־צייט. געזעלשאַפטליך נויטווענדיגע אַרבייטס־צייט איז די אַרבייטס־צייט, וואָס פאָדערט זיך צו פּראָדוצירן אַ וועלכען עס איז געברויך־ווערטה אונטער די עקזיסטירענדע געזעלשאַפטליך־נאָרמאַלע פּראָדוקציאָנס־בעדינגונגען און מיט דעם געזעלשאַפטליכען דורכשניט־גראַד פון פעהיגקייט און אָנגעשטרענגטקייט (אינטענסיוויטעט) פון דער אַרבייט. נאָכדעם ווי עס איז איינגעפיהרט געוואָרען אין ענגלאַנד דער דאַמף־וועבשטוהל צום ביישפּיעל, איז אפשר גענוג געוועזן אַ העלפט אַזוי פיעל אַרבייט ווי פריהער, כדי אויסצואַרבייטען אַ געוויסע סומע שפּין־פאָדים אין אַ געוועב. דער ענגלישער האַנדוועבער געברויכט טאַקע פאַר דער דאָזיגער אויסאַרבייטונג דיזעלביגע אַרבייטס־צייט ווי פריהער, אָבער דער פּראָדוקט פון זיין אינדיווידועלער אַרבייטס־שטונדע שטעלט איצט פאָר נישט מעהר ווי אַ האַלבע געזעלשאַפטליכע אַרבייטס־שטונדע, און איז דעריבער געפאַלען אויף אַ העלפט פון זיין פריהערדיגען ווערטה.

מיר זעהען אַלזאָ, אַז דאָס, וואָס בעשטימט די גרויס פון דעם ווערטה פון אַ וועלכען עס איז אַרטיקעל (אַ געברויך־ווערטה), איז דער סכום פון געזעלשאַפטליך־נויטווענדיגער אַרבייט אָדער פון געזעלשאַפטליך נויטווענדיגער אַרבייטס־צייט, וואָס פאָדערט זיך איהם צו פּראָדוצירן.[9] די איינצעלנע סחורה גילט דאָ בכלל ווי

9 נאָטע צו דער צווייטער אויסגאַבע. „דער ווערטה פון געברויך־אַרטיקלען זיי ווערן אויסגעטוישט איינע אויף די אַנדערע, איז רעגולירט דורך דער סומע אַרבייט, וואָס פאָדערט זיך נויטיגערווייז און וואָס ווערט געוועהנליך

א דורכשניטס־עקזעמפלאר פון איהר מין.[10] סחורות, אין וועלכע עס ליגען איינגעטאן גלייכע סכום'ען ארבייט, אדער וועלכע קאנען פראדוצירט ווערן אין דערזעלביגער ארבייטס־צייט, זיינען דעריבער גלייך גרויס אין זייער ווערטה. דער ווערטה פון איין סחורה פערהאלט זיך צו דעם ווערטה פון יעדער אנדער סחורה, ווי די ארבייטס־צייט, וואס איז נויטווענדיג צו פראדוצירן די איינע, פערהאלט זיך צו דער נויטווענדיגער ארבייטס־צייט אויף צו פראדוצירן די אנדערע. „אלס ווערטהען זיינען אלע סחורות נאר בעשטימטע מאסען פון פערגליווערטער ארבייטס־צייט.”[11]

די גרויס פון דעם ווערטה פון א סחורה וואלט דעריבער געבליבען תמיד דיזעלבע (קאנסטאנט, בעשטענדיג גלייך), ווען די ארבייט־צייט, וואס פאדערט זיך זי צו פראדוצירן, וואלט תמיד געווען דיזעלביגע. די לעצטע [די ארבייט־צייט] אבער ענדערט זיך מיט יעדער ענדערונג אין דער פראדוקטיווקראפט פון דער ארבייט. די פראדוקטיווקראפט פון דער ארבייט ווערט בעשטימט דורך פערשיידענע אומשטענדען—צווישען אנדערע, דורך דעם דורכשניט־גראד פון דעם ארבייטער'ס פעהיגקייט, דעם ענטוויקלונגס־צושטאנד פון דער וויסענשאפט און איהר טעכנאלאגישער אנווענדער־בארקייט, דורך דער געזעלשאפטליכער ארגאניזאציע פון דעם פראדוקציאן־פראצעס, דורך דעם אומפאנג און ווירקונגס־פעהיגקייט פון די פראדוקציאנס־מיטלען און דורך נאטור־פערהעלטנישען. צום ביישפיעל, דערזעלבער סכום ארבייט גיט ארויס אין א גוטען יאהר 8 בושעל ווייץ, אין א שלעכטען יאהר—נאר 4 בושעל. דערזעלבער סכום ארבייט ברענגט ארויס מעהר מעטאל פון רייכע מינען איידער

---

פערברויכט, כדי זיי צו פראדוצירן.” (סאם טהאטס אן דהי אינטערעסט אוו מאני אין דזשענעראל עטצ., לאנדאן”, ז. 36). אט די מערקווירדיגע אנאנימע שריפט פון פאריגען יאהרהונדערט האט ניט קיין דאטום, ווען זי איז געדרוקט געווארן לויט'ן אינהאלט אבער קאן מען זיך משער זיין אז זי איז ערשיענען אין דער צייט פון דזשארדזש דעם 2טען אן ערך אין יאהר 1739 אדער 1740.

[10] „אלע פראדוקטען פון דעמזעלבען סארט שטעלען אייגענטליך צונויף נאר איין מאסע, וואס איהר פרייז ווערט בעשטימט אין אלגעמיין, ניט קוקענדיג אויף די אומשטענדען פון דעם איינצעלפאל.” (לע טראן: „דע ל'אינטערע סאסיאל”, ז. 893.

[11] קארל מארקס: „צור קריטיק דער פאליטישען עקאנאמיע”, ז. 6.

פון אָרימע מינען א.אַז.וו. דימענטען קומען זעלטען פאָר אין דער אויבערשטער שיכט פון דער ערד, און עס קאָסט דעריבער דורכשניטליך פיעל אַרבייט־צייט זיי צו געפינען. פאָלגליך שטעלען זיי פאָר אַ סך אַרבייט אין אַ קליינעם אומפאַנג. יאַקאָב איז מסופק, צי גאָלד האָט ווען עס איז בעצאָהלט זיין פולען ווערטה. דאָס איז נאָך ריכטיגער בנוגע דימענטען. לויט עשוועגע׳ס מיינונג האָט די גאַנצע פּראָדוקציע פון די בראַזיליאַנער דימענט־מינען, פאַר די 80 יאָהר ביז 1823, אפילו ניט רעאַליזירט דעם פּרייז פון דער אַנדערהאַלבען יאָהריגער דורכשניט פּראָדוקציע פון די בראַזיליאַנער צוקער אָדער קאַווע פּלאַנטאַציעס, הגם די דימענטען שטעלען פאָר אַ סך מעהר אַרבייט און בכן מעהר ווערטה. ביי רייכערע מינען וואָלט דערזעלבער סכום אַרבייט זיך פאַרגעשטעלט אין מעהר דימענטען און זייער ווערטה וואָלט געפאַלען. ווען עס וואָלט געלונגען צו מאַכען מיט ווענינ אַרבייט דימענטען פון קויהלען, וואָלט דער ווערטה פון דימענטען געווען ווענינער ווי דער ווערטה פון ציעגעל. בכלל, וואָס גרעסער עס איז די פּראָדוקטיוו־קראַפט פון דער אַרבייט, אַלץ קלענער איז די אַרבייט־צייט וואָס פאָדערט זיך צו פּראָדוצירן אַן אַרטיקעל, אַלץ קלענער איז די סומע אַרבייט, וואָס איז קריסטאַליזירט אין דעם אַרטיקעל, און אַלץ קלענער איז זיין ווערטה. פערקעהרט וויעדער, וואָס קלענער עס איז די פּראָדוקטיוו־קראַפט פון דער אַרבייט, אַלץ גרעסער איז די אַרבייט־צייט, וואָס איז נויטיג צו פּראָדוצירן אַן אַרטיקעל, און אַלץ גרעסער איז זיין ווערטה. די גרויס פון דעם ווערטה פון אַ סחורה ענדערט זיך אַלזאָ דירעקט ווי דער סכום אַרבייט, וואָס איז אין איהר פערקערפּערט [אַ גרעסערע סומע אַרבייט—אַ גרעסערער ווערטה] און אין אַן אומגעקעהרטער פּראָפּאָרציע ווי די פּראָדוקטיוו־קראַפט פון דער אַרבייט וואָס איז אַריינגעטאָן אין איהר [אַ גרעסערע פּראָדוקטיוו־קראַפט—אַ קלענערער ווערטה; אַ קלענערע פּראָדוקטיוו־קראַפט—אַ גרעסערער ווערטה].

אַ זאַך קאָן זיין אַ נעברויך־ווערטה און ניט האָבען קיין ווערטה. דאָס איז דער פאַל, ווען די נוצען פון דער זאַך פאַר׳ן מענשען קומט ניט דורך אַרבייט. אַזוי זיינען לופט, ערד־באָדען, וואָס איז נאָך קיינמאָל ניט בעאַרבייט געוואָרן. נאַטור־לאָנקעס, ווילד־געוואַקסענער האָלץ א.אַז.וו. אַ זאַך קאָן זיין ניצליך און אַ פּראָדוקט

פון מענשליכער ארבייט, און דאך ניט זיין קיין סחורה. דער וואס בעפריעדיגט דורך זיין פראדוקט זיין אייגענע בעדערפעניש, שאפט זאקע א געברויך־ווערטה, אבער ניט קיין סחורה. כדי צו פראָ־דוצירן סחורה, מוז ער פראדוצירן ניט סתם א געברויך־ווערטה, נאך א געברויך־ווערטה פאר אנדערע—א געזעלשאפט־ליכען געברויך־ווערטה.*

ענדליך קאן קיין זאך ניט זיין א ווערטה, אויב עס איז ניט א געגענשטאנד פון געברויך. אויב עס איז נוצלאז, איז אויך די ארבייט, וואס ליעגט אין דעם, נוצלאז; זי רעכענט זיך ניט ווי ארבייט און שאפט ניט דריבער קיין ווערטה.

## 2. דער טאפעלט־כאראקטער פון דער ארבייט, וואס איז פערקערפערט אין סחורות.

לכתחילה האט זיך אונז די סחורה פארגעשטעלט ווי א קאמפלעקציע פון צוויי זאכען—געברויך־ווערטה און טויש־ווערטה. שפעטער האט זיך ארויסגעצייגט, אז אויך די ארבייט, אויף וויפיעל זי איז אויסגעדריקט אין דעם ווערטה, האט ניט מעהר די־זעלביגע סמנים, וועלכע געהערען איהר אלס בעשאפערין פון געברויך־ווערטהען. די דאזיגע צווייפאכיגע נאטור פון דער ארבייט, וואס ליעגט אין סחורה, האב איך קריטיש נאכגעוויזען צום ערשטען מאל.[12] אזוי ווי אט דער פונקט איז דער שפיץ, ארום וועלכען עס דרעהט זיך דאס פערשטענדעניש פון דער פאליטישער עקאָ־נאמיע, דריבער מוז ער דא קלערער בעלויכטען ווערן.

---

* ענגעלס בעמערקט דערצו: „און ניט נאר פאר אנדערע גלאט אזוי. דער פויער איז מיטעלאלטער האט פראדוצירט צינז־קאָרן פאר'ן פעאדאלען פריץ, צעהנט־קארן (מעשר) פאר'ן גלח. אבער ניט דער צינז־קארן און ניט דער צעהנט־קארן זיינען געווארן סחורה דורכדעם, וואס זיי זיינען פראדוצירט געווארן פאר אנדערע. כדי צו ווערן א סחורה, מוז דער פראדוקט אריבערגעהן צו דעם אנדערן, פאר וועמען ער דיענט פאר א געברויך־ווערטה, דורך דעם אויסטויש." — ענגעלס האט געהאלטען אט די בעמערקונג פאר נויטיג, ווייל עס איז זעהר אפט ארויסגעקומען די מיספערשטענדניס, אזוי ווי מארקס וואלט געהאלטען, אז יעדער פראדוקט, וועלכער ווערט פערצעהרט פון אנאנדערן און ניט פון דעם וואס האט איהם פראדוצירט, איז א סחורה.—קארל קאוטסקי.

12 קארל מארקס: „צור קריטיק דער פאליטישען עקאנאמיע", ז. 12, 13 און ווייטער.

לאמיר נעהמען צוויי סחורות, א שטיינער 1 ראָק און 10 עלען לייווענט, און לאמיר זאגען, אז דער ראָק האט צוויי מאל דעם ווערטה פון די 10 עלען לייוונט.

דער ראָק איז א געברויך־ווערטה, וואס בעפריעדיגט א בעזונדערע בעדערפעניש. כדי צוּהם צו פראדוצירן פאדערט זיך א פראָדוקטיווע טהעטיגקייט פון א בעשטימטען סארט. די דאזיגע טהעטיגקייט איז בעשטימט דורך איהר צוועק, אופן פון מלאכה, געגענשטאנד, מיטעל און רעזולטאט. די ארבייט, וואס איהר ניצליכקייט בעווייזט זיך אויף דעם אופן אין דעם געברויך־ווערטה פון איהר פּראָדוקט, אדער אין דעם, וואס איהר פראָדוקט איז א געברויך־ווערטה, רופען מיר אן בקיצור ניצליכע ארבייט. פון דעם שטאנדפונקט ווערט זי שטענדיג בעטראכט בנוגע איהר נוץ־ווירקונג.

אזוי ווי דער ראָק און די לייוועגט זיינען קוואליטאטיוו פערשיידענע געברויך־ווערטהען, אזוי זיינען אויך די ארבייטען, וואס ברענגען זיי ארויס, קוואליטאטיוו פערשיידען—שניידעריי און וועבעריי. ווען די דאזיגע זאכען וואלטען ניט געווען קוואליטאטיוו פערשיידענע געברויך־ווערטהען און בכן פראָדוקטען פון קוואליטאטיוו־פערשיידענע ניצליכע ארבייטען, וואלטען זיי איבערהויפּט ניט געקאָנט ארויסטרעטען אלס סחורות איינע קעגען די אנדערע. א ראָק ווערט ניט אויסגעטוישט אויף א ראָק, דערזעלביגער געברויך־ווערטה ווערט ניט אויסגעטוישט אויף א געברויך־ווערטה פון דעמזעלביגען סארט.

אין דעם סך־הכל (געזאמטהייט) פון פערשיידענארטיגע געברויך־ווערטהען אדער סחורה־קערפּער בעווייזט זיך א סך־הכל פון פונקט אזויפיעלערליי פערשיידענע, לויט זייער גאטונג, סארט, פאמיליע און ווארייעטעט, ניצליכע ארבייטען—א געזעלשאפטליכע טיילונג פון דער ארבייט. די טיילונג פון דער ארבייט איז דער עקזיסטענץ־בעדינגונג פאר דער פראָדוקציאָן פון סחורות, הגם די פראָדוקציאָן פון סחורות איז, פערקעהרט רעדענדיג, ניט דער עקזיסטענץ־בעדינגונג פאר דער געזעלשאפטליכער טיילונג פון דער ארבייט. אין דער אלט־אינדישער געמיינדע איז די ארבייט געזעלשאפטליך געטיילט, און דאך זיינען די פראָדוקטען ניט קיין [illegible] ווא. אדער [illegible] און נעהמען א נעהנטערן ביישפיל: אין

יעדער פאבריק איז די ארבייט סיסטעמאטיש געטיילט, אבער די טיילונג קומט ניט דערפון, וואס די ארבייטער טוישען אוים צווישען זיך זייערע אינדיווידועלע פראדוקטען. נאר אזוינע פראדוקטען קאנען ארויסטרעטען אלס סחורות איינע קעגען די אנדערע, וועלכע ווערן געשאפען פון זעלבשטענדיגע און איינע פון די אנדערע ניט־אבהענגיגע פריוואט־ארבייטען.

מיר האבען אלזא געזעהען, אז אין דעם געברויך־ווערטה פון יעדער סחורה שטעקט א בעשטימטע צוועקמעסיג־פראדוקטיווע טהעטיגקייט אדער ניצליכע ארבייט. געברויך־ווערטהען קאנען ניט ארויסטרעטען איינע קעגען די אנדערע אלס סחורות, ווען עס שטעקען ניט אין זיי קיין קוואליטאטיוו־פערשיידענע ניצליכע ארבייטען. אין א געזעלשאפט, וואס איהרע פראדוקטען נעהמען בכלל אן די פארם פון סחורה, ד. ה. אין א געזעלשאפט פון סחורה, פראדוצירער, ענטוויקעלט זיך אט דער קוואליטאטיווער אונטער־שייד פון ניצליכע ארבייטען, וועלכע ווערן בעטריבען אונאבהענגיג איינע פון די אנדערע אלס פריוואט־געשעפטען פון זעלבשטענדיגע פראדוצירער, אין א פיעל־גליעדערדיגען סיסטעם, אין א געזעל־שאפטליכער טיילונג פון דער ארבייט.

דעם ראק איז איבעריגענס אלץ איינס, צי דער שניידער טראגט איהם, צי דעם שניידער'ס א קונה. אין ביידע פעלען ווירקט ער ווי א געברויך־ווערטה. פונקט אזוי וועניג ווערט אין עצם פער־ענדערט די שייכות צווישען דעם ראק און דער ארבייט, וואס פראדוצירט איהם, דורכדעם וואס די שניידעריי איז געווארן א בעזונדער פראפעסיע, א זעלבשטענדיג גליעד פון דער געזעלשאפט־ליכער צוטיילונג פון דער ארבייט. אומעטום, וואו די קליידונג־בעדערפעניש האט איהם דערצו געצוואונגען, האט דער מענש טוי־זענדער יאהרען נאכאנאנד געשניידערט, איידער פון א מענשען איז געווארן א שניידער. אבער ראק און לייווענט ווי יעדער אנדער עלעמענט פון מאטעריעלען רייכטום, וואס איז ניט קיין נאטור־פראדוקט, מוז אימער פערדאנקען זיין עקזיסטענץ א ספעציעלער, צוועקמעסיג־פראדוקטיווער טהעטיגקייט, וועלכע פאסט־צו בעזונ־דערע נאטור־שטאפען צו די בעזונדערע מענשליכע בעדערפענישען. אלס בעשאפערין פון געברויך־ווערטהען, אלס ניצליכע ארבייט, איז דעריבער די ארבייט א נויטווענדיגער בעדינג פאר דעם מענשענ'ס

עקזיסטענץ, וואָס איז אונאָבהענגיג פון אַלע געזעלשאַפטס-פאָרמען; אַן איביגע נאַטור-נויטווענדיגקייט דורכצופיהרען די שטאָף-וועקסלונג צווישען דעם מענשען און דער נאַטור, ד.ה. אויפצוהאַלטען דאָס מענשליכע לעבען.

די געברויך-ווערטהען ראָק, לייווענט א.אז.וו. קורץ, די סחורה-קערפּער, זיינען אַ פערבינדונג פון צוויי עלעמענטען—נאַטור-שטאָף און אַרבייט. ווען מען נעהמט אַוועק דעם סך הכל פון אַלע פערשיידענע ניצליכע אַרבייטען, וואָס שטעקען אין דעם ראָק, לייווענט א.אז.וו., בלייבט שטענדיג איבער אַ מאַטעריעלער אונטער-לאַגער, אַ שטאָפיגער אָבזאַץ, וועלכער איז פאַראַנען אין דער נאַטור, אָהן דעם מענשענ'ס מיט-הילף. דער מענש קאָן נאָר אָנגעהען אין זיין שאַפען ווי די נאַטור גופא, דאָס הייסט ער קאָן נאָר ענדערן די פאָרמען פון די שטאָפען.[13] נאָך מעהר: אין אָט דער אַרבייט גופא פון ענדערן די פאָרמען ווערט ער שטענדיג אונטערשטיצט פון נאַטור-קרעפטען. אַרבייט איז אַלזאָ ניט דער איינציגער קוואַל פון די געברויך-ווערטהען, פון דעם מאַטעריעלען רייכטום, וואָס זי פּראָדוצירט. די אַרבייט איז זיין פאָטער, ווי וויליאַם פעטטי זאָגט, און די ערד איז זיין מוטער.

לאָמיר איצט אַריבערגעהן פון דער סחורה, אויף וויפיעל זי

---

13 „אַלע ערשיינונגען פון דער וועלט, סיי זיי זיינען אַרויסגערופען פון דעם מענשענ'ס האַנד, סיי דורך די אַלגעמיינע נאַטור-געזעצען, שטעלען ניט פאָר קיין ווירקליכע ניי-שאַפונג, נאָר בלויז אַן אומגעשטאַלטונג פון שטאָף. צוזאַמענשטעלען און פונאַנדערנעהמען, דאָס זיינען די איינציגע עלעמענטען, וועלכער דער מענשליכער גייסט געפינט אַלעמאַל, ווען ער צוגליעדערט די פאָרשטעלונג פון עפעס אַרויסברענגען. און פונקט אַזוי האַלט עס מיט דעם אַרויסברענגען פון ווערטה (וואַלאָרע, געברויך-ווערטה,—הגם דער שרייבער איז אין אָט דער פאָלעמיק זיינער אַנטקעגען די פיזיאָקראַטען אַליין ניט קלאָר פון וועלכען סאָרט ווערטה ער רעדט דאָ) און רייכטום, ווען ערד, לופט און וואַסער ווערן פערוואַנדעלט אין גראָז אויפ'ן פעלד, אָדער ווען דער קלעפּיקער אויספלוס פון אַ וואָרעם וועהט אונטער דעם מענשענ'ס הענט פערוואַנדעלט אין זייד, אָדער עטליכע שטיקלעך מעטאַל ווערן צונויפגעשטעלט אין אַ רעפּעטיר-זייגער". (פּיעטראָ ווערי: „מעדיטאַציאָני סוללאַ עקאָנאָמיאַ פּאָליטיקאַ" צוערשט געדרוקט אין יאָהר 1773, אין דער אויסגאַבע פון די איטאַליענישע עקאָנאָמען פון קוסטאָדי, פּאַרטע מאָדערנאַ, באַנד 15, ז. 92).

**ווערט בעטראַכט אַלס געברויך־געגענשטאַנד, צו דעם ווערטה פון סחורות.**

לויט אונזער השערה האָט דער ראָק נאָכאַמאָל אַזוי־פיעל דעם ווערטה ווי צעהן עלען ליינוואַנט. דאָס איז אָבער נאָר אַ קוואַנטי־טאַטיווער אונטערשייד, וואָס אינטערעסירט אונז נאָך דערווייל ניט. מיר דערמאָנען דעריבער, אַז אויב דער ווערטה פון 1 ראָק איז נאָכאַמאָל אַזוי די גרויס ווי דער ווערטה פון 10 עלען ליי־נוואַנט, מוזען 20 עלען ליינוואַנט האָבען דיזעלבע ווערטה־גרויס פון 1 ראָק. אַלס ווערטהען זיינען ראָק און ליינוואַנט זאַכען פון דער־זעלביגער סובסטאַנץ, פון דעמזעלביגען עצם—אָביעקטיווע אויס־דרוקען פון דעמזעלביגען מין אַרבייט. אָבער שניידעריי און וועב־עריי זיינען קוואַליטאַטיוו פאַרשיידענע אַרבייטען. עס זיינען אָבער פאַראַן געזעלשאַפט־צושטאַנדען, אין וועלכע דערזעלביגער מענש טהוט אַמאָל שניידעריי און אַמאָל וועבעריי, און בכן זיינען אָט די ביידע פערשיידענע אַרבייטס־פאָרמען נישט מעהר ווי מאָ־דיפיקאַציעס פון דער אַרבייט פון דעמזעלביגען אינדיווידום, און נאָך נישט קיין בעזונדערע פעסטע פונקציעס פון פערשיידענע אינדיווידומען; פונקט ווי דער ראָק, וואָס אונזער שניידער מאַכט היינט, און די הויזען, וואָס ער מאַכט מאָרגען, זעצען נאָר פאָר־אויס וואַריאַציעס פון דערזעלביגער אינדיווידועלער אַרבייט. מען זעהט טאַקע פון אויבען־אויף, אַז אין אונזער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט ווערט צוגעשטעלט, לויט ווי עס בייט זיך די ריכטונג פון דער אַרבייט־נאָכפראַגע, אַ געוויסע סומע מענשליכער אַרבייט, אַמאָל אין דער פאָרם פון שניידעריי און אַמאָל אין דער פאָרם פון וועבעריי. אָט די פאָרם־וועקסלונג פון דער אַרבייט קאָן אפשר ניט אָנגעהן אָהן געוויסע רייבונגען, אָבער אָנגעהן מוז זי.

לאָזט מען אויס די בעשטימטע פאָרם פון דער פּראָדוקטיווער טהעטיגקייט, און בכן דעם ניצליכען כאַראַקטער פון דער אַרבייט, דאַן בלייבט אין איהר דאָס איינציגע, וואָס זי איז אַ פערוועגדונג פון מענשליכער אַרבייטער־קראַפט. שניידעריי און וועבעריי, הגם זיי זיינען קוואַליטאַטיוו פערשיידענע פּראָדוקטיווע טהעטיגקייטען, זיינען זיי ביידע פּראָדוקטיווע פערוועגדונגען פון מענשליכען מאַרך, מוסקולען, נערוועז, הענט א.אז.וו., און אין דעם זין זיינען זיי ביידע מענשליכע אַרבייט. דאָס זיינען נאָר צוויי פערשיידענע פאָרמען,

ווי צו פערוועגדען מענשליכע ארבייטס־קראפט. עס פערשטעהט זיך, די מענשליכע ארבייטס־קראפט גופא מוז זיין מעהר אדער וועניגער ענטוויקעלט, כדי זי זאל קאנען פערוועגדעט ווערן אין דער אדער יענער פארם. דער ווערטה אבער פון סחורה שטעלט פאר סתם מענשליכע ארבייט, פערוועגדונג פון מענשליכער ארבייט בכלל. פונקט אזוי ווי אין דער בירגערליכער געזעלשאפט שפיעלט א גענעראל אדער א באנקיער א גרויסע ראלע און דער סתם־מענש א גאנץ קנאפע ראלע,[14] אזוי שטעהט עס דא אויך מיט דער מענשליכער ארבייט. זי איז די פערוועגדונג פון פשוט'ער ארבייטס־קראפט, וועלכע יעדער געוועהנליכער מענש דורכשניטליך בעזיצט, אהן ספעציעלער ענטוויקלונג, אין זיין קערפערליכען ארגאניזם. אמת, אפילו די איינפאכע דורכשניטס־ארבייט בייט איהר כאראקטער אין פערשיידענע לענדער און פערשיידענע קולטור־עפאכע, זי האט אבער א געוויסען כאראקטער אין יעדער געזעלשאפט. קאמפליצירטערע ארבייט רעכענט זיך נאר ווי פערשטארקטע אדער ריכטיגער ווי פערפיעלפאכטע איינפאכע ארבייט, אזוי אז א קלענערער סכום קאמפליצירטערע ארבייט איז גלייך ווי א גרעסערער סכום איינפאכער ארבייט. די ערפאהרונג בעווייזט, אז אט די צוריקפיהרונג [פערגלייכונג] קומט שטענדיג פאר. א סחורה מעג זיין א פראדוקט פון דער קאמפליצירטער ארבייט, איהר ווערטה אבער שטעלט זי אויף דעמזעלבען משקל ווי א פראדוקט פון איינפאכער ארבייט, און בכן שטעלט זי נאר פאר א בעשטימטע סומע פון איינפאכער ארבייט.[15] די פערשיידענע פראפארציעס, אין וועלכע פערשיידענע סארטען ארבייט ווערן צוריקגעפירט צו איינפאכער ארבייט אלס זייער מאסשטאב, ווערן פעסטגעשטעלט דורך א געזעלשאפטליכען פראצעס הינטערן רוקען פון די פראדוצירער, און עס ווייזט זיך זיי דעריבער אויס, ווי דאס וואלט בעשטימט געווארן על פי

---

14 זער העגעל: „פילאזאפיע דעם רעכטס", בערלין 1840 ז׳ 250 פאר. 190.

15 דער לעזער מוז זיך מערקען, אז דא רעדט זיך ניט וועגען דעם לוין אדער דעם ווערטה, וואס דער ארבייטער בעקומט א שטיינער פאר א טאג ארבייט, נאר וועגען דעם סחורה־ווערטה, אין וואס זיין ארבייטס־טאג איז פערקערפערט. אויך אט דער שטופע פון אונזער דארלעגונג עקזיסטירט איבער הויפט נאך ניט די קאטעגאריע פונ'ם ארבייטס־לוין.

מנהג. פון איינפאכקייט וועגן וועלן מיר פון איצט אָן בע־טראַכטען יעדען סאָרט ארבייטס־קראַפט דירעקט אַלס איינפאַכע ארבייטס־קראַפט, און איינשפּאָרן זיך דורכדעם די טרחה פון מאַכען יעדעס מאָל די דאָזיגע צוריקפיהרונג.

פונקט אַזוֹי ווי אין די ווערטהען ראָק און לייוועגט ווערט דער אונטערשייד פון זייערע געברויך־ווערטהען ניט גענומען אין בעטראַכט, אזוי ווערט אויך אין די ארבייטען, וועלכע זיינען פאַרגעשטעלט אין די דאָזיגע ווערטהען, ניט גענומען אין בעטראַכט דער אונטערשייד אין זייערע ניצליכע פאָרמען, די שניידעריי און וועבעריי. אזוי ווי די ג ע ב ר ו י ך ־ ו ו ע ר ט ה ע ן ראָק און לייוועגט זיינען פערבינדונגען פון צוועקמעסיגע פּראָדוקטיווע טהעטיגקייטען מיט טוך און וועב־פעדים, בעת דאַגעגען די ו ו ע ר ט ה ע ן ראָק און לייוועגט זיינען בלויז פערגליווערונגען פון ניט־דיפערענצירטער ארבייט, אזוי אויך ווערן גערעכענט די ארבייטען, וואָס זיינען פערקערפּערט אין די דאָזיגע ווערטהען, ניט דורך זייער פּראָדוקטיווער שייכות צו טוך און וועב־פעדים, נאָר בלויז אַלס פערוועגדונגען פון מענשליכער ארבייטס־קראַפט. שאַפענדע עלעמענטען פון די געברויך־ווערטהען ראָק און לייוועגט זיינען שניידעריי און וועבעריי גראָד דורך זייערע פערשיידענע קוואַליטעטען; סובסטאַנץ, גרונדלאַגע פון דעם ו ו ע ר ט ה פון ראָק און לייוועגט זיינען זיי נאָר, אויף וויפיעל זייער בעזונדער קוואַליטעט ווערט ניט גענומען אין בעטראַכט, אויף וויפיעל זיי בעזיצען ביידע א גלייכע קוואַליטעט—די קוואַליטעט פון מענש־ליכער ארבייט.

ראָק און לייוועגט זיינען אָבער ניט נאָר ווערטהען בכלל, נאָר ווערטהען פון א בעשטימטער גרויס, און לויט אונזער השערה איז דער ראָק ווערטה נאָכאַמאָל אזויפיעל ווי 10 עלען לייוועגט. פון וואַנען קומט די דאָזיגע פערשיידענקייט אין דער גרויס פון זייערע ווערטהען? דערפון, וואָס די 10 עלען לייוועגט ענטהאַלטען נישט מעהר ווי א העלפט ארבייט איידער דער ראָק, אזוי אז כדי צו מאַכען א ראָק, מוז די ארבייטס־קראַפט אויסגעגעבען ווערן אין נאָכאַמאָל אזויפיעל צייט, ווי אויף צו מאַכען 10 עלען לייוועגט.

בעת, אַזוֹי, בנוגע דעם געברויך־ווערטה רעכענט זיך די אר־בייט, וואָס ליעגט אין דער סחורה, נאָר קוואַליטאַטיוו, איז בנוגע

צו דער גרויס פונ'ם ווערטה, רעכענט זי זיך נאָר קוואנטיטאטיוו, נאָכדעם ווי זי איז שוין צוריקגעפיהרט געוואָרן צו [סתם] מענשליכער ארבייט, אָהן וועלכער ניט־איז קוואליטעט. דאָרטן [ביים געברויך־ווערטה] האנדעלט זיך וועגען דעם „ווי” און „וואָס” פון דער ארבייט, דאָ [ביי דער גרויס פונ'ם ווערטה] וועגען איהר „וויפיעל”, וויפיעל צייט זי האָט געדויערט. אזוי ווי די גרויס פון דעם ווערטה פון א סחורה שטעלט נאָר פאָר דעם סכום ארבייט, וואָס ליעגט אין איהר, מוזען דעריבער אלע סחורות, אין א געוויסער פראָפּאָרציע, שטענדיג זיין גלייך גרויס אין ווערטה.

בלייבט די פּראָדוקטיוו־קראפט פון אלע ניצליכע ארבייטען, וואָס פאָדערן זיך צו פּראָדוצירן א ראָק, אומפערענדערט, דאן שטייגט די ווערטה־סומע פון די רעק לויט זייער אייגענער קוואנטיטעט. ווען 1 ראָק צ.ב.ש. שטעלט מיט זיך פאָר 3 ארבייטס־טעג, שטעלען 2 רעק פאָר 2×3=6 ארבייטס־טעג א.אז.וו. נעהמט אָבער אָן, אז די נויטיגע ארבייט צו פּראָדוצירן א ראָק איז געשטיגען אויף נאָכאמאָל אזויפיעל, אָדער איז געפאלען אויף א העלפט. אין ערשטען פאל האָט איין ראָק אזויפיעל ווערטה וויפיעל פריהער צוויי רעק, אין לעצטען פאל האָבען צוויי רעק נאָר אזויפיעל ווערטה וויפיעל פריהער איינער, הגם איןביידע פעלען ברענגט איין ראָק דיזעלבע נוצען ווי פריהער, און די ניצליכע ארבייט, וואָס ליעגט אין איהם, בלייבט אויך פון דערזעלביגער קוואליטעט ווי פריהער. וואָס עס האָט זיך געענדערט, איז דער סכום ארבייט, וואָס ווערט פערווענדעט צו פּראָדוצירן דעם ראָק.

א גרעסערע סומע געברויך־ווערטהען מאכט אויס אן און פאר זיך א גרעסערן מאטעריעלען רייכטום: צוויי רעק זיינען מעהר ווי איינער. מיט צוויי רעק קאָן מען בעקליידען צוויי מענשען, מיט איין ראָק—נאָר איין מענשען א.אז.וו. פונדעסטוועגען קאָן מיט דער געשטיגענער מאסע פון מאטעריעלען רייכטום געהן צוזאמען אן אהונטערפאל פון זיין ווערטה־סומע. אָט די געגענגעזעצטע בעוועגונג נעהמט זיך פון דעם צווייפאכיגען כאראקטער פון דער ארבייט. פּראָדוקטיוו־קראפט איז נאטירליך אלעמאָל די פּראָדוקטיוו־קראפט פון ניצליכער, קאָנקרעטער ארבייט, און זי בעציהענט פאקטיש נאָר דעם ווירקונגס־גראד פון א צוועקמעסיגער

פראָדוקטיווער טהעטיגקייט אין א געגעבענער צייט. די ניצליכע ארבייט ווערט דעריבער א רייכערער אָדער אָרימערער פּראָדוקטען־קוואל אין א דירעקטער פראָפּאָרציע צו דעם שטייגען אָדער פאלען פון איהר פראָדוקטיוו־קראפט. פון דער אנדער זייט האָט די ענדערונג אין דער פראָדוקטיוו־קראפט פאר־זיך אליין גאָר ניט צו טהאָן מיט דער ארבייט, וואָס איז פאָרגעשטעלט אין ווערטה. אזוי ווי די פראָדוקטיוו־קראפט געהערט דער קאָנקרעטער ניצליכער פאָרם פון דער ארבייט, קאָן זי, פערשטעהט זיך, ניט מעהר בע־ריהרן די ארבייט, אזויבאלד ווי מען רעכענט זיך ניט מיט איהר קאָנקרעטער ניצליכער פאָרם. דיזעלבע ארבייט גיט דעריבער ארויס אין דיזעלבע צייט־פעריאָדען תמיד דיזעלביגע סומען ווערטה, ווי־פיעל די פראָדוקטיוו־קראפט זאָל זיך ניט ענדערן. אָבער זי שאפט אין דערזעלביגער צייט־פעריאָדע פערשיידענע סומען געברויך־ווערטהען: מעהר, ווען די פראָדוקטיוו־קראפט שטייגט, ווייניגער, ווען זי פאלט. דיזעלביגע ענדערונג פון דער פראָדוקטיוו־קראפט, וועלכע פערמעהרט די פרוכטבארקייט פון דער ארבייט און פאָלגליך די מאסע געברויך־ווערטהען, וואָס זי ליווערט, פערקלענערט אלזאָ די גרויס פון דעם ווערטה פון דער דאָזיגער פערמעהרטער מאסע, ווען זי [די ענדערונג] פערקירצט די סומע ארבייטס־צייט, וואָס איז נויטיג צו פראָדוצירן די דאָזיגע מאסע געברויך־ווערטהען. און פונקט אזוי אין דעם אומגעקעהרטען פאל [די ענדערונג, וואָס פערמינדערט די מאסע געברויך־ווערטהען, פערמעהרט דעם ווערטה פון דער דאָזיגער מאסע, ווען זי פערגרעסערט די סומע ארבייטס־צייט, וואָס פאָדערט זיך צו פראָדוצירן די דאָזיגע געברויך־ווערטהען].

אלערליי ארבייט איז פון איין זייט א פערווענדונג פון מענש־ליכער ארבייטס־קראפט אין דעם פיזיאָלאָגישען זין, און אין אָט דער אייגענשאפט פון גלייך־מענשליכער אָדער אבסטראקט־מענש־ליכער ארבייט בילדעט זי דעם ווערטה פון סחורות. פון דער אנדער זייט איז יעדע ארבייט א פערווענדונג פון מענשליכער ארבייטס־קראפט אין א ספעציעלער פארם פאר א בעשטימטע

צוועק, און אין אַט דער איינענשאַפט פון קאָנקרעטיי, ניצליכער ארבייט, שאַפט זי געברויך־ווערטהען.[16]

---

1 נאָטע צו דער צווייטער אויסגאַבע. כדי צו בעווייזען, אַז „די ארבייט אַליין איז די ענדגילטיגע און רעאַלע מאָס, מיט וועלכער דער ווערטה פון אַלע סחורות, אין אַלע צייטען, קאָן אָבגעשאַצט און פערגליכען ווערן", זאָגט אדאם סמיטה: „גלייכע סומען ארבייט מוזען אין אַלע צייטען און אין אַלע ערטער האָבען פאַר דעם ארבייטער דעמזעלבען ווערטה. אין זיין נאָרמאַלען צושטאַנד פון געזונט, קראַפט און טהעטיגקייט, און ביי דעם דורכשניטליכען גראַד פון געשיקטקייט, וואָס ער קאָן בעזיצען, מוז ער אַלעמאָל אָװעקגעבען דיזעלבע פּראָפּאָרציע פון זיין רוה, זיין פרייהייט און זיין גליק." („וועלטה אוו ניישאנס", באנד 1, קאפיטעל 5).

פון איין זייט פערביט דאָ (ניט אומעטום) אדאם סמיטה די בעשטימונג פון ווערטה דורך דער סומע ארבייט. וואָס איז פערוועגדעט געוואָרן אין דער פּראָדוקציאָן פון דער סחורה, מיט דער בעשטימונג פון די סחורה־ווערטהען דורך דעם ווערטה פון דער ארבייט, און ער זוכט דעריבער צו בעווייזען, אַז גלייכע סומען ארבייט האָבען שטענדיג דיזעלבען ווערטה. פון דער אַנדער זייט פיהלט ער, אַז די ארבייט, אויף וויפיעל זי איז פאַרגעשטעלט אין דעם ווערטה פון די סחורות, גילט נאָר [illegible] פערוועגדונג פון ארבייטס־קראַפט, ער פאַסט אָבער אויף די דאָזיגע פערוועגדונג בלויז אַלס אָפּפערונג פון רוה, פרייהייט און גליק, און ניט אויך אַלס אַ נאָרמאַלע טהעטיגקייט פון לעבעדיגע מענשען. על כל פנים האָט ער דעם מאָדערנעם לוין־ארבייטער פאַר די אויגען. פיעל טרעפענדער זאָגט דער אַנאָנימער פאָרגענגער פון אדאם סמיטה (וועלכער איז ציטירט געוואָרען אין נאָטע 9): „איינער האָט פערוועגדעט אַ וואָך צייט אויף צו שאַפען אַ געגענשטאַנד פון געברויך.... ווען וועך עס איז ניט איהם אַנאַנדער געגענשטאַנד אין אויסטויש, קאָן ער ניט האָבען קיין בעסערן מאָסשטאָב, לויט וועלכען אָבצושאַצען וואָס איז ווירקליך גלייך אין ווערטה, אַ חוץ די אויסרעכענונג, וועלכער געגענשטאַנד עס קאָסט איהם פונקט אַזויפיעל ארבייט (לייבאָר) און צייט. פאַקטיש קומט עס אויס, אַז די ארבייט, וואָס איין מענש האָט אריינגעלעגט אין זיין פּראָדוקט אין פערלויף פון אַ בעשטימטער צייט, ווערט אויסגעטוישט אויף דער ארבייט, וואָס דער אַנדערער האָט פערוועגדעט אין לויף פון פונקט אַזויפיעל צייט אויף אַנאַנדער געגענשטאַנד." („סאָם טהאָטס אָן דחי אינטערעסט אוו מאָני עטצ.", ז. 39.) [ענגעלס בעמערקט דערצו אין אַ פוס־נאָטע צו דער ענגלישער איבערזעצונג: „די ענגלישע שפּראַך האָט די מעלה, וואָס זי בעזיצט צוויי פערשיידענע בעצייכענונגען פאַר אַט די צוויי פערשיידענע זייטען פון דער ארבייט. די ארבייט, וואָס שאַפט געברויך־ווערטהען און רעכענט זיך קוואַליטאַטיוו הייסט „וואָרק" אין געגענזאַץ צו „לייבאָר"; די ארבייט, וועלכע שאַפט ווערטה און ווערט געמאָסטען נאָר קוואַנטיטאַטיוו, הייסט „לייבאָר" אין געגענזאַץ צו „וואָרק."—ק.]

## 3. די ווערטה־פאָרם אָדער דער טויש־ווערטה.

סחורות קומען אויף דער וועלט אין דער פאָרם פון געברויך־ווערטהען אָדער סחורה־קערפּער, ווי אייזען, לייוועגט, ווייץ א.אז.וו. דאָס איז זייער פּראָסטע נאַטוראַל־פאָרם. זיי זיינען אָבער סחורות נאָר דערפאַר, ווייל זיי זיינען צווייפאַכיג, אי געברויך־זאַכען, אי אין דערזעלבער צייט ווערטה־טרעגער. זיי ווייזען זיך ארויס דער־ריבער אַלס סחורות, אָדער בעזיצען די פאָרם פון סחורות, נאָר אין דעם ערך וואָס זיי בעזיצען די טאָפּעלטע פאָרם—נ א ט ו ר א ל־פ אָ ר ם און ו ו ע ר ט ה ־ פ אָ ר ם.

די ווערטה־ממשות פון סחורות אונטערשיידט זיך דערמיט פון פאַלסטאַף'ס פריינדין, מאַדאַם „קוויקלי", וואָס מען ווייס נ י ט וואו זי צו געפינען. פּונקט להיפך צו דער זינליך־גראָבער ממשות פון די סחורה־קערפּער, קומט קיין אַטאָם נאַטור־שטאָף ניט אריין אין זייער ווערטה־ממשות. מען מעג דרעהען און ווענדען אַן איינצעלנע סחורה ווי מען וויל, אַלס ווערטה־זאַך קאָן מען איהר ממשות ניט תופס זיין. האַלטען מיר אָבער אין זינען, אז די סחורות האָבען נאָר אַ ווערטה־ממשות, אויף וויפיעל זיי זיינען אויסדרוקען פון דערזעלבער געזעלשאַפטליכער איינהייט, דער מענש־ליכער אַרבייט, אז איהר ווערטה־ממשות איז, אַלזאָ, ריין געזעל־שאַפטליך,—דאַן פערשטעהט זיך שוין פון זיך אַליין, אז זי קאָן זיך נאָר ארויסווייזען אין ד ע ר ג ע ז ע ל ש אַ פ ט ל י כ ע ר ש י י כ ו ת פון סחורה צו סחורה. מיר האָבען פאַקטיש אָנגע־פאַנגען פון טויש־ווערטה, אָדער פון דער אויסטויש־שייכות פון סחורות, כדי אויסצוגעפינען זייער ווערטה, וואָס ליעגט אין דערין בעהאַלטען. מיר מוזען איצטער זיך אומקעהרען צו אָט דער ער־שיינונג־פאָרם פון ווערטה.

יעדער איינער ווייס, אויב ער ווייס אפילו מעהר גאָרנישט, אז סחורות האָבען אַ געמיינזאַמע ווערטה־פאָרם, וועלכע שטעהט אין אַ העכסט־אויפפאַלענדען קאָנטראַסט צו די אַלערליי נאַטוראַל־פאָרמען פון זייערע געברויך־ווערטהען—די געלד־פאָרם. דאָ אָבער ליעגט פאַר אונז אַן אויפגאַבע, וועלכע די בורזשואַזע עקאָנאָמיע האָט אפילו ניט פּרובירט אויפצונעהמען, און דאָס איז, צו בעווייזען ווי אזוי די דאָזיגע געלד־פאָרם איז ענטשטאַנען—צו דער־

קלערן די ענטוויקלונג פון דעם ווערטה־אויסדרוק, וואס ליגט אין דער ווערטה־שייכות פון סחורות, פון זיין איינפאכסטער, כמעט־אונמערקליכער געשטאלט, ביז צו דער גלענצענדער געלד־פארם. דערמיט וועט אין דערזעלביגער צייט אויך פערשווינדען דאס געלד־רעטעניש.

די איינפאכסטע ווערטה־שייכות איז, פערשטעהט זיך, די ווערטה־שייכות פון איין סחורה צו א וועלכער עס איז אנדער איינציינער סחורה פון א פערשיידענעם סארט. די ווערטה־שייכות צווישען צוויי סחורות גיט אונז דעריבער דעם איינפאכסטען אויס־דרוק פון דעם ווערטה פון איין סחורה.

## A. איינפאכע, איינצעלנע אדער צופעליגע ווערטה־פארם.

**x** סחורה **A** = **y** סחורה **B** (20 עלען לייוועגט איז גלייך צו 1 ראק) אדער:

**x** סחורה **A** איז ווערטה **y** סחורה **B**. (20 עלען לייוועגט זיינען ווערטה 1 ר״ק.)

### 1. דיביידע פאליוסען פון דעם ווערטה־אויסדרוק: רעלא־טיווע ווערטה־פארם און עקוויוואלענט־פארם.

דער סוד פון אלע ווערטה־פארמען ליגט אין אט דער איינפאכער ווערטה־פארם. איהר אנאליז, צוגליעדערונג, איז דעריבער די אייגענטליכע שוועריגקייט.

צוויי פערשיידענארטיגע סחורות **A** און **B** (אין אונזער בייד־שפיעל, לייוועגט און ראק) שפיעלען דא קלאר צוויי פערשיידענע ראליען. די לייוועגט דריקט אוים איהר ווערטה אין דעם ראק, דער ראק דיענט אלס מאטעריאל פאר אט דעם ווערטה־אויסדרוק. די ערשטע סחורה שפיעלט אן אקטיווע ראליע, די צווייטע—א פאסיווע. דער ווערטה פון דער ערשטער סחורה ווערט פארגע־שטעלט אלס רעלאטיווער ווערטה, אדער זי געפינט זיך איז רע־לאטיווער ווערטה־פארם. די צווייטע סחורה פונקציאנירט אלס עקוויוואלענט (גלייכווערטיג), אדער געפינט זיך אין עקוויוואלענט־פארם.

די רעלאטיווע ווערטהפארם און די עקוויוואלענט־פארם זיינען

אינטים־פערבונדענע, איינער פון דעם אַנדערן אָבהענגענדע, אונצושיידליכע מאָמענטען, אָבער אין דערזעלביגער צייט אויך איינער דעם אַנדערן אויסשליסענדע אָדער אַנטקעגען־געזעצטע עקסטרעמען, דאָס הייסט פּאָליוסען פון דעמזעלבען ווערטה־אויסדרוק. זיי פערטיילען זיך שטענדיג אויף די פערשיידענע סחורות, וועלכע ווערן געשטעלט אין אַ שייכות איינע צו די אַנדערע דורך אָט דעם ווערטה־אויסדרוק. איך קאָן ניט אויסדריקען צ.ב.ש. דעם ווערטה פון לייוועגט אין לייוועגט. 20 עלען לייוועגט=20 עלען לייוועגט איז ניט קיין ווערטה־אויסדרוק. אַזאַ פערגלייכונג זאָגט אדרבא פערקעהרט, אַז 20 עלען לייוועגט זיינען ניט קיין אַנדער זאַך ווי נאָר 20 עלען לייוועגט,—אַ בעשטימטער סכום פון דעם געברויך־אַרטיקעל לייוועגט. דער ווערטה פון דער לייוועגט קאָן אַלזאָ אויסגעדריקט ווערן נאָר רעלאַטיוו, דאָס הייסט אין אַנאַנדער סחורה, די רעלאַטיווע ווערטה־פאָרם פון דער לייוועגט איז דעריבער משער, אַז אַ וועלכע עס איז אַנדער סחורה געפינט זיך לגבי איהר אין דער עקוויוואַלענט־פאָרם. פון דער אַנדער זייט קאָן ניט די דאָזיגע אַנדערע סחורה, וועלכע פיגורירט אַלס עקוויוואַלענט, זיך געפינען אין דערזעלבער צייט אין דער רעלאַטיווער ווערטה־פאָרם. זי דריקט ניט אויס איהר ווערטה; זי דיענט נאָר אַלס מאַטעריאַל פאַר דעם ווערטה־אויסדרוק פון דער אַנדער סחורה.

גאַנץ געוויס שליסט איין דער אויסדרוק: 20 עלען לייוועגט=1 ראָק, אָדער 20 עלען לייוועגט זיינען ווערטה 1 ראָק, אויך די פערקעהרטע שייכות: 1 ראָק=20 עלען לייוועגט, אָדער 1 ראָק איז ווערטה 20 עלען לייוועגט. אָבער דאַן מוז איך דאָך איבערדרעהען די פערגלייכונג, כדי אויסצודריקען רעלאַטיוו דעם ווערטה פון דעם ראָק, און אַזויבאַלד ווי איך טהו דאָס, ווערט די לייוועגט דער עקוויוואַלענט אַנשטאָט דעם ראָק. דיזעלבע סחורה קאָן אַלזאָ אין דעמזעלבען ווערטה־אויסדרוק ניט אַרויסטרעטען אין ביידע פאָרמען אין דערזעלבער צייט. זיי שליסען זיך אדרבא פּאָלאַריש אויס, אַזוי ווי די ביידע ערד־פּונקטען פון איין ליניע.

די פראַגע, אַלזאָ, צי אַ סחורה געפינט זיך אין דער רעלאַטיווער ווערטה־פאָרם, אָדער אין דער אַנטקעגען־געזעצטער עקוויוואַלענט־פאָרם, העננט אינגאַנצען אָב פון איהר צופעליגען פּלאַץ אין דעם ווערטה־אויסדרוק; דאָס הייסט, עס העננט אָב פון דעם,

צי זי איז די סחורה, וואס איהר ווערטה ווערט אויסגעדריקט, אדער זי איז די סחורה, דורך וועלכער דער ווערטה ווערט אויסגעדריקט.

## 2. די רעלאטיווע ווערטה־פארם.

### א) דער תוך פון דער רעלאטיווער ווערטה־פארם.

כדי ארויסצוגעפינען ווי אזוי דער אייגפאכער ווערטה־אויס־דרוק פון א סחורה ליעגט בעהאלטען אין דער ווערטה־שייכות פון צוויי סחורות, מוז מען קודם די ווערטה־שייכות בעטראכטען אונ־אבהענגיק פון איהר קוואנטיטאטיווער זייט. געוועהנליך בעהאנ־דעלט מען די זאך פונקט פערקעהרט און מען זעהט אין דער ווערטה־שייכות בלויז די פראפארציע, אין וועלכער בעשטימטע סומען פון צוויי סארטען סחורות רעכענען זיך גלייך איינע צו די אנדערע. מען פערגעסט, אז די גרויס־פונקטען פון פערשיידענע זאכען קאנען ערשט דאן פערגליכען ווערן קוואנטיטאטיוו, ווען זיי ווערן רעדר־צירט צו דערזעלביגער איינהייט [ארויסגעבראכט צו איין מאס־שטאב]. נאר אלס אויסדרוקען פון דערזעלביגער איינהייט האבען זיי דיזעלבע נאמען־בעצייכענונג און לאזען זיך מעסטען מיט דער־זעלבינער מאס [זיינען קאמענזוראבלע גרויסען][17]

סיי 20 עלען לייוועגט זיינען גלייך 1 ראק אדער 20 רעק, אדער א וועלכע עס איז אנדער סומע רעק, ד.ה. סיי א געוויסע סומע לייוועגט איז ווערטה א סך רעק אדער ווייניג רעק—יעדע פראפארציע שליסט שטענדיג איין, אז לייוועגט און רעק אלס ווערטהען פון א געוויסער גרויס זיינען אויסדרוקען פון דערזעל־

---

[17] די עטליכע עקאנאמען, וועלכע האבען, ווי ס. ביילי, זיך בעשעפטיגט מיט דעם אנאליז פון דער ווערטה־פארם. האבען ניט געקאנט קומען צו קיין רעזולטאט, איינמאל דערפאר, ווייל זיי פערוועקסלען ווערטה־פארם און ווערטה: און צוייטענס, אזוי ווי זיי שטעהען אונטער דעם רויהען איינפלוס פונ'ם פראק־טישען בורזשוא, האבען זיי לכתחילה אין ז'. נישט מעהר ווי די קוואנטיטאטיווע זייט פון דער פראגע: „די פארפיגונג איבער גרויסע סומען ... מאכט אויס דעם ווערטה." (מאני אנד איטס וויסיסטיודס", לאנדאן 1837 פון ס. ביילי.)

בינער איינהייט, זאכען פון דעמזעלבען כאראקטער. לייוונט־ראק איז דער יסוד פון דער גלייכונג.

אָבער די צוויי קוואליטאטיוו־גלייכגעזעצטע סחורות שפּיעלען ניט דיזעלבע ראָליע. עס ווערט נאָר אויסגעדריקט דער ווערטה פון דער לייוועגט. און ווי אזוי? דורך איהר בעציהונג אויף דעם ראָק אלס איהר „עקוויוואלענט”, אָדער אלס א זאַך, וואָס קאָן ווערן אויסגעטוישט אויף איהר. אין אַט דער שייכות גילט דער ראָק אלס עקזיסטענץ־פאָרם פון ווערטה, אלס ווערטה־זאַך, וואָרים נאָר אלס אזעלכער איז ער דאָסזעלבע, וואָס די לייוועגט. פון דער אנדער זייט קומט דאָס אייגענע ווערטהזיין פון דער לייוועגט ארויס פאר׳ן שיין, אָדער עס בעקומט א זעלבשטענדיגען אויסדרוק, וואָרים נאָר אלס ווערטה האָט זי א שייכות צו דעם ראָק. ווי צו עפּעס, וואָס איז גלייך־ווערטהיג אָדער וואָס לאָזט זיך אויסטוישען אויף איהר. מען קאָן עס דערקלערן מיט א משל פון כעמיע. פּוטער־זויערס איז א פערשיידענע זאַך פון פּראָפּיל־פאָרמאַט. ביידע אָבער בעשטעהען פון דיזעלבע כעמישע סובסטאַנצען—קויהלען־שטאָף (C), וואסער־שטאָף (H), און זויער־שטאָף (O), און טאקע אין דערזעלביגער פּראָצענטיגער קאָמפּאָזיציע—$C_4 H_8 O_2$. וואָלט דאָס פּוטער־זויערס גלייכגעשטעלט געוואָרן צו פּראָפּיל־פאָרמאַט, וואָלט עס געמיינט, ערשטענס, אז דער פּראָפּיל־פאָרמאַט איז אין אַט דער שייכות בלויז אַן עקזיסטענץ־פאָרם פון $C_4 H_8 O_2$, און צווייטענס וואָלטען מיר דערמיט געזאָגט, אז דאָס פּוטער־זויערס בעשטעהט אויך פון $C_4 H_8 O_2$. דורך אַט דער פערגלייכונג פון פּראָפּיל־פאָרמאַט מיט פּוטער־זויערס וואָלט אלזאָ נאָר אויסגעדריקט געוואָרן זייער כעמישע סובסטאַנץ אין דעם אונטערשייד פון זייער פיזישער פאָרם.

ווען מיר זאָגען: אלס ווערטהען זיינען סחורות בלויזע פערגליווערונגען פון מענשליכער ארבייט, רעדוצירט זיי אונזער אנאליז צו דער אַבסטראַקציע ווערטה, ער גיט זיי אָבער ניט קיין אנדער ווערטה־פאָרם, וואָס איז פערשיידען פון זייערע נאטוראַל־פאָרמען. אין דער ווערטה־שייכות פון איין סחורה צו אַנאַנדערער איז עס אַנדערש. איהר ווערטה־כאראקטער טרעט דאָ ארויס דורך איהר אייגענער בעציהונג צו דער אנדער סחורה.

דערמיט צ.ב.ש. וואָס מיר שטעלען דעם ראָק אלס ווערטה־

זאך גלייך צו דער לייוועגט, שטעלען מיר גלייך די ארבייט, וואס שטעקט אין איהם, צו דער ארבייט, וואס שטעקט אין איהר. אמת טאקע, אז די שניידעריי, וואס מאכט דעם ראק, איז א קאנקרעטע ארבייט פון א פערשיידענעם סארט איידער די וועבעריי, וועלכע מאכט די לייוועגט. אבער די גלייכשטעלונג מיט דער וועבעריי רעדוצירט פאקטיש די שניידעריי צו דאס, וואס איז ווירקליך גלייך אין די ביידע סארטען ארבייט,—צו זייער געמיינזאמען כאראקטער אלס מענשליכע ארבייט. אט אזוי ארום דריקט זיך אויס דער פאקט, אז די וועבעריי, ווי ווייט זי וועבט ווערטהען, האט אויך ניט קיינע סמנים, וואס זאלען איהר אונטערשיידען פון דער שניי־דעריי; איז, הייסט עס, אויך אבסטראקטע מענשליכע ארבייט. נאר דער אויסדרוק פון עקוויוואלענץ צווישען פערשיידענארטיגע סחורות ברענגט ארויס פארן ליכט דעם ספעציפישען כאראקטער פון דער ווערטה־שאפענדער ארבייט, דערמיט וואס ער רעדוצירט די פערשיידענע סארטען ארבייט, וועלכע זייגען פערקערפערט אין די פערשיידענע סארטען סחורות, פאקטיש צו זייער געמיינזאמער אייגענשאפט—צו מענשליכער ארבייט בכלל.*17

דאס איז אבער נאך ניט גענוג אויסצודריקען דערמיט דעם ספע־ציפישען כאראקטער פון דער ארבייט, פון וועלכער עס בעשטעהט דער ווערטה פון דער לייוועגט. מענשליכע ארבייטס־קראפט אין א פליסיגען צושטאנד, אדער מענשליכע ארבייט [בכלל], שאפט ווערטה, אבער איז אליין ניט קיין ווערטה. זי ווערט ווערטה אין

---

*17 נאטע צו דער צווייטער אויסגאבע. איינער פון די ערשטע עקאנאמען, וועלכער האט נאך וויליאם פעטטי איינגעזעהן די נאטור פון ווערטה, דער בערימטער בענדזשאמין פראנקלין זאגט: „היות ווי מסחר בכלל איז נאט מעהר ווי דער אויסטויש פון איין ארבייט אויף אנאנדער ארבייט, ווערט דער ריכטיגסטער דער ווערטה פון אלע זאכען אבגעשאצט אם ריכטיגסטען אין ארבייט". („ווארקס און ב. פראנקלין", ביי ספארקס, באסטאן 1836, באנד 2, ז. 267). פראנקלין פיהלט ניט, אז דערמיט וואס ער שאצט אב דעם ווערטה פון אלע זאכען „אין ארבייט", לאזט ער אויס פון בעטראכט יעדען אונטערשייד אין די סארטען ארבייט, וואס ווערן אויסגעטוישט, און רעדוצירט זיי אויף דעם אופן צו איין און דערזעלביגער מענשליכער ארבייט. ניט ווייסענדיג, פונ־דעסטוועגען זאגט ער עס. ער רעדט צו ערשט פון „דער איין ארבייט", דאן „פון דער אנדער ארבייט". צולעצט פון „ארבייט" אהן ווייטערע בעצייכענונג, אלס דער עצם פון דעם ווערטה פון אלע זאכען.

א פערגליווערטען צושטאנד, ווען זי איז פערקערפערט אין דער פארם פון עפעס א געגענשטאנד. כדי אויסצודריקען דעם לייוונט־ווערטה אלס א פערגליווערונג פון מענשליכער ארבייט, מוז ער אויסגעדריקט ווערן ווי א „געגענשטענדליכקייט" [אביעקטיווע ממשות], וועלכע איז מאטעריעל פערשיידען פון דער לייוונט גופא און איז אין דערזעלבער צייט געמיינשאפטליך אי מיט איהר, אי מיט אנדערע סחורות. דערמיט איז די אויפגאבע שוין כמעט געלייזט.

אין דער ווערטה שייכות צו לייוונט רעכענט זיך דער ראק קוואליטאטיוו אלס איהר גלייכען, אלס א זאך פון דערזעלביגער נאטור, ווייל עס איז א ווערטה. ער גילט דא דעריבער ווי א זאך, אין וועלכער עס בעווייזט זיך ווערטה, אדער וועלכע שטעלט מיט זיך פאר ווערטה אין איהר אויבענאויפיגער נאטוראל־פארם. אין אמת'ן אבער איז דער ראק, דער קערפער פון דער סחורה ראק, נישט מעהר ווי א געברויך־ווערטה. א ראק דריקט אויס פונקט אזוי וועניג ווערטה, ווי די ערשטע, בעסטע שטיק לייוונט. דאס בעווייזט נאר, אז ער האט מעהר בעדייטונג אין דער ווערטה־שייכות צו דער לייוונט, איידער אויסער איהר — פונקט ווי מאנכער מענש האט א סך מעהר בעדייטונג אין א ראק מיט גאלאנען, איידער אויסער איהם.

אין דער פראדוקציאן פון דעם ראק איז פאקטיש אויסגעגעבען געווארן מענשליכע ארבייטס־קראפט אין דער פארם פון שניידעריי. עס איז, הייסט עס, אנגעזאמעלט אין איהם מענשליכע ארבייט. פון אט דעם שטאנדפונקט איז דער ראק א „טרעגער פון ווערטה", הגם אט די אייגענשאפט זיינע זעהט זיך ניט דורך, אפילו ווען ער ווערט צוטראגען אויף פעדים. און אין דער ווערטה־שייכות צו לייוונט ווערט ער בעטראכט נאר פון אט דער זייט, נאר אלס פערקערפערטער ווערטה, אלס א ווערטה־קערפער. ער מעג זיך זיין פערשפילעט אויף אלע קנעפלעך, דערקענט די לייוונט אין איהם די שעהנע ווערטה־זעעלע, א קרובה פון איין משפחה. פונ־דעסטוועגען אבער קאן דער ראק לגבי איהר ניט פארשטעלען מיט זיך קיין ווערטה אוואו דער ווערטה נעהמט אין דערזעלבער צייט פאר איהר ניט אן די פארם פון א ראק. אזוי קאן זיך דער אינ־דיווידיום א ניט פערהאלטען צום אינדיווידיום ב ווי צו א מא־

יעסטעט, אוואו די מאיעסטעט נעהמט ניט אן אין דערזעלבער צייט פאר א די לייבליכע געשטאלט פון ב,—און דעריבער בייטען זיך די געזיכטציגען, די האר און נאך אנדערע זאכען מיט יעדען נייען הערשער פון לאנד.

אין דער ווערטה־שייכות, וואו דער ראק איז דער עקוויוואלענט פון דער לייווענט, רעכענט זיך אלזא די פארם פון ראק אלס די יווערטה־פארם. דער ווערטה פון דער סחורה לייוועגט ווערט דע־ריבער אויסגעדריקט אין דעם קערפער פון דער סחורה ראק—דער ווערטה פון איין סחורה דריקט זיך אויס אין דעם געברויך־ווערטה פון דער אנדער סחורה. אלס געברויך־ווערטה איז די לייוועגט בחוש א פערשיידענע זאך פון דעם ראק, אלס ווערטה איז זי „דעם ראק'ס גלייכען" און זעהט דעריבער אויס ווי א ראק. אט אזוי בעקומט זי א ווערטה־פארם, וואס איז פערשיידען פון איהר נא־טוראל־פארם. איהר זיין א ווערטה ווייזט זיך ארויס אין איהר זיין גלייך מיט דעם ראק, אזוי ווי די שעפסענע נאטור פון א קריסט, ווייזט זיך ארויס אין זיין גלייכהייט מיט גאט'ס לעמעלע.

מיר זעהען, אז אלץ וואס דער אנאליז פון סחורה־ווערטה האט אונז פריהער געזאגט, זאגט אונז די לייוועגט אליין, אזוי־באלד ווי זי טרעט אריין אין אומגאנג מיט אנאנדער סחורה, דעם ראק. אבער זי פעררעט נאר איהרע געדאנקען אין דער איינציגער שפראך וואס זי קען, אין דער סחורה־שפראך. כדי צו זאגען, אז די ארבייט, אין איהר אבסטראקטער אייגענשאפט פון [סתם] מענשליכער ארבייט, שאפט איהר אייגענעם ווערטה, זאגט זי, אז דער ראק, אויף ווי ווייט ער גילט גלייך ווי זי, ווי ווייט, הייסט עס, ער איז א ווערטה, בעשטעהט פון דערזעלביגער ארבייט ווי די לייוועגט. כדי אונז צו זאגען, אז איהר געהויבענע ווערטה־ממשות איז פערשיידען פון איהר שטייף־פלאקסענעם קערפער, זאגט זי, אז ווערטה זעהט אויס ווי א ראק, און בכן איז זי גופא, אלס ווערטה־זאך, גלייך צו דעם ראק ווי צוויי טראפען וואסער. אגב קאן מען בעמערקען, אז די סחורה־שפראך האט א חוץ דעם העברעאישען נאך א סך אנדערע מעהר אדער ווייניגער קארעקטע דיאלעקטען. דאס דייטשע ווארט „ווערטהזיין" צ.ב.ש. דריקט ניט אויס אזוי שארף ווי דער ראמאנישער ווערב **valere, valer, valoir** אז די גלייכשטעלונג פון דער סחורה א צו דער סחורה ב איז דער

סחורה א׳ס אייגענער אופן ווי אויסצודריקן איהר ווערטה. („פאריז איז זיכער ווערטה מען זאל Paris vaut bien une messe! פון איהרטוועגען אבריכטען א קירכען־דיענסט.״)

דורך דער ווערטה־שייכות ווערט אלזא די נאטוראל־פארם פון דער סחורה ב די ווערטה־פארם פון דער סחורה א, אדער דער קערפער פון דער סחורה ב ווערט דער ווערטה־שפיעגעל פון דער סחורה א.[18] דערמיט וואס די סחורה א בעציהט זיך צו דער סחורה ב ווי א ווערטה־קערפער, ווי די מאטעריע־שטאף פון מענש־ליכער ארבייט, מאכט זי דעם געברויך־ווערטה ב פאר דעם מא־טעריאל פון איהר אייגענעם ווערטה־אויסדרוק. דער ווערטה פון דער סחורה א, אט אזוי אויסגעדריקט אין דעם געברויך־ווערטה פון דער סחורה ב, בעזיצט די פארם פון רעלאטיווען ווערטה.

## ב) קוואנטיטאטיווע בעשטימטקייט פון דער רעלאטיווער ווערטה־פארם.

יעדע סחורה, וועמעס ווערטה עס דארף אויסגעדריקט ווערן, איז א געברויך־געגענשטאנד פון א געוויסען געגעבענעם סכום: 15 שעפעל ווייץ, 100 פונט קאווע א.אז.וו. אט דער געגעבענער סכום פון סחורה ענטהאלט א בעשטימטען סכום פון מענשליכער ארבייט. די ווערטה־פארם מוז אלזא אויסדריקען ניט נאר ווערטה בכלל, נאר אויך א קוואנטיטאטיוו־בעשטימטען ווערטה אדער די גרויס פון ווערטה. אין דער ווערטה־שייכות פון סחורה א צו סחורה ב, פון דער לייווענט צו דעם ראק, ווערט דעריבער דער מין סחורה ראק ניט נאר קוואליטאטיוו גלייכגעשטעלט צו דער לייווענט אלס א ווערטה־קערפער בכלל, זאנדערן צו א בעשטימטען סכום לייווענט: צו 20 עלען לייווענט צ.ב.ש. ווערט גלייכגעשטעלט א

[18] אין א געוויסען זין פאסירט עס מיט׳ן מענשען ווי מיט דער סחורה. אזוי ווי ער קומט ניט אויף דער וועלט מיט א שפיעגעל אין האנד, און אויך ניט ווי א פילאזאף פון פיכטע׳ס שיטה: „איך בין איך״, געפינט דער מענש צוערשט זיין שפיעגעל נאר אין אנאנדער מענשען. ערשט דורך דער בעציהונג צו דעם מענשען שמעון ווי צו זיין גלייכען, בעציהט זיך דער מענש ראובן צו זיך אליין אלס מענש. דערמיט אבער איז ביי איהם טאקע פעררעכענט דער שמעון מיט די ביינער, אין זיין שמעונ׳ישער לייבליכער פערזאן אלס די ערשיינונג־פארם פון דעם מין מענש.

בעשטימטער סכום פון דעם ווערטה־קערפער אדער פון דעם עקוויוואלענט, צ.ב.ש. 1 ראק.

די גלייכונג: „20 עלען לייוועגט=1 ראק, אדער: 20 עלען לייוועגט איז ווערטה 1 ראק" זעצט פאראוים, אז אין 1 ראק שטעקט פונקט אזויפיעל ווערטה־סובסטאנץ ווי אין 20 עלען לייוועגט; אזביידע סחורה־סומען קאסטען פאלגליך פונקט אזויפיעל ארבייט אדער פונקט אזא גרויסע ארבייטס־צייט. די נויטיגע ארבייטס־צייט צו פראדוצירן 20 עלען לייוועגט אדער 1 ראק בייט זיך אבער מיט יעדער ענדערונג אין דער פראדוקטיוו־קראפט פון דער וועבעריי אדער פון דער שניידעריי. מיר דארפען איצטער גענויער אונטערזוכען דעם איינפלוס פון אזוינע ענדערונגען אויף דעם רעלאטיווען אויסדרוק פון דער גרויס פונ'ם ווערטה.

I דער ווערטה פון לייוועגט בייט זיך,[19] בעת דער ווערטה פון ראק בלייבט דערזעלביגער (קאנסטאנט).—ווען עס פערטאפעלט זיך די נויטיגע צייט צו פראדוצירן די לייוועגט, לאמיר זאגען מחמת דער באדען וואו עס וואקסט דער פלאקס ווערט אלץ וועניגער פרוכטבאר, פערטאפעלט זיך איהר ווערטה. אנשטאט 20 עלען לייוועגט=1 ראק, וואלטען מיר געהאט 20 עלען לייוועגט=2 רעק, היות ווי 1 ראק ענטהאלט איצטער א העלפט ארבייטס־צייט איידער 20 עלען לייוועגט. פערקעהרט, פאלט ארונטער די נויטיגע ארבייטס־צייט צו פראדוצירן די לייוועגט אויף א העלפט, לאמיר זאגען צוליעב פערבעסערטע וועב־שטוהלען, דאן פאלט דער ווערטה פון לייוועגט אויף א העלפט. בכן איז איצטער: 20 עלען לייוועגט=½ ראק. דער רעלאטיווער ווערטה פון סחורה א, ד.ה. איהר ווערטה, וואס ווערט אויסגעדריקט אין דער סחורה ב, שטייגט און פאלט דירעקט ווי דער ווערטה פון דער סחורה א, ווען דער ווערטה פון דער סחורה ב בלייבט דערזעלביגער.

II דער ווערטה פון דער לייוועגט בלייבט קאנסטאנט, בעת דער ווערטה פון ראק בייט זיך.—אויב אונטער די אומשטענדען פערטאפעלט זיך די ארבייטס־צייט, וואס איז נויטיג צו פראדוצירן

---

[19] דער אויסדרוק „ווערטה", דא ווי ערטערווייז שוין פריהער, ווערט געברויכט אין דעם זין פון ווערטה, וואס איז בעשטימט קוואנטיטאטיוו, אלזא פאר דער גרויס פון ווערטה.

דעם ראק, לעמיר זאגען מחמת די וואל־געראטענקייט האט זיך ניט איינגעגעבען, דאן האבען מיר אנשטאט 20 עלען לייווענט=1 ראק, איצטער: 20 עלען לייווענט=½ ראק. פערקעהרט, פאלט דער ווערטה פון ראק אויף א העלפט, דאן איז 20 עלען לייווענט=2 רעק. אלזא, ווען דער ווערטה פון סחורה א בלייבט דערזעלביגער, פאלט איהר רעלאטיווער ווערטה, וואס דריקט זיך אויס אין דער סחורה ב, אין א פערקעהרטער פראפארציע צו דער ווערטה־ענדערונג פון סחורה ב.

פערגלייכט מען די פערשיידענע פעלען אין I און II, זעהען מיר, אז דיזעלביגע ענדערונג אין דער גרויס פון דעם רעלאטיווען ווערטה קאן ארויסקומען פון גאנץ געגענגעזעצטע אורזאכען. אזוי ווערט פון דער גלייכונג 20 עלען לייווענט=1 ראק אין איין פאל די גלייכונג 20 עלען לייווענט=2 רעק, ענטוועדער ווייל דער ווערטה פון לייווענט האט זיך פערטאפעלט, אדער ווייל דער ווערטה פון רעק איז געפאלען אויף העלפט; און אין צווייטען פאל איז געווארן די גלייכונג 20 עלען לייווענט=½ראק, ענטוועדער ווייל דער ווערטה פון לייווענט איז געזונקען אויף א העלפט, אדער ווייל דער ווערטה פון ראק איז געשטיגען נאך אמאל אזויפיעל.

III די נויטיגע סכום'ען ארבייטס־צייט צו פראדוצירן די לייווענט און דעם ראק קאנען זיך גלייכצייטיג ענדערן אין דער־זעלבער ריכטונג און אין דערזעלבער פראפארציע.—אין דעם פאל בלייבט ווי פריהער 20 עלען לייווענט=1 ראק, וויפיעל זייערע ווערטהען זאלען ניט האבען פערענדערט געווארן. מען ענטדעקט זייער ווערטה־ענדערונג, אזויבאלד ווי מען פערגלייכט זיי מיט א דריטער סחורה, וועמעס ווערטה עס איז געבליבען דיזעלביגע. ווען די ווערטהען פון אלע סחורות וואלטען געשטיגען אדער גע־פאלען גלייכצייטיג און אין דערזעלביגער פראפארציע, דאן וואלטען זייערע רעלאטיווע ווערטהען געבליבען אומפערענדערט. זייער ווירקליכע ווערטה־ענדערונג וואלט מען ארויסגעזעהן פון דעם, וואס אין דערזעלביגער ארבייטס־צייט ווערן איצטער ארויס־געגעבען א גרעסערע אדער א קלענערע סומע סחורות איידער פריהער.

IV די ארבייטס־צייטען, וואס זיינען נויטווענדיג צו פראָ־דוצירן אי די לייווענט, אי דעם ראק, און בכן זייערע ווערטהען,

קאָנען גלייכצייטיג זיך ענדערן אין דערזעלביגער ריכטונג אָבער ניט אין דעמזעלביגען גראַד, אָדער אין א געגענגעזעצטער ריכטונג, א.אז.וו. דער איינפלוס פון אלע אזוינע מעגליכע קאָמבינאציעס אויף דעם רעלאַטיוועז ווערטה פון א סחורה, קאָן איינפאַך ארויסגעבראַכט ווערן אָנווענדענדיג די פעלען I, II און III.

די ווירקליכע ענדערונגען פון דער גרויס פון ווערטה ווערן אַלזאָ ניט אָבגעשפּיעגעלט קלאָר און פאלשטענדיג, ניט אין זייער רעלאַטיוועז אויסדרוק און ניט אין דער גרויס פון דעם רעלאַטיוועז ווערטה. דער רעלאַטיווער ווערטה פון א סחורה קאָן זיך בייטען, הגם איהר ווערטה בלייבט קאָנסטאַנט [אומפערענדערט]. איהר רעלאַטיווער ווערטה קאָן בלייבען קאָנסטאַנט, הגם איהר ווערטה בייט זיך; און ענדליך מוזען די גלייכצייטיגע ענדערונגען אין דער גרויס פון איהר ווערטה און אין דעם רעלאַטיוועז אויסדרוק פון דער דאָזיגער ווערטה־גרויס בשום אופן ניט שטימען איינע מיט דער אַנדערער.[20]

---

20 נאָטע צו דער צווייטער אויסגאַבע. אַט די ניט־איינשטימונג צווישען דער ווערטה־גרויס און איהר רעלאַטיוועז אויסדרוק איז אויסגענוצט געוואָרן פון דער וואולגאַרער עקאָנאָמיע אויף איהר געוועהנליכען שאַרפזיניגען שטייגער. צום ביישפּיעל—„גיט איהר איינמאָל צו אז א פאַלט, ווייל ב, מיט וועלכען עס ווערט אויסגעטוישט, שטייגט, הגם עס איז אין דערזעלביגער צייט ניט פערוועדעט געוואָרן וועניגער אַרבייט אויף דער סחורה א, דאַן פאַלט אייער אַלגעמיינער ווערטה־פּרינציפּ אַרונטער צו דער ערד.... ווען ער (ריקאַרדאָ) האָט מודה געווען, אַז ווען א שטייגט אין ווערטה רעלאַטיוו צו ב, פאַלט ב אין ווערטה רעלאַטיוו צו א, האָט ער אָבגעשניטען דעם באָדען, אויף וועלכען ער האָט אויפגעשטעלט זיין גרויסען כלל, אַז דער ווערטה פון א סחורה ווערט שטענדיג בעשטימט דורך דער סומע אַרבייט, וואָס איז פערקערפּערט אין איהר. וואָרים אויב אַן ענדערונג אין די קאָסטען פון א ענדערט ניט נאָר זיין אייגענעם ווערטה בשייכות צו ב, אויף וועלכען ער ווערט אויסגעטוישט, נאָר ער ענדערט אויך דעם ווערטה פון ב רעלאַטיוו צום ווערטה פון א, הגם עס איז קיין ענדערונג ניט פאָרגעקומען אין דער סומע אַרבייט, וואָס עס האָט זיך געפאָדערט צו פּראָדוצירן די סחורה ב, דאַן פאַלט ניט נאָר אַרונטער די לעהרע, וואָס פערזיכערט אונז, אַז די סומע אַרבייט וואָס ווערט פערווענדעט אויף אַן אַרטיקעל רעגולירט זיין ווערטה, נאָר עס פאַלט אויך אַרונטער די לעהרע אַז די פּראָדוקציאָנס־קאָסטען פון אַן אַרטיקעל רעגולירן זיין ווערטה." (דזש. בראָדהווירסט: „פּאָליטיקאַל עקאָנאָמיע", לאָנדאָן 1842, ז. 11, 14.)

הערר בראָדהווירסט האָט פּונקט אַזוי גוט געקאָנט זאָגען: טהוט נאָר א קוק

## 3. די עקוויוואלענט־פארם.

מיר האבען געזעהן, אז דערמיט וואס א סחורה א (די לייוועגט) דריקט אויס איהר ווערטה אין דעם געברויך־ווערטה פון א פער־שיידענארטיגער סחורה ב (דעם ראק), דריקט זי ארויף אויף דער אנדער סחורה גופא אן אייגענטימליכע ווערטה־פארם—די פארם פון אן עקוויוואלענט. די סחורה לייוועגט ברענגט ארויס פאר'ן ליכט איהר אייגענעם ווערטה־זיין דורכדעם, וואס דער ראק גלייכט זיך צו איהר, הגם ער האט ניט אנגענומען קיין ווערטה־פארם, וואס איז פערשיידען פון זיין קערפערליכער פארם. די לייוועגט דריקט אלזא פאקטיש אויס איהר אייגענעם ווערטה־זיין דורכדעם, וואס דער ראק לאזט זיך דירעקט אויסטוישען אויף איהר. די עקוויוואלענט־פארם פון א סחורה איז דעריבער די פארם פון איהר דירעקטער מעגליכקייט צו ווערן אויסגעטוישט אויף אנאנדער סחורה.

ווען א סארט סחורה, ווי רעק, דיענט ווי אן עקוויוואלענט צו אנאנדער סארט סחורה, דהיינו לייוועגט, און ווען די רעק בע־קומען פאלגליך די כאראקטעריסטישע אייגענשאפט, וואס זיי גע־פינען זיך אין א פארם, וועלכע לאזט זיך דירעקט אויסטוישען אויף לייוועגט, גיט עס נאך אונז בשום אופן ניט די פראפארציע, אין וועלכער רעק און לייוועגט לאזען זיך אויסטוישען. אזוי ווי די ווערטה־גרויס פון דער לייוועגט איז בעוואוסט, הענגט די דא־זיגע פראפארציע אב פון דער ווערטה־גרויס פון די רעק. סיי דער ראק ווערט אויסגעדריקט אלס עקוויוואלענט און די לייוועגט אלס רעלאטיווער ווערטה, סיי אומגעקעהרט: די לייוועגט אלס עקווי־וואלענט און דער ראק אלס רעלאטיווער ווערטה—די ווערטה־גרויס פון דעם ראק בלייבט אלץ בעשטימט דורך דער ארבייט־צייט, וואס איז נויטיג פאר זיין פראדוקציאן, אלזא אונאבהענגיק פון

אויף די ברוך־צאהלען (תשבורות) $^{10}/_{20}$, $^{10}/_{50}$, $^{10}/_{1000}$, א.אז.וו. די צאהל 10 בלייבט אומפערענדערט, און פונדעסטוועגען ווערט איהר פראפארציאנעלע גרויס, איהר גרויס רעלאטיוו צו די צאהלען 20, 50, 100, שטענדיג קלענער. בכן פאלט ארונטער דער גרויסער פרינציפ, אז די גרויס פון א גאנצער צאהל, למשל 10, ווערט „רעגולירט” דורך דעם מספר פון די איינציגע, וואס געפינען זיך אין איהר.

זיין ווערטה־פאָרם. אָבער וויבאַלד דער מין סחורה, וואָס הייסט ראָק, פערנעהמט אין דעם ווערטה־אויסדרוק דאָס פּלאַץ פון אַ עקוויוואַלענט, קריגט זיין ווערטה־גרויס קיין אויסדרוק ניט אַלס ווערטה־גרויס; ער פיגורירט ריכטיגער אין דער ווערטה־גלייכונג גאָר ווי אַ בעשטימטער סכום פון אַ געוויסער זאַך.

צוםביישפּיעל: 40 עלען לייוועגט זיינען „ווערטה"—וואָס? 2 רעק. ווייל דער סאָרט־סחורה ראָק שפּיעלט דאָ די ראָלע פון אַ עקוויוואַלענט, ווייל דער געברויך־ווערטה ראָק פיגורירט לגבי דער לייוועגט אַלס ווערטה־קערפּער, איז דעריבער אַ בעשטימטע צאָהל רעק גענוג אויסצודריקען אַ בעשטימטען ווערטה־סכום לייוועגט. צוויי רעק קאָנען דעריבער אויסדריקען די ווערטה־גרויס פון 40 עלען לייוועגט, זיי קאָנען אָבער קיינמאָל ניט אויסדריקען זייער אייגענע ווערטה־גרויס, ד.ה. די ווערטה־גרויס פון רעק. די אויבערפלעכליכע אויפפאַסונג פון אָט דעם פאַקט, אַז דער עקוויוואַלענט אין דער ווערטה־גלייכונג בעזיצט אַלעמאָל נאָר די פאָרם פון אַן איינפאַכען סכום פון אַ זאַך, פון אַ געברויך־ווערטה, האָט פערפיהרט ביילי'ן, ווי אויך פיעלע עקאָנאָמען פאַר איהם און נאָך איהם, צו זעהן אין דעם ווערטה־אויסדרוק נישט מעהר ווי אַ קוואַנטיטאַטיווע שייכות. די עקוויוואַלענט־פאָרם פון אַ סחורה, ריכטיגער געזאָגט, ענטהאַלט ניט קיין קוואַנטיטאַטיווע ווערטה־בעשטימונג.

די ערשטע אייגענטימליכקייט, וואָס מיר דערזעהען, בעטראַכטענדיג די עקוויוואַלענט־פאָרם, איז אָט די: דער געברויך־ווערטה ווערט די ערשיינונג־פאָרם פון זיין געגענטייל, דעם ווערטה.

די נאַטוראַל־פאָרם פון דער סחורה ווערט איהר ווערטה־פאָרם. אָבער מערקט אייך, אָט דער קוויד־פּראָ־קוואָ [די ענדערונג פון איינס אויף דאָס אַנדערע] קומט פאָר ביי אַ סחורה ב (ראָק אָדער ווייץ אָדער אייזען א.אַז.וו.) נאָר אינערהאַלב דער ווערטה־שייכות, אין וועלכער אַ וואָסערע עס איז אַנדער סחורה א (לייוועגט א.אַז.וו.) טרעט צו איהר אַריין, און נאָר אין די גרעניצען פון דער דאָזיגער שייכות. אַזוי ווי קיין סחורה קאָן זיך ניט בעציהען אויף זיך גופא אַלס עקוויוואַלענט, און קאָן ניט אָט אַזוי מאַכען איהר אייגענע נאַטוראַל־הויט פאַר דעם אויסדרוק פון איהר אייגענעם ווערטה,

מוז זי זיך בעציהען אויף אנאנדער סחורה אלס איהר עקוויוואלענט, אדער זי מוז מאכען די נאטוראל־הויט פון אנאנדער סחורה פאר איהר אייגענער ווערטה־פארם.

דער ביישפיעל פון א מאס, וואס מיר ווענדען אן אויף סחורות אלס מאטעריעלע קערפער, ד.ה. אלס געברויך־ווערטהען, וועט אונז קלאר מאכען דעם פונקט. א היטעל צוקער, אזוי ווי עס איז א קערפער, איז שווער און האט געוויכט; מיר קאנען אבער דאס געוויכט פון א היטעל צוקער ניט דערזעהן און ניט אנטאפען. מיר נעהמען דאן פערשיידענע שטיקער אייזען, וואס זייער געוויכט איז בעשטימט געווארן פון פריהער. די קערפערליכע פארם פון אייזען, פאר זיך בעטראכט, איז פונקט אזוי וועניג אן ערשיינונג־פארם פון שווערקייט, ווי די קערפערליכע פארם פון דעם היטעל צוקער. פונ־דעסטוועגען, כדי אויסצודריקען דאס היטעל צוקער אלס א שווער־קייט, שטעלען מיר איהם אין א געוויכט־שייכות צו דעם אייזען. אין אט דער שייכות גילט דאס אייזען ווי א קערפער, וואס שטעלט ניט פאר קיין אנדער זאך א חוץ שווערקייט. סכום'ען אייזען דיענען דע־ריבער פאר א געוויכט־מאס פון צוקער, און שטעלען פאר לגבי דעם צוקער־קערפער בלויז די געשטאלט פון שווערקייט, די ערשיי־נונגס־פארם פון שווערקייט. אט די ראליע שפיעלט דאס אייזען נאר אין די גרעניצען פון אט דער שייכות, אין וועלכער עס טרעט צו איהם אריין דער צוקער אדער א וואסער עס איז אנדער קערפער, וועמעס געוויכט מען וויל אויסגעפינען. וואלטען זיי ביידע ניט געוועזן שווער, וואלטען זיי ניט געקאנט אריינטרעטען אין אט דער שייכות, און איין זאך וואלט דעריבער ניט געקאנט דיענען פאר דעם אויסדרוק פון דער אנדערער'ס שווערקייט. ווען מיר לעגען זיי ביידען אויפ'ן וואגשאל, זעהען מיר אין דער ווירקליכקייט, אז זיי זיינען ביידע דאסזעלבע אלס שווערקייט און דעריבער האבען זיי אין בעשטימטע פראפארציעס אויך דאסזעלבע געוויכט. אזוי ווי דער אייזען־קערפער אלס א מאס פון געוויכט פערטרעט לגבי דעם היטעל צוקער נאר שווערקייט, אזוי פערטרעט איז אונזער ווערטה־אויסדרוק דער ראק־קערפער לגבי דעם לייוועוונט נאר ווערטה.

דא אבער ענדיגט זיך די אנאלאגיע. אין דעם געוויכט־אויס־דרוק פון היטעל צוקער פערטרעט דאס אייזען א נאטור־אייגענ־שאפט, וואס געפינט זיך גלייך אין ביידע קערפערס, זייער געוויכט־

שווערקייט; בעת אין דעם ווערטה־אויסדרוק פון דער לייוועגט פאַרטרעט דער ראָק אַ אוננאַטירליכע אייגענשאַפט פון ביידע זאַכען: זייער ווערטה, עפּעס וואָס איז ריין געזעלשאַפטליך.

בעת די רעלאַטיווע פאָרם פון דעם ווערטה פון אַ סחורה, צ.ב.ש. פון דער לייוועגט, דריקט אויס איהר ווערטה־זיין אַלס עפּעס, וואָס איז אינגאַנצען פערשיידען פון איהר קערפּער און זיינע אייגענשאַפטען, דהינו אַלס עפּעס וואָס איז גלייך צו אַ ראָק, דייטעט אָבער אָן אָט דער אויסדרוק גופא, אַז עס ליעגט אין איהם פערבאָרגען אַ געזעלשאַפטליכע שייכות. ביי דער עקוויוואַלענט־פאָרם איז עס אַקוראַט פערקעהרט. די פאָרם בעשטעהט פּונקט אין דעריין, וואָס אַ סחורה־קערפּער, ווי דער ראָק, די זאַך ווי זי שטעהט און געהט, דריקט אויס ווערטה, הייסט עס, אַז זי בעזיצט ווערטה־פאָרם פון דער נאַטור אַליין. אמת, אַז דאָס גילט נאָר אין די גרעניצען פון דער ווערטה־שייכות, אין וועלכער די לייוועגט־סחורה בעציהט זיך צו דער ראָק־סחורה ווי אַן עקוויוואַלענט. [21] אַזוי ווי אָבער די אייגענשאַפטען פון אַ זאַך *שטאַמען ניט אָב* פון זיין שייכות צו אַנדערע זאַכען, נאָר נישט מעהר, זיי *ווייזען זיך אַרויס* אין אַזוינע שייכות'ן, קומט אויס, אַז דער ראָק בעזיצט זיין עקוויוואַלענט־פאָרם, זיין אייגענשאַפט פון דירעקטער אויסטוישבאַרקייט, פּונקט אַזויפיעל פון דער נאַטור, ווי זיין אייגענשאַפט צו זיין שווער אָדער צו האַלטען וואַרעם. דערפון נעהמט זיך דער רעטזעלהאַפטער כאַראַקטער פון דער עקוויוואַלענט־פאָרם, וועלכע דער בורזשואַזנער פּאָליטישער עקאָנאָם דערזעהט ערשט דעמאָלט, ווען זי טרעט שוין אַרויס איהם אנטקעגען אַ פאַרטיגע אין דער געשטאַלט פון געלד. דאַן זוכט ער אַוועקצו'פּשט'לען דעם מיסטישען כאַראַקטער פון גאָלד און זילבער, אַריינפיהרענדיג אַנשטאַט זיי וועניגער גלענצענדע סחורות און אויסרעכענענדיג מיט אַ שטענדיג נייער צופריעדענשטעלונג דעם קאַטאַלאָג פון דעם גאַנצען מין סחורות, וועלכער האָט אין זיין צייט געשפּיעלט די ראָליע פון אַ סחורה־עקוויוואַלענט. ער האָט

---

[21] עס איז איבערהויפּט אַ מאָדנע זאַך מיט אָט די שייכות־אויסדרוקען [די העגעל'שע רעפלעקסיאָנס־קאַטעגאָריען]. דער דאָזיגער מענש, צ.ב.ש. איז קעניג, נאָר ווייל אַנדערע מענשען פערהאַלטען זיך צו איהם ווי אונטערטאַנען. זיי, פערקעהרט, גלויבען, אַז זיי זיינען אונטערטאַנען, ווייל ער איז קעניג.

קיין השגה ניט, אַז דער איינפאַכסטער ווערטה־אויסדרוק, ווי 20 עלען לייוועגט=1 ראָק, גיט אונז שוין צו די מעגליכקייט פּותר זיין דאָס רעטעניש פון דער עקוויוואַלענט־פאָרם.

דער קערפּער פון דער סחורה, וועלכע דיענט אַלס אַן עקוויוואַלענט, פיגורירט שטענדיג ווי די פערקערפּערונג פון אַבסטראַקט מענשליכער אַרבייט, און איז שטענדיג דער פּראָדוקט פון אַ בעשטימטער, ניצליכער, קאָנקרעטער אַרבייט. אָט די קאָנקרעטע אַרבייט ווערט דעריבער דער מיטעל אויסצודריקען אַבסטראַקט מענשליכע אַרבייט. אויב דער ראָק צ.ב.ש. גילט נישט מעהר ווי בלויז אַ פערווירקליכונג פון אַבסטראַקט מענשליכער אַרבייט, אַזוי גילט די שניידעריי, וועלכע פערווירקליכט זיך פאַקטיש אין איהם, בלויז אַלס די פאָרם פון דער דאָזיגער פערקווירקליכונג. אין דעם ווערטה־אויסדרוק פון דער לייוועגט בעשטעהט די ניצליכקייט פון דער שניידעריי, ניט אין דעם, וואָס זי מאַכט קליידער (און קליידער מאַכען לייטען), נאָר אין דעם, וואָס זי מאַכט אַ געגענשטאַנד [קערפּער], אויף וועלכען מען זעהט אָן אַז ער איז אַ ווערטה,— הייסט עס אַ פערגליווערונג פון אַרבייט, וועלכע אונטערשיידט זיך לגמרי ניט פון דער אַרבייט, וואָס איז פערקערפּערט איז דעם ווערטה פון דער לייוועגט. כדי צו מאַכען אָט אַזאַ ווערטה־שפּיעגעל, מוז די שניידעריי גופא קיין אַנדער זאַך ניט אָבשפּיעגלען אַ חוץ איהר אַבסטראַקטע אייגענשאַפט, וואָס זי איז מענשליכע אַרבייט [בכלל].

אין דער פאָרם פון שניידעריי, ווי אין דער פאָרם פון וועבעריי, ווערט אויסגעגעבען מענשליכע אַרבייטסקראַפט. ביידע בעזיצען דעריבער די אַלגעמיינע אייגענשאַפט פון מענשליכער אַרבייט, און אין בעשטימטע פעלען, צ.ב.ש. ביי דער פּראָדוקציאָן פון ווערטה, קאָנען זיי דעריבער בעטראַכט ווערן נאָר פון דעם שטאַנדפּונקט אַליין. דאָס אַלעס איז גאָרניט מיסטעריעז. אָבער איז דעם ווערטה־אויסדרוק פון סחורה ווערט די זאַך פערדרעהט. כדי צ.ב.ש. אויסצודריקען, אַז דאָס וועבען שאַפט דעם ווערטה פון לייוועגט ניט אין זיין קאָנקרעטער פאָרם אַלס וועבען, נאָר אין זיין אַלגעמיינער אייגענשאַפט אַלס מענשליכע אַרבייט, ווערט אַוועקגעשטעלט אַנטקעגענאיבער איהם די שניידעריי, די קאָנקרעטע אַרבייט, וועלכע פּראָדוצירט דעם עקוויוואַלענט פון לייוו

ווענט, אלס די ממשות׳דיגע פערווירקליכונגס־פארם פון אבסטראקט מענשליכער ארבייט.

עס איז אלזא א *צווייטע אייגענטימליכקייט* פון דער עקוויוואלענט־פארם, וואס *קאנקרעטע* ארבייט ווערט די פארם, אין וועלכער איהר געגענטייל, די *אבסטראקטע* מענשליכע ארבייט, ווייזט זיך ארויס.

אזוי ווי אבער אט די קאנקרעטע ארבייט, די שניידעריי, פיגורירט בלויז ווי אן אויסדרוק פון ניט־דיפערענצירטער מענשליכער ארבייט, בעזיצט זי די פארם פון גלייכהייט מיט אנדערע ארבייט, מיט דער ארבייט, וואס שטעקט אין דער לייוועגט; און פאלגליך, ניט אכטענדיג וואס זי איז פריוואט־ארבייט, ווי יעדע אנדערע סחורה־פראדוצירענדע ארבייט, האט זי א דירעקט געזעלשאפטליכע פארם. דעריבער טאקע שטעלט זי זיך פאר אין א פראדוקט, וועלכער לאזט זיך דירעקט אויסטוישען אויף אן אנדער סחורה. אלזא האבען מיר א *דריטע אייגענטימליכקייט* פון דער עקוויוואלענט־פארם, וואס פריוואט־ארבייט נעהמט אן די פארם פון איהר געגענטייל—פון ארבייט, וואס איז דירעקט געזעלשאפטליך אין פארם.

די צוויי לעצטע אייגענטימליכקייטען פון דער עקוויוואלענט־פארם ווערן נאך מעהר בעגרייפליך, ווען מיר געהען צוריק אין אונזער פארשונג צו דעם גרויסען דענקער, וועלכער איז געווען דער ערשטער, וואס האט אנאליזירט אזוי פיעל געדאנק־פארמען, געזעלשאפט־פארמען און נאטור־פארמען. דאס איז אריסטאטעל.

ערשטענס זאגט ער קלאר ארויס, אז די געלד־פארם פון סחורות איז נאר די ווייטער־ענטוויקעלטע געשטאלט פון דער איינפאכער ווערטה־פארם; דאס הייסט פון דעם אויסדרוק פון דעם ווערטה פון איין סחורה אין א וועלכער עס איז אנדער סחורה. ווארים ער זאגט:

„5 קישענס=1 הויז" „אונטערשיידט זיך ניט" פון:
„5 קישענס=אזוי און אזויפיעל געלד."

ווייטער זעהט ער איין, אז די ווערטה־שייכות, אין וועלכער עס שטעקט אט דער ווערטה־אויסדרוק, מאכט פון איהר זייט נויטיג, אז דאס הויז זאל קוואליטאטיוו גלייכגעשטעלט ווערן צו די קישענס, און אז אהן אזא עצם־גלייכהייט וואלטען אט די בחוש־

פערשיידענע זאכען ניט געקאנט האבען א שייכ[illegible] צו די אנדערע אלס קאמענזוראבלע קוואנטיטעטען. „דער אויסטויש", זאגט ער, „קאן ניט זיין אהן די גלייכהייט, די גלייכהייט אבער קאן ניט זיין אהן די קאמענזוראביליטעט" [די אייגענשאפט פון לאזען זיך מעסטען איינע אויף די אנדערע]. דא אבער בלייבט ער שטעהן און ווארפט אוועק דעם ווייטערן אנאליז פון דער ווערטה־פארם. „עס איז אבער אויף אן אמת אונמעגליך, אז אזוינע פערשיידענארטיגע זאכען זאלען קאנען זיין קאמענזוראבעל", דאס הייסט זאלען זיין קוואליטאטיוו גלייך. אט די גלייכשטעלונג קאן נאר זיין עטוואס, וואס איז פרעמד צו דער אמת'ער נאטור פון די זאכען, פאלגליך נאר „א העלף־מיטעל פאר פראקטישע צוועקען".

אריסטאטעל זאגט אונז אלזא אליין, וואס עס האט אבגעשטעלט זיין ווייטערן אנאליז—עס האט געפעהלט דער בעגריף פון ווערטה. וואס איז דאס גלייכע, ד.ה. די געמיינשאפטליכע סובסטאנץ, וואס שטעלט פאר אין דעם ווערטה־אויסדרוק פון קישענס די גלייכונג א הויז פאר קישענס? אזא זאך „קאן באמת ניט עקזיסטירן", זאגט אריסטאטעל. ווארום? דאס הויז שטעלט פאר עטוואס גלייכעס לגבי די קישענס, אויף ווי ווייט עס שטעלט פאר וואס עס איז ווירקליך גלייך אי ביי די קישענס, אי ביי דעם הויז. און דאס איז—מענשליכע ארבייט.

אז אין דער פארם פון די סחורה־ווערטהען זיינען אלע ארבייטען אויסגעדריקט אלס גלייכע מענשליכע ארבייט און בכן אלס עטוואס וואס רעכענט זיך גלייך, האט אבער אריסטאטעל ניט געקאנט איינזעהן אין דער ווערטה־פארם גופא, ווייל די גריכישע געזעלשאפט האט זיך געהאלטען אויף דער שקלאווען־ארבייט, און די אונגלייכהייט פון די מענשען און זייערע ארבייטס־קרעפטען זיינען דעריבער געווען איהר נאטור־באזיס. דער סוד פון דעם ווערטה־אויסדרוק—די גלייכהייט און די גלייכע גילטיגקייט פון אלע ארבייטען, אויף וויפיעל און ווייל זיי זיינען מענשליכע ארבייטען איבערהויפט—קאן אויפגעדעקט ווערן נאר דאן, ווען דער בעגריף פון מענשליכער גלייכהייט האט שוין בעקומען די פעסטקייט פון א פאלקס פאראורטייל. דאס איז אבער נאר מעגליך אין א געזעלשאפט, אין וועלכער די אלגעמיינע פארם פון ארבייטס־פראדוקטען נעהמט אן די פארם פון סחורה, און פאלגליך איז אויך

**די שייכות צווישען** מענשען **אלס בעזיצער פון** סחורות די הער־שענדע געזעלשאפטליכע שייכות. אריסטאטעל'ס זשעניע צייגט זיך ארויס פונקט אין דעם, וואס ער האט ענטדעקט אין **דעם** אויסדרוק פונ'ם ווערטה פון סחורות א שייכות פון גלייכהייט. נאר די היסטארישע גרעניצען פון דער געזעלשאפט, אין וועלכער ער האט געלעבט, האבען איהם געהינדערט ארויסצוגעפינען אין וואס „אויף אן אמת'ן" די דאזיגע גלייכהייט־שייכות בעשטעהט.

### 4. די איינפאכע ווערט־פארם בעטראכט אלס גאנצעס.

די איינפאכע ווערטה־פארם פון א סחורה ליעגט אין איהר ווערטה־שייכות צו א פערשיידענארטיגער סחורה אדער אין איהר אויסטויש־שייכות מיט דער דאזיגער סחורה. דער ווערטה פון דער סחורה א ווערט אויסגעדריקט קוואליטאטיוו דורך דער דירעקטער אויסטוישבארקייט פון דער סחורה ב אויף דער סחורה א. קוואנטי־טאטיוו ווערט ער אויסגעדריקט דורך דער אויסטוישבארקייט פון א בעשטימטען סכום פון דער סחורה ב אויף א געגעבענעם סכום פון דער סחורה א. אין אנדערע ווערטער: דער ווערטה פון א סחורה בעקומט א זעלבשטענדיגען אויסדרוק דורכדעם, וואס ער ווערט פארגעשטעלט ווי א „טוישווערטה". ווען מיר האבען אין אנהויב פון קאפיטעל געזאגט, אין דעם סדר ווי עס רעדט זיך, אז א סחורה איז א געברויך־ווערטה און א טויש־ווערטה, איז דאס, גענוי גערעדט, געווען פאלש. א סחורה איז א געברויך־ווערטה אדער א געברויך־געגענשטאנד און א „ווערטה". זי ווייזט זיך ארויס אלס די דאזיגע טאפעלטע זאך, וואס זי איז, אזוי באלד ווי איהר ווערטה נעהמט אן אן אייגענע ערשיינונג־פארם, א פערשיידענע פון איהר נאטוראל־פארם, נעמליך—די פארם פון טויש־ווערטה. זי בעזיצט קיינמאל ניט אט די פארם, ווען מען בעטראכט זי איזאלירט, אליין פאר זיך, זאנדערן שטענדיג נאר ווען מען בעטראכט זי אין א ווערטה־שייכות אדער אויסטויש־שייכות צו אנאנדער סחורה פון א פערשיידענעם סארט. איינמאל אבער, אז מען ווייס דאס, טהוט יענער אופן פון אויסדרוק קיין שאדען ניט, נאר ער דיענט ווי א קצור הלשון.

אונזער אנאליז האט בעוויזען, אז די ווערטה־פארם אדער דער ווערטה־אויסדרוק פון סחורה נעהט זיך פון דער נאטור פון ווערטה,

ניט פעריקעהרט, אַז ווערטה און די גרויס פון ווערטה נעהמט זיך פון זייער אויסדרוק־אופן אַלס טוישווערטה. אַט דאָס אָבער איז גראָד די איינבילדונג אי פון די מערקאַנטיליסטען און זייערע מאָדערנע אויפוואַרעמער, ווי פעררייער, גאַנילה א.אַז.וו., אי פון זייערע אַנטיפּאָדען [וואָס שטעהען אויפ'ן גענענגעזעצטען פונקט], די מאָדערנע פריי־האַנדעל קאָמי־וואָיאַזשאָרען, ווי באַסטיאַ און זיינע חברים. די מערקאַנטיליסטען לעגען דאָס הויפּטגעוויכט אויף דער קוואַליטאַטיווער זייט פון דעם ווערטה־אויסדרוק, פאָלגליך אויף דער עקוויוואַלענט־פאָרם פון סחורה, וועלכע געפינט איהר פאַרטיגע געשטאַלט אין דעם געלד; די מאָדערנע פריי־האַנדעל־פעדלער דאַגעגען, וועלכע מוזען אַרויס'פּטר'ן זייער סחורה אום יעדען פּרייז, לעגען דאָס הויפּטגעוויכט אויף דער קוואַנטיטאַטיווער זייט פון דער רעלאַטיווער ווערטה־פאָרם. פאַר זיי עקזיסטירט דעריבער ניט קיין ווערטה אָדער ווערטה־גרויס פון סחורה, אחוץ אין איהר אויסדרוק דורך דער שייכות פון אויסטויש, ד.ה. נאָר אין דעם צעטעל פון טעגליכען פּרייז־קוראַנט. דער שאָטלאַנדער מאַקליוד, וועלכער האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע אויסצופּוצען אויף אַ העכסט געלעהרטען אופן די פערווירטע פאָרשטעלונגען פון „לאָמבאַרד סטריט"* בילדעט אַ געלונגענעם סינטעז צווישען די אַבערגלויביגע מערקאַנטיליסטען און די אויפגעקלערטע פריי־האַנדעל־פעדלער.

די גענויערע בעטראַכטונג פון דעם ווערטה־אויסדרוק פון דער סחורה א, וואָס ליעגט אין דער ווערטה־שייכות צו דער סחורה ב, האָט אונז געצייגט, אַז אין דער דאָזינער שייכות פיגורירט די נאַטוראַל־פאָרם פון דער סחורה א נאָר אַלס געשטאַלט פון געברויך־ווערטה, און די נאַטוראַל־פאָרם פון דער סחורה ב נאָר אַלס ווערטה־פאָרם אָדער ווערטה־געשטאַלט. דער אינערליכער, אין דער סחורה פערבאָרגענער געגענזאַץ צווישען געברויך־ווערטה און ווערטה, ווערט אַלזאָ קלאָר־געשטעלט דורך אַן אויסערליכען געגענזאַץ, ד.ה. דורך דער שייכות פון צוויי־ערליי סחורות, וואו איין סחורה, **וועמעס** ווערטה עס דאַרף אויסגעדריקט ווערן, פיגורירט דירעקט נאָר אַלס געברויך־ווערטה, און די אַנדער סחורה דאַגעגען,

---

* די גאַס אין לאָנדאָן, וואו די באַנקען געפינען זיך, ווי „וואָל סטריט" אין ניו־יאָרק. — איבערזעצער.

**א י ן  ו ו א ס** דער ווערטה ווערט אויסגעדריקט, **פיגורירט** דירעקט נאָר אַלס טוישווערטה. די איינפאַכע ווערטה־פאָרם פון אַ סחורה איז אַלזאָ די איינפאַכע פאָרם, אין וועלכער עס ערשיינט דער געגענזאַץ, וואָס ליעגט אין דער סחורה צווישען געברויך־ווערטה און ווערטה.

דער אַרבייטס־פּראָדוקט איז אין אַלע געזעלשאַפטליכע צושטענדען אַ געברויך־געגענשטאַנד, אָבער נאָר איין היסטאָריש־בעשטימטע ענטוויקלונגס־עפּאָכע פערוואַנדעלט דעם אַרבייטס־פּראָדוקט אין אַ סחורה—די עפּאָכע, וועלכע שטעלט אַרויס די אַרבייט, וואָס איז פערווענדעט געוואָרן אין דער פּראָדוקציאָן פון אַ געברויך־זאַך, אַלס איהר „געגענשטענדליכע" אייגענשאַפט, ד.ה. אַלס איהר ווערטה. דערפון פאָלגט, אַז די איינפאַכע ווערטה־פאָרם פון סחורה איז אין דערזעלבער צייט די איינפאַכע סחורה־פאָרם פון דעם אַרבייטס־פּראָדוקט, און אויך אַז די ענטוויקלונג פון דער סחורה־פאָרם קומט פאָר אין איין צייט מיט דער ענטוויקלונג פון דער ווערטה־פאָרם.

שוין פון דעם ערשטען בליק קאָן מען זעהן די אונפאָלקאָמענהייט פון דער איינפאַכער ווערטה־פאָרם, פון דער דאָזיגער זריעה־קערענדל־פאָרם, וועלכע מוז ערשט דורכגעהן אַ רייה מעטאַמאָרפאָזען [פערוואַנדלונגען], איידער זי קאָן צייטיג ווערן אַלס פּרייז־פאָרם.

דער אויסדרוק אין אַ וועלכער עס איז סחורה ב אונטערשיידעט דעם ווערטה פון סחורה א נאָר פון איהר אייגענעם געברויך־ווערטה, און פאָלגליך שטעלט ער זי אויך אין אַ אויסטויש־שייכות נאָר מיט אַ וועלכען עס איז איינצעלנעם סאָרט סחורה, וואָס איז פערשיידען פון איהר; דער אויסדרוק שטעלט אָבער ניט אַרויס איהר קוואַליטאַטיווע גלייכהייט און קוואַנטיטאַטיווע פּראָפּאָרציאָנאַליטעט מיט אַלע אַנדערע סחורות. צו דער איינפאַכער רעלאַטיווער פאָרם פון איין סחורה פּאַסט זיך די איינצעלנע עקוויוואַלענט־פאָרם פון אַנדער סחורה. אין דעם רעלאַטיווען ווערטה־אויסדרוק פון דער לייווענט, נעהמט אויף דעם אופן אָן דער ראָק נאָר די פאָרם פון אַ עקוויוואַלענט אָדער פון דירעקטער אויסטוישבאַרקייט בנוגע צו אָט דעם איינצעלנעם מין סחורה, די לייווענט.

פונדעסטוועגען גערט די איינצעלנע ווערטה־פאָרם פון זיך אַליין איבער אין אַ פאָלשטענדיגערע פאָרם. אמת טאַקע, אַז דער

ווערטה פון דער איין סחורה א ווערט דורך דער פאָרם אויסגעדריקט אין נאָך איין סחורה פון אַנאַנדער סאָרט. פון וואָס פאַר א סאָרט אָבער די דאָזיגע צווייטע סחורה איז, צי עס איז א ראָק, אָדער אייזען, אָדער ווייץ א.אַז.וו. איז אינגאַנצען גלייכגילטיג. הייסט עס, אַז לויט נאָכדעם ווי זי, די סחורה א, טרעט אריין אין א ווערטה־שייכות צו דעם אָדער יענעם סאָרט סחורה, בעקומט זיך פאַר איין און דערזעלביגער סחורה פערשיידענע איינפאַכע אויסדרוקען פון ווערטה.22 די צאָהל פון איהרע מעגליכע ווערטה־אויסדרוקען איז נאָר בעשרענקט דורך דער צאָהל פון די מינים סחורות, וואָס זיינען פערשיידען פון איהר. איהר פעראיינצעלטער ווערטה־אויסדרוק פערוואַנדעלט זיך דעריבער אין א רייה, וואָס קאָן נאָכאַנאַנד ווערן לענגער, פון פערשיידענע איינפאַכע אויסדרוקען פון איהר ווערטה.

## B. טאָטאַלע אָדער אויסגעברייטערטע ווערטה־פאָרם.

**z סחורה A — u סחורה B, אָדער—v סחורה C, אָדער—w סחורה D, אָדער—x סחורה E, אָדער—א.אַז.וו. 20 עלען לייווענט איז גלייך צו איין ראָק אָדער 10 פונט טהעע אָדער 40 פונט קאַפע אָדער 1 פערטעל ווייץ אָדער 2 אונצען גאָלד אָדער 1/2 טאָן אייזען אָדער צו—א.אַז.וו.**

### 1. די אויסגעברייטערטע רעלאַטיווע ווערטה־פאָרם.

דער ווערטה פון א סחורה, פון לייוועגט צום ביישפּיעל, איז איצטער אויסגעדריקט אין אָהן־א־צאָהל אַנדערע עלעמענטען פון דער סחורה־וועלט. יעדער אַנדער סחורה־קערפּער ווערט איצטער דער שפּיעגעל פון דעם ווערטה פון לייוועגט.23 אַט אזוי ווייזט

---

22 צום ביישפּיעל ביי האָמער ווערט דער ווערטה פון איין זאַך אויסגעדריקט אין אַ רייה פערשיידענע זאַכען.

23 מען קאָן דעריבער רעדען וועגען דעם ראָק־ווערטה פון לייוועגט ווען מען דריקט אויס איהר ווערט אין רעק, וועגען איהר קאָרן־ווערטה, ווען מ'דריקט איהם אויס אין קאָרן א.אַ.וו. יעדער אויסדרוק אַזעלכער זאָגט אונז, אַז דער ווערטה, וואָס ווייזט זיך אין די געברויך־ווערטהען ראָק, קאָרן א.א.וו. איז דאָס איהר ווערטה. „דער ווערטה פון יעדער סחורה ברענגט צום אויסדרוק איהר

זיך ערשט ארויס דער דאזיגער ווערטה באמת אלס א פערגליווערונג פון ניט־דיפערענצירטער מענשליכער ארבייט. ווארים די ארבייט, וואס בעשאפט איהם, איז איצטער אויסדריקליך קלאר געשטעלט אלס ארבייט, וואס רעכענט זיך גלייך ווי יעדע אנדערע מענשליכע ארבייט, וואס פאר א נאטוראל־פארם זי זאל ניט בעזיצען, און עס איז דעריבער קיין נפקה מינא ניט, צי זי פערווירקליכט זיך אין א ראק אדער ווייץ אדער אייזען אדער גאלד א.אז.וו. דורך איהר ווערטה־פארם שטעהט אויך איצטער די לייווענט אין א געזעלשאפטליכער שייכות שוין ניט מעהר נאר צו איין איינצעלנעם מין סחורה, זאנדערן צו דער גאנצער וועלט פון סחורות. אלס סחורה איז זי א בירגער פון דער דאזיגער וועלט. אין דערזעלביגער צייט ליעגט אין דער ענדלאזער רייה פון זיינע אויסדרוקען, אז בנוגע דעם ווערטה פון א סחורה, איז עס גאנץ גלייכגילטיג אונטער וועלכער בעזונדער פארם פון געברויך־ווערטה ער ווייזט זיך ארויס.

אין דער ערשטער פארם: 20 עלען לייווענט=1 ראק, האט עס געקאנט זיין א צופעליגער פאקט, וואס אט די צוויי סחורות לאזען זיך אויסטוישען לויט א בעשטימטער קוואנטיטאטיווער שייכות. אין דער צווייטער פארם, פערקעהרט, זעהט זיך גלייך דורך דער הינטערגרונד, וואס בעשטימט זי און וועלכער איז אין עצם פערשיידען פון דער צופעליגער ערשיינונג. דער ווערטה פון דער

---

שייכות אין דעם אייסטויש; מיר קאנען דעריבער רעדען וועגען איהם ווי איהר... קארן ווערטה אדער טוך־ווערטה, לויט דער סחורה, מיט וועלכער זי ווערט פערגליכען: און אט אזוי זיינען פאראן טויזענדערליי פערשיידענע ווערטהען, אזוי־פיעל וויפיעל סחורות עס זיינען פאראן, און זיי אלע זיינען אויף א גלייכען אופן ווירקליך און אויף א גלייכן אופן נאמינעל." A critical Dissertation on the Nature, Measure and Causes of Value Chiefly in reference to the Writings of Mr. Ricardo and his followers. By the Author of „Essays on the Formation etc. of Opinions", Loudon, 1825, p. 39.

ס. ביילי דער פערפאסער פון אט דער אנאנימער שריפט, וועלכע האט אין איהר צייט געמאכט א גרויסען טומעל אין ענגלאנד, האט געמיינט, אז אנווייזענדיג אויף די פערשיידענע רעלאטיווע אויסדרוקען פון דעמזעלביגען סחורה־ווערטה, האט ער פערניכטעט יעדע בעגריף־בעשטימונג פון ווערטה. אז ער האט אבער, טראץ זיין אייגענער בעשרענקטקייט, אנגעטאפט וואונדיגע שטעלען אין ריקארדא'ס טהעאריע, בעווייזט די אויפגערעגטקייט מיט וועלכער די ריקארדא'שע שולע האט איהם אנגעגריפען: צ. ב. ש. אין דער „וועסטמינסטער רעוויו".

ליוועגט בלייבט אומפערענדערט אין גרויס, סיי ער דריקט זיך אויס אין ראק אדער קאווע אדער אייזען אדער אין אהן־א־צאהל פערשיידענע סחורות, וואס געהערן צו די פערשיידענסטע בעזיצער. די צופעליגע שייכות צווישען צוויי אינדיווידועלע סחורה־בעזיצער פאלט אוועק. עס ווערט קלאר, אז ניט דער אויסטייש רעגולירט די גרויס פון דעם ווערטה פון דער סחורה, נאר פערקעהרט, די גרויס פון דעם ווערטה פון דער סחורה רעגולירט איהר שייכות פון אויסטויש.

## 2. די בעזונדערע עקוויוואלענט־פארם.

יעדע סחורה, דהיינו א ראק, טהעע, ווייץ, אייזען א. אז. וו. גילט אין דעם אויסדרוק פון דעם ווערטה פון דער ליינוואנט ווי אן עקוויוואלענט און ממילא ווי א ווערטה־קערפער. די בעשטימטע נאטוראל־פארם פון יעדער איינער פון אט די סחורות איז איצט א בעזונדערע עקוויוואלענט־פארם צווישען א סך אנדערע. אויפ'ן זעלבען אופן רעכענען זיך איצטער די פערשיידענערליי בעשטימטע, קאנקרעטע, ניצליכע סארטען ארבייט, וואס זיינען פערקערפערט אין אט די סחורה־זאכען, אלס פונקט אזויפיל פערשיידענע פער־ווירקליכונגס־פארמען אדער ערשיינונגס־פארמען פון מענשליכער ארבייט בכלל.

## 3. די חסרונות פון דער טאטאלער אדער אויסגעברייטעטער ווערטה־פארם.

ערשטענס איז דער רעלאטיווער ווערטה־אויסדרוק פון דער סחורה ניט פערענדיגט, ווייל די סעריע, וואס שטעלט איהם פאר, ענדיגט זיך קיינמאל ניט. די קייט, אין וועלכער איין ווערטה־גלייכונג בינדט זיך צו דער אנדערער, קאן תמיד ווערן פערלענגערט דורך יעדען נייעם סארט סחורה, וואס קומט ארויס און ליווערט דעם מאטעריאל פאר א נייעם ווערטה־אויסדרוק. צווייטענס, בילדעט זי א פיעל־קאלירטע מאזאיק פון פאנאנדערפאלענדע און פערשיידנארטיגע ווערטה־אויסדרוקען. און לעצטענס, אויב דער רעלאטיווער ווערטה פון יעדער סחורה, ווי דאס מוז פאסירען, ווערט אויסגעדריקט אין אט דער אויסגעברייטערטער פארם, דאן איז די

רעלאַטיווע ווערטה־פאָרם פון יעדער סחורה אַן ענדלאָזע רייה פון ווערטה־אויסדרוקען, וואָס איז פערשיידען פון דער רעלאַטיווער ווערטה־פאָרם פון יעדער אַנדער סחורה.—די חסרונות פון דער אויסגעברייטעטער רעלאַטיווער ווערטה־פאָרם שפּיעגלען זיך ווידער אָב אין דער עקוויוואַלענט־פאָרם, וואָס איז צוגעפּאַסט צו איהר. אַזוי ווי די נאַטוראַל־פאָרם פון יעדען איינצעלנעם סאָרט סחורה איז דאָ איין בעזונדערע עקוויוואַלענט־פאָרם צווישען אונצעהליגע אַנדערע בעזונדערע עקוויוואַלענט־פאָרמען, האָבען מיר בכלל נישט מעהר ווי בעשרענקטע עקוויוואַלענט־פאָרמען, פון וועלכע יעדע איינע שליסט אויס די אַנדערע. אַזוי אויך איז דער בעשטימטער, קאָנקרעטער, ניצליכער סאָרט ארבייט, וואָס ליעגט אין יעדען בעזונדערן סחורה־עקוויוואַלענט, נאָר אַ בעזונדער סאָרט ארבייט, און בכן ניט קיין פאָלשטענדיגע ערשיינונג־פאָרם פון מענשליכער ארבייט בכלל. אמת, די דאָזיגע ארבייט בעקומט איהר פאָלשטענדיגע אָדער טאָטאַלע ערשיינונג־פאָרם אין דעם גאַנצען קרייז פון יענע בעזונדערע ערשיינונג־פאָרמען.* אָבער אויף דעם אופן האָט זי דאָך ניט קיין איינהייטליכע ערשיינונג־פאָרם.

די אויסגעברייטערטע רעלאַטיווע ווערטה־פאָרם בעשטעהט נאָך אַלעמען נאָר פון אַ סומע איינפאַכע רעלאַטיווע ווערטה־אויסדרוקען אָדער פון גלייכונגען פון דער ערשטער פאָרם, דהיינו:

20 עלען לייוועגט=1 ראָק,

20 עלען לייוועגט=10 פונט טהעע א.אז.וו.

יעדע פון אָט די גלייכונגען ענטהאַלט אָבער אויך אומגעקעהרט דיזעלבע גלייכונג:

1 ראָק=20 עלען לייוועגט,

10 פונט טהעע=20 עלען לייוועגט א.אז.וו.

דער פאַקט איז, אַז ווען אַ מענש בייט אויס זיין לייוועגט אויף פיעלע אַנדערע סחורות און דריקט אויף דעם אופן אויס איהר ווערטה אין אַ גאַנצער רייה אַנדערע סחורות, מוזען דאָך יענע אַנדערע סחורה־בעזיצער אויסבייטען זייערע סחורות אויף אָט דער לייוועגט, און פאָלגליך אויסדריקען דעם ווערטה פון זייערע סחורות אין אָט דערזעלביגער דריטער סחורה, די לייוועגט.—ווען מיר קעהרען, אַלזאָ, אום די סעריע: 20 עלען לייוועגט=1 ראָק אָדער=10 פונט טהעע, אָדער=א.אז.וו., דאָס הייסט, מיר דריקען אויס

די פערקעהרטע שייכות, וואס ליעגט שוין ממילא אין דער סעריע, בעקומען מיר:

## C. די אלגעמיינע ווערטה־פארם.

1 ראק
10 פונט טהעע
20 פונט קאווע
½ טאן אייזען
1 פערטעל ווייץ
2 אונצען גאלד
איקס סחורה א א.אז.וו.

} =20 עלען לייוועגט.

### 1. פערענדערטער כאראקטער פון דער ווערטה־פארם.

די סחורות דריקען איצט אויס זייערע ווערטהען ערשטענס, א י נ פ א ך, ווייל אין איין־איינציגער סחורה; און צווייטענס, א י נ ה י י ט ל י ך, ווייל אין איין און דערזעלביגער סחורה. זייער ווערטה־פארם איז איינפאך און געמיינשאפטליך, דעריבער— אלגעמיין.

די פארמען A (איינפאכע ווערטה־פארם) און B (אויסגע־ברייטערטע ווערטה־פארם) האבען ביידע נאר געגרייכט דעם פונקט אויסצודריקען דעם ווערטה פון א סחורה אלס עטוואס, וואס אונ־טערשיידט זיך פון איהר אייגענעם געברויך־ווערטה אדער איהר סחורה־קערפער.

די ערשטע פארם האט געגעבען ווערטה־גלייכונגען ווי: 1 ראק=20 עלען לייוועגט; 10 פונט טהעע=½ טאן אייזען א.ז.וו. דער ווערטה פון ראק איז אויסגעדריקט אלס גלייך צו לייוועגט, דער ווערטה פון טהעע—אלס גלייך צו אייזען א.אזוו. אבער דאס דאזיגע, וואס איז גלייך צו לייוועגט און וואס איז גלייך צו אייזען— די ווערטה־אויסדרוקען פון ראק און טהעע—זיינען פונקט אזוי פערשיידען ווי לייוועגט און אייזען. אט די פארם, ווי מען קאן גאנץ קלאר זעהן, קומט נאר פאר אין די ערשטע אנפאנגען, ווען די ארבייט־פראדוקטען ווערן פערוואנדעלט אין סחורות דורך א צופעליגען אויסטויש, וואס פלעגט זיך מאכען ביי געלעגענהייט.

די צווייטע פאָרם אונטערשיידט דעם ווערטה פון א סחורה פון איהר אייגענעם געברויך־ווערטה פאָלשטענדיגער איידער די ערשטע, ווארים דער ווערטה פון דעם ראָק צ.ב.ש. טרעט דאָ ארויס אין אַלע מעגליכע פאָרמען אנטקעגען זיין נאטוראל־פאָרם: ער ווערט אוועקגעשטעלט גלייך צו לייווענט, צו אייזען, צו טהעע א.אז.וו., קורץ צו יעדער אנדער זאך, נאָר ניט צו זיך אליין, צום ראָק. פון דער אנדער זייט איז דאָ יעדער געמיינזאמער ווערטה־אויסדרוק פון סחורות דירעקט אויסגעשלאָסען, ווארים אין דעם ווערטה־אויסדרוק פון יעדער סחורה בעווייזען זיך איצט אלע אנ־דערע סחורות נאָר אין דער פאָרם פון עקוויוואלענטען. די אויס־געברייטערטע ווערטה־פאָרם קומט פאקטיש פאָר דאָס ערשטע מאָל, אזוי באלד ווי אן ארבייטס־פראָדוקט, למשל פיה, ווערט שוין ניט מעהר אויסנאהמסווייז, נאָר געוועהנהייטסמעסיג אויסגעטוישט אויף פערשיידענע אנדערע סחורות.

די נייע־געוואונענע פאָרם C דריקט אויס די ווערטהען פון דער גאנצער סחורה־וועלט אין איין און דעמזעלביגען אָבגעזונ־דערטען סאָרט סחורה, צום ביישפיעל אין לייווענט, און שטעלט אויף דעם אופן פאָר די ווערטהען פון אלע סחורות דורך זייער גלייכהייט מיט לייוועגט. אלס לייוועגט־גלייך אונטערשיידט זיך איצט דער ווערטה פון יעדער סחורה ניט נאָר פון איהר אייגענעם געברויך־ווערטה, זאָנדערן פון אלע אנדערע געברויך־ווערטהען, און טאקע דורכדעם ווערט ער אויסגעדריקט אלס עטוואס, וואָס איז געמיינשאפטליך פאר אלע סחורות. פאָלגליך פיהרט נאָר אָט די פאָרם ווירקליך איין א שייכות צווישען די סחורות אלס ווערטהען, אָדער לאָזט זיי ארויסטרעטען אלס טויש־ווערטהען איינע פאר די אנדערע.

די ביידע פריהערדיגע פאָרמען דריקען אויס דעם ווערטה פון יעדער איין סחורה, סיי אין א איינציגער סחורה פון א פערשיי־דענעם סאָרט, סיי אין א סעריע פון א סך סחורות, וואָס זיינען פערשיידען פון איהר. אין ביידע פעלען איז עס אזוי צו זאָגען דער פריוואט עסק פון יעדער איינצעלנער סחורה זיך צו געבען א ווערטה־פאָרם, און זי פועל'ט עס אָהן דער מיט־הילף פון די אנדערע סחורות. די דאָזיגע אנדערע שפיעלען לגבי איהר די בלויז פאסיווע ראָליע פון עקוויוואלענטען. די אלגעמיינע ווערטה־

פאָרם, פערקעהרט, ענטשטעהט נאָר אַלס דאָס געמיינשאַפטליכע ווערק פון דער גאַנצער סחורה־וועלט. איין סחורה געווינט נאָר דערפאַר אין אַלגעמיינעם ווערטה־אויסדרוק, ווייל אַלע אַנדערע סחורות דריקען אויס אין דערזעלביגער צייט זייער ווערטה אין דעמזעלביגען עקוויוואַלענט, און יעדער ניי־אָנגעקומענער מין סחורה מוז דאָס נאָכמאַכען. עס ווערט אויף דעם אופן קלאָר, אז היות ווי דער עצם־ווערטה פון סחורות איז בלויז דער „געזעל־שאַפטליכער קיום" פון די דאָזיגע זאַכען, קאָן ער אויך אויסגע־דריקט ווערען נאָר דורך זייער אַלזייטיגער געזעלשאַפטליכער בע־ציהונג, און בכן מוז זייער ווערטה־פאָרם זיין א געזעלשאַפטליך גילטיגע פאָרם.

אין דער פאָרם פון לייווענט־גלייכע ערשיינען איצט אַלע סחורות ניט נאָר אַלס קוואַליטאַטיוו גלייכע, אַלס ווערטהען בכלל, נאָר אין דערזעלביגער צייט אויך אַלס ווערטהען, וואָס זייער גרויס קאָן זיך פערגלייכען קוואַנטיטאַטיוו. אָבשפּיעגלענדיג די גרויס פון זייערע ווערטהען אין איין און דעמזעלביגען מאַטעריאַל, אין לייווענט, שפּיעגלען די דאָזיגע ווערטה־מאָסען אויך אָב איינע די אַנדערע. צום ביישפּיעל, 10 פונט טהעע=20 עלען לייווענט, און 40 פונט קאַווע=20 עלען לייווענט. אַלזאָ: 10 פונט טהעע=40 פונט קאַווע. אָדער: אין 1 פונט קאַווע שטעקט נאָר א פערטעל ווערטה־שטאָף, ארבייט, ווי אין 1 פונט טהעע.

די אַלגעמיינע רעלאַטיווע ווערטה־פאָרם פון דער סחורה־וועלט דריקט אַרויף אויף דער עקוויוואַלענט־סחורה, וואָס איז אויסגע־שלאָסען פון די איבעריגע—דהינו אויף דער לייוועטנ—דעם כאַ־ראַקטער פון אַן א ל ג ע מ י י נ ע ם עקוויוואַלענט. די נאַ־טוראַל־פאָרם פון דער לייווענט איז געוואָרן די געמיינשאַפטליכע ווערטה־געשטאַלט פון דער דאָזיגער וועלט, און זי לאָזט זיך דע־ריבער דירעקט אויסטוישען אויף אַלע אַנדערע סחורות. איהר קערפּער־פאָרם גילט אַלס די קענטיגע פערקערפּערונג, די אַלגעמיינע געזעלשאַפטליכע פערפּופונג * פון יעדען סאָרט מענשליכער ארבייט.

---

* [זיין אין צושטאַנד פון א פופּע, א קוקאָלקע,—די מיטעלסטע שטופע, די איינגעשלאָפענע אָדער פערגליווערטע פאָרם פון . ריםל, איידער עס איהם אַרויס דער שמעטערלינג. — איבערזעצער]

די וועבעריי, די ארבייט פון פריוואטע מענשען, וועלכע פראדוצירט לייוועגט, געפינט זיך אין דערזעלביגער צייט אין אן אלגעמיין־געזעלשאפטליכער פארם, אין דער פארם פון גלייכהייט מיט אלע אנדערע ארבייטען. די אהן־א־צאהל גלייכונגען, פון וועלכע די אלגעמיינע ווערטה־פארם בעשטעהט, שטעלען כסדר גלייך די ארבייט, וואס איז פערווירקליכט אין דער לייוועגט, צו דער ארבייט וואס ליעגט אין יעדער אנדער סחורה, און מאכען דורכדעם די וועבעריי פאר דער אלגעמיינער ערשיינונגס־פארם פון מענשליכער ארבייט בכלל. אויף דעם אופן איז די ארבייט, וואס איז פערקערפערט אין דעם ווערטה פון סחורות, ניט פארגעשטעלט נאר נעגאטיוו אלס ארבייט, פון וועלכער עס ווערט אוועקגענומען אלע קאנקרעטע פארמען און ניצליכע אייגענשאפטען פון די ווירקליכע ארבייטען. דא טרעט ארויס איהר אייגענע פאזיטיווע נאטור. זי, די אלגעמיינע ווערטה־פארם, איז די רעדוצירונג פון אלע ווירקליכע ארבייטען צו דעם פאר זיי אלעמען געמיינשאפט־ליכען כאראקטער פון מענשליכער ארבייט, צו דער פערוועגדונג פון מענשליכער ארבייטס־קראפט.

די אלגעמיינע ווערטה־פארם, וועלכע שטעלט פאר אלע ארבייט־פראדוקטען ווי בלויזע פערגליווערונגען פון ניט־דיפערענצירטער מענשליכער ארבייט, צייגט דורך איהר אייגענעם בנין, אז זי איז דער געזעלשאפטליכער אויסדרוק פון דער סחורה־וועלט. אט אזוי מאכט זי קלאר, אז אין דער דאזיגער וועלט פון סחורות בילדעט דער אלגעמיין מענשליכער כאראקטער פון דער ארבייט זייער ספעציפיש־געזעלשאפטליכען כאראקטער.

## 2. די שייכות צווישען דער ענטוויקלונג פון רעלאטיווער ווערטה־פארם און עקוויוואלענט־פארם.

צו דעם ענטוויקלונג־גראד פון דער רעלאטיווער ווערטה־פארם פאסט דער ענטוויקלונג־גראד פון דער עקוויוואלענט־פארם. אבער — און דאס מוז מען זיך גוט מערקען — די ענטוויקלונג פון דער עקוויוואלענט־פארם איז נאר אן אויסדרוק און א רעזולטאט פון דער ענטוויקלונג פון דער רעלאטיווער ווערטה־פארם.

די איינפאכע אדער פעראיינצעלטע רעלאטיווע ווערטה־פארם

פון א סחורה מאכט אנאנדער סחורה פאר אן איינצעלנעם עקוױװ־
אלענט. די אויסגעברייטערטע פארם פון רעלאטיװען װערטה —
אט דער אויסדרוק פון דעם װערטה פון איין סחורה אין אלע אנ־
דערע סחורות—שטעמפעלט ארויף אויף די דאזיגע אנדערע סחורות
די פארם פון פערשיידענארטיגע בעזונדערע עקװיװאלענטען. לעצ־
טענס בעקומט איין בעזונדערער סארט סחורה די פארם פון אן
אלגעמיינעם עקװיװאלענט, װייל אלע אנדערע סחורות מאכען די
דאזיגע בעזונדערע סחורה פאר דעם מאטעריאל פון זייער איינ־
הייטליכער, אלגעמיינער װערטה־פארם.

אין דעמזעלבען גראד אבער, אין װעלכען די װערטה־פארם
ענטװיקעלט זיך איבערהויפט, ענטװיקעלט זיך אויך דער געגענזאץ
צװישען איהרע ביידע פאליוסען—די רעלאטיװע װערטה־פארם און
די עקװיװאלענט־פארם.

שוין די ערשטע פארם — 20 עלען לייװענט=1 ראק—ענט־
האלט דעם דאזיגען געגענזאץ, אבער נאך ניט פעסט. יעדע פון
די ביידע סחורה־עקסטרעמען, לייװענט און ראק,—עס װענדט זיך
נאר װי מען לעזט די גלייכונג, פארװערטס אדער ריקװערטס,—
געפינט זיך אין א גלייכער מאס באלד אין דער רעלאטיװער װערטה־
פארם, באלד אין דער עקװיװאלענט־פארם. דא איז נאך שװער צו
האלטען פעסט דעם פאלארישען געגענזאץ.

אין דער פארם **B** קאן שטענדיג נאר איין סחורה־סארט
פאלשטענדיג אויסברייטערן זיין רעלאטיװען װערטה, און ער אליין
בעזיצט די אויסגעברייטערטע רעלאטיװע װערטה־פארם נאר דער־
פאר, װייל די אלע אנדערע סחורות געפינען זיך לגבי איהם אין
דער עקװיװאלענט־פארם, און נאר אויף אזוי װייט, װי זיי געפינען
זיך אין דער דאזיגער פארם. דא קאן מען שוין ניט מעהר איבער־
שטעלען די צװיי זייטען פון דער װערטה־גלייכונג — למשל, 20
עלען לייװענט=1 ראק אדער=10 פונט טהעע אדער=1 פערטעל
װייץ א.אז.װ.—ניט איבערענדערנדיג זייער גאנצען כאראקטער און
ניט פערװאנדלענדיג זיי פון דער טאטאלער װערטה־פארם אין
דער אלגעמיינער װערטה־פארם.

די לעצטע פארם, די פארם **C** גיט ענדליך דער סחורה־װעלט
אן אלגעמיין־געזעלשאפטליכע רעלאטיװע װערטה־פארם, װייל, און
אזוי װייט װי, אלע סחורות, װאס קעהרען זיך אן מיט איהר, מיט

איין איינציגער אויסנאהם, זיינען אויסגעשלאָסען פון דער אַלגע־מיינער עקוויוואַלענט־פאָרם. איין סחורה, די לייווענט, געפינט זיך דעריבער אין דער פאָרם פון דירעקטער אויסטוישבארקייט מיט אַלע אַנדערע סחורות, אָדער אין דירעקטער געזעלשאַפטליכער פאָרם, ווייל, און אויף אַזוי ווייט ווי, אַלע אַנדערע סחורות געפינען זיך ניט אין דער דאָזיגער פאָרם.[24]

פון דער אַנדער זייט איז די סחורה, וועלכע פיגורירט אַלס דער אַלגעמיינער עקוויוואַלענט, אויסגעשלאָסען פון דער איינהייט־ליכער און פאָלגליך אַלגעמיינער רעלאַטיווער ווערטה־פאָרם פון דער סחורה־וועלט. ווען די לייווענט, דאָס הייסט, וועלכע עס איז סחורה, וואָס געפינט זיך אין דער אַלגעמיינער עקוויוואַלענט־פאָרם, זאָל אין דערזעלבער צייט אויך נעהמען אַנטייל אין דער אַלגעמיינער רעלאַטיווער ווערטה־פאָרם, דאַן וואָלט זי געמוזט דיענען פאַר אַן עקוויוואַלענט צו זיך אַליין. מיר וואָלטען דאַן בעקומען: 20 עלען

---

[24] מען זעהט עס פאַקטיש בשום אופן ניט אָן, אַז אַט די פאָרם פון אַלגעמיינער דירעקטער אויסטוישבאַרקייט איז אַ געגענזעצליכע סחורה־פאָרם, וואָס איז פונקט אַזוי ענג פערבונדען מיט דער פאָרם פון ניט־דירעקטער אויסטוישבאַרקייט, ווי דער פאָזיטיווער פאָליוס פון אַ מאַגנעט איז פערבונדען מיט דעם נעגאַטיווען פאָ־ליוס. מען מעג זיך דעריבער פאָרשטעלען, אַז מען וואָלט געקאָנט אַרויפדריקען דעם שטעמפעל פון דירעקטער אויסטוישבאַרקייט אויף אַלע סחורות גלייך, אַזוי גוט ווי מען מעג זיך פאָרשטעלען למשל, אַז מען וואָלט געקאָנט פון אַלע קאַטויליקען מאַכען פויפסטען. פאַר דעם קליינבירגער, וועלכער זעהט אין דער סחורה־פּראָ־דוקציאָן דעם העכסטען שפּיץ פון מענשליכער פרייהייט און אינדיווידועלער אונאַבהענגיקייט, וואָלט נאַטירליך געווען זעהר ווינשענסווערטה, עס זאָל אָבגע־שאַפט ווערן די אונבעקוועמליכקייט, וואָס איז פערבונדען מיט דער דאָזיגער פאָרם פון ניט־דירעקטער אויסטוישבאַרקייט פון סחורות. פּרודאָן'ס סאָציאַליזם איז אַן אויסמאַלונג פון דער דאָזיגער פיליסטער־אוטאָפּיע—אַ פאָרם פון סאָציאַליזם, וועלכער, ווי איך האָב אַנדערשוואו בעוויזען, האָט אפילו ניט דאָס פערדיענסט פון אָריגינאַליטעט, נאָר איז אַ לאַנגע צייט פאַר איהם פיעל בעסער ענטוויקעלט געוואָרן פון גריי, בריי און אַנדערע. עס שטערט פונדעסטוועגען ניט היינטיגע צייטען דער דאָזיגער חכמה צו פּאַראַדירן אין געוויסע קרייזען אונטער דעם נאָמען פון „וויסענשאַפט". קיינמאָל האָט אַ שוהלע זיך ניט אַרומגעוואָרפען מיט דעם וואָרט „וויסענשאַפט", ווי פּרודאָן'ס שוהלע, וואָרים

„וואו בעגריפען פעהלען,
דאָ שטעלט צור רעכטען צייט איין וואָרט זיך איין."

לייוועגט=20 עלען לייוועגט—א טויטאלאגיע,* וועלכע דריקט ניט אוים, ניט דעם ווערטה, ניט די גרוים פון ווערטה. כדי אויסצודריקען דעם רעלאטיווען ווערטה פון דעם אלגעמיינעם עקוויוואלענט, מוזען מיר דוקא איבערדרעהען די פארם C. דער עקוויוואלענט בעזיצט ניט אינאיינעם מיט די אנדערע סחורות א געמיינשאפטליכע רעלאטיווע ווערטה־פארם, זאנדערן זיין ווערטה דריקט זיך אוים רעלאטיוו אין דער ענדלאזער סעריע פון אלע אנדערע סחורה־זאכען. אט אזוי בעווייזט זיך איצטער די אויסגעברייטערטע רעלאטיווע ווערטה־פארם, אדער די פארם B, אלס די ספעציפישע רעלאטיווע ווערטה־פארם פון דער עקוויוואלענט־סחורה.

## דער איבערגאנג פון דער אלגעמיינער ווערטה־פארם צו דער געלד־פארם.

די אלגעמיינע עקוויוואלענט־פארם איז א פארם פון ווערטה בכלל. יעדע סחורה, הייסט עס, קאן זי אננעהמען. פון דער אנדער זייט, אויב א סחורה געפינט זיך נאר אין דער אלגעמיינער עקוויוואלענט פארם (פארם C), איז דאס דערפאר, און אויף אזוי וויים ווי זי ווערט אלס עקוויוואלענט, אויסגעשלאסען דורך אלע אנדערע סחורות. און ערשט פון יענעם אויגענבליק אן, ווען די דאזיגע אויסשליסונג האט זיך ענדגילטיג בעשרענקט אויף איין ספעציפישען, בעזונדערן סחורה־סארט, האט די איינהייטליכע רעלאטיווע ווערטה־פארם פון דער סחורה־וועלט געוואונען אן אביעקטיווע פעסטקייט און אן אלגעמיין־געזעלשאפטליכע גילטיגקייט.

דער ספעציפישער מין סחורה, וואס די עקוויוואלענט־פארם איז געזעלשאפטליך צונויפגעוואקסען מיט זיין נאטוראל־פארם, ווערט איצט די געלד־סחורה, אדער פונקציאנירט אלס געלד. דאס ווערט איהר ספעציפיש־געזעלשאפטליכע פונקציע, און פאלגליך איהר געזעלשאפטליכע מאנאפאל, צו שפיעלען אין דער סחורה־וועלט די ראליע פון דעם אלגעמיינעם עקוויוואלענט. צווישען די סחורות, וועלכע פיגורירען אין דער פארם B אלס בעזונדערע עקוויוואלענטען פון דער לייוועגט, און וועלכע דריקען אוים אין

* טויטאלאגיע איז די נוצלאזע ווידערהאלונג פון א געדאנק אין אנדערע ווערטער, וועלכע האבען דיזעלבע בעדייטונג. — דער איבערזעצער.

פאָרם C געמיינשאַפטליך זייער ווערטה אין לייוועגט, האָט איין בעשטימטע סחורה היסטאָריש עראָבערט דעם דאָזיגען פּריוויר לעגירטען פּלאַץ, און דאָס איז—גאָלד. ווען מיר שטעלען דעריבער אוועק אין פאָרם C די סחורה גאָלד אויף דעם פּלאַץ פון דער סחורה לייוועגט, בעקומען מיר:

## D. געלד־פאָרם.

| | |
|---|---|
| 20 עלען לייוועגט | |
| 1 ראָק | |
| 10 פונט טהעע | |
| 40 פונט קאווע | =2 אונצען גאָלד. |
| 1 פערטעל ווייץ | |
| ½ טאָן אייזען | |
| איקס סחורה א | |

ביי דעם איבערגאַנג פון פאָרם A צו פאָרם B און פון פאָרם B צו פאָרם C קומען פאָר גרינדליכע פערענדערונגען. די פאָרם D פערקעהרט, אונטערשיידט זיך מיט גאָרנישט פון פאָרם C, א חוץ וואָס אנשטאט די לייוועגט, בעזיצט איצטער גאָלד די אַלגעמיינע עקוויוואַלענט־פאָרם. גאָלד בלייבט אין פאָרם D, וואָס די לייוועגט איז געווען אין פאָרם C—אַן אַלגעמיינער עקוויוואַלענט. דער פאָרטשריט בעשטעהט נאָר אין דעם, וואָס די פאָרם פון דירעקטער, אַלגעמיינער אויסטוישבארקייט, אָדער די אַלגעמיינע עקוויוואַלענט־פאָרם, איז איצט דורך געזעלשאַפטליכער געוואָנהייט ענדגילטיג צונויפגעוואַקסען מיט דער ספּעציפישער נאַטוראַל־פאָרם פון דער סחורה גאָלד.

גאָלד טרעט איצט אַרויס לגבי די אַנדערע סחורות אַלס געלד, נאָר דערפאַר ווייל עס איז שוין פריהער געשטאַנען לגבי זיי אַלס א סחורה. אַזוי ווי אַלע אַנדערע סחורות, האָט עס אויך פונקציאָנירט אַלס אַן עקוויוואַלענט—סיי אַלס אַן איינפאַכער עקוויוואַלענט אין פעראיינצעלטע אַקטען פון אויסטויש, סיי אַלס א בעזונדערער עקוויוואַלענט נעבען אַנדערע סחורה־עקוויוואַלענטען. ביסלעכווייז האָט עס אָנגעהויבען פאָנקציאָנירן, אין ענגערע אָדער ברייטערע

קרייזען, אַלס אַן אַלגעמיינער עקוויוואַלענט. אַזוי באַלד ווי עס האָט עראָבערט די מאָנאָפּאָל אויף אָט דעם פּלאַץ אין דעם ווערטה־אויסדרוק פון דער סחורה־וועלט, ווערט עס אַ געלד־סחורה, און ערשט פון אָט דעם אויגענבליק אָן, ווען עס איז שוין געוואָרן אַ געלד־סחורה, אונטערשיידט זיך פאָרם **D** פון פאָרם **C**, אָדער די אַלגעמיינע ווערטה־פאָרם איז פערוואַנדעלט אין דער געלד־פאָרם.

דער איינפאַכער רעלאַטיווער ווערטה־אויסדרוק פון אַ סחורה, צ.ב.ש. פון לייווענט, אין אַנאַנדער סחורה, וועלכע פונקציאָנירט שוין אַלס געלד סחורה, צ.ב.ש. אין גאָלד, איז די פּרייז־פאָרם פון דער דאָזיגער סחורה. די פּרייז־פאָרם פון דער לייווענט איז דעריבער:

20 עלען לייווענט=2 אונצען גאָלד,

אָדער אויב דער מינץ־נאָמען פון 2 אונצען גאָלד איז 2 פונט סטערלינג, איז

20 עלען לייווענט=2 פונט סטערלינג.

די שוועריגקייט אין מאַכען זיך אַ בעגריף פון דער געלד־פאָרם בעשטעהט נאָר אין קאָנען קלאָר בעגרייפען די אַלגעמיינע עקוויוואַלענט־פאָרם, און ממילא, הייסט עס, די אַלגעמיינע ווערטה־פאָרם איבערהויפּט, די פאָרם **C**. וויעדער די פאָרם **C** איז ארויסגעדרונגען פון פאָרם **B**, די אויסגעברייטערטע פאָרם, און איהר אור־עלעמענט, פון וואָס זי בעשטעהט, איז די פאָרם **A**, 20 עלען לייווענט=1 ראָק, אָדער **x** סחורה א=**y** סחורה ב. די איינפאַכע סחורה־פאָרם איז דעריבער דאָס זריעה־קערענדל פון דער געלד־פאָרם.

## 4. דער פעטיש־כאַראַקטער פון סחורה און זיין סוד.

אויפ'ן ערשטען בליק איז אַ סחורה דאַכט זיך אַ זעלבסטפערשטענדליכע, גאַנץ פשוט'ע זאַך. איהר אַנאַליז בעווייזט, אַז זי איז אַ זעהר פערפּלאָנטערטע זאַך, פול מיט מעטאַפיזיש'ע פּלפּולים און טעאָלאָגישע חריפות. אַזוי ווייט ווי זי איז אַ געברויך־ווערטה, שטעקען אין איהר ניט קיין סודות, סיי איך בעטראַכט זי פון דעם שטאַנדפּונקט, וואָס זי בעפריעדיגט מיט איהרע אייגענשאַפטען מענשליכע בעדערפעניסען, סיי פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז זי בעקומט ערשט די דאָזיגע אייגענשאַפטען אַלס אַ פּראָדוקט פון

מענשליכער ארבייט. עס איז קלאר בחוש, אז דער מענש ענדערט דורך זיין טהעטיגקייט די פארמען פון די נאטור־שטאפען אויף אזא אופן, ווי עס איז פאר איהם ניצליך. די פארם פון האלץ צ.ב.ש. ווערט פערענדערט, ווען מען מאכט פון איהם א טיש, פונדעסטוועגען בלייבט אלץ דער טיש האלץ — א פשוט'ע זאך, וואס מען איז תופס מיט די חושים. אזוי באלד אבער ווי ער טרעט ארוים אלס סחורה, פערוואנדעלט ער זיך אין עפעס וואס איז למעלה מן החושים. ניט נאר שטעהט ער מיט די פיס אויפ'ן באדען, נאר ער שטעלט זיך לגבי אלע אנדערע סחורות אויפ'ן קאפ, און ברענגט ארוים פון זיין הילצערנעם קאפ משונה'דיגע פאנטאזיעס, א סך מעהר וואונדערליך, ווי ווען ער וואלט פון הוילער הויט אנגעהויבען צו טאנצען.[25]

דער סודות'דיגער כאראקטער פון סחורה נעהמט זיך אלזא ניט פון איהר געברויך־ווערטה. ער שטאמט פונקט אזוי ווייניג אב פון דעם אינהאלט פון די ווערטה־בעשטימונגען. ווארים ערשטענס, ווי פערשיידען די ניצליכע ארבייטען אדער פראדוקטיווע טהעטיגקייטען זאלען ניט זיין, איז עס א פיזיאלאגישע ווארהייט, אז זיי זיינען פונקציעס פון דעם מענשליכען ארגאניזם, און אז יעדע פונקציע אזוינע, וואס עס זאל ניט זיין איהר אינהאלט און איהר פארם, איז בעצם א פערוועדונג פון מענשליכען געהירן, פון נערוועז, מוסקולען א.אז.וו. צווייטענס, דאס וואס ליעגט אין גרונד פון דער בעשטימונג פון דער גרויס פון ווערטה, דהיינו די צייט, וואס די דאזיגע פערוועדונג האט געדויערט, אדער די קוואנטיטע פון דער ארבייט, לאזט זיך דאך פשוט מיט די חושים אונטערשיידען פון דער קוואליטע פון דער ארבייט. די ארבייטס־צייט, וואס די פראדוקציאן פון לעבענס־מיטעל קאסט, האט אין אלע געזעלשאפטליכע צושטאנדען געמוזט אינטערעסירן דעם מענשען, הגם ניט אין דערזעלבער מאס אויף די פערשיידענע שטופען פון ענטוויקלונג.[26] און ענדליך, אזוי באלד ווי מענשען

25 מען קאן זיך עראינערן, אז כינא און די טישען האבען אנגעפאנגען צו טאנצען, ווען די גאנצע איבעריגע וועלט האט געשיינט צו שטעהן שטיל — כדי אויפצוּוועקען די אנדערע.

26 ביי די אלטע גערמאנען האט זיך גערעכענט די גרויס פון א מארג לאנד מיט דער ארבייט, וואס מ'האט געקאנט אויפטאן אין א טאג, און דעריבער האט דער מארג געהייסען טאגווערק (אויך טאגוואננע, — זשורנאלע אדער זשורנאלים, טעררא זשורנאלים, זשארנאלים אדער דיארנאלים), מאננווערק, מאננס־

אַרבייטען אויף וועלכען עס איז אופן איינע פאַר די אַנדערע, בעקומט זייער אַרבייט אויך אַ געזעלשאַרטליכע פאָרם.

פון וואַנען, אַלזאָ, שטאַמט דער סודות׳דיגער כאַראַקטער פון דעם אַרבייט־פּראָדוקט, אַזוי שנעל ווי ער נעהמט אָן די פאָרם פון סחורה? הפּנים אַז פון דער דאָזיגער פאָרם גופא. די גלײַכהייט פון אַלערליי מענשליכע אַרבייטען צייגט זיך אַרוים אָביעקטיוו דורכדעם, וואָס אַלע אַרבייט־פּראָדוקטען זיינען גלייך ווערטה־זאַכען; די מאָס פון דער פערוועגדונג פון מענשליכער אַרבייט־קראַפט, לויט דער צייט וואָס זי האָט געדויערט, נעהמט אָן די פאָרם פון דער ווערטה־גרוים פון די אַרבייט־פּראָדוקטען; און ענדליך, די געגענזייטיגע בעציהונגען פון די פּראָדוצירער, אין וועלכע די געזעלשאַפטליכע בעשטימונגען פון זייערע אַרבייטען רעאַליזירן זיך, בעקומען די פאָרם פון אַ געזעלשאַפטליכער שייכות פון די אַרבייט־פּראָרוקטען.

די סודות׳דיגקייט פון דער סחורה־פאָרם בעשטעהט, הייסט עס, פּשוט אין דעם, וואָס זי שפּיעגעלט אָב פאַר די מענשען די געזעלשאַפטליכע כאַראַקטערען פון זייער אייגענער אַרבייט, אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען אָביעקטיווע כאַראַקטערען פון די אַרבייט־פּראָדוקטען גופא, אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען געזעלשאַפטליכע נאַטור־אייגענשאַפטען פון די דאָזיגע זאַכען; און בכן ווערט אויך פאָרגעשטעלט די געזעלשאַפטליכע שייכות פון די פּראָדוצירער צו דעם סך־הכל פון זייערע פּראָדוקטען אַלס אַ געזעלשאַפטליכע שייכות פון זאַכען, וואָס עקזיסטירט אויסער זיי, די פּראָדוצירער. דורך אָט דעם „קוויד פּראָ קוואָ״ [ענדערונג פון בעגריפען] ווערן די אַרבייט־פּראָדוקטען סחורות, למעלה מן החושים׳דיגע אָדער געזעל־שאַפטליכע זאַכען. אויפ׳ן זעלבען אופן שטעלט זיך פאָר דער ליכט־איינדרוק פון אַ זאַך אויף דעם זעה־נערוו, ניט ווי אַ סוב־יעקטיווער רייץ פון דעם זעה־נערוו גופא, נאָר ווי אַן אָביעקטיווע פאָרם פון אַ זאַך, וואָס שטעהט פון דרויסען פון אויג. ‏״בער ביים

---

קראַפט, מאַנכסמאַ״ד א.אז.וו. זעה מאורער: „איינלייטונג צור געשיכטע דער מאַרק־האָף—א.אז.וו. פערפאַסונג״, מינכען 1859, ז. 129. דער נאָמען „זשורנאַל״ פאַר אַ פלאַך־מאָס לאַנד, אַז ערד אַ מאָרג, ווערט נאָך געברויכט אין אייניגע טיילען פון פראַנקרייך.

זעהען ווערט ווירקליך דאָס ליכט געוואָרפען פון איין זאַך, דעם אויסערן געגענשטאַנד, אויף אַנאַנדער זאַך, דעם אויג. עס איז אַ פיזישע שייכות צווישען פיזישע זאַכען. פערקעהרט, די סחורה־פאָרם און די ווערטה־שייכות פון די ארבייט־פּראָדוקטען, אין וועלכער זי, די סחורה־פאָרם, שטעלט זיך פאָר, האָט מיט איהר פיזישער נאַטור און מיט די מאַטעריעלע בעציהונגען וואָס שטאַמען פון דעם, לחלוטין גאָרנישט צו טהאָן. דאָ איז עס נאָר אַ בעשטימטע געזעלשאַפטליכע שייכות צווישען די מענשען גופא, וועלכע נעהמט אָן פאָר זיי די פאַנטאַסטישע פאָרם פון אַ שייכות צווישען זאַכען. כדי אַלזאָ צו געפינען אַ ריכטיגע אַנאַלאָגיע, מוזען מיר אַ פליה טהאָן אין די נעבעלדיגע מקומות פון דער רעליגיעזער וועלט. דאָ, אין דער דאָזיגער וועלט, קומען פאָר די פּראָדוקטען פון דעם מענשליכען קאָפּ ווי זעלבשטענדיגע געשטאַלטען, וואָס זיינען בעגאַבט מיט אַן אייגען לעבען און געפינען זיך אין אַ שייכות אי צווישען זיך, אי מיט די מענשען. אַזוי קומט אויך פאָר אין דער סחורה־וועלט מיט די פּראָדוקטען פון די מענשליכע הענט. אָט דאָס רוף איך אָן דעם פעטישיזם, וואָס קלעבט זיך אָן צו די ארבייט־פּראָדוקטען, ווי נאָר זיי ווערן פּראָדוצירט אַלס סחורות, און וועלכער קאָן דעריבער זיך ניט אָבטרייסען פון דער סחורה־פּראָדוקציאָן.

אָט דער פעטיש־כאַראַקטער פון דער סחורה־וועלט שטאַמט אָב, ווי דער פריהערדיגער אַנאַליז האָט שוין געצייגט, פון דעם אייגענטימליכען געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער פון דער ארבייט, וועלכע פּראָדוצירט סחורות.

געברויך־זאַכען ווערן בכלל סחורות, נאָר ווייל זיי זיינען פּראָדוקטען פון פּריוואַט־ארבייטען, וואָס ווערן בעטריבען אומאָבהענגיק איינע פון די אַנדערע. דער קאָמפּלעקס [סך הכל] פון אָט די פּריוואַט־ארבייטען שטעלט צונויף די געזעלשאַפטליכע קאָלעקטיוו־ארבייט. אַזוי ווי די פּראָדוצירער טרעטען אריין אין געזעלשאַפטליכער בעריהרונג ערשט דורך דעם אויסטויש פון זייערע ארבייט־פּראָדוקטען, ווייזען זיך ארויס די ספּעציפיש־געזעלשאַפטליכע כאַראַקטערען פון זייערע פּריוואַט־ארבייטען אויך ערשט אין די גרעניצען פון דעם דאָזיגען אויסטויש. אין אַנדערע ווערטער, די ארבייטען פון די פּריוואַט־מענשען פערנעהמען פאַקטיש אַ פּלאַץ אַלס גליעדער פון דער געזעלשאַפטליכער קאָלעקטיוו־ארבייט

ערשט דורך די שייכות'ן, וואָס דער אויסטויש פיהרט אַריין צווישען די אַרבייט־פּראָדוקטען, און אינדירעקט, דורך זיי, צווישען די פּראָדוצירער. פאַר די לעצטע, די פּראָדוצירער, ערשיינען דעריבער די געזעלשאַפטליכע בעציהונגען פון זייערע פּריוואַט־אַרבייטען אַלס דאָס, וואָס זיי זיינען ווירקליך, דאָס הייסט, ניט ווי דירעקטע געזעלשאַפטליכע שייכות'ן פון די פּערזאָנען און זייערע אַרבייטען גופא, נאָר ריכטיגער ווי זאַכליכע שייכות'ן פון פּערזאָנען און געזעלשאַפטליכע שייכות'ן פון זאַכען.

ערשט אין זייער אויסטויש בעקומען די אַרבייט־פּראָדוקטען אַ געזעלשאַפטליך־גלייכען שטאַנד אַלס ווערטהען, אָבגעזונדערט פון זייערע מאַטעריעל־פערשיידענע פאָרמען אַלס געברויך־זאַכען. אָט די ש־אַלטונג פון דעם אַרבייט־פּראָדוקט אין אַ ניצליכער זאַך און אַ ווערטה־זאַך בעווייזט זיך פּראַקטיש נאָר דאַן, ווען דער אויסטויש האָט שוין געוואונען אַזאַ ברייטע אויסשפּרייטונג און וויכטיגקייט, אַז ניצליכע זאַכען ווערן פּראָדוצירט פאַר'ן אויסטויש און זייער כאַראַקטער אַלס ווערטהען ווערט שוין בעת זייער פּראָדוקציאָן גופא גענומען אין בעטראַכט. פון אָט דעם אויגענבליק אָן בעקומען די פּריוואַט־אַרבייטען פון די פּראָדוצירער פאַקטיש אַ טאָפּעלטען געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער. פון איין זייט מוזען זיי, אַלס בעשטימטע ניצליכע אַרבייטען, בעפריעדיגען אַ בעשטימטע געזעלשאַפטליכע בעדערפעניש און אָט אַזוי פערנעהמען זייער פּלאַץ אַלס גליעדער פון דער קאָלעקטיוו־אַרבייט, פון דעם נאַטור־אויסגעוואַקסענעם סיסטעם פון דער געזעלשאַפטליכער צוטיילונג פון דער אַרבייט. פון דער אַנדער זייט בעפריעדיגען זיי די פיעל־פאַכיגע בעדערפענישען פון זייערע אייגענע פּראָדוצירער נאָר אויף אַזויפיעל, אויף וויפיעל יעדע בעזונדערע ניצליכע פּריוואַט־אַרבייט קאָן ווערן אויסגעטוישט אויף יעדער אַנדער ניצליכער פּריוואַט־אַרבייט, הייסט עס, אויף וויפיעל זי גילט גלייך ווי זי. די גלייכהייט אין יעדער בעציהונג פון פערשיידענע אַרבייטען קאָן בעשטעהן נאָר אין אַן אַבסטראַהירונג פון זייערע ווירקליכע אונגלייכהייטען, ד.ה. אין דעם, וואָס מען רעדוצירט זיי צו דעם געמיינשאַפטליכען כאַראַקטער, וואָס זיי אַלע בעזיצען אַלס פערווענדונג פון מענשליכער אַרבייט־קראַפט—־ון אַבסטראַקטער מענשליכער אַרבייט. דער מוח פון די פּראָדוצירער שפּיעגעלט אָב דעם טאָפּעלטען געזעלשאַפטליכע

כאַראַקטער פון די פּריוואַט־אַרבייטען נאָר אין די פאָרמען, אין וועלכע די דאָזיגע אַרבייטען ווייזען זיך אַרויס אין פּראַקטישען פערקעהר ביים אויסטויש פון פּראָדוקטען: דעם געזעלשאַפטליך־ניצליכען כאַראַקטער פון זייערע פּריוואַט־אַרבייטען—אין דער פאָרם, וואָס דער אַרבייט־פּראָדוקט מוז זיין ניצליך, און דוקא ניצליך פאַר אַנדערע; דעם געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער פון גלייכהייט פון די פערשיידענאַרטיגע אַרבייטען—אין דער פאָרם פון דעם געמיינזאַמען ווערטה־כאַראַקטער פון אָט די מאַטעריעל־פערשיידענע זאַכען, פון די אַרבייט־פּראָדוקטען.

מענשען ברענגען אַלזאָ זייערע אַרבייט־פּראָדוקטען אין שייכות איינע מיט די אַנדערע, ניט דערפאַר ווייל זיי זעהען אין די דאָזיגע זאַכען בלויז די מאַטעריעלע כלים פון גלייכאַרטיגער מענשליכער אַרבייט. פערקעהרט: דורכדעם וואָס זיי שטעלען זייערע פערשיידענאַרטיגע פּראָדוקטען, אין אויסטויש איינע אויף די אַנדערע, גלייך אַלס ווערטהען, שטעלען זיי דערמיט זייערע פערשיידענע אַרבייטען גלייך איינע מיט די אַנדערע אַלס מענשליכע אַרבייט. זיי ווייסען דאָס ניט, אָבער זיי טהוען עס. עס שטעהט, הייסט עס, ביי דעם ווערטה אויף'ן שטערן ניט אָנגעשריבען וואָס ער איז. אדרבא, דער ווערטה פערוואַנדעלט יעדען אַרבייט־פּראָדוקט אין אַ געזעלשאַפטליכען היעראָגליף. שפּעטער זוכען די מענשען אויפ־צודעקען דעם זין פון די היעראָגליפען, צו דערגעהן דעם סוד פון זייער אייגענעם געזעלשאַפטליכען פּראָדוקט; וואָרים די בעשטימונג, אַז געברויך־זאַכען זיינען ווערטהען, איז פּונקט אַזוי גוט זייערער אַ געזעלשאַפטליכער פּראָדוקט, ווי די שפּראַך איז אַ געזעלשאַפטליכער פּראָדוקט. די לעצטענס געמאַכטע וויסענשאַפטליכע ענטדעקונג, אַז די אַרבייט־פּראָדוקטען, אין דעם ערך וואָס זיי זיינען ווערטהען, זיינען בלויז מאַטעריעלע אויסדרוקען פון דער מענשליכער אַרבייט, וואָס איז פערוועגדעט געוואָרן אין זייער פּראָדוקציאָן, בעצייכענט געוויס אַן עפּאָכע אין דער ענטוויקלונג־

---

[27] נאָטע צו דער צווייטער אויסגאַבע. ווען גאַליאַני זאָגט דעריבער, אַז דער ווערטה איז אַ שייכות צווישען צוויי פּערזאָנען, האָט ער געדאַרפט צו דעם מוסיף זיין: אַ שייכות, וואָס איז פערשטעקט אונטער אַ זאַכליכען צודעק. (גאַליאַני, „דעללאַ מאָנעטאַ", ז. 220 ב. 122 פון קוסטאָדי'ס זאַמלונג, פּאַרטע מאָדערנאַ, מילאַן 1801).

געשטאַלט פון דער מענשהייט, זי צוטרייבט אָבער בשום אופן ניט דעם אָביעקטיווען איינדרוק פון דעם געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער פון דער אַרבייט. וואָס עס איז גילטיג נאָר פאַר אַט דער ספּעציעלער פאָרם פון פּראָדוקציאָן, די סחורה־פּראָדוקציאָן— דהיינו אז דער ספּעציפיש געזעלשאַפטליכער כאַראַקטער פון די פּריוואַט־אַרבייטען, וואָס זיינען אונאָבהענגיק איינע פון די אַנ־דערע, בעשטעהט אין זייער גלייכהייט אַלס מענשליכע אַרבייט און נעהמט אָן די פאָרם פון דעם ווערטה־כאַראַקטער פון די אַרבייט־פּראָדוקטען—דאָס ערשיינט פאַר די וואָס זיינען פער־נומען אין די פערהעלטענישען פון דער סחורה־פּראָדוקציאָן, פּונקט אזוי ענדגילטיג, ווי אַז די וויסענשאַפטליכע פאַנאַנדערטיילונג פון דער לופט אויף איהרע עלעמענטען, לאָזט פונדעסטוועגען די לופט־פאָרם בעשטעהן אַלס אַ פיזישע קערפּער־פאָרם.

וואָס די פּראָדוקטען־אויסטוישער אינטערעסירט פּראַקטיש פריהער פאַר אַלץ, איז די פראַגע, וויפיעל פרעמדע פּראָדוקטען זיי קריגען פאַר דעם אייגענעם פּראָדוקט, און אין וועלכע פּראָפּאָר־ציעס זיי ווערען אויסגעטוישט. ווי נאָר די דאָזיגע פּראָפּאָרציעס האָבען בעקומען אַ געוויסע געוועהנהייטסמעסיגע בעשטענדיגקייט, זעהען זיי אויס פּונקט ווי זיי וואָלטען זיך גענומען פון דער נאַטור גופא פון די אַרבייטס־פּראָדוקטען; אַזוי צ.ב.ש. ווערט אָנגענומען, אַז 1 טאָן אייזען און 2 אונצען גאָלד האָבען אַ גלייכען ווערטה. פּונקט ווי דער פאַקט, אַז 1 פונט גאָלד און 1 פונט אייזען זיינען, טראָץ זייערע פערשיידענע פיזישע און כעמישע אייגענשאַפטען, גלייך שווער. אין דער ווירקליכקייט ווערט דער ווערטה־כאַראַקטער פון די אַרבייט־פּראָדוקטען ערשט פערפעסטיגט דורכדעם, וואָס זיי ווייזען זיך פּראַקטיש אַרויס אַלס ווערטהען פון אַ בעשטימטער גרויס. די דאָזיגע ווערטהען בייטען זיך שטענדיג, אונאָבהענגיק פון דעם ווילען, אויסרעכענונג און טהאָן פון די אויסטוישער. אין זייערע אויגען נעהמט אָן זייער אייגענע געזעלשאַפטליכע בע־וועגונג די פאָרם פון אַ בעוועגונג פון זאַכען, אונטער וועמענס קאָנ־טראָל זיי שטעהען, אַנשטאָט זי צו קאָנטראָלירן. עס פאָדערט זיך אַ פאָלשטענדיג־ענטוויקעלטע סחורה־פּראָדוקציאָן, איידער עס קאָן פון דער ערפאַהרונג אַליין אַרויסוואַקסען די וויסענשאַפטליכע איי־בערצייגונג, אַז די אַלערליי פּריוואַט־אַרבייטען, וואָס ווערן בע־

טריבען אונאָבהענגיק איינע פון די אַנדערע, אָבער הענגען דאָך אָב אויף אַלע זייטען איינע פון די אַנדערע אַלס נאַטור־געוואַקסענע גליעדער פון דער געזעלשאַפטליכער צוטיילונג פון דער אַרבייט, ווערן נאָכאַנאַנד רעדוצירט צו זייער געזעלשאַפטליך־פּראָפּאָרציאָנעלער מאָס. און דאָס איז אַזוי דערפאַר, ווייל אין די אַלע צופעליגע און שטענדיג זיך בייטענדע אויסטויש־שייכות׳ן צווישען די פּראָדוקטען זעצט זיך מיט געוואַלט דורך די אַרבייט־צייט, וואָס איז געזעלשאַפטליך נויטיג זיי צו פּראָדוצירן, ווי אַ רעגולירענדעס נאַטור־געזעץ—אַ שטייגער ווי דאָס געזעץ פון גראַוויטאַציאָן, ווען דאָס הויז פאַלט אונז איין איבער׳ן קאָפּ.28 די בעשטימונג פון דער גרויס פון ווערטה דורך דער אַרבייט־צייט איז דעריבער אַ סוד, וואָס ליעגט בעהאַלטען אונטער די ערשיינענדע בעוועגונגען פון די רעלאַטיווע ווערטהען פון די סחורות. די ענטדעקונג פון דעם סוד שאַפט אָב דעם אויסזעהן פון צופעליגקייט אין דער בעשטימונג פון דער גרויס פון די ווערטהען פון די אַרבייט־פּראָדוקטען, זי שאַפט אָבער בשום אופן ניט אָב די פאָרם, אין וועלכער די דאָזיגע בעשטימונג קומט פאָר.

דאָס נאָכדענקען וועגען די פאָרמען פון מענשליכען לעבען, און ממילא אויך דער וויסענשאַפטליכער אַנאַליז פון די דאָזיגע פאָרמען, פערנעהמט זיך בכלל אויף אַ וועג, וואָס איז דירעקט ענטגעגענגעזעצט צו דעם וועג פון זייערווירקליכער ענטוויקלונג. עס פאַנגט זיך אָן פאָסט פעסטום [לאחר המעשה], און בכן מיט די פאַרטיגע רעזולטאַטען פון דעם ענטוויקלונגס־פּראָצעס. די פאָרמען, וועלכע שטעמפּלען אַרבייט־פּראָדוקטען אַלס סחורות און זיינען דעריבער אַ פאָר־שטופע פון דער צירקולאַציע פון סחורות, בעזיצען שוין כמעט די פעסטקייט פון נאַטור־פאָרמען פון געזעלשאַפטליכען לעבען, איידער די מענשען זוכען נאָך צו דערקלערן זיך,—ניט דעם היסטאָרישען כאַראַקטער פון די דאָזיגע פאָרמען, וועלכע זיי האַלטען כמעט פאַר איביגע, נאָר זייער תוך. אָט אַזוי

28 „וואָס זאָלען מיר דענקען פון אַ געזעץ, וואָס קאָן זיך נאָר דורכזעצען דורך פּעריאָדישע רעוואָלוציאָנען? עס איז מעהר גאָרניט ווי אַ נאַטור־געזעץ, וואָס רוהט אויף דער בעוואוסטלאָזיגקייט פון די בעטייליגטע". (פרידריך ענגעלס: „אומריסע צו איינער קריטיק דער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע").

איז עס געווען נאָר דער אַנאַליז פון די פּרייזען פון סחורות, וואָס האָט געפיהרט צו דער בעשטימונג פון דער גרויס פון ווערטה, נאָר דער געמיינשאַפטליכער געלד־אויסדרוק פון סחורות, וואָס האָט געפיהרט צו דער פעסטשטעלונג פון זייער ווערטה־כאַראַקטער. עס איז אָבער גראָד אָט די פאַרטיגע פאָרם — די געלד־פאָרם — פון דער סחורה־וועלט, וועלכע פערדעקט פאַקטיש אַנשטאָט אויפצודעקען דעם געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער פון די פּריוואַט־אַרבייטען, און ממילא די געזעלשאַפטליכע שייכות'ן פון די פּריוואַט־פּראָדוצירער. ווען איך זאָג, אַז רעק, שטיוועל א.אַז.וו. שטעהען אין אַ שייכות צו לייווענט אַלס די אַלגעמיינע פערקערפּערונג פון אַבסטראַקטער מענשליכער אַרבייט, וואַרפט זיך דער אונזין פון דעם אויסדרוק אין די אויגען. אָבער ווען די פּראָדוצירער פון רעק, שטיוועל א.אַז.וו. שטעלען די דאָזיגע סחורות אין שייכות צו לייווענט — אָדער צו גאָלד און זילבער, וואָס איז אייגענטליך דיזעלביגע זאַך — אַלס צו אַן אַלגעמיינעם עקוויוואַלענט, דריקען זיי אויס די שייכות פון זייערע פּריוואַט־אַרבייטען צו דער געזעלשאַפטליכער קאָלעקטיוור אַרבייט פּונקט אין דערזעלביגער אונזיניגער פאָרם.

די גרונד־בעגריפען [קאַטעגאָריען] פון דער בורזשואַזער עקאָנאָמיע בעשטעהען אַקוראַט פון אָט אַזוינע פאָרמען. זיי זיינען געזעלשאַפטליך־גילטיגע, פאָלגליך אָביעקטיווע, געדאַנקען־פאָרמען, וואָס דריקען אויס די שייכות'ן פון אָט דעם היסטאָריש בעשטימטען געזעלשאַפטליכען אופן פון פּראָדוקציאָן — די פּראָדוקציאָן פון סחורות. דער גאַנצער מיסטיציזם פון דער סחורה־וועלט, דער גאַנצער כשוף און שדים־שפּיעל, וואָס רינגעלט אַרום די אַרבייט־פּראָדוקטען, ווען זיי נעהמען אָן די פאָרם פון סחורה־פּראָדוקציאָן, פערשווינדט דעריבער אין מאָמענט, ווי נאָר מיר געהען אַריבער צו אַנדערע פּראָדוקציאָנס־פאָרמען.

אַזוי ווי די פּאָליטישע עקאָנאָמיע האָט ליעב ראָבינזאָן־קרוזאָ־מעשיות,[29] איז זאָל ראָבינזאָן ערשיינען פאַר אונז אויף זיין אינזעל.

---

[29] אפילו ריקאַרדאָ קאָן זיך ניט בעגעהן אָהן אַ ראָבינזאָניאַדע. „דעם פּרימיטיווען פישער און פּרימיטיווען יעגער לאָזט ער גלייך, אַלס בעזיצער פון סחורה, אויסטוישען זייערע פיש און ווילד־רויב, לויט דער פּראָפּאָרציע פון אַרבייט־צייט, וואָס איז פערקערפּערט אין די דאָזיגע טויש־ווערטהען. ביי דער

ווי בעשיידען ער איז ניט פון צו־הויז אוים, מוז ער דאָך בעפריע־
דיגען פערשיידענאַרטיגע בעדערפענישען און מוז דעריבער טהאָן
אַלערליי סאָרטען ניצליכע ארבייט, דהיינו מאַכען ווערקצייג, פאַב־
ריצירן מעבעל, צוימען ווילדע ציגען, כאַפּען פיש, געהן אויף געיעג
א.אז.וו. וועגען דאַוונען און דערגלייכען רעדען מיר דאָ ניט, היות
ווי אונזער ראָבינזאָן האָט דערפון פערגעניגען און בעטראַכט אַזוינע
טהעטיגקייטען אַלס אַן ערהאָלונג. טראָץ דער פאַרשיידענהייט פון
זיינע פּראָדוקטיווע פונקציעס, וויים ער, אַז זיי זיינען נאָר פער־
שיידענע טהעטיגקייט־פאָרמען פון דעמזעלבען ראָבינזאָן, הייסט
עס, אַז זיי זיינען נאָר פערשיידענע אופנים פון מענשליכער ארבייט.
די נויט אַליין צווינגט איהם איינצוטיילען גענוי זיין צייט צווישען
זיינע פאַרשיידענע פונקציעס. אויב איין ארבייט פערנעהמט מעהר
פּלאַץ, אַנאַנדערע ווייניגער אין דעם סך הכל פון זיין טהעטיגקייט,
העַנגט עס אָב פון דער גרעסערער אָדער קלענערער שוועריקייט,
וואָס ער האָט בייצוקומען, כדי צו דערגרייכען די ניצליכע פאָלגען.
וועלכע ער בעזיצט, די פערשיידענע מלאכות, וואָס זיינען נויטיג
ערפאַהרונג, און אַזוי ווי ער האָט געראַטעוועט פון שיפבּרוך א
זייגער, א קאָנטאָ־בוך און טינט און פעדער, הויבט ער באַלד אָן,
אַלס עכטער ענגלענדער, צו פיהרען א בוך וועגען זיך אַליין. זיין
אינווענטאַר ענטהאַלט א פערצייכענונג פון די געברויך־זאַכען,
וועלכע רע בעזיצט, די פערשיידענע מלאכות, וואָס זיינען נויטיג
פאַר זייער פּראָדוקציאָן, און ענדליך די ארבייט־צייט, וואָס די
בעשטימטע סומען פון אָט די פערשיידענע פּראָדוקטען קאָסטען
איהם דורכשניטליך. אַלע בעציהונגען צווישען ראָבינזאָנ'ען און
די זאַכען, וואָס שטעלען צונויף זיין אַליין־געשאַפענעם רייכטום,
זיינען דאָ אַזוי איינפאַך און קלאָר, אַז אפילו הער מ. ווירטה
וועט זיי קאָנען פערשטעהן אָהן א בעזונדערע גייסטיגע אָנשטרענ־

געלעגענהייט פאַלט ער אריין אין דעם אַנאַכראָניזם, וואָס ער לאָזט די דאָזיגע
פּרימיטיווע פישער און יעגער מאַכען זייערע חשבונות וועגען די קאָסטען פון
זייערע ארבייט־אינסטרומענטען לויט די פּרייז־טאַבעלען, וואָס זיינען געברויכט
געוואָרן אויף דער לאָנדאָנער בערזע אין יאָהר 1817. די „פּאַראַלעלאָגראַמען
פון הערר אָווען" זעהט אויס, איז געווען די איינציגע געזעלשאַפט־פאָרם אַ חוץ
די בורזשואַזע פאָרם, מיט וועלכער ער איז געווען בעקאַנט. (קאַרל מאַרקס:
צור קריטיק עטצ. ז. 38, 39).

גונג. און דאך ענטהאלטען אט די בעציהונגען אלע גרונד־בע־
שטימונגען פון ווערטה.

לאמיר זיך איצטער אריבערקלייבען פון ראבינזאן'ס ליכ־
טיגען אינזעל אין דעם פינסטערן אייראפעאישען מיטעלאלטער.
אנשטאט דעם אונאבהענגיקען מאן געפינען מיר דא יעדען איינעם
אבהענגיק — לייבאייגענע און פריצים, וואסאלען און בארא־נען,
עולמ'שע מענשען און גלחים. פערזענליכע אבהענגיגקייט כאראק־
טעריזירט דא פונקט אזויפיעל די געזעלשאפטליכע פערהעלטנישען
פון דער מאטעריעלער פראדוקציאן, ווי די אנדערע ספערען פון
לעבען, וועלכע זיינען געבויט אויפ'ן באזיס פון דער דאזיגער
פראדוקציאן. אבער טאקע דעריבער ווייל פערזענליכע אבהענגי־
קייט שטעלט צונויף די געגעבענע געזעלשאפטליכע גרונדלאגע,
זיינען די ארבייטען און פראדוקטען ניט געצוואונגען אנצונעהמען
א פאנטאסטישע געשטאלט, וואס איז פערשיידען פון זייער ווירק־
ליכקייט. זיי נעהמען זיך אין די געזעלשאפטליכע פערהאנדלונגען
די פארם פון נאטוראל־דיענסטען און נאטוראל־לייסטונגען. די
נאטוראל־פארם פון דער ארבייט, איהר בעזונדערקייט און ניט
איהר אלגעמיינהייט, ווי אין א געזעלשאפט, וואס איז געבויט
אויף סחורה־פראדוקציאן, איז דא איהר דירעקטע געזעלשאפטליכע
פארם. די צוואנג־ארבייט ווערט פונקט אזוי געמאסטען אין צייט,
ווי די סחורה־פראדוצירענדע ארבייט; אבער יעדער לייבאייגענער
ווייס, אז עס איז א בעשטימטע סומע פון זיין פערזענליכער אר־
בייטס־קראפט, וואס ער גיט אב אין דיענסט פון זיין הארן. די
מעשר וואס ער דארף ברענגען דעם גלה איז מעהר ממשות'דיג־
קלאר איידער דעם גלח'ס ברכה. וואס פאר א מיינונג מען זאל
דעריבער ניט האבען וועגען די כאראקטער־מאסקען, אין וועלכע די
מענשען טרעטען דא ארויס, די געזעלשאפטליכע פערהעלטענישען
צווישען די פערזאנען און זייערע ארבייטען בעווייזען זיך יעדען־
פאלס אלס זייערע אייגענע פערזענליכע פערהעלטענישען, און זיינען
ניט פערקליידט אין דער פארם פון געזעלשאפטליכע פערהעלטעני־
שען צווישען זאכען, צווישען ארבייט־פראדוקטען.

כדי צו בעטראכטען געמיינזאמע ארבייט, ד.ה. דירעקט פער־
געזעלשאפטליכע ארבייט, דארפען מיר ניט געהן ווייט צוריק צו
דער נאטור־פארם, וועלכע מיר טרעפען אן אויפ'ן שוועל כון דער

געשיכטע פון אַלע קולטור־פעלקער.[30] מיר האָבן אַ געהנטערן ביישפּיעל אין די פּאַטריאַרכאַלישע אינדוסטריען פון אַ פּויערים־פאַמיליע, וועלכע פּראָדוצירט פאַר דעם אייגענעם געברויך תבואה, פיה, וואָלענס, לייוונט, קליידער א.אַז.וו. אָט די פערשיידענע אַרטיקלען טרעטען אַרויס לגבי דער פאַמיליע אַלס פערשיידענע פּראָדוקטען פון איהר אַרבייט, אָבער בשייכות צו זיך אַליין טרעטען זיי ניט אַרויס אַלס סחורות. די פערשיידענע אַרבייטען, וועלכע די דאָזיגע פּראָדוקטען שאַפען: ערד־אַרבייט, פיה־צוכט, שפּינען, וועבען, שניידעריי א.אַז.וו. זיינען אין זייער נאַטוראַל־פאָרם געזעלשאַפטליכע פונקציעס, וואָרים זיי זיינען פונקציעס פון דער פאַמיליע, וועלכע האָט איהר אייגענע פון־זיך ענטוויקעלטע צו־טיילונג דער אַרבייט, אַזוי גוט ווי די סחורה־פּראָדוקציאָן. די פאַנאַנדערטיילונג פון דער אַרבייט אין דער פאַמיליע און די רעגולירונג פון דער אַרבייט־צייט פון די איינצעלנע מיטגליעדער הענגען אָב פון די אונטערשיידען פון עלטער און געשלעכט, אַזוי גוט ווי פון די נאַטור־אומשטענדען, וואָס ענדערן זיך מיט די צייטען פון יאָהר. די פערווענדונג פון די אינדיווידועלע אַרבייט־כחות, וואָס ווערן געמאָסטען לויט זייער צייט־דויער, קומען דאָ אָבער בעצם פאַר אַלס אַ געזעלשאַפטליכע בעשטימונג פון די דאָזיגע אַרבייטען, וואָרים די אינדיווידועלע אַרבייט־כחות ווירקען דאָ פון גרונד אויס אַלס אָרגאַנען פון דער קאָלעקטיווער [illegible]רבייט־קראַפט פון דער פאַמיליע.

---

[30] „די לעצטע צייט האָט זיך פערשפּרייט אַ לעכערליכער פאָראורטייל, אַז די פאָרם פון דעם פּרימיטיווען קאָמונאַל־אייגענטום איז [illegible] ספּעציפיש סלאַווישע אָדער גאָר אַן אויסשליסליך רוסישע פאָרם. זי איז די פּרימיטיווע פאָרם, וועלכע מיר קאָנען געפינען ביי די רוימער, גערמאַנען און קעלטען, און ביז היינטיגען טאָג געפינען זיך נאָך פיעלע ביישפּיעלען פון דער דאָזיגער פאָרם, הגם טיילווייז אין אַ חרוב׳ן צושטאַנד, אין אינדיען. אַ גענויער שטודיום פון די אַזיאַטישע, ספּעציעל פון די אינדישע קאָמונאַלע אייגענטום־פאָרמען, וואָלט בעוויזען ווי פון די פערשיידענע פאָרמען פון פּרימיטיווען קאָמונאַל־אייגענטום האָבען זיך ענטוויקעלט פערשיידענע פאָרמען פון זיין אונטערגאַנג. אַזוי צום ביישפּיעל קאָן מען אַרויספיהרען די פערשיידענע אָריגינאַל־טיפּען פון רוימישען און גערמאַנישען פּריוואַט־אייגענטום פון די פערשיידענע פאָרמען פון דעם אינדישען קאָמונאַל־אייגענטום.” (קאַרל [illegible]רקס: „צור קריטיק דער פּאָליטישען עקאָנאָמיע” ז. 10.)

לאָמיר זיך צושטעלן, פאַר אַן אָבוועקסלונג, פאַרשטעלען אַ פעראיין פון פרייע מענשען, וועלכע ארבייטען מיט געמיינשאַפט־ליכע פּראָדוקציאָנס־מיטלען און פערווענדען זייערע פיעלע אינ־דיווידועלע ארבייטס־קרעפטען בעוואוסטזיניג אַלס איין געזעל־שאַפטליכע ארבייט־קראַפט. אַלע כאַראַקטער־שטריכען פון ראָ־בינזאָן קרוזאָ'ס ארבייט ווידערהאָלען זיך דאָ, נאָר געזעלשאַפטליך אַנשטאַט אינדיווידועל. ראָבינזאָן'ס פּראָדוקטען זיינען אַלע געווען אויסשליסליך זיין אייגענער פּערזענליכער פּראָדוקט, און דעריבער דירעקטע געברויך־זאַכען פאַר איהם. דער קאָלעקטיוו־פּראָדוקט פון דעם פעראיין איז אַ געזעלשאַפטליכער פּראָדוקט. איין טייל פון דעם דאָזיגען פּראָדוקט דיענט ווידער אַלס פּראָדוקציאָנס־מיטעל. דער טייל בלייבט געזעלשאַפטליך. אָבער אַנאַדער טייל ווערט פערצעהרט פון די פעראיין־מיטגליעדער אַלס לעבענס־מיטעל. דער טייל מוז דעריבער פערטיילט ווערן צווישען זיי. דער אופן פון דער דאָזיגער פערטיילונג וועט זיך בייטען לויט דעם בעזונדערן אופן פון דעם געזעלשאַפטליכען פּראָדוקציאָנס־אָרגאַניזם און לויט דעם צוגעפּאַסטען געשיכטליכען ענטוויקלונגס־גראַד פון די פּראָדוצירער. מיר ווילען זיך משער זיין, אָבער נאָר אַלס פּאַראַלעל מיט דער סחורה־פּראָדוקציאָן, אַז דער חלק פון יעדען פּראָדוצירער אין די לעבענס־מיטלען ווערט בעשטימט דורך זיין ארבייטס־צייט. די ארבייט־צייט וואָלט אויף דעם אופן שפּיעלען אַ טאָפּעלטע ראָליע. איהר געזעלשאַפטליך־פּלאַנמעסיגע איינטיילונג רעגולירט די ריכ־טיגע פּראָפּאָרציע צווישען די פערשיידענע ארבייטען, וואָס דאַרפען געטאָן ווערן, און די פערשיידענע בעדערפעניששען. פון דער אַנדער זייט דיענט די ארבייט־צייט אַלס אַ מאָס פון יעדען פּראָדוצירער'ס חלק אין דער קהל'שער ארבייט און דעריבער אויך פון זיין חלק אין דעם קהל'שען פּראָדוקט, וואָס איז בעשטימט פאַר דעם אינ־דיווידועלען פערברויך. די געזעלשאַפטליכע בעציהונגען פון די מענשען צו זייערע ארבייטען און זייערע ארבייטס־פּראָדוקטען זיינען דאָ קלאָר און פּשוט בנוגע דער פּראָדוקציאָן, אַזוי גוט ווי בנוגע דער דיסטריבוציאָן [פערטיילונג].

די רעליגיעזע וועלט איז ניט מעהר ווי דער אָבגלאַנץ (רע־פלעקס) פון דער ווירקליכער וועלט. פאַר אַ געזעלשאַפט פון סחורה־פּראָדוצירער, וואו זייער אַלגעמיינע געזעלשאַפטליכע פּראָ־

דוקציאָן־שייכות בעשטעהט אין פערהאַלטען זיך צו זייערע פּראָ־
דוקטען ווי צו סחורות, ד.ה. צו ווערטהען, און צו בעטראַכטען אין
אָט דער פּשוט׳ער פאָרם די בעציהונג פון זייערע פּריוואַט־אַרבייטען
איינע צו די אַנדערע ווי אַ בעציהונג פון גלייכער אַרבייט—פאַר
אַזאַ געזעלשאַפט איז דער קריסטענטום מיט זיין קולט פון דעם
אַבסטראַקטען מענשען, ספּעציעל אין זיין בירגערליכער ענטוויקלונג,
אין דעם פּראָטעסטאַנטיזם, דעאיזים א.אַז.וו. די העכסט־פּאַסיגע
פאָרם פון רעליגיאָן. אין די אַלט־אַזיאַטישע און אַנדערע אַלטער־
טימליכע אופנים פון פּראָדוקציאָן שפּיעלט די פערוואַנדלונג פון
פּראָדוקטען אין סחורות, און בכן דער קיום פון מענשען אַלס אַ
סחורה־פּראָדוצירער, אַ נידעריגערע ראָליע, וועלכע ווערט אָבער
מעהר בעדייטענד, וואָס מעהר די דאָזיגע געזעלשאַפטען דערנעהנ־
טערן זיך צו זייער אונטערגאַנג. אייגענטליכע האַנדעלס־פעלקער
עקזיסטירן נאָר אין די צווישען־רוימען (אינטערמונדיען) פון דער
אַלטער וועלט, ווי עפּיקור׳ס געטער, אָדער ווי די אידען איז די
שפּאַלטען פון דער פּוילישער געזעלשאַפט. יענע אַלטע געזעל־
שאַפטליכע פּראָדוקציאָנס־אָרגאַניזמען זיינען ניט אַן ערך איינ־
פאַכער און קלערער איידער דער בירגערליכער; אָבער זיי זיינען
געבויט ענטוועדער אויף דער אונרייפקייט פון דעם אינדיווידועלען
מענשען, וועלכער האָט זיך נאָך ניט אָבגעריסען פון דעם נאָפּעל־
שנור פון נאַטירליכען מין־צובונד צו אַנדערע מענשען, אָדער אויף
די דירעקטע שייכות׳ן פון הערשאַפט און קנעכטשאַפט. דער תנאי
פון זייער עקזיסטענץ איז אַ נידעריגע ענטוויקלונגס־שטופע פון די
פּראָדוקטיווע קרעפטען פון דער אַרבייט און, ווי עס געהט דערמיט,
איינגעצוימטע שייכות׳ן פון מענשען אין די גרעניצען פון זייער
מאַטעריעלען חיונה־שאַפענדען פּראָצעס, ווי ממילא אויך איינע
צו די אַנדערע און צו דער נאַטור. אָט דיווירקליכע איינ־
געצוימטקייט שפּיעגעלט זיך ווידער אָב אידעעל אין די אַלטע
נאַטור־ און פאָלקס־רעליגיאָנען. דער רעליגיעזער אָבשיין פון דער
ווירקליכער וועלט קאָן אויף אַלע אופנים פערשווינדען נאָר דאַן,
ווען די שייכות׳ן פון דעם פּראַקטישען טעגליכען לעבען וועלען
פאָרשטעלען פאַר׳ן מענשען טאָג־טעגליך קלאָרע און פערנינפטיגע
בעציהונגען צו זיינע מיטמענשען און צו דער נאַטור. די געשטאַלט
פון געזעלשאַפטליכען לעבענס־פּראָצעס, דאָס הייסט פון דעם מאַ־

טעריעלען פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, ציהט אָרונטער איהר מיסטעריעזען נעבעל־שלייער נאָר דאַן, ווען זי שטעהט ווי אַ פּראָדוקט פון פריע, געזעלשאַפטליך־פעראייניגטע מענשען און אונטער זייער באַוואוסט־זיניגען, פּלאַנמעסיגען קאָנטראָל. דערצו אָבער פאָדערט זיך אַ מאַ־טעריעלע גרונדלאַגע פון דער געזעלשאַפט, אָדער אַ גאַנצע רייה פון מאַטעריעלע עקזיסטענץ־בעדינגונגען, וועלכע זיינען אַליין ווידער אַ נאַטור־געוואַקסענער פּראָדוקט פון אַ לאַנגער און פּיינליכער ענט־וויקלונגס־געשיכטע.

די פּאָליטישע עקאָנאָמיע האָט, אמת טאַקע, אַנאַליזירט, ווען אפילו ניט־פאָלקאָמען,31 דעם ווערטה און די גרויס פון ווערטה,

---

31 ווי ס'איז שוין אויבען בעמערקט געווארן (ז. 70), זאגט ב. פראנקלין „היות ווי מסחר בכלל איז נישט מעהר ווי דער אויסטויש פון איין ארבייט אויף אנאנדער ארבייט, ווערט דעריבער דער ווערטה פון אלע זאכען אבגע־שאצט אם ריכטיגסטען אין ארבייט". ביי פראנקלין קומט אויס פונקט אזוי נאטירליך, אז זאכען האבען א ווערטה, ווי אז זיי בעזיצען שווערקייט. פון זיין שטאנדפונקט האנדעלט זיך פשוט וועגען דעם, אויסצוגעפינען ווי אזוי דער דאזיגער ווערטה קאן אבגעמאסטען ווערן אזוי גענוי ווי מעגליך. ער בעמערקט ניט צומאל, אז מיט דער בעהויפטונג, „מ'שאצט דעם ווערטה פון אלע זאכען אם ריכטיגסטען אין ארבייט", לאזט ער אויס פון בעטראכט דעם אונטערשייד פון די אויסגעטוישטע ארבייטען און רעדוצירט זיי צו גלייכע מענשליכע ארבייט. זאנסט וואלט ער געמוזט זאגן: אזוי ווי דער אויסטויש פון שיך און שטיוועל אויף טישען איז מעהר גארנישט ווי דער אויסטויש פון שוסטער־ארבייט אויף טישלער־ארבייט, מעסט מען דורך דער טישלער־ארבייט אם גענויעסטען דעם ווערטה פון שטיוועל! דערמיט וואס ער געברויכט דאס ווארט „ארבייט" בכלל אבסטראהירט ער (נעמט ניט אין בעטראכט) דעם נוצליכקייט־כאראקטער און די קאנקרעטע פארם פון די פערשיידענע ארבייטען.

אז ריקארדא'ס אנאליז געהט ניט ווייט גענוג — און זיינער איז שוין דער בעסטער — גועט מען ארויסזעהן אין דעם 3. און 4. בוך פון אט דעם ווערק. וואס איז נוגע דעם ווערטה בכלל, אונטערשיידט די קלאסישע פּאָליטישע עקאָ־נאָמיע אינערגעץ ניט אויסדריקליך און מיט א קלארען בעוואוסטזיין די אר־בייט ווי זי שטעלט זיך ארויס אין ווערטה, פון דערזעלבער ארבייט אויף ווי ווייט זי שטעלט זיך ארויס אין'ם געברויך־ווערטה פון איהר פּראָדוקט. פּראַק־טיש מאכט זי נאטירליך דעם אונטערשייד, ווארים איין מאל בעטראכט זי די ארבייט קוואנטיטאטיוו, אנאנדערסמאל קוואליטאטיוו. אבער ס'פאלט איהר גארניט איין, אז ווען דער אונטערשייד פון פערשיידענע ארבייטען ווערט בע־טראכט בלויז קוואנטיטאטיוו, ווערט דערמיט פאראויסגעזעצט איהר קוואליטא־טיווע איינהייט אדער גלייכהייט און ווערן אלזא רעדוצירט צו אבסטראקט

**און האָט ענטדעקט דעם אינהאַלט, וואָס ליעגט בעהאַלטען אין די דאָזיגע פאָרמען. זי האָט אָבער קיינמאָל אַפילו די פראַגע ניט געשטעלט, וואָרום נעהמט אָט דער אינהאַלט אָן יענע פאָרם, וואָרום די אַרבייט שטעלט זיך פאָר אין דעם ווערטה פון אַן אַרבייטס־פּראָדוקט און די מאָס פון אַרבייט, לויט איהר צייט־דויער, אין דער גרויס פון דעם ווערט?32 פאָרמולען, אויף**

---

מעכאַנישער אַרבייט. ריקאַרדאָ צ.ב.ש. ערקלערט זיך איינפערשטאַנדען מיט דעסטוט דע טראַסי, וועלכער זאָגט: „אַזוי ווי עס איז זיכער אַז אונזערע פיזישע און מאָראַלישע פעהיגקייטען זיינען אַליין אונזערע ערשטע רייכטימער, אַזוי איז די אַנווענדונג פון די דאָזיגע פעהיגקייטען, יעדער סאָרט אַרבייט, אונזער איינציגער אורשפּרינגליכער אוצר, און דורך אָט דער אַנווענדונג ווערן געשאַפען די אַלע זאַכען, וועלכע מיר רופען אַן רייכטום... אויסער דעם איז זיכער, אַז גאָט די אַלע זאַכען רעפּרעזענטירן נאָר די אַרבייט, וועלכע האָט זיי געשאַפען, און אויב זיי האָבען אַ ווערטה, אָדער ווען זיי האָבען אַפילו צוויי פערשיידענע ווערטהען, קאָנען זיי אַרויספּרענגען די דאָזיגע ווערטהען נאָר פון דער אַרבייט, פון וועלכער זיי נעהמען זיך". (ריקאַרדאָ, „דהי פּרינסיפּלס אָוו פּאָל. עקאָנאָם., 3. אויסגאַבע, לאָנדאָן 1821). מיר ווילען נאָר אָנווייזען, אַז ריקאַרדאָ האָט זיין אייגענעם טיעפערן זין אַריינגעלעגט אין דעסטוט'ס ווערטער. דעסטוט זאָגט טאַקע פון איין זייט, אַז אַלע זאַכען, וועלכע שטעלען צונויף רייכטום, „רעפּרעזענטירן די אַרבייט, וואָס האָט זיי געשאַפען" פון דער אַנדער זייט אָבער זאָגט ער, אַז זיי בעקומען זייערע „צוויי פערשיידענע ווערטהען" (געברויך־ווערטה און טויש־ווערטה פון „דעם ווערטה פון דער אַרבייט"). דערמיט פאַלט ער אַריין אין דער פלאַכקייט פון דער וואולגאַרער עקאָנאָמיע, וועלכע זעצט פאָראויס דעם ווערטה פון איין סחורה (אין דעם פאַל פון אַרבייט), כדי דורכדעם צו בעשטימען הינטער־אַרום דעם ווערטה פון אַנדערע סחורות. ריקאַרדאָ לעזט איהם אַזוי ווי ער וואָלט געזאָגט, אַז אַרבייט (ניט דער ווערטה פון אַרבייט) איז פערקערפּערט אין דעם געברויך־ווערטה, אַזוי גוט ווי אין דעם טויש־ווערטה. ער, ריקאַרדאָ, אַליין אָבער האָלט אַזוי ווייניג פון דעם צוויישפּאַלטיגען כאַראַקטער פון דער אַרבייט, וועלכער האָט אַ צוויישפּאַלטיגע פערקערפּערונג, אַז ער גיט אָב דעם גאַנצען קאַפּיטעל: „ווערטה און רייכטום, זייערע אונטערשיידענדע אייגענטימליכקייטען" אויף אַרומצישלאָגען זיך מיט די אויבערפלעכליכקייטען פון אַ זש. ב. סעי. צום סוף איז ער דעריבער טאַקע גאַנץ ערשטוינט, וואָס אַבוואויל דעסטוט שטימט מיט איהם איין מכח דער אַרבייט אַלס די קוואַל פון ווערטה, האַלט ער פון דער אַנדער זייט מיט סעי בנוגע דעם בעגריף פון ווערטה.

32 ס'איז איינער פון די גרונד־חסרונות פון דער קלאַסישער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, וואָס עס איז איהר קיינמאָל ניט געלונגען אַרויסצוגעפינען פון'ם אַנאַליז פון סחורה, און ספּעציעל פון'ם סחורה־ווערטה, די פאָרם פון ווערטה,

וועלכע עס שטעהט אויפגעשריבען אויפ'ן שטערן, אז זיי געהערען צו א געזעלשאַפט־צושטאַנד, אין וועלכען דער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס בעהערשט די מענשען און דער מענש בעהערשט נאָך ניט דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, גילטען אין זייער בורזשואזנעם בעוואוסט־

---

וואָס מאַכט איהם פאַר א טויש־ווערטה. גראַד איהרע בעסטע פערטרעטער, ווי אדאַם סמיטה און ריקאַרדאָ, בעהאַנדלען די ווערטה־פאָרם ווי עפּעס וואָס איז גאַנץ גלייכגילטיג, אדער אויסערליך פון דער נאַטור פון דער סחורה גופא. דער גרונד דערפון איז ניט דאָס אַליין, וואָס זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט איז פערנומען מיט דעם אנאַליז פון דער גרויס פון ווערטה. ער ליעגט טיעפער. די ווערטה־פאָרם פון דעם ארבייט־פּראָדוקט איז די אבסטראַקטעסטע אבער אויך די אַלגעמיינסטע פאָרם פון דעם בורזשואזנעם אופן פון פּראָדוקציאָן, וועלכע שטעמפּעלט איהר אַלס א בעזונדער כאַרט געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציאָן און גיט איהר דערמיט א ספּעציעלען געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער. ווען מען קוקט אויף איהר דעריבער ווי אויף אַן אייביגער נאַטור־פאָרם פון דער געזעלשאַפט־ליכער פּראָדוקציאָן, פערזעהט מען נויטיגערווייז דאָס ספּעציפישע פון דער ווערטה־פאָרם און ממילא אויך פון דער סחורה־פאָרם, און פון איהרע ווייטערע ענטוויקלונגען, די געלד־פאָרם, קאַפּיטאַל־פאָרם א.אז.וו. מען געפינט דעריבער ביי די עקנאָמען, וועלכע שטימען דורכאויס איין, אַז די ארבייט־צייט איז די מאָס פון דער גרויס פון ווערטה, די משונה'דיגסטע און העכסט ווידער־שפּרעכענדיגע פאָרשטעלונגען וועגען געלד, ד.ה. וועגען דער פאַרטיגער געשטאַלט פון דעם אַלגעמיינעם עקוויוואַלענט. דאָס ווייזט זיך ארויס זעהר אויפפאַלענד צ.ב.ש. ביי דער בעהאַנדלונג פון דעם באַנק־וועזען, וואו מען קאָן ווייט ניט געהן מיט די געוועהנליכע דעפיניציעס פון געלד. אין געגענזאַץ איז דעריבער או/זגעשטאַנען א פון דאָס ניי אויפגעריכטער מערקאַנטיל סיסטעם (גאַנילה א.אז.וו.), וועלכער זעהט אין דעם ווערטה נישט מעהר ווי א געזעלשאַפטליכע פאָרם, אדער ריכטיגער נאָר א שיין פון איהר אָהן א סובסטאַנץ. — איך וויל דאָ בעמערקען איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַז אונטער קלאַסישער פּאָליטישער עקאָנאָמיע פערשטעה איך די גאַנצע עקאָנאָמיע זינט וו. פּעטטי, וועלכע האָט אויסגעפאָרשט דעם אינערליכען צוזאַמענהאַנג פון די בורזשואזע פּראָדוקציאָנס־פערהעלטענישען, אין געגענזאַץ צו דער וואולגאַר־עקאָנאָמיע, וועלכע דרעהט זיך נאָר ארום דעם כלומר'שטען צוזאַמענהאַנג און קייעט נאָר איבער יעדעס מאָל ווידער דעם מאַטעריאַל, וואָס די וויסענשאַפטליכע עקאָנאָמיע האָט שוין לאַנג צוגעשטעלט, כדי צו געבען פערשטענדיגע ערקלערונגען פון די גרעבסטע ער־שיינונגען פאַר דעם הויזליכען געברויך פון דער בורזשואזיע, אַזוי צו זאָגען; אין אַלעם איבעריגען בעשרענקט זי זיך אויף דעם, וואָס זי סיסטעמאַטיזירט די אויסגעדראָשענע און זעלבסט־געפעליגע פערשטעלונגען פון די בורזשואזנע פּראָדוקציאָנס־אַגענטען וועגען זייער אייגענער בעסטער וועלט, איז מדקדק אויף יעדער קליינינגקייט און פּראָקלאַמירט זיי אַלס אייביגע וואַרהייטען.

זיין פאר פונקט אזא זעלבסטפערשטענדליכע נויטווענדיגקייט, ווי די פּראָדוקטיווע ארבייט גופא. די פאָר־בורזשואזנע פאָרמען פון דעם געזעלשאפטליכען פּראָדוקציאָנס־אָרגאניזם ווערן דעריבער בעהאנדעלט פון דער בורזשואזיע אשטייגער ווי די פאָר־קריסטליכע רעליגיאָנען פון די קירכען־פאָטערס.[38]

[38] „די עקאנאמען האנדלען אויף א זאנדערבארען אופן. פאר זיי עקזיסטירן נאר צוויי סארטען אינסטיטוציעס, קינסטליכע און נאטירליכע. די אינסטיטוציעס פון פעאדאליזם זיינען קינסטליכע אינסטיטוציעס, די אינסטיטוציעס פון דער בורזשואזיע זיינען נאטירליכע. אין דעריין זיינען זיי גלייך ווי די טעאלאגען, וועלכע אונטערשיידען אויך צוויי סאָרטען רעליגיאָנען. יעדע רעליגיאן, וואס איז ניט זייערע, איז אן ערפינדונג פון מענשען, בעת זייער אייגענע רעליגיאן איז אן אנטפלעקונג פון גאט.... הייסט עס, ס'איז אמאל געווען א געשיכטע, אבער זי איז שוין מעהר ניטא. (קארל מארקס, „דאס עלענד דער פילאזאפיע”, דייטשע איבערזעצונג, 1892, ז. 104)—באמת קאמיש איז הערר באסטיא, וועלכער בילדעט זיך איין, אז די אלטע גריכען און רוימער האבען געלעבט נאר פון רויב. ווען מען לעבט אבער פיעלע יאהרהונדערטען נאכאנאנד פון רויב מוז דאך שטענדיג זיין וואס צו רויבען אדער דער געגענשטאנד פון רויב מוז זיך נאכאנאנד רעפּראָדוצירן. עס קומט דעריבער אויס, אז די גריכען און רוימער האבען אויך געמוזט האבען א פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, הייסט עס אן עקאנאמיע, וועלכע האט פונקט אזוי אויסגעמאכט די מאטעריעלע גרונדלאגע פון זייער וועלט, ווי די בירגערליכע עקאָנאמיע מאכט אויס די גרונדלאגע פון דער היינטיגער וועלט. אדער מיינט אפשר באסטיא, אז א פּראָדוקציאָנס־אופן, וואס רוהט אויף דער שקלאווען־ארבייט, רוהט אויף א רויב־סיסטעם? דאן שטעלט ער זיך אויף א געפעהרליכען באָדען. ווען א ריעזען־דענקער ווי אריסטאָטעל האט געהאט א טעות אין זיין אָבשעצונג פון דער שקלאווען־ארבייט, ווארום [illegible]אל א קארליק־עקאָנאָם ווי באסטיא האבען רעכט אין זיין אָבשעצונג פון דער לוין־ארבייט? — איך נעהם מיר דאָ די געלעגענהייט קורץ אָבצוענטפערן אויף אן איינווענדונג, וואס א דייטשע צייטונג אין אמעריקא האט מיר געמאכט, בעת עס איז ערשיענען מיין בוך „צור קריטיק דער פּאָליטישען עקאָנאָמיע” אין 1859. זי זאָגט: מיין מיינונג, אז דער בעשטימטער אופן פון פּראָדוקציאָן און די פּראָדוקציאָנס־פערהעלטניסען, וואס זיינען יעדעסמאָל צוגעפּאסט צו איהם, אין קורצען—אז „די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון דער געזעלשאפט איז דער רעאלער באזיס, אויף וועלכען עס בויט זיך אויף א יוריסטישער און פּאָליטישער בנין (איבערבוי) און צו וועלכען עס זיינען צוגעפּאסט בעשטימטע געזעלשאפטליכע פארמען פון בעוואוסטזיין [פון דענקען];” אז „דער אופן פון פּראָדוקציאָן פון דעם מאטעריעלען לעבען בעשטימט (גיט די בעדינגונג) דעם סאציאלען, פּאָליטישען און גייסטיגען לעבענס־פּראָצעס איבערהויפּט”—אז דאס אלעס איז טאקע ריכטיג פאר דער היינטיגער וועלט,

אויף ווי ווייט איין טייל עקאנאמען ווערט פערפיהרט פון דעם פעטישיזם, וואס ליעגט אין דער סחורה־וועלט, אדער פון דעם אביעקטיווען שיין פון די געזעלשאפטליכע כאראקטער־שטריכען פון דער ארבייט, בעווייזט צווישען אנדערע דער לאנגוויליגער און צוגעגעסענער ויכוח וועגען דער ראליע פון דער נאטור אין דער שאפונג פון טויש־ווערטה. אזוי ווי טויש־ווערטה איז א בעשטימטע געזעלשאפטליכע מאנער אויסצודריקען די סומע ארבייט, וואס איז פערווענדעט געווארן אויף א זאך, קאן ער ניט ענטהאלטען מעהר נאטור־שטאף ווי למשל דער וועקסעל־קורס.

אזוי ווי די סחורה־פארם איז די אלגעמיינסטע און אונענט־וויקעלטסטע פארם פון דער בורזשואזער פראדוקציאן — וואס דע־ריבער טרעט זי מאקע ארויס גאנץ פריה, הגם ניט אויף דעמ־זעלבען הערשענדען און בכן כאראקטעריסטישען אופן ווי היינט צו טאג — זעהט זיך נאך איהר פעטיש־כאראקטער פערהעלטניס־מעסיג לייכט דורך. ביי מעהר קאנקרעטע פארמען פערשווינדט אפילו את דער אויסזעהן פון איינפאכקייט. פון וואנען האבען זיך גענומען די אילוזיעס פון דעם מאנעטאר־סיסטעם? דערפון וואס ער האט אין גאלד און זילבער אלס געלד ניט געזעהן דעם אויסדרוק פון א געזעלשאפטליכער פראדוקציאנס־שייכות, נאר א

---

וואו די מאטעריעלע אינטערעסען האבען די אויבער־האנד, אבער ס'איז ניט ריכטיג, ניט פאר דעם מיטעלאלטער, וואו דער קאטהאליציזם האט געהערשט און ניט פאר אטהען און רוים, וואו די פאליטיק איז געווען די הערשענדע מאכט. ערשטענס איז עס מאדנע, וואס עס פאלט איין מענשען זיך משער צו זיין, אז את די אויסגעדראשענע פראזען וועגען דעם מיטעלאלטער און דער אלטער וועלט זיינען פאר וועמען עס איז נאך געבליבען אונבעקאנט. אזוי־פיעל איז אבער קלאר, אז דער מיטעלאלטער האט ניט געקאנט לעבען פונ'ם קאטהאליציזם און די אלטע וועלט — פון דער פאליטיק. פערקעהרט, די ארט און וייזע ווי זיי האבען בעזארגט זייער חיונה דערקלערט ווארום דארט האט די הויפטראליע געשפיעלט דער קאטהאליציזם און דא די פאליטיק. איבעריגענס, פאדערט זיך גאר ניט קיין גרויסע בעקאנטשאפט מיט דער געשיכטע פון דער רוימישער רעפובליק, צ.ב.ש., כדי צו וויסען, אז די געשיכטע פון לאנד־אייגענטום איז איהר געהיימע געשיכטע. פון דער אנדער זייט האט שוין דאן קיכאט געקראגען זיין שטראף פאר דעם טעות, וואס ער האט געמיינט, אז די וואנדערענדע ריטערשאפט קאן זיך גלייך פער־טראגען מיט אלע עקאנאמישע פארמען פון דער געזעלשאפט.

פאָרם פון נאַטור־זאַכען, וועלכע האָבען זאָנדערבאַרע געזעלשאַפט־ליכע אייגענשאַפטען. און די מאָדערנע עקאָנאָמיע, וועלכע קוקט אַזוי גדלות'דיג פון אויבען אַרונטער אויף דעם מאָנעטאַר־סיסטעם— קאָן מען דען ניט איהר פעטישיזם אָנטאַפּען מיט די הענד, ווי נאָר זי בעהאַנדעלט דאָס קאַפּיטאַל? ווי לאַנג איז עס גאָר זינט די עקאָנאָמיע האָט פערוואָרפען די פיזיאָקראַטישע אילוזיע, אַז די גרונד־רענטע וואַקסט אַרויס פון דער ערד און ניט פון דער געזעלשאַפט?

כדי אָבער ניט צו פערכאַפּען אַפריהער, ווע‍לען מיר זיך בענוגענען מיט נאָך איין ביישפּיעל, בנוגע צו דער סחורה־פאָרם גופא. ווען סחורות וואָלטען געקאָנט רעדען, וואָלטען זיי געזאָגט: דעם מענשען, קאָן זיין, אינטערעסירט אונזער געברויך־ווערטה. אונז אָבער אַלס זאַכען געהט ער ניט אָן. וואָס עס געהערט יאָ צו אונז אַלס זאַכען, איז אונזער ווערטה. אונזער אייגענער פער־קעהר אַלס סחורה־זאַכען בעווייזט דאָס. מיר האָבען אַ שייכות איינע צו די אַנדערע נאָר אַלס טויש־ווערטהען. איצט לאָמיר הערן ווי דער עקאָנאָם רעדט פון דער סחורה־האַרץ אַרויס: „ווערטה (טויש־ווערטה) איז די אייגענשאַפט פון זאַכען, רייכטום (געברויך־ווערטה) איז די אייגענשאַפט פון מענשען. ווערטה אין אָט דעם זין שליסט נויטווענדיגערווייז איין דעם אויסטויש, רייכטום — ניט.‟34 „רייכטום איז אַן אייגענטימליכקייט פון מענשען, ווערטה — אַן אייגענטימליכקייט פון סחורות. אַ מענש אָדער אַ געמיינדע איז רייך; אַ פּערל אָדער אַ דימענט איז ווערטהפול... אַ פּערל אָדער אַ דימענט האָט ווערטה אַלס פּערל אָדער דימענט.‟35 קיין כעמיקער האָט נאָך ביזאַהער ניט געפונען קיין טוישווערטה אין אַ פּערל אָדער אַ דימענט. די עקאָנאָמישע ענטדעקער פון דער דאָזיגער כעמישער סובסטאַנץ, וועלכע מאַכען אַ בעזונדער אָנשפּרוך אויף קריטישער טיעפקייט, געפינען אָבער, אַז דער געברויך־ווערטה פון זאַכען איז אָבהענגיק פון זייערע זאַכליכע אייגענשאַפטען, בעת פערקעהרט, זייער ווערטה איז אַ טייל פון זיי אַלס זאַכען. וואָס

36“ Observations on some disputes in Political Economy, particularly relating to Value and Supply and Demand“: London 1821, p. 17.

35 S. Bailey; A Critical Disertation on the Nature etc. of Value, p. 165.

עס פאַרפעסטיגט זיי אין אַט דער מיינונג, איז דער זאָנדערבאַרער אומשטאַנד, וואָס דער געברויך־ווערטה פון זאַכען רעאַליזירט זיך פאַר'ן מענשען אָהן דעם אויסטויש, ד.ה. אין אַ דירעקטער שייכות צווישען זאַך און מענש, בעת איהר ווערטה רעאַליזירט זיך, פערקעהרט, נאָר אין אויסטויש, דאָס הייסט, אין אַ געזעלשאַפטליכען פּראָצעס. ווער דערמאָנט זיך דאָ ניט אָן אונזער גוטען פריינד דאָגבערי (אין שעקספּירס ,,פיעל ליאַרם איבער גאָרנישט''), וועלכער לערנט דעם נאַכטוועכטער סיקאָל: ,,זיין אַ מענש מיט אַ גוטען אויסזעהן איז אַ מתנה פון די אומשטענדען, אָבער קענען לעזען און שרייבען — דאָס קומט פון דער נאַטור.''[36]

---

36 דער פערפאַסער פון די „אָבזערוויישאַנס" און ס. ביילי בעשולדיגען ריקאַרדאָ'ן, אַז ער האָט דעם טוישווערטה פערוואַנדעלט פון אַ רעלאַטיווער זאַך איז עפּעס אַבסאָלוטעס. דער פאַקט איז פערקעהרט. ער האָט רעדוצירט דאָס אויסזעהן פון רעלאַטיוויטעט, וואָס אַט די זאַכען, דימענטען און פּערל צ.ב.ש. בעזיצען, צו דער ריכטיגער שייכות, וואָס ליעגען פערבאָרגען הינטער דעם דאָזיגען אויסזעהן, צו זייער שייכות אַלס אויסדרוקען פון מענשליכער אַרבייט. ווען די ריקאַרדיאַנער האָבען אָבגעענטפערט ביילי'ן גראָב אָדער ניט איבערצייגענד, איז עס נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבען ביי ריקאַרדאָ'ן גופא ניט געקאָנט געפינען קיין דערקלערונג וועגען דעם אינערליכען צוזאַמענהאַנג צווישען ווערטה און ווערטה־פאָרם אָדער טויש־ווערטה.

## דריטער קאַפּיטעל.

# דאָס געלד אָדער די צירקולאַציע פון סחורות.

## 1. די מאָס פון די ווערטהען.

כדי צו פּערא־יינפאַכען די זאַך, נעהם איך אומעטום אין דעם ווערק אָן גאָלד אַלס די געלד־סחורה.

די ערשטע פונקציע פון גאָלד בעשטעהט דעריין, צו געבען דער סחורה־וועלט דעם מאַטעריאַל פאַר איהר אויסדרוק פון ווערטה, ד. ה. אויסצודריקען די סחורה־ווערטהען אַלס איינגאָמענדיגע גרויסען, וואָס זיינען קוואַליטאַטיוו גלייכע און קוואַנטיטאַטיוו פערגלייכבאַרע. אַט אַזוי פונקציאָנירט עס אַלס אַן אַלגעמיינע מאָס פון ווערטהען, און נאָר דורך אַט דער פונקציע ווערט גאָלד, די ספּעציפישע עקוויוואַלענט־סחורה, צוערשט געלד.

עס איז ניט דאָס געלד, וואָס מאַכט די סחורות קאָמענזוראַבעל [מען זאָל זיי קאָנען מעסטען מיט דער זעלבער מאָס]. פערקעהרט, ווייל אַלע סחורות זיינען אַלס ווערטהען פערקערפּערטע מענשליכע אַרבייט, און בכן אַן און פאַר זיך קאָמענזוראַבעל, קאָנען זיי מעסטען זייערע ווערטהען געמיינשאַפטליך אין דערזעלביגער ספּעציפישער סחורה און דורכדעם פערוואַנדלען די דאָזיגע סחורה אין איהר געמיינשאַפטליכער ווערטה־מאָס אָדער געלד. געלד אַלס מאָס פון ווערטה איז די נויטווענדיגע פאָרם, אין וועלכער די אימאַנענטע ווערטה־מאָס פון סחורות, די אַרבייט־צייט, ווייזט זיך אַרויס.[50]

---

[50] די פראַגע, וואָרום דאָס געלד גופא שטעלט ניט פאָר מיט זיך דירעקט אַרבייט־צייט, אַזוי אַז אַ פּאַפּיר־נאָטע צ.ב.ש. זאָל פאָרשטעלען אַן ערך צוויי אַרבייט־שטונדען, איז אין עצם דאָס איינענע ווי די פראַגע, וואָרום אין אַ געזעלשאַפט, וואָס איז געבויט אויף דעם יסוד פון סחורה־פּראָדוקציאָן, מוזען די אַרבייט־פּראָדוקטען אָננעהמען די פאָרם פון סחורות? עס איז קלאָר, אַז זייער אָננעהמען די פאָרם פון סחורות שליסט ממילא איין זייער פערטאָפּלונג אין סחורה און געלד־סחורה. אָדער, וואָרום קען ניט די פּריוואַט־אַרבייט [illegible]

עקזיסטירן דאָ איינע פאַר די אַנדערע נאָר אַלס פערטרעטער פון סחורה און דעריבער אַלס סחורה־בעזיצער. אין דעם ווייטערן גאַנג פון אונזער פאָרשונג וועלען מיר געפינען בכלל, אַז די עקאָנאָמישע כאַראַקטער־מאַסקען פון די פּערזאָנען זיינען נישט מעהר ווי פּער־זאָניפיקאַציעס פון די עקאָנאָמישע שייכות'ן, און זיי טרעטען אַרויס איינע אַנטקעגען די אַנדערע אַלס זייערע טרעגער.

וואָס עס אונטערשיידט ספּעציעל דעם סחורה־בעזיצער פון דער סחורה, איז דער אומשטאַנד, וואָס פאַר איהר גילט יעדער אַנדער סחורה־קערפּער נאָר ווי א פאָרם, אין וועלכער עס בעווייזט זיך איהר אייגענער ווערטה. ווי א געבוירענער אויסגלייכער און ציניקער, איז זי שטענדיג גרייט צו בייטען מיט יעדער אַנדער סחורה, מעג יענע זיין נאָך מעהר אָבשטויסענד אפילו ווי מאַרי־טאָרנע, ניט נאָר די נשמה, נאָר אפילו אויך איהר גוף. דאָס, וואָס עס פעהלט דער סחורה דער חוש פאַר דאָס קאָנקרעטע, איז ממלא דער סחורה־בעזיצער דורך זיינע אייגענע פינף און מעהר חושים. זיין סחורה האָט ניט פאַר זיינע חושים קיין דירעקטען געברויך־ווערטה. זאָנסט וואָלט ער זי ניט געפיהרט אויפ'ן מאַרק. זי האָט א געברויך־ווערטה פאַר אַנדערע. פאַר איהם האָט זי דירעקט נאָר ד ע ם געברויך־ווערטה, וואָס זי טראָגט אין זיך א טויש־ווערטה און קאָן במילא זיין א טויש־מיטעל.[39] דעריבער וויל ער

איז פונקט אזוי אייביג, ווי די גערעכטיגקייט. דאן וויל ער, פערקעהרט ווידער, די ווירקליכע סחורה־פּראָדוקציאָן און דעם ווירקליכען רעכט־סיסטעם וואָס איז צוגעפּאַסט צו איהר, איבערמאַכען לויט אַט דעם אידעאַל. וואָס וואָלט מען געדענקט פון א כעמיקער, וועלכער וואָלט אנשטאַט צו שטודירן די ווירקליכע געזעצען פון שטאָף־וועקסעל און אויף זייער באַזיס לייזען בעשטימטע אויפגאַבען, געוואָלט איבערמאַכען דעם שטאָף־וועקסעל דורך די אייביגע אידעען פון „נאַ־טירליכקייט" און „פערוואַנדשאַפט"? צי ווייס מען א שטיינער וואָס „וואַבער" איז, ווען מען זאָגט, אַז ער ווידערשפּרעכט די „אייביגע גערעכטיגקייט" און די „אייביגע יושר'דיגקייט" און די „אייביגע גענענזייטיגקייט" און אַנדערע „אייביגע וואַרהייטען", מעהר וויפיעל די קירכען־פאָטערס האָבען געוואוסט, ווען זיי האָבען געזאָגט, אַז ער ווידערשפּרעכט די „אייביגע גנאָד", דעם „אייביגען גלויבען" און דעם „אייביגען ווילען גאָטעס"?

[39] „וואָרים צווייפאַכיג איז דער געברויך פון יעדען „גוט"... איינער איז אייגענטימליך צו דער זאַך אַלס אַזעלכע, דער אַנדערער איז נים: ווי א סאַנדאַל (א שוה) וואָס דיענט צום טראָגען און קאָן אויך אויסגעטוישט ווערן. ביידע זיינען געברויך־ווערטהען פון דעם סאַנדאַל, וואָרים אפילו יענער, וואָס טוישט אַויס

זי ארויס׳פטר׳ן פאר סחורות, וואס ער קאן הנאה האבען פון זייער געברויך־ווערטה. אלע סחורות זיינען ניט געברויך־ווערטהען פאר זייערע בעזיצער, יא געברויך־ווערטהען פאר זייערע ניט־בעזיצער. פאלגליך מוזען זיי בייטען הענד אויף אלע זייטען. אבער דאס דאזיגע הענד־בייטען איז וואס מאכט זייער אויסטויש, און אט דער אויסטויש זייערער שטעלט זיי אין שייכות איינע צו די אנדערע אלס ווערטהען און רעאליזירט זיי אלס ווערטהען. דערפון קומט אויס, אז סחורות מוזען זיך רעאליזירן אלס ווערטהען, איידער זיי קאנען זיך רעאליזירן אלס געברויך־ווערטהען.

פון דער אנדער זייט מוזען זיי זיך ארויסווייזען אלס געברויך־ווערטהען, איידער זיי קאנען זיך רעאליזירן אלס ווערטהען. ווארים די מענשליכע ארבייט, וואס איז אויף זיי אויסגעגעבען געווארן, רעכענט זיך נאר, אויף ווי ווייט עס איז אויסגעגעבען געווארן אין א פארם, וואס איז ניצליך פאר אנדערע. צי עס א י ז אבער ניצליך פאר אנדערע, צי איהר פראדוקט, הייסט עס, בעפריעדיגט פרעמדע בעדערפענישען—דאס קאן נאר איהר אויסטויש בעווייזען.

יעדער בעזיצער פון סחורה וויל אויסגעבען זיין סחורה נאר פאר אזא אנדערער, וואס איהר געברויך־ווערטה בעפריעדיגט זיין בעדערפעניש. אין דעם ערך איז דער אויסטויש פאר איהם נאר אן אינדיווידועלער פראצעס. פון דער אנדער זייט וויל ער זיין סחורה רעאליזירן אלס ווערטה, ער וויל זי, הייסט עס, רעאליזירן אין א וועלכער עס איז אנדער סחורה פון דעמזעלבען ווערטה, סיי זיין אייגענע סחורה האט פאר דעם בעזיצער פון דער אנדער סחורה א געברויך־ווערטה, סיי ניט. פון דעם שטאנדפונקט איז דער אויסטויש פאר איהם אן אלגעמיין־געזעלשאפטליכער פראצעס. אבער דערזעלביגער פראצעס קאן אין דערזעלביגער צייט ניט זיין פאר אלע סחורה־בעזיצער אי נאר אינדיווידועל, אי נאר אלגעמיין־געזעלשאפטליך.

---

דעם סאנדאל אויף עפעס וואס עס פעהלט איהם, למשל אויף עסענווארג, בענוצט דעם סאנדאל אלס א סאנדאל. אבער ניט אין זיין נאטירליכען געברויך־אופן. ווארים ער איז ניט געמאכט געווארן צוליב דעם אויסטויש." (אריסטאטעל: "דע רעפובליקא", בוך 1, קאפיטעל 9.)

קוקען מיר זיך נעהענטער צו, זעהען מיר, אז פאר יעדען סחורה־בעזיצער גילט יעדע פרעמדע סחורה אלס א ספעציעלער עקוויוואלענט פון זיין סחורה, און פאלגליך איז זיין אייגענע סחורה אן אלגעמיינער עקוויוואלענט פון אלע אנדערע סחורות. אזוי ווי אבער אלע סחורה־בעזיצער טהוען דאסזעלביגע, איז קיין סחורה ניט קיין אלגעמיינער עקוויוואלענט, און בכן בעזיצען אויך ניט די סחורות קיין אלגעמיינע רעלאטיווע ווערטה־פארם, אין וועלכער זיי זאלען זיך שטעלען גלייך אלס ווערטהען און זיך פערגלייכען אין דעו־ גרויס פון זייערע ווערטהען. זיי שטעהען איבערהויפט ניט איינע לגבי די אנדערע אלס סחורות, זאנדערן נאר אלס פראָ־דוקטען אדער געברויך־ווערטהען.

אין זייער פערלעגענהייט דענקען אונזערע סחורה־בעזיצער ווי פאוסט: „אים אנפאנג וואר די טהאט." איידער זיי האבען געדענקט, האבען זיי שוין געהאנדעלט. די געזעצען פון דער סחורה־נאטור פערווירקליכען זיך אין דעם נאטור־אינסטינקט פון די סחורה־בעזיצער. זיי קאנען ברענגען זייערע סחורות אין בעציהונג איינע מיט די אנדערע אלס ווערטהען, און פאלגליך אלס סחורות, נאר ווען זיי ברענגען זיי אין שייכות איינע לגבי די אנדערע מיט א וועלכער עס איז אנדער סחורה אלס אלגעמיינער עקוויוואלענט. דאס האבען מיר געזעהן פון דעם אנאליז פון סחורה. אבער נאר א געזעלשאפטליכע טהאט קאן מאכען א בעשטימטע סחורה פאר אן אלגעמיינעם עקוויוואלענט. דער געזעלשאפטליכער אקט פון אלע אנדערע סחורות טיילט דעריבער אוים איין בעשטימטע סחורה, אין וועלכער זיי שטעלען אלע ארוים זייערע ווערטהען. דורכדעם ווערט די נאטוראל־פארם פון דער דאזיגער סחורה די געזעלשאפט־ליך־גילטיגע עקוויוואלענט־פארם. צו זיין דער אלגעמיינער עקוויוואלענט ווערט דורך אט דעם געזעלשאפטליכען פראצעס די ספע־ציפיש־געזעלשאפטליכע פונקציע פון דער אויסגעטיילטער סחורה. אט אזוי ווערט זי — ג ע ל ט. „די דאזיגע האבען איין מיינונג און זיי גיבען זייער כח און מאכט דער חיה. און קיינער זאל ניט קאנען קויפען אדער פערקויפען, ווער עס האט ניט דעם שטעמפעל מיט דעם נאמען פון דער חיה אדער מיט דעם גמטריא פון זיין נאמען." (ענטפלעקונגען פון יאהאן).

**דער געלד־קריסטאל איז א נויטווענדיגער פראדוקט פון דעם**

אויסטויש־פּראָצעס, אין וועלכען אַרבייט־פּראָדוקטען פון פערשיי־דענע סאָרטען ווערן פּראַקטיש אויסגעגליכען איינע מיט די אַנדערע און אויף דעם אופן פּאַקטיש פערוואַנדעלט אין סחורות. די היס־טאָרישע אויסברייטונג און פערטיעפונג פונ'ם אויסטויש ענטוויי־קעלט דעם געגענזאַץ פון געברויך־ווערטה און ווערטה, וואָס ליעגט פערבאָרגען אין דער סחורה־נאַטור. די נויט פון דעם קאָמערציעלען פערקעהר צו געבען דעם דאָזיגען געגענזאַץ אַן אויסערליכען אויס־דרוק טרייבט איינצופיהרען אַ זעלבשטענדיגע פאָרם פון סחורה־ווערטה, און זי רוהט ניט און ראַסט ניט ביז דער צוועק איז איינמאָל פאַר אַלע מאָל דערגרייכט דורך דער פערטאָפּלונג פון דער סחורה אין סחורה און געלד. אין דעמזעלבען ערך, אַלזאָ, וואָס עס קומט פאָר די פערוואַנדלונג פון אַרבייט־פּראָדוקטען אין סחורות, ווערט דורכגעפיהרט די פערוואַנדלונג פון סחורה אין געלד.[40]

דער דירעקטער אויסטויש פון פּראָדוקטען האָט אין איין פּרט די פאָרם פון דעם איינפאַכען ווערטה־אויסדרוק, אָבער אין אַנ־אַנדער פּרט האָט ער זי נאָך ניט. יענע פאָרם איז געווען $x$ סחורה $A = y$ סחורה $B$. די פאָרם פון דעם דירעקטען פּראָדוקטען־אויסטויש איז: $x$ געברויך־זאַך $A = y$ געברויך־זאַך $B$.[41] די זאַכען $A$ און $B$ זיינען דאָ ניט קיין סחורות איידער דעם אויס־טויש, נאָר זיי ווערן סחורות ערשט דורך איהם. דער ערשטער אופן, אויף וועלכען אַ געברויך־זאַך קאָן ווערן אַ טויש־ווערטה, איז ווען זי עקזיסטירט אַלס אַ ניט־געברויך־ווערטה, און דאָס איז, ווען זי איז אַן איבערפליסיגער טייל פון עפּעס אַ געברויך־ווערטה,

---

40 פון דעם קאן מען אורטיילן ווי פיפיג דער קליינבירגערליכער פּאציפיזם איז, וועלכער וויל פעראייביגען די פּראָדוקציאָן פון סחורות און אין דערזעלבער צייט אָבשאַפען „דעם געגענזאַץ פון געלד און סחורה", דאָס הייסט, דאָס געלד גופא, ווארים עס עקזיסטירט דאָך נאָר אין אָט דעם געגענזאַץ. פּונקט אַזוי גוט וואָלט מען געקאָנט אָבשאַפען דעם פּויפּסט און לאָזען בלייבען דעם קאַטוילּיציזם. מעהר וועגען דעם ענין קאָן מען געפינען אין מיין בוך „צור קריטיק דער פּאָליטישען עקאָנאָמיע", ז. 61 א.וו.

41 כל זמן אפילו צוויי פערשיידענע זאַכען ווערן נאָך ניט אויסגעטוישט, נאָר ווי מיר געפינען עס אָפט ביי די ווילדע, אַ כאאָטישע מאַסע פון זאַכען ווערט אָנגעבאָטען אַלס עקוויוואַלענט פאַר עפּעס אַ דריטער זאַך, שטעהט נאָך דער דירעקטער פּראָדוקציאָנס־אויסטויש גופא ערשט אויף זיין פאָר־שטופע.

וועלכען זיין בעזיצער בענוצט פאר זיינע דירעקטע נויטען. זאכען אן און פאר זיך זיינען דעם מענשען פרעמדע, און קאנען דעריבער ווערן פערפרעמדט [אריבערגעהן אין פרעמדע הענד]. כדי דאס דאזיגע פערפרעמדט ווערן זאל זיין געגענזייטיג, דארפען די מענשען בשתיקה זיך שטעלען איינע לגבי די אנדערע אלס פריוואט-אייגענ־טימער פון די דאזיגע זאכען, און במילא אלס פערזאנען, וואס זיינען אונאבהענגיק איינע פון די אנדערע. אזא שייכות פון גע־גענזייטיגער פרעמדקייט [אדער אונאבהענגיקייט] עקזיסטירט אבער ניט פאר די מיטגליעדער פון א פרימיטיווער קאמונאל-געזעלשאפט, סיי זי האט די פארם פון א פאטריארכאלישער פאמיליע, סיי פון אן אלט-אינדישער געמיינדע, אדער פון א אינקא-שטאאט [אין פערו] א.אז.וו. דער סחורה-אויסטויש פאנגט זיך אן, וואו די קאמונאל-געמיינדען ענדיגען זיך—ביי די פונקטען, וואו זיי קומען אין בעריהרונג מיט פרעמדע קאמונאל-געמיינדען אדער מיט די מיטגליעדער פון פרעמדע געמיינדען. אזוי באלד אבער ווי זאכען ווערן איינמאל סחורות אין דעם אויסוועהרטיגען לעבען פון די געמיינדען, ווערן זיי שוין דאס אייגענע צוריקווירקענדיג אויך אין דעם אינערליכען געמיינשאפט-לעבען. די פראפארציע, אין וועלכער זיי טוישען זיך אויס, איז פון אנפאנג א גאנץ צופעליגע. אויס־טוישבאר זיינען זיי דורך דעם געגענזייטיגען ווילען פון זייערע בעזיצער, צו לאזען זיי אריבערגעהן אין פרעמדע הענד. דערווייל פערפעסטיגט זיך ביסלעכווייז אלץ מעהר די בעדערפעניש פאר פרעמדע געברויך-זאכען. די שטענדיגע ווידערהאלונג פון דעם אויסטויש מאכט איהם פאר א רעגעלמעסיגען געזעלשאפטליכען פראצעס. מיט דער צייט מוז דעריבער לכל הפחות איין טייל פון די ארבייט-פראדוקטען אבזיכטליך פראדוצירט ווערן לשם אויסטויש. פון דעם אויגענבליק אן פערפעסטיגט זיך פון איין זייט דער חלוק צווישען דער ניצליכקייט פון א זאך פאר דעם דירעקטען בעדארף און איהר ניצליכקייט פאר דעם צוועק פון אויסטויש. איהר געברויך-ווערטה שיידט זיך אב פון איהר טויש־ווערטה. פון דער אנדער זייט ווערט די קוואנטיטאטיווע שייכות, ד.ה. די פראפארציע, אין וועלכער זיי טוישען זיך אויס, אבהענגיק פון זייער פראדוקציאן גופא. די געוואוינהייט שטעמפעלט זיי אלס ווערטהען פון א בעשטימטער גרויס.

אין דעם דירעקטען פראדוקטען־אויסטויש איז יעדע סחורה דירעקט א טויש־מיטעל פאר איהר בעזיצער און אן עקוויוואלענט פאר איהר גיט־בעזיצער, אבער נאר אזוי וויט, ווי זי איז פאר איהם א געברויך־ווערטה. אויף דער שטופע בעקומט נאך ניט דער טויש־ארטיקעל קיין ווערטה־פארם, וועלכע איז ניט אבהענגיק פון זיין אייגענעם געברויך־ווערטה אדער פון די אינדיווידועלע בעדערפענישען פון די אויסטוישער. די נויטווענדיגקייט פון אזא ווערטה־פארם ענטוויקעלט זיך מיט דער וואקסענדער צאהל און פערשיידענקייט פון די סחורות, וואס טרעטען אריין אין דעם אויסטויש־פראצעס. די אויפגאבע וואקסט אויס צוזאמען מיט די מיטלען פון איהר לייזונג. עס קומט קיינמאל ניט פאר קיין מסחר־פערקעהר, דורך וועלכען סחורה־בעזיצער טוישען אויס און פערגלייכען זייערע אייגענע ארטיקלען אויף פערשיידענע אנדערע ארטיקלען, אוואו פערשיידענע סחורות פון פערשיידענע סחורה־בעזיצער ווערן ניט אויסגעטוישט און פערגליכען אלס ווערטה אין דעם דאזיגען מסחר־פערקעהר מיט איין און דעמזעלביגען דריטען סארט סחורה. אזא דריטע סחורה, דערמיט וואס זי ווערט אן עקוויוואלענט פאר פערשיידענע אנדערע סחורות, בעקומט דירעקט, הגם בלויז אין ענגע גרעניצען, אן אלגעמיינע אדער געזעלשאפטליכע עקוויוואלענט־פארם. אט די אלגעמיינע עקוויוואלענט־פארם ענטשטעהט און פערגעהט מיט דעם מאמענטאנעם געזעלשאפטליכען קאנטאקט, וועלכער האט זי ארויסגערופען אין לעבען. וויילענווייז דריקט זי זיך אמאל אויס אין איין סחורה, אמאל אין אנאנדערער. מיט דער ענטוויקלונג אבער פון דעם סחורה־אויסטויש בעהעפט זי זיך פעסט צו ספעציעלע סארטען סחורות אויסשליסליך, אדער זי קריסטאליזירט זיך אין דער געלד־פארם. דער סארט סחורה, צו וועלכען זי קלעבט זיך אן, איז פון אנפאנג א צופעליגע זאך. דאך זיינען, בכלל געזאגט, פאראן צוויי אומשטענדען, וואס ענטשיידען די זאך. די געלד־פארם קלעבט זיך אן אנטוועדער צו די וויכטיגסטע טויש־ארטיקלען פון דער פרעמד, וועלכע זיינען פאקטיש נאטירליכע ערשיינונג־פארמען פון דעם טויש־ווערטה פון די היימישע פראדוקטען, אדער צו דעם געברויך־ארטיקעל, וועלכער מאכט אויס דעם הויפט־עלעמענט פון דעם היימישען בעזיצטום, וואס לאזט זיך אבשפארן פאר פרעמדע, ווי

צ.ב.ש. פּית. נאָמאַדען־פעלקער ענטוויקלען פריהער איידער אַנ־דערע די געלד־פאָרם, ווייל גאָר זייער האָב און גוטס געפינט זיך אין אַ בעוועגליכער און דעריבער אין אַ דירעקטער איבערגעבליכער פאָרם, און אויך ווייל זייער אופן פון לעבען ברענגט זיי שטענדיג אין בעריהרונג מיט פרעמדע געמיינדען און רופט דעריבער אַרויס דעם אויסטויש פון פּראָדוקטען. מענשען האָבען אָפט געמאַכט דעם מענשען אַליין, אין דער פאָרם פון אַ שקלאַף, פאַר דעם אור־שפּרינגליכען געלד־מאַטעריאַל, אָבער קיינמאָל ניט דעם גרונד און באָדען. אַזאַ אידעע האָט נאָר געקאָנט אַרויסקומען אין דער שוין ענטוויקעלטער בורזשואַזנער געזעלשאַפט. זי דאַטירט פון דעם לעצטען דריטעל פון 17טען יאָהרהונדערט, און די ערשטע פּראָבע זי דורכצופיהרען אויף אַ נאַציאָנאַלען מאַסשטאַב איז ערשט גע־מאַכט געוואָרן אַ הונדערט יאָהר שפּעטער, אין דער פראַנצויזישער בירגערליכער רעוואָלוציע.

אין דעם זעלבען ערך, וואָס דער סחורה־אויסטויש צערייסט זיינע בלויז לאָקאַלע בענדער און דער ווערטה פון סחורות ברייטערט זיך פאַלגליך אויס אין דער פערקערפּערונג פון מענשליכער אַרבייט בכלל, געהט די געלד־פאָרם אַריבער אויף אַזוינע סחורות, וועלכע זיינען פון דער נאַטור צוגעפּאַסט פאַר דער געזעלשאַפטליכער פונקציע פון אַן אַלגעמיינעם עקוויוואַלענט,—אויף די עדעלע מע־טאַלען.

דער זאַץ: „הגם גאָלד און זילבער זיינען פון דער נאַטור ניט קיין געלד, איז אָבער געלד פון דער נאַטור גאָלד און זילבער", [42] ציינט די צוגעפּאַסטקייט פון זייערע פיזישע אייגענשאַפטען צו די פונקציעס פון געלד.[43] ביזאהער אָבער ווייסען מיר נאָר פון איין פונקציע פון געלד, צו דיענען אַלס די ערשיינונג־פאָרם פון דעם סחורה־ווערטה אָדער אַלס דער מאַטעריאַל, אין וועלכען די גרויס פונ'ם ווערטה פון סחורות דריקען זיך געזעלשאַפטליך אויס. אַ ריכטיג־פּאַסענדע ערשיינונג־פאָרם פון ווערטה אָדער פון דער

---

[42] קאַרל מאַרקס, „צור קריטיק דער פּאָלאָטישען עקאָנאָמיע", ז. 135. „די ווערטהפולע מעטאַלען... זיינען פון דער נאַטור אויס געלד."

[43] ווענען מעהר איינצעלהייטען פון דעם ענין זעה מיין אָקאָרשט דער־מאָנטען ווערק, דעם קאַפּיטעל „די עדעלע מעטאַלען".

פערקערפערונג פון אבסטראקטער, ד.ה. גלייכער מענשליכער ארבייט, קאן זיין נאר אזא מאטעריאל, וואס אלע עקזעמפלארען פון איהם בעזיצען דיזעלביגע גלייכפארמיגע קוואליטעט. פון דער אנדער זייט, אזוי ווי דער אונטערשייד צווישען די פערשיידענע גרויסען פון ווערטהען איז א ריין קוואנטיטאטיווער, מוז אויך די געלד־סחורה זיין בכח ארויסצו־ווייזען ריין־קוואנטיטאטיווע אונטערשיי־דען, ד.ה. זי מוז זיך לאזען טיילען ווי מען וויל און מוז קאנען צוריק צוזאמענגעשטעלט ווערן פון איהרע טיילען. גאלד און זילבער בעזיצען גראד אט די אייגענשאפטען פון דער נאטור.

דער געברויך־ווערטה פון דער געלד־סחורה פערטאפעלט זיך. א חוץ איהר ספעציעלען געברויך־ווערטה אלס סחורה, ווי צ.ב.ש. גאלד דיענט צו פערפלאמבירן געלעכערטע צייהן אדער אלס רויה־מאטעריאל פון לוקסוס־ארטיקלען, בעקומט זי נאך א פארמאלען געברויך־ווערטה, וואס נעהמט זיך פון איהרע ספעציפישע געזעל־שאפטליכע פונקציאנען.

אזוי ווי אלע אנדערע סחורות זיינען נאר בעזונדערע עקווי־וואלענטען פון דעם געלד, און דאס געלד איז זייער אלגעמיינער עקוויוואלענט, פערהאלטען זיי זיך אלס בעזונדערע סחורות צום געלד ווי צו אן אלגעמיינע סחורה[44]

מיר האבען געזעהן, אז די געלד־פארם איז נאר דער אב־גלאנץ פון די בעציהונגען פון אלע אנדערע סחורות, וואס האלט זיך פעסט אן איין בעשטימטער סחורה. אז געלד איז א סחורה,[45]

---

44 „דאס געלד איז די אלגעמיינע סחורה.” (ווערי, „מעדיטאציאני סוללא עקאנאמיא פאליטיקא”, ז. 16.)

45 „זילבער און גאלד פאר זיך, וועלכע מיר קאנען בעצייכענען מיט דעם אלגעמיינעם נאמען עדעל־מעטאלען, זיינען.... סחורות...., וואס שטייגען אדער פאלען אין ווערטה. מען קאן דאן רעכענען, אז דער עדעל־מעטאל האט א העכערן ווערטה, ווען א קלענערעס געוויכט פון איהם ווערט אויסגעטוישט אויף א גרעסערער מאסע פון די לאנדווירטשאפטליכע אדער אינדוסטריעלע פראדוקטען פון א לאנד א.ז.וו. („א דיסקארס און דהי דזשענעראל נאשיאנס און מאני עטצ.” ביי א. מערטשאנט, לאנדאן 1695, ז. 7.) „ווען אפילו גאלד און זילבער, געמינצט אדער ניט געמינצט, ווערן געברויכט אלס א מאסשטאב פאר אלע אנדערע זאכען, זיינען זיי פונדעסטוועגען ניט ווייניגער א סחורה, ווי וויין, אויל, טאבאק, קליידער אדער צייג.” (א דיסקארס קאנסערנינג טרייד עטצ.” לאנדאן, 1689 ז. 2) „אַ [illegible] פערמעגען און רייכטום פונ'ם קיניגרייך

איז דעריבער נאר אן ענטדעקונג פאר די, וועלכע פאנגען אן פון זיין פארטיגער געשטאלט, כדי צו אנאליזירען די סחורה דערנאך. דער אויסטויש-פראצעס גיט דער סחורה, וועלכע ער פערוואנדעלט אין געלד, ניט איהר ווערטה, נאר איהר בעזונדערע ווערטה-פארם. דאס צונויפמישען פון אט די ביידע בעזונדערע בעגריפען האט געפיהרט דערצו, מען זאל האלטען דעם ווערטה פון גאלד און זילבער פאר איין איינבילדונג.46 דער פאקט ווייטער, וואס פאר בעשטימטע פונקציעס קאן אנשטאט דעם געלד בענוצט ווערן בלויזע צייכענס פון איהם, האט געפיהרט צו דעם אנדער טעות, אז געלד איז בלויז א צייכען. פון דער אנדער זייט איז אין דעם טעות געלעגען דער געדאנק, אז די געלד-פארם פון א זאך איז דער זאך אליין פרעמד און אויסערליך, און עס איז ניט מעהר ווי א פארם, אין וועלכער עס ווייזען זיך ארוים די מענשליכע שייכות'ן, וואס שטעקען הינטער דעם. אין דעם זין וואלט מען געקאנט זאגען, אז יעדע סחורה איז נישט מעהר ווי א צייכען, א סימבאל, ווייל אויף וויפיעל זי איז א ווערטה, איז זי נישט מעהר ווי די מאטע-ריעלע שאהל פון דער מענשליכער ארבייט, וואס איז אויף איהר אויסגעגעבען געווארן.47 אויב אבער מען דערקלערט די געזעל-

---

(ענגלאנד) קאן מען אין ריכטיגען זין ניט בעטראכטען דאס גאלד אליין, אויך קאן מען ניט אוועקנעהמען פון גאלד און זילבער זייער כאראקטער אלס סחורות" („דהי איסט אינדיע טרייד", לאנדאן 1677, ז. 4).

46 „גאלד און זילבער האבען זייער ווערטה אלס מעטאלען, נאך איידער זיי זיינען געווארן געלד". (גאליאני, "דעללא מאנעטא"). לאקע זאגט: די אל-געמיינע-איינשטימונג פון די מענשען האט צוגעגעבען דעם זילבער, מחמת זיינע מעלות וואס מאכען איהם פאסיג אלס געלד, אן איינגעבילדעטען ווערטה". לאו, פערקעהרט, זאגט: ווי אזוי וואלטען פערשיידענע פעלקער גע-קאנט א וועלכער עס איז זאך געבען אן איינגעבילדעטען ווערט... אדער ווי אזוי וואלט אט דער איינגעבילדעטער ווערטה זיך געקאנט אויפהאלטען? ווי ווייניג אבער ער האט אליין פערשטאנען וועגען דער זאך, קאן מען זעהן פון דעם, וואס ער זאגט ווייטער: דאס זילבער טוישט זיך אוים לויט דעם געברויך-ווערטה, וואס ער האט, הייסט עס לויט זיין ווירקליכען ווערטה, דורך זיין פונקציע אלס געלד בעקומט עס א צוגעגעבענעם ווערטה". (זשאן לאו, „קאנסידעראסיאן היר לע נומערער ע לע קאממערס").

47 „דאס געלד איז דער צייכען פאר סחורות" (דע פארגאנע „עלעמענט די קאממערס", 1766, ב. 2, ז. 148) „אלס צייכען ווערט עס ארויסגעצויגען פון די סחורות" (דארט ז. 155) „דאס געלד איז א צייכען פאר א זאך און ס'פערטרעט

שאַפטליכע כאַראַקטערען, וואָס די זאַכען נעהמען אָן, אָדער די מאַטעריעלע כאַראַקטערען, וואָס די געזעלשאַפטליכע בעשטימונגען פון דער אַרבייט נעהמען אָן אויפ׳ן יסוד פון אַ בעשטימטען אופן פון פּראָדוקציאָן, פאַר בלויזע צייכענס, דערקלערט מען זיי דערמיט אין דערזעלביגער צייט פאַר אייגענווילליגע פּראָדוקטען פון דעם מענשענ׳ס נאָכדענקען, וואָס זיינען סאַנקציאָנירט דורך דער אַזוי־צו־זאָגען אַלגעמיינער צושטימונג פון דער מענשהייט. דאָס איז געווען די בעליעבטע אויפקלערונגס־מעטאָדע פון 18טען י.ה., כדי אַראָבצורייסען ווענינסטענס פאַר דער ווייל דעם שלייער פון פרעמדקייט פון די רעטזעלהאַפטע געשטאַלטען פון די מענשליכע שייכות׳ן, וועמעס ענטשטעהונג־פּראָצעס מען האָט נאָך ניט גע־

---

זי.״ (מאָנטעסקיו, „עספּרי דע לוא״, לאָנדאָן ב. II, ז. 2) „דאָס געלד איז ניט בלויז אַ צייכען, ווארים עס איז אליין רייכטום; עס פערטרעט ניט די ווערטהען, עס איז אַליין אַ ווערטה״ (לע טראָן, „דע ל׳אינטערע סאָסיאַל״, ז. 910) „בעטראַכט מען דעם בעגריף פון ווערטה, דאַן קוקט מען אויף דער זאַך אַליין נאָר ווי אויף אַ צייכען, און זי גילט ניט פאַר דאָס וואָס זי איז, נאָר פאַר דאָס, וואָס זי איז ווערטה.״ (העגעל, „פילאָסאָפיע דעם רעכטעס״, ז. 100.) אַ צייט פריהער פאַר די עקאָנאָמען האָבען די יוריסטען אַריינגעבראַכט די אידעע, אַז געלד איז בלויז אַ צייכען און דער ווערטה פון די עדעלע מעטאַלען איז נאָר אַן איינגעבילדעטער. זיי האָבען עס געטאָן אין זייער לאַקייען־דיענסט צו דער קעניגליכער מאַכט, שטיצענדיג זייער רעכט צו פעלשען די מינץ אין דער גאַנצער צייט פון מיטעלאַלטער אויף די טראַדיציעס פון דער רוימישער אימ־פּעריע און די געלד־בעגריפען פון די פּאַנדעקטען [דער שלחן ערוך פון רוימישען ציוויל־געזעץ]. קיינער קאָן ניט און טאָר ניט שטעלען אין ספק״, זאָגט זייער בעפאָלגטער שילער פיליפּ פאָן וואַלאַי [אַלס קעניג פון פראַנקרייך פיליפּ דער זעקסטער] אין אַ דעקרעט פון יאַהר 1346, „אַז אונז און אונזער קעניגליכער מאַיעסטעט אַליין געהערט. . . . דאָס געשעפט, די גיסונג, דער צושטאַנד, דער פּאַררעטה און יעדע פעראָרדנונג פון די מינצען צו לאָזען זיי אין צירקולאַציע און צו בעשטימען זייער ווערטה, ווי עס געפעלט אונז און ווי מיר האַלטען פאַר גוט.״ עס איז געווען אַ רוימיש געזעץ־דאָגמע אַז דער קייזער דעקרעטירט דעם ווערטה פון געלד. עס איז געווען אויסדריקליך פערבאָטען צו בעהאַנדלען דאָס געלד ווי אַ סחורה. „עס זאָל קיינעם ניט ערלויבט זיין צו האַנדלען מיט געלד, ווארים דאָס וואָס עס איז בעשטימט פאַר דעם עפענטליכען געברויך, טאָר ניט ווערן קיין סחורה.״ אַ גוטע אויפקלערונג וועגען דעם פּונקט קאָן מען געפינען ביי ג. פ. פּאַגניני, אין קוסטאָדי׳ס זאַמלונג, פּאַרטע מאָדערנאַ, באַנד II. ספּעציעל אין דעם צווייטען טייל פון דעם ווערק פּאָלעמיזירט פּאַגניני אַנטקעגען די הערען־יוריסטען.

קאַנט דערקלערן. אַזוי ווי מען האָט נאָך ניט געוואוסט ווי אויפֿצודעקן דעם אורשפּרונג און די ענטוויקלונג פֿון די רעטזועלהאפּטע פֿאָרמען פֿון די געזעלשאַפֿטליכע שייכות'ן, האָט מען געזוכט אוועקצונעהמען פֿון זיי דעם וואונדערבאַרען כאַראַקטער דורכדעם, וואָס מען האָט דערקלערט, אַז זיי זיינען אַ מענשליכע ערפֿינדונג, ניט עפּעס וואָס איז פֿון הימעל אַרונטערגעפֿאַלען.

עס איז שוין פֿריהער בעמערקט געוואָרן, אַז די עקוויוואַלענטפֿאָרם פֿון אַ סחורה שליסט ניט איין די קוואַנטיטאַטיווע בעשטימונג פֿון דער גרויס פֿון איהר ווערטה. ווען מען ווייס, אַז גאָלד איז געלד און קאָן פֿאָלגליך דירעקט אויסגעטוישט ווערן אויף אַלע אַנדערע סחורות, ווייס מען נאָך פֿונדעסטוועגען ניט, וויפֿיעל צ.ב.ש. 10 פֿונט גאָלד איז ווערטה. אַזוי ווי יעדע אַנדערע סחורה, אַזוי קאָן דאָס גאָלד אויסדריקען די גרויס פֿון זיין אייגענעם ווערטה נאָר רעלאַטיוו אין אַנדערע סחורות. זיין אייגענער ווערטה איז בעשטימט דורך דער אַרבייט־צייט, וואָס פֿאָדערט זיך צו זיין פּראָדוקציאָן, און דריקט זיך אויס אין דער סומע פֿון יעדער אַנדער סחורה, אין וועלכער עס איז אַריינגעטאָן געוואָרן פּונקט אַזויפֿיעל אַרבייט־צייט.[48] אָט די בעשטימונג פֿון דער רעלאַטיווער גרויס פֿון זיין ווערטה קומט פֿאָר אויף'ן אָרט וואו עס ווערט פּראָדוצירט אין דירעקטען טויש־האַנדעל. ווען עס טרעט אַריין אין צירקולאַציע אַלס געלד, איז זיין ווערטה שוין אַ בעשטימטער. אין די לעצטע יאָהר־צענטען פֿונ'ם 17טען י.ה. איז שוין בעוויזען געוואָרן, אַז געלד איז אַ סחורה, אָבער דאָס איז נאָר געווען דער אָנפֿאַנג פֿון דעם געלד־אַנאַליז. די שוועריגקייט ליעגט ניט אין דעם, צו בע־

---

[4] „ווען אַ מענש קאָן ברענגען אין לאָנדאָן אַ אונץ זילבער פֿון די מינען פֿון פּערו אין דערזעלביגער צייט, וואָס עס דאַרף איהם נעהמען צו פּראָדוצירן אַ בושעל קאָרן, דאַן איז איין זאַך דער נאַטירליכער פּרייז פֿאַר דער אַנדער זאַך; אויב אָבער ער קאָן אין נייע אָדער לייכטערע מינען אַרויסבעקומען צוויי אונצען זילבער אַזוי גרינג ווי ער האָט פֿריהער בעקומען איין אונץ, דאַן וועט דער בושעל קאָרן זיין פּונקט אַזוי ביליג פֿאַר דעם פּרייז פֿון 10 שילינג, ווי ער איז געווען פֿריהער פֿאַר 5 שילינג—ווען אַלע אַנדערע אומשטענדען בלייבען דיזעלביגע.” (וויליאַם פּעטטי, „אַ טריטיז אָן טאַקסעס אַנד קאָנטריבושאַנס”, לאָנדאָן 1667, ז. 31.)

גרייפען אַז גאָלד איז סחורה, נ״ד אויסצוגעפינען ווי אַזוי, וואָרום און דורך וועלכע מעטאַלען אַ סחורה ווערט גאָלד.[49]

מיר האָבען שוין געזעהן, אין דעם איינפאַכסטען ווערטה־אויסדרוק, $x$ סחורה $A = y$ סחורה $B$, אַז די זאַך, אין וועלכער די גרויס פון דעם ווערטה פון אַנאַנדער זאַך ווערט פאָרגעשטעלט, שיינט צו בעזיצען איהר עקוויוואַלענט־פאָרם אַלס אַ געזעלשאַפט־ליכע נאַטור־אייגענשאַפט, אונאָבהענגיק פון דער דאָזיגער שייכות פון די אַנדערע סחורות צו איהר. מיר האָבען נאָכגעפאָלגט די בעפעסטיגונג פון אָט דעם פאַלשען שיין. ער ווערט פאָלשטענדיג, אַזויבאַלד ווי די אַלגעמיינע עקוויוואַלענט־פאָרם ווערט צונויפגע־וואַקסען מיט דער נאַטוראַל־פאָרם פון אַ בעשטימטען סאָרט סחורה אָדער ווערט קריסטאַליזירט אין דער געלד־פאָרם. וואָס עס קומט פאָר איז ניט, אַז אַ סחורה ווערט ערשט דעריבער געלד, ווייל די אַנדערע סחורות שטעלען אַלע פאָר זייערע ווערטהען אין איהר, נאָר פערקעהרט, זיי אַלע שטעלען פאָר זייערע ווערטהען אין איהר, ווייל זי איז געלד. די צווישען־טריט פון דעם פּראָצעס פערשווינדען אין דעם רעזולטאַט און לאָזען ניט איבער קיין שפּור הינטער זיך. די סחורות געפינען זייער ווערטה־געשטאַלט פאַרטיג פאָרגעשטעלט

49 נאָכדעם ווי דער הערר פּראָפעסאָר ראָשער קלערט אונז אויף, אַז „די פאַלשע דעפיניציאָנען פון געלד לאָזען זיך איינטיילען אין צוויי הויפּט־גרופּען: אין אַזוינע, וואָס האַלטען עס פאַר מעהר איידער אַ סחורה און אין אַנדערע, וואָס האַלטען עס פאַר ווייניגער איידער אַ סחורה״, גיט ער אונז אַ לאַנגען און פערפלאָנטערטען קאַטאַלאָג פון שריפטען איבער דעם עצם פון געלד, דורך וועלכען עס זעהט זיך ניט אַז ער זאָל האָבען אפילו די קלענסטע אידעע פון דער ווירק־ליכער געשיכטע פון דער טעאָריע, און דאָן די פאָלגענדע מאָראַל: „איבעריגענס קאָן מען ניט לייקענען, אַז די מייסטע נייערע נאַציאָנאַל־עקאָנאָמען האָבען ניט גענוג געהאַלטען אין אויג די אייגענטימליכקייטען, וועלכע אונטערשיידען דאָס געלד פון אַנדערע סחורות (אַלזאָ דאָך מעהר אָדער ווייניגער אַלס סחורה?) אויף אַזוי ווייט איז די האַלב־מערקאַנטיליסטישע רעאַקציע פון גאַנילה א.א. ניט אינגאַנצען אונבעגרינדעט.״ (ווילהעלם ראָשער, די גרונדלאַגען דער נאַציאָ־נאַל־עקאָנאָמיע, 3טע אויפלאַגע, 1858, ז. 207 ביז 210). מעהר—ווייניגער—ניט גענוג—אויף אַזוי ווייט—ניט אינגאַנצען! וואָס פאַר אַ קלאָרע בעגריף־בעשטי־מונגען! און אַזוינע עקלעקטישע פּראָפעסאָרישע קוואַטשעריי גיט הערר ראָשער עניוות'דיג דעם נאָמען „די אַנאַטאָמיש־פיזיאָלאָגישע מעטאָדע״ פון דער פּאָלי־טישער עקאָנאָמיע! פאַר איין ענטדעקונג אָבער מוז מען איהם געבען קרעדיט און דאָס איז, וואָס ער רופט אַז דאָס געלד „אַן אַנגענעהמע סחורה.״

אין א סחורה־קערפּער, וועלכער עקזיסטירט אויסער און נעבען זיי. אַט די זאכען, גאָלד און זילבער, ווי זיי קומען נאָר ארויס פון די איינגעווייד פון דער ערד, זייגען שוין גלייך די דירעקטע פערקערפּערונג פון אלע מענשליכע ארבייטען. דערפון נעהמט זיך דער כשוף פון געלד. דער פאַקט, וואָס די מענשען פיהרן זיך אויף יעדערער ווי א בעזונדער אטאָם אין זייער געזעלשאפטליכען פּראָצעס פון פּראָדוקציאָן, און דאָס וואָס זייערע שייכות'ן איינע צו די אַנדערע אין דער פּראָדוקציאָן נעהמען אָן א מאַטעריעלען כאַראַקטער, וועלכער איז אומאָבהענגיק פון זייער קאָנטראָל און פון זייערע בעוואוסטזיניגע אינדיווידועלע האַנדלונגען, בעווייזען זיך צוערשט אין דעם, וואָס זייערע ארבייט־פּראָדוקטען נעהמען אָן אין אלגעמיין די פאָרם פון סחורות. דאָס רעטעניש פון דעם געלד־פעטיש איז דעריבער נישט מעהר ווי דאָס קלאָר־געוואָרענע, אוינען־בלענדענדע רעטעניש פון דעם סחורה־פעטיש.

## צווייטער קאַפּיטעל.

# דער פּראָצעס פון אויסטויש.

די סחורות קאָנען אַליין ניט גייען אין מארק און קאָנען אַליין זיך ניט אויסטוישען. מיר מוזען דעריבער אויפזוכען זייערע היטער, די בעזיצער פון די סחורות. סחורות זיינען זאכען און קאָנען דעריבער זיך ניט שטעלען אנטקעגען דעם מענשען. אויב זיי זיינען ניט מרוצה, קאָן ער געברויכען געוואַלט; אין אַנדערע ווערטער, ער קאָן זיי נעהמען.[37] כדי צו שטעלען די דאָזיגע זאכען אין אַ שייכות איינע צו די אַנדערע אַלס סחורות, מוזען די היטער פון די סחורות זיך פערהאַלטען איינע צו די אַנדערע ווי פּערזאָנען, וואָס זייער ווילען ליעגט אין יענע זאכען, און יעדער איינער, זיך שיידענדיג מיט זיין אייגענער סחורה ווערט דער באַלעבאָס פון דער פרעמדער סחורה נאָר מיט דעם ווילען פון דעם אַנדערן, ד.ה. נאָר דורך אַן אַקט פון ווילען, וואָס געפינט זיך געמיינשאַפטליך ביי ביידען. זיי מוזען זיך, הייסט עס, געגענזייטיג אָנערקענען אַלס פּריוואַט־אייגענטימער. אָט די יורידישע שייכות, וואָס דריקט זיך אויס אין דער פאָרם פון אַ קאָנטראַקט, סיי עס איז געזעצליך ענטוויקעלט אָדער ניט, איז אַ שייכות צווישען ווילענס, אין וועלכער עס שפּיגעלט זיך אָב די עקאָנאָמישע שייכות. דער אינהאַלט פון אָט דער יורידישער אָדער ווילען־שייכות ווערט בע־שטימט דורך דער עקאָנאָמישער שייכות גופא.[38] די פּערזאָנען

---

[37] אינ'ם 12טען י.ה., וועלכער שמ'ט אַזוי מיט זיין פרומקייט, פלעגען אָפט פאָרקומען צווישען די דאָזיגע סחורות זעהר צאַרטע זאכען. אַ פראַנצויזישער דיכטער פון יענער צייט רעכענט אויס צווישען די סחורות, וואָס האָבען זיך איינגעפונען אויפ'ן מארק פון לאַנדיט, ווי קליידונג־שטאָפען, לעדער, אַקערבוי־אינסטרומענטען, פעל א.אז.וו. אויך—פרעהליכע מיידלעך.

[38] פּרודאָן שעפּט זיין אידעאַל פון אייביגער גערעכטיגקייט פון די יורי־דישע שייכות'ן, וואָס זיינען צוגעפּאַסט צו דער סחורה־פּראָדוקציאָן: וואָס דורכדעם, אגב אורחא בעמערקט, ווערט אויך געליפערט פאַר אַלע שפּיזבירגער דער זעהר טרייסטענדער בעווייז, אַז די פאָרם פון דער סחורה־פּראָדוקציאָן

דער ווערטה־אויסדרוק פון א סחורה אין גאָלד—$x$ סחורה
$A = y$ געלד־סחורה—איז איהר געלד־פאָרם אָדער איהר פּרייז,
א פעראיינצעלטע גלייכונג, ווי 1 טאָן אייזען=2 אונצען גאָלד, איז
איצט גענוג כדי פאָרצושטעלען דעם ווערטה פון אייזען אויף א
געזעלשאפטליך־גילטיגען אופן. עס איז ניט נויטיג מעהר, אז די
גלייכונג זאָל אויסגעלעשט ווערן ווי א רינג אין א גאנצער קייט
פון גלייכונגען, וואָס דריקען אויס דעם ווערטה פון די אנדערע
סחורות, וואָרים די עקוויוואלענט־סחורה, דאָס גאָלד, האָט שוין
איצטער דעם כאראקטער פון געלד. די אלגעמיינע רעלאטיווע
ווערטה־פאָרם. פון סחורות האָט דעריבער איצט ווידער די גע־
שטאלט פון איהר אורשפּרינגליכער איינפאכער אָדער איינצעלנער
רעלאטיווער ווערטה־פאָרם. פון דער אנדער זייט ווערט דער
אויסגעברייטערטער רעלאטיווער ווערטה־אויסדרוק אָדער די ענד־
לאָזע סעריע פון רעלאטיווע ווערטה־אויסדרוקען, א ספּעציפיש
רעלאטיווע ווערטה־פאָרם פון דער געלד־סחורה. אָט די סעריע
אָבער איז איצט שוין געזעלשאפטליך אויסגעדריקט אין די סחורה־
פּרייזען. מען דארף נאָר לעזען די נאָטירונגען פון א פּרייז־ליסט
ריקווערטס, וועט מען געפינען די ווערט־גרויס פון געלד אויסגע־
דריקט אין אלע מעגליכע סחורות. געלד אליין אָבער האָט ניט
קיין פּרייז. כדי צו נעהמען א טייל אין דער דאָזיגער איינהייט־
ליכער רעלאטיווער ווערטה־פאָרם פון די אנדערע סחורות, מוז

---

ווערן אלס איהר היפּך, די דירעקטע געזעלשאפטליכע ארבייט? איך האָב אנ־
דערשוואו אויספיהרליך אונטערזוכט דעם אויבערפלעכליכען אוטאָפּיזם פון
„ארבייט־געלד" אין א געזעלשאפט, וואָס איז געבויט אויף סחורה־פּראָדוקציאָן.
(צור קריטיק דער פּאָליטישען עקאָנאָמיע, ז. 61 א. וו.) דאָ וויל איך נאָר בע־
מערקען, אז אָווען'ס „ארבייטס־געלד" צ.ב.ש. איז פּונקט אזוי וועניג „געלד",
ווי א שטייגער א טהעאטער־בילעט. אָווען בויט דירעקט אויף דער השערה פון
פערגעזעלשאפטעטע ארבייט, א פאָרם פון פּראָדוקציאָן, וועלכע איז דיאמעט־
ראל געגענגעזעצט צו דער סחורה־פּראָדוקציאָן. דער ארבייט־סערטיפיקאט קאָן
כטאטירט נאָר דעם אינדיווידועלען אנטייל, וואָס דער פּראָדוצירער האָט גע־
נומען אין דער קאָלעקטיוו־ארבייט, און זיין אינדיווידועלען אנשפּרוך אויף
דעם טייל פון קאָלעקטיווען פּראָדוקט, וואָס איז בעשטימט פאַר דעם פער־
ברויך. עס פאלט אָבער אָווען'ען ניט איין משער צו זיין די סחורה־פּראָדוק־
ציאָן און אין דערזעלבער צייט צו וועלען זיך אויסדרעהען פון איהרע נויט־
ווענדיגע בעדינגונגען דורך געלד־שפּיעלערייען.

דאָס געלד זיך בעציהען אויף זיך אליין, ווי אויף זיין אייגענעם עקוויוואלענט.

דער פרייז אָדער די געלד־פאָרם פון סחורות, אַזוי ווי זייער ווערטה־פאָרם איבערהויפּט, איז אַ פאָרם וואָס אונטערשיידט זיך פון זייער ממשות'דיגער, רעעלער קערפּער־פאָרם; עס איז אַלזאָ אַ ריין אידעעלע אָדער פאָרגעשטעלטע פאָרם. דער ווערט פון אייזען, לייווענט, ווייץ א. אַ. וו. עקזיסטירט, הגם ער זעהט זיך ניט אָן, אין די דאָזיגע זאַכען גופא; ער ווערט פּאָרגע־שטעלט דורך זייער גלייכהייט מיט גאָלד — אַ שייכות צו גאָלד, וועלכע טרייבט זיך אַרום, אַזוי צו זאָגען, נאָר ביי זיי אין קאָפּ. דער סחורה־היטער (דער בעל־הבית) מוז דעריבער אריינ־שטעקען זיין צונג זיי אין מויל, אָדער אָנהענגען אויף זיי פּאַפּיר־צעטלעך, כדי צו לאָזען וויסען זייער פרייז פאַר דער וועלט.[51] אַזוי ווידער אויסדרוק פון די סחורה־ווערטהען אין גאָלד איז נאָר אידעעל (במחשבה), קאָן אָנגעווענדט ווערן פאַר דער דאָזיגער אָפּע־ראַציאָן אויך נאָר פאָרגעשטעלטעס אָדער אידעעלעס גאָלד. יעדער סחורה־הענדלער ווייס, אַז ער האָט נאָך לאַנג ניט געמאַכט זיין סחורה צו גאָלד, ווען ער האָט איהר ווערטה געגעבען די פאָרם פון אַ פרייז אָדער אַ פאָרגעשטעלטע געלד־פאָרם. און ער ווייס אויך,

51 דער ווילדער אָדער דער האַלב־ציוויליזירטער געברויכט זיין צונג אויף אַנאַנדער אופן. קאַפּיטאַן פּאַררי דערצעהלט צ.ב.ש. וועגען די איינוואוינער פון דעם מעריב ברעג פון באַפפינ'ס ביי, אַז „אין דעם פאַל (ביים פּראָדוקטען־אויסטויש) האָבען זיי עס בעלעקט (די סחורה, וואָס מען האָט זיי אָנגעבאָטען) צוויי מאָל מיט דער צונג; דערמיט האָבען זיי, ווי עס שיינט, געגעבען צו פערשטעהן, אַז דאָס געשעפט איז אָבגעשלאָסען צו זייער צופרידענהייט". אַזוי אויך ביי די מזרח־עסקימאָזען, זיי בעלעקען יעדעסמאָל דאָס אַרטיקעל, וואָס זיי בעקומען אין אויסטויש. אויב די צונג דיענט אין די צפון־לענדער אַלס דער אָרגאַן פון אָנאייגענונג, איז קיין וואונדער ניט, וואָס דער בויך גילט אין די דרום־לענדער אַלס דער אָרגאַן פון אָנגעזאַמעלטען רייכטום: דער קאַפפער שעצט דעם רייכטום פון אַ מענטשען נאָכ'ן פעטען בויך. די קאַפפערן פערשטעהן אַן עסק, קאָן מען זעהן פון דעם, וואָס בעת דער אָפיציעלער בריטישער געזונדהייטס בעריכט פון 1864 בעקלאַגט דעם מאַנגעל אין פעט־פאָרמירענדע שפּייזען ביי אַ גרויסען טייל פון דעם אַרבייטער־קלאַס, האָט אין דעמזעלבען יאָהר אַ דאָקטאָר האַרווי (ניט חלילה דער דאָקטאָר האַרווי, וואָס האָט ענטדעקט די צירקולאַציע פון בלוט) געמאַכט אַ פערמעגען דורך מאַרקשרייערישע רעצעפּטען אויף אָבצו־טרייבען דעם איבערפליסיגען פעט פון דער בורזשואַזיע און דער אַריסטאָקראַטיע.

אַז עס פאָדערט זיך ניט קיין ברעקעל ווירקליכעס גאָלד, כדי אַבּ־צושאַצען מיליאָנען־ווערטה סחורות אין דעם דאָזיגען מעטאַל. אין זיין פונקציע פון אַ מאָס פון ווערטה דיענט דאָס געלד דעריבער — נאָר אַלס פאָרגעשטעלטעס אָדער אידעעלעס געלד. אָט דער אומ־שטאַנד האָט מיטגעבראַכט די ווילדעסטע טעאָריען.[52] הגם אָבער דאָס געלד, וואָס פעררירכט די פונקציע פון אַ ווערטה־מאָס, איז נאָר פאָרגעשטעלטעס געלד, הענגט דער פרייז אָב אינגאַנצען פון דעם רעעלען געלד־מאַטעריאַל. דער ווערטה, דאָס הייסט די סומע מענשליכער אַרבייט, וואָס עס ליעגט צ.ב.ש. אין אַ טאָן אייזען, ווערט אויסגעדריקט אין אַ פאָרגעשטעלטער סומע פון דער געלד־סחורה, וועלכע ענטהאַלט אויך אַזויפיעל אַרבייט. לויט דעם אַלזאָ צי גאָלד, זילבער אָדער קופּער דיענט אַלס ווערטה־מאָס, וועט דער ווערטה פון דעם טאָן אייזען זיך אויסדריקען אין גאַנץ פערשיידענע פּרייזען, אָדער וועט ווערן פאָרגעשטעלט דורך גאַנץ פערשיידענע סומען פון גאָלד, זילבער אָדער קופּער.

אויב דעריבער צוויי פערשיידענע סחורות, דהיינו גאָלד און זילבער, דיענען אין דערזעלביגער צייט אַלס מאָסען פון ווערטה, האָבען דאַן אַלע סחורות צווייערליי פערשיידענע אויסדרוקען, אַ גאָלד־פּרייז און אַ זילבער־פּרייז. זיי עקזיסטירן רוהיג איינע נעבען די אַנדערע, כל זמן די ווערטה־פּראָפּאָרציע פון זילבער צו גאָלד בלייבט אומפערענדערט, צ.ב.ש.=15:1. יעדע פערענדערונג אָבער פון אָט דער ווערטה־פּראָפּאָרציע שטערט די שייכות צווישען די גאָלד־פּרייזען און די זילבער־פּרייזען פון די סחורות, און בעווייזט אויף דעם אופן פאַקטיש, אַז אַ טאָפּעלטער מאָסשטאַב פון ווערטה ווידערשפּרעכט די פונקציע פון אַ מאָסשטאַב.[53]

---

[52] זעה קאַרל מאַרקס, „צור קריטיק דער פּאָליטישען עקאָנאָמיע”: „טעאָריען פאַן דער מאַסאיינהייט דעם געלדעס”, ז. 53 א.וו.

[53] נאָטע צו דער צווייטער אויסגאַבע. — „וואו נאָר גאָלד און זילבער בע־שטעהען געזעצליך אַלס געלד, ד.ה. אַלס ווערטה־מאַס איינע נעבען די אַנדערע, האָט מען שטענדיג פּרובירט, אָבער אָהן ערפאָלג, זיי ביידען צו בעהאַנדלען אַלס איינע און דיזעלביגע מאַטעריע. נעהמט מען אַן, אַז דיזעלבע אַרבייט־צייט מוז אומפערענדערליך זיך פערקערפּערן אין דערזעלביגער פּראָפּאָרציע פון זילבער און גאָלד, דאַן נעהמט מען פאַקטיש אַן, אַז זילבער און גאָלד זיינען דיזעלביגע מאַטעריע, און אַז אַ בעשטימטע מאַסע פון דעם וועניגער ווערטהפולען מעטאַל,

סחורות מיט בעשטימטע פּרייזען שטעלען זיך פאָר אין דער פאָרם: א סחורה $A = x$ גאָלד; ב סחורה $B = z$ גאָלד; ג סחורה $C = y$ גאָלד א.אז.וו., ווען א, ב, ג שטעלען פאָר בע־שטימטע סומען פון די סחורות $A$, $B$, $C$ און $x$, $z$, $y$ בע־שטימטע סומען גאָלד. די סחורה־ווערטהען ווערן דעריבער פער־וואַנדעלט אין פאָרגעשטעלטע געלד־סומען פון פערשיידענער גרויס; הייסט עס, ווי משונה'דיג די פערשיידענהייט פון די סחורות זאָל

---

פון זילבער, מאַכט אויס אַ אונפערענדערליכען ברוך־טייל פון אַ בעשטימטער מאַסע גאָלד. פון דער רעגירונג פון עדוארד דעם 3. ביז דער צייט פון דזשאָרדזש דעם 2. פערלויפט זיך די געשיכטע פון דעם ענגלישען געלד אין איין לאַנגער רייהע פון שטערונגען, וואָס זיינען ארויסגערופען געוואָרן דורך דעם צוזאַמענשטויס צווישען דער געזעצליכער פעסטשטעלונג פון דער ווערטה־שייכות פון גאָלד און זילבער און זייערע ווירקליכע ווערטה־שוואַנקונגען. אין איין צייט איז גאָלד געשאַצט געוואָרן צו הויך, אַנאַנדערשט מאָל זילבער. דער מעטאַל, וואָס איז צו־נידעריג געשאַצט געוואָרן, איז צוריקגעצויגן געוואָרן פון צירקולאַציע, איז איבערגעשמאָלצען און עקספּאָרטירט געוואָרן. די ווערטה פּראָפּאָרציע פון ביידע מעטאַלען איז דאַן ווידער געזעצליך געענדערט גע־אין דעמזעלבינען קאָנפליקט מיט דער ווירקליכער ווערטה־פּראָפּאָרציע, ווי דער אַלטער.

אין אונזער אייגענער צייט האָט דער זעהר שוואַכער און ניט לאַנג דויערנדער ארונטערפאַל אין ווערטה פון גאָלד אין פערגלייך מיט זילבער, וואָס איז געווען אַ פאָלגע פון דער אינדיש־כינעזישער זילבער־נאָכפראַגע, ארויס־גערופען דיזעלבע ערשיינונגען אויף אַ פיעל גרעסערן מאַסשטאַב אין פראַנקרייך: זילבער איז עקספּאָרטירט געוואָרן און פערטריבען פון דער צירקולאַציע דורך גאָלד. אין משך פון די יאהרען 1855—56 און 57 האָט דער איבערשוס פון דעם אריינפיהר פון גאָלד אין פראַנקרייך איבער דעם ארויספיהר פון גאָלד פון פראַנקרייך בעטראָפען 41,580,000 פונט סטערלינג, בעת דער איבערשוס פון'ם ארויספיהר פון זילבער איבער דעם אריינפיהר פון זילבער האָט גע־רייכט די סומע פון 14,704,000 פונט סט. דער פאַקט איז, אַז אין די לענדער וואו ביידע מעטאַלען זיינען געזעצליכע ווערטה־מאָסען, און ביידע מוזן דעריבער אנגענומען ווערן אין צאָהלונג, נאָר יעדער קאָן צאָהלען ווי ער וויל, איז זילבער אָדער איז גאָלד. איז דער מעטאַל וואָס איז געשטיגען אין ווערטה אין העכערן קורס, און ווי יעדער אַנדער סחורה מעסט ער זיין פּרייז אין דעם איבערגעשאַצטען מעטאַל. וועלכער גילט אין דער ווירקליכקייט אַלס דער איינציגער מאַסשטאַב פון ווערטה. אַלע געשיכטליכע ערפאַהרונגען אויף דעם געביעט בעווייזען איינפאַך, אַז וואו צוויי סחורות האָבען געזעצליך די פונק־ציע פון אַ ווערטה־מאָס, פערנעהמט פאַקטיש דעם דאָזיגען פּלאַץ נאָר איינער פון זיי". (ק. מאַרקס, „צור קריטיק דער פּאָליט. עקאָנ." ז. 52 און 53).

ניט זיין, ווערן זיי אלע אויסגעדריקט אין איינגאמענדיגע גרויסען, אין גאלד־גרויסען. זיי פערגלייכען זיך און מעסטען זיך איינע מיט די אנדערע אלס אזעלכע פערשיידענע גאלד־סומען, און עס ענט־וויקעלט זיך טעכניש די נויטווענדיגקייט צו שטעלען זיי אין א שייכות מיט א געוויסער פעסטגעזעצטער סומע גאלד, וואס זאל דיענען פאר זיי ווי א מאס־איינהייט. אט די מאס־איינהייט גופא ווערט שפעטער ווייטער ענטוויקעלט אלס דער מאסשטאב, דורך א ווייטערע איינטיילונג אין אליקוואטע * טיילען. נאך איידער זיי ווערן געלד, בעזיצען שוין גאלד, זילבער און קופער אזעלכע מאסשטאבען אין זייערע מעטאל־געוויכטען; אזוי צ.ב.ש. בעת 1 פונט דיענט ווי א מאס־איינהייט, לאזט ער זיך פון איין זייט אבגעטיילט ווערן אין אונצען, און פון דער אנדער זייט צוזאמענ־גע׳חבור׳ט ווערן אין צענטנער.[54] אין אלע מעטאלישע צירקולא־ציעס זיינען דעריבער די נעמען פון דעם געלד־מאסשטאב אדער פון דעם מאסשטאב פון די פרייזען לכתחילה גענומען געווארן פון די פריהער־עקזיסטירענדע נעמען פון די געוויכט־מאסשטאבען.

אלס מאס פון ווערטה און אלס מאסשטאב פון פרייז פעררירכט דאס געלד צוויי גאנץ פערשיידענע פונקציעס. עס איז א מאס פון ווערטה אלס די געזעלשאפטליכע פערקערפערונג פון מענשליכער ארבייט, און עס איז דער מאסשטאב פון פרייז אלס א פעסטגע־זעצטעס געוויכט פון מעטאל. אלס ווערטה־מאס דיענט עס צו פערוואנדלען די ווערטהען פון די אלערליי פערשיידענע סחורות

---

* „אליקוואטע" טיילען מיינט אזוינע טיילען פון א גאנצעס, אין וועלכע דאס גאנצע צוטיילט זיך, ניט איבערלאזענדיג קיינע אונטיילבארע חלקים, ווי צ.ב.ש. 2 און 3 זיינען אליקוואטע טיילען פון 6. — איבערזעצער.

54 דער זאנדערבארער אומשטאנד, וואס דער אונץ גאלד, וועלכער דיענט אין ענגלאנד אלס די איינהייט פון דעם געלד־מאסשטאב, טיילט זיך ניט איין פון דאזיגען מאסשטאב) ערקלערט זיך ווי פאלגט: „אונזערע מינצען זיינען אין אליקוואטע טיילען (דער פונט סטערלינג איז ניט קיין אליקוואטער טייל לכתחילה איינגעפיהרט געווארן נאר פאר דער בענוצונג פון זילבער, דעריבער קאן אן אונץ זילבער אלעמאל אויסגעמינצט ווערן אין א בעשטימטער, געהע־ריגער צאהל געלד־שטיקער; אזוי ווי אבער גאלד איז איינגעפיהרט געווארן ערייט שפעטער אלס מינצען. ווען דער מינץ־באזיס איז געווען צוגעפאסט צו זילבער, קאן ניט אן אונץ גאלד אויסגעמינצט ווערן אין אן אליקוואטע צאהל געלד־שטיקער. (מאקלארען, „היסטארי אוו דהי קוררענסי", לאנדאן 1858)

אין פרייזען, אין פארגעשטעלטע געלד-סומען; אלס מאסשטאב פון פרייזען מעסט עס די דאזיגע געלד-סומען. מיט דער מאס פון ווערטהען מעסטען זיך די סחורות אלס ווערטהען; דאגעגען, דער מאסשטאב פון פרייזען מעסט אוים פערשיידענע סומען געלד דורך איין סומע געלד, ניט דעם ווערטה פון איין סומע געלד דורך דעם געוויכט פון אנאנדער סומע געלד. פאר דעם מאסשטאב פון פרייזען מוז פעסטגעשטעלט ווערן איין בעשטימטעס געלד-געוויכט אלס א מאס-איינהייט. אין דעם פאל, ווי אין אלע אנדערע פאלען פון מאס-בעשטימונגען פון איינגאמענדיגע גרויסען, איז די פעסט-שטעלונג פון א אונפערענדערליכער מאס-איינהייט העכסט וויכטיג. דער מאסשטאב פון פרייזען ערפילט דעריבער זיין פונקציע אלץ בעסער, וואס וועניגער דיזעלביגע סומע געלד אלס מאס-איינהייט איז אונטערוואָרפען צו פערענדערונגען. אבער אלס מאס פון ווערטה קאן געלד דיענען נאר דעריבער, ווייל עס איז אליין א פראדוקט פון ארבייט און פאלגליך פאטענציעל פערענדערליך אין ווערטה.[55]

עס איז ערשטענס קלאר, אז אן ענדערונג אין דעם ווערטה פון געלד קאן אויף קיין אופן ניט האבען קיין ווירקונג אויף זיין פונקציע אלס מאסשטאב פון פרייזען. ווי דער ווערטה פון געלד זאל זיך ניט בייטען, די פערשיידענע סומען געלד בלייבען שטענדיג אלץ אין דערזעלביגער ווערטה-פראפארציע איינע צו די אנדערע. דער ווערטה פון געלד מעג פאלען אויף טויזענד פראצענט, וועלען אלץ 12 אונצען געלד בעזיצען 12 מאל מעהר ווערטה איידער 1 אונץ געלד; און ביי פרייזען האנדעלט זיך דאך נאר וועגען דער פראפארציע צווישען פערשיידענע סומען געלד. אזוי ווי פון דער אנדער זייט ווידער, ווערט מיט דעם פאלען אדער שטייגען אין דעם ווערטה פון אן אונץ געלד זיין געוויכט בשום אופן ניט פער-ענדערט, אזוי קאן אויך קיין ענדערונג ניט פארקומען אין זיינע אליקוואטע טיילען; און בכן דיענט דאס געלד אלס פעסטגעזעצ-טער מאסשטאב פון פרייזען שטענדיג דעמזעלבען צוועק, וויפיעל זיין ווערטה זאל זיך ניט בייטען.

[55] ביי די ענגלישע שרייבער איז די טומלעניש בנוגע דער מאס פון ווערטהען און דעם מאסשטאב פון פרייזען אן אונבעשרייבליכע. די פונקציעס ווי אויך זייערע נעמען ווערן שטענדיג פערביטען.

די ווערטה־ענדערונג פון גאָלד שטערט אויך ניט זיין פונקציע אלס ווערטה־מאָס. די ענדערונג טרעפט אלע סחורות אין דער־זעלבער צייט, און דעריבער לאָזט ער, אונטער זאָנסט גלייכע פער־העלטנישען, זייערע רעלאַטיווע ווערטהען צווישען זיך אומפער־ענדערט, אַבוואָהל זיי ווערען זיך איצט אלע אויסדריקען אין הע־כערע אָדער נידעריגערע גאָלד־פּרייזען ווי פריהער.*55

אזוי ווי ווען מען שאַצט דעם ווערטה פון איין סחורה אין דעם געברויך־ווערטה פון א וועלכער עס איז אַנדער סחורה, אזוי אויך ווען מיר שאַצען די סחורות אין גאָלד, זיינען מיר זיך נאָר משער, אז די פּראָדוקציאָן פון א בעשטימטער סומע גאָלד קאָסט אין א בעשטימטער פּעריאָדע א בעשטימטע סומע ארבייט. וואָס איז שייך די שוואַנקונגען פון די סחורה־פּרייזען בכלל, זיינען זיי אונטערוואָרפען די געזעצען פון דעם איינפאַכען רעלאַטיווען ווערטה־אויסדרוק, וועלכע זיינען פריהער אויסגעאַרבייט געוואָרן.

די פּרייזען פון סחורות קאָנען אין אלגעמיין שטייגען, ענט־וועדער ווען זייערע ווערטהען שטייגען און דער געלד־ווערטה בלייבט דערזעלביגער; אָדער ווען די סחורה־ווערטהען בלייבען דיזעלביגע און דער געלד־ווערטה פאַלט. פערקעהרט, די סחורה־פּרייזען קאָנען פאַלען, ענטוועדער ווען זייער ווערטה איז געפאַלען און דער געלד־ווערטה בלייבט דערזעלביגער, אָדער ווען די סחורה־ווערטהען בליי־בען דיזעלביגע און דער גאָלד־ווערטה איז געשטיגען. עס איז דע־ריבער בשום אופן ניט געדרונגען, אז א שטייגענדער גאָלד־ווערטה מוז ארויסרופען א פּראָפּאָרציאָנעלען פאַלען פון די סחורה־פּרייזען, און א פאַלענדער גאָלד־פּרייז מוז ארויסרופען א פּראָפּאָרציאָנעלען שטייגען פון די סחורה־פּרייזען. אזא רעזולטאַט וואָלט נאָר געווען ריכטיג פאַר סחורות מיט א אומפערענדערטען ווערטה. אזוינע סחורות צ.ב.ש., וואָס זייער ווערטה שטייגט גלייכמעסיג און גלייכ־צייטיג מיט דעם ווערטה פון געלד, האַלטען אָן דיזעלבע פּרייזען. שטייגט זייער ווערטה לאַנגזאַמער אָדער ראַשיגער איידער דער געלד־ווערטה, דאַן ווערט דאָס פאַלען אָדער דאָס שטייגען פון זייערע

*55 „דאָס געלד קאַן זיך שטענדיג ענדערן אין זיין ווערטה, און פונדעסטי־וועגען פונקט אזוי גוט דיענען אלס מאַסשטאַב פון ווערטה, ווי ווען עס וואָלט געבליבען פאַלקאָם אונפערענדערט.” (בעילי „מאַני אנד איטס וויסיסיטיודס“, לאָנדאָן, 1837, ז. 11.)

פּרייזען בעשטימט דורך דעם חלוק צווישען זייער ענדערונג אין ווערטה און דער ווערטה־ענדערונג פון געלד, א.אז.וו.

לאָמיר זיך איצטער אומקעהרען צו דער בעטראַכטונג פון דער פּרייז־פאָרם.

מיר האָבען געזעהן, אַז די על פּי מנהג אָנגענומענע נעמען פון דעם געוויכט־מאָסשטאַב און זיינע אונטעראָבטיילונגען זיינען אויך די אורשפּרינגליכע נעמען פון דעם געלד־מאָסשטאַב. ביס־לעכוויייז ווערט די פערבינדונג צווישען די געלד־נעמען פון די מעטאַל־געוויכטען און די ווירקליכע געוויכטען, וואָס די דאָזיגע נעמען האָבען אורשפּרינגליך פאָרגעשטעלט, צעריסען מחמת פער־שיידענע טעמים, צווישען וועלכע די פאָלגענדע האָבען געהאַט אַ היסטאָריש ־ ענטשיידענדען איינפלוס: 1) די איינפיהרונג פון פרעמדע געלדער ביי מינדער־ענטוויקעלטע פעלקער; ווי צ.ב.ש. אין אַלטען רוים האָבען זילבער און גאָלד־מטבעות פון אָנפאַנג צירקו־לירט אַלס אויסלענדישע סחורות. די נעמען פון די פרעמדע מטבעות זיינען פערשיידען פון די היימישע געוויכט־נעמען. 2) מיט דער ענטוויקלונג פון רייכטום ווערט דער וועניגער־עדעלער מעטאַל ארויסגעשטופּט פון זיין פונקציע אַלס ווערטה־מאָס דורך דעם מעהר־איידעלען—קופּער דורך זילבער, זילבער דורך גאָלד—עס מאַכט ניט אויס, צי אָט דער כסדר׳דיגער גאַנג וויעדערשפּרעכט די פּאָעטישע כראָנאָלאָגיעס.56 דער נאָמען פונט צ.ב.ש. איז געווען דער געלד נאָמען פאַר אַ ווירקליכען פונט זילבער. ווען גאָלד האָט ארויסגעשטופּט דאָס זילבער אַלס ווערטה־מאָס, איז דערזעלביגער נאָמען געבליבען הענגען, לויט דער ווערטה־פּראָפּאָרציע צווישען גאָלד און זילבער, אפשר ניט מעהר ווי אויף 1/15 פונט. דער פונט אַלס געלד־נאָמען און אַלס געוועהנליכער געוויכט־נאָמען זיינען איצט געוואָרן צוויי פערשיידענע זאַכען.75 (3 די געלד־פעלשונג פון די קעניגע און פירשטען, וואָס איז אָנגעגאַנגען פאַר הונדערטער

---

56 איבעריגענס האָט אָט דער סדר ניט קיין אַלגעמיינע היסטאָרישע גילטיגקייט.

57 „יענע געלד־סאָרטען, וואָס זייערע נעמען זיינען איצטער נאָר אידעעל, זיינען ביי אַלע פעלקער די עלטסטע. יעדערע האָט אַמאָל געהאַט אַ רעאַלען כאַראַקטער (אָט די לעצטע בעמערקונג איז גאַנץ אָפט ניט ריכטיק. מאַרקס) אַלס רעכען־געלד״. (גאַליאַני, „דעלאַ מאָנעטאַ״, ז. 153).

יאָהרען, וועלכע האָט פון דעם אורשפּרינגליכען געוויכט פון די גאָלד־מטבעות פאַקטיש נאָר איבערגעלאָזט דעם נאָמען.[58]

אָט די היסטאָרישע פּראָצעסען מאַכען די אָבזונדערונג פון דעם געלד־נאָמען פון די מעטאַל־געוויכטען פון זייערע געוועהנליכע געוויכט־נעמען פאַר אַ פאָלקס־געוועהנהייט. אַזוי ווי דער געלד־מאָסשטאַב איז פון איין זייט ריין קאָנווענציאָנעל און פון דער אַנדער זייט נויטיגט ער זיך אין אַן אַלגעמיינער גילטיגקייט, ווערט ער לסוף געזעצליך רעגולירט. איין בעשטימטער געוויכט־טייל פון דעם עדעלען מעטאַל, צ.ב.ש. איין אונץ גאָלד, ווערט אָפּיציעל צו־טיילט אין אַליקוואָטע טיילען, וועלכע בעקומען לעגאַלע נעמען, ווי פונט, טאָלער, א.אז.וו. אַזאַ אַליקוואָטער טייל, וועלכער גילט דאַן אַלס די אייגענטליכע מאָס־איינהייט פון געלד, ווערט ווידער צו־טיילט אין אַנדערע אַליקוואָטע טיילען מיט געזעצליכע נעמען, ווי שילינג, פּעני, א.אז.וו.[59] נאָכדעם, אַזוי גוט ווי פריהער, בלייבען אַלץ בעשטימטע מעטאַל־געוויכטען דער מאָסשטאַב פון מעטאַל־געלד. וואָס עס האָט זיך געענדערט, איז נאָר די איינטיילונג און די נאָמען־געבונג.

די פּרייזען אָדער די גאָלד־סומען, אין וועלכע די ווערטהען פון די סחורות זיינען אידעעל פערוואַנדעלט, ווערט איצט, הייסט עס, אויסגעדריקט אין די געלד־נעמען אָדער געזעצליך־גילטיגע רעכען־נעמען פון דעם געלד־מאַסשטאַב. אנשטאַט, הייסט עס, צו זאָגען: דאָס פערטעל ווייץ איז גלייך צו אַן אונץ גאָלד, וועט מען זאָגען אין ענגלאַנד, ער איז גלייך צו 3 פונט סט., 17 שילינג, 10½ פּעננים. די סחורות דריקען אויף דעם אויפן אויס אין זייערע

[58] אָט אַזוי בעצייכענט דער ענגלישער פונט וועניגער ווי אַ דריטעל פון זיין אורשפּרינגליכען געוויכט; דער שאָטישער פונט, איידער די פעראייניגונג, ניט מעהר ווי איין זעקס און דרייסיגסטעל; דער פראַנצויזישער ליוור איין פיער און זיבעציגסטעל; דער שפּאַנישער מאַראַוועדי וועניגער ווי איין טויזענדטעל, און דער פּאָרטוגעזישער רעי נאָך אַ פיעל קלענערע פּראָפּאָרציע.

[59] דאַוויד אורקהאַרט בעמערקט אין זיין בוך „פאַמיליאַר וואָרדס" וועגען דעם געוואַלט (!), וואָס היינט איז דער פונט סט., די איינהייט פון דעם ענגלישען געלד־מאַסשטאַב, גלייך צו אַן ערך ¼ אונץ גאָלד: „דאָס הייסט פעלשען אַ מאָס, ניט אויפשטעלען אַ מאַסשטאַב." ער זעהט אין אָט דעם פאַלשען נאָמען פון דעם געוויכט פון גאָלד, ווי אין יעדער אַנדער זאַך, די פעלשענדע האַנד פון דער ציוויליזאַציע.

געלד־נעמען וואס זיי זיינען ווערטה, און דאס געלד דיענט אלס רעכען־געלד, ווען נאר עס פאדערט זיך צו בעשטימען א זאך אלס א ווערטה אין איהר געלד־פארם.[60]

דער נאמען פון א זאך האט מיט איהר נאטור גאר ניט צו טהאן. איך וויים גארנישט וועגען א מענשען, ווען איך וויים, אז זיין נאמען איז יענקעל. פונקט אזוי פערשווינדט אין דעם געלד־נאמען פונט, טאלער, פראנק, א.אז.וו. יעדער שפור פון ווערטה־שייכות. די טומלעניש איבער דעם געהיימען זין פון אט די קאבאליסטישע צייכענס איז נאך גרעסער דערמיט, וואס די געלד־נעמען דריקען אוים דעם ווערטה פון די סחורות און צוגלייך די אליקוואטע טיילען פון דעם מעטאל־געוויכט, פון דעם געלד־מאסשטאב.[61] פון דער אנדער זייט איז עס נויטווענדיג, אז דער ווערטה, אין אונטערשייד פון די פערשיידענארטיגע מאטעריעלע פארמען פון דער סחורה־וועלט, זאל זיך ענטוויקלען צו אט דער בעגריפלאזער זאכליכער פארם, וועלכע איז אבער אויך א ריין געזעלשאפטליכע פארם.[62]

---

[60] ווען מען האט געפרעגט ביי אנאכארזים, צו וואס די העלענען (די גריכען) דארפען האבען געלד, האט ער געענטפערט: צום רעכענען. (אטהענאעאוס דעיפנאסאפהיסטאי I, IV, 49 אויסגאבע שווייגהויזער 1802.)

[61] „דערפאר ווייל געלד אלס מאסשטאב פון פרייזען ערשיינט אונטער דעמזעלבען רעכען־נאמען ווי די סחורה־פרייזען, אלזא צ.ב.ש. אן אונץ גאלד, אזוי גוט ווי דער ווערטה פון א טאן אייזען, ווערט אויסגעדריקט אין 3 פונט סטערלינג, 17 שילינג 10½ פענס, האט מען אט דעם רעכען־נאמען פון גאלד אנגערופען זיין מינץ־פרייז. דערפון איז ענטשטאנען די מאדנע פארשטעלונג, אזוי ווי דאס גאלד (אדער אויפ'ן זעלבען אופן זילבער) וואלט געשאצט געווארן אין זיין אייגענעם מאטעריאל, און אין אונטערשייד פון אלע אנדערע סחורות, ווערט זיין פרייז בעשטימט פון דעם שטאאט. מען האט על פי טעות געמיינט, אז די פעסטשטעלונג פון רעכען־נעמען פאר בעשטימטע גאלד־געוויכטען איז דיזעלבע זאך, ווי פעסטשטעלען דעם ווערטה פון די דאזיגע געוויכטען." (קארל מארקס, „צור קריטיק דער פאליט. עק.", ז. 52.)

[62] פערגלייכט „טהעאריען פון דער מאס־איינהייט דעם געלדעס" אין „צור קריטיק דער פאליטישען עקאנאמיע" ז. 53 א.וו. די פאנטאזיעס וועגען העכערן אדער נידעריגער מאכען דעם מינץ־פרייז פון געלד, אריבערטראגענדיג פאר שטאאט'ס צוועקען אויף גרעסערע אדער קלענערע געוויכטען פון גאלד אדער זילבער די געזעצליכע געלד־נעמען, וואס זיינען שוין געזעצליך פעסטגעשטעלט געווארן פאר בעשטימטע געוויכטען פון די דאזיגע מעטאלען, און אויף דעם אופן זאל מען א שטיינער פון ¼ אונץ גאלד אנשטאט 10 שילינג אויסשלאגען

דער פּרייז איז דער געלד־נאָמען פאַר דער אַרבייט, וואָס איז פערקערפּערט אין דער סחורה. רעדען וועגען דער עקוויוואַלענץ פון דער סחורה און דעם סכום געלד, וואָס זיין נאָמען איז איהר פּרייז, איז דעריבער אַ טאַוטאָלאָגיע [כפל הדבר במלות שונות: די אייגענע זאַך איבערגעזאָגט נאָך אַמאָל מיט אַנדערע ווערטער], [63] וואָרים דער רעלאַטיווער ווערטה־אויסדרוק פון אַ סחורה איז דאָך בכלל שטענדיג דער אויסדרוק פון דער עקוויוואַלענץ פון צוויי־ערליי סחורות. אָבער אויב דער פּרייז, אַלס עקספּאָנענט [אָנצייגער] פון דער גרויס פון דעם ווערטה פון אַ סחורה, איז דער עקספּאָנענט פון איהר אויסטויש־פּראָפּאָרציע מיט געלד, פאָלגט נאָך דערפון ניט פערקעהרט, אַז דער עקספּאָנענט פון איהר אויסטויש־פּראָפּאָרציע מיט געלד איז נויטיגערווייז אויך דער עקספּאָנענט פון דער גרויס פון איהר ווערטה. אָנגענומען, למשל, אַז געזעלשאַפטליך־נויטווענדיגע אַרבייט פון גלייכער גרויס איז פאַרגעשטעלט אין 1 פערטעל ווייץ און אין 2 פונט סטערלינג (אַן ערך ½ אונץ גאָלד). די 2 פונט סט. זיינען דער געלד־אויסדרוק פון דער גרויס פונ'ם ווערטה פון דעם פערטעל ווייץ, אָדער זיין פּרייז. אויב געוויסע אומשטענדען דערלאָזען, אַז דער פּרייז זאָל געהעכערט ווערן ביז 3 פונט סט., אָדער פערקעהרט, זיי צווינגען, דער פּרייז זאָל אַרונטערפאַלען ביז 1 פונט. סט., דאַן זיינען 1 פונט אָדער 3 פונט

---

40 שילינג—אַט די פאַנטאַזיעס, אויף ווי ווייט זיי בעצוועקען ניט קיין אומגע־לומפּערטע פינאַנץ־אָפּעראַציעס אַנטקעגען שטאַאַט'ס־ אָדער פּריוואַט־קרעדיטאָרען, נאָר עקאָנאָמישע „וואונדער־רפואות”, זיינען אַזוי גרינדליך בעהאַנדעלט געוואָרן פון וויליאַם פּעטטי אין זיין בוך „קוואַנטולומקומק קאָנסערנינג מאָני: טו דהי לאָרד מאַרקיז אוו האַליפאַקס, 1682”, אַז אפילו זיינע דירעקטע נאָכפאָלגער, סער דאַדלי נאָרטה און דזשאָהן לאָק, שוין ניט צו רעדען וועגען די שפּעטער־דיגע, האָבען זיינע געדאַנקען נאָר געקאָנט פערוואַסערן. „ווען דער רייכטום פון אַ נאַציאָן”, זאָגט ער צווישען אַנדערעס אין דעם דאָזיגען ווערק, ז. 36, „וואָלט געקאָנט פערצעהנפאַכט ווערן דורך אַ קעניגליכער פּראָקלאָמאַציע, וואָלט עס געווען אַ וואונדער פאַר וואָס אונזערע רעגירונגען האָבען שוין לאַנג ניט אַרויסגעלאָזט אַזעלכע פּראָקלאָמאַציעס.”

[63] „סיידען מען זאָל וועלען זאָגען, אַז איין מיליאָן אין געלד איז ווערטה מעהר איידער דערזעלבער ווערטה אין סחורות” (לע טראָן, „דע ל'אינטערע סאָסיאַל”, ז. 922), וואָס דאָס איז אַלץ איינס ווי צו זאָגען, אַז „איין ווערטה איז ווערטה מעהר איידער אַ גלייכער ווערטה.”

סט. אַלס אויסדרוקען פון דער גרויס פון דעם ווערטה פון ווייץ צו־קליין אָדער צו־גרויס, אָבער זיי זיינען פונדעסטוועגען זיינע פרייזען, וואָרים ערשטענס זיינען זיי זיין ווערטה־פאָרם, געלד, און צווייטענס זיינען זיי די עקספּאָנענטען פון זיין אויסטויש־פּראָפּאָרציע מיט געלד. בלייבען די בעדינגונגען פון דער פּראָדוקציאָן אָדער די פּראָדוקטיוו־קראַפט פון דער ארבייט דיזעלביגע, מוז אַלץ איינס פערוועגדעט ווערן פונקט דיזעלביגע געזעלשאַפטליכע ארבייט־צייט, כדי ווידער צו פּראָדוצירן דאָס פערטעל ווייץ. אָט דער אומשטאַנד העננט ניט אָב, ניט פון דעם ווילען פון דעם ווייץ־פּראָדוצירער, ניט פון דעם ווילען פון די בעזיצער פון אַנדערע סחורות.

די גרויס פונ׳ם ווערטה פון א סחורה דריקט אַלזאָ אויס א נויטווענדיגע שייכות—אַזעלכע וואָס ליעגט אין דער נאַטור פון דעם פּראָצעס פון איהר שאַפונג—צו דער געזעלשאַפטליכער ארבייט־צייט. וויבאַלד די גרויס פון ווערטה ווערט פערוואַנדעלט אין פרייז, ערשיינט די דאָזיגע נויטווענדיגע שייכות אַלס אַן אויסטויש־שייכות פון איין סחורה מיט דער געלד־סחורה, וואָס עקזיסטירט אויסער איהר. אין אָט דער שייכות אָבער קאָן זיך פונקט אַזוי גוט אויסדריקען די גרויס פונ׳ם ווערטה פון דער סחורה, ווי דער פּלוס אָדער מינוס, פאַר וועלכען זי ווערט אונטער געוויסע אומשטענדען אוועקגעגעבען. די מעגליכקייט פון א קוואַנטיטאַטיווער סתירה (אינקאָנגרוענץ) צווישען פרייז און ווערטה־גרויס, אָדער די מעגליכקייט אַז דער פרייז און די ווערטה־גרויס זאָלען געהן אין פערשיידענע דרכים, ליעגט, הייסט עס, אין דער פרייז־פאָרם גופא. דאָס איז ניט קיין חסרון פון אָט דער פאָרם, נאָר אדרבא, עס מאַכט איהר פאַר א ריכטיג־צוגעפּאַסטע פאָרם פאַר אַזאַ אופן פון פּראָדוקציאָן, אין וועלכער דער רעגעל קאָן זיך דורכזעצען אַלס א בלינד־ווירקענדער דורכשניט־געזעץ פון רעגעללאָזיגקייט.

די פרייז־פאָרם לאָזט אָבער צו ניט נאָר די מעגליכקייט פון א קוואַנטיטאַטיווער סתירה צווישען דער ווערטה־גרויס און דעם פרייז, ד.ה. צווישען דער ווערטה־גרויס און איהר אייגענעם געלד־אויסדרוק, נאָר זי קאָן אויך בעהאַלטען אין זיך א קוואַליטאַטיווען ווידערשפּרוך, אַזוי אַז דער פרייז הערט איבערהויפּט אויף צו זיין דער אויסדרוק פון ווערטה, הגם געלד איז נישט מעהר ווי די ווערטה־

פארם פון סחורות. זאכען, וועלכע זיינען אן און פאר זיך גיט קיין סחורות, צ.ב.ש. א מענשענ'ס געוויסען, עהרע א.אז.וו. קאנען פון זייערע בעזיצער אנגעבאטען ווערן צום פערקויף, און אויף דעם אופן בעקומען דורך זייער פרייז די פארם פון סחורה. א זאך קאן דעריבער פארמעל האבען א פרייז, ניט האבענדיג קיין ווערטה. דער פרייז־אויסדרוק איז אין דעם פאל אימאגינער [וואס ווערט פארגעשטעלט אין דמיון], ווי געוויסע גרויסען אין דער מאטהעמאטיק. פון דער אנדער זייט קאן אויך די אימאגינערע פרייז־פארם, ווי צ.ב.ש. דער פרייז פון אונקולטיווירטען באדען, וועלכער האט ניט קיין ווערטה, ווייל עס איז אין איהם ניט פערקערפערט קיין מענשליכע ארבייט, האבען א דירעקטע אדער אינדירעקטעווירקליכע ווערטה־שייכות.

דער פרייז, ווי די רעלאטיווע ווערטה־פארם בכלל, דריקט אויס דעם ווערטה פון א סחורה, צ.ב.ש. א טאן אייזען, דורכדעם, וואס א בעשטימטע סומע פון דעם עקוויוואלענט, צ.ב.ש. אן אונץ גאלד, לאזט זיך דירעקט אויסטוישען אויף אייזען; דאס זאגט אבער בשום אופן ניט פערקעהרט, אז דאס אייזען פון זיין זייט לאזט זיך דירעקט אויסטוישען אויף גאלד. כדי אלזא פראקטיש אויסצואיבען די ווירקונג פון א טויש־ווערטה, מוז די סחורה אראבציהען פון זיך איהר נאטירליכען חומר, זי מוז זיך פערוואנדלען פון פארגעשטעלטען גאלד אין ווירקליכען גאלד, ווען אפילו אט די סובסטאנץ־טראנספארמירונג מעג איהר אנקומען שווערער ווי דעם העגעליאנישען „בעגריף" דער איבערגאנג פון דער נויטווענדיגקייט צו פרייהייט, אדער ווי דעם ים־קרעבס דאס איבערבייטען זיין שאל, אדער ווי דעם הייליגען היראנימוס דאס בעפרייען זיך פון דעם אלטען אדם.[46] נעבען איהר רעאלער געשטאלט (אייזען צ.ב.ש.) קאן די סחורה בעזיצען אין פרייז א אידעעלע ווערטה־

[46] היראנימוס האט געמוזט שווער קעמפען ניט נאר אין דער יוגענד מיט דעם פלייש פון גוף, ווי דאס בעווייזט זיין קאמף אין דער וויסטעניש מיט שעהנע פרויען־בילדער, נאר אויך אויף דער עלטער מיט דעם פלייש פון גייסט. „איך האב געמיינט", זאגט ער צום ביישפיעל, אז „איך בין אין גייסט פאר דעם ריכטער פון דער וועלט."—„ווער ביזטו?" האט א שטימע געפרעגט.—„איך בין א קריסט". „דו לייגסט!" האט געדונערט דער וועלט־ריכטער. „דו ביזט ניט מעהר ווי א נבֿבאלגער פון ציצעראן!"

געשטאלט אדער א פארגעשטעלטע געלד־געשטאלט, אבער זי קאן נאר אין דערזעלביגער צייט זיין אי ווירקליך אייזען, אי ווירקליך געלד. כדי איהר צו געבען א פרייז, איז גענוג צו שטעלען זי גלייך מיט פארגעשטעלטען געלד; כדי אבער זי זאל קאנען דיענען איהר בעזיצער אלס אן אלגעמיינעה עקוויוואלענט, מוז זי איבערגעביטען ווערן אויף ווירקליכען געלד. ווען דער בעזיצער פון אייזען צ.ב.ש. וואלט געקומען צו דעם בעזיצער פון אנאנדער סחורה, וואס שטעהט צום פערקויפען, און איהם אנגעוויזען אויף דעם פרייז פון אייזען, וואס איז א געלד־פארם, וואלט איהם יענער געענטפערט ווי סט. פעטער אין הימעל האט געענטפערט דאנטע'ן, בעת ער האט איהם אויסגערעכענט די עיקרים פון דער אמונה: —

„וואויל די פראבע אויסגעהאלטען
האט די מינצע און וואג און ווערטה —
אבער זאג מיר, האסטן זי אין ביטעל גרייט?"

געטליכע קאמעדיע, III, 24, 83—85.

די פרייז־פארם שליסט איין דעם זין, אז סחורות קאנען זיך אויסבייטען אויף געלד, אי די נויטווענדיגקייט פון אזא אויס־בייט. פון דער אנדער זייט פונקציאנירט געלד אלס א אידעעלע ווערטה־מאס נאר דערפאר, ווייל אין דעם פראצעס פון אויסטויש האט עס זיך שוין עטאבלירט אלס געלד־סחורה. אין דער אידעעלער מאס פון די ווערטהען לויערט דעריבער דאס מזומן־געלד.

## 2. דער צירקולאציאנס־מיטעל.

### א) די מעטאמארפאזע פון סחורות.

מיר האבען פריהער געזעהן, אז דער אויסטויש־פראצעס פון סחורות שליסט איין אין זיך ווידערשפרעכענדע און איינע די אנדערע אויסשליסענדע בעציהונגען. די ענטוויקלונג פון דעם דאזיגען פראצעס, וועלכער ברענגט ארויס דעם טאפעלטען כא־ראקטער פון דער סחורה אלס געברויך־ווערטה און טויש־ווערטה, און פיהרט אריין די אבזונדערונג פון די סחורות אין פשוט'ע סחורות און געלד־סחורה, שאפט ניט אב די דאזיגע ווידערשפרוכען, זי גיט אונז אבער די פארם, אין וועלכער זיי קאנען זיך בעוועגען,

דאס איז בכלל די מעטאדע, דורך וועלכער ווירקליכע ווידערשפרו־כען ווערן געלייזט. עס איז צום ביישפיעל א ווידערשפרוך זיך פארצושטעלן, אז איין קערפער פאלט שטענדיג צו אנאנדער קער־פער, און אז ער פליהט פונקט אזוי שטענדיג פון איהם אוועק. דער עלליפס איז איינער פון די בעוועגונגס־פארמען, אין וועלכען דער דאזיגער ווידערשפרוך ווערט פערווירקליכט און אין דערזיל־בער צייט אויך געלייזט.

אזוי ווייט ווי דער אויסטויש־פראצעס טראגט אריבער סחורות פון די הענד, אין וועלכע זיי זיינען ניט־געברויך־ווערטהען, אין אנדערע הענד, אין וועלכע זיי זיינען געברויך־ווערטהען, איז ער א געזעלשאפטליכער שטאף־איבערבייט. דער פראדוקט פון איין פארם פון ניצליכער ארבייט פערבייט דעם פראדוקט פון אנאנדער ניצליכער ארבייט. ווען די סחורה איז איינמאל אנגעקומען אויפ'ן פלאץ, וואו זי דיענט אלס געברויך־ווערטה, פאלט זי ארויס פון דעם קרייז פון אויסטויש אין דער ספערע פון קאנזומציאן אריין. אונז דא אינטערעסירט אבער נאר דער קרייז פון אויסטויש. מיר האבען דא דעריבער צו בעטראכטען דעם גאנצען פראצעס פון דער פארמעלער זייט, ד.ה. נאר די פארם־ענדערונג אדער די מעטאמאר־פאזע פון סחורות, וועלכע פערמיטעלט דעם געזעלשאפטליכען שטאף־איבערבייט.

די זעהר ניט־פאלשטענדיגע אויפפאסונג פון אט דער פארם־ענדערונג, אבגעזעהן פון דער אונקלארקייט בנוגע דעם ווערטה־בעגריף גופא, נעהמט זיך פון דעם אומשטאנד, וואס יעדע פארם־ענדערונג פון א סחורה קומט פאר אין דעם אויסטויש פון צוויי־ערליי סחורות, פון א פשוט'ער סחורה און א געלד־סחורה. ווען מיר האלטען זיך פעסט אן דעם מאטעריעלען פאקט אליין, דעם אויסטויש פון סחורות אויף גאלד, פערזעהען מיר גראד דאס, וואס מיר זאלען זעהען — וואס עס פאסירט מיט דער פארם פון דער סחורה, מען פערזעהט, אז גאלד אלס בלויז א סחורה, איז ניט געלד, און אז ווען אנדערע סחורות דריקען אויס זייערע פרייזען אין גאלד, איז דאס גאלד נאר די געלד־געשטאלט פון די סחורות גופא.

די סחורות געהען ערשטענס אריין אין דעם אויסטויש־פראצעס ניט־פערגאלדעט, ניט־פערצוקערט, נאר פשוט ווי זיי

זיינען. אין אט דעם פראצעס געפינען מיר פון איין זייט דאס גאלד און פון דער אנדער זייט אלע אנדערע ברויכבארע זאכען. אויף ביידע זייטען געפינען מיר סחורות, איינהייטען פון געברויך־ווערטה און טויש־ווערטה. אבער אט די איינהייט פון אונטער־שיידען ווייזט זיך ארויס אויף יעדען פון די ביידע פאליוסען אין א פערקעהרטען וועג און ווייזט ארויס דורכדעם אין דערזעלבער צייט זייער געגענזייטיגע בעציהונג. די סחורה איז רעעל געברויך־ווערטה, איהר ווערטה־זיין ערשיינט נאר אידעעל אין דעם פרייז, וועלכער בעציהט זי אויף דאס גאלד, וואס שטעהט קעגענאיבער איהר, ווי אויף איהר רעעלער ווערטה־געשטאלט. פערקעהרט, דאס גאלד־מאטעריאל גילט נאר ווי א ווערטה־פערקערפערונג, ווי געלד. דאס גאלד איז דעריבער רעעל טוישווערטה. זיין געברויך־ווערטה ערשיינט נאר אידעעל, אין דער סעריע רעלאטיווע ווערטה־אויס־דרוקען, אין וועלכע עס בעציהט זיך אויף די סחורות, וואס שטעהען קעגנאיבער איהם, ווי אויף דעם קרייז פון זיינע רעעלע געברויך־געשטאלטען. אט די געגענזעצליכע פארמען פון סחורות זיינען די ווירקליכע פארמען, אין וועלכע זייער אויסטויש־פראצעס בע־וועגט זיך.

לאמיר איצט בעגלייטען וועלכען עס איז סחורה־בעזיצער, אונזער אלטען בעקאנטען לייווענט־וועבער, צום ביישפיעל, צו דער סצענע פון דעם אויסטויש־פראצעס, צום סחורה־מארק. זיין סחורה, 20 עלען לייווענט, האט א בעשטימטען פרייז. איהר פרייז איז 2 פונט סטערלינג. ער טוישט זי אויס אויף 2 פונט סט. און, ווי א מענש פון אלטען שניט, טוישט ער ווידער אויס די 2 פונט סט. אויף א גאנג חומשים, וואס האט דעמזעלבען פרייז. די לייוועגט, וואס איז פאר איהם נישט מעהר ווי א סחורה, א טרעגער פון ווערטה, ווערט אוועקגעגעבען פאר גאלד, וואס איז איהר ווערטה־געשטאלט, און ער שיידט זיך ווידער מיט אט דער געשטאלט פאר אנאנדער סחורה, די חומשים, וועלכע דארפען אלס געברויך־געגענשטאנד קומען צום וועבער אין הויז און בעפריעדיגען דארטען די גייסטיגע בעדערפעניסען. דער אויסטויש־פראצעס ווערט אלזא פאלשטענדיג דורכגעפיהרט אין צוויי אנטקעגענגעזעצטע פערוואנד־לונגען, וואס ערגענצען איינע די אנדערע—א פערוואנדלונג פון סחורה אין געלד און א פערקעהרטע פערוואנדלונג פון געלד אין

סחורה.[65] די פאזען פון דער סחורה־פערוואנדלונג זיינעןביידע גליין האנדלונגען פון דעם סחורה־בעזיצער—פערקויף, אויסטויש פון סחורה אויף געלד; קויף, אויסטויש פון געלד אויף סחורה, און א איינהייט פון ביידע אקטען: פערקויפען כדי צו קויפען.

ווען דער לייווענט־וועבער בעטראכט דעם ענד־רעזולטאט פון דעם גאנצען מסחר, געפינט ער, אז ער בעזיצט חומשים אנשטאט לייווענט, אנשטאט זיין אורשפרינגליכע סחורה, אנאנדער סחורה פון דעמזעלבען ווערטה, אבער פון א פערשיידענער ניצליכקייט. אויף דעמזעלבינגען אופן פערשאפט ער זיך זיינע אנדערע לעבענס־מיטלען און פראדוקציאנס־מיטלען. פון זיין שטאנדפונקט איז דער גאנצער פראצעס נאר פועל דעם אויסטויש פון זיין ארבייט־פראדוקט אויף א פרעמדען ארבייט־פראדוקט—אן אויסטויש פון פראדוקטען.

דער אויסטויש־פראצעס פון סחורה פיהרט זיך אלזא דורך אין דער פאלגענדער פארם־ווערקסלונג:

סחורה—געלד—סחורה

ס—ג—ס.

לויט זייער מאטעריעלען אינהאלט איז די בעוועגונג ס—ס, דער אויסטויש פון סחורה אויף סחורה, א מאטעריעלער בייט פון געזעלשאפטליכער ארבייט; און ווען דער רעזולטאט איז דער־גרייכט, איז דער פראצעס געענדיגט.

ס—ג. די ערשטע פערוואנדלונג פון דער סחורה, אדער דער פערקויף. — דאס אריבערשפרינגען פונ׳ם סחורה־ווערטה אוים דעם סחורה־קערפער אין דעם געלד־קערפער איז, ווי איך האב עס אנדערשוואו אנגערופען, דער „סאלטא מארטאלע [דער שפרונג אויף טויט און אויף לעבען] פון דער טחורה. פאלט ער דורך, ווערט טאקע די סחורה אליין אפילו ניט געשעדיגט, דער

[65] „נאך הערקליט׳ן ענטשטעהט אלעס דורך א פערוואנדלונג פון פייער, און פייער קומט ארויס פון אלעס, פונקט אזוי ווי דאס געלד פערוואנדעלט זיך אין סחורות און די סחורות פערוואנדלען זיך וויעדער אין געלד.” (פ. לאססאל, „די פילאזאפיע הערקליטאס דעם דונקעלן”, בערלין 1858, ב. 1, ז. 222). לאססאל׳ס נאטע צו אט דער שטעלע ז. 224, בעמערק. 3, בעטראכט דאס געלד ניט ריכטיג ווי בלויז א צייכען פון ווערטה.

סחורה־בעזיצער אָבער זעהר און זעהר. די געזעלשאפטליכע צר טיילונג פון דער ארבייט מאכט זיין ארבייט פונקט אזוי איינזייטיג, ווי זיינע בעדערפענישען פיעלזייטיג. דערפאר טאקע דיענט איהם זיין פראָדוקט נאָר ווי א טויש־ווערטה. דער פראָדוקט קריגט אָבער אן אַלגעמיינע געזעלשאפטליך־גילטיגע עקוויוואלענט־פאָרם נאָר אין דעם געלד, און דאָס געלד געפינט זיך אין א פרעמדען'ס קעשענע. כדי דאָס ארויסצושלעפען פון דאָרטען, מוז די סחורה קודם זיין א געברויך־ווערטה פאר דעם וואָס בעזיצט דאָס געלד. צוליעב דעם איז נויטיג, אז די ארבייט, וואָס איז אויסגעגעבען געוואָרן אויף איהר, זאָל זיין אויסגעגעבען אין א געזעלשאפטליך־ניצליכער פאָרם, זאָל זיין ווי א גליעד פון דער געזעלשאפטליכער צוטיילונג פון דער ארבייט. די צוטיילונג פון דער ארבייט איז אָבער א נאטור־געוואקסענער פראָדוקציאָנס־אָר־גאניזם, וואָס זיינע פעדים האָבען זיך געוועבט און וועבען זיך ווייטער הינטער דעם רוקען פון די פראָדוצירער. די סחורה, וואָס ער האָט צום אויסטוישען, איז אפשר נאָר דער פראָדוקט פון א נייעם סאָרט ארבייטס־אופן, וועלכער פרעטענדירט צו בעפריעדיגען א ניי־אויפגעקומענע בעדערפעניש, אָדער זי וויל ערשט ארויסרופען א בעדערפעניש. א געוויסע שטיק ארבייט, וואָס איז נעכטען נאָך געווען איין פונקציע צווישען פיעל אנדערע פונקציעס פון איין און דעמזעלבען סחורה־פּראָדוצירער, האָט זיך אפשר היינט אָבגעריסען פון דעם דאָזיגען צוזאמענהאנג, האָט זיך פערזעלבשטענדיגט און שיקט דעריבער ארויס איהר טייל־פּראָדוקט ווי א זעלבשטענדיגע סחורה אויפ'ן מארק. די אומשטענדען קאָנען זיין רייף פאר אזא שיידונגס־פּראָצעס, אָדער ניט. היינט בעפריעדיגט דער פראָדוקט א געזעלשאפטליכע בעדערפעניש; מאָרגען קאָן אפשר א עהנליכער אין פראָדוקט איהם ארויסשטופען אינגאנצען אָדער טיילווייז פון זיין פּלאץ. און ווען אפילו די ארבייט פון אונזער לייווענט־וועבער איז אַן אנערקענטער טייל פון דער געזעלשאפטליכער ארבייט־צר־טיילונג, איז נאָך דערמיט אויף קיין פאַל ניט גאראנטירט דער געברויך־ווערטה גראַד פון זיינע 20 עלען לייוועגט. אויב די געזעלשאפטליכע בעדערפעניש פאר לייוועגט—און די בעדערפעניש האָט איהר מאָס, ווי יעדע אנדער זאך—איז שוין געזעטיגט דורך אנדערע לייוועגט־וועבער, ווערט אונזער פריינד'ס פּראָדוקט איבער־

פליסיג, איבעריג און דערמיט נוצלאז. א געשענקטען פערד קוקט מען ניט אין די ציינער, אבער דער וועבער גיט ניט אין מארק צו געבען מתנות.

אנגענומען אבער, אז זיין פראדוקט ווייזט זיך ארויס צו האבען א געברויך־ווערטה, און זיין סחורה ציהט געלד. פרעגט זיך איצטער, וויפיעל געלד? דער ענטפער איז שוין טאקע לכתחילה געגעבען אין דעם פרייז פון דער סחורה, אין דעם עקספאנענט פון איהר ווערטה־גרויס. מיר רעדען ניט פון א מעגליכען ריין־סוביעקטיווען טעות אין חשבון, וואס דער סחורה־בעזיצער קען מאכען, וועלכער וועט אבער אויפ'ן מארק אביעקטיוו גלייך קארעגירט ווערן. מיר זיינען זיך משער, אז ער האט אויסגעגעבען אויף זיין פראדוקט ניט מעהר ווי דעם געזעלשאפטליך־נויטוועני דיגען דורכשניט פון ארבייטס־צייט. דער פרייז פון דער סחורה איז אלזא נאר דער געלד־נאמען פאר דער סומע געזעלשאפטליכער ארבייט, וואס איז פערקערפערט אין איהר. אבער דער אלט־מאדישער אופן פון לייוועגט־וועבעריי איז אהן אונזער לייוועגט־וועבער'ס ערלויבניש און הינטער זיין רוקען געענדערט געווארן. וואס געסטערן איז בלי ספק געווען געזעלשאפטליך־נויטווענדיגע ארבייטס־צייט פאר דער פראדוקציאן פון איין על לייוועגט, איז דאס היינט שוין ניט מעהר, ווי דער געלד־בעזיצער „סטארעט זיך צו בעווייזען דורך די פרייזען, וואס אונזער פריינד'ס פערשיידענע קאנקורענטען פערלאנגען פאר דערזעלבער סחורה. אויף זיין שלים־מזל זיינען פאראן א סך וועבער אויף דער וועלט.

מיר וועלען אננעהמען צולעצט, אז יעדעס שטיק לייוועגט, וואס איז פאראן אויפ'ן מארק, ענטהאלט נאר געזעלשאפטליך־נויטווענדיגע ארבייטס־צייט. טראץ דעם קאן פונדעסטוועגען די גאנצע סומע פון די דאזיגע שטיקער לייוועגט ענטהאלטען איבער־פליסיג־אויסגעגעבענע ארבייטס־צייט. אויב דער מארק קאן ניט פערצעהרן די גאנצע סומע לייוועגט פאר דעם נארמאל־פרייז פון 2 שילינג אן על, איז דאס א בעוויז, אז עס איז אויסגעגעבען געווארן א צו־גרויסער טייל פון דער געזעלשאפטליכער קאלעקטיוור ארבייט־צייט אין דער פארם פון לייוועגט־וועבעריי. די ווירקונג איז דיזעלביגע, ווי ווען יעדער איינצעלנער לייוועגט־וועבער וואלט פערווענדעט אויף זיין אינדיווידועלען פראדוקט מעהר איידער די

געזעלשאפטליך־נויטווענדיגע ארבייטס־צייט. דאָ קאָן מען זאָגען דאָס גלייכווערטיל: צוזאַמענגעפאַנגען, צוזאַמענגעהאַנגען. די גאַנצע לייוועגט, וואָס איז דאָ אויפ׳ן מאַרק, רעכענט זיך נאָר ווי איין מסחר־אַרטיקעל, און יעדעס שטיק רעכענט זיך נאָר ווי איין אַליקוואָטער טייל. און דער פאַקט איז, אַז דער ווערטה פון יעדען איינציגען על לייוועגט איז טאַקע ניט מעהר ווי די מאַטע־ריאַליזירטע פאָרם פון דערזעלביגער געזעלשאַפטליך־בעשטימטער סומע פון גלייכער מענשליכער אַרבייט.

מען זעהט, אַז די סחורה איז פערליעבט אין געלד, אָבער „די אמת׳ע ליעבע לויפט ניט אָב אזוי גלאַט.” די קוואַנטיטאַטיווע צוגליעדערונג פון דעם פראָדוקציאָנס־אָרגאַניזם, וועלכער שטעלט צונויף זיינע צעוואָרפענע גליעדער אין אַ סיסטעם פון צוטיילונג פון דער אַרבייט, איז פונקט אזוי ספאָנטאַן און צופעליג ווי די קוואַליטאַטיווע. אונזערע סחורה־בעזיצער געפינען דעריבער אויס, אַז דיזעלביגע צוטיילונג פון דער אַרבייט, וועלכע מאַכט זיי פאַר אונאָבהענגיקע פריוואַט־פּראָדוצירער, מאַכט אויך דעם געזעלשאַפט־ליכען פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס און זייער שייכות צו דעם דאָזיגען פּראָצעס אונאָבהענגיק פון זיי גופא, און אַז די אונאָבהענגיקייט פון די פערזאָנען איינע פון די אַנדערע ווערט באַלאַנסירט דורך אַ סיסטעם פון אַן אַלזייטיגער אָבהענגיקייט דורך די פּראָדוקטען.

די צוטיילונג פון דער אַרבייט פערוואַנדעלט דעם אַרבייטס־פּראָדוקט אין אַ סחורה, און מאַכט דורכדעם נויטיג, ער זאָל ווייטער פערוואַנדעלט ווערן אין געלד. אין דערזעלביגער צייט מאַכט זי די דורכפיהרונג פון דער דאָזיגער פערוואַנדלונג פאַר אַ צופעליגער זאַך. דאָ אָבער האָבען מיר נאָר צו בעטראַכטען די ערשיינונג אין איהר ריינער פאָרם, ד.ה. מיר נעהמען אָן איהר נאָרמאַלען גאַנג. איבעריגענס, אויב די פערוואַנדלונג קומט איבערהויפּט פאָר, ד.ה. אויב די סחורה איז ניט לחלוטין אונפערקויפליך, ווערט איהר פאָרם־איבערבייט שטענדיג פערווירקליכט, הגם דער עצם המעשה —דער פּרייז, וואָס בעקומט זיך—קאָן זיין אבנאָרמאַל העכער אָדער נידעריגער איידער דער ווערטה.

איין סחורה־בעזיצער בעקומט גאָלד אנשטאַט זיין סחורה, דער אַנדערער—סחורה אנשטאַט זיין גאָלד. וואָס מען זעהט בחוש איז, אַז סחורה און גאָלד, 20 עלען לייוועגט און 2 פונט סט., האָבען

זיך געביטען הענד אָדער פּלעצער, ד.ה. עס איז פאָרגעקומען אַן אויסטויש. אָבער אויף וואָס טוישט זיך אוים די סחורה? אויף איהר איינענער אַלגעמיינער ווערטה־געשטאַלט. און אויף וואָס טוישט זיך אוים דאָס גאָלד? אויף איין ספּעציעלער געשטאַלט פון זיין געברויך־ווערטה. פאַרוואָס טרעט גאָלד אַרויס קעגענאיבער דער לייוועוונט ווי געלד? ווייל איהר פּרייז פון 2 פונט סט., אָדער איהר געלד־נאָמען, האָט איהר שוין געשטעלט אין בעציהונג צו גאָלד אַלס געלד. אַ סחורה וואַרפט אַראָב פון זיך איהר אור־שפּרינגליכע סחורה־פאָרם אַזוי באַלד ווי זי ווערט אָבגעגעבען, ד.ה. אין דעם אויגענבליק, ווען איהר געברויך־ווערטה ציהט ווירק־ליך צו דאָס גאָלד, וואָס האָט פריהער עקזיסטירט אין איהר פּרייז נאָר ווי פאָרגעשטעלטעס גאָלד. די רעאַליזירונג פון פּרייז, אָדער פון דער בלויז אידעעלער ווערטה־פאָרם פון דער סחורה, איז דערי־בער אין דערזעלבער צייט אויך פערקעהרט אַ רעאַליזירונג פון דעם בלויז אידעעלען געברויך־ווערטה פון דעם געלד: די פערוואַנדלונג פון סחורה אין געלד איז צוגלייך אַ פערוואַנדלונג פון געלד אין סחורה. דער איין פּראָצעס איז אין גרונד גענומען אַ צווייזייטיגער פּראָצעס: פון דער זייט פון סחורה־בעזיצער איז דאָס פ ע ר ק ו י ף, פון דער אַנטקעגענדיגער זייט פון דעם געלד־בעזיצער—ק ו י ף. אָדער, אין אַנדערע ווערטער, פערקויף איז קויף: ס—ג איז צוגלייך ג—ס.[66]

ביזאַהער האָבען מיר בעטראַכט די מענשען בלויז אין איין עקאָנאָמישער שייכות—אַלס בעזיצער פון סחורות; אַ שייכות, אין וועלכער זיי קאָנען זיך אָנאייגנען אַ פרעמדען פּראָדוקט נאָר דורכ׳ דעם, וואָס זיי פערפרעמדען זייער איינענעם. אַנטקעגענאיבער איין סחורה־בעזיצער קאָן דעריבער דער אַנדערער אַרויסטרעטען נאָר אַלס געלד־בעזיצער, ענטוועדער ווייל זיין אַרבייט־פּראָדוקט בעזיצט פון נאַטור די פאָרם פון געלד, עס איז, הייסט עס, אַ געלד־מאַטעריאַל, גאָלד א.ד.גל., אָדער ווייל זיין איינענע סחורה האָט שוין געביטען איהר הויט און האָט אַראָבגעוואָרפען פון זיך איהר אורשפּרינגליכע געברויך־פאָרם. כדי צו פונקציאָנירן אַלס געלד מוז, פערשטעהט זיך, דאָס גאָלד אַריינטרעטען אין מאַרק ביי אַ וועלכען עס איז

[66] „יעדער פערקויף איז צוגלייך אַ קויף" (דר. קעניי, „דיאַלאָגען") אָדער ווי ער זאָגט אין זיין „מאַקסים זשענעראַל": „פערקויפען איז קויפען."

פונקט. דער דאזיגער פונקט ליגט ביי זיין פראדוקציאנס־קוואל, וואו ער טוישט זיך אוים אלס דירעקטער ארבייטס־פראדוקט אויף אנאנדער ארבייטס־פראדוקט פון דעמזעלבען ווערטה. פון דעם מאמענט אן אבער שטעלט דאס געלד שטענדיג פאר די רעאליזירטע סחורה־פרייזען.[67] אבגעזעהן פון דעם אויסטויש פון געלד אויף אנאנדער סחורה ביי זיין פראדוקציאנס־קוואל, איז דאס געלד אין האנד פון יעדען סחורה־בעזיצער די טראנספארמירטע געשטאלט פון א סחורה, וואס ער האט אויסגעגעבען—א פראדוקט פון א פערקויף אדער פון דער ערשטער מעטאמארפאזע ס—ג.[68]

דאס געלד איז געווארן אידעעלעס געלד אדער א מאס פון ווערטהען, ווייל אלע סחורות האבען אין איהם געמאסטען זייערע ווערטהען, און האבען איהם אויף דעם אופן געמאכט פאר דעם פארגעשטעלטען געגענטייל פון זייערע געברויך־געשטאלטען, ד.ה. פאר זייער ווערטה־געשטאלט. עס איז געווארן רעעלעס געלד, ווייל די סחורות דורך זייער אלזייטיגען איבערגעהן פון האנד צו האנד האבען עס געמאכט פאר זייער ווירקליך־פערוואנדעלטער געברויך־געשטאלט און במילא פאר זייער ווירקליכער ווערטה־גע־שטאלט. אננעהמענדיג אט די ווערטה־געשטאלט, ווישט די סחורה אב יעדען שפור פון איהר נאטירליכען געברויך־ווערטה און פון דעם בעזונדערן סארט ניצליכער ארבייט, וועמען זי האט צו פערדאנקען איהר אורשפרונג, כדי זיך צו פערוואנדלען אין דער גלייכפארמי־גער, געזעלשאפטליך־אנערקענטער פערקעפערונג פון ניט־דיפערענ־צירטער מענשליכער ארבייט. אויפ'ן געלד זעהט זיך דעריבער ניט אן וועלכע סחורה עס איז אין איהם פערוואנדעלט געווארן. איין סחורה אין איהר געלד־פארם זעהט פונקט אזוי אוים ווי די אנדערע. געלד קאן דעריבער זיין בלאטע, אבוואהל בלאטע איז ניט קיין געלד.

מיר וועלען אננעהמען, אז די צוויי געלד־שטיקער, פאר וועלכע אונזער לייווענט־וועבער האט אבגעגעבען זיין סחורה, זיינען די

---

[67] „דער פרייז פון א סחורה קאן נאר בעצאהלט ווערן מיט דעם פרייז פון אנאנדער סחורה.” (מערסער דע לא ריוויע, „ל'ארדער נאטורעל א.ז.וו., ז. 554.)

[68] „כדי צו קומען אין בעזיץ פון דעם דאזיגען געלד, מוז מען פריהער עפעס האבען פערקויפט.” (דארט גופא, ז. 548.)

פערוואַנדעלטע געשטאַלט פון א פערטעל ווייץ. דער בּערקויף פון דער לייוועגט, ס—ג, איז אין דערזעלביגער צייט איהר קויף, ג—ס. אָבער מיט דעם פ ע ר ק ו י ף פון דער לייוועגט פאַנגט זיך אָן דער ערשטער אַקט פון א פּראָצעס, וואָס ענדיגט זיך מיט זיין געגענטייל, מיט דעם קויף פון די הומשים; פון דער אַנדער זייט, מיט דעם ק ו י ף פון דער לייוועגט ענדיגט זיך א בעוועגונג, וועלכע האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט זיין געגענטייל, מיט דעם פער־קויף פון דעם ווייץ. ס—ג (לייוועגט—געלד), וועלכע איז די ערשטע פאַזע פון ס—ג—ס (לייוועגט—געלד—הומשים), איז אין דערזעלביגער צייט ג—ס (געלד—לייוועגט), די לעצטע פאַזע פון אַנאַנדער בעוועגונג ס—ג—ס (ווייץ—געלד—לייוועגט). די ער־שטע מעטאַמאָרפאָזע פון א סחורה, איהר פערוואַנדלונג פון דער סחורה־פאָרם אין געלד, איז שטענדיג אויך א צווייטע אַנטקעגענ־געזעצטע מעטאַמאָרפאָזע פון אַנאַנדער סחורה, איהר צוריק־פער־וואַנדלונג פון דער געלד־פאָרם אין סחורה.[69]

ג—ס. די צווייטע אָדער שלוס־מעטאַמאָרפאָזע פון סחורה: דער קויף. — מחמת געלד איז די פערוואַנדעלטע געשטאַלט פון אַלע אַנדערע סחורות אָדער דער פּראָדוקט פון זייער אַלגעמיינעם איבערגעהן פון האַנד צו האַנד, איז עס דעריבער די אבסאָלוט־איבערגעגגליכע סחורה. עס לעזט אַלע פּרייזען ריק־ווערטס און שפּיגעלט זיך אויף דעם אופן אָב אין אַלע סחורה־קערפּערס, וועלכע באָטען איהם אָן דעם מאַטעריאַל, וואָס מאַכט איהם אַליין ווערן א סחורה. אין דערזעלביגער צייט ווייזען אָן די פּרייזען—די ליעבעס־אויגען, מיט וועלכע די סחורות ווינקען צו איהם—די גרעניצען פון זיין פערוואַנדלונגס־פעהיגקייט, און דאָס איז, זיין אייגענע קוואַנטיטעט. אַזוי ווי די סחורה, ווערענדיג געלד, פערשווינדט אַלס סחורה, זעהט מען אויף דעם געלד ניט אָן, ווי אַזוי עס איז אַריינגעפאַלען אין די הענד פון זיין בעזיצער, אָדער וואָס פאַר א סחורה עס איז פערוואַנדעלט געוואָרן אין איהם. געלד האָט ניט קיין שלעכטען גערוך, פון וועלכען קוואַל עס זאָל

69 ווי שוין פריהער בעמערקט, איז דער גאָלד אָדער זילבער פּראָדוצירער און אויסנאַהם צו דעם כלל, דען ער טוישט אויס זיין פּראָדוקט ניט האָבענדיג עס פריהער פערקויפט.

ניט קומען. אויב עס שטעלט פאר פון איין זייט פערקויפטע סחורה, שטעלט עס פון דער אנדער זייט פאר סחורות, וואס קאנען געקויפט ווערן.[70]

ג—ס, דער קויף איז אין דערזעלביגער צייט א פערקויף, ס.—ג; די לעצטע מעטאמארפאזע פון איין סחורה איז דעריבער צוגלייך די ערשטע מעטאמארפאזע פון אנאנדער סחורה. פאר אונזער לייוועוועבער ענדיגט זיך דער לעבענס־לויף פון זיין סחורה מיט דעם גאנג חומשים, פאר וועלכען ער האט צוריק־פערוואנדעלט די 2 פונט סט. אבער לאמיר אננעהמען, אז דער חומשים־פערקויפער האט פערטאן די 2 פונט סט., וואס ער האט געלייזט פון לייוועוועבער, אויף בראנפען. ג—ס, די שלוס־פאזע פון ס—ג—ס (לייוועוועבר—געלד—חומשים), איז צוגלייך ס—ג, די ערשטע פאזע פון ס—ג—ס (חומשים—געלד—בראנפען). אזוי ווי דער סחורה־פראדוצירער ליעפערט נאר איין בעשטימטען פראדוקט, פערקויפט ער עס אפט אין גרעסערע קוואנטיטעטען, בעת זיינע פיעלפאכיגע בעדערפענישען צווינגען איהם צו צעברעק־לען נאכאנאנד דעם רעאליזירטען פרייז אדער די געלייזטע געלד־סומע אויף צאהלרייכע קניות. איין פערקויף פאלט אלזא צונא־דער אין פיעל קניות פון פערשיידענע סחורות. די שלוס־מעטא־מארפאזע פון איין סחורה בילדעט אויף דעם אופן א סומע פון ערשטע מעטאמארפאזען פון אנדערע סחורות.

ווען מיר בעטראכטען איצטער די גאנצע מעטאמארפאזע פון א סחורה, צ.ב.ש. פון לייוועווענט, זעהען מיר ערשטענס, אז זי בע־שטעהט פון צוויי אנטקעגענגעזעצטע און איינע די אנדערע ער־גענצענדע בעוועגונגען: ס—ג און ג—ס. אט די צוויי אנטקע־גענגעזעצטע וואנדלונגען פון דער סחורה ווערן דורכגעפיהרט אין צוויי אנטקעגענגעזעצטע געזעלשאפטליכע פראצעסען מצד דעם סחורה־בעזיצער און שפיעגלען זיך אב אין צוויי אנטקעגענגעזעצטע עקאנאמישע כאראקטערען פון דעם דאזיגען סחורה־בעזיצער. אלס

[70] „אויב דאס געלד, וואס מיר האבען איז האנד, שטעלט פאר די זאכען, וועלכע מיר ווילען קויפען, שטעלט עס אויך דערזעלבער צייט אויך פאר די זאכען, וועלכע מיר האבען פאר דעם געלד פערקויפט.״ (מערסיע דע לא ריוויער, „ל׳ארדער נאטורעל א.אז.וו.״, ז. 586.)

אגענט פון דעם פערקויף ווערט ער א פערקויפער, אלס אגענט פון דער קניה—א קונה. אזוי ווי אבער אין יעדער וואנדלונג פון א סחורה עקזיסטירן איהרעביידע פארמען, די סחורה־פארם און די געלד־פארם, אין דערזעלביגער צייט, נאר אויף אנטקעגנגעזעצטע זייטען, אזוי אויך שטעהט אנטקעגען דעמזעלביגען סחורה־בעזיצער אלס פערקויפער אנאנדער קויפער און אלס קויפער אנאנדער פערקויפער. פונקט ווי דיזעלביגע סחורה מאכט דורך איינע נאך די אנדערע די צוויי אומגעקעהרטע וואנדלונגען—פון סחורה ווערט געלד און פון געלד סחורה—אזוי אויך בייט דערזעלביגער סחורה־בעזיצער די ראליען פון פערקויפער און קויפער. די כאראקטערען פון קויפער און פערקויפער זיינען אלזא ניט קיין פעסטע, נאר בייטען זיך שטענדיג ביי דער פערזאן, וואס איז עוסק אין דער סחורה־צירקולאציע.

די גאנצע מעטאמארפאזע פון א סחורה, אין איהר איינפאכסטער פארם, שליסט איין פיער עקסטרעמען און דריי „פערזאנע דראמאטים", דריי האנדלענדע פערזאנען. ערשטענס טרעט דאס געלד ארויס קעגענאיבער דער סחורה, ווי איהר ווערטה־געשטאלט, וועלכע בעזיצט, אויף דער אנדער זייט, אין א פרעמדער קעשענע, א ממשות'דיג־הארטע ווירקליכקייט. א געלד־בעזיצער טרעט אט אזוי ארויס קעגענאיבער א סחורה־בעזיצער. אזוי באלד ווי די סחורה ווערט פערוואנדעלט אין געלד, ווערט דאס געלד איהר צייטווייליגע [וואס פערשווינדט גלייך] עקוויוואלענט־פארם, און דער געברויך־ווערטה אדער אינהאלט פון דער דאזיגער עקוויוואלענט־פארם עקזיסטירט, אויף דער זייט, אין די קערפער פון אנדערע סחורות. דאס געלד אלס ענד־פונקט פון דער ערשטער סחורה־וואנדלונג איז אין דערזעלביגער צייט דער אנפאנג־פונקט פון דער צווייטער וואנדלונג. אזוי ווערט דער פערקויפער אין דעם ערשטען אקט א קויפער אין דעם צווייטען אקט, וואו א דריטער סחורה־בעזיצער טרעט קעגען איהם ארויס ווי א פערקויפער.[71]

די ביידע אומגעקעהרטע בעוועגונג־פאזען פון דער סחורה־

[71] „עס זיינען אלזא פאראן פיער ענד־פונקטן און דריי קאנטראהענטן, פון וועלכע איינער טרעט ארויס צוויי מאל." (לע טראן, „דע ל'אינטערע סאסיאל", פאריז 1846, ז. 908.)

מעטאמארפאזע שטעלען צונויף א קרייז־לויף; סחורה־פארם, ארונ־
טערציהונג פון דער סחורה־פארם, צוריקקעהר צו דער סחורה־פארם.
יעדענפאלס ערשיינט דא די סחורה גופא אין צוויי געגענגעזעצטע
פארמען. ביים אנהויב־פונקט איז זי ניט קיין געברויך־ווערטה
פאר איהר בעזיצער, ביים ענד־פונקט יא א געברויך־ווערטה. אזוי
אויך ערשיינט דאס געלד אין דער ערשטער פאזע ווי א פעסטער
ווערטה־קריסטאל, אין וועלכען די סחורה ווערט פערוואנדעלט, כדי
דערנאך צורונען צו ווערן אלס א בלויזע עקוויוואלענט־פארם פון
דער סחורה.

די צוויי מעטאמארפאזען, וואס שטעלען צונויף דעם קרייז־
לויף פון א סחורה, זיינען אין דערזעלבער צייט די אומגעקעהרטע
טיילווייזע־מעטאמארפאזע פון צוויי אנדערע סחורות. דיזעלבע
סחורה (די לייוועגט) עפענט אויף די סעריע פון איהרע אייגענע
מעטאמארפאזען און שליסט די אלע מעטאמארפאזען פון אנאנדער
סחורה (פון דעם ווייץ). בעת איהר ערשטער וואנדלונג, אין דעם
פערקויף, שפיעלט זי די דאזיגע צוויי ראלען אין איהר אייגענער
פערזאן. ווען זי ווערט אבער פערביטען אויף געלד און פערענדיגט
איהר אייגענע צווייטע מעטאמארפאזע, פיהרט זי אין דערזעלבער
צייט דורך די ערשטע מעטאמארפאזע פון א דריטער סחורה. דער
קרייז־לויף אלזא, וואס יעדע סחורה מאכט דורך אין דעם סדר
פון איהרע מעטאמארפאזען, ווערט אריינגעדרעהט אין א פער־
פלאנטערטען קנויל מיט די קרייזען פון אנדערע סחורות. דער
סך־הכל פון דעם גאנצען פראצעס שטעלט צונויף די צירקולאציע
פון סחורות.



די סחורה־צירקולאציע אונטערשיידט זיך פון דעם דירעקטען
אויסטויש פון פראדוקטען ניט נאר אין פארם, נאר אויך אין עצם.
מען דארף נאר ווארפען א בליק צוריק אויף דאס, וואס איז פאר־
געקומען. דער לייוועגט־וועבער האט פשוט און קלאר אויסגעטוישט
לייוועגט אויף דעם גאנג חומשים, זיין אייגענע סחורה אויף א
פרעמדער. אבער דער דאזיגער פאקט איז נאר אמת בנוגע איהם
אליין. דער מוכר ספרים, וועלכער האלט מעהר פון ביטערן בראנ־
פען איידער פון זיסע מעשיות, האט פונקט אזוי ווייניג געהאט
בדעה אויסצובייטען זיינע חומשים אויף לייוועגט, ווי דער לייוועגט־
וועבער האט געוואוסט, אז זיין לייוועגט איז אויסגעביטען געווארן

אויף ווייץ א. אז. וו. ב'ס סחורה פערנעהמט דעם פּלאַץ פון א'ס סחורה, אָבער א און ב טוישען ניט אוים זייערע סחורות געגענזייטיג. עס קאָן טאַקע פּאַקטיש פּאָרקומען, אַז א און ב קויפען געגענזייטיג איינע פון די אַנדערע, אָבער די אַלגעמיינע פערהעלטעניש פון דער סחורה־צירקולאַציע מאַכט בשום אופן ניט אַזא ספּעציעלע בעציהונג פאַר אַ נויטיגען תנאי. פון איין זייט זעהען מיר דאָ ווי דער סחורה־אויסטויש ברעכט דורך די אינדיווידועלע און לאָקאַלע גרעניצען פון דעם דירעקטען פּראָדוקטען־אויסטויש, און ענטוויקעלט דעם שטאָף־אויסבייט פון דער מענשליכער ארבייט. פון דער אַנדער זייט ענטוויקעלט זיך אַ גאַנצער קרייז פון געזעלשאַפטליכע צוזאַמענהאַנגען, וואָס זיינען אויסגעוואַקסען פון זיך און קאָנען ניט קאָנטראָלירט ווערן פון די בעטייליגטע פּערזאָנען. דער וועבער קאָן פערקויפען לייווענט נאָר דערפאַר, ווייל דער פויער האָט פערקויפט ווייץ, דער טרינקער קאָן פערקויפען די חומשים נאָר דערפאַר, ווייל דער וועבער האָט פערקויפט לייווענט, דער דעסטילאַטאָר קאָן פערקויפען דעם יין שרף, דערפאַר ווייל יענער האָט אַפריהער פערקויפט די „מים חיים" א.אז.וו.

דער פּראָצעס פון דער צירקולאַציע ווערט דעריבער ניט אויסגעלאָשען, ווי דער דירעקטער פּראָדוקטען־אויסטויש, ווען די געברויך־ווערטהען האָבען זיך געביטען הענט און פּלעצער. דאָס געלד פערשווינדט ניט בעת עס פאַלט שליסליך אַרוים פון דעם מעטאַמאָרפאָזען־קרייז פון אַ סחורה. עס זעצט זיך נאָכאַנאַנד אָב אויף אַ נייער שטעלע אין דער צירקולאַציע, וואָס איז אָבגעראַמט געוואָרן פון די סחורות. צום ביישפּיעל, אין דער פּאָלשטענדיגער מעטאַמאָרפאָזע פון דער לייווענט: לייווענט—געלד—חומשים, פאַלט צוערשט די לייווענט אַרוים פון דער צירקולאַציע, דאָס געלד פערנעהמט איהר פּלאַץ, דאַן פאַלט דער גאַנג חומשים אַרוים פון דער צירקולאַציע, דאָס געלד פערנעהמט זיין פּלאַץ. ווען איין סחורה פילט אוים דעם פּלאַץ פון אַנאַנדער סחורה בלייבט די געלד־סחורה אין דערזעלבער צייט שטעקען אין האַנד פון אַ דריטער פּערזאָן. די צירקולאַציע שוויצט שטענדיג אַרוים געלד.[72]

72) קלאָר ווי אַט די ערשיינונג איז, ווערט זי פונדעסטוועגן דאָס רוב.

עס קאָן ניט זיין קינדישער איידער די דאָגמאַ, אַז וויבאַלד יעדער פערקויף איז אַ קויף און פערקעהרט, דעריבער מוז די צירקולאַציע פון סחורות נויטיגערווייז איינשליסען אַ גלייכגעוויכט פון די מכירות און קניות. אויב דאָס בעדייט, אַז די צאָהל פון די ווירקליך דורכגעפיהרטע מכירות איז גלייך צו דערזעלביגער צאָהל קניות; דאַן איז עס אַ פּשוט'ע טאַוטאָלאָגיע. אָבער דער מיין איז צו בעווייזען, אַז יעדער פערקויפער ברענגט זיין אייגענעם קויפער מיט זיך אויפ'ן מאַרק. פערקויף און קויף זיינען איין און דערזעלביגער (אידענטישער) אַקט אַלס אַ געגענזייטיגע בעציהונג צווישען צוויי פּערזאָנען, דעם סחורה־בעזיצער און דעם געלד־בעזיצער, וועלכע זיינען אַנטקעגענגעזעצט ווי די צוויי פּאָליוסען פון אַ מאַגנעט. זיי שטעלען צונויף צוויי פּאָלאַרייש אַנטקעגענגעזעצטע אַקטען אַלס האַנדלונגען פון איין און דערזעלבער פּערזאָן. דער עצם איינהייט (אידענטיטעט) פון פערקויף און קויף שליסט דעריבער איין, אַז די סחורה איז נוצלאָז, אויב נאָכדעם ווי זי איז אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין דעם אַלכעמישען מיש־שיסעל פון דער צירקולאַציע, קומט זי ניט אַרויס צוריק אין געשטאַלט פון געלד; ד.ה., אויב זי ווערט ניט פערקויפט פונ'ם סחורה־בעזיצער און ממילא ניט געקויפט פון דעם געלד־בעזיצער. די דאָזיגע איינהייט שליסט ווידער איין, אַז דער פּראָצעס (פון אויסטויש), אויב ער געלינגט, מאַכט אויס אַ רוה־פּונקט, אַן אָבשטעל אין דעם לעבען פון דער סחורה, וועלכער נעוועהרט אַ לענגערע אָדער קירצערע צייט. אַזוי ווי די ערשטע מעטאַרמאָפאָזע פון אַ סחורה איז אין דערזעלביגער צייט אַ פערקויף און אַ קויף, איז דער דאָזיגער טייל פונ'ם גאַנצען פּראָצעס אַ זעלבשטענדיגער פּראָצעס פאַר זיך. דער קויפער האָט די סחורה, דער פערקויפער האָט דאָס געלד, דאָס הייסט, ער האָט אַ סחורה, וועלכע האַלט איין אַ צירקולאַציאָנס־פעהיגע פאָרם, סיי זי ערשיינט פריהער אָדער שפּעטער ווידער אויפ'ן מאַרק. קיינער קאָן ניט פערקויפען אַוואו עס איז ניטאָ אַנאַנדערער וואָס זאָל קויפען. אָבער קיינער מוז ניט דירעקט קויפען, דערפאַר ווייל ער אַליין האָט פערקויפט. די צירקולאַציע

---

טעאָריען פון די פּאָליטישע עקאָנאָמען, און דערהויפּט פון די וואולגערע פריי־הענדלער.

צעבראָכן די צייטליכע, אָרטיגע און אינדיווידועלע צוימען פון דעם (דירעקטען) פּראָדוקטען־אויסטויש פּונקט דורכדעם, וואָס זי צעשפּאַלט די דירעקטע אידענטיטעט, וואָס געפינט זיך דאָרט, צווישען דעם אויסטויש פון דעם אייגענעם אַרבייט־פּראָדוקט און דעם איינטויש פון דעם פרעמדען, אין דעם געגענזאַץ פון פערקויף און קויף. זאָגען אַז די זעלבשטענדיגע פּראָצעסען, וואָס טרעטען אַרויס איינע אַנטקעגען די אַנדערע, בילדען אַ אינערליכע איינהייט, הייסט פּונקט דאָס אייגענע ווי צו זאָגען, אַז זייער אינערליכע איינהייט בעוועגט זיך אין אויסערליכע געגענזאַצען. ווען די אויסערליכע פערזעלבשטענדיגונג פון די אינערליכע אונזעלבשטענדיגע, ווייל זיי זיינען איינע די אַנדערע ערגענצענדע (פּראָצעסען), געהט אָן ביז אַ געוויסען פּונקט, דאַן זעצט זיך דורך די איינהייט מיט געוואַלט דורך אַ קריזיס*).

דער געגענזאַץ, וואָס ליעגט אין דער טבע פון סחורה, פון געברויך־ווערטה און ווערטה; פון דעם, וואָס פּריוואַט־אַרבייט מוז זיך צוגלייך אַרויסשטעלען אַלס דירעקט געזעלשאַפטליכע אַרבייט; פון דעם, וואָס ספּעציעלע קאָנקרעטע אַרבייט גילט אין דערזעלבינער צייט נאָר ווי אַבסטראַקט אַלגעמיינע אַרבייט; פון דעם, וואָס די זאַכען ווערן פּערזאָניפיצירט און די פּערזאָנען ווערן פאַרגעשטעלט דורך זאַכען — אָט דער בטבע'דיגער (אימאַנענטער) ווידערשפּרוך בעקומט זיינע ענטוויקעלטע בעוועגונגס־פאָרמען אין די געגענזאַצען פון דער מעטאַמאָרפאָזע פון סחורות. די דאָזיגע פאָרמען שליסען דעריבער איין די מעגליכקייט, אָבער אויך ניט מעהר ווי די מעגליכקייט, פון קריזיסען. די ענטוויקלונג פון אָט זייער מעגליכקייט ביז צו אַ ווירקליכקייט פאָדערט אַ גאַנצען קרייז פון פערהעלטע-

*) אין דער קורצער און שווערער זאַץ ווערט איבערגעגעבן אין דער ענגלי-שער איבערזעצונג (אונטער דער רעדאַקציע פון פרידריך ענגעלס) ווי פאָלגט: — „אויב דער צייט־אָבשטאַנד צווישן די צוויי ערגענצענדע פאַזעס פון דער פאָל-שטענדיגער מעטאַמאָרפאָזע פון א סחורה ווערט צו גרויס, אויב די שפּאַלטונג צווישען דעם פערקויף און דעם קויף ווערט צו דייטליך, דאַן זעצט זיך דורך די שטאַרקע פאַרבינדונג צווישען זיי, זייער איינהייט, דורכדעם וואָס זי רופט אַרויס — אַ קריזיס.“

מיט אַנדערע, פּשוט'ע ווערטער געזאָגט: אויב עס ווילען ניטאָ קיין קויפער אויף די פּראָדוצירטע סחורות, ווערט אַ קריזיס. — איבערזעצער.

גישען, וועלכע דא, אויפ'ן שטאנדפונקט פון דער איינפאכער סחורה־צירקולאציע, עקזיסטירן נאך גארנים. 73

אלס פערמיטלער פון דער סחורה־צירקולאציע בעקומט דאס געלד די פונקציע פון א צירקולאציאנס־מיטעל.

## דער אומלויף פון געלד.

די פארם־ענדערונג, דורך וועלכער עס ווערט צו שטאנד געבראכט די שטאף־ענדערונג פון די ארבייט־פראדוקטען, ס—ג—ס, איז מחייב, אז דערזעלבער ווערטה פאנגט אן דעם פראצעס אין דער פארם פון א סחורה, און קעהרט זיך צוריק צו דעמזעלבען פונקט אויך אין דער פארם פון א סחורה. אט די בעוועגונג פון סחורות איז דעריבער א קרייז־לויף. פון דער אנדער זייט, שליסט די־זעלביגע פארם אויס דעם קרייז־לויף פון דעם געלד. איהר רע־זולטאט איז ניט די צוריקקעהרונג פון דעם געלד צו זיין אנהויב־פונקט נאר זיין בעשטענדיגע דערווייטערונג פון איהם. כל זמן

---

73 זעה מיינע בעמערקונגען איבער דזשיימס מילל אין „צור קריטיק דער פאליטישען עקאנאמיע", ז. 74 ביז 76. צוויי פונקטען זיינען דא כאראקטעריסטיש פאר דער מעטאדע פון דער עקאנאמישער אפאלאגעטיק (וואס פערטיידיגט דאס בעשטעהענדע). ערשטענס די אידענטיפיצירונג פון סחורה־צירקולאציע און דעם דירעקטען פראדוקטען־אויסטויש דורך דעם איינפאכען וועג פון ניט נעהמען אין בעטראכט זייערע אונטערשיידען. צווייטענס דאס פרובירען אוועקלייקענען די ווידערשפרוכען פון קאפיטאליסטישען פראדוקציאנס־פראצעס, דורכדעם וואס מען רעדוצירט די שייכות'ן צווישען די פערזאנען, וואס זיינען זיך עוסק אין דער פראדוקציאן, צו די איינפאכע שייכות'ן, וואס קומען ארויס דורך דער סחורה־צירקולאציע. סחורה־פראדוקציאן און סחורה־צירקולאציע זיינען אבער ערשיינונגען, וועלכע געהערען צו די פערשיידענסטע פראדוקציאנס־אופנים, ווען אפילו אין א פערשיידענעם ערד און ווירקונג. אויב מיר זיינען בלויז בעקאנט מיט די אבסטראקטע קאטעגאריען פון דער סחורה־צירקולאציע, וועלכע זיינען געמיינשאפטליך פאר אט די אלע אופנים פון פראדוקציאן, קאנען מיר נאך גאר נישט ניט וויסען פון די ספעציפישע חלוקים (די פערענציא ספעציפיקא) פון די דאזיגע אופנים און קאנען דעריבער ניט ארויסגעבען וועגען זיי קיין אורטייל. אין קיין וויסענשאפט מאכט מען ניט אזא גרויסען וועזען פון פשוט'ע עלעמענטארע טרואיזמען, ווי אין דער פאליטישער עקאנאמיע. צום בייספיעל ז. ב. סעי שטעלט זיך אוועק ארויסצוגעבען זיין אורטייל וועגען די קריזיסען, ווייל ער ווייס — אזא גרויסע זאך! — אז א סחורה איז א פראדוקט.

דער פערקויפער האלט פעסט דאס געלד, וואס איז די פערוואנדעלטע געשטאלט פון זיין סחורה, געפינט זיך די דאזיגע סחורה אין דער ערשטער פאזע פון איהר מעטאמארפאזע און האט נאך דורכגעמאכט די ערשטע העלפט פון איהר צירקולאציע. ווערט אבער דער פראצעס, פערקויפען כדי צו קויפען, פערפאלשטענדיגט, דערווייטערט זיך דאס געלד ווידער פון די הענד פון זיין ערשטען בעזיצער. געוויס, ווען דער לייווענט־וועבער, נאכדעם ווי ער האט געקויפט די חומשים, פערקויפט ווידער לייווענט פון דאס ניי, קעהרט זיך אום דאס געלד צוריק אין זיין האנד. אבער עס קעהרט זיך ניט אום דורך דער צירקולאציע פון די ערשטע 20 עלען לייווענט, דורך וועלכער דאס דאזיגע געלד האט זיך דערווייטערט פון דעם לייווענט־וועבער'ס הענד אין די הענד פון דעם פערקויפער פון די חומשים. עס קעהרט זיך נאר צוריק דורך דער בענייאונג אדער ווידערהאלונג פון דעמזעלבען צירקולאציאנס־פראצעס פאר נייע סחורה, און ענדיגט זיך דא ווי פריהער מיט דעמזעלביגען רעזולטאט. די בעוועגונגס־פארם, וואס ווערט דירעקט געגעבען דעם געלד דורך דער סחורה־צירקולאציע, איז דעריבער זיין בעשטענדיגע דערווייטערונג פון דעם אנהויב־פונקט, זיין לויפען פון די הענד פון איין סחורה־בעזיצער אין די הענד פון אנאנדער סחורה־בעזיצער. דאס הייסט זיין אומלויף („קורענסי" אין ענגליש, די גאנגבארקייט פון געלד).

דער אומלויף פונ'ם געלד צייגט א שטענדיגע, מאנאטאנע ווידערהאלונג פון דעמזעלבען פראצעס. די סחורה שטעהט שטענדיג אויף דער זייט פון פערקויפער, דאס געלד, אלס קויפמיטעל, — שטענדיג אויף דער זייט פון קויפער. עס פונקציאנירט אלס קויפמיטעל דורכדעם, וואס עס רעאליזירט דעם פרייז פון דער סחורה. דורכדעם וואס עס רעאליזירט איהם, טראגט עס אריבער די סחורה פון דער האנד פונ'ם פערקויפער אין דער האנד פון קויפער, בעת עס דערווייטערט זיך אליין אין דערזעלבער צייט פון דער האנד פונ'ם קויפער אין דער האנד פון פערקויפער, כדי צו ווידערהאלען דעמזעלבען פראצעס מיט אנאנדער סחורה. אז אט די איינזייטיגע פארם פון דער געלד־בעוועגונג נעהמט זיך פון דער טאפעלזייטיגער פארם־בעוועגונג פון דער סחורה, איז פערבארגען. די נאטור פון דער סחורה־צירקולאציע גיבט אט דעם איינדרוק,

ווי די זאך וואלט געווען פערקעהרט. די ערשטע מעטאמארפאזע פון דער סחורה לאזט זיך אנזעהן ניט נאר ווי א בעוועגונג פון געלד, נאר ווי איהר אייגענע בעוועגונג, אבער איהר צווייטע מעטאמארפאזע לאזט זיך אנזעהען נאר ווי א בעוועגונג פון געלד. אין דער ערשטער העלפט פון איהר צירקולאציע בייט זיך די סחורה פלעצער מיט'ן געלד. צוגלייך דערמיט פאלט ארויס איהר געברויך־געשטאלט פון דער צירקולאציע און געהט אריבער אין דער קאנזומציאן.74 אויף איהר ארט טרעט ארויס איהר ווערטה־געשטאלט אדער די געלד־לארווע. די צווייטע העלפט פון איהר צירקולאציע לויפט זי ניט מעהר דורך אין איהר אייגענער נאטוראל־הויט, נאר אין איהר געלד־הויט. די אנגעהאלטענקייט פון דער בעוועגונג פאלט אויף דעם אופן אינגאנצען אויף דער זייט פון דעם געלד, און דיזעלבע בעוועגונג, וואס מצד דער סחורה בעשטעהט פון צוויי אנטקעגענגעזעצטע פראצעסען, בעשטעהט אלס אייגענע בעוועגונג פון דעם געלד שטענדיג פון דעמזעלביגען פראצעס — פון זיין שטענדיג זיך בייטען פלעצער מיט אלץ אנדערע סחורות. דער רעזולטאט פון דער סחורה־צירקולאציע — דאס, וואס איין סחורה פערנעהמט דעם פלאץ פון אנאנדער סחורה — ערשיינט דעריבער ניט ווי עס ווערט צושטאנד געבראכט דורך איהר אייגענער פארם־ענדערונג, נאר דורך דער פונקציע פונ'ם געלד אלס צירקולאציאנס־מיטעל, וואס מאכט צירקולירן די סחורות, וועלכע זיינען אן און פאר זיך בעוועגונגסלאז, וואס טראגט זיי איבער פון די הענד וואו זיי זיינען ניט־געברויך־ווערטהען אין די הענד וואו זיי זיינען געברויך־ווערטהען — און שטענדיג אין דער אנטקעגענגעזעצטער ריכטונג צו זיין אייגענעם לויף. דאס געלד ווארפט שטענדיג ארויס די סחורות פון דער ספערע פון דער צירקולאציע, דורכדעם וואס עס טרעט שטענדיג אריין אויף זייער ארט אין דער צירקולאציע און דערווייטערט זיך דערמיט פון זיין אייגענעם אויסגאנג־פונקט. הגם

74) אפילו ווען די סחורה ווערט ווידער און ווידער פערקויפט — אן ערשיינונג, וואס דא פאר אונז עקזיסטירט נאך נישט — פאלט זי ארויס מיט דעם לעצטען דעפיניטיווען פערקויף פון דער ספערע פון דער צירקולאציע אין דער ספערע פון דער קאנזומציאן, כדי צו דינען דארט אלס לעבענס־מיטעל אדער אלס מיטעל פון פראדוקציע.

די געלד־בעוועגונג איז נישט מעהר ווי אַן אויסדרוק פון דער סחורה־צירקולאַציע, ערשיינט פונדעסטוועגען פערקעהרט די סחורה־צירקולאַציע נאָר ווי אַ רעזולטאַט פון דער געלד־בעוועגונג.75

פון דער אַנדער זייט האָט דאָס געלד נאָר די פונקציע פון אַ צירקולאַציאָנס־מיטעל, ווייל עס איז דער פערזעלבשטענדיגטער ווערטה פון די סחורות. זיין בעוועגונג אַלס צירקולאַציאָנס־מיטעל איז דעריבער פאַקטיש נאָר זייער אייגענע פאָרם־בעוועגונג. זי מוז זיך דעריבער טאַקע אָבשפּיגלען בחוש אין דעם אומלויף פונ'ם געלד. אזוי צ. ב. ש. בייט ערשטענס די לייוועגט איהר סחורה־פאָרם אויף איהר געלד־פאָרם. דער לעצטער עקסטרעם פון איהר ערשטער מעטאַמאָרפאָזע ס—ג, די געלד־פאָרם, ווערט דאַן דער ערשטער עקסטרעם פון איהר לעצטער מעטאַמאָרפאָזע ג—ס, איהר צוריק פערוואַנדלונג אין דעם גאַנג חומשים. אָבער יעדערער פון אָט די צוויי פאָרם־בייטען ווערט דורכגעפיהרט דורך אַן אויסטויש צווישען סחורה און געלד, דורך זייער געגענזייטיגען בייטען זיך פון פּלעצער. דיזעלבע געלד־שטיקער קומען אריין אין די הענד פונ'ם פערקויפער אַלס די אויסגעטאָנענע געשטאַלט פון דער סחורה, און פערלאָזען זיי ווידער ווי אַ געשטאַלט, וואָס קאָן אַבסאָלוט פערפערעמדט ווערן פון דער סחורה. זיי בייטען דעם פּלאַץ צוויי מאָל. ערשטענס מיט דער לייוועגט און דערנאָך מיט די חומשים. דיזעלביגע צוויי פונט סט., וועלכע האָבען ביים פערקויף פון דער לייוועגט, אריינגעוואַנדערט אין דעם לייוועגט־וועבער'ס קעשענע פון דער קעשענע פון דעם פויער מיט די ווייץ, וואַנדערן פון איהר אַרויס ביי דעם קויף פון חומשים. די ביידע אַנטקעגענגעזעצטע פאָרם־בייטען פון דערזעלביגער סחורה שפּיעגלען זיך אָט אזוי וויעדער אָב אין דעם צוויי־מאָליגען פּלעצער־בייט פונ'ם געלד אין אַן אַנטקעגענגעזעצטער ריכטונג.

קומען דאַגעגען פאָר נאָר איינזייטיגע סחורה־מעטאַמאָרפאָזען, בלויז מכירות אָדער בלויז קניות, עס איז קיין חלוק ניט, דאַן בייט דאָסזעלביגע געלד ניט מעהר ווי איין מאָהל דעם פּלאַץ. זיין

75) „עס (דאָס געלד) האָט נישט קיין אנדער בעוועגונג א חוץ די, וואָס ווערט איהם געגעבען פון די פּראָדוקטען." לע טראָן, „דע ל'אינטערע סאָסיאַל", פּאַריז 1846, ז. 835.

צווייטער פלאַץ־איבערבייט דריקט שטענדיג אויס די צווייטע מעטאמאָרפאָזע פון דער סחורה, איהר צוריק־וואנדלונג פון געלד [אין סחורה]. אין דיזער פיעלמאָליגער וויעדערהאָלונג פון דעם דאָזיגען פלאַץ־איבערבייט פון די געלד־שטיקער שפיעגעלט זיך אָב ניט נאָר די סעריע מעטאמאָרפאָזען פון אַן איינציגער סחורה, נאָר אויך די פערבינדונג צווישען די צאָהללאָזע מעטאמאָרפאָזען פון דער סחורה־וועלט בכלל. איבעריגענס, פערשטעהט זיך פון זיך אַליין, אַז דאָס אַלעס געהט נאָר אויף דער פאָרם פון איינפאַכער סחורה־צירקולאַציע, וועלכע מען ווערט דאָ בעטראַכט.

יעדע סחורה, בעת זי שטעלט איהר ערשטען טריט אין דער צירקולאַציע, בייט איהר ערשטען איבערבייט אין פאָרם, פאַלט אַרויס פון דיזער צירקולאַציע, אין וועלכער עס טרעט שטענדיג אַריין אַ נייע סחורה. פערקעהרט, דאָס געלד אַלס צירקולאַציאָנס־מיטעל וואויגט שטענדיג אין דער ספערע פון דיזער צירקולאַציע און טרייבט זיך שטענדיג אַרום אין איהר. עס שטעלט זיך אַלזאָ די פראַגע ווי־פיעל געלד די דאָזיגע ספערע ציהט אין זיך שטענדיג אַריין.

אין אַ לאַנד קומען יעדען טאָג פאָר אין דערזעלבער צייט און פּאַראַלעל — פאַלגליך איינע נעבען די אַנדערע אין רוים, צאָהלרייכע, איינזייטיגע סחורה־מעטאמאָרפאָזען, אָדער אין אַנדערע ווערטער: בלויז מכירות פון איין זייט, בלויז קניות פון דער אַנדער זייט. אין זייערע פּרייזען זיינען די סחורות שוין אָוועקגעשטעלט גלייך צו בעשטימטע פאָרגעשטעלטע געלד־סומען. אַזוי ווי די דירעקטע צירקולאַציאָנס־פאָרם, וואָס ווערט דאָ בעטראַכט, שטעלט שטענדיג סחורה און געלד קערפּערליך איינע אַנטקעגען די אַנדערע — איינע אויפ'ן פּאָליוס פונ'ם פערקויף, די אַנדערע אויף דעם אַנטקעגענדיגען פּאָליוס פון קויף — איז די נויטיגע מאַסע פון צירקולאַציאָנס־מיטלען [פון געלד] שוין כמעט בעשטימט דורך דער פּרייז־סומע פון די סחורות. פאַקטיש שטעלט נאָר דאָס געלד פאָר רעעל די געלד־סומע, וואָס איז שוין אידעעל אויסגעדריקט אין דער פּרייז־סומע פון די סחורות. די גלייכקייט פון די דאָזיגע סומען פערשטעהט זיך דעריבער פון זיך אַליין. מיר ווייסען אָבער, אַז ווען די ווערטהען פון די סחורות בלייבען דיזעלביגע, בייטען זיך זייערע פּרייזען לויט דעם ווערטה פון געלד (דעם געלד־מאַטעריאַל) גופא: זיי שטייגען פערהעלטניסמעסיג, ווען ער פאַלט, און פאַלען, ווען

ער שטייגט. אויב די פרייז־סומע פון די סחורות שטייגען אדער פאלען אויף אזא אופן, מוז די מאסע פון דאס צירקולירענדע געלד שטייגען אדער פאלען אין דערזעלביגער מאס. די ענדערונג אין דער מאסע פון דעם צירקולאציאנס־מיטעל נעהמט זיך דא גאנץ געוויס פון דעם געלד גופא, אבער ניט פון זיין פונקציע אלס צירקולאציאנס־מיטעל, נאר פון זיין פונקציע אלס מאס פון ווערטה. פון אנפאנג בייט זיך דער פרייז פון די סחורות אין דער פערקעהרטער ריכטונג ווי דער ווערטה פונ'ם געלד, און דערנאך בייט זיך די מאסע פון דעם צירקולאציאנס־מיטעל דירעקט ווי דער פרייז פון די סחורות. עס וואלט פאסירט פונקט דיזעלבע ערשיינונג, ווען צ.ב.ש. עס איז ניט געפאלען דער ווערטה פון גאלד, נאר זילבער האט פערנומען זיין פלאץ אלס ווערטה־מאס; אדער פערקעהרט, ווען דער ווערטה פון זילבער איז ניט געשטיגען, נאר גאלד האט עס ארויסגעשטופט פון דער פונקציע צו דיענען ווי א ווערטה־מאס. אין דעם ערשטען פאל וואלט מעהר זילבער געמוזט צירקולירן איידער פריהער גאלד, אין דעם אנדער פאל—וועניגער גאלד איידער פריהער זילבער. איןביידע פעלען וואלט זיך דער ווערטה פונ'ם געלד־מאטעריאל געהאט פערענדערט, דאס הייסט פון דער סחורה, וועלכע פונקציאנירט אלס מאס פון ווערטהען, בכן וואלט זיך פערענדערט דער פרייז־אויסדרוק פון די סחורה־ווערטהען, און פאלגליך די מאסע פון דעם צירקולירענדען געלד, וואס דיענט פאר דער רעאליזירונג פון די פרייזען.

מיר האבען געזעהן, אז די צירקולאציאנס־ספערע פון די סחורות האט א לאך, דורך וועלכער עס טרעט אין איהר אריין גאלד (זילבער און בכלל געלד־מאטעריאל) אלס א סחורה פון א געגעבענעם ווערטה. דער דאזיגער ווערטה איז אנגענומען פון פריהער, בעת דאס געלד טרעט אריין אין דער פונקציע פון א ווערטה־מאס, און בכן ביי דער פרייז־בעשטימונג. אויב עס זינקט צ.ב.ש. דער ווערטה פון דער ווערטה־מאס גופא, ווייזט זיך עס ערשטענס ארויס אין דעם פרייז־איבערבייט פון די סחורות, וועלכע ווערן דירעקט אויסגעטוישט אויף די ערעלע מעטאלען ביי זייערע פראדוקציאנס־קוואלען, ווי אויף סחורות. אין וועניגער־ענטוויקעלטע צושטאנדען פון דער בורזשואזער געזעלשאפט ווערט מאסע א גרויסער טייל פון די אנדערע סחורות נאך א לענגערע ציים,

געשאַצט אין דעם פּערעלטערטען, שוין אילוזאַריש געוואָרענעם, ווערטה פון דער ווערטה־מאָס. אָבער דערווײַלע שטעקט איין סחורה אָן די אַנדערע דורך דער ווערטה־שייכות, וואָס זי האָט צו איהר; די גאָלד־ אָדער זילבער־פּרייזען פון די סחורות גלייכען זיך ביסלעכוויז אויס אין די פּראָפּאָרציעס, וואָס ווערן בעשטימט דורך זייערע ווערטהען גופא, ביז אַלע סחורה־ווערטהען ווערן ענדליך געשאַצט לויט דעם נייעם ווערטה פון דעם געלד־מעטאַל. אַט דער אויסגלייכונג־פּראָצעס געהט אָן צוזאַמען מיט דער שטענ־דיגער פערמעהרונג פון די ערדלע מעטאַלען, וועלכע שטראָמען אריין, כדי אוועקגעגעבען צו ווערן פאַר די דירעקט אויף זיי אויס־געטוישטע סחורות. אויף וויפיעל דעריבער די נייע פּרייזען פון סחורות ווערן אַלגעמיין איינגעפיהרט, אָדער אויף וויפיעל זייערע ווערטהען ווערן געשאַצט לויט דעם נייעם געפאַלענעם און ביז א געוויסען פּונקט ווייטער־פאַלענדען ווערטה פון דעם מעטאַל, אויף אזויפיעל איז שוין פאַראַנען א פערמעהרטע מאַסע פונ׳ם מעטאַל, וועלכע איז נויטיג פאַר דער רעאַליזירונג פון די דאָזיגע נייע ווער־טהען. אָן איינזייטיגע בעטראַכטונג פון די פאַקטען, וועלכע זיינען איינגעטראָטען נאָך דער ענטדעקונג פון נייע גאָלד־ און זילבער־קוואַלען, האָט אין 17טען און ספּעציעל אין 18טען י.ה. געפיהרט צו דעם פאַלשען שלוס, אז די סחורה־פּרייזען זיינען געשטיגען, ווייל א גרעסערע סומע גאָלד און זילבער האָט אָנגעהויבען פונק־ציאָנירען אַלס צירקולאַציאָנס־מיטעל. אין דער ווייטערדיגער פאָר־שונג ווערט אָנגענומען דער ווערטה פון גאָלד ווי עטוואָס בע־שטימטעס, ווי ער איז פאַקטיש בעשטימט אין דעם מאָמענט פון דער אָבשאַצונג פונ׳ם פּרייז.

לויט דער השערה, אַלזאָ, ווערט די מאַסע פון דעם צירקולאַ־ציאָנס־מיטעל בעשטימט דורך דער סומע פון די סחורה־פּרייזען, וועלכע דאַרפען רעאַליזירט ווערן. אויב מיר נעהמען ווייטער אָן, אז דער פּרייז פון יעדען סאָרט סחורה איז בעשטימט, דאַן הענגט גאַנץ קלאָר אָב די פּרייז־סומע פון די סחורות פון דער מאַסע סחורות, וואָס געפינט זיך אין צירקולאַציע. מען דאַרף זיך דאָך ניט פיעל ברעכען דעם קאָפּ צו בעגרייפען, אז אויב 1 פערטעל ווייץ קאָסט 2 פונט סט., וועלען 100 פערטעל ווייץ קאָסטען 200 פונט סט., 200 פערטעל. 400 פונט סט. א.אז.וו. און פאָלגליך מוז

מיט דער מאָס ון ווייז אויך וואקסען די מאָס פון געלד, וועלכע בייט זיך מיט איהם פלעצער ביים פערקויף.

נעהמט מען אָן די סחורה-מאַסע האָט א בעשטימטע, הייבט זיך אָדער פאַלט די מאַסע פון דעם צירקולירענדען געלד צוזאַמען מיט די שוואַנקונגען אין דעם פרייז פון די סחורות. זי שטייגט און פאַלט, ווייל די סומע פרייזען פון די סחורות ווערט גרעסער אָדער קלענער אַלס רעזולטאַט פון זייער פרייז-ענדערונג. דערצו איז בשום אופן ניט נויטיג, אַז די פרייזען פון אַלע סחורות זאָלען גלייכצייטיג שטייגען אָדער פאַלען. דאָס שטייגען אין פרייז פון א געוויסער צאָהל הויפּט-אַרטיקלען אין איין פאַל, אָדער זייער זינקען אין פרייז אין אַנאַנדער פאַל, איז גענוג צו העבען אָדער אַרונטער-וואַרפען די פרייז-סומע, וואָס פאָדערט זיך צו רעאַליזירן אַלע צירקולירענדע סחורות—צו לאָזען, הייסט עס, אין צירקולאַציע מעהר אָדער וועניגער געלד. צי די ענדערונג אין פרייז פון די סחורות שפּיעגעלט אָב ווירקליכע ענדערונגען אין ווערטה, אָדער זיי זיינען בלויז שוואַנקונגען פון די מאַרק-פּרייזען—די ווירקונג אויף דער מאַסע פון די צירקולאַציאָנס-מיטלען בלייבט דיזעלבינע.

אָנגענומען אַז מיר האָבען א געוויסע צאָהל אָבגעזונדערטע, גלייכצייטיגע און בכן רוימליך איינע נעבען די אַנדערע לויפענדע מכירות אָדער טייל-מעטאַמאָרפאָזען, צ.ב.ש. פון א פערטעל ווייץ, 20 עלען לייוועוונט, 1 גאַנג חומשים, 4 גאַלאָנען בראַנפען. אויב דער פרייז פון יעדען אַרטיקעל איז 2 פונט סט. און די פרייז-סומע, וואָס דאַרף רעאַליזירט ווערן איז דעריבער 8 פונט סט., דאַן מוז אין דער צירקולאַציע אַריינגעהן א געלד-מאַסע פון 8 פונט סט. פערקעהרט אָבער, ווען דיזעלבינע סחורות שטעלען צונויף די גליעד-דער פון אונזער בעקאַנטער מעטאַמאָרפאָזען-שורה: 1 פערטעל ווייץ—2 פונט סט.—20 עלען לייוועוונט—2 פונט סט.—1 גאַנג חומשים—2 פונט סט.—4 גאַלאָנען בראַנפען—2 פונט סט., דאַן ברענגען דיזעלבינע 2 פונט סט. אין צירקולאַציע אָט די אַלע סחורות איינע נאָך דער אַנדערער, און רעאַליזירענדיג כסדר זייערע פּרייזען, רעאַליזירן זיי אַלזאָ א פרייז-סומע פון 8 פונט סט., כדי ענדליך צו בלייבען ליעגען אין די הענד פון דעם שענקער. זיי פיהרן דורך פיער אומלויפען. דער דאָזיגער ווידערהאָלטער שנוי מקום פון דיזעלבינע געלד-שטיקער שטעלט פאָר דעם טאָפּעלטען

פאַרם־בייט פון דער סחורה, איהר בעוועגונג דורך צוויי אנטקעגענ־געזעצטע צירקולאַציאָנס־סטאַדיען און די צונויפפלעכטונג פון די מעטאַמאָרפאָזען פון פערשיידענע סחורות.[76] די געגענזעצליכע און איינע די אנדערע ערגענצענדע פאַזען, דורך וועלכע דער דאָזיגער פּראָצעס פערלויפט, קאָנען ניט פאָרקומען רוימליך איינע נעבען די אנדערע, זאָנדערן נאָר צייטליך איינע נ אָ ך די אנדערע. צייט־טיילען מאַכען דעריבער אויס די מאָס פון זיין דויער, אָדער די צאָהל פון די אומלויפען פון דיזעלביגע געלד־שטיקער אין א געגעבענער צייט מעסט די געשווינדקייט פון דעם געלד־אומלויף. דער צירקולאַציאָנס־פּראָצעס פון יענע פיער סחורות דויערן צ.ב.ש. איין טאָג. אויף דעם אופן קומט אויס: די פּרייז־סומע, וואָס דאַרף רעאַליזירט ווערן, איז 8 פונט סט.; די צאָהל אומלויפען פון די־זעלביגע געלד־שטיקער אין דעם איין טאָג, איז 4, און די מאַסע פון צירקולירענדען געלד איז 2 פונט סט.

דאָס הייסט, פאַר א בעשטימטען טייל־צייט פון צירקולאַ־ציאָנס־פּראָצעס איז די מאַסע פונ'ם געלד, וואָס פונקציאָנירט אַלס צירקולאַציאָנס־מיטעל, גלייך צו דער פּרייז־סומע פון די סחורות, געטיילט דורך די צאָהל אומלויפען פון איינצאָמענדיגע געלד־שטי־קער. דאָס דאָזיגע געזעץ איז אַלגעמיין גילטיג.

דער צירקולאַציאָנס־פּראָצעס פון א לאַנד אין א בעשטימטער צייט־אָבטיילונג פאַסט אום פון איין זייט פיעלע צושפּליטערטע גלייכצייטיגע און רוימליך איינע נעבען די אנדערע פאָרקומענדע מכירות (און קניות), אָדער טייל־מעטאַמאָרפאָזען, וואו דיזעלביגע מטבעות בייטען נאָר איינמאָל זייער פּלאַץ אָדער פיהרן דורך נאָר איין אומלויף; פון דער אנדער זייט פאַסט ער אום פיעלע מעהר אָדער ווייניגער גליעדער־רייכע מעטאַמאָרפאָזען־רייהען, טייל־ווייז איינע נעבען די אנדערע לויפענדיגע, טיילווייז איינע אין די אנדערע איינפלעכטענדיגע, וואו דיזעלביגע מטבעות מאַכען דורך

---

[76] „די פּראָדוקטען זיינען עס, וועלכע טרייבען דאָס געלד אין בעוועגונג און לאָזען עס צירקולירען.... די געשווינדקייט פון זיין אומלויף פערנעהמט דעם פּלאַץ פון זיין צאָהל. אין פאַל פון א נויט גליטשט ער זיך פון איין האַנד אין דער אנדערער. ניט אבשטעלענדיג זיך אויף איין רגע.“ (לע טראָן, „דע ל'אינ־טערע סאָסיאַל“, פּאַריז 1846, ז. 915 און ווייטער.)

מעהר אָדער ווענינער, צאָהלרייכע אומלויפען. די גאַנצע צאָהל אומלויפען פון אַלע איינגאָמענדיגע מטבעות, וואָס געפינען זיך אין צירקולאַציע, ניט אָבער די דורכשניט־צאָהל פון די אומלויפען פון א איינצעלנער מטבע אָדער די דורכשניט־געשווינדקייט פון דעם געלד־אומלויף. די געלד־מאַסע, וועלכע ווערט אין אָנפאַנג צ.ב.ש. פון דעם טעגליכען צירקולאַציאָנס־פּראָצעס אין איהם אריינגעוואָרפען, ווערט נאַטירליך בעשטימט דורך דער פּרייז־סומע פון די גלייכצייטיג־ און רוימליך איינע נעבען די אַנדערע צירקולירענדע סחורות. אין דעם פּראָצעס אָבער ווערט איין מטבע אַזוי צו זאָגען פעראַנטוואָרטליך געמאַכט פאַר דער אַנדערער. אויב איינע פערגרעסערט איהר אומלויף־געשווינדקייט, ווערט די אַנדערע לאַנגזאַמער אָדער זי פליהט אינגאַנצען ארויס פון דער צירקולאַציאָנס־ספערע—היות ווי די דאָזיגע ספערע קאָן איינשלינגען נאָר אַזאַ געלד־מאַסע, וועלכע איז גלייך צו דער פּרייז־סומע, וואָס דאַרף רעאַליזירט ווערן, גע׳כפל׳ט אויף דער דורכשניטליכער צאָהל אומלויפען פון איהר איינצעלנעם עלעמענט. פאָלגליך, אויב עס וואַקסט די צאָהל אומלויפען פון די מטבעות, ווערט זייער צירקולירענדע מאַסע קלענער. ווערט די צאָהל פון זייערע אומלויפען קלענער, וואַקסט זייער מאַסע. דערפאַר ווייל די מאַסע געלד, וועלכע קאָן פונקציאָנירן אַלס צירקולאַציאָנס־מיטעל, איז ביי א געוויסער דורכשניטס־געשווינדקייט א בעשטימטע, דאַרף מען נאָר צ.ב.ש. אריינוואַרפען אין דער צירקולאַציע א בעשטימטע סומע אַסיגנאַציעס, כדי צו קאָנען פון איהר ארויסציהען פונקט אַזויפיעל גאָלד—א קונץ־שטיק, וואָס איז גוט בעקאַנט אַלע באַנקען.

אַזוי ווי אין דעם געלד־אומלויף בכלל ערשיינט נאָר דער צירקולאַציאָנס־פּראָצעס פון די סחורות—ד.ה. זייער קרייז־לויף דורך אַנטקעגענגעזעצטע מעטאַמאָרפאָזען—אַזוי אויך בעווייזט זיך אין דער געשווינדקייט פון דעם געלד־אומלויף די געשווינדקייט, מיט וועלכער די סחורות בייטען זייערע פאָרמען, דאָס שטענדיגע אריינפלעכטען זיך פון די מעטאַמאָרפאָזען־רייהען, די האַסטיגקייט פון דעם שטאָף־איבערבייט, דאָס שנעלע פערשווינדען פון די סחורות פון דער צירקולאַציאָנס־ספערע און דאָס פונקט אַזאַ שנעלע אריינטרעטען פון אַנדערע סחורות צו פערנעהמען זייער פּלאַץ. אין דער געשווינדקייט פון דעם געלד־אומלויף ערשיינט, הייסט עס,

די פליסיגע איינהייט פון די אנטקעגנגעזעצטע און זיך ערגענצענדע פאזען—די פערוואנדלונג פון דער געברויך־געשטאלט אין ווערטה־געשטאלט און די צוריק־פערוואנדלונג פון ווערטה־געשטאלט אין געברויך־געשטאלט, אדער די איינהייט פון דיביידע פראצעסען פון פערקויף און קויף. פערקעהרט, אין דער לאנגזאמקייט פון דעם געלד־אומלויף ערשיינט די טרענונג און געגענזעצליכע פערזעלבשטענדיגונג פון די דאזיגע פראצעסען, דאס אויפהערן פון דעם פארם־איבערבייט און במילא פון דעם שטאף־איבערבייט. פון וואנען דער אויפהער נעהמט זיך, קאן מען נאטירליך אין דער צירקולאציע גופא ניט איינזעהן. זי צייגט נאר ארויס בלויז דעם פאקט אליין. פאר דער פאפולערער אנשויאונג, וועלכע זעהט, אז מיט דעם לאנגזאמערן געלד־אומלויף ערשיינט און פערשווינדט דאס געלד אלץ זעלטענער אויף אלע פונקטען פון דער פעריפעריע פון דער צירקולאציע, איז גאנץ נאטירליך צו דערקלערן, אז די דאזיגע ערשיינונג נעהמט זיך פון דעם דוחק אין די מיטלען פון צירקולאציע.[77]

[77] „אזוי ווי געלד איז די געוועהנליכע מאס פון קויף און פערקויף, מיינט גלייך יעדער איינער, וואס האט עפעס צו פערקויפען און געפינט ניט קיין קונים, אז דער דוחק אין בארעס געלד אין קעניגרייך אדער אין לאנד איז די אורזאך דערפון, וואס זיין סחורה בלייבט ביי איהם ליגען; און אזוי איז „דער דוחק אין געלד” די אלגעמיינע קלאגע. דאס איז אבער א גרויסער טעות. וואס דארפען באמת האבען אט די מענשען, וועלכע שרייען נאך מעהר געלד?... דער פארמער קלאגט זיך.... ער דענקט, אז ער וואלט געקאנט פערקויפען זיינע פראדוקטען פאר גוטע פרייזען, ווען עס וואלט נאר געווען מעהר געלד אין לאנד.... עס שיינט, אלזא, אז עס איז ניט געלד, וואס ער ברויכט, נאר א גוטען פרייז פאר זיין תבואה און זיין פיה, וועלכע ער וואלט פערקויפען, נאר ער קאן ניט.... פארוואס קאן ער ניט בעקומען א גוטען פרייז? ערשטענס, ענטוועדער ווייל עס איז איבערהויפט פאראן אין לאנד צופיעל תבואה און פיה, אזוי אז די מעהרסטע, וואס קומען אויפ'ן מארק, האבען נויטיג צו פערקויפען פונקט ווי ער און נאר ווייניג מענשען האבען נויטיג צו קויפען; אדער צווייטענס, דער ארויספיהר איז אנדערע לענדער דורך טראנספארט האט זיך אבגעהאלטען.... אדער דריטענס, עס איז געווארן קלענער דער קאנזום, ווי צ.ב.ש. ווען די בעפעלקערונג איז פערארימט געווארן און זי קאן ניט אויסגעבען אויף איהרע הצטרכות אזוי פיעל ווי פריהער. עס איז אלזא ניט די פערמעהרונג פון מזומן געלד, וואס עס וואלט געהאלפען דעם פערקויף פון דעם פארמער'ס פראדוקטען, נאר די בעזייטיגונג פון איינער פון די דריי אורזאכען, וועלכע דריקען אויף אן אמת ארונטער דעם מארק. דער סוחר און דער קרעמער ברויכען

דער גאנצער סכום פון דעם געלד, וואס פונקציאנירט אין יעדער פעריאדע אלס צירקולאציאנס־מיטעל, ווערט בעשטימט פון איין זייט דורך דער סומע פרייזען פון אלע צירקולירענדע סחורות, און פון דער אנדער זייט פון דעם לאנגזאמערן אדער שנעלערן פלוס פון זייערע אנטקעגנגעזעצטע צירקולאציאנס־פראצעסן, פון וואס עס הענגט אב דער וויפעלטער טייל פון דער דאזיגער פרייז־סומע קאן רעאליזירט ווערן דורך דיזעלביגע מטבעות. די פרייז־סומע פון סחורות הענגט אבער אב פונקט אזויפיעל פון דער מאסע [דעם סכום], ווי פון די פרייזען פון יעדען סארט סחורה. די דריי פאקטארען: די פרייז־בעוועגונג, די צירקולירענדע מאסע סחורות און ענדליך די אומלויף־געשווינדקייט פון דעם געלד, קאנען זיך אבער בייטען אין א פערשיידענער ריכטונג און אין פערשיידענע פראפארציעס. די פריידסומע, וואס דארף אלזא רעאליזירט ווערן, און ממילא די מאסע פון די צירקולאציאנס־מיטלען, וואס ווערט בעדינגט דורך איהר, מוזען דורכמאכען זעהר צאהלרייכע קאמבינאציעס. מיר וועלען דא אויסרעכענען נאר די קאמבינאציעס, וועלכע זיינען געווען די וויכטיגסטע אין דער געשיכטע פון די סחורה־פרייזען.

ווען די סחורה־פרייזען בלייבען דיזעלביגע, קאן די מאסע [דער סכום] פונ'ם צירקולאציאנס־מיטעל וואקסען—מחמת די מאסע [די צאהל] פון די צירקולירענדע סחורות ווערט גרעסער, אדער די אומלויף־געשווינדקייט פונ'ם געלד ווערט קלענער, אדער

---

געלד אויף דעם זעלבען אופן, ד.ה. עס פעהלט זיי אן אבזאץ פאר די סחורות. מיט וועלכע זיי האנדלען, ווייל די מערק זיינען שוואך.... א פאלק געדייהט אם בעסטען, ווען די רייכטימער בייטען זיך הענד אם שנעלסטען" (סער דאדלעי נארטה, „דיסקארסעס אפאן טרייד", לאנדאן, 1691, ז. 11—15 און ווייטער.) הערענשוואנד'ס שווינדעל־טעאריען פיהרן אלע צו דעם פונקט, אז די ווידער־שפרוכען, וועלכע שטאמען פון דער נאטור פון די סחורות און ווייזען זיך פאלגליך ארויס אין דער סחורה־צירקולאציע, קאנען אבגעשאפט ווערן פערמעהרענדיג דעם צירקולאציאנס־מיטעל. אויב אבער פון איין זייט איז עס א פאפולערע איינ־בילדונג, וואס שרייבט צו דעם אבשטעל אין דעם פראצעס פון פראדוקציאן און צירקולאציאן צו א דוחק אין צירקולאציאנס־מיטלען, פאלגט בשום אופן נים פון דעם אויף דער אנדער זייט, אז א ווירקליכער דוחק אין די צירקולאציאנס־מיטלען, ווי צ.ב.ש. ווען עס ווערט אפיציעל געפושערט מיט דעם „רעגולירן פון דאס אומלויף־געלד", קאן נים ארויסרופען אזוינע אבשטעלען.

צוליעב א צוזאמענווירקונג פוןביידען. פון דער אנדער זייט קאן די מאסע פונ׳ם צירקולאציאנס־מיטעל ווערן קלענער, ווען די צאהל סחורות ווערט קלענער אדער די געשווינדקייט פון זייער צירקו־לאציע ווערט גרעסער.

ביי אלגעמיין־שטייגענדע סחורה־פרייזען קאן די מאסע פונ׳ם צירקולאציאנס־מיטעל בלייבען דיזעלביגע, ווען די מאסע פון די צירקולירענדע סחורות ווערט קלענער אין דערזעלבער פראפארציע, וואס איהר פרייז איז גרעסער געווארן; אדער ווען די אומלויף־געשווינדקייט פונ׳ם געלד פערגרעסערט זיך פונקט אזוי שנעל, ווי די העכערונג פון די פרייזען, בעת די מאסע צירקולירענדע סחורות בלייבט דיזעלביגע. די מאסע פונ׳ם צירקולאציאנס־מיטעל קאן פאלען, ווען די סחורה־מאסע ווערט שנעלער קלענער אדער די אומלויף־געשווינדקייט ווערט שנעלער גרעסער, איידער דאס שטיי־גען פון די פרייזען.

ביי אלגעמיין־פאלענדע סחורה־פרייזען קאן די מאסע פונ׳ם צירקולאציאנס־מיטעל בלייבען דיזעלביגע, ווען די סחורה־מאסע וואקסט אין דעמזעלבען ערך וואס איהר פרייז פאלט, אדער די אומלויף־געשווינדקייט פונ׳ם געלד ווערט קלענער אין דערזעלביגער פראפארציע ווי די פרייזען. פערקעהרט, די מאסע פונ׳ם צירקו־לאציאנס־מיטעל קאן וואקסען, אויב די סחורה־מאסע ווערט שנע־לער גרעסער אדער איהר צירקולאציאנס־געשווינדקייט ווערט שנע־לער קלענער איידער דאס פאלען פון די סחורה־פרייזען.

די וואריאציעס פון די פערשיידענע פאקטארען קאנען זיך נעגענזייטיג באלאנסירן אזוי, אז ניט קוקענדיג אויף זייער אלע־מאליגער אונבעשטענדיגקייט, בלייבט די אלגעמיינע סומע פון די סחורה־פרייזען, וואס דארף רעאליזירט ווערן, און בכן די צירקו־לירענדע געלד־מאסע, אלץ דיזעלביגע. מען געפינט דעריבער, דער־הויפט בעטראכטענדיג עטוואס לענגערע פעריאדען, א פיעל־בע־שטענדיגערן דורכשניט־גראד פון דער צירקולירענדער געלד־מאסע אין יעדען לאנד, איידער מען וואלט עס אין פלוג געקאנט דער־ווארטען—מיט דער אויסנאהם, פערשטעהט זיך, פון שטארקע שטע־רונגען, וועלכע קומען פעריאדיש דורך די פראדוקציאן־ און האנ־דעלס־קריזיסען, אדער זעלטענער פון א ענדערונג אין דעם ווערטה נופא.

דאָס געזעץ, אַז דער סכום פון די צירקולאַציאָנס־מיטלען ווערט בעשטימט דורך דער פּרייז־סומע פון די צירקולירענדע סחורות און דער דורכשניט־געשווינדקייט פון דעם געלד־אומלויף,[78] קאָן אויך

---

[78] „עס איז פאַראַן אַ בעשטימטע מאָס און פּראָפּאָרציע פון דעם געלד, וואָס פאָדערט זיך אַנצוטרייבן דעם האַנדעל פון אַ פאָלק, און מעהר אָדער ווייניגער ווי דאָס וואָלט פאַר איהם געווען אַ שטערונג. פּונקט ווי עס איז פאַראַן אַ בעשטימטע פּראָפּאָרציע פון גראָשען־מטבעות, וואָס איז נויטיג אין אַ קליין קרעמעל, כדי צו געבען אויסגאָב פון זילבערנע מטבעות און אויסגלייכען אַזוינע חשבונות, וועלכע קאָנען ניט אויסגעגליכען ווערן מיט די קלענסטע זילבערנע מטבעות.... אַלזאָ, אַזוי ווי די פּראָפּאָרציע פון דער צאָהל גראָשען־מטבעות, וואָס פאָדערט זיך אין האַנדעל, העננט אָב פון דער צאָהל פון די קונים, פון דעם ווי אָפט די קניות קומען פאָר, ווי אויך און דערהויפּט פון דעם ווערטה פון די קלענסטע זילבער־מטבעות, אַזוי איז אויך אויף דעמזעלבען אופן די פּראָפּאָרציע פון דעם מעטאַל־געלד (די געמינצטע גאָלד און זילבער), וואָס פאָדערט זיך אַנצופיהרען אונזער האַנדעל, אָבהענגיק פון דעם ווי אָפט די טויש־אַקטען קומען פאָר און ווי גרויס די איינצעלנע צאָהלונגען זיינען.״ (וויליאַם פּעטטי, „אַ טריטיז אָן טאַקסעס אַנד קאָנטריביושענס״, לאָנדאָן, 1667, ז. 17.) היום׳ס טעאָריע איז פערטיידיגט געוואָרן אַנטקעגען די אַטאַקען פון דזש. סטואַרט אַ.אַ. דורך אַ. יאַנג אין זיין „פּאָליטיקאַל אַריטהמעטיק״, לאָנדאָן 1774, וואו עס געפינט זיך אַ ספּעציעלער קאַפּיטעל אונטער׳ן נאָמען „פּרייסעס דעפּענד אָן קוואַנטיטי אָוו מאָני״, ז. 122 און ווייטער. אין מיין בוך „צור קריטיק דער פּאָליטישען עקאָנאָמיע״, ז. 149, בעמערק איך: „אַדאַם סמיטה מאַכט אַוועק שטילערהייט די פראַגע וועגען דעם סכום פון די צירקולירענדע מטבעות דערמיט, וואָס ער בעהאַנדעלט דאָס געלד גאַנץ פאַלש אַלס אַ בלויזע סחורה.״ די בעמערקונג גילט נאָר אויף אַזוי ווייט ווי אַדאַם סמיטה בעהאַנדעלט דאָס געלד עקס אָפיציאָ (ד.ה. פערפליכטעט דערצו דורך דעם פּלאַן פון זיין ווערק). ביי געלעגענהייט אָבער, ווי צ.ב.ש. אין זיין קריטיק פון די פריהערדיגע סיסטעמען פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, זאָגט ער אַרויס די ריכטיגע מיינונג. „דער סכום פון געלד־מטבעות אין יעדען לאַנד איז רעגולירט דורך דעם ווערטה פון די סחורות, וואָס דאַרפען צירקולירט ווערן.... דער ווערטה פון די סחורות, וואָס ווערן יעהרליך געקויפט און פערקויפט אין יעדען לאַנד פאָדערט אַ געוויסען סכום געלד, כדי זיי צו צירקולירן און פערטיילען צווישען זייערע אייגענטליכע פערברויכער: מעהר ווי דאָס קאָן ניט פערווענדט ווערן. דער קאַנאַל פון דער צירקולאַציע ציהט צו זיך נויטיגערווייזע אַ סומע, וואָס איז גענוג איהם אַנצופילען, אָבער מעהר ווי דאָס לאָזט ער ניט צו.״ („וועלטה אָוו נײשאָנס״, בוך 4, קאַפּיטעל 1.)

אויף דעמזעלבען אופן פאַנגט אַדאַם סמיטה אָן זיין ווערק עקס אָפיציאָ מיט אַ פערהערליכונג פון דער צוטיילונג פון דער אַרבייט. דערנאָך שפּעטער, אין דעם לעצטען בוך וועגען די קוואַלען פון די הכנסות פון׳ם שטאַאַט, ווידערי־

אויסגעדריקט ווערן ווי פאלגט: ביי א געגעבענער סומע פון דעם ווערטה פון די סחורות און א געגעבענער דורכשניט־געשווינדקייט פון זייערע מעטאמארפאזען, הענגט אב דער סכום פון דעם אומלויפענדען געלד, אדער פון דעם געלד־מאטעריאל, פון זיין אייגענעם ווערטה. די אילוזיע, אז פערקעהרט די סחורה־פרייזען ווערן בעשטימט דורך דער מאסע [דעם סכום] פון די צירקולאציאנס־מיטלען, און די לעצטע, פון איהר זייט, ווערט בעשטימט דורך דער מאסע פון דעם געלד־מאטעריאל, וואס געפינט זיך אין א לאנד,[79] נעהמט זיך ביי איהרע אורשפרינגליכע פערטרעטער פון דער משונהדיגער היפאטעזע, אז די סחורות טרעטען לכתחילה אריין אין דעם צירקולאציאנס־פראצעס אהן א פרייז און דאס געלד אהן א ווערטה, און אז ערשט אין דעם דאזיגען פראצעס ווערט א בעשטימטער טייל פון דער סחורה־מאסע אויסגעטוישט אויף א בעשטימטען טייל פונ׳ם מעטאל.[80]

האלט ער אפטמאל די קריטיקען איבער דער צוטיילונג פון דער ארבייט, וועלכע זיין לעהרער א. פערגוסאן האט געשריבען.

[79] „די פרייזען פון סחורות וועלען זיכער שטייגען ביי יעדער נאציאן, אזוי־באלד ווי עס ווערט פערמעהרט דאס גאלד און זילבער ביים פאלק; און פאלגליך, וואו דאס גאלד און זילבער ווערט וועניגער ביי א נאציאן, מוזען די פרייזען ארונטערפאלען אין דעם ערד פון דעם ארונטערפאל פונ׳ם געלד.” (דזשייקאב וואנדערלינט, „מאני אנסערס אלל טהינגס”, לאנדאן 1734, ז. 5.) א גענויע פערגלייכונג צווישען אט דעם בוך מיט היום׳ס „עססיים” לאזט ביי מיר ניט איבער דעם קלענסטען ספק, אז היום האט געוואוסט פון וואנדערלינט׳ס זאנסט וויכטיגע שריפט און האט עס בענוצט. די מיינונג, אז די מאסע פון די צירקולאציאנס־מיטלען בעשטימט די פרייזען, קאן מען געפינען אויך ביי בארבאן און נאך פיעל עלטערע שריפטשטעלער. „אונגעשטערטער האנדעל”, זאגט וואנדערלינט, „קאן קיין שאדען ניט ברענגען, נאר אדרבא גרויסע נוצען,.... ווארים אויב דורכדעם ווערט דאס מזומן־געלד פון דער נאציאן קלענער, וואס אייגענטליך די טאריפען און איינפוהר־פערבאטען זוכען ניט צו דערלאזען, וועלען יענע פעלקער, וועלכע קריגען אריין דאס מזומן־געלד, באלד אויסגעפינען, אז אלע פרייזען שטייגען.... פון דער אנדער זייט וועלען אונזערע מאנופאקטור־פראדוקטען און אלע אנדערע סחורות באלד אזויפיעל פאלען אין פרייז, אז דער האנדעלס־באלאנס וועט זיך ווידער נייגען צו אונזער גונסטען, און מיר וועלען דורכדעם צוריק ארייננקריגען דאס געלד.” (דארט גופא, ז. 44.)

[80] אז דער פרייז פון יעדען איינצעלנעם סארט סחורה מאכט אויס א טייל פון דער סומע פון די פרייזען פון אלע צירקולירענדע סחורות, איז זעלבסטפער־

## ג) די מטבעות. די צייכענס פון ווערטה.

די מטבע־געשטאַלט פון געלד נעהמט זיך פון זיין פונקציע אלס צירקולאַציאָנס־מיטעל. דער געוויכט־טייל גאָלד, וואָס איז פאָרגעשטעלט אין דעם פרייז אָדער געלד־נאָמען פון די סחורות, מוז ארויסטרעטען לגבי זיי אין דער צירקולאַציע ווי א גאָלד־שטיק אָדער מטבע פון דעמזעלבען נאָמען. דער עסק פון אויסשלאָגען מטבעות, אַזוי גוט ווי די פעסטשטעלונג פון דעם מאָסשטאב פון די פרייזען, פאַלט אויס אויפ'ן שטאַאט. אין די פערשיידענע נאַציאָנאַל־מונדירען, וואָס גאָלד און זילבער טראָגען אַלס מטבעות, און וועלכע זיי טהוען אָבער אויס ווען זיי קומען אויפ'ן וועלט־מארק, בעווייזט זיך די צושיידונג צווישען די אינערליכע אָדער

---

שטענדליך. ווי אזוי אבער געברויך־ווערטהען, וועלכע זיינען אונפערגלייכבאר איינע מיט די אנדערע, זאלען זיך אגולנע אויסטוישען אויף דער גאנצער מאסע גאלד און זילבער, וואס געפינט זיך אין א לאנד, איז לגמרי אונבעגרייפליך. ווען מיר זאלען פארשטעלען אין דמיון די גאנצע סחורה־וועלט ווי איין־איינציגע קאלעקטיוו־סחורה, פון וועלכער יעדע סחורה מאכט אויס נאר א בעשטימטען טייל, וועט זיך בעקומען דער פאלגענדער שעהנער חשבון: די קאלעקטיוו־סחורה איז גלייך צו א געוויסען געוויכט גאלד. אן איינצעלנע סחורה א איז א בע־שטימטער טייל פון דער קאלעקטיוו־סחורה, זי איז דעריבער גלייך צו דעמזעל־בינען בעשטימטען טייל פון יענעם געוויכט גאלד. דאס קומט טאקע בתמימות ארויס ביי מאנטעסקיו. ער זאגט: „ווען מען פערגלייכט די מאסע גאלד און זילבער, וואס געפינט זיך אין דער וועלט, מיט דער עקזיסטירענדער סומע סחורות, דאן איז קלאר, אז יעדער איינצעלנער פראדוקט און יעדע איינצעלנע סחורה קאן פערגליכען ווערען מיט א בעשטימטען טייל פון דער מאסע עדעל־מעטאלען. לאמיר אננעהמען, אז עס איז פאראן נאר איין איינציגע סחורה אויף דער וועלט, אדער אז נאר איין איינציגע סחורה ווערט געבראכט צום פערקויף, און אז זי לאזט זיך טיילען אין דערזעלביגער פראפארציע ווי דאס געלד. דאן וואלט א בעשטימטער טייל פון דער סחורה געוועזן גלייך צו פונקט אזא טייל פון דעם געלד־אוצר, 'די העלפט פון דער קאלעקטיוו־סחורה—צו א העלפט פון דעם געלד־אוצר א.אז.וו.... די בעשטימונג פון די פרייזען פון סחורות הענגט אין גרונד שטענדיג אב פון דער פראפארציע, אין וועלכער דער סך הכל פון די סחורות שטעהט צו דעם סך הכל פון די געלד־צייכענס." (מאנטעסקיו, „עספרי דע לוא", ווערק, לאנדאן 1767, ב. 3, ז. 12 און 13.) וועגען דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג פון דער דאזיגער טעאריע דורך ריקארדא און זיינע שילער דזשיימס מילל, לארד אווערסטאון א.א. זעה „צור קריטיק דער פאליטישען עקאנאמיע", ז. 140 ביז 146 און ז. 150. דזשאהן סטוּארט מילל, מיט זיין געוועהנליכער

נאציאנאלע ספערען פון דער סחורה־צירקולאציע און זייער אלגע־מיינער ספערע פון וועלט־מארק.

גאלד־מטבעות און גאלד אין שטיקער אונטערשיידען זיך לכתחילה נאר דורך זייער געשטאלט, און גאלד קאן שטענדיג פער־וואנדעלט ווערן פון איין פארם אין דער אנדערער.[81] דער וועג

---

עקלעקטישער לאגיק, קעהרט זיך איין צו האלטען זיין פאטער'ס, דזשיימס מילל'ס מיינונג און אין דערזעלבער צייט אויך די געגענגעזעצטע מיינונג. ווען מען פערגלייכט דעם טעקסט פון זיין בוך „פרינסיפלס אוו פאליטיקאל עקאנאמי" מיט דער פאררעדע (צו דער ערשטער אויסגאבע), וואו ער שטעלט זיך אליין ארויס פאר דעם אדאם סמיטה פון זיין צייט, ווייס מען ניט וואס צו בעוואונדערן מעהר, די נאאיוויטעט פון דעם מענשען אדער פון דעם פובליקום, וואס האט איהם געגלויבט אויף נאמנות און איהם טאקע געהאלטען פאר אן אדאם סמיטה, צו וועמען ער קאן זיך אזוי פערגלייכען, ווי למשל גענעראל וויליאמס פון קארס צו דעם הערצאג פון וועלינגטאן. די אריגינעלע פארשונגען פון העררן דזשאהן סטוארט מילל אויף דעם געביט פון פאליטישער עקאנאמיע, וועלכע זיינען ניט רייך, ניט אין אומפאנג, ניט אין אינהאלט, קאן מען געפינען אויסגעשטעלט אלעם מיט אנאנדער אין זיין קליין ביכעל „סאם אונסעטלד קוועסטיאנס אוו פאליטיקאל עקאנאמי", וואס איז ערשיענען אין 1844. לאק זאגט זיך דירעקט ארויס וועגען דעם צוזאמענהאנג צווישען דער ווערטהלאזיגקייט פון גאלד און זילבער און דער בעשטימונג פון זייער ווערטה דורך דער קוואנטיטעט. „אזוי ווי מען איז געקומען צו אן איינשטימונג אריינצולעגען אן איינגעבילדעטען ווערטה אין גאלד און זילבער... איז דער אינערליכער ווערטה, וואס ווערט בעטראכט אין די דאזיגע מעטאלען, מעהר גארנישט אחוץ זייער קוואנטיטעט." („סאם קאנסידערייזשאנס אן דהי קאנסעקווענסעס אוו דהי לאוערינג אוו אינטע־רעסט" 1691, ווערק, אויסגאבע 1777, ב. II., ז. 15.)

[81] עם פערשטעהט זיך, אז עס ליעגט ניט אין מיין צוועק צו בעהאנדלען אזוינע פרטים ווי די אבצאהלונגען פאר אויסשלאגען מטבעות א.ד.ג. אנט־קעגען דעם ראמאנטישען טעלער־לעקער אדאם מיללער אבער, וועלכער בעוואונדערט די „גרויסארטיגע ליבעראליטעט", מיט וועלכער „די ענגלישע רעגירונג שלאגט אויס מטבעות אונענטגעלטליך" איז גענוג צו ברענגען דעם פאלגענדען אורטייל פון סער דודלעי נארטה:—„זילבער און גאלד האבען פונקט ווי אנדערע סחורות זייער עבע און פלוט. ווען עס קומען אן מאסען זילבער און גאלד פון שפאניען... ווערן זיי געבראכט אין דעם טאוער און אויסגעשלאגען אין מטבעות. א קורצע צייט דערנאך קומט פאר, אז מען דארף האבען גאלד און זילבער אין שטיקער פאר די צוועקען פון עקספארט. וויבאלד אבער אז קיין שטיקער זיינען ניטא, נאר עס איז איינגאנצען אויסגעשלאגען געווארן, איז וואס טהוט מען? מען פוז דאס ווידער צושמעלצען. דער אייגענטימער ליידט דערביי ניט קיין שאדען, ווארים די אויסשלאגונג קאסט איהם גארנישט. דאס פאלק אבער האט דערביי

פון דער מינט [דער אָרט וואו די מטבעות ווערן אויסגעגאָסען] איז אָבער אין דערזעלבער צייט דער גאַנג צום שמעלץ־טיגעל. דען אין זייער אומלויף רייבען זיך די געלד־מטבעות אָב, איינינע מעהר, אַנדערע וועניגער. דער גאָלד־טיטעל און די גאָלד־סובסטאַנץ, דער נאָמינעלער אינהאַלט און דער רעאַלער אינהאַלט הויבען אָן זייער פּראָצעס פון צושיידונג. גאָלד־מטבעות פון דעמזעלבען נאָמען ווערן פערשיידען אין זייער ווערטה, ווייל זיי זיינען ניט גלייך אין געוויכט. דאָס גאָלד אַלס צירקולאַציאָנס־מיטעל וויכט אָב פון דעם גאָלד אַלס מאָסשטאַב פון די פּרייזען און הערט דערמיט אויך אויף צו זיין אַ ווירקליכער עקוויוואַלענט פון די סחורות, ווען פּרייזען ער רעאַליזירט. די געשיכטע פון די מינצען פון מיטעל־אַלטער און פון דער נייער צייט ביז אין דעם 18טען י.ה. אַריין איז די געשיכטע פון אָט אַזוינע פערווירונגען. די נאַטירליכע טענדענץ פון דעם צירקולאַציאָנס־פּראָצעס צו פערוואַנדלען דעם גאָלד־עצם פון דער מטבע אין אַ גאָלד־דמיון, ד.ה. מאַכען פון די מטבעות בלויז אַ סימבאָל פון דעם אָפיציעלען מעטאַל־געוויכט, וואָס זיי דאַרפען ענטהאַלטען, איז אַפילו אָנדערקענט דורך די מאָדערנסטע געזעצען בנוגע דעם ערך פון מעטאַל־פערלוסט, וואָס מאַכט אַ גאָלד־מטבע פערלירן איהר קורס אָדער ווערן דעמאָנעטיזירט.

אויב דער געלד־אומלויף גופא טיילט אָב דעם רעאַלען אינ־האַלט פון דער מטבע פון איהר נאָמינעלען אינהאַלט—איהר עקזיסטענץ אַלס מעטאַל פון איהר פונקציאָנעלער עקזיסטענץ—האַלט ער דערמיט שוין אין זיך פערבאָרגען די מעגליכקייט צו פערבייטען דאָס מעטאַל־געלד אין זיין פונקציע פון מטבעות דורך צייכענס פון אַ וועלכען עס איז אַנדער מאַטעריאַל אָדער פּשוט דורך סימ־באָלען. די טעכנישע שוועריגקייטען אויצוגיסען מטבעות פון גאַנץ קליינע געוויכט־טיילען פון גאָלד אָדער זילבער, און דער אומשטאַנד

א היזק, ווארים עס מוז דאך בעצאהלען פאר דער אומזיסטער ארבייט—[בדרך מליצה:] פאר דעם פלעכטען פון שטרוי, וואס מען גיט דערנאך די עזלען צו פרעסען. ווען דער סוחר וואלט געדארפט בעצאהלען פאר'ן אויסשלאגען אין מטבעות (נארטה איז אליין געווען איינער פון די גרעסטע סוחרים אין טשארלס דעם צווייטען'ס צייט), וואלט ער ניט געשיקט זיין זילבער אין טאוער אהן א גוטען גרונד, און געמינצט געלד וואלט שטענדיג געהאט א העכערן ווערט איידער זילבער אין שטיקער." (נארטה, „דיסקארסעס אפאן טרייד", לאנדאן, 1691, ז. 18.)

וואָס אין אָנפאנג האָבען די נידעריגערע מעטאַלען געדיענט אַנ־שטאט די איידעלערע—זילבער אָנשטאָט גאָלד, קופער אָנשטאָט זילבער— פאר אַ מאָס פון ווערטהען און האָבען צירקולירט אַלס געלד אין דער צייט ווען דער עדעלער מעטאַל האָט זיי אַרונטער־געזעצט פון ביינקעל, דערקלערן היסטאָריש די ראָליע, וואָס קופער־און זילבער־צייכענס פערנעהמען דעם פּלאַץ פון די גאָלד־מטבעות. זיי פערנעהמען דעם פּלאַץ פון גאָלד אין די קרייזען פון סחורה־צירקולאַציע. וואו די מטבעות צירקולירען אַם שנעלסטען און נוצען זיך דעריבער אָב אַם שנעלסטען, ד.ה. וואו די קניות און מכירות ווידערהאָלען זיך אָהן אַן אויפהער אין די קלענסטע מאַסשטאַבען. כדי צו שטערן די דאָזיגע חברים זיי זאָלען זיך ניט איינזעצען פעסט אויף דעם אָרט פונ׳ם גאָלד גופא, ווערן געזעצליך בעשטימט די זעהר נידעריגע פּראָפּאָרציעס, אין וועלכע זיי מוזען אָנגענומען ווערן אין צאָהלונגען אָנשטאָט גאָלד. די קליין־געלד בעווייזט זיך נעבען דעם גאָלד אויף צו צאָהלען נאָך קלענערע טיילען איידער די קלענסטע גאָלד־מטבע; דאָס גאָלד קומט שטענדיג אריין אין דער העקער (ריטייל)־צירקולאַציע, עס ווערט אָבער פונקט אזוי שטענדיג אַרויסגעוואָרפען פון דאָרטען דורכדעם וואָס עס ווערט אויסגע־וועקסעלט אויף קליין־געלד. 82

---

82 „ווען דאָס זילבער־געלד שטייגט ניט אַריבער די סומע, וואָס איז נויטיג פאר די קלענערע צאָהלונגען, קאָן עס זיך ניט אָנקלייבען אין אַזוינע סומען, וואָס זאָל זיין גענוג פאר די גרויסע אָבצאָהלונגען... דער געברויך פון גאָלד פאר די גרויסע צאָהלונגען שליסט נויטיגערווייז אויך איין זיין געברויך אין דעם העקער־האַנדעל. די בעזיצער פון גאָלד־מטבעות בעצאָהלען מיט זיי אויך פאר די קלענערע קניות און בעקומען צוזאַמען מיט דער געקויפטער סחורה דעם אויסגאָב פון פּרייז צוריק אין זילבער. אויף דעם אופן ווערט דער העקער־האַנדעל לויז פון איבעריגע זילבער, וואָס וואָלט איהם געמאַכט שווער, און עס ווערט צוריק אַריינגעגעבען אין דער אַלגעמיינער צירקולאַציע. ווען אָבער עס איז פאראַן אַזויפיעל זילבער, אַז עס לאָזט זיך סלוק׳ן די קליינע צאָהלונגען ניט בענוצענדיג קיין גאָלד, בעקומט דער העקער־האַנדעל זילבער פאר זיינע קליינע פערקויפונגען, און אַזוי מוז זיך נויטיגערווייז ביי איהם אָנקלייבען אַ סך זילבער אויף די הענד". (דייוויד בוכאַנאַן, „ענקווירי איִנטו די טאַקסיישאַן אַנד קאָמער־שיאַל פּאָליסי און גרייט בריטיין", עדינבורג, 1844, ז. 248, 249.)

דאָס געוויכט פון'ם מעטאַל אין די זילבער־ אָדער קופּער־צייכענס בעשטימט דאָס געזעץ ווי עס וויל. אין אומלויף ווערן זיי נאָך שנעלער אָבגענוצט ווי די גאָלד־מטבעות. זייער פונקציע אַלס מטבעות ווערט דעריבער פּאַקטיש אינגאַנצען אונאָבהענגיג פון זייער געוויכט, ד. ה. פון יעדען ווערטה. דער מטבע־קיום פון גאָלד טיילט זיך פאָלשטענדיג אָב פון זיין עצם־ווערטה. זאַכען וואָס האָבען פערהעלטניסמעסיג גאָר קיין ווערטה ניט, דהינו פּאַפּיער־צעטלעך, קאָנען אָט אַזוי פונקציאָנירען אָנשטאָט איהם אַלס מטבעות. אין די מעטאַלישע געלד־צייכענס איז נאָך דער ריין־סימבאָלישער כאַראַקטער אייניגערמאַסען פערדעקט. אין דעם פּאַפּיער־געלד טרעט ער ארויס פון אויבען־אויף. ווי מען זעהט, איז נאָר דער ערשטער טריט שווער.

מיר האָבען דאָ אין אויג נאָר די שטאַאַטס־פּאַפּיער געלד מיט אַ געצוואונגענעם קורס. דאָס וואַקסט ארויס דירעקט פון דער מעטאַלישער צירקולאַציע. פערקעהרט, קרעדיט־געלד שטעלט פאָר אַזוינע פערהעלטעניסען, וועלכע זיינען פאַר אונז דערווייל, פון שטאַנדפּונקט פון דער איינפאַכער סחורה־צירקולאַציע, נאָך אינגאַנצען אונבעקאַנט. מען קאָן אָבער פערבייגעהענדיג דאָ בעמערקען, אַז אַזוי ווי דאָס אייגענטליכע פּאַפּיער־געלד שטאַמט אָב פון דער פונקציע פון געלד אַלס צירקולאַציאָנס־מיטעל, אַזוי שטעקט דער נאַטירליכער וואָרצעל פון קרעדיט־געלד אין דער פונקציע פון געלד אַלס צאָהלונגס־מיטעל.[83]

---

83 דער פינאַנץ־מאַנדאַרין וואַן־מאַאַ־אין האָט זיך ערלויבט דערלאַנגען דעם זון פון הימעל אַ פּראָיעקט, וועלכער האָט געהאַט דעם ציעל צו פערוואַנדלען אין אַ פערמאַסקירטער פאָרם די כינעזישע רייך־אַסיגנאַציעס אין אומגאַנגבאַרע באַנקנאָטען. אין דעם בעריכט פון דעם אַסיגנאַטען־קאָמיטעט פון אַפּריל 1854 קריגט ער געוואַשען דעם קאָפּ ווי עס דאַרף צו זיין. צי ער האָט אויך געקריגען די נויטיגע בעאַרבייטונג מיט די באַמבו־שטעקענער ווערט ניט געמעלדעט. „דער קאָמיטעט“, ווערט געזאָגט צום סוף פון בעריכט, „האָט זיין פּראָיעקט אויפמערזאַם בעטראַכט און געפינט, אַז אַלץ איז אין איהם לטובת פון די סוחרים און גאָרנישט לטובת פון דער מלוכה“. (די אַרבייטען פון דער קייזערליך־רוסישען געזאַנדשאַפט צו פּעקינג איבער כינאַ. אויס'ן רוסישען איבערזעצט פון דר. ק. אַבעל און פ. אַ. מעקלענבורג. בערלין 1858, ב' 1, ז: 47,) וועגען דער שטענדיגער מעטאַל־פערלוסט פון די גאָלד־מטבעות דורך זייער אומלויף זאָגט אַ „גאָווערנאָר“ פון דער באַנק און ענגלאַנד, אַלס עדות פאַר אַ קאָמיטעט

פאַפּיער־צעטלעך, אויף וועלכע עס איז אויפגעדרוקט די געלד־נעמען 1 פונט סט., 5 פונט סט. א.אַז.וו. ווערן פון דרויסען אַריינ־געוואָרפען אין דעם צירקולאַציאָנס־פּראָצעס דורך דעם שטאַאַט. אזוי ווייט ווי זיי פערנעהמען ווירקליך דעם פּלאַץ פון א גלייכער גאָלד־סומע, שפּיעגלען זיך אָב אין זייער בעוועגונג נישט מעהר ווי די געזעצען פון דער געלד־צירקולאַציע גופא. א ספּעציפישער געזעץ פון דער פּאַפּיער־געלד־צירקולאַציע קאָן ארויסוואַקסען בלויז פון דער פּראָפּאָרציע, אין וועלכער דאָס פּאַפּיער־געלד פערטרעט גאָלד. און אזא געזעץ איז פּשוט אָט דער: די אויסגאַבע פון פּאַפּיער־געלד דאַרף זיין בעשרענקט אויף אזא סומע, אין וועלכער דאָס גאָלד (אָדער זילבער), וואָס פּאַפּיער שטעלט סימבאָליש פאָר, וואָלט ווירקליך געמוזט צירקולירן. אמת, דער סכום גאָלד, וועלכען די ספערע פון דער צירקולאַציע קאָן איינזויגען אין זיך, שוואַנקט כסדר, אמאָל אַריבער און אמאָל אַרונטער א געוויסען דורכשניט־גראַד. פונדעסטוועגען פאַלט די מאַסע פון דעם צירקולירענדען מיטעל קיינמאָל ניט אונטער א געוויסען מינימום, וואָס ווערט פעסטגעשטעלט דורך ערפאַהרונג, אין יעדען געגעבענעם לאַנד. דער פאַקט, וואָס אָט די מינימאַל־מאַסע בייט כסדר איהרע בע־שטאַנד־טיילען, ד. ה. וואָס זי בעשטעהט פון שטענדיג אַנדערע מטבעות, ענדערט נאַטירליך גאָרנישט אין פרט פון איהר אומפאַנג אָדער אין דער בעשטענדיגקייט פון איהר אומלויף אין דער צירקולאַציאָנס־ספערע. איהר פּלאַץ קאָן דעריבער פערנומען ווערן דורך פּאַפּיער־סימבאָלען. פון דער אַנדער זייט ווידער, אויב אַלע קאַנאַלען פון דער צירקולאַציע וואָלטען היינט אָנגעפילט געוואָרן מיט פּאַפּיער־געלד אויף וויפיעל זיי קאָנען נאָר אין זיך אריינזויגען, וואָלטען זיי געקאָנט מאָרגען זיין איבערפול אַלס א פאָלגע פון די שוואַנקונגען אין דער צירקולאַציע פון סחורות. חעס וואָלט דאַן פערלאָרען געגאַנגען יעדע מאָס. ווען דאָס פּאַפּיער־

---

פון דעם „הײַז אָוו לאָרדס" (באַנק־געזעצן) ווי פאָלגט: יעדעס יאָהר ווערט א פרישער קלאַס פון סאָווערענען (נישט אין פּאָליטישען זין, נאָר אין דער בעדייטונג פון „סאָווערין", דער נאָמען פון א פונט סטערלינג) צו לייכט־דער קלאַס, וואָס געהט דורך זיין יאָהר ווי א פולגעוויכטיגער, פערלירט אזוי פיעל דורך אָבנוצונג, אז דעם נעקסטען יאָהר בויגט זיך ארונטער די וואָגשאָל אנטקעגען איהם." (הויז אָוו לאָרדס ק. מיטע, 184, נ. 429).

גאלד טרעט אבער אריבער זיין מאס, ד.ה. די סומע פון גאלד־מטבעות פון דיזעלבע נעמען, וועלכע וואלט געקאנט צירקולירן, דאן וואלט עס פארגעשטעלט אין דער סחורה־וועלט—אבגעזעהן פון דער געפאהר פון אן אלגעמיינער דיסקרעדיטירונג—אלץ ניט מעהר איידער אזא סומע גאלד, וואס איז בעשטימט לויט די אי־מאנענטע געזעצען פון דער דאזיגער סחורה־וועלט, אלזא נאר אזוי־פיעל, וויפיעל עס קאן רעפרעזענטירט ווערן דורך פאפיער־געלד. אויב די מאסע פאפיער־צעטלעך וואלט צ.ב.ש. פארגעשטעלט אין נאמען 2 אונצען גאלד, ווען אין דער ווירקליכקייט פערנעהמט זי דעם פלאץ בלויז פון 1 אונץ, דאן וואלט פאקטיש 1 פונט סט. געווארן דער געלד־נאמען, לאמיר זאגען אן ערך פון ⅛ אונץ אנ־שטאט פון ¼ אונץ גאלד. די ווירקונג איז דיזעלביגע ווי ווען עס וואלט געווארן א פערענדערונג אין דער פונקציע פון גאלד אלס א מאס פון פרייזען. דיזעלבע ווערטהען, וועלכע האבען זיך פריהער אויסגעדרוקט אין דעם פרייז פון 1 פונט סט., וואלטען זיך איצטער אויסגעדריקט אין דעם פרייז פון 2 פונט סטערלינג.

פאפיער־געלד איז א גאלד־צייכען אדער געלד־צייכען. זיין שייכות צו די ווערטהען פון סחורות בעשטעהט נאר דעריין, וואס זיי זיינען אויסגעדריקט אין דיזעלביגע גאלד־סומען, וועלכע ווערן סימבאליש פארגעשטעלט בחוש דורך דעם פאפיער. נאר אזוי ווייט ווי דאס פאפיער־געלד רעפרעזענטירט סכום'ען גאלד, וועלכע ענטהאלטען ווערטה ווי אלע אנדערע סחורות, איז עס א צייכען פון ווערטה.[84]

---

[84] ווי אונקלאר אפילו די בעסטע שרייבער וועגען דעם ענין געלד פאסען אויף די פערשיידענע פונקציעס פון געלד, בעווייזט צום ביישפיעל די פאלגענדע שטעלע ביי פוללארטאן: „אויף וויפיעל עס איז שייך דעם אינלאנדישען פער־קעהר, קאנען אלע געלד־פונקציעס, וועלכע ווערן ערפילט בדרך כלל דורך גאלד־און זילבער מטבעות, מיט דערזעלביגער ווירקזאמקייט ערפילט ווערן דורך דעם אומלויף פון ניט־איינקאסירבארע נאטען, וועלכע האבען ניט קיין אנדער ווערטה אחוץ דעם קינסטליך־געמאכטע: און קאנווענציאנעלען ווערטה, וואס דאס געזעץ גיט זיי. דאס איז א פאקט, וועלכער קאן נאך מיין מיינונג ניט אבגעלייקענט ווערן. אזא מין ווערטה וואלט געקאנט זיין גענוג פאר אלע בעדערפעענישען, וועלכע ווערן היינט בעזארגט דורך פול־ווערטהיגע מטבעות; נאך מעהר, ער וואלט אפילו געקאנט איבערנעהמען די פונקציע פון א מאסשטאב פון ווערטהען און פרייזען, ווען די סומע פון אזוינע נאטען־אויסגאבעס וואלט געהאלטען געווארן

עס פרעגט זיך סוף כל סוף, פאַרוואָס קאָן דער פּלאַץ פון גאָלד פערנומען ווערן דורך בלויזע צייכענס פון איהם אַליין, וועלכע האָבען קיין ווערטה ניט? ווי מיר האָבען אָבער געזעהן, קאָן זיין פּלאַץ אַזוי פערנומען ווערן נאָר אויף וויפיעל עס ווערט אָבגעזונדערט און פערזעלבשטענדיגט אין זיין פונקציע צו דיענען אַלס געלד־מטבעות אָדער אַלס מיטעל פון צירקולאַציע. יאָ, די פערזעלבשטענדיגונג פון דער דאָזיגער פונקציע קומט טאַקע ניט פאַר בנוגע די איינצעלנע גאָלד־מטבעות, הגם זי בעווייזט זיך אין דעם ווייטער־צירקולירען פון די אָבגעריבענע גאָלד־שטיקער. בלויזע מטבעות אָדער צירקולאַציאָנס־מיטלען זיינען די גאָלד־שטיקער נאָר דאַן, כל זמן זיי געפינען זיך ווירקליך אין אומלויף. אָבער דאָס, וואָס גילט ניט פאַר די איינצעלנע גאָלד־מטבעות, גילט פאַר דער מינימאַל־סומע גאָלד, וואָס איהר פּלאַץ קאָן פערנומען ווערן פון פּאַפּיער־געלד. זי געפינט זיך שטענדיג אין דער צירקולאַציאָנס־ספערע, זי פונקציאָנירט נאָכאַנאַנד אַלס טרעגער פון דער דאָזיגער פונקציע. איהר בעוועגונג שטעלט דעריבער נאָר פאָר די שטענ־דיגע ענדערונגען איינע אויף אַנדערע פון די אַנטקעגענגעזעצטע פּראָצעסען פון דער סחורה־מעטאַמאָרפאָזע ס—ג—ס, אין וועלכער איהר ווערטה־געשטאַלט [די געלד־פאָרם] טרעט אַרויס געגענאיבער דער סחורה, כדי צו פערשווינדען גלייך ווידער. די זעלבשטענ־דיגע פאָרשטעלונג פון דעם טויש־ווערטה פון דער סחורה איז דאָ נישט מעהר ווי אַן איבערגעהענדער מאָמענט. באַלד ווערט איהר פּלאַץ פערנומען ווידער פון אַנאַנדער סחורה. דעריבער, איז די בלויז סימבאָלישע עקזיסטענץ פון געלד אויך גענוג אין אַ פּראָצעס, וועלכער דערווייטערט שטענדיג דאָס געלד פון איין האַנד אין דער אַנדערער. זיין פונקציאָנעלער קיום פערשלינגט אַזוי צו זאָגען זיין מאַטעריעלען קיום. אַזוי ווי דאָס געלד איז אַ פערשווינדענדע אָביעקטיווירטע אָבשפּיעגלונג פון די סחורה־פּרייזען, פונקציאָנירט

---

אין די געהעריגע ב... (פוללאַרטאָן, „רעגולייש[אָ]ן אָוו קורענסיעס“, 2טע אויפלאַגע, לאָנדאָן 1845 ... 24). אַלזאָ, ווייבאַלד דער פּלאַץ פון דער געלד־סחורה קאָן פערנומען ווערן אין דער צירקולאַציע דורך בלויזע ווערטה־צייכענס, דאַרף מען זי גאַרניט האָבען פאַר אַ מאָס פון ווערטהען ... אַ מאַסשטאַב פון פּרייזען!

עס נאָר ווי א צייכען פון זיך אליין און קאָן דעריבער אויך פער־ביטען ווערן דורך צייכענס.[85] דער צייכען פון געלד מוז אָבער האָבען זיין אייגענע אָביעקטיוו־געזעלשאפטליכע גילטיגקייט, און דאָס בעקומט טאקע דער פּאַפּיער־סימבאָל דורך דעם צוואַנג־קורס. אָט דער שטאַאט־צוואַנג גילט נאָר אין דער אינערער ספערע פון דער צירקולאַציע, וואָס געפינט זיך אין די גרעניצען פון דער מלוכה, אָבער אויך נאָר דאָ לעזט זיך דאָס געלד פאָלשטענדיג אויף אין זיין פונקציע אלס צירקולאַציאָנס־מיטעל אָדער מטבעות, און פאָלגליך קאָן עס בעקומען אין דעם פּאַפּיער־געלד אַן אופן פון עקזיסטענץ, וואָס איז אויסערליך אָבגעזונדערט פון זיין מעטאַל־סובסטאַנץ און איז בלויז פונקציאָנעל.

## 3. געלד.

ביז אהער האָבען מיר בעטראַכט דעם עדלען מעטאַל אין זיין טאָפּעלטער אייגענשאַפט—אלס ווערטה־מאָס און אלס צירקו־לאַציאָנס־מיטעל. די ערשטע פונקציע ערפילט ער אלס אידעעלעס, פאָרגעשטעלטעס געלד, אין דער צווייטער קאָן ער פערביטען ווערן דורך געלד־צייכענס. עס זיינען אָבער פאַראַן פונקציעס, אין וועלכע ער מוז ערשיינען אין זיין גאָלדענער (אָדער זילבערנער) קערפּער־ליכקייט, פאָלגליך אלס געלד־סחורה—הייסט עס, ניט בלויז אי־דעעל, ווי אין דער ווערטה־מאָס, און אויך ניט פערטרעטונגס־פעהיג, ווי אין דעם צירקולאַציאָנס־מיטעל. פון דער אנדער זייט איז

---

85 דערפון, וואָס גאָלד און זילבער אלס מטבעות, אָדער אין דער אויסשליס־ליכער פונקציע אלס צירקולאַציאָנס־מיטלען, ווערן צייכענס פון זיך אליין, פיהרט ניקאָלאָס בּאַרבּאָן ארויס דאָס רעכט פון די רעגירונגען „טו רייז מאָני" [צו העכערן דעם ווערטה פון מטבעות], ד.ה. צום ביישפּיעל, א סכום זילבער, וואָס האָט געהייסען א גראָשען, צו געבען דעם נאָמען פון א גרעסערן סכום זילבער, ווי א טאָלער, און אויף דעם אופן צאָהלען די קרעדיטאָרען גראָשענס אנשטאָט טאָלערס. „געלד נוצט זיך אָב און ווערט לייכטער, ווען עס געהט דורך א סך הענד ... ביים האנדעל קוקט מען אויף דעם נאָמען, וואָס איז אויסגעשלאָגען אויף דער מטבע, ניט אויף דעם געוויכט פון זילבער.... די אויטאָריטעט פון דער רעגירונג איז עס, וואָס מאַכט דאָס שטיק מעטאַל צו זיין געלד." (נ. בּאַרבּאָן, „א דיסקאָרס און קאָינינג דהי ניו מאָני לייטער עטצ.", לאָנדאָן, 1696, זז. 29, 30, 45.)

פאַראַן איין פונקציע, וועלכע ער קאָן דורכפיהרן ענטוועדער אין זיין אייגענער פּערזאָן, אָדער דורך שטעל־פערטרעטער, און דאָס איז—וואו ער טרעט ארויס קעגענאיבער אַלע אַנדערע סחורות אין זייער פאָרם פון בלויז געברויך־ווערטהען אַלס די איינציגע געטרייע (אַדעקוואַטע) עקזיסטענץ־פאָרם פון זייער טויש־ווערטה, אָדער אַלס די איינציגע ווערטה־געשטאַלט. אין אָט די אַלע פעלען זאָגען מיר, אַז ער פונקציאָנירט אַלס געלד אין דעם אייגענטליכען זין, אין גע־גענזאַץ צו זיינע פונקציעס אַלס ווערטה־מאָס און אַלס מטבעות.

## א) קלייבען אוצרות.

דער אונאויפהערליכער קרייז־לויף פון די צוויי אנטקעגענגע־זעצטע סחורה־מעטאַמאָרפאָזען, אָדער דער שטענדיגער אומבייט פון פער־קויף און קויף, ווייזט זיך ארויס אין דעם רוהלאָזען אומלויף פון געלד, אָדער אין זיין פונקציע צו זיין דער „פּערפּעטואום מאָ־בילע” [אייביג־ווירקענדער מעכאַניזם] פון דער צירקולאַציע. ווי־באַלד אָבער די מעטאַמאָרפאָזען־רייהע ווערט אָבגעשטעלט, וויבאַלד נאָר דער פערקויף ווערט ניט ערגענצט דורך אַ דערנאָך־קומענדען קויף, ווערט דאָס געלד איממאָביליזירט אָדער פערוואַנדעלט זיך, ווי בואַגילבער זאָגט, פון אַ בעוועגליכען אין אַ אונבעוועגליכען, פון מטבעות אין געלד.

שוין גלייך מיט דער ערשטער ענטוויקלונג פון דער סחורה־צירקולאַציע ענטוויקעלט זיך די נויטווענדיגקייט און די לייד־נשאַפט פעסט צו האַלטען דעם פּראָדוקט פון דער ערשטער מעטאַ־מאָרפאָזע [דאָס געלד], די פערוואַנדעלטע געשטאַלט פון דער סחורה אָדער איהר גאָלד־פּופּע.[86] סחורה ווערט פערקויפט, ניט כדי צו קויפען סחורה, נאָר כדי צו פערבייטען די סחורה־פאָרם אויף דער געלד־פאָרם. פון בלויז אַ פערמיטלונג פאַר דעם איבער־בייט פון שטאָפען ווערט דער דאָזיגער פאָרם־איבערבייט אַ צוועק

[86] „רייכטום אין געלד איז קיין אנדער זאך ניט... ווי נאָר רייכטום אין פּראָדוקטען, וועלכע זיינען פערוואַנדעלט געוואָרן אין געלד.” (מערסיע דע לא ריוויע, 1טער טייל, ז. 557.) „אַ ווערטה־סומע וואָס איז אויסגעדריקט אין פּראָדוקטען, האָט נאָר געביטען די פאָרם.” (דאָרט גופא, ז. 486.)

פאַר זיך. די פערפרעמדעטע געשטאַלט פון דער סחורה ווערט געשטערט צו פונקציאָנירן ווי איהר אַבסאָלוט פערפרעמדליכע גע־שטאַלט אָדער ווי איהר בלויז־פערשווינדענדע געלד־פאָרם. דאָס געלד ווערט דערמיט פערשטיינערט אין אַן אָוצר, און דער סחורה־פערקויפער ווערט אַן אוצר־קלייבער.

גראָד אין די אָנפאַנג־פעריאָדען פון דער סחורה־צירקולאַציע פערוואַנדעלט זיך נאָר דער איבערפלוס פון געברויך־ווערטהען אין געלד. גאָלד און זילבער ווערן אַט אַזוי פון זיך אַליין די געזעל־שאַפטליכע אויסדרוקען פון דעם איבערפלוס אָדער פון רייכטום. אַט די נאַאיווע פאָרם פון אוצרות־קלייבען פעראייביגט זיך ביי פעלקער, וואו אַ פעסט־אָבגעשלאָסענער קרייז פון בעדערפענישען איז צוגעפאַסט צו דעם טראַדיציאָנעלען פראָדוקציאָנס־אופן, וואָס ארבייט נאָר פאַר׳ן זעלבסט־בעדאַרף. די צירקולאַציע איז קליין, די מענגע פון אוצרות איז גרויס. אַזוי איז עס ביי די אַזיאַטען, בעזונדערס ביי די אינדיער. וואַנדערלינט, וועלכער האָט זיך איינ־געבילדעט, אַז די סחורה־פרייזען אין אַ לאַנד זיינען בעשטימט דורך דער מאַסע פון גאָלד און זילבער, וואָס געפינט זיך אין יענעם לאַנד, פרעגט זיך, פאַרוואָס די אינדישע סחורות זיינען אַזוי וואָל־וועל? דער תירוץ איז, ווייל די אינדיער פערגראָבען דאָס געלד. פון 1602 ביז 1734, בעמערקט ער, האָבען זיי פערגראָבען 150 מיליאן פונט סט. זילבער, וועלכע זיינען אורשפּרינגליך געקומען נאָך אייראָפּאַ פון אַמעריקאַ.[87] פון 1856 ביז 1866, אין 10 יאָהר הייסט עס, האָט ענגלאַנד עקספּאָרטירט נאָך אינדיע און כינאַ (דער מעטאַל, וואָס ווערט עקספּאָרטירט אין כינאַ, פליעסט אין גרעסטען טייל ווידער אין אינדיע) 120 מיליאָן פונט סט. אין זילבער, וואָס איז פריהער אויסגעביטען געוואָרן אויף אַוסטראַליער גאָלד.

אין אַ מעהר ענטוויקעלטער פּראָדוקציאָן פון סחורות מוז יעדער סחורה־פּראָדוצירער זיך בעזאָרגען מיט דעם „נערוואוס רערום” [דעם נערוו פון אַלע זאַכען], דעם „געזעלשאַפטליכען

[87] „דורך אַט דעם אויפפיהר האַלטען זיי די פרייזען פון אַלע זייערע גיטער און סחורות אַזוי נידעריג.” (וואַנדערלינט, „מאַני אַנסוערס אלל טהינגס”, לאַנדאָן 1734, ז. 95—96.)

האנד־משכון". [88] זיינע בעדערפעגישען בענייען זיך אהן אן אויפ־הער און נויטען צו קויפען נאכאנאנד פרעמדע סחורה, בעת די פראדוקציאן און דער פערקויף פון זיין אייגענער סחורה קאסטען צייט און הענגען אב פון צופאלען. כדי צו קויפען, ניט פערקוי־פענדיג, מוז ער אפריהער האבען פערקויפט ניט קויפענדיג. אט די אפעראציע, ווען זי זאל אויסגעפיהרט ווערן אויף אן אלגעמיי־נעם מאסשטאב, זעהט אוים צו ווידערשפרעכען זיך אליין. די עדעלע מעטאלען אבער, אויפ'ן ארט וואו זיי ווערן פראדוצירט, טוישען זיך דירעקט אוים אויף אנדערע סחורות. עס קומט דא פאר א פערקויף (מצד די סחורה־בעזיצער) אהן א קויף (מצד די גאלד־ און זילבער־בעזיצער). [89] און די שפעטערדיגע מכירות, נאך וועלכע עס פאלגען ניט קיין קניות, פערמיטלען בלויז די וייטערע פערטיילונג פון די עדעלע מעטאלען צווישען אלע סחורה־בעזיצער. אט אזוי ענטשטעהען גאלד און זילבער אוצרות פון פערשיידענ־סטער גרוים אויף אלע פונקטען פון דעם פערקעהר. צוזאמען מיט דער מעגליכקייט פעסט צו האלטען די סחורה אלס טויש־ווערטה אדער דעם טויש־ווערטה אלס סחורה, דערוועקט זיך די תשוקה נאך גאלד. מיט דער פערברייטערונג פון דער סחורה־צירקולאציע וואקסט די מאכט פון דעם געלד, פון דער שטענדיג גרייטער, אב־סאלוט־געזעלשאפטליכער פארם פון רייכטום. „גאלד איז א וואונ־דערבארע זאך! דער וואס בעזיצט עס, איז דער הארר פון אלץ וואס ער וויל. דורך גאלד קאן מען אפילו די נשמות אריינקריגען אין גן עדן." (קאלומבוס, אין דעם בריעף פון יאמאיקא, אין יאהר 1503.)

אזוי ווי מען קאן אויפ'ן געלד ניט אנזעהן וואס עס איז אין איהם פערוואנדעלט געווארן, פערוואנדעלט זיך אלץ, סיי סחורה, סיי ניט קיין סחורה, אין געלד. אלץ לאזט זיך פערקויפען און קויפען. די צירקולאציע ווערט די גרויסע געזעלשאפטליכע מיש־

---

83 „געלד איז א משכון." (דזשאהן בעללערס, „עססייס אבאוט דהי פור עטצ.", לאנדאן 1699, ז. 13.)

89 א קניה אין דעם קאטעגארישען זין שליסט איין די השערה, אז גאלד און זילבער זיינען שוין די פערוואנדעלטע געשטאלט פון סחורות, אדער דער פראדוקט פון א פערקויף.

שיסעל, אין וועלכער אַלץ גיסט זיך אַריין, כדי ווידער אַרויסצו־קומען ווי אַ גאָלד־קריסטאַל. ניט אַמאָל די ביינער פון די הייליגע און נאָך ווייניקער די אייידעלערע הייליגטימער, וואָס שטייען מחוץ דעם מענשליכן האַנדעל, קענען זיך שטעלן אַנטקעגן דער דאָזיקער אַלכעמיע.[0] אַזוי ווי אין דעם געלד איז אויסגעלאָשען יעדער קוואַליטאַטיווער אונטערשייד פון סחורות, אַזוי לעשט אויס דאָס געלד פון זיין זייט, ווי אַ ראַדיקאַלער אויסגלייכער, אַלע אונטערשיידען.[19] דאָס געלד איז אָבער אַליין אַ סחורה, אַן אויסערליכע זאַך, וואָס קאָן ווערן יעדען איינעמס פּריוואַט אייגענטום. די געזעלשאַפטליכע מאַכט ווערט אויף דעם אופן אַ פּריוואַט־מאַכט פון אַ פּריוואַט־פּערזאָן. די פאַרצייטיגע געזעלשאַפט האָט עס דער־

90 הענריך דער 3טער, דער העכסט־קריסטליכער קעניג פון פראַנקרייך, האָט בערויבט די קלויסטערס א.ד.ג. פון זייערע רעליקוויען, כדי צו פערוואַנדלען זיי אין זילבער. מען וויס וואָס פאַר אַ ראָליע עס האָט געשפּיעלט אין דער גריכישער געשיכטע די בערויבונג פון די דעלפישע טעמפּעל־אוצרות דורך די פאָקעאַנער. די טעמפּלען האָבען ביי די אַלטע פעלקער געדיענט פאַר דעם וואוין־פּלאַץ פון דעם גאָט פון סחורות. זיי זיינען געווען „הייליגע באַנקען”. די פעניציער, אַ האַנדעלס־פאָלק פאַר עקסעלאַנץ, האָבען בעטראַכט דאָס געלד אַלס די איבערגעטראָגענע געשטאַלט פון אַלע זאַכען. עס איז דעריבער געווען גאַנץ נאַטירליך, וואָס די יונג־פרויען, וועלכע האָבען זיך איבערגעגעבען צו די פרעמדע אין די פייערטעג פון דער געטין פון ליעבע, האָבען געאָפּפערט צו דער געטין די געלד־שטיקער, וואָס זיי האָבען בעקומען אַלס זייער לוין.

91 גאָלד! געלב, פינקלענדיג, קאָסטבאַרעס גאָלד....
'זוי פיעל דערפון מאַכט שוואַרץ ווייס, העסליך שעהן,
שלעכט גוט, געמיין עדעל, פייג מוטהיג.
איהר געטער! פאַרוואָס? וואָרום אַזוי, אָה געטער?
עס וועט פון אייך דעם דיענער און דעם גלח רויב'ן,
די קיסן פון שטאַרקען מאַן'ס צוקאָפּען רייסען:
דער געלער שקלאַף, ער וועט
אמונות שאַפען און צערשטערן, דעם רשע בענשן,
פון קרעץ אַ ציערונג מאַכן, גנבים כבוד געבן,
געבוינגטע קניע, טיטולן און זעצן מיט סענאַטאָרן.
ס'איז ער, וואָס דער פערוועלקטער וויטווע ברייננגט אַ נייעם זיווג.
.... אָהער, פערדאַמטע ערד,
געמיינע הור פון מענשען־מין, דו
וואָס רייצט דעם האַס צווישען פעלקער־סטאַדעס....
(שעקספּיער, „טימאָן פון אַטהען”, אַקט 4, סצענע 3.)

ריבער אנגעקלאגט ווי א צושטערער פון איהר עקאנאמישער און מאראלער ארדנונג.[92] די מאדערנע געזעלשאפט, וועלכע האט שוין אין איהרע קינדער־יאהרען ארויסגעצויגען פלוטוס'ן [דעם גאט פון רייכטום] פאר די האאר פון די אינגעווייד פון דער ערד,[93] בעגריסט אין דעם גאלד־זאמד די גלענצענדע פערקערפערונג פון איהר סאמע אייגענעם לעבענס־פרינציפ.

די סחורה אלס געברויך־ווערטה בעפריעדיגט א בעזונדערע בעדערפעניש און מאכט אויס א בעזונדערן עלעמענט פון מאטעריעלען רייכטום. אבער דער ווערטה פון דער סחורה מעסט דעם גראד פון איהר אנציהונגס־קראפט פאר אלע עלעמענטען פון מאטעריעלען רייכטום, פאלגליך מעסט ער דעם געזעלשאפטליכען רייכטום פון איהר בעזיצער. פאר דעם בארבאריש־איינפאכען סחורה־בעזיצער, און אפילו פאר דעם מערב־אייראפעאישען פויער, שיידט זיך ניט אונטער דער ווערטה פון דער ווערטה־פארם: די פערמעהרונג פון דעם גאלד־ און זילבער־אוצר איז דעריבער פאר איהם א פערמעהרונג פון ווערטה. אמת, דער ווערטה פון געלד בייט זיך, זיי מחמת עס ענדערט זיך זיין אייגענער ווערטה, סיי צוליעב אן ענדערונג אין דעם ווערטה פון די סחורות. אבער דאס שטערט ניט פון איין זייט דעם פונקט, אז 200 אונצען גאלד זאל אלע ענטהאלטען מעהר ווערטה איידער 100 אונצען, 300 מעהר איידער 200 א.א.וו., און עס שטערט אויך ניט פון דער אנדער זייט, אז די מעטאלענע נאטוראל־פארם פון דער דאזיגער זאך זאל אלע בלייבען די אלגעמיינע עקוויוואלענט־פארם פון אלע סחורות און די דירעקטע געזעלשאפטליכע פערקערפערונג פון אלע מענשליכע ארבייטען. דער

[92] דען קיין ערגערע זאך ווי געלד איז
פון מענשען'ס גייסט ניט אויסגעקלערט געווארן.
שטעדט מאכט עס חרוב און פערטרייבט די מענשען
פון זייערע וואהנונגען. עס פערדרעהט דעם מענשען'ס שכל
מיט שלעכטע לעהרען, און דער גוטער טהוט נאך דעם רשע.
עס פערפיהרט די מענשען צו אל דאס בייז און מאכט זיי
בעקאנט מיט יעדער גאט־פערגעסענער טהאט.

(סאפאקלעס, אנטיגאנע, V, 295 ביז 301).

[93] „די גייציגקייט האפט צו קאנען פלוטוס'ן אליין ארויסציהען פון אינעווייניג פון דער ערד." (אטהענעאוס, דעיפנאס").

טריעב פון קלייבען אוצרות האָט לויט זיין נאַטור גאָר קיין מאָס ניט. קוואַליטאַטיוו אָדער לויט זיין פאָרם נאָך האָט דאָס געלד קיינע גרעניצען ניט, ד.ה. עס איז אַן אַלגעמיינער פערטרעטער פון מאַטעריעלען רייכטום, ווייל עס קאָן דירעקט אומגעביטען ווערן אויף יעדער אַנדער סחורה. אין דערזעלבער צייט אָבער איז יעדע ווירקליכע געלד־סומע קוואַנטיטאַטיוו בעשרענקט, און דעריבער האָט עס אַלס קויף־מיטעל נאָר אַ בעשרענקטע ווירקונג. אָט דער ווידער־שפּרוך צווישען דעם קוואַנטיטאַטיווען גרעניץ און דער קוואַליטאַטי־ווער גרעניצלאָזיגקייט פון געלד טרייבט דעם אוצר־קלייבער צו דער סיזיפוס־אַרבייט [די אַרבייט אָנצוהויבען ווידער פון דאָס ניי, ווי סיזיפוס מיט'ן שטיין, אַרויף און אַראָב באַרג] פון קלייבען און זאַמלען. עס געהט איהם ווי דעם וועלט־עראָבערער, וועלכער ער־אָבערט אַ נייע גרעניץ מיט יעדען לאַנד, וואָס ער נעהמט איין.

כדי איינצוהאַלטען דאָס גאָלד אַלס געלד און פאָלגליך אַלס עלעמענט פון אוצרות־זאַמלונג, טאָר מען עס ניט דערלאָזען צו צירקולירן אָדער אויפצולייזען זיך ווי אַ זאַך, מיט וואָס מען קאָן קויפען גענוסמיטלען. דער אוצרות־זאַמלער אָפּפערט דעריבער צום גאָלד־געץ די תאוות פון זיין גוף. ער נעהמט אָן אין ערנסט דאָס עוואַנגעליום פון אָבזאָגען זיך. פון דער אַנדער זייט קאָן ער פון דער צירקולאַציע אָבציהען אין געלד נאָר דאָס, וואָס ער גיט איהר אין סחורה. וואָס מעהר ער פּראָדוצירט, אַלץ מעהר קאָן ער פער־קויפען. אַרבייטזאַמקייט, שפּאָרזאַמקייט און גייציגקייט זיינען דעריבער זיינע הויפּט מעשים טובים, פיעל פערקויפען, ווייניג קויפען—דער סך הכל פון זיין פּאָליטישער עקאָנאָמיע.[94]

געבען דער דירעקטער גראָבער פאָרם פון גאָלד־אוצר קומט פאָר זיין עסטעטישע פאָרם—דער בעזיץ פון גאָלד־ און זילבער־סחורות. דער דאָזיגער בעזיץ וואַקסט מיט דעם רייכטום פון דער בירגערליכער געזעלשאַפט. „זיינען מיר רייך אָדער שיינען מיר

---

94 „די צאָהל פון די פערקויפער פון יעדער סחורה ווי ווייט מעגליך צו פערגרעסערן, די צאָהל קויפער ווי ווייט מעגליך צו פערקלענערן—דאָס זיינען די קרוקעס, אַרום וועלכע עס דרעהען זיך אַלע תקנות פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע.” (וועררי, „מעדיטאַציאָני סוללאַ עקאָנאָמיקאַ פּאָליטיקאַ” פּאַרטאַ מאָדערנאַ, ב. 15, ז. 52).

רייך" (דידראַ). אויף דעם אופן ענטוויקעלט זיך פון איין זייט אַ שטענדיג־פערגרעסערטער מארק פאר גאָלד און זילבער, אונאָבהענגיק פון זייערע געלד־פונקציעס, און פון דער אנדער זייט בעהאַלטענער קוואַל פון געלד, פון וועלכען מען שעפט דערהויפּט אין געזעלשאפטליכע שטורם־פעריאָדען.

די אוצרות־זאמלונג ערפילט פערשיידענע פונקציעס אין דער עקאָנאָמיע פון דער מעטאַלישער צירקולאַציע. די נעהענטסטע פונקציע נעהמט זיך פון די בעדינגונגען, אונטער וועלכע דער אומלויף פון גאָלד־ און זילבער־מטבעות איז אונטערוואָרפען. מיר האָבען געזעהן, ווי צוזאמען מיט די שוואנקונגען אין אומפאַנג, פרייזען און געשווינדקייט פון דער סחורה־צירקולאַציע, קומט צו און פאַלט אָב אָהן אָן אויפהער די אומלויף־מאַסע פונ'ם געלד. די דאָזיגע מאַסע מוז דעריבער זיין ביכולת זיך צונויפציהען און אויסשפרייטען. אין איין צייט מוז דאָס געלד אין דער פאָרם פון מטבעות צוגעצויגען ווערן און אריינגעטרעטען אין דער צירקולאַציע, אין אנאנדער צייט מוזען די מטבעות אַלס געלד אָבגעשטויסען ווערן און ארויסטרעטען פון דער צירקולאַציע. כדי די געלד־מאַסע, וואָס איז אין ווירקליכען אומלויף, זאָל קאָנען ביז צו זאַט אָנפילען די ספערע פון דער צירקולאַציע, מוז דער סכום פון גאָלד און זילבער אין לאַנד זיין גרעסער איידער די סומע, וואָס איז פערנומען אין דער פונקציע פון מטבעות. אָט דער תנאי ווערט דערפילט דורך דעם אוצר־פאָרם פון דעם געלד. די אויצרות־רעזערוואוארען דיענען אין דערזעלביגער צייט אי ווי אָבפיהר־, אי ווי צופיהר־קאנאַלען פון דעם צירקולירענדען געלד, וואָס צוליעב דעם ווערן זיינע אומלויף־קאַנאַלען קיינמאָל ניט איבערפילט.[95]

---

[95] „כדי צו קאָנען אָנפיהרן דעם געשעפטס־פערקעהר פון יעדען פאָלק, איז נויטווענדיג צו האָבען אַ בעשטימטע סומע מעטאַל־געלד, וועלכע וויעגט זיך און שטעהט העכער אָדער נידעריגער, ווי עס פאָדערט זיך יעדעס מאָל לויט די אומשטענדען.... די דאָזיגע שוואנקונגען, די דאָזיגע „עבבע און פלוט" פון געלד, פאַסען זיך צו, אָהן דער אריינמישונג פון דער רעגירונג, צו די זיך ענדערענדע סיטואַציאָנען.... די צוויי עמער ארבייטען ארויף און אראָב: איז געלד ווייניג, ווערן די מעטאַל־שטיקער איינגעגאָסען אין מטבעות; זיינען מעטאַל־שטיקער ווייניג, ווערן מטבעות צושמאָלצען." (סער ד. נארטה, „דיסקארסעס אפאָן טרייד", לאָנדאָן 1691, ז. 22.) דזשאהן סטוארט מילל, אַ לאַנגע צייט אַ

## ב) צאהלונגס־מיטלען.

אין דער דירעקטער פארם פון סחורה־צירקולאציע, וואס מיר האבען ביז אהער בעטראכט, איז דיזעלביגע ווערטה־גרויס אונז שטענדיג פארגעקומען אין א טאפעלטער געשטאלט—אלס סחורה אויף איין פאליוס, אלס געלד אויף דעם אנטקעגענגעזעצטען פאליוס. די סחורה־בעזיצער זיינען פאלגליך געקומען אין בעריהרונג נאר אלס רעפרעזענטאנטען פון געגענזייטיג פאראנענע עקוויוואלענטען. מיט דער ענטוויקלונג פון דער סחורה־צירקולאציע ענטוויקלען זיך אבער אזויכע פערהעלטעניסען, דורך וועלכע די איבערגעבונג פון דער סחורה איז אבגעטיילט פון דער רעאליזירונג פון איהר פרייז דורך אן אבשטעל אין צייט. עס וועט זיין גענוג אנצודייטען דא אויף די איינפאכסטע פון די דאזיגע פערהעלטעניסען. איין סארט סחורה פאדערט א לענגערע צייט, דער אנדער סארט א קירצערע צייט צו ווערן פראדוצירט. די פראדוקציאן פון פערשיידענע סחורות העננט אב פון די פערשיידענע צייטען פון יאהר. איין סחורה ווערט געבארן אויף דעם פלאץ וואו איהר מארק איז, אנ־אנדער סחורה מוז פאהרן אויף א ווייטען מארק. איין סחורה־בעזיצער קאן דעריבער אויפטרעטען אלס פערקויפער פריהער איידער דער אנדערער אלס קויפער. ווען דיזעלביגע געשעפטען וויעדערהאלען זיך שטענדיג צווישען דיזעלביגע פערזאנען, ווערן די בעדינגונגען פון דעם פערקויף פון די סחורות רעגולירט לויט

---

בעשטעהט אין דער אסט־אינדישער קאמפאניע, בעשטעטיגט, אז אין אינדיע פונקציאנירט נאך אלץ די זילבער־ציערונג אלס א געלד־אוצר. די „זילבערנע ציערונגזאכען ווערן געשיקט אין מינץ־קאמער, אזוי באלד ווי די צינזען־ראטע שטעהט הויך; זיי וואנדערן צוריק, ווי נאר די צינז־ראטע פאלט.” (דזש. סט. מילס „עווידענס”—רעפארטס אז באנק אקטס, 1857, נ. 2084.) לויט א פארלאמענטארישען דאקומענט פון יאהר 1864 וועגען דעם גאלד און זילבער אימפארט און עקספארט אין אינדיען, האט אין 1863 דער אימפארט פון גאלד און זילבער איבערגעשטיגען דעם עקספארט אויף 19,367,764 פונט סט. אין די לעצטע אכט יאהר פאר 1864 האט דער איבערשוס פון דעם אימפארט איבער'ן עקספארט פון די עדעלע מעטאלען בעטראפען 109,352,917 פונט סט. אין פערלויף פון דעם יאהר־הונדערט זיינען אין אינדיע אויסגעשלאגען געווארן מטבעות אויף א סומע ווייט איבער 200 מיליאן פונט סטערלינג.

די בעדינגונגען פון זייער פּראָדוקציאָן. פון דער אַנדער זייט ווערט די בעגוצונג פון געוויסע סאָרטען סחורות, צום ביישפּיעל פון אַ הויז, פערקויפט אויף אַ בעשטימטער צייט. ערשט יעמאָלט ווען ס'איז אויסגעגאַנגען דער טערמין, האָט דער קויפער ווירקליך בעקומען דעם געברויך־ווערטה פון דער סחורה. ער קויפט זי דעריבער איידער ער צאָהלט פאַר איהר. איין סחורה־בעזיצער פערקויפט אַ פאַראַנענע סחורה, דער אַנדערער קויפט [ניט מיט פאַראַנענע געלד,] נאָר בלויז אַלס רעפּרעזענטאַנט פון געלד אָדער אַלס רעפּרעזענטאַנט פון צוקינפטיגען געלד. דער פערקויפער ווערט אַ קרעדיטאָר, דער קויפער—אַ בעל חוב. אַזוי ווי די מעטאַמאָרפאָזע פון דער סחורה אָדער די ענטוויקלונג פון איהר ווערטה־פאָרם האָט זיך דאָ פערענדערט, בעקומט אויך דאָס געלד אַנאַנדער פונקציע. עס ווערט אַ צאָהלונג־מיטעל.[96]

דער כאַראַקטער פון קרעדיטאָר אָדער בעל חוב נעהמט זיך דאָ פון דער איינפאַכער סחורה־צירקולאַציע. איהר פאָרם־פערענדערונג דריקט אַרויף אָט דעם נייעם שטעמפּעל אויף דעם פערקויפער און קויפער. פון אָנפאַנג, אַלזאָ, זיינען עס פונקט אַזוינע פערשווינדענדע ראָליען, וואָס ווערן געשפּיעלט זיך אָבבייטענדיג פון דיזעלביגע צירקולאַציאָנס־אַגענטען, ווי די ראָליען פון פערקויפער און קויפער. אָבער דער געגענזאַץ זעהט לכתחילה איצט אויס וועניגער געמיטליך און איז פעהיג אויף אַ גרעסערער קריסטאַליזאַציע.[97] דיזעלביגע כאַראַקטערען קאָנען אָבער אויך אַרויסקומען אונאָבהענגיק פון דער סחורה־צירקולאַציע. דער קלאַסענקאַמף פון דער אַלטער וועלט, צום ביישפּיעל, בעוועגט זיך הויפּטזעכליך אין דער פאָרם פון אַ קאַמף צווישען קרעדיטאָרען און בעלי

---

[96] לוטהער מאַכט אַ חלוק צווישען געלד אַלס קויף־מיטעל און אַלס צאַהלונג־מיטעל. „מאַכעסט מיט איינען צווילינג אויס דעם שאַדעוואַכט, דאַס איך היע ניכט בעצאַלען אונד דאָרט ניכט קאַופען קאַנן.‟ (מאַרטין לוטהער, „אַן די פפאַרהעררן, ווידער דען וואוכער צו פּרעדיגען‟, וויטענבערג, 1540.)

[97] וועגען די בעציהונגען צווישען לוה און מלוה ביי די ענגלישע האַנדעלסלייט אין אָנפאַנג פון 18טען יאַהרהונדערט: „דאָ אין ענגלאַנד הערשט צווישען די סוחרים אַזאַ גייסט פון גרויזאַמקייט, וואָס מען קאָן ניט געפינען אין קיין אַנדער קלאַס פון דער געזעלשאַפט און אין קיין אַנדער לאַנד אויף דער וועלט.‟ An Essay on Credit and the Bankrupt Act. London, 1907, p. 2.

חובות, און ענדיגט זיך מיט דעם אונטערגאַנג פון דעם פּלעביי־אישען בעל חוב, וועמעס פּלאַץ עס פערנעהמט דער שקלאַף. אין מיטעלאַלטער ענדיגט זיך דער קאַמף מיט דעם אונטערגאַנג פון׳ם פעאָדאַלען בעל חוב, וועלכער האָט פערלאָרן זיין פּאָליטישע מאַכט צוזאַמען מיט׳ן עקאָנאָמישען באַזיס, אויף וועלכען זי איז געווען געבויט. אין גרונד אָבער שפּיעגעלט נאָר אָב די געלד־פאָרם — און די שייכות צווישען קרעדיטאָר און בעל חוב בעזיצט די פאָרם פון א געלד־שייכות — דעם געגענזאַץ פון טיעפערע עקאָנאָמישע לעבענס־בעדינגונגען.

לאָמיר זיך אומקעהרן צו דער ספערע פון דער סחורה־ציר־קולאַציע. די ערשיינונג פון די עקוויוואַלענטען סחורה און געלד אויף די ביידע פּאָליוסען פון דעם פערקויף־פּראָצעס האָט אויפ־געהערט צו זיין גלייכצייטיג. דאָס געלד פונקציאָנירט איצט ער־שטענס ווי א ווערטה־מאָס אין דער בעשטימונג פון דעם פּרייז פון דער פערקויפטער סחורה. איהר פּרייז, וואָס איז פעסטגעזעצט געוואָרן על פּי קאָנטראַקט, מעסט די התחייבות פון דעם קויפער, ד.ה. די געלד־סומע, וועלכע ער ווערט שולדיג אין א בעשטימטען צייט־טערמין. צווייטענס פונקציאָנירט עס ווי א אידעעלער קויף־מיטעל. אָבוואָהל עס עקזיסטירט נאָר אין דעם קויפער׳ס פער־שפּרעכען אָבצוצאָהלען געלד, מאַכט עס פונדעסטוועגען, אז די סחורה זאָל איבערגעהן פון האַנד אין האַנד. ערשט ווען דער צאָהלונג־טערמין ווערט פעליג, טרעט דער צאָהלונג־מיטעל ווירקליך אריין אין צירקולאַציע, ד.ה. געהט אריבער פון דעם קויפער׳ס האַנד אין דעם פערקויפער׳ס. דער צירקולאַציאָנס־מיטעל האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַן אוצר, ווייל דער צירקולאַציאָנס־פּראָצעס האָט זיך אָבגעשטעלט ביי דער ערשטער פאַזע; ד.ה. די פערוואַנ־דעלטע געשטאַלט פון דער סחורה [דאָס געלד] איז אָבגעצויגען געוואָרן פון דער צירקולאַציע. דער צאָהלונג־מיטעל טרעט איצט אריין אין דער צירקולאַציע, אָבער נאָכדעם ווי די סחורה איז שוין ארויסגעטראָטען פון איהר. דאָס געלד איז שוין ניט מעהר דער פערמיטלער פון דעם פּראָצעס. עס ברענגט איהם זעלבשטענדיג צו א שלוס, אריינטרעטענדיג אַלס די אַבסאָלוטע עקזיסטענץ־פאָרם פון טוישווערטה, אָדער אַלס די אַלגעמיינע סחורה. דער פער־קויפער האָט פערוואַנדעלט סחורה אין געלד, כדי דורך דעם געלד

צו בעפריעדיגען אַ בעדערפעניש; דער אוצרות־זאַמלער — כדי צו קאָנזערווירן די סחורה אין אַ געלד־פאָרם; דער פערשולדיגטער קויפער — כדי צו קאָנען צאָהלען. אויב ער צאָהלט ניט, ווערט זיין האָב און גוטס פערקויפט דורך צוואַנג.

די פערוואַנדלונג פון דער סחורה אין איהר ווערט־געשטאַלט, אין געלד, ווערט אַלזאָ איצטער אַ געזעלשאַפטליכע נויטווענדיג־קייט, וועלכע צווינגט זיך ארויף אויף דעם סחורה־פּראָדוצירער, אונאָבהענגיק פון זיינע בעדערפענישען און זיינע פערזענליכע געשמאַקען. אַט די נויטווענדיגקייט קומט ארויס פון די פער־העלטענישען פון דעם צירקולאַציאָנס־פּראָצעס גופא.

לאָמיר אָננעהמען, אז דער פויער קויפט ביים לייווענט־וועבער 20 עלען לייווענט צום פּרייז פון 2 פונט סט., אָבער בעצאָהלט ניט. ער בעזיצט ניט די נויטיגע 2 פונט סט., וואָרים ער האָט נאָך ניט פערקויפט זיין ווייץ. דער פּרייז פון אַ פערטעלע ווייץ, לאָמיר זאָגען, איז אויך 2 פונט סט. דער פויער פערוואַנדעלט זיין ווייץ אין לייווענט, איידער ער האָט איהם פערוואַנדעלט אין געלד. ער פיהרט אַלזאָ דורך די צווייטע סחורה־מעטאַמאָרפאָזע פריהער פאַר דער ערשטער. דאַן פערקויפט ער דעם ווייץ פאַר די 2 פונט סט., וועלכע ער גיט אָב דעם וועבער צום אָבגעמאַכטען טערמין. דאָס ווירקליכע געלד דיענט ניט מעהר דעם פויער אַלס פערמיטלער פון דעם אויסבייט פון ווייץ אויף לייווענט. דאָס איז שוין געשעהן פריהער. דאָס געלד מאַכט אויס פאַר איהם ריכטיגער דעם אָבשלוס פון דעם מסחר, ווייל דאָס געלד איז די אַבסאָלוטע פאָרם פון דעם ווערטה, וועלכען ער מוז ליפערן, די אַלגעמיינע סחורה. וואָס איז שייך דעם וועבער, האָט זיין סחורה צירקולירט און רעאַליזירט איהר פּרייז, אָבער נאָר אין אַ געזעצ־ליך־גילטיגער [פּריוואַט־רעכטליכער] תביעה אויף געלד. זי האָט אריינגעטראָטען אין אַנאַנדערנס פערברויך, האָט זיך פערוואַנדעלט אין געלד. די ערשטע מעטאַמאָרפאָזע פון זיין לייוועגט איז אַלזאָ אָבגעלעגט געוואָרן און ערשט שפּעטער דורכגעפירט געוואָרן, צום טערמין, ווען דעם פויער'ס חוב איז געוואָרן פעליג.98

98) מען קאָן זעהן פון דעם פאָלגענדען ציטאַט פון מיין בוך, וואָס איז

די התחייבות׳ן, וואס ווערן פעליג אין יערען בעשטימטען צייט־אבטייל פון דעם צירקולאציאנס־פראצעס, רעפרעזענטירן די פרייז־סומע פון די סחורות, וועמעס פערקויף זי האט ארויסגע־רופען. די געלד־מאסע, וואס איז נויטיג צו רעאליזירן די דאזיגע פרייז־סומע, הענגט קודם אב פון דער אומלויף־געשווינדקייט פון דעם צאהלונג־מיטעל. זי ווערט בעשטימט דורך צוויי אומשטענ־דען: ערשטענס, דורך דער פערקעטלונג פון די שייכות׳ן צווישען די קרעדיטארען און בעלי חובות, וואס עס קומט אויס, אז א, ועלכער בעקומט געלד פון זיין בעל חוב ב, צאהלט דערמיט אב זיין קרעדיטאר ג א.אז.וו.; צווייטענס, דורך דער צייט־לענג צווישען די פערשיידענע צאהלונג־טערמינען. די קייט פון כסדר־דיגע צאהלונגען, אדער פערשפעטיגטע ערשטע מעטאמארפאזען, איז גרינדליך פערשיידען פון דער פערפלעכטונג פון די מעטא־מארפאזען־רייהען, וואס זיינען פריהער בעטראכט געווארן. אין אומלויף פון דעם צירקולאציאנס־מיטעל ווערט דער צוזאמענהאנג צווישען פערקויפער און קויפער ניט נאר אויסגעדריקט. דער צוזאמענהאנג גופא ענטשטעהט ערשט אין דעם געלד־אומלויף און דורך איהם. די בעוועגונג פון דעם צאהלונג־מיטעל דאגעגען דריקט אויס א געזעלשאפטליכען צוזאמענהאנג, וואס איז געווען פערטיג שוין לאנג פאר איהר.

דער פאקט, וואס די מכירות און קניות קומען פאר גלייכ־צייטיג און איינע נעבען די אנדערע, בעשרענקט דעם ערזאץ [פרי־שען צופלוס] פון דער מטבעות־מאסע דורך דער געשוו... קייי

ערשיענען אין 1859, ווארום איך לאז אויס אין טעקסט די בעטראכטונג פון א פערקעהרטער פארם: — „פערקעהרט, אין דעם פראצעס ג—ס קאן דאס געלד אויס־געגעבען ווערן ווי א ווירקליכער קויפמיטעל און דער פרייז פון דער סחורה קאן אויף דעם אופן רעאליזירט ווערן, איידער דער געברויך־ווערטה פון׳ם געלד ווערט רעאליזירט אדער די סחורה ווערט איבערגעגעבען. דאס קומט צ.ב.ש. פאר אין דער אלטעגליכער פארם פון פאראויס־צאהלונג. אדער אין דער פארם, ווי די ענגלישע רעגירונג קויפט דעם אפיום פון די ריאטען (לאנד־פעכטער) אין אינדיע.... אין די פעלען אבער ווירקט דאס געלד אין דער שוין־רעקאנטער פארם פון א קויפמיטעל.... קאפיטאל ווערט נאטירליך אויך אוואנסירט אין דער פארם פון געלד... אט דער שטאנדפונקט געהט אבער ניט אריין אין דעם האריזאנט פון דער איינפאכער צירקולאציע.” („צור קריטיק עטצ.”, בערלין 1859, ז. 119 און 120).

פונ'ם אומלויף. פערקעהרט, דאס ברענגט אריין א נייע הויב־קראפט אין דער עקאנאמיע פון די צאהלונג־מיטלען. דערמיט האט די צאהלונגען זיינען קאנצענטרירט אין דעמזעלבען פלאץ, ענטוויקלען זיך אויף א נאטירליכען אופן ספעציעלע אנשטאלטען און מעטאדען פאר זייער אויסגלייכונג. אזוי צום ביישפיעל האבען זיך ענטוויקעלט אין מיטעלאלטער די Virements אין ליאן. די חובות, וואס א איז שולדיג צו ב, ב צו ג, ג צו א א. אז. וו. דארפען נאר אוועקגעשטעלט ווערן איינע אנטקעגען די אנדערע, כדי צו סלוק'ן זיך געגענזייטיג ביז א געוויסען ערך, ווי פאזיטיווע און נעגאטיווע קוואנטיטעטען. אויף דעם אופן בלייבט נאר אויסצוגלייכען איין שולד־באלאנס. וואס מעהר מאסענהאפט עס איז די קאנצענטראציע פון די צאהלונגען, אלץ קלענער לפי ערך איז דער באלאנס, און בכן אויך אלץ קלענער די מאסע פון דעם צירקולירענדען צאהלונגס־מיטעל.

די פונקציע פון געלד אלס צאהלונגס־מיטעל שליסט איין א דירעקטען ווידערשפרוך. אזוי ווייט ווי די צאהלונגען באלאנסירן איינע די אנדערע, פונקציאנירט דאס געלד נאר אידעאל, אלס רעכען־געלד אדער מאס פון די ווערטהען. אזוי ווייט ווי עס האט צו מאכען ווירקלעכע צאהלונגען, טרעט עס ארויס ניט ווי א צירקולאציאנס־מיטעל, ניט ווי בלויז א פערשווינדענדע און פערמיטלענדע פארם פון דעם אויסבייט פון פראדוקטען, זאנדערן ווי די אינדיווידועלע פערקערפערונג פון דער געזעלשאפטליכער ארבייט, ווי די זעלבשטענדיגע עקזיסטענץ־פארם פון דעם טויש־ווערטה, ווי אן אבסאלוטע [אוניווערזאלע] סחורה. דער דאזיגער ווידערשפרוך קומט צום שפיץ אין דעם מאמענט פון פראדוקציאן־ און האנדעל־קריזיסען, וואס רופט זיך אן געלד־קריזיס.99 אזא קריזיס

99 דער געלד־קריזיס, וואס ווערט בעטראכט אין טעקסט ווי א געזונדערע פאזע פון יעדען אלגעמיינעם פראדוקציאן און האנדעל־קריזיס, מוז אונטערשיידט ווערן פון דעם ספעציעלן סארט קריזיס, וואס מען רופט אויך געלד־קריזיס, וועלכער אבער קאן ארויסטרעטען זעלבשטענדיג און ווירקט נאר בלאחר יד אויף דער אינדוסטריע און דעם האנדעל. דאס זיינען קריזיסען, וואס דער צענטער פון זייער בעוועגונג איז דאס געלד־קאפיטאל, און פאלגליך זיינען באנק, בערזע און פינאנץ זייער דירעקטע ספערע.

קומט נאָר פאָר, וואו די ניט־איבערגעבראָכענע קייט פון בסדר'דיגע צאָהלונגען און אַ קינסטליכער סיסטעם ווי זיי צו באַלאַנסירן זיינען פאָלשטענדיג ענטוויקעלט. ווען עס מאַכען זיך מעהר אַלגעמיינע שטערונגען פון דעם דאָזיגען מעכאַניזם, קיין הלוק־פון וואַנען זיי זאָלען זיך ניט נעהמען, ווערט דאָס געלד פּלוצלינג און דירעקט פערוואַנדעלט פון דער נאָר אידעעלער געשטאַלט פון רעכען־געלד אין האַרטע מזומנים. די פּשוט'ע סחורות קאָנען איצט זיין פּלאַץ ניט פערנעהמען. דער געברויך־ווערטה פון דער סחורה פערלירט זיין ווערטה און דער ווערטה פון דער סחורה פערשווינדט אין גע־זיכט פון זיין אייגענער ווערטה־פאָרם. אַקאָרשט ערשט האָט דער בורזשוא, אַ פער'שכור'טער פון די גוטע צייטען, דערקלערט מיט גדלות, אַז דאָס געלד איז אַ פּוסטע איינבילדונג: „נאָר סחורה איז געלד". „נאָר געלד איז סחורה"! קלינגט עס איצטער אויפ'ן וועלט־מאַרק. ווי דער הירש לעכצט נאָך פרישען וואַסער, אַזוי לעכצט זיין האַרץ נאָך געלד, דעם איינציגען רייכטום.[100] אין דעם קריזיס וואַקסט אויס דער געגענזאַץ צווישען דער סחורה און איהר ווערטה־געשטאַלט, דאָס געלד, ביז צו אַן אַבסאָלוטען ווידערשפּרוך. דאָ איז דעריבער קיין נפקא מינה ניט אין וואָסער פאָרם דאָס געלד בעוויזט זיך. דער געלד־הונגער בלייבט דערזעלביגער, סיי די צאָהלונגען מוזען געמאַכט ווערן אין גאָלד, סיי אין קרעדיט־געלד, למשל באַנקנאָטען.[101]

---

[100] „דער דאָזיגער פּלוצימדיגער איבערגאַנג פון דעם קרעדיט־סיסטעם אין דעם מאָנעטאַר־סיסטעם גיט נאָך צו אַ טעאָרעטישען שרעק צו דער פּראַקטישער פּאַניק: און די צירקולאַציאָנס־אַגענטען שוידערן אין געזיכט פון דעם ניט־דורכדרינגליכען סוד פון זייערע אייגענע שייכות'ן." („צור קריטיק עטצ." ז. 126) „די אָרימע זיינען ארבייטסלאָז, ווייל די רייכע האָבען ניט קיין געלד זיי צו בעשעפטיגען, אָבוואויל זיי בעזיצען דערזעלביגען גרונד און באָדען און דיזעלביגע ארבייטס־קרעפטען ווי פריהער, כדי צו פּראָדוצירן לעבענסמיטעל און קליידער. אין דעריין אָבער בעשטעהט דער אמת'ער רייכטום פון אַ פאָלק, און ניט אין געלד." (דזשאָהן בעללערס „פּראָפּאָזאַלס פאָר רייזינג אַ קאָללעדזש אָוו אינדוסטרי", לאָנדאָן 1696, ז. 3.)

[101] ווי אַזוי אַזעלכע מאָמענטען ווערן אויסגענוצט פון די „אַמי דע קאָמערס" — די פריינד פון האַנדעל, קאָן מען זעהן פון דאָס פאָלגענדע: „ביי אַ געוויסער געלעגענהייט (1839) האָט אַן אַלטער גייציגער באַנקיער (אין סיטי) אויפגעעפענט דאָס טיש־קעסטעל פון זיין פּולט אין קאָנטאָר און געצייגט זיין פריינד פּעקלאָך

ווען מיר בעטראַכטען דעם סך הכל פון דער סומע געלד, וואָס צירקולירט אין א געגעבענער פעריאָדע, געפינען מיר, אז ביי אַן אַנגעגעבענער אומלויף־געשווינדקייט פון די צירקולאַציע־ און צאָהלונג־מיטלען, איז עס גלייך צו דער סומע פון די סחורה־פרייזען, וואָס דאַרפען רעאַליזירט ווערן, פּלוס די סומע פון די פעליגע צאָהלונגען, מינוס די צאָהלונגען וואָס באַלאַנסירן איינע די אַנדערע, און ענדליך מינוס די צאָהל קרייזען, אין וועלכע דיזעלביגע געלד־מטבע פונקציאָנירט אַמאָל ווי א צירקולאַציאָנס־מיטעל און אַמאָל ווי א צאָהלונגס־מיטעל. צום ביישפּיעל, דער פּויער האָט פערקויפט זיין תבואה פאַר 2 פונט סט., וועלכע דיענען אויף דעם אופן אַלס צירקולאַציאָנס־מיטעל. ער בענוצט זיי צו דעקען א חוב, וואָס ווערט פעליג פאַר לייוונט, וועלכע דער וועבער האָט איהם געליפערט. דיזעלביגע 2 פונט סט. פונקציאָנירן איצט אַלס צאָהלונגס־מיטעל. דער וועבער קויפט איצט דערמיט א נאַנג חומשים פאַר מזומן—זיי פונקציאָנירן ווידער אַלס צירקולאַציאָנס־מיטעל, א.אַז.וו.

פאָלגליך, אפילו ווען די פרייזען, די געשווינדקייט פון'ם געלד־אומלויף און די עקאָנאָמיע פון די צאָהלונגען זיינען אַנגעגעבען, דעקען פונדעסטוועגען די אומלויפענדע געלד־מאַסע און די צירקולירענדע סחורה־מאַסע אין משך פון א פעריאָדע, למשל איין טאָג, ניט מעהר, איינע די אַנדערע. געלד, וואָס רעפּרעזענטירט סחורה, וועלכע איז שוין לאַנג אַרויסגעצויגען געוואָרן פון צירקולאַציע, איז נאָך אַלץ אין אומלויף. סחורות צירקולירן אַרום, פאַר וועלכע זייער געלד־עקוויוואַלענט וועט ערשט ערשיינען אין דער צוקונפט. פון דער אַנדער זייט ווידער, זיינען די קאָנטראַקטען צו צאָהלען,

---

באַנקנאָטען, און געזאָגט דערביי מיט אָפענער שמחה, אז דאָס זיינען 900,000 פונט סט. אין נאָטען, וועלכע ער האַלט ביי זיך, כדי אַרויסצורופען א נויט אין געלד. נאָך 3 אוהר דעמזעלבען טאָג וועט ער זיי אַרויסלאָזען אויפ'ן מאַרק." („טהעאָרי אוו עקססטשיינדזש", לאָנדאָן 1864, ז. 81.) דער האַלב־אָפיציעלער אָרגאַן „דהי אבזערווער" בעמערקט דעם 24טען אַפּריל 1864, ווי פאָלגט: זעהר זאָנדערבאַרע קלאַנגען געהען אַרום וועגען די מיטלען, וואָס ווערן אַנגעווענדעט אַרויסצורופען א דוחק אין באַנקנאָטען.... ווי שווער עס איז אַנצונעהמען, אז אַזוינע שפּיצלעך זאָלען קאָנען אַנגעווענדעט ווערן, זיינען אבער די בעריכטען וועגען זיי אַזוי פערשפּרייט, אז זיי פערדיענען דערמאָנט צו ווערן.

וואָס ווערן געשלאָסען יעדען טאָג, און די צאָהלונגען, וואָס ווערן פעליג דעמזעלבען טאָג, סכום'ען וואָס קאָנען לחלוטין ניט [illegible]טען ווערן איינע אויף די אַנדערע (איינאַמענזוראַל).[102]

דאָס קרעדיט־געלד שטאַמט דירעקט פון דער פונקציע פון געלד אַלס צאָהלונגס־מיטעל, והראיה שטר־חובות פאַר פערקויפטע סחורות צירקולירען ווידער אַרום מיט'ן צוועק איבערצוטראָגען די חובות אויף אַנדערע. פון דער אַנדערער זייט, אין דעם ערך וואָס דער קרעדיט־סיסטעם ווערט אויסגעשפּרייט, שפּרייט זיך אויך אויס די פונקציע פון געלד אַלס צאָהלונגס־מיטעל. אַלס אַזעלכעס בעקומט דאָס געלד אייגענע עקזיסטענץ־פאָרמען און פיהלט זיך ווי אין דער היים אין דער ספערע פון די גרויסע האַנדעלס־געשעפטען, בעת די גאָלד און זילבער מטבעות ווערן פע[illegible] הויפּטזעכליך אין דער [illegible] פון [illegible]האַנדעל.[103]

102 „דער בעטראַג פון די קניות און אַבגעמאַכטע קאָנטראַקטען, וואָס קומען צושטאַנד אין אַ געוויסען טאָג, האָבען קיין איינפלוס ניט אויף דעם סכום געלד, וואָס איז יענעם זעלבען טאָג אין צירקולאַציע; אין דער גרעסטער צאָהל פעלע דריקען זיי זיך גיכער אויס אין די פערשיידענערליי וועקסלען, אויסגעשטעלט אויף געלד־סומען, וועלכע וועלען ערשט אין שפּעטערע צייטען זיין אין צירקולאַציע.... די היינטיגע אויסגעשטעלטע וועקסלען און געעפענטע קרעדיטען מוזען ניט האָבען קיין שום עהנליכקייט מיט די וועקסלען און קרעדיטען פון מאָרגען אָדער איבערמאָרגען סיי אין סך הכל, סיי אין הויך פון די איינצעלנע בעטראָגען, אָדער אין דעם צייט־משך; גיכער גלייכען זיך אויס די היינט־אויסגעשטעלטע וועקסלען און פערצייכענטע בוך־קרעדיטען ווען זיי ווערן פעליג מיט אַ מאַסע התחייבות'ן, וואָס פערטיילען זיך דורך אַ גאַנצער רייהע פון פריהערדיגע טערמינען. אָפט טרעפען זיך צוזאַמען וועקסלען, וואָס זיינען אויסגעשטעלט אויף 12, 6, 3 אָדער 1 מאָנאַט, גראָד אין איין בעשטימטען טאָג און דערהויבען אויף דעם אופן די מאַסע התחייבות'ן, וואָס ווערן פעליג דעם דאָזיגען טאָג.“ („דהי קוירענסי קוועסטשען רעוויוד עטצ. ביי אַ באַנקער אין ענגלאַנד“. עדינבורג 1845, ז. 29—30 און ווייטער.)

103 אַלס ביישפּיעל ווי וועניג ווירקליכעס געלד עס געהט אַריין אין די אייגענטליכע האַנדעלס־אָפּעראַציעס, ווערט דאָ געגעבען אַ טאַבעלע פון איינעם פון די גרעסטע לאָנדאָנער האַנדעלס־הייזער (מאָרריסאָן, דיללאָן און קאָ.) וועגען זייערע יעהרליכע געלד־איינגאַהמען און צאָהלונגען. זייערע מסחרים, וועלכע האָבען בעטראָפען אין יאָהר 1856 פיעלע מיליאָנען פונט סט., זיינען דאָ פערקלענערט לפי ערך ביז 1 מיליאָן. —

ווען די סחורה־פראָדוקציאָן האָט געגרייכט א געוויסען גראַד פון הויך און אומפאנג, כאַפט אַרום די פונקציע פון געלד אַלס צאָהלונג־מיטעל א ווייטערע ספערע איידער די סחורה־צירקולאַציע. עס ווערט די אַלגעמיינע סחורה פון אַלערליי קאָנטראַקטען.104 רענטען, שטייערן א.אז.וו. פערוואַנדלען זיך פון נאַטוראַל־ליפערונגען אין גאָלד־צאָהלונגען. וויפיעל די דאָזיגע אומוואַנדלונג העננגט אָב פון דער אַלגעמיינער געשטאַלט פון פראָדוקציאָנס־פראָצעס. בעווייזט צום ביישפיעל דער פאַקט, וואָס די רוימישע אימפעריע איז צוויי מאָל דורכגעפאַלען אין איהר פראָבע אויפצומאָהנען אַלע שטייער־צאָהלונגען אין געלד. די שרעקליך־עלענדע לאַגע פון דעם פראַנצויזישען לאַנד־פאָלק אונטער לודוויג דעם 14טען, וואָס בואַגילבער, מאַרשאַל, וואָבאַן א.אַ. האָבען אַזוי שאַרף געבראַנדמאַרקט, האָט געהאַט צו פערדאַנקען ניט נאָר די הויכע שטייערן, נאָר אויך דער פאַרוואַנדלונג פון נאַטוראַל־שטייער אין געלד־שטייער.105 פון

| איינגאַהמען | פונט סט. | אויסגאַבען | פונט סט. |
|---|---|---|---|
| וועקסלען פון באַנקירען און סוחרים צאָהלבאַר נאָך דאַטום | 533,596 | וועקסלען צאָהלבאַר נאָך דאַטום | 302,674 |
| טשעקס פון באַנקירען א. אנד. צאָהלבאַר גלייך | 357,715 | טשעקס אויף לאָנדאָנער באַנקירען | 663,672 |
| לאָנדבאַנק נאָטען | 9,627 | נאָטען פון באַנק אָוו ענגלאַנד | 22,74· |
| נאָטען פון באַנק אָוו ענגלאַנד | 68,554 | גאָלד | 9,427 |
| גאָלד | 28,089 | זילבער און קופער | 1,484 |
| זילבער און קופער | 1,486 | | |
| פאָסט־געלד אַנווייזונגען | 933 | | |
| סך הכל | 1,000,000 | סך הכל | 1,000,000 |

(רעפּאָרט פראָם דהי סעלעקט קאָמיטע אָן דהי באַנק אַקטס, יולי 1858 ז. 71).

104 „דער כאַראַקטער פון דעם געשעפט־פערקעהר האָט זיך אָט אַזוי געענדערט, אַז אנשטאָט דעם אויסטויש פון גיטער אויף גיטער, אָדער ליפערן און אָבנעהמען, איז איצטער פאַראַן נאָר איין שייכות פון פערקויפען און פעצאָהלען. אַלערליי סאָרטען פון פערקעהר... האָבען זיך פאַלגליך אויפגעלייזט אין ריינע געלד־געשעפטען". („אַן עססיי אָפּאָן פּאַבליק קרעדיט", 3טע אויפלאַגע, לאָנדאָן 1710 ז. 8).

105 „דאָס געלד איז געוואָרן דער הענקער פון אַלצדינג". די פינאַנץ־קונסט איז די „כעמישע שיסעל, אין וועלכער א שרעקליכע מאַסע פון סחורות

דער אַנדער זייט, אויב די נאַטוראַל־פאָרם פון דער גרונד־רענטע אין אַזיע, וואו עס איז אויך דער הויפּט־עלעמענט פון די שטאַאט־שטייערן, רוהט אויף פּראָדוקציאָנס־פערהעלטנישען, וועלכע רע־פּראָדוצירן זיך מיט דער רעגעלמעסיגקייט פון נאַטור־פערהעלטני־שען, איז, ווירקענדיג צוריק, האַלט אויף די דאָזיגע צאָהלונג־פאָרם די אַלטע פּראָדוקציאָן־פאָרם. זי דערקלערט איינעם פון די סודות פון דער זעלבסט־דערהאַלטונג פון דער טערקישער אימפּעריע. ווען דער אויסלענדישער האַנדעל, וואָס אייראָפּא האָט אַרויפגעצוואונגען אויף יאַפּאַן, זאָל דאָרט מיטברענגען מיט זיך די פערוואַנדלונג פון נאַטוראַל־רענטע אויף אַ געלד־רענטע, דאַן איז אַ סוף צו דער מוסטערהאַפטער אַגריקולטור פון יענעם לאַנד. איהרע ענגע עקאָ־נאָמישע עקזיסטענץ־בעדינגונגען וועלען זיך אויפלייזען.

אין יעדען לאַנד ווערן פעסטגעזעצט געוויסע אַלגעמיינע צאָה־לונג־טערמינען. זיי זיינען געבויט טיילוויז — אָבגעזעהן פון אַנ־דערע צירקעל־בעוועגונגען פון דער רעפּראָדוקציאָן—אויף די נאַטור־בעדינגונגען פון דער פּראָדוקציאָן, וואָס זיינען פערבונדען מיט דעם בייטען זיך פון די צייטען פון יאָהר. זיי רעגולירן אויך די צאָה־לונגען, וועלכע שטאַמען ניט אָב דירעקט פון דער סחורה־צירקו־לאַציע, ווי שטייערן, רענטען א. אַז. וו. די געלד־מאַסע, וואָס פאָ־דערט זיך פאַר אָט די, איבער דער גאַנצער אויבערפלאַך פון דער געזעלשאַפט פערשפּרייטע, צאָהלונגען אין געוויסע טעג פון יאָהר, פעראורזאַכט פעריאָדישע אָבער גאַנץ אויבערפלעכליכע שטערונגען אין דער עקאָנאָמיע פון די צאָהלונג־מיטלען.[106] פון דעם געזעץ

---

ווערט פערוואַנדעלט אין דאמף, כדי צו געווינען דעם דאזיגען פאַטאַלען אב־אץ (דאס געלד) אויפ'ן דעק". „דאס געלד ערקלערט קריעג דעם גאַנצען מענשען־געשלעכט" (בואַגילבער, „דיסערטאַציע איבער דער נאַטור פון רייכ־טום, פון געלד און אבצאהלונגען", פאריז 1843, ב. 1, ז. 413).

106 „אין ווהיטסונטייד (די וואך וואס פאַנגט זיך אן מיט'ן „ווייסען זונ־טאג": נאָך דער איצטיגער רעכנונג דער 15. מאַי, לויט'ן אַלטען סטיל דער 26. מאַי: א צאהלונגס־טערמין אין שאָטלאַנד. אין דייטש: „פינגסטמאַנטאַג") פון י. 1424", דערצעהלט מר. קרעיג דעם פּאַרלאַמענטאַרישען אונטערזוכונג־קאָמיטעט פון 1826 „איז געווען אַזא אונגעהויערע נאָכפראַגע אויף באַנקנאָטען אין עדינבורג, אַז 11 אוהר האָבען מיר שוין קיין איינציגע נאָטע מעהר ניט

וועגען דער אומלויף־געשווינדקייט פון די צאָהלונג־מיטלען פאָלגט, אז די מאסע פון די צאָהלונג־מיטלען, וואָס איז נויטיג פאר אַלע פעריאָדישע צאָהלונגען, פון וועלכען קוואַל זי זאָל זיך ניט נעהמען, שטעהט אין א דירעקטער* פראָפּאָרציע צו דער לענג פון די צאָה־לונג־פעריאָדען.

---

געהאט אין קאסע. מיר האבען געשיקט צו איין באַנק נאָך דעם אַנדערן באַר־גען וויפיעל עס איז, מיר האבען אַבער קיין איינע ניט געקאָנט קריגען. און פיעלע טראנזאקציעס האבען נאר געקאָנט פערצייכענט ווערן דורך „כליפּס און פּייפּער" (ניט־פאָרמעלע באַנק־אַנווייזונגען). אום 3 אוהר נאכמ. האבען זיך אַלע נאָטען צוריקגעקעהרט אין די באַנקען, פון וועלכע זיי זיינען ארויסגע־געבען געוואָרן! ס'איז געווען בלויז אַן איבערטראָג פון איין האַנד אין דער אַנדערער". הגם די עפעקטיווע דורכשניט־צירקולאַציע פון באַנק־נאָטען אין שאָטלאַנד בעטרעפט וועניגער ווי 3 מיליאָן פונט סט., פונדעסטוועגען ווערט אין די פערשיידענע צאהלונג־טערמינען אין יאהר יעדע נאָטע, וואָס די באַנ־קי־ען בעזיצען, אַלעס און אַלעמען אומגעפעהר 1 מיליאָן פונט סט.—ארויס־גערופען אין אַקטיוויטעט ביי אט די געלעגענהייטען האבען די נאָטען צו ערפילען איין איינציגע און ספעציפישע פונקציע, און אזויבאַלד ווי זי איז ערפילט, פליסען זיי צוריק אריין אין די באַנקען, פון וועלכע זיי זיינען ארויסגעגעבען געוואָרן. (זעה דזש. פולאַרטאָן „רעגוליישאָן און קורענסים". 2. אויפלאגע, לאָנדאָן 1845, ז. 86 נ.) אַלס ערקלערונג דאַרף מען צולעגען, אז אין דער צייט ווען פולאַרטאָן האט געשריבען, זיינען אין שאָטלאַנד ניט ארויסגעגעבען געוואָרן פאר די דעפּאָזיטען קיין טשעקס, נאר נאָטען.

* אין אַלע אַנדערע אויסגאַבען פון „קאַפּיטאַל" שטעהט אין א „פערקעהרטער" וואָס עס איז זיכער א טעות אין דרוק, ווי קאוטסקי מאַכט אויף דעם אויפמערקזאם אין זיין איינלייטונג.

107 אויף דער פראַגע, „צי דיזעלבע 6 מיליאָן (גאָלד) וועלען זיין גענוג פאר דער צירקולאַציע, אויב ס'דארפען אומגעזעצט ווערן אין געשעפט־פער־קעהר 40 מיליאָן יעהרליך", ענטפערט פּעטטי אויף זיין געוועהנליך מייסטער־האַפטען אופן: „כ'ענטפער מיט יאָ: ווארים אויב דער אומזאַץ וועט געמאַכט ווערן אין אַזעלכע קליינע טערמינען, ד.ה. וועכענטליך, ווי אינ'ם פערקעהר צווישען אָרימע האַנדווערקער און לוינארבייטער, ביי וועלכע יעדער שבת איז צאהלטאג, דאַן וועלען 40|52 מיליאָנען זיין גענוג פאר'ן בעדאַרף אין מזומן געלד פון אַן אומזאַץ פון 40 מיליאָן. ווען אַבער דער אומזאַץ קומט פערטעל־יעהרליך, ווי ס'ווערן ביי אונז געצאהלט די פאַכט־צינזען (רענט) און שטייערן, דאַן זיינען נויטיג 10 מיליאָן. פאָלגליך, אויב מיר נעהמען אָן, אַז אין אַלגעמיין זיינען די אומזאַץ־צייטען צווישען 1 און 13 וואָכען, דאַן מוז מען נעהמען די מיטען־צאהל און מאַכען א חבור פון 10 מיליאָן און 40|52 מיליאָ־נען, און דערפון נעהמען א העלפט, וואָס מאַכט 5 1|2 מיליאָן. אזא סומע וועט

די ענטוויקלונג פון געלד אלס צאָהלונג־מיטעל מאכט עס זאָלען זיין געלד־אָנזאמלונגען פאר די צאָהל־טערמינען פון די שולדיגע סומען. בעת די אוצר־זאמלונג אלס א זעלבשטענדיגע בערייכערונג־פאָרם פערשווינדט מיט דעם פאָרטשריט פון דער בורזשואזער געזעלשאפט, וואקסט זי אויס מיט דעמזעלביגען פאָרטשריט פערקעהרט אין דער פאָרם פון רעזערוו־פאָרמען פון די צאָהלונג־מיטלען.

## ג) וועלט־געלד.

ווען דאָס געלד טרעט אַרויס פון דער אינערליכער ספערע פון צירקולאציע, ווארפט עס פון זיך ווידער אראָב די אָנגעוואקסענע לאָקאלע פאָרמען, פון מאַסשטאב פון פרייזען, פון מטבעות, קליינגעלד און ווערטה־צייכענס, און פאלט צוריק אריין אין דער אורשפרינגליכער פאָרם פון עדעלע מעטאל־שטאבעס. אין וועלט־האנדעל וויקלען די סחורות פאנאנדער זייער ווערטה אין א אוניווערזעלען אויסדרוק. זייער זעלבשטענדיגע ווערטה־געשטאלט [דאָס געלד] טרעט דאָ דעריבער נגענן זיי ארויס טאקע אויך ווי וועלט־געלד. ערשט אויפ׳ן וועלט־מארק פונקציאָנירט דאָס געלד אין זיין גאנצען פערנעהם אלס די סחורה, וואָס איהר נאטוראל־פאָרם איז צוגלייך די דירעקט־געזעלשאפטליכע פערווירקליכונגס־פאָרם פון מענשליכער ארבייט אין אבסטראקט. דער אופן פון זיין קיום ווערט צוגעפאסט (אדעקוואט) צו זיין בעגריף.

אין דער אינערליכער ספערע פון צירקולאציע קאָן נאָר איין סחורה דיענען ווי א ווערטה־מאָס און דעריבער אלס געלד. אויפ׳ן וועלט־מארק הערשט א טאָפעלטע ווערטה־מאָס, גאָלד און זילבער. [108]

אלזא זיין גענוג.״ (וויליאם פעטטי, „פאליטיקאל אנאטאמי אוו איירלאנד״, 1672, לאָנדאָן אויסגאבע 1691, ז. 13 און 14.)

[108] דערפון איז קלאר די אונזיניגקייט פון יעדער געזעצגעבונג, וואָס שרייבט פאר די נאציאָנאל־באנקען צו רעזערווירן נאר דעם דאזיגען עדעלען מעטאל, וועלכער פונקציאָנירט אלס געלד אין אינלאנד. די „ליעבע שטערונגען״ [Pleasant Difficulites], וואָס די באנק אוו ענגלאנד האט זיך אליין געשאפען, זיינען בעקאנט. וועגען די גרויסע היסטארישע עפאכען פון די ענדערונגען אין דעם רעלאטיווען ווערטה פון גאָלד און זילבער, זעה ק. מארקס „קריטיק דער פאָלי־

## דאָס וועלט־געלד פונקציאָנירט ווי אַן אַלגעמיינער צאָהלונגס־מיטעל, אַן אַלגעמיינער קויפמיטעל און אַבסאָלוט געזעלשאַפטליכע

---

טישען עקאנאמיע", ז. 136. צוזאץ צו דער צווייטער אויסגאבע: סער ראבערט פיל האט אין זיין באנק־אקט פון 1844 געזוכט צו פערבעסערן די לאגע דורכדעם, וואס ער האט ערלויבט די באנק און ענגלאנד ארויסצוגעבען נאטען געגען זילבער־בוליאן (זילבער אין שטאבען), בתנאי אז דער זילבער־רעזערוו זאל קיינמאל ניט איבערשטייגען מעהר ווי איין פערטל פון דעם גאלד־רעזערוו. דער זילבער־ווערטה ווערט דערביי געשאצט נאך זיין מארק־פרייז (אין גאלד) אויף דער לאנדאנער מארק.

אין דער פערטער אויפלאגע בעמערקט דערצו ענגעלס: מיר געפינען זיך ווידער אין א עפאכע פון א שטארקער רעלאטיווער ווערטה־אנווענדונג פון גאלד און זילבער. אז ערך 25 יאהר צוריק איז די ווערטה־פראפארציע פון גאלד צו זילבער געווען 15½ צו 1, איצט (1890) איז עס אונגעפעהר 22 צו 1 און זילבער פאלט נאך אנטקעגען גאלד נאכאנאנד. ס'איז אין גרונד א פועל יוצא פון אן איבערקערעניש אין דעם פראדוקציאנס־אופן פון די ביידע מעטאלען. פריהער האט מען בעקומען דאס גאלד כמעט נאר אויסוואשענדיג די גאלד־האלטיגע אלוואוויאל־שיכטען, די פראדוקטען פון צופאלענע גאלד־האלטיגע מינעראלן. איצט טויג שוין מעהר ניט אט די מעטאדע און זי איז פערשטופט געווארן אין הינטערגרונד דורך דער בעארבייטונג פון די גאלד־האלטיגע קווארץ־אדערן גופא. וועלכע מ'האט פריהער בעארביים נאר אין דער צווייטער ליניע, הגם די אלטע (דיאדאר 3. 12 ביז 14) האבען שוין גוט געוואוסט וועגען דעם. פון דער אנדער זייט זיינען ניט נאר ענטדעקט געווארן נייע זילבער־לאגערן אין די מערב־אמעריקאנישע פעלזען־בערג, נאר א דאנק די אייזענבאהנען איז דער צוטריט צו זיי און צו די מעקסיקאנישע זילבער־גרובען געווארן פיעל לייכטער. מ'האט געקאנט צופיהרען מאדערנע מאשינען און קויהלען, און דאס האט געמאכט מעגליך ארויסצוקריגען דעם זילבער אין'ן גרעסטען מאסשטאב און מיט ווייניגער קאסטען. ס'איז אבער דא א גרויסער אונטערשייד אין'ם אופן ווי די ביידע מעטאלען קומען פאר אין די מינעראל־אדערן. דאס גאלד איז מעהרסטענטהייל ריין, אבער דערפאר צושפרייט אין גאר קליינע מאסען אין'ם קווארץ: די גאנצע מינעראל־מאסע מוז צופולווערט ווערן און דאס גאלד אויסגעוואשען אדער ארויסגעצויגען ווערן דורך קוועקזילבער. איז א מיליאן גראם קווארץ געפינט זיך אפט קוים פון 1 ביז 3 גראם, זעהר זעלטען פון 30 ביז 60 גראם גאלד. זילבער קומט זעלטען ריין, דערפאר איז באזונדערע מינעראלען, פון וואנען מ'קאן איהם לייכט ארויסנעהמען און וועלכע ענטהאלטען דאס רוב פון 40 ביז 90 פראצענט זילבער; אדער ער געפינט זיך אין קליינע סומען, געמישט מיט קופער א.א.וו. וואס עס לוינט זיך צו בעארבייטען אויך פון זייערטוועגען. מ'קאן זעהן דערפון אז בעת די ארבייט צו פראדוצירן גאלד האט זיך פערמעהרט, איז די ארבייט צו פראדוצירן זילבער קלענער געווארן. דאס פאלען אין ווערטה פון זילבער ערקלערט

פערקערפערונג פון רייכטום איבערהויפט (אין ענגליש: „יוניווערסאל וועלטה"). די פונקציע אלס צאהלונג־מיטעל, אויף אויסצרגלייכען די אינטערנאציאנאלע באלאנסען, איז די הויפט־פונקציע. דערפון נעהמט זיך דער לאזונג פון דעם מערקאנטיל־סיסטעם — האנדעלס־באלאנס![109] גאלד און זילבער דיענען ווי א אינטער־

זיך אלזא גאנץ נאטירליך. דער דאזיגער געפאלענער ווערטה וו יד געהאט אויסגעדריקט אין נאך א גרעסערן פאל אין פרייז, ווען דער זילבער־פרייז וואלט אפילו איצטער ניט אויפגעהאלטען געווארן הויך מיט קינסטליכע מיטלען. די זילבער־אוצרות פון אמעריקא זיינען אבער ערשט נאך ניט אינגאנצען צוגענגליך, און עס זיינען פאראן אלע אויסזיכטען, אז דער זילבער־ווערטה וועט נאך א לעננערע צייט פאלען. דערצו מוז נאך בייטראגען דער פאקט, וואס עס ווערט איצט בענוצט וועניגער זילבער פאר געברויך־ און לוקסוס־זאכען צוליעב דעם געברויך פון פלאטירטע זאכען, אלומיניום א.אז.וו. דערפון איז קלאר דער גאנצער אוטאפיזם פון דער בימעטאלישער פארשטעלונג, אז אן אינטערנאציאנאלער צוואנג־אקט וועט דעם ווערטה פון זילבער וויעדער ארויפשרויפען צו דער אלטער פראפארציע פון 1 צו 15½. זיכער וועט זילבער אפילו אויפ'ן וועלט־מארק אלץ מעהר און מעהר פערלירן זיין געלד־אייגענשאפט." — אט די ערווארטונג, וואס ענגעלס האט ארויסגעזאגט אין 1890, איז אלץ מעהר מקוים געווארן, הגם די גאלד־בעקומונג איז זינט יעמאלט אויך רעוואלוציאנירט געווארן דורך דעם ציאניד־פראצעס, און מען קאן שוין מעהר ניט זאגען, אז „די ארבייט צו בעקומען גאלד איז פערמעהרט געווארן." די ווערטה־פראפארציע צווישען זילבער און גאלד, וואס ענגעלס האט אנגעגעבען אלס 1 צו 22, איז שוין אין 1902 געווארן 1 צו 39, איז ביז 1906 געפאלען צו 30 און אין 1909 וויעדער געשטיגען צו 39,7. — קאוטסקי.

[109] די געגנער פון דעם מערקאנטיל־סיסטעם, וואס האט בעטראכט די אויסגלייכונג דורך גאלד און זילבער פון דעם אריבערגעוועגענעם האנדעלס־באלאנס פאר דעם צוועק פון וועלט־האנדעל, האבען פון זייער זייט אינגאנצען פערזעהן די פונקציע פונ'ם וועלט־געלד. ווי אזוי די פאלשע אויפפאסונג פון די געזעצען, וועלכע רעגולירן די מאסע פון די צירקולאציאנס־מיטלען, שפיגלען זיך נאר אב אין דער פאלשער אויפפאסונג פון דער אינטערנאציאנאלער בעוועגונג פון די עדעלע מעטאלען, האב איך אויספיהרליך בעוויזען מיט א ביישפיעל פון ריקארדא. („צור קריטיק דער פאליטישען עקאנאמיע", ז. 150.) זיין פאלשע דאגמע: „אן אונגינסטיגער האנדעלס־באלאנס איז שטענדיג נאר די פאלגע פון אן איבערפולקייט פון צירקולאציאנס־מיטלען.... דער ארויספיהר פון מזומן־געלד ווערט פערארזאכט דורך זיין געפאלענעם ווערטה. ער איז ניט די ווירקונג, נאר די אורזאך פון אן אונגינסטיגען באלאנס", (ריקארדא, „דהי היי פריים או בולליאן, עטצ." ז. 11, 12 און 14) געפינט מען שוין ביי בארבאן: „די אויסגלייכונג פון האנדעלס־באלאנס, ווען דאס קומט איבערהויפט פאר, איז ניט די אורזאך דערפון,

נאציאנאלער קויפמיטעל הויפטזעכליך אזוי אפט, ווי דאס געוועהנ־ליכע גלייכגעוויכט אין דעם אויסטויש פון פראדוקטען צווישען די פערשיידענע נאציאנען ווערט פלוצלינג צושטערט. זיי דיענען ענדליך אלס אבסאלוט געזעלשאפטליכע פערקערפערונג פון רייכ־טום, וואו די פראגע איז ניט וועגען קויף אדער וועגען צאהלונג, נאר וועגען אריבערטראגען רייכטום פון איין לאנד אין דעם אנדערן, און וואו דאס דאזיגע אריבערטראגען אין דער פארם פון סחורה איז אויסגעשלאסען, ענטוועדער דורך ספעציעלע אומשטענדען פון סחורה־מארק, אדער ווייל דער צוועק פון איבערטראגען רייכטום גופא פאדערט עס זאל געשעהן אין דער פארם פון געלד.[110]

פונקט אזוי ווי יעדעס לאנד דארף האבען א רעזערוו־פאנד פאר זיין אינערליכע צירקולאציע, אזוי מוז עס אויך האבען אזא פאנד פאר דער צירקולאציע פון וועלט־מארק. די פונקציעס פון אוצרות נעהמען זיך אלזא טיילווייז פון דער פונקציע פונ׳ם געלד אלס אינלענדישער צירקולאציאנס־ און צאהלונג־מיטעל, און טייל־ווייז פון זיין פונקציע אלס וועלט־געלד.[110*] פאר דער לעצטער ראליע

---

וואס געלד ווערט עקספארטירט פונ׳ם לאנד. דער דאזיגער עקספארט איז גיכער די פאלגע פון דעם חלוק אינ׳ם ווערטה פון די איידעלע מעטאלען אין די פער־שיידענע לענדער.״ (ג. בארבאן, „א דיסקארס אן קאינינג דהי ניו מאני לייטער.״ לאנדאן 1696, ז .59, 50.) מאקקולאד אין „דהי ליטעראטור אוו פאליטיקאל עקאנאמי, א קלאסיפייד קאטאלאג, לאנדאן 1845״ לויבט בארבאן׳ען פאר אויס־כאפען אפריהער ריקארדא׳ס לעהרע, מיידט אבער קלוג אויס אפילו נאר צו דערמאנען די נאאיווע פארמען, אין וועלכע די אבסורדע השערות פון דעם „קוירענסי פרינסיפל״ ווערן אויסגעדריקט ביי בארבאן׳ען. די קריטיקלאזיגקייט און אפילו אונעהרליכקייט פון דעם דאזיגען קאטאלאג גרייכט דעם העכסטען פונקט אין די טיילען וועגען דער געשיכטע פון דער געלד־טעאריע, ווייל אין דעם טייל לעקט ער זיך מיט חניפות צו לארד אווערסטאון (עקס־באנקיער ללאיד), וועמען ער רופט אן „דער אמת׳ער פרינץ פון באנקיערען״.

[110] צום ביישפיעל איז פאל פון סובסידיען, געלד־אנלייהען אויף צו פיהרען קריעג אדער אויף צו מאכען מעגליך פאר די באנקען ווידער אנפאנגען צו צאהלען אין מזומן א.אז.וו. קאן נאר די געלד־פארם פון ווערטה זיין נויטיג.

[110*] נאטע צו דער צווייטער אויסגאבע. — „איך וואלט זיך ניט געקאנט ווינשען צו האבען א מעהר איבערצייגענדען בעוויז וועגען דער פעהיגקייט, וואס די פאשינעריע אנצוזאמלען אוצרות אין די מעטאל־געלד צאהלענדע לענדער בע־זיצען אויף נאכצוקומען יעדע פאדערונג פון אינטערנאציאנאלע אויסגלייכונגען, ווען וועלכער עס איז ממשות׳דיגער שטיצע פון דעם אלגעמיינעם צירקולאציאנס־

פארערט זיך די ווירקליכע געלד־סחורה, אמת'ע גאלד און זילבער. צוליעב דעם האט דזשיימס סטוארט כאראקטעריזירט גאלד און זילבער, אין אונטערשייד פון זייערע בלויז לאקאלע שטעלפערטרעטער, אויסדריקליך אלס „מאני או דהי ווארלד"—וועלט־געלד.

די בעוועגונג פון דעם שטראם פון גאלד און זילבער איז א טאפעלטע. פון איין זייט גיסט ער זיך פאנאנדער פון זיינע קוואלען איבער דעם גאנצען וועלט־מארק, פון וואנען די פערשיידענע נאציאנאלע צירקולאציאנס־ספערען ציהען איהם אב אין א פערשיידענעם ערך, כדי איהם אריינצופיהרען אין זייערע אינערליכע אומלויף־קאנאלען, ממלא צו זיין דעם פלאץ פון די אבגעריבענע גאלד־ און זילבער־מטבעות, צו ליפערן דעם מאטעריאל פאר לוקסוס־ארטיקלען און צו פערגליווערן איהם אין אוצרות. [111] די דאזיגע ערשטע בעוועגונג ווערט דורכגעפיהרט דורך א דירעקטען אויסטויש פון די נאציאנאלע ארבייטען, וואס זיינען רעאליזירט אין סחורות, מיט דער ארבייט פון די גאלד און זילבער פראדוצירענדע לענדער, וואס איז רעאליזירט אין די עדעלע מעטאלען. פון דער אנדער זייט לויפען גאלד און זילבער נאכאנאנד

---

פאנד, איידער די לייכטקייט, מיט וועלכער פראנקרייך איז געווען אימשטאנד צוזאמענצוברענגען אין משך פון געניוע 27 מאנאט, אקארשט קומענדיג צו זיך נאך די קלעפ פון א פערניכטענדען איבערפאל פון פיינדליכע ארמעען, די סומע פון כמעט 20 מיליאן פונט סט. אלס קריעגס־קאנטריבוציע צו די פעראייניגטע מעכטע. דערצו האט זי נאך א בעדייטענדען טייל געצאהלט אין מעטאל־געלד, און פונדעסטוועגען איז דער געלד־אומלויף אין אינלאנד ניט איינגעשרענקט אדער געשטערט געווארן אויף א מערקליכען אופן, און איהרע וועקסעל־קורסען האבען אפילו ניט געליטען קיינע שוואנקונגען, וואס זאלען ארויסרופען וועלכע עס איז אנגסטליכקייטען." (פוללארטאן, רעגולייישאן או קוררענסיס, 2טע אויסגאבע, לאנדאן 1845, ז. 191) צו דער 4טער אויפלאגע איז ענגעלס דערצו מוסיף: „מיר האבען נאך א מעהר שלאגענדען ביישפיעל אין דער לייכטקייט, מיט וועלכער דאסזעלבינע פראנקרייך, אין 80 מאנאט, פון 1871 ביז 1873, איז געווען אימשטאנד אוועקצוגעבען מעהר ווי א צעהנפאך גרעסערע קריעגס־קאנטריבוציע, און אויך א בעדייטענדען טייל אין מעטאל־געלד."

[111] „דאס געלד פערטיילט זיך צווישען די פעלקער אין דער פראפארציע פון זייער בעדארף.... שטענדיג צוגעצויגען דורך די סחורות." (לע טראן, דע ל'אינטערע סאסיאל", ז. 916) „די מינען, וועלכע גיבען נאכאנאנד ארויס גאלד און זילבער, ליפערן גענוג צו קאנען איינטיילען יעדען פאלק די דאזיגע נויטיגע מאס." (וואנדערלינט, „מאני אנסערס אלל טהינגס", לאנדאן 1734, ז. 40.)

היין און הער צווישען די פערשיידענע נאציאנאלע צירקולאציאנס־ספערען—א בעוועגונג, וועלכע געהט נאך די אונאויפהערליכע שוואנקונגען פון וועקסעל־קורס.112

לענדער, אין וועלכע עס איז ענטוויקעלט די בורזשואזע פארם פון פראדוקציאן, בעשרענקען די אוצרות, וואס זיינען מאסענהאפט קאנצענטרירט אין די באנק־קאסעס, ביז אויף דעם מינימום, וואס פאדערט זיך פאר זייערע ספעציפישע פונקציעס.113 ווען די דאזיגע אנזאמלונג פון אוצרות אין זייערע קאסעס איז בעמערקליך פולער איידער דער דורכשניט־גראד, צייגט עס מיט א געוויסער אויסנאהם ענטוועדער אן אבשטעל פון דער סחורה־צירקולאציע, אדער אן אונטערבראכענעם פלוס פון די סחורה־מעטאמארפאזן.114

112 „די וועקסעל־קורסען שטייגען און פאלען יעדע וואך; אין א וועלכער עס איז צייט פון יאהר שטעהען זיי הויך קעגען א געוויסער נאציאן, און אין אנאנדער צייט שטעהען זיי הויך אויף דער פערקעהרטער זייט". (נ. בארבאן, „א דיסקארס עטצ.", ז. 39).

113 אט די פערשיידענע פונקציעס קאנען קומען אין א געפעהרליכען קאנפליקט צווישען זיך, אזויבאלד ווי עס קומט נאך צו די פונקציע צו דיענען ווי א פאנד אויף אויסצוביטען די באנק־נאטען.

114 „וויפיעל ס'איז פאראן מעהר געלד איידער ס'פאדערט זיך אומבעדינגט אין געווינס דעם לאנד וואס בעזיצט עס, אויסער אויף וויפיעל ס'ווערט ארויסגעפיהרט אדער אריינגעפיהרט אין מסחר". (דזש. בעללער, „עססייס אבאוט דרי פור" לאנדאן 1669, ז. 12). „וואס דארף מען טהאן ווען מיר האבען צופיעל אויסגעגאסענע געלד־מטבעות? מיר קאנען צושמעלצען די שווערסטע שטיקער און איבערארבייטען פון דעם ציערליכע טיש־געשיר, געפעסער אדער כלים פון גאלד אדער זילבער, אדער מיר קאנען עס ארויספיהרען ווי א סחורה דארט וואו ס'איז פאראן א נויט און א נאכפראגע אויף דעם, אדער מיר קאנען עס אויסלייהען אויף צינזען, וואו די צינז־ראטע איז הויך". (פעטטי „קוואנטולומקונג", 1682, ז. 39). „געלד איז נאר דאס פעטס פון דעם שטאאטס־קערפער. צופיעל דערפון שטערט פונקט אזוי אפט זיין בעוועגליכקייט, ווי צו־ווייניג מאכט איהם קראנק. אזוי ווי פעטס מאכט לייכט די בעוועגליכקייט פון די מוסקולען, שטעלט־צו דעם קערפער נאהרונג, ווען ס'זיינען ניטא קיין לעבענס־מיטלען, פילט אוים די גריבער און פערשענערט דעם גאנצען קערפער, אזוי מאכט דאס געלד לייכטער פאר'ן שטאאט זיך צו בעוועגען, ס'ברענגט אריין לעבענסמיטלען פון אויסלאנד, ווען ס'איז אין לאנד ניטא יענוג, ס'גלייכט אוים די קאנטאס... און פערשענערט דאס גאנצע; גאנצעווים, לעגב ער צו איראניש צום סוף, פריהער פאר אלעמען די יעניגע, וועלכע האבען א רעכט ביסעל דערפון". (פעטטי „פאליטיקאל אנאטאמיע אוו אירלאנד", לאנדאן 1691, ז 14).

## צווייטער קאפיטעל.

# די פערוואנדלונג פון געלד אין קאפיטאל.

### 1. די אלגעמיינע פארמולע פון קאפיטאל.

די צירקולאציע פון סחורות איז דער אנהויב-פונקט פון קאפיטאל. ער בעוויזט זיך נאר דארטן, וואו די פראדוקציאן פון סחורות, און אן ענטוויקעלטע סחורה-צירקולאציע—האנדעל—האבען דערגרייכט א געוויסע הויך פון ענטוויקלונג. דער וועלט-האנדעל און דער וועלט-מארק האבען אין 16טען י.ה. אויפגעעפענט די מאדערנע לעבענס-געשיכטע פונ'ם קאפיטאל.

ווען מיר לאזען אן א זייט דעם מאטעריעלען אינהאלט פון דער סחורה-צירקולאציע, דעם אויסטויש פון די פערשיידענע געברויך-ווערטהען, און מיר בעטראכטען נאר די עקאנאמישע פארמען, וואס דער דאזיגער פראצעס בעשאפט, געפינען מיר, אז דאס געלד שטעלט פאר זיין לעצטען פראדוקט. דער דאזיגער לעצטער פראדוקט פון דער סחורה-צירקולאציע איז די ערשטע פארם, אין וועלכער דער קאפיטאל ערשיינט.

היסטאריש טרעט אומעטום דער קאפיטאל ארויס אנטקעגען איבער דעם גרונד-אייגענטום צוערשט אין דער פארם פון געלד—אלס געלד-פערמעגען, סוחר'ישער קאפיטאל און וואוכער-קאפיטאל.[1] מען דארף אבער אפילו ניט נאכזוכען די געשיכטע ווי אזוי דער קאפיטאל איז ענטשטאנען, כדי איינצוזעהן, אז דאס געלד איז די ערשטע פארם פון זיין ערשיינונג. דיזעלביגע געשיכטע שפיעלט זיך אב טעגליך פאר אונזערע אויגען. יעדער נייער קאפיטאל

---

[1] דער געגענזאץ צווישען דער מאכט פון גרונד-אייגענטום, וואס האלט זיך אויף פערזענליכע בעציהונגען פון הערשאפט און קנעכטשאפט, און דער אונ-פערזענליכער מאכט פון געלד, איז קלאר אויפגעפאסט אין די צוויי פראנצויזישע שפריכווערטער: „ניל טער סאן סיניער" (נייא קיין שטיק ערד אהן א הארר) און „ל'ארזשאן נ'א פא דע מעטר" (געלד האט ניט קיין הארן).

בעטרעט אין ערשטער אינסטאנציע די ביהנע, ד.ה. דעם מארק: דעם סחורה־מארק, דעם ארבייט־מארק אדער דעם געלד־מארק, אלעמאל אין דער פארם פון געלד—פון געלד, וועלכעס דארף זיך דורך בעשטימטע פראצעסען פערוואנדלען אין קאפיטאל.

געלד אלס געלד און געלד אלס קאפיטאל אונטערשיידען זיך קודם נאר דורך זייער פערשיידענער פארם פון צירקולאציע.

די דירעקטע פארם פון דער סחורה־צירקולאציע איז ס—ג—ס, די פערוואנדלונג פון סחורה אין געלד און די צוריקפערוואנדלונג פון געלד אין סחורה—פערקויפען כדי צו קויפען. נעבען אט דער פארם געפינען מיר אבער א צווייטע, ספעציפיש אונטערשיידענע פארם, די פארם ג—ס—ג, די פערוואנדלונג פון געלד אין סחורה און די צוריק־פערוואנדלונג פון סחורה אין געלד—קויפען כדי צו פערקויפען. געלד, וואס בעשרייבט אין זיין בעוועגונג אט די לעצטע צירקולאציע, פערוואנדעלט זיך אין קאפיטאל, ווערט קאפיטאל און איז שוין לויט זיין בעשטימונג נאך קאפיטאל.

לאמיר זיך נעהענטער צוקוקען צו דער צירקולאציע ג—ס—ג. זי לויפט דורך, גלייך ווי די איינפאכע סחורה־צירקולאציע, צוויי אנטקעגענגעזעצטע פאזען. אין דער ערשטער פאזע, ג—ס, קויף, ווערט דאס געלד פערוואנדעלט אין סחורה. אין דער צווייטער פאזע, ס—ג, פערקויף, ווערט די סחורה צוריק־פערוואנדעלט אין געלד. די איינהייט אבער פון דיביידע פאזען איז די גאנצע בעוועגונג, וועלכע טוישט אוים געלד אויף סחורה און דיזעלביגע סחורה ווידער אויף געלד, קויפט סחורה כדי צו פערקויפען; אדער, ניט קוקענדיג אויף די פארמעלע חלוקים צווישען קויף און פערקויף, קויפט מיט דעם געלד סחורה און מיט דער סחורה געלד.[1] דער רעזולטאט, מיט וואס דער גאנצער פראצעס ענדיגט זיך, איז אן אויסטויש פון געלד אויף געלד. ווען איך קויף פאר 100 פונט סט. 2000 פונט באוועל און פערקויף די 2000 פונט באוועל ווידער פאר 110 פונט סט., האב איך סוף כל סוף אויסגעטוישט 100 פונט סט. אויף 110 פונט סט.—געלד אויף געלד.

עס איז דאך קלאר, אז דער צירקולאציאנס־פראצעס ג—ס—ג

[1] „מיט געלד קויפט מען סחורה און מיט סחורה קויפט מען געלד". (מערסיע דע לא ריוויע, „ל'ארדער נאטורעל עטב."، ז. 543.)

וואָלט געווען פשוט אַן אונזין און אָהן אַן אינהאַלט, ווען מען וואָלט דורכדעם געוואָלט אויסטוישען איין געלד־ווערטה אויף דעמזעלביגען געלד־ווערטה, כדומה למשל 100 פונט סט. אויף 100 פונט סט. אַ סך איינפאַכער און זיכערער וואָלט שוין געווען די מעטאָדע פון דעם אוצר־קלייבער, וועלכער האַלט זיינע 100 פונט סט, פערשלאָסען, אנשטאט זיי אויסצוזעצען צו די געפאַהרען פון דער צירקולאַציע. פון דער אַנדער זייט, ווען דער סוחר פערקויפט די באַוועל, וואָס ער האָט געקויפט פאַר 100 פונט סט., און קריגט דערפאַר 110 פונט סט. אָדער ניט מעהר ווי 100 פונט סט., און אפילו אויב ער מוז עס אוועקגעבען פאַר 50 פונט סט., האָט זיין געלד אונטער אַלע אומשטענדען דורכגעמאַכט אַן אייגענטימליכע און אָריגינעלע בעוועגונג, דורכאויס פון אַנאַנדער סאָרט ווי אין דער איינפאַכער סחורה־צירקולאַציע, צ.ב.ש. אין די הענד פונ׳ם פויער, וועלכער פערקויפט קאָרן און קויפט פאַר דעם געלייזטען געלד קליידער. קודם, הייסט עס, מוז מען געבען אַ כאַראַקטעריסטיק פון די אונטערשיידען אין פאָרם צווישען דעם קרייזלויף ג—ס—ג און ס—ג—ס. דערמיט וועט זיך אויך אַרויסווייזען דער אונטערשייד אין אינהאַלט, וואָס לויערט הינטער די דאָזיגע אונטערשיידען אין פאָרם.

לאָמיר קודם זעהן וואָס איז דאָ געמיינזאַמעס אין די דאָזיגעביידע פאָרמען.

ביידע קרייז־לויפען צעפאַלען זיך אויף דיזעלביגע צוויי געגענגעזעצטע פאַזען: ס—ג, פערקויף, און ג—ס, קויף. אין יעדערער פון די ביידע פאַזען שטעהן דיזעלביגע צוויי זאַכליכע עלעמענטען איינער קעגענאיבער דעם אַנדערן, סחורה און געלד, און אויך צוויי פערזאָנען אין דיזעלביגע עקאָנאָמישע כאַראַקטער־מאַסקען, אַ קויפער און אַ פערקויפער. יעדער קרייז־לויף פון אָט די ביידע טעלט מיט זיך פאַר די איינהייט פון דיזעלביגע קעגענגעזעצטע פאַזען, און ביידע מאָל ווערט די דאָזיגע איינהייט דורכגעפיהרט דורך דעם אַרויסטרעטען פון דריי קאָנטראַהענטען, פון וועלכע איינער פערקויפט נאָר, דער אַנדערער קויפט נאָר, דער דריטער אָבער קויפט און פערקויפט.

דער חלוק אָבער, וואָס שיידט אָב די ביידע קרייז־לויפען ס—ג און ג—ס—ג גלייך פון אָנהויב, איז דער אומגעקעהרטער

סדר פון די געגענגעזעצטע צרקולאַציאָנס־פאַזען. די איינפאַכע סחורה־צירקולאַציע פאַנגט זיך אָן מיט דעם פערקויף און ענדיגט זיך מיט קויף, די צירקולאַציע פון געלד אַלס קאַפּיטאַל הויבט אָן מיט דעם קויף און ענדיגט זיך מיט דעם פערקויף. דאָרט איז די סחורה דער אָנהויב און אויסלאָז־פונקט פון דער בעוועגונג, דאָ איז עס דאָס געלד. אין דער ערשטער פאָרם איז דאָס געלד דער פערמיטלער פון גאַנצען פראָצעס, אין דער אַנדער פאָרם איז פערקעהרט די סחורה דער פערמיטלער.

אין דער צירקולאַציע ס—ג—ס ווערט דאָס געלד ענדליך פערוואַנדעלט אין סחורה, וועלכע דיענט אַלס געברויך־ווערטה. דאָס געלד איז אַלזאָ אויסגעגעבען איינמאָל פאַר אַלע מאָל. אין דער פערקעהרטער פאָרם ג—ס—ג גיט דער קויפער אויס געלד, כדי אַלס פערקויפער אַריינצונעהמען געלד. קויפענדיג די סחורה וואַרפט ער דאָס געלד אַריין אין דער צירקולאַציע, כדי עס אַרויס־צונעהמען ווידער דורך דעם פערקויף פון דערזעלביגער סחורה. ער לאָזט דאָס געלד אַרויס פון די הענד נאָר מיט דער פערבאָר־גענער כונה ווידער צו ווערן דער בעזיצער דערפון. דאָס געלד, הייסט עס, ווערט נאָר געגעבען אין אוואַנס.3

אין דער פאָרם ס—ג—ס בייט דיזעלביגע מטבע איהר אָרט צוויי מאָל. דער פערקויפער בעקומט עס פון׳ם קויפער און צאָהלט עס אַוועק צו אַנאַנדער פערקויפער. דער גאַנצער פראָצעס, וואָס פאַנגט זיך אָן מיט דעם אַריינעהמען פון געלד פאַר סחורה, ענדיגט זיך מיט דעם אַוועקגעבען פון געלד פאַר סחורה. עס איז פער־קעהרט אין דער פאָרם ג—ס—ג. ניט דיזעלביגע מטבע בייט דאָ צוויי מאָל איהר אָרט, נאָר דיזעלביגע סחורה. דער קויפער בע־קומט זי פון די הענד פון׳ם פערקויפער און גיט זי אַוועק אין די הענד פון אַנאַנדער קויפער. אַזוי ווי אין דער איינפאַכער סחורה־צירקולאַציע איז דער צוויי־מאָליגער פּלעצער־איבערבייט פון דער־

3) „ווען אַ זאַך ווערט געקויפט כדי ווידער פערקויפט צו ווערען, הייסט די סומע, וואָס ווערט פערווענדעט דערויף, געלד געגעבען אין אַוואַנס; ווען זי ווערט געקויפט ניט כדי פערקויפט צו ווערן, קאָן מען זאָגען, אַז זי איז אויסגעגעבען געוואָרן.“ (דזשיימס סטואַרט, ווערק 1801, ב. 1, ז. 274).

זעלביגער מטבע פועל איהר ענדליכען איבערגאנג פון איין האנד אין דער אנדערער, אזוי איז דא דער צוויי־מאליגער פלעצער־אי־בערבייט פון דערזעלביגער סחורה פועל דעם צוריקגאנג פונ׳ם געלד צו זיין ערשטען אנהויב־פונקט.

דער צוריקגאנג פונ׳ם געלד צו זיין אנהויב־פונקט הענגט ניט אב פון דעם, צי די סחורה ווערט פערקויפט טייערער איידער זי איז געקויפט געווארן. דער אומשטאנד בעאיינפלוסט נאר די גרויס פון דער צוריקקעהרענדער סומע. די ערשיינונג גופא פון דעם צוריקגאנג קומט פאר אזויבאלד ווי די געקויפטע סחורה ווערט ווידער פערקויפט, ד.ה. וויבאלד נאר דער קרייז־לויף נ—ס—ג ווערט פאלשטענדיג דורכגעמאכט.

דער קרייז־לויף ס—ג—ס איז פאלשטענדיג דורכגעמאכט, אזויבאלד ווי דער פערקויף פון א סחורה ברענגט געלד, וואס דער קויף פון אנאנדער סחורה נעהמט עס ווידער אב. אויב עס פאלגט דערנאך א צוריקגאנג פונ׳ם געלד צו זיין אנהויב־פונקט, קאן עס נאר פאסירן דורך דער בענייאונג אדער ווידערהאלונג פון דעם גאנצען פראצעס. ווען איך פערקויף א פערטעלע קארן פאר 3 פונט סט. און קויף פאר די דאזיגע 3 פונט סט. קליידער, זיינען פאר מיר די 3 פונט סט. דעפיניטיוו אויסגעגעבען. איך האב מיט זיי מעהר גארנישט צו טהאן. זיי געהערן צו דעם קליידער־הענד־לער. פערקויף איך איצט נאך א פערטעלע קארן, פליסט געלד צוריק צו מיר, אבער ניט אלס א פאלגע פון דער ערשטער טראנס־אקציע, זאנדערן נאר אלס א פאלגע פון איהר ווידערהאלונג. דאס געלד דערוויטערט זיך ווידער פון מיר, אזויבאלד ווי איך דערפיהר די צווייטע טראנסאקציע צו איהר סוף און קויף פון דאס ניי. אין דער צירקולאציע ס—ג—ס האט, הייסט עס, דאס אויס־געבען פונ׳ם געלד גארנישט צו טהאן מיט זיין צוריק־פלוס. אין ג—ס—ג דאגעגען קומט דער צוריק־פלוס פונ׳ם געלד ווי א בעדינג פון דעם אופן פון זיין ווערן אויסגעגעבען גופא. אהן דעם דא־זיגען צוריק־פלוס האט די אפעראציע פערפעהלט איהר צוועק, אדער דער פראצעס איז אונטערבראכען געווארן און איז נאך ניט פערטיג, ווייל עס פעהלט זיין צווייטע פאזע, דער פערקויף, וואס ערגענצט און פערענדיגט דעם קויף.

דער קרייז־לויף ס—ג—ס געהט ארויס פון דעם עקסטרעם

פון איין סחורה און ענדיגט מיט דעם עקסטרעם פון אַנאַנדער סחורה, וועלכע פאַלט אַרויס פון דער צירקולאַציע און פאַלט אַריין אין דער קאָנסומציאָן. די קאָנסומציאָן, בעפֿריעדיגונג פון בעדערפעֿנישען, מיט איין וואָרט, געברויך־ווערטה—דאָס איז פאָלגליך זיין ענד־צוועק. דער קרייז־לויף ג—ס—ג געהט דאַגעגען אַרויס פון דעם עקסטרעם פון׳ם געלד און קעהרט זיך לסוף אום צוריק צו דעמזעלביגען עקסטרעם. זיין מאָטיוו, וואָס טרייבט איהם, און דער צוועק, וואָס בעשטימט איהם, איז דעריבער דער טוישווערטה גופא.

אין דער איינפאַכער סחורה־צירקולאַציע האָבען ביידע עקסטרעמען דיזעלביגע עקאָנאָמישע פאָרם. זיי זיינען ביידע סחורה. זיי זיינען אויך סחורות פון איין און דעמעלביגען ווערטה. אָבער זיי זיינען קוואַליטאַטיוו פערשיידענע, געברויך־ווערטהען, צ.ב.ש. קאָרן און קליידער. דער אויסטויש פון פּראָדוקטען, דער אויסבייט פון די פערשיידענע שטאָפען, אין וועלכע די געזעלשאַפטליכע אַרבייט איז פאַרגעשטעלט, מאַכט דאָ אויס דעם אינהאַלט פון דער בעוועגונג. אין דער צירקולאַציע ג—ס—ג איז די זאַך אַנדערש. אויפ׳ן ערשטען בליק דוכט זיך, אַז זי איז אָהן אַ אינהאַלט, ווייל זי איז טאַוטאָלאָגיש: איהר ענד־פונקט איז נישט מעהר ווי אַ ווידערהאָלונג פון איהר אָנהויב־פונקט. ביידע עקסטרעמען האָבען דיזעלביגע עקאָנאָמישע פאָרם. זיי זיינען ביידע געלד, הייסט עס, ניט קיין קוואַליטאַטיוו־פערשיידענע געברויך־ווערטהען, וואָרים געלד איז אַקוראַט די פערוואַנדעלטע געשטאַלט פון סחורות, אין וועלכער זייערע בעזונדערע געברויך־ווערטהען זיינען אויסגעלאָשען געוואָרען. פריהער אויסטוישען 100 פונט סט. אויף באַוועל, דערנאָך ווידער דיזעלבע באַוועל אויסטוישען אויף 100 פונט סט., אַלזאָ בייטען אויף אַ ניט־דירעקטען אופן געלד אויף געלד, דיזעלביגע אויף דיזעלביגע, זעהט זיך אָן אַן עסק, וואָס איז פונקט אַזוי צוועקלאָז ווי אונזיניג.[4] איין געלד־סומע קאָן זיך

4 „מען טוישט ניט געלד אויף געלד", שרייבט אויס מערסיע דע לאַ ריוויע צו די מערקאַנטיליסטען. אין אַ ווערק, וואו עס האַנדעלט זיך אויסדריקליך וועגען „מסחר" און „ספּעקולאַציע" לעזען מיר ווי פאָלגט: „דער גאַנצער מסחר בעשטעהט אין דעה אויסטויש פון זאַכען פון פערשיידענע סאָרטען; און דער

אונטערשיידען פון אנאנדער געלד־סומע איבערהויפט נאר דורך זייער גרויס. דער אינהאלט פון דעם פראצעס ג—ס—ג בעשטעהט דעריבער ניט אין א קוואליטאטיווען אונטערשייד פון זיינע עקסטרעמען, ווארים זיי זיינען דאך ביידע געלד, נאר אין א קוואנטיטאטיווער פערשיידענהייט. דער רעזולטאט פון דעם פראצעס איז, אז עס ווערט צום סוף ארויסגענומען פון דער צירקולאציע מעהר געלד, איידער עס איז אין אנפאנג אין איהר אריינגעטאן געווארן. די באוועל, וואס איז געקויפט געווארן פאר 100 פונט סט., ווערט צ.ב.ש. ווידער פערקויפט פאר 100+10 פונט סט. אדער 110 פונט סט. די פאלשטענדיגע פארם פון דעם דאזיגען פראצעס איז דעריבער ג—ס—ג׳, וואו ג׳=ג+Δג, ד.ה. עס איז גלייך צו דער אורשפרינגליך אוואנסירטער סומע פלוס עפעס א צו־וואקס. אט דעם צו־וואקס אדער די הוספה אריבער דעם אורשפרינגליכען ווערטה רוף איך אן — מ ע ה ר ו ו ע ר ט ה. דער אורשפרינגליך־אוואנסירטער ווערטה בלייבט דעריבער ניט נאר

---

פארטייל (פאר דעם מסחר ?) נעהמט זיך אקוראט פון אט דער פערשיידענהייט. אויסטוישען א פונט ברויט אויף א פונט ברויט, וואלט ניט געבראכט דעם קלענסטען פארטייל... דערפון נעהמט זיך דער פארטייל־האפטער קאנטראסט צווישען האנדעל און שפיעלען, וואס איז נאר אן אויסטויש פון געלד אויף געלד.״ (טה. קארבעט, „אן אינקווייערי אינטו דהי קאזעס אנד מאודס אוו דהי וועלטה אוו אינדיווידואלס״, לאנדאן 1841, ז. 5.) אבוואהל קארבעט זעהט ניט, אז ג—ג, אויסטוישען געלד אויף געלד איז די כאראקטעריסטישע צירקולאציאנס־פארם ניט נאר פון דעם האנדעל־קאפיטאל, נאר פון יעדען קאפיטאל, גיט ער ווענינסטענס צו, אז אט די פארם פון איין סארט האנדעל, פון דער ספעקולאציע, האט געמיינשאפטליכעס מיט שפיעלען [געמבלינג]; אבער דאן קומט מאקקולאך און געפינט, אז בכלל קויפען כדי צו פערקויפען איז ספעקולירן, און בכן פאלט אוועק דער אונטערשייד צווישען ספעקולאציע און האנדעל. „יעדער געשעפט, וואו ווער עס איז קויפט א פראדוקט כדי איהם ווידער צו פערקויפען, איז אין דער ווירקליכקייט א ספעקולאציע.״ (מאקקולאך, „א דיקשיאנארי פראקטיקאל עטצ. אוו קאמערס״, לאנדאן 1847, ז. 1058.) פיעל נאאיווער איז פונטא, דער פינדאר פון דער אמסטערדאמער בערזע, וועלכער זאגט: „דער האנדעל איז א שפיעל (דעם זאץ האט ער גענומען פון לאק) און פון בעטלער קאן מען גארנישט געווינען. ווען מען וואלט א לענגערע צייט נאכאנאנד אלץ אבגעוואונען פון אלע שפיעלער, וואלט מען דעם גרעסטענטייל פון דעם געווין פרייוויליג זיי געמוזט צוריקגעבען, אויב מען וואלט געוואלט אנפאנגען דאס שפיעל פון דאס ניי.״ (פינטא, „טרייטע דע לא סירקולאסיאן ע די קרעדי״, אמסטערדאם 1771, ז. 231.)

גאַנץ אין דער צירקולאַציע, נאָר ער פערענדערט אויך אין איהר זיין גרויס אין ווערטה, ער. לעגט צו אַ מעהרווערטה אָדער מאַכט זיך ווערטה מעהר. און אָט די בעוועגונג פערוואַנדעלט איהם אין קאַפּיטאַל.

עס איז, אמת, אויך מעגליך, אז אין דער פאָרם ס—ג—ס זאָלען די ביידע עקסטרעמען ס, ס, צ.ב.ש. קאָרן און קליידער, זיין קוואַנטיטאַטיוו פערשיידען אין גרויס פון ווערטה. דער פויער קאָן פערקויפען זיין קאָרן איבער דעם ווערטה אָדער קויפען די קליידער אונטער זייער ווערטה. פון דער אנדער זייט קאָן ער פערקעהרט ווערן אָבגענאַרט פון דעם קליידער־הענדלער. אָבער אזעלכע ווערטה־חלוקים בלייבען פאַר אָט דער צירקולאַציאָן־פאָרם גופא ריין צופעליגע. זי פערלירט ניט שיער דעם זין און פער־שטאַנד, ווי דער פּראָצעס ג—ס—ג, ווען איהרע ביידע עקסטרע־מען, צ.ב.ש. קאָרן און קליידער, זיינען עקוויוואַלענטען. אדרבא, זייער גלייך־ווערטה איז דאָ די נוטיגע בעדינגונג פון דעם נאָר־מאַלען גאַנג פון דעם פּראָצעס.

די ווידערהאָלונג אָדער בענייאונג פון דעם פערקויפען כדי צו קויפען, אזוי ווי דער פּראָצעס גופא, געפינט זיין מאָס און ציעל אין אַ ענד־צוועק, וואָס ליעגט פון דרויסען פון איהם, אין דער קאָנסומציאָן, אין דער בעפריעדיגונג פון בעשטימטע בעדערפע־נישען. דאַגעגען אין דעם קויפען כדי צו פערקויפען איז דער אָנפאַנג און דער סוף דאָסזעלביגע—געלד, טוישווערטה, און שוין דורכדעם אליין איז די בעוועגונג ענדלאָז. גאַנץ געוויס איז פון ג געוואָרען ג+$\Delta$ג, ד.ה. פון 100 פונט סט. איז געוואָרען 100+10. אָבער בעטראַכט מען עס בלויז קוואַליטאַטיוו, זיינען 110 פונט סט. דאָסזעלביגע ווי 100 פונט סט., נעמליך—געלד. און ווען מען בעטראַכט עס קוואַנטיטאַטיוו זיינען 110 פונט סט. אַ בע־שרענקטע ווערטה־סומע, אזוי ווי 100 פונט סט. ווען די 110 פונט סט. זאָלען אויסגעגעבען ווערן אלס געלד, דאַן פאַלען זיי ארויס פון זייער ראָליע. זיי הערן אויף צו זיין קאַפּיטאַל. ציהט מען זיי ארויס פון דער צירקולאַציע, ווערן זיי פערשטיינערט אלס אוצר און קיין פעניג וועט אויף זיי ניט אָנוואַקסען, ווען זיי זאָלען דאָרט ליעגען אפילו אייביג. פאָלגליך, האַנדעלט זיך איינמאָל וועגען פערווערטהונג [צו־וואוקס] פון דעם ווערטה, דאַן איז פאַראַן

דיזעלבינע פאָדערונג צו פערגרעסערן די 110 פונט סט. פונקט ווי די 100 פונט סט.: אזוי ווי זיי זיינען ביידע בעשרענקטע אויסדריקען פון טוישווערטה, האָבען זיי אַלזאָ ביידע דעמזעלבען בערוף צו דערנעהנטערן זיך צום אבסאָלוטען רייכטום דורך א פערמעהרונג פון זייער גרויס אמת, פאַר איין אויגענבליק אונ־טערשיידט זיך דער אָריגינעל־איינגעלעגטער ווערטה פון 100 פונט סט. פון די 10 פונט סט. מעהרווערטה, וואָס איז צוגעוואַק־סען צו איהם אין דער צירקולאַציע, אָבער דער דאָזיגער אונטער־שייד ווערט גלייך ווידער צורונען. עס קומט ניט ארויס צום סוף פון דעם פראָצעס אויף איין זייט דער אָריגינאַל־ווערטה פון 100 פונט סט. און אויף דער אַנדער זייט דער מעהרווערטה פון 10 פונט סט.: וואָס עס קומט יאָ ארויס, איז א ווערטה פון 110 פונט סט., וועלכער געפינט זיך אקוראט אין דערזעלבער פאָרם אויף אָנצופאנגען דעם פערגרעסערונגס־פראָצעס, ווי די אורשפּרינג־ליכע 100 פונט סט. געלד קומט ארויס צום סוף פון דער בע־וועגונג, ווי אין איהר אָנפאנג.5 דער סוף פון יעדען איינצעלנעם קרייז־לויף, אין וועלכען עס פיהרט זיך דורך דער קויף צוליעב'ן פערקויף, פאָרמירט פאָלגליך פון זיך אַליין דעם אָנפאנג פון א נייעם קרייז־לויף. די איינפאכע סחורה־צירקולאַציע—דער פער־קויף צוליעב'ן קויף—דיענט ווי א מיטעל צו א צוועק, וואָס ליעגט אויסערהאַלב פון דער צירקולאַציע: די אָנאייגנונג פון געברויך־ווערטהען, די בעפריעדיגונג פון בעדערפענישען. פערקעהרט, די צירקולאַציע פון געלד אַלס קאַפּיטאַל איז א צוועק פאַר זיך, וואָרים די פערמעהרונג [פערגרעסערונג] פונ'ם ווערטה עקזיסטירט נאָר אין אָט דער שטענדיג־בענייעטער בעוועגונג. די בעוועגונג פון קאַפּיטאַל איז פאָלגליך אָהן א מאָס.6

---

5) „דאס קאפיטאל טיילט זיך איין... אין דעם אורשפּרינגליכען קאפיטאל און אין דעם פּראָפיט, דעם צו־וואַקס פון קאפּיטאל... הגם אין דער פּראַקטיקע ווערט דער דאָזיגער פּראָפיט גלייך פערוואנדעלט אין קאפּיטאל און ווערט געטריבען אין איין פלוס מיט איהם.“ (פ. ענגעלס „אומריסע צו איינער קריטיק דער נאציאָנאל־עקאָנאָמיע“ אין „דייטש־פראנצויזישע יאהרביכער“, ארויסגעגעבען פון ארנאלד רוגע און קארל מארקס, פּאריז 1844, ז. 99.) (געזאמעלטע שריפטען פון קארל מארקס און פר. ענגעלס, שטוטגארט 1902, ב. I, ז. 445.)

6) אריסטאָטעל שטעלט די עקאָנאָמיק אנטקעגען דער כרעמאַטיסטיק (ריכטונ...

אַלס בעוואוסטזיניגער טרעגער פון דער דאָזיגער בעוועגונג ווערט דער געלד־בעזיצער אַ קאַפּיטאַליסט. זיין פּערזאָן, אָדער ריכטיגער געזאָגט זיין בייטעל, איז דער פּונקט, פון וועלכען דאַס

---

זאַמלונג]. ער געהט אַרויס פון׳ם שטאַנדפּונקט פון דער עקאָנאָמיק. אויף וויפיעל זי שטעלט פאַר די קונסט פון ערווערבונג, בעשרענקט זי זיך אויף דער פערשאַפונג פון דאַס, וואַס איז נויטיג צום לעבען און פון די גיטער, וואַס זיינען ניצליך פאַר׳ן הויז אָדער פאַר׳ן שטאַאט. „דער אמת׳ער רייכטום בעשטעהט פון אַזוינע געברויך־ווערטהען; ווארים די מאָס פון דעם סאָרט בעזיץ, וואַס איז גענוג פאַר אַ גוטען לעבען, איז ניט אונבעגרענצט. עס איז אָבער פאַראַן אַ צווייטער סאָרט פון דער קונסט פון ערווערבונג, וועלכע הייסט ספּעציעל און מיט רעכט כרעמאַטיסטיק, און פאַר איהר, ווי עס שיינט, עקזיסטירט ניט קיין גרעניץ פון רייכטום און בעזיץ. דער סחורה־האַנדעל (הייסט ווערטליך קראַם־האַנדעל, און אַריסטאַטעל נעהמט אַט די פאָרם, ווייל אין איהר איז דער געברויך־ווערטה מעהר בולט) געהערט ניט לויט זיין נאַטור צו דער כרעמאַטיסטיק, ווארים דאָ בעציהט זיך דער אויסטויש נאָר אויף דאָס, וואַס איז נויטיג פאַר זיי אַליין (פאַר דעם קויפער און פערקויפער).״ דעריבער, בעווייזט ער ווייטער, איז טאַקע די אורשפּרינגליכע פאָרם פון סחורה־האַנדעל געווען דער טויש־האַנדעל, אָבער מיט זיין ענטוויקלונג איז נויטיגערווייז ענטשטאַנען דאַס געלד. מיט דער ערפינדונג פון געלד האָט זיך דער טויש־האַנדעל נויטיגערווייז געמוזט ענט־וויקלען אין סחורה־האַנדעל און להיפּך צו זיין אורשפּרינגליכער טענדענץ האָט דער סחורה־האַנדעל זיך אויסגעבילדעט אין דער כרעמאַטיסטיק, ד.ה. אין דער קונסט פון געלד מאַכען. די כרעמאַטיסטיק, הייסט עס, אונטערשיידט זיך פון דער עקאָנאָמיק דורכדעם, וואָס פאַר איהר איז די צירקולאַציע דער קוואַל פון רייכטום״. און עס זעהט אויס, אַז זי דרעהט זיך אַרום דאָס געלד, דען דאָס געלד איז דער אַנהויב און דער סוף פון דעם סאָרט אויסטויש. דעריבער טאַקע איז דער רייכטום, צו וועלכען די כרעמאַטיסטיק שטרעבט, אונבעגרעניצט. אַזוי ווי יעדע קונסט ,וועלכע איז ניט אַ מיטעל צו אַ צוועק, נאָר אַ צוועק פאַר זיך, איז ניט בעגרעניצט אין איהר שטרעבען, ווארים זי זוכט רק צוצוקומען נעהענטער און נעהענטער צו דעם דאָזיגען צוועק, בעת די קונסטען, וועלכע זיינען נאָר מיטלען צו אַ צוועק, זיינען ניט אונבעגרעניצט, היות ווי דער צוועק גופא שטעלט פאַר זיי אַוועק די גרעניץ—אַזוי איז אויך פאַר דער דאָזיגער כרעמאַטיסטיק ניטאָ קיין גרעניצען צו איהר ציעל, זאָנדערן איהר ציעל איז די אַבסאָלוטע בערייכערונג. די עקאָנאָמיק האָט אַ גרעניץ, ניט די כרעמאַטיסטיק... די ערשטע בעצוועקט עפּעס אַנדערש איידער געלד, די אַנדערע בעצוועקט די פערמעהרונג פון געלד.... דורכדעם וואָס מען פערבייט די דאָזיגע צוויי פאָרמען, וועלכע זיינען מסיג גבול איינע די אַנדערע, האָבען אייניגע גענומען בעטראַכטען די אויפהאַלטונג און פערמעהרונג פון געלד עד לאין סוף פאַר דעם ענדציעל פון דער עקאָנאָמיק.״ (אַריסטאָטעל, „דע רעפּובליקאַ״, עדיט. בעקקער, בוך 1, 8 און 9.)

געלד געהט ארויס און צו וועלכען עס קעהרט זיך אום צוריק. דער אָביעקטיווער אינהאַלט פון יענער צירקולאַציע—די פערוועערטהונג פון ווערטה—איז זיין סוביעקטיווער צוועק, און נאָר אויף אזוי ווייט, ווי דער איינציגער טרייבענדער מאָטיוו פון זיינע אָפּעראציעס איז די אָנאייגענונג פון אַלץ מעהר און מעהר אַבסטראַקטען רייכטום, פונקציאָנירט ער אַלס קאַפּיטאַליסט אָדער אַלס קאַפּיטאַל, וואָס איז פערזאָניפיצירט און בעגאַבט מיט אַ ווילען און בעוואוסטזיין. דער געברויך־ווערטה מוז אַלזאָ קיינמאָל ניט בעהאַנדעלט ווערן אַלס דער דירעקטער צוועק פון דעם קאַפּיטאַליסט.[7] אויך ניט דער איינצעלנער פּראָפּיט, זאָנדערן נאָר די אונאויפהערליכע בעוועגונג פון פּראָפּיטען־מאַכען.[8] די דאָזיגע אַבּסאָלוטע שטרעבונג צו ווערן אַלץ רייכער,[9] אָט דער ליידענשאַפטליכער געיעג צו כאַפּען וואָס מעהר ווערטהען, איז גלייך ביי דעם קאַפּיטאַליסט ווי ביי דעם געלד־גייץ, מיט דעם אונטערשייד נאָר וואָס בעת דער געלד־גייץ איז אַ מטורפ׳דיגער קאַפּיטאַליסט, איז דער קאַפּיטאַליסט אַ ראַציאָנאַלער געלד־גייץ. די אונאויפהערליכע פערמעהרונג פון ווערטהען, נאָך וואָס דער גייציגער אוצרות־זאַמלער שטרעבט, דורכדעם וואָס ער זוכט ארויסצוראַטעווען[10]

---

[7] „גיטער (ווערט דאַ געברויכט איז זינ פון געברויך־ווערטהען) זיינען ניט דער ענד־צוועק פון דעם אינדוסטריעלען קאַפּיטאַליסט... געלד איז זיין ענד־צוועק." (טה. טשאַלמערס, „אן פּאליטיקאל עקאנאמי עטצ.", לאָנדאָן 1832, ז. 166.)

[8] „דער סוחר איז טאַקע אפילו ניט מבטל איינגאַנצען דעם פּראָפּיט, וואָס ער האָט שוין כמעט אין האַנד, אָבער זיין בליק איז דאָך שטענדיג געציעלט אויף דער צוקונפט." (א. גענאָוועסי, אויסגאַבע דער איטאַליענישען עקאָנאָמען פאַן קוסטאַדי, פּאַרטע מאָדערנאַ, ב. 8, ז. 139.)

[9] „די ליידענשאַפט נאָך פּראָפּיטען, וואָס קאָן ניט אויסגעלאָשען ווערן, די „אורי סאַקראַ פאַמיס", וועט שטענדיג בעשטימען דעם וועג פון די קאַפּיטאַליסטען." (מעקקולאָך, „דהי פּרינסיפּלס אָוו פּאליטיקאל עקאָנאָמי", לאָנדאָן 1830, ז. 179.) אָט די מיינונג שטערט נאַטירליך ניט דעמזעלביגען מעקקולאָך און נאָך אזוינע ווי ער, ווען זיי געפינען זיך אין אַ טעאָרעטישער פערלעגענהייט, צ.ב.ש. ביי דער בעהאַנדלונג פון איבער־פּראָדוקציאָן, צו פערוואַנדלען דעמזעלביגען קאַפּיטאַליסט אין אַ גוטען בירגער, וועלכער אינטערעסירט זיך נאָר מיט געברויך־ווערטהען און אַנטוויקעלט זאָגאָר אַן אמת׳ן וועלפישען הונגער פאַר שטיוועל, היט, אייער, קאַטונען און אַנדערע העכסט־בעקאַנטע סאָרטען געברויך־ווערטהען.

[10] איינער פון די כאַראַקטעריסטישע אויס־דרוקען אין גריכיש פאַר אוצרות־

דאָס געלד פון דער צירקולאַציע, דערגרייכט עס דער קליגערער קאַפּיטאַליסט דורכדעם, וואָס ער שפּאָרט שטענדיג דאָס געלד ווידער אין דער צירקולאַציע אריין.*[10]

די זעלבשטענדיגע פאָרמען, ד.ה. די געלד־פאָרמען, וועלכע דער ווערטה פון סחורות אין דער איינפאַכער צירקולאַציע נעהמט אָן, האָבען נאָר דעם צוועק, וואָס זיי פערמיטלען דעם סחורה־אויסטויש, און פערשווינדען אין דעם ענד־רעזולטאַט פון דער בעוועגונג. פערקעהרט אין דער צירקולאַציע ג—ס—ג פונקציאָנירען ביידע, די סחורה און דאָס געלד, נאָר אַלס פערשיידענע עקזיסטענץ־אופנים פון דער ווערטה גופא—דאָס געלד אַלס זיין אַלגעמיינער עקזיסטענץ־אופן, די סחורה אַלס זיין ספּעציעלער און אַזוי צו זאָגען נאָר פערקליידטער עקזיסטענץ־אופן.[11] ער געהט שטענדיג אַריבער פון איין פאָרם אין דער אַנדערער, ניט פערלירענדיג זיך אין דער דאָזיגער בעוועגונג, און ער פערוואַנדעלט זיך אויף דעם אופן אין אַן אויטאָמאַטישען סוביעקט [אין אַ וועזען, וואָס האָט אַן אייגענע בעוועגונג]. שטעלט מען זיך אָב אויף אָט די בעזונדערע ערשיינונג־פאָרמען, וועלכע דער זיך־פערמעהרענדער ווערטה נעהמט בייטענדיג אָן אין דעם קרייז־לויף פון זיין לעבען, דאַן בעקומט מען די ערקלערונגען: קאַפּיטאַל איז געלד, קאַפּיטאַל איז סחורה.[12] אין דער אמת'ן אָבער ווערט דאָ ז'ער ווערטה דער סוביעקט [דער טרעגער] פון אַ פּראָצעס, אין וועלכען ער ענדערט, בייטענדיג שטענדיג זיינע פאָרמען פון געלד און סחורה, זיין גרויס גופא, וואַרפט אָב אַ מעהרווערטה פון זיך אַליין אַלס לכתחילה'דיי־

---

זאַמלען „סאַדזיין" בעטייט ווערטליך „ראַטעווען". אַזוי בעטייט אויך דאָס ענגלישע וואָרט „סייוו" אי ראַטעווען אי שפּאָרען.

*10 „דאָס אונענדליכע, וואָס ליעגט ניט אין דעם פאָרווערטס־גאַנג פון זאַכען, ליעגט אין זייער קרייז־לויף." (גאַליאַני.)

11 „עס איז ניט דער שטאָף, וואָס מאַכט אויס דעם קאַפּיטאַל, נאָר דער ווערטה פון דעם דאָזיגען שטאָף." (זש. ב. סעי „טרעיטע ד'עקאָנאָמיע פּאָליטיק", פּאַריז 1817, ב. 1, ז. 428.)

12 „דאָס אומלויפענדע געלד (קוירענסי!), פערוואַנדעט אויף פּראָדוקטיווע צוועקען איז קאַפּיטאַל." (מעקליוד, „דהי טהיאָרי אַנד פּראַקטיס אָוו בייַנקינג", לאָנדאָן 1855, ב. 1, קאַפּיטעל 1.) „קאַפּיטאַל איז סחורה." (דזשיימס מילל, „עלעמענטס אָוו פּאָליטיקאַל עקאָנאָמי")

גער ווערטה, מיט איין ווארט, ער פערוווערטהעט זיך אליין. ווארים די בעוועגונג, אין וועלכער ער איז מוסיף מעהר ווערטה, איז זיין אייגענע בעוועגונג, זיין פערוווערטהונג איז פאלגליך א זעלבסט־פערוווערטהונג. ער האט בעקומען דעם כח הנסתר, די פערבאר־גענע קראפט, צו שאפען ווערטה, מחמת ער איז ווערטה. ער ווארפט ארויס פון זיך לעבעדיגע קינדער, אדער וועניגסטענס לעגט גאלדענע אייער.

דער ווערטה אלס אקטיווער פאקטאר (איבערגרייפענדער סוביעקט) פון אזא פראצעס, אין וועלכען אט נעהמט ער אן א געלד־פארם און סחורה־פארם און אט ווארפט ער זיי אראב, אבער האלט זיך אויף און שפרייט זיך אויס אין די אלע בייטענישען — דער ווערטה דארף האבען פריהער פאר אלץ א זעלבשטענדיגע פארם, דורך וועלכער עס זאל קאנסטאטירט ווערן זיין אידענטיטעט מיט זיך אליין. און אט די פארם בעזיצט ער נאר אינ'ם געלד. דאס געלד מאכט דעריבער אויס דעם אנהויב־פונקט און שלוס־פונקט פון יעדען פערוווערטהונגס־פראצעס. ער איז געוועזען 100 פונט סט., ער איז איצט 110 פונט סט. א.א.וו. אבער דאס געלד גופא גילט דא נאר אלס איין פארם פון ווערטה, ווארים ער האט זיי צוויי. אויב ער נעהמט ניט אן די סחורה־פארם ווערט דאס געלד ניט קיין קאפיטאל. דאס געלד טרעט אלזא דא ניט ארויס פאלעמיש [מיט התנגדות] לגבי דער סחורה, ווי ביי דער אוצר־זאמלונג. דער קאפיטאליסט ווייס, אז אלע סחורות, ווי לומפיג זיי זאלען ניט אויסזעהן און ווי שלעכט זיי זאלען ניט שמעקען, זיינען „אין ווארהייט און אין גלויבען" געלד, אינערליך גע'מל'טע אידען, און דערצו נאך וואונדער־שאפענדע מיטלען אויף צו מאכען פון געלד מעהר געלד.

אויב אין דער איינפאכער צירקולאציע בעקומט דער ווערטה פון די סחורות, אין געגענזאץ צו זייער געברויך־ווערטה, העכסטענס די זעלבשטענדיגע פארם פון געלד, שטעלט ער זיך אבער דא פלוצלינג ארויס ווי א פארווערטס־געהענדע (פראצעסירענדע), זיך אליין בעוועגענדע סובסטאנץ, פאר וועלכער אי סחורה, אי געלד זיינען בלויזע פארמען. און נאך מעהר ווי דאס. אנשטאט פארצושטעלען מיט זיך די שייכות'ן פון סחורות, טרעט ער איצט ארויס אזוי־צו־זאגען אין א פריוואט־שייכות צו זיך אליין, ער

אונטערשיידט זיך אלס לכתחילה'דיגער ווערטה פון זיך אליין אלס מעהרווערטה, אזוי ווי גאט רער פאטער אונטערשיידט זיך פון זיך אליין אלס גאט דער זון, און ביידע זיינען פון דעמזעלבען עלטער, און שטעלען צונויף אין דער ווירקליכקייט נאר איין פערזאן. ווארים נאר דורך דעם מעהרווערטה פון 10 פונט סט. ווערן די אויסגעלעגטע 100 פונט סט. קאפיטאל, און אזוי שנעל ווי זיי זיינען דאס געווארן, אזוי באלד ווי דער זון איז בעשאפען געווארן, און דורכ'ן זון דער פאטער, פערשווינדט ווידער זייער אונטערשייד און זיינען ביידע איינס 110 פונט סט.

דער ווערטה, אלזא, ווערט א פראצעסירענדער ווערטה, פראצעסירענדעס געלד, און אלס אזוינס—קאפיטאל. עס קומט ארויס פון דער צירקולאציע, געהט ווידער אין איהר אריין, האלט זיך אויף און פערפיעלפאכט זיך אין איהר, קעהרט זיך אום פערגרעסערט פון איהר צוריק, און הויבט אן דעמזעלביגען קרייז-לויף שטענדיג ווידער פון דאס ניי.13 ג—ג', געלד וואס געבעהרט געלד—money which begets money—אט אזוי קלינגט די בעשרייבונג פון קאפיטאל פון די מיילער פון זיינע ערשטע מפרשים, די מערקאנטיליסטען.

קויפען כדי צו פערקויפען, אדער פאלשטענדיגער, קויפען כדי טייערער צו פערקויפען, ג—ס—ג', איז אויפ'ן ערשטען בליק נאר איין מין קאפיטאל, די אייגענטימליכע פארם פון דעם סוחר'ישען קאפיטאל. אבער אפילו דער אינדוסטריעלער קאפיטאל איז אויך געלד, וואס פערוואנדעלט זיך אין סחורה, און דורך דעם פערקויף פון דער סחורה ווערט עס צוריק פערוואנדעלט אין מעהר געלד. באסירונגען, וואס קענען פארקומען אויסערהאלב פון דער צירקולאציאנס-ספערע, צווישען דעם קויף און פערקויף, מאכען קיין חלוק נים אין דער דאזיגער פארם פון בעוועגונג. ענדליך אין דעם צינזען-טראגענדען קאפיטאל שטעלט זיך ארויס די צירקולאציע ג—ס—ג' אין אן אבגעקירצטער פארם; זי בעוויזט זיך אין איהר רעזולטאט אהן דער פערמיטלונג, אזוי-צו-זאגען אין דעם לאפידארסטיל, אלס ג—ג', געלד, וואס איז גלייך צו מעהר געלד, ווערטה, וואס איז גרעסער ווי ער איז גופא.

---

13) „קאפיטאל... א פערמאנענטע, זיך פערמערענדע ווערטה" (זיסמאנדי, „נואוועל פרינציפ ד' עקאנאמי פאליטיק", ב. 1, ז. 90).

פאַקטיש אַלזאָ איז ג—ס—ג׳ די אַלגעמיינע פאָרמולע פון קאַפּיטאַל, ווי ער בעוויייזט זיך אונמיטעלבאַר אין דער ספערע פון דער צירקולאַציאָן.

## 2. די ווידערשפּרוכען פון דער אַלגעמיינער פאָרמולע.

די צירקולאַציאָנס־שטאַדיום, אין וועלכער דאָס געלד ווערט פערענדערט אין קאַפּיטאַל, ווידערשפּרעכט אַלע פריהער אַנטוויקעלטע געזעצען וועגען דער נאַטור פון סחורה, פון ווערטה, פון געלד און פון דער צירקולאַציע גופא. דער גאַנצער חלוק צווישען איהר און דער איינפאַכער סחורה־צירקולאַציע איז דער אומגעקעהרטער סדר פון דיזעלביגע צוויי אַנטקעגענגעזעצטע פראָצעסען, דער פערקויף און דער קויף. און ווי אַזוי זאָל אַזאַ ריין־פאָרמעלער אונטערשייד איבערמאַכען ווי דורך אַ כישוף די נאַטור פון אָט די פראָצעסען?

נאָך מעהר. אָט די אומקעהרונג עקזיסטירט נאָר פאַר איינעם פון די דריי געשעפטס־פריינד, וועלכע האַנדלען איינע מיט די אַנדערע. אַלס קאַפּיטאַליסט קויף איך סחורה פון א און פערקויף זי ווידער צו ב, בעת אַלס איינפאַכער סחורה־בעזיצער פערקויף איך סחורה צו ב און דאַן קויף איך סחורה פון א. פאַר די געשעפטס־פריינד א און ב עקזיסטירט ניט דער דאָזיגער אונטערשייד. זיי טרעטען נאָר אַרויס אַלס קויפער און פערקויפער פון סחורות. איך אַליין שטעה קעגענאיבער זיי יעדעס מאָל אַלס איינפאַכער געלד־בעזיצער אָדער סחורה־בעזיצער, אַלס קויפער אָדער פערקויפער; דערצו טרעט איך אַרויס אין די ביידע מסחרים קעגענאיבער איין פערזאָן נאָר אַלס קויפער און קעגען דעם אַנדערן נאָר אַלס פערקויפער, אַנטקעגען איינעם נאָר אַלס געלד, אַנטקעגען דעם אַנדערן נאָר אַלס סחורה, אָבער אַנטקעגען קיינעם ניט פון די ביידע אַלס קאַפּיטאַל אָדער קאַפּיטאַליסט אָדער רעפּרעזענטאַנט פון וועלכער עס איז זאַך, וואָס איז מעהר איידער געלד אָדער סחורה, אָדער וואָס קאָן אויסאיבען אַנאַנדער ווירקונג אויסער דער ווירקונג פון געלד אָדער סחורה. פאַר מיר איז דער קויף פון א און דער פערקויף צו ב א כסדר׳דיגער אַקט. אָבער דער צוזאַמענהאַנג פון די ביידע אַקטען עקזיסטירט נאָר פאַר מיר. א קימערט זיך ניט וועגען [illegible] מסחר מיט ב און ב קימערט זיך ניט

װעגען מיין מסחר מיט א. װען איך װאָלט א שטייגער זיי גע־װאָלט קלאָר מאַכען, װאָס פאַר א גוטע זאַך איך טהו אויף מיט דעם דאָזיגען הפוך הסדר, װאָלטען זיי מיר בעװיזען, אז איך האָב נאָר א טעות אין דעם סדר גופא, און אז די גאַנצע טראַנסאַקציע האָט זיך גאָרניט אָנגעפאַנגען מיט א קויף און געענדיגט מיט א פערקויף, נאָר פערקעהרט עס האָט אָנגעפאַנגען מיט א פערקויף און זיך אויסגעלאָזט מיט א קויף. אין פאַקט, מיין ערשטער אַקט, דער קויף, איז פון א׳ס שטאַנדפּונקט געװען א פערקויף, און מיין צװייטער אַקט, דער פערקויף, איז פון ב׳ס שטאַנדפּונקט געװען א קויף. נאָך ניט צופריעדען דערמיט, װעלען א און ב דערקלערן, אז דער דאָזיגער גאַנצער סדר איז אַן איבעריגע מעשה און פּשוט א האָקוס־פּאָקוס. א האָט געקאָנט פערקויפען די סחורה דירעקט צו ב און ב האָט געקאָנט דירעקט קויפען פון א. דערמיט װאָלט די גאַנצע טראַנסאַקציע איינגעשרומפּט געװאָרן אין איין איינזייטיגען אַקט פון דער געװעהנליכער סחורה־צירקולאַציע: פון א׳ס שטאַנדפּונקט בלויז א פערקויף און פון ב׳ס שטאַנדפּונקט בלויז א קויף. דורך די אומקעהרונג פון דעם סדר זיינען מיר אַלזאָ ניט ארויסגעקומען װייטער איידער די ספערע פון דער איינפאַכער סחורה־צירקולאַציע, און מיר מוזען בעסער זיך צוקוק׳ן, צי די דאָזיגע איינפאַכע צירקולאַציע דערלאָזט לויט איהר נאַטור נאָך א פערמעהרונג [פערװערטהונג] פון די װערטהען, װאָס געהען אין איהר אריין, און פאָלגליך אַן אויסבילדונג פון מעהרװערטה.

לאָמיר נעהמען דעם פּראָצעס פון דער צירקולאַציע אין דער פאָרם, אין װעלכער ער שטעלט זיך ארויס בלויז װי א סחורה־אויסטויש. דאָס איז שטענדיג דער פאַל, װעןביידע סחורה־בעזיצער קויפען סחורות איינער פון דעם אַנדערן און דער באַלאַנס פון זייערע געגענזייטיגע געלד־שולדען גלייכט זיך אויס אין דעם צאָהלונגס־טערמין. דאָס געלד דיענט דאָ װי חשבון־געלד, כדי אויסצודריקען אין זייערע פּרייזען די װערטהען פון די סחורות, עס טרעט אָבער ניט ארויס זאַכליך קעגענאיבער די סחורות גופא. אויף װי װייט דאָ האַנדעלט זיך װעגען דעם געברויך־װערטה [פון די סחורות] איז קלאָר, אז די ביידע אויסטוישער קאָנען דערביי געװינען. ביידע פּטר׳ן ארויס סחורות, װעלכע זיינען פאַר זיי נוצלאָז אַלס געברויך־װערטהען, און בעקומען אַנדערע סחורות,

וועלכע זיי בעדאַרפֿן פֿאַר זייער געברויך. זאָגן דיר גוט קאָן זיין איז נאָך ניט דער איינציגער. א, וועלכער פֿערקויפֿט וויין און קויפֿט תבואה, פּראָדוצירט אפשר מעהר וויין איידער דער תבואה־פֿויער וואָלט געקאָנט פּראָדוצירן אין דערזעלביגער אַרבייט־צייט, און דער תבואה־פֿויער ב קאָן אפשר פּראָדוצירן מעהר תבואה אין דערזעלביגער אַרבייט־צייט איידער דער וויין־מאַכער. א בעקומט אַלזאָ מעהר תבואה פֿאַר דעמזעלביגן טויש־ווערטה און ב בעקומט מעהר וויין איידער זיי ביידע וואָלטען געהאַט, ווען יעדערער פֿון זיי, אָהן דעם אויסטויש, וואָלט געמוזט פּראָ־דוצירן פֿאַר זיך אַליין אי וויין, אי תבואה. בנוגע, הייסט עס, צום געברויך־ווערטה קאָן מען זאָגן, אַז „דער אויסטויש איז אַזאַ טראַנסאַקציע, אין וועלכער ביידע זייטען געווינען.“[14] מיט דעם טוישווערטה איז עס אַנדערש. „אַ מענש, וואָס האָט אַ סך וויין און גאָר ניט קיין תבואה, האַנדעלט מיט אַ מענשען, וואָס האָט אַ סך תבואה און גאָרניט קיין וויין, און צווישען זיי ווערט אויס־געטוישט ווייץ אין ווערט פֿון 50 אויף וויין, וואָס האָט אַ ווערטה פֿון 50. דער דאָזיגער אויסטויש איז ניט קיין פֿערמעהרונג פֿון׳ם טוישווערטה, ניט פֿאַר איינעם, ניט פֿאַר דעם אַנדערן; וואָרים פֿאַר דעם אויסטויש האָט שוין יעדערער פֿון זיי געהאַט אַ ווערטה, וואָס איז געווען גלייך צו דעם, וואָס ער האָט זיך פֿערשאַפֿט דורך אָט דער אָפּעראַציע.“[15] עס מאַכט קיין ענדערונג ניט אין דער זאַך ווען דאָס געלט טרעט אַריין אַלס צירקולאַציאָנס־מיטעל צווישען די סחורות און צי די אַקטען פֿון קויף און פֿערקויף ווערן בחוש אָב־געטיילט איינער פֿון׳ם אַנדערן.[16] דער ווערטה פֿון די סחורות איז אויסגעדריקט אין זייערע פּרייזען בעפֿאָר זיי טרעטען אַריין

---

14 „דער טויש איז אַ וואונדערבאַר׳ע געשעהעניס, ביי וועלכער די ביידע צדדים, וואָס שליסען דעם אָפּמאַך געווינען, און טאַקע שטענדיג (!)“ (דעסטוטט דע טראַסי, „טרייטע דע לאַ וואָלאָנטע ע דע סע זעפֿעט“, פּאַריז 1826, ז. 68) דאָסזעלבע בוך איז ערשיענען שפּעטער אַלס „טרייטע ד׳עקאָנאָמיע פּאָליטיק“.

15 מערסיע דע לאַ ריוויערע, „ל׳אָרדער נאַטורעל“, ז. 544.

16 „עס איז פֿאַר זיך פֿאָלקאָם גלייכגילטיג, צי איינער פֿון אָט די ביידע ווערטהען בעשטעהט אין געלד, צי זיי זיינען ביידע געוועהנליכע סחורות.“ דאָרט גופֿא, ז. 543.

אין דער צירקולאציע, הייסט עס, אז ער איז א פאראויסזעצונג און ניט דער רעזולטאט פון דער צירקולאציע.[17]

ווען מען בעטראכט דעם פראצעס אין אבסטראקט, ד.ה. אב־געזעהן פון צופעליגע אומשטענדען, וועלכע פליעסען ניט ארויס פון די אימאנענטע געזעצען פון דער איינפאכער סחורה־צירקולא־ציע, איז א חוץ וואס איין געברויך־ווערטה פערנעהמט דעם פלאץ פון אנאנדער געברויך־ווערטה, קומט אין דער דאזיגער צירקולאציע מעהר גארנישט פאר ווי א מעטאמארפאזע, בלויז אן איבערבייט אין דער פארם פון דער סחורה. דערזעלבינער ווערטה, ד.ה. דער־זעלביגער סכום פון פערקערפערטער געזעלשאפטליכער ארבייט, פערבלייבט אין האנד פון דעמזעלביגען סחורה־בעזיצער צוערשט אין געשטאלט פון זיין סחורה, דערנאך אין געשטאלט פונ'ם געלד, און וואס זי פערוואנדעלט זיך, און צום סוף אין דער סחורה, אין וועלכער דאס דאזיגע געלד ווערט צוריק־פערוואנדעלט. דער דא־זיגער איבערבייט פון דער פארם שליסט ניט איין קיין ענדערונג אין דער גרויס פון ווערטה. דער איבערבייט אבער, וואס דער ווערטה פון דער סחורה גופא מאכט דורך אין דעם דאזיגען פרא־צעס, בעשרענקט זיך אויף אן איבערבייט פון זיין געלד־פארם. זי עקזיסטירט צוערשט אלס פרייז פון דער סחורה, וואס ווערט אנגעבאטען צום פערקויף, דערנאך אלס א געלד־סומע, וועלכע איז שוין אנב אויסגעדריקט אין דעם פרייז, און צום סוף אלס דער פרייז פון אן עקוויוואלענטער סחורה. דער דאזיגער פארם־אי־בערבייט אן און פאר זיך שליסט פונקט אזוי וועניג איין אן ענ־דערונג פון דער גרויס פון ווערטה, ווי דאס אויסבייטען פון א פינף־פונט־נאטע אויף פיער סאווערינס, א האלבען סאווערין און צעהן שילינג. אלזא, אויף ווי ווייט די צירקולאציע פון סחורה פיהרט צו א פארם־איבערבייט פון איהר ווערטה, פיהרט זי, אויב עס מישען זיך ניט אריין קיין אנדערע קאמפליקאציעס, צו אן אויסטויש פון עקוויוואלענטען. אפילו די וואולגארע עקאנאמיע, ווי וועניג זי בעגרייפט וואס דער ווערטה איז, איז דעריבער אויך

[17] „די צדדים, וואס שליסען דעם אבמאך, ענטשיידען ניט דעם ווערטה, אדרבא ער שטעהט שוין פעסט איידער דער געשעפט איז געשלאסען געווארן.“ (לע טראן, „דע ל'אינטערע סאסיאל“, פאריז 1846, ז. 906.)

משער, ווען נאָר זי וויל אויף איהר שטייגער בעטראַכטען די ערשיינונג ריין אָהן אַנדערע אריינמישונגען, אַז די נאָכפראַגע און דער אָנבאָט דעקען זיך, ד.ה. אַז זייער ווירקונג הערט איבערהויפּט אויף. פאָלגליך, אויב בנוגע דעם געברויך־ווערטה קאָנען ביידע אויסטוישער געווינען, קאָנען זיי ביידע ניט געווינען אין טויש־ווערטה. דאָ הייסט עס ריכטיגער: „וואו עס איז דאָ גלייכהייט, איז ניטאָ קיין פּראָפיט.״[18] סחורות קאָנען טאַקע פערקויפט ווערן מיט פּרייזען, וואָס שטימען ניט מיט זייער ווערטה, אָבער די ניט־שטימונג קומט פאָר ווי א פערלעצונג פון דעם געזעץ פון סחורה־אויסטויש.[19] אין זייער ריינער געשטאַלט איז דער אויסטויש אַן אויסטויש פון עקוויוואַלענטען, און בכן ניט קיין מיטעל זיך צו מאַכען רייכער אין ווערטה.[20]

הינטער די בעמיהונגען ארויסצושטעלען די סחורה־צירקולאַציע אַלס דער קוואַל פון מעהרווערטה, ליערט דעריבער מעהרסטענטיילס א קוויד־פּראָ־קוואָ, ד.ה. א פערוועקסלונג פון געברויך־ווערטה און טויש־ווערטה. אַזוי צום ביישפּיעל זאָגט קאָנדיליאַק: „עס איז פאַלש, אַז אין דעם סחורה־אויסטויש טוישט מען אויס א גלייכען ווערטה אויף א גלייכען ווערטה. פערקעהרט. יעדערער פון די ביידע צדדים גיט אַלעמאָל א קלענערן ווערטה פאַר א גרעסערן.... ווען מען וואָלט אין דער ווירקליכקייט אַלעמאָל אויסגעטוישט גלייכע ווערטהען, וואָלט פאַר קיין איינעם פון די צדדים קיין פּראָפיט דעריין ניט געווען. אָבער זיי ביידע געווינען יאָ, אָדער דאַרפען דאָך געווינען. וואָרום? דער ווערטה פון זאַכען

---

18 גאַליאַני, „דעללא מאָנעטאַ“, אין קוסטאָדי: פּאַרטע מאָדערנאַ, ב. 4 ז. 244.

19 „דער אויסטויש ווערט ניט־פאָרטיילהאַפט פאַר איינעם פון די ביידע צדדים, ווען אויסערליכע אומשטענדען זעצען אַראָב אָדער שרויפען אויף דעם פּרייז: די גלייכהייט איז דאַן פערלעצט; אָבער אָט די פערלעצונג נעהמט זיך פון יענע אומשטענדען, און ניט פון דעם אויסטויש גופא.“ (לע טראָן, „דע ל'אינטערע סאָסיאַל“, פּאַריז 1846, ז. 904.)

20 „דער אויסטויש איז לויט זיין טבע אַן אָבמאַך, וואָס רוהט אויף גלייכהייט און קומט ארויס צווישען גלייכע ווערטהען. ער איז דעריבער ניט קיין מיטעל פון בעריייכערונג, היות ווי מען גיט אַזוי פיעל ווי מען בעקומט.“ (דאָרט גופא, ז. 903.)

בעשטעהט בלויז אין זייער שייכות צו אונזערע בעדערפעניששען. וואָס פאַר איינעם איז מעהר, איז פאַר דעם אַנדערן וועניגער, און פערקעהרט.... מען קאָן דאָך ניט משער זיין, אַז מיר באַטען אָן צו פערקויפען אַזוינע זאַכען, וואָס מיר קאָנען אָהן זיי ניט אויס־קומען פאַר אונזער אייגענעם פערברויך.... מיר ווילען אַוועק־געבען אַ זאַך, וואָס איז פאַר אונז נוצלאָז, כדי צו בעקומען אַנ־אַנדער זאַך, וואָס איז פאַר אונז נויטוועגדיג; מיר ווילען געבען וועניגער פאַר מעהרער.... עס איז נאַטירליך צו אורטיילען, אַז מען גיט אַוועק אין דעם אויסטויש אַ גלייכען ווערטה פאַר אַ גלייכען ווערטה, אַזוי אָפט ווי יעדערע פון די אויסגעטוישטע זאַכען איז אין פרט פון ווערטה גלייך צו דעמזעלביגען סכום געלד.... מען מוז אָבער אריינרעכענען אין חשבון נאָך אַנאַנדער בעטראַכ־טונג; עס פרעגט זיך, צי טוישען מיר ניט ביידע אויס אַן איבער־פלוס אויף עפּעס נויטוועגדיגעס." [21] מען זעהט ווי קאָנדיליאַק מישט צוזאַמען ניט נאָר געברויך־ווערטה און טויש־ווערטה, נאָר ער רוקט אונטער אויף אַן אמת קינדישען אופן אין אַ געזעלשאַפט מיט אַן ענטוויקעלטער סחורה־פּראָדוקציאָן אַ צושטאַנד, וואו דער פּראָדוצירער פּראָדוצירט אליין זיינע לעבענסמיטלען און וואַרפט אריין אין צירקולאַציע נאָר דעם עודף, דעם איבערפלוס, וואָס עס בלייבט איהם אריבער דעם אייגענעם בעדאַרף. [22] פונדעסטוועגען ווערט קאָנדיליאַק'ס אַרגומענט אָפט ווידערהאָלט ביי די מאָדערנע

---

[21] קאָנדיליאַק, „לע קאָממערס ע לע גוא ווערנמאַן" (1776) אויסגאַבע דעיר ע מאָלינארי אין, מעלאַנזשע ד'עקאָנאָמיע פּאָליטיק", פּאַריז 1847, ז. 267.

[22] לע טראָן ענטפערט דעריבער זיין פריינד קאָנדיליאַק זעהר ריכטיג: „די בעשטעהענדע געזעלשאַפט ווייס איבערהויפט ניט פון איבערפליסיגעס." צו דערזעלבער צייט מאַכט ער שפּאַס פון איהם מיט דער בעמערקונג, אַז „אויב ביידע אויסטוישער בעקומען גלייך פיעל מעהר פאַר גלייך פיעל וועניגער, בע־קומען זיי דאָך ביידע גלייך פיעל." אַזוי ווי קאָנדיליאַק האָט נאָך ניט די קלענסטע אָהנונג וועגען דעם כאַראַקטער פון טוישווערטה, איז ער דער פּאַסענדער וועג־ווייזער פון העררן פּראָפעסאָר ווילהעלם ראָשער פאַר זיינע אייגענע קינדישע בעגריפען. זעה ראָשער'ס „די גרונדלאַגען דער נאַציאָנאַל עקאָנאָמיע", 3טע אויפ־לאַגע, 1858. — [אַזוי ציטירט ער צ.ב.ש. מיט צושטימונג דאָרט אין § 107 דעם פאָלגענדען חכמה'דיגען שפּרוך פון קאָנדיליאַק: „אַ זאַך האָט ניט אַ ווערטה, ווייל עס קאָסט עפּעס, נאָר עס קאָסט (אַרבייט אָדער געלד) ווייל עס האָט ווערטה." קאַוטסקי.]

עקאנאמען, דערהויפט ווען עס פאָדערט זיך אַרויסצושטעלען די ענטוויקעלטע געשטאַלט פונ'ם סחורה־אויסטויש, דעם האַנדעל, אַלס דעם מקור פון מעהר־ווערטה. „דער האַנדעל", ווערט צ.ב.ש. געזאָגט, „איז מוסיף ווערטה צו די פּראָדוקטען, וואָרים דיזעלבע פּראָדוקטען האָבען מעהר ווערטה אין די הענד פון דעם פערברויכער, איידער אין די הענד פון דעם פּראָדוצירער, און ער מוז דעריבער ווערטליך (סטריקטלי) בעטראַכט ווערען ווי אַן אַקט פון פּראָדוקציאָן."[23] מען צאָהלט אָבער ניט פאַר סחורה טאָפּעלט, איינמאָל פאַר איהר געברויך־ווערטה און נאָך אַמאָל פאַר איהר ווערטה. און אויב דער געברויך־ווערטה פון דער סחורה איז ניצ־ליכער פאַר דעם קויפער איידער פאַר דעם פערקויפער, איז איהר געלד־פאָרם ניצליכער דעם פערקויפער איידער דעם קויפער. וואָ־רים אויב אַז ניט, וואָלט ער זי דען פערקויפט? און דעריבער וואָלט מען פונקט אַזוי גוט געקאָנט זאָגען, אַז דער קויפער איז ווערטליך (סטריקטלי) מקיים אַ „פּראָדוקציאָנס־אַקט", דערמיט וואָס ער פערוואַנדעלט למשל דעם סוחר'ס זאָקען אין געלד.

ווען עס ווערען אויסגעטוישט סחורות אָדער סחורות און געלד פון גלייכען טוישווערטה, פון עקוויוואַלענטען הייסט עס, דאַן איז קלאָר, אַז קיינער ציהט ניט אַרויס מעהר ווערטה פון דער ציר־קולאַציע ווי־פיעל ער האָט אין איהר אַריינגעוואָרפען. עס קומט דעמאָלט ניט פאָר קיין שאַפונג פון מעהרווערטה. דער צירקולאַ־ציאָנס־פּראָצעס פון סחורות אין זיין ריינער פאָרם איז געבויט אויף אַן אויסטויש פון עקוויוואַלענטען. אין דער ווירקליכקייט אָבער געהען די זאַכען ניט צו אין אַ ריינער פאָרם. לאָמיר דעריבער משער זיין אַן אויסטויש פון ניט־עקוויוואַלענטען.

על כל פנים שטעהט אויפ'ן סחורה־מאַרק נאָר אַ סחורה־בעזיצער אַנטקעגען אַ סחורה־בעזיצער, און די מאַכט, וואָס אָט די פערזאָנען איבען אוים איינע אויף די אַנדערע, איז נאָר די מאַכט פון זייערע סחורות. די מאַטעריעלע פערשיידענהייט פון די סחורות איז דער מאַטעריעלער מאָטיוו פונ'ם אויסטויש און דאָס מאַכט די סחורה־בעזיצער אָבהענגיק איינער פון אַנדערן,

---

[23] פ. פ. ניומאן, „עלעמענטס אוו פאליטיקאל עקאנאמי", ניו יארק 1835, ז. 175.

דערמיט וואס קיינער פון זיי האלט ניט אין זיין האנד דעם גע־גענשטאנד פון זיין אייגענער בעדערפעניש און יעדערער פון זיי האלט אין האנד דעם געגענשטאנד פון דעם אנדערנס בעדערפעניש. א חוץ אט דער מאטעריעלער פערשיידענהייט פון זייערע געברויך־ווערטהען, געפינט זיך נאר נאך איין אונטערשייד צווישען די סחורות—דער אונטערשייד צווישען זייער נאטוראל־פארם און זייער פערוואנדעלטער פארם, צווישען סחורה און געלד. און אזוי אונ־טערשיידען זיך די סחורה־בעזיצער נאר אלס פערקויפער, בעזיצער פון סחורה, און אלס קויפער, בעזיצער פון געלד.

לאמיר איצט אננעהמען, אז דער פערקויפער האט דורך א וועלכער עס איז אונדערקלערליכער פריווילעגיע א מעגליכקייט צו פערקויפען די סחורה איבער איהר ווערטה, למשל פאר 110, ווען זי איז ווערטה 100, אלזא מיט א נאמינעלען פרייז־צוגאב פון 10 פראצענט. דער פערקויפער קאסירט אלזא אריין א מעהרווערטה פון 10. אבער נאכדעם ווי ער איז געוועזן א פערקויפער, ווערט ער א קויפער. א דריטער סחורה־בעזיצער בעגעגענט איהם איצט אלס פערקויפער און געניסט פון זיין זייט די פריווילעגיע צו פערקויפען די סחורה מיט 10 פראצענט צו־טייער. אונזער מאן האט געוואונען 10 אלס פערקויפער, כדי צו פערלירן 10 אלס קויפער.[24] די גאנצע זאך פיהרט פאקטיש דערצו, אז אלע סחורה־בעזיצער פערקויפען זייערע סחורות איינע צו די אנדערע מיט 10 פראצענט איבער'ן ווערטה, וואס עס איז דורכאויס דיזעלביגע זאך, ווי זיי וואלטען פערקויפט זייערע סחורות פאר זייער ריכטיגען ווערטה. אזא אלגעמיינע נאמינעלע פרייז־העכערונג פון סחורות ברענגט ארויס דיזעלביגע ווירקונג, ווי ווען די סחורה־ווערטהען זאלען צ.ב.ש. געשאצט ווערן אין זילבער אנשטאט אין גאלד. די געלד־נעמען, דאס הייסט די פרייזען פון די סחורות, וואלטען גע־שטיגען, אבער זייערע ווערטה־שייכות'ן וואלטען געבליבען ניט־פערענדערט.

---

[24] „די העכערונג פון דעם נאמינעלען ווערטה פון די פראדוקטען... גיט די פערקויפער קיין פארטייל ניט... ווארים וואס זיי געווינען אלס פערקויפער, פערלירן זיי אין דערזעלביגער מאס אלס קויפער." („דהי עסענשעל פרינסיפלס אוו דהי וועלטה אוו ניישאנס עטצ.", לאנדאן 1797, ז. 66.)

לאמיר זיך משייר זיין פערקייהרט, אז עס איז דיזע קויפער׳ס פריווילעגיע צו קויפען די סחורות אונטער זייער ווערטה. דא איז עס צומאל ניט נויטיג צו דערזאייען, אז דער קויפער ווערט ווידער א פערקויפער. ער איז געוועזן א פערקויפער איידער ער איז געווען א קויפער. ער האט שוין פערלארן 10 פראצענט אלס פערקויפער, איידער ער געווינט 10 פראצענט אלס קויפער. [25] עס בלייבט ווידער אלץ ווי געווען.

אלזא, די שאפונג פון מעהרווערטה און פאלגליך די פערוואנדלונג פון געלד אין קאפיטאל קאן ניט דערקלערט ווערן, ניט דורכדעם וואס די פערקויפער פערקויפען זייערע סחורות איבער זייער ווערטה, און ניט דורכדעם וואס די קויפער קויפען זיי אינטער זייער ווערטה. [26]

דאס פראבלעם ווערט בשום אופן ניט איינפאכער, דורכדעם וואס מען שמוגעלט דריין פרעמדע בעציהונגען און מען זאגט א שטייגער צוזאמען מיט קוירנעל טארענס: „די ווירקזאמע [עפפעקטואל] נאכפראגע בעשטעהט אין די כחות און נייגונגען (!) פון די פערברויכער [קאנזומענטען] צו געבען פאר סחורות, סיי דורך א דירעקטען, סיי דורך א אינדירעקטען אויסטויש, א גרעסערן טייל... קאפיטאל, וויפיעל עס קאסט זיי צו פראדוצירן." [27] אין דער צירקולאציע שטעהען די פראדוצירער און פערברויכער איינע אנטקעגען די אנדערע נור אלס פערקויפער און קויפער. מאכען די בייהויפטונג, אז דער מעהרווערטה, וואס דער פראדו־

---

[25] „ווען מען איז געצוואונגען אויסצוגעבען א צאהל פראדוקטען פאר 18 ליוור, וואס איז אייגענטליך ווערט 24, ווען מען פאר די 18 ליוור פונקט אזוי פיעל בעקומען קויפענדיג, פאר וויפיעל מען וואלט זאנסט געמוזט בעצאהלען 24." (לע טראן, דע ל׳אינטערע סאציאל", ז. 897).

[26] „קיין פערקויפער קאן ניט שטענדיג מאכען טייערער זיינע סחורות, אוואו ער זאל ניט פונקט אזוי שטענדיג מוזען בעצאהלען טייערער פאר די סחורות פון אנדערע פערקויפער; און מחמת דעמזעלבען טעם קאן קיין פערברויכער שטענדיג ניט איינקויפען ביליגער, אוואו ער זאל ניט פונקט אזוי שטענדיג מיזען אבגעבען ביליגער די סחורות, וואס ער פערקויפט." (מערסיער דע לא ריוויער, „ל׳ארדער נאטורעל" עטצ., 2טע טייל, ז. 555).

[27] ר. טאררענס, „אן עססיי אן דהי פראדאקשאן אוו וועלטה", לאנדאן 1321, ז. 349.

צירער בעקומט, נעהמט זיך דערפון, וואס די קאנזומענטען בע־צאהלען פאר דער סחורה אריבער דעם ווערטה, מיינט נאר פער־מאסקירן דעם פשוט'ן זאץ: דער סחורה־בעזיצער אלס פערקויפער בעזיצט די פריווילעגיע צו פערקויפען צו־טייער. דער פערקויפער האט די סחורה אליין פראדוצירט אדער ער פערטרעט איהרע פראָ־דוצירער, אבער דער קויפער האט ניט וועניגער אליין פראדוצירט אדער ער פערטרעט די פראדוצירער פון דער סחורה, וואס איז פארגעשטעלט אין זיין געלד. פאלגליך שטעהט דא א פראדו־צירער אנטקעגען א פראדוצירער. וואס עס אונטערשיידט זיי, איז נאר דאס, וואס דער איינער קויפט און דער אנדערער פערקויפט. דער פאקט וואס דער סחורה־בעזיצער אונטער'ן נאמען פראדוצירער פערקויפט די סחורה איבער איהר ווערטה און אונטער'ן נאמען פערברויכער בעצאהלט ער פאר איהר צו־טייער, ברייננט אונז ניט איין טריט ווייטער.28

די קאנזעקוועוונטע פערטרעטער פון דער אילוזיע, אז דער מעהרווערטה נעהמט זיך פון א נאמינעלען צוגאב צום פרייז, אדער פון דעם פערקויפער'ס פריווילעגיע צו פערקויפען צו־טייער, מוזען דעריבער משער זיין א קלאס, וואס קויפט נאר און פערקויפט קיינמאל ניט, אלזא אזעלכער, וואס קאנזומירט נאר און פראדו־צירט קיינמאל ניט. די עקזיסטענץ פון אזא קלאס לאזט זיך פון דעם שטאנדפונקט, וואס מיר האבען ביז אהער געגרייכט—דעם שטאנדפונקט פון דער איינפאכער צירקולאציע—דערווייל נאך ניט דערקלערן. לאמיר אבער פערלויפען אפריהער. דאס געלד, מיט וואס אזא קלאס קויפט שטענדיג, מוז שטענדיג אנקומען צו איהם אהן אויסטויש, אומזיסט, אויפ'ן גרונד פון א וועלכען עס איז רעכט אדער געוואלט־מיטעל, פון די סחורה־בעזיצער גופא. פער־קויפען די סחורות צו דעם קלאס אריבער דעם ווערטה, הייסט נאר, טיילווייז זיך ארייגשווינדלען צוריק דאס אומזיסט־אוועקגעגעבענע געלד.29 אזוי צ.ב.ש. האבען די שטעדט פון קליין־אזיע געצאהלט

28) די פארשטעלונג, אז די פראפיטען ווערען געצייגען פון די קאנזומע־טען, איז אודאי גאנץ אונזיניג ווער זיינען די קאנזומענטען? (ג. ראמסיי, „אן עססיי אן דהי דיסטריבושאן אוו וועלטה". עדינבורג 1836, ז. 184.)

29) „אויב ווער עס איז געפינט ניט קיין אבזאץ פאר זיינע סחורות, ווע[illegible]

די יעהרליכען געלד־טריבוט צו דעם אלטען רוים. מיט דעם געלד האט רוים געקויפט פון זיי סחורה און בעצאהלט פאר איהר צו טייער. די קליין־אזיאטען האבען בעשווינדעלט די רוימער, ווארים זיי האבען אויסגענארט פון זייערע עראבערער א טייל פון דעם טריבוט אויפ'ן וועג פון מסחר. אבער נאך אלעם דעם זיינען די קליין־אזיאטען געבליבען די בעשווינדעלטע. פאר זייערע סחורות האט מען זיי אלץ געצאהלט מיט זייער אייגענעם געלד. דאס איז ניט קיין מעטאדע ווי צו ווערן רייך אדער צו שאפען מעהר ווערטה.

לאמיר זיך אלזא האלטען אין די גרעניצען פון דעם סחורה־אויסטויש, וואו די פערקויפער זיינען אויך קויפער און די קויפער זיינען פערקויפער. אפשר שטאמט אונזער פערלעגענהייט דערפון, וואס מיר האבען אויפגעפאסט די פערזאנען נאר ווי פערזאניפיצירטע קאטעגאריען, און ניט אינדיווידועל.

דער סחורה־בעזיצער א קאן זיין אזוי כיטרע, אז ער דרעהט זיינע קאלעגען ב אדער ג אראב דעם קאפ, בעת זיי קאנען ביי זייער בעסטען ווילען ניט נעהמען פון איהם קיין נקמה. א פערקויפט צו ב וויין אין ווערטה פון 40 פונט סט. און בעקומט אין אויסטויש פון איהם תבואה אין ווערטה פון 50 פונט סט. א האט פערוואנדעלט זיינע 40 פונט סט. אין 50 פונט סט., האט געמאכט מעהר געלד פון וועניגער געלד און האט זיין סחורה פערוואנדעלט אין קאפיטאל. לאמיר זיך נעהענטער צוקוקען צו דעם. פאר דעם אויסטויש האבען מיר געהאט פאר 40 פונט סט. וויין אין די הענד פון א און פאר 50 פונט סט. תבואה אין די הענד פון ב, א סך־הכל פון 90 פונט סט. דער צירקולירענדער ווערטה האט זיך ניט פערגרעסערט אויף א האר, נאר זיין פערטיילונג צווישען א און ב האט זיך געענדערט. אויף איין זייט ווייזט זיך ארויס אלס מעהר־ווערטה דאס, וואס אויף דער אנדער זייט איז מינדער־ווערטה,

איהם דאן הערר מאלטוס געבען אן עצה, ער זאל געבען איינעם געלד, כדי יענער זאל ביי איהם אבקויפען די סחורה?" פרעגט אן אויפגעבראכטער ריקארדיאנער מאלטוס'ן, וועלכער, פונקט ווי זיין תלמיד, דער גלח טשאלמערס, האט עקאנאמיש גלאריפיצירט דעם קלאס בלויז־קויפער אדער פערברויכער. זעה „אן אינקווייריאינטו דהי פרינסיפלס רעספעקטיוו דהי נייטור און דע־אנד, לייטלי אדוואקייטעד ביי מר. מאלטוס, עטצ", לאנדאן, 1821, ז. 55.

אויף איין זייט ווייזט זיך אַרויס ווי אַ פּליוס, דאָס וואָס אויף דער אַנדער זייט בעווייזט זיך ווי אַ מינוס. דיזעלבע ענדערונג וואָלט זיך געמאַכט, ווען אַ וואָלט פּשוט, אָהן דער פערדעקטער פאָרם פון אויסטויש, דירעקט גע'גנב'עט 10 פונט סט. פון ב. די סומע פון די צירקולירענדע ווערטהען קאָן גאַנץ קלאָר ניט פערמעהרט ווערן דורך קיין ענדערונג אין זייער פערטיילונג—פונקט אַזוי וועניג ווי אַ איד, וואָס פערקויפט אַ פאַרדינג (אַ פעניג) פון קווין אַנן'ס צייט פאַר אַ גינע (אַ גאָלד־מטבע), פערמעהרט ניט דורכ־דעם די סומע פון די עדעלע מעטאַלען, וואָס געפינט זיך אין לאַנד. דער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס פון אַ לאַנד אינגאַנצען גענומען קאָן זיך אַליין ניט אַריבערכיטרעווען.[30]

מען מעג זיך אַלזאָ דרעהען און קעהרען ווי מען וויל, דער רעזולטאַט בלייבט דערזעלביגער. ווען עקוויוואַלענטען ווערן אויס־געטוישט, קומט ניט אַרויס קיין מעהרווערטה, און ווען ניט־עקווי־וואַלענטען ווערן אויסגעטוישט, קומט אויך קיין מעהרווערטה ניט אַרויס.[31] די צירקולאַציע אָדער דער סחורה־אויסטויש שאַפט ניט

---

[30] דעסטוט דע טראַסי, הגם ער איז געווען—און אפשר גראַד דערפאַר—אַ מיטגליעד פון אינסטיטוט דע פראַנס, האָט געהאַלטען די פערקעהרטע מיינונג: די אינדוסטריעלע קאַפּיטאַליסטען, זאָגט ער, מאַכען זייערע פּראָפיטען דערפון, וואָס „זיי פערקויפען אַלעס טייערער ווי עס האָט זיי געקאָסט צו פּראָדוצירען. און צו וועמען פערקויפען זיי? ערשטענס, איינע צו די אַנדערע.” (דאָרט אויבען, ז. 239.)

[31] „דער אויסטויש פון גלייכע ווערטהען פערמעהרט ניט און פערמינדערט ניט דעם סכום ווערטהען, וואָס איז פאַראַן אין דער געזעלשאַפט. דער אויסטויש פון ניט־גלייכע ווערטהען ענדערט אויך גאַרנישט אין דער סומע פון די געזעל־שאַפטליכע ווערטהען, ווען אפילו ער פערגרעסערט דעם פערמעגען פון איין טייל, פונקט אַזויפיעל, אויף וויפיעל ער נעהמט אַב פון דעם אַנדערן.” (זש. ב. סעי, „טרייטע ד'עקאָנאָמיע פּאָליטיק”, פּאַריז 1817, ב. 1, ז. 434 און 435.) סעי, נאַטירליך ניט קימערענדיג זיך וועגען די קאָנזעקווענצען פון דעם דאָזיגען זאַץ, נעהמט איהם כמעט ווערטליך ביי די פיזיאָקראַטען. דעם אופן ווי אַזוי ער האָט אויסגענוצט זייערע שריפטען, וועלכע זיינען געווען אין זיין צייט אַזוי גוט ווי פערגעסען, צייגט דער פאָלגענדער ביישפּיעל. מאָנסיע סעי'ס „בעריהמטער זאַץ”: „מען קויפט פּראָדוקטען נאָר מיט פּראָדוקטען” (דאָרט גופא, ב. 2, ז. 438) לויטעט אין פיזיאָקראַטישען אָריגינאַל: „די פּראָדוקטען לאָזען זיך נאָר בעצאָהלען מיט פּראָדוקטען” (לע טראָן, „דע ל'אינטערע סאָסיאַל”, פּאַריז 1846, ז. 899.)

קיין ווערטה.[32] מען קאן דערפון פערשטעהן, ווארום אין אונזער אנאליז פון דער גרונד־פארם פון קאפיטאל, פון דער פארם, וועלכע בעשטימט מיט זיך די עקאנאמישע ארגאניזאציע פון דער מאדער־נער געזעלשאפט, לאזען מיר קודם איינגאנצען אונבעמערקט זיינע פאפולערע און אזוי־צו־זאגען פאר'ן־מבול'דיגע געשטאלטען—דעם האנדעל־קאפיטאל און וואוכער־קאפיטאל.

אין דעם ריכטיגען האנדעל־קאפיטאל ערשיינט די פארם ג—ס—ג', קויפען כדי צו פערקויפען טייערער, אויפ'ן ריינסטען אופן. פון דער אנדער זייט אבער קומט זיין גאנצע בעוועגונג פאר אין די גרעניצען פון דער צירקולאציאנס־ספערע. אזוי ווי עס איז אבער אונמעגליך צו דערקלערן די פערוואנדלונג פון געלד אין קאפיטאל, די שאפונג פון מעהרווערטה, דורך דער צירקולאציע אליין, קומט אויס אז דער האנדעל־קאפיטאל איז אן אונמעגליכ־קייט, וויבאלד עס ווערן אויסגעטוישט עקוויוואלענטען;[33] און אז ער קאן דעריבער נאר אבשטאמען פון דעם טאפעלטען פארטייל, וואס דער פאראזיטישער סוחר, וועלכער רוקט זיך אריין צווישען די קויפענדע און פערקויפענדע סחורה־פראדוצירער, ביטרעוועט אויס פון זיי ביידען. אין אט דעם זין זאגט פראנקלין: קריעג איז רויב, האנדעל איז רמאות".[4] ווען מען זאל וועלען דערקלערן די פערווערטהונג [דאס ווערן מעהרווערטה] פון האנדעל־קאפיטאל ניט דורך בלויזע רמאות, וואלט געוועזן נויטיג צו ברענגען א לאנגע רייה פון מיטען־רינגען, וועלכע פעהלען דא נאך גאר איינגאנצען,

---

[32] „דער אויסטויש גיט כלל ניט צו קיין ווערטה צו די פראדוקטען." (פ. וויילאנד, „דהי עלעמענטס אוו פאליטיקאל עקאנאמיע", באסטאן 1853, ז. 168.)

[33] „אונטער דער הערשאפט פון ניט־פערענדערליכע עקוויוואלענטען וואלט דער האנדעל געוועזן אונמעגליך." (ג. אפדייק, „טריטיז אן פאליטיקאל עקאנא־מיע", ניו־יארק 1851, ז. 69.) „דער אונטערשייד צווישען רעאל־ווערטה און טויש־ווערטה איז געבויט אויף דעם פאקט, וואס דער ווערטה פון א זאך איז פערשיידען פון דעם זאגענאנטען עקוויוואלענט, וואס מען גיט פאר איהר אין האנדעל; ד.ה. אז דער דאזיגער עקוויוואלענט איז קיין עקוויוואלענט ניט." (פ. ענגעלס, „אומריסע צו איינער קריטיק דער נאציאנאל עקאנאמיע" אין „דייטש־פראנצויזישע יאהרביכער", פאריז 1844, ז. 95) [פערגל. געזאמעלטע שריפטען פון ק. מארקס און פ. ענגעלס, שטוטגארט 190, ב. 1, ז. 442.]

[34] בעניאמין פראנקלין, ווארקס, ב. 2, אין „פאזישענס טו בי עקזאמינד קאנסערנינג נאשיאנאל וועלטה".

היות ווי אונזער איינציגע פאַראויסזעצונג איז דערווייל נאָר די סחורה־צירקולאַציע און איהרע איינפאַכע מאָמענטען.

וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן וועגען האַנדעל־קאַפּיטאַל פּאַסט זיך נאָך מעהר אויף דעם וואוכער־קאַפּיטאַל. אין דעם האַנדעל־קאַפּיטאַל ווערן די עקסטרעמען, דאָס געלד, געוואָרפען אויפ׳ן מאַרק, און דאָס פערמעהרטע געלד, וואָס ווערט אַרויסגעשלעפּט פון מאַרק, איז װעניגסטענס פערמיטעלט דורך קויף און פערקויף, דורך דער בעוועגונג פון דער צירקולאַציע. אין דעם וואוכער־קאַפּיטאַל איז די פאָרם ג—ס—ג׳ אָבגעקירצט און עס בלייבען נאָר די עקסטרעמען ג—ג׳, געלד וואָס ווערט אויסגעטוישט אויף מעהר געלד—א פאָרם, וואָס ווידערשפּרעכט די נאַטור פונ׳ם געלד און איז דעריבער פונ׳ם שטאַנדפּונקט פון סחורה־אויסטויש ניט דער־קלערליך. דערפאַר זאָגט אַריסטאָטעל: „אַזוי ווי די כרעמאַ־טיסטיק איז אַ טאָפּעלטע וויסענשאַפט, איין טייל געהערט צום האַנדעל און דער אַנדער טייל צו דער עקאָנאָמיק, די לעצטע איז נויטוועגדיג און לויבענסווערטה, די ערשטע איז געגרינדעט אויף דער צירקולאַציע און מיט רעכט געטאַדעלט (וואָרים זי בערוהט ניט אויף דער נאַטור, זאָנדערן אויף געגענזייטיגע רמאות), דע־ריבער איז דער וואוכער מיט׳ן פולסטען רעכט פערהאַסט, ווייל דאָס געלד אַליין איז דאָ דער קוואַל פון פערדיענסט און ווערט ניט געברויכט פאַר דעם צוועק, צו וואָס עס איז ערפונדען געוואָרן. וואָרים דאָס געלד איז ענטשטאַנען פאַר דעם סחורה־אויסטויש, די צינזען אָבער מאַכען פון געלד מעהר געלד. דערפון נעהמט זיך אויך זיין נאָמען (טאָקסאָס—צינז און געבוירן) וואָרים די געבוירענע זיינען עהנליך צו די וואָס האָבען זיי געבוירן. דער צינז אָבער איז געלד פון געלד, אַזוי אַז פון אַלע וועגען ווי צו פערדיענען איז ער אַם מייסטען געגען דער נאַטור.״[85]

אין פערלויף פון אונזער אונטערזוכונג וועלען מיר אויסגע־פינען, אַז אי דער האַנדעל־קאַפּיטאַל, אי דער פּראָצענטען־טראָ־גענדער קאַפּיטאַל זיינען ביידע אָבגעשטאַמטע פאָרמען, און מיר וועלען אין דערזעלבער צייט אויך זעהן, וואָרום זיי ערשיינען היסטאָריש פריהער פאַר דער מאָדערנער גרונד־פאָרם פון קאַפּיטאַל.

[85] אַריסטאָטעל, „דע רעפּובליקאַ״, ליבר 1, ס. 10.

עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז דער מעהרווערטה קאן זיך ניט נעהמען פון דער צירקולאציע, הייסט עס, אז כדי ער זאל געשאפען ווערן, מוז עפעס פארקומען הינטער איהר רוקען, וואס אין איהר אליין זעהט זיך עס ניט אן.[86] קאן אבער דער מעהרווערטה זיך נעהמען פון ערגעץ אנדערשוואו ווי פון דער צירקולאציע? די צירקולאציע איז די סומע פון אלע גענענזייטיגע בעציהונגען פון די סחורה־בעזיצער, אויף ווי ווייט די דאזיגע בעציהונגען ווערן בעשטימט דורך זייערע סחורות. א חוץ זיי שטעהט נאך דער סחורה־בעזיצער נאר אין בעציהונג צו זיין אייגענער סחורה. וואס איז נוגע איהר ווערטה, בעשרענקט זיך די שייכות דערויף, וואס זי ענטהאלט א סכום פון זיין אייגענער ארבייט, וועלכע מעסט זיך לויט בעשטימטע געזעלשאפטליכע געזעצען. דער דאזיגער סכום ארבייט דריקט זיך אויס אין דער ווערטה־גרויס פון זיין סחורה, און אזוי ווי די ווערטה־גרויס שטעלט זיך פאר אין רעכען־געלד, דריקט זיך עס אויס אין דעם פרייז, למשל, פון 10 פונט סט. אבער זיין ארבייט שטעלט זיך נאר פאר אין דעם ווערטה פון דער סחורה פלוס א הוספה אריבער איהר אייגענעם ווערטה: ניט אין א פרייז פון 10, וואס איז אין דערזעלבער צייט א פרייז פון 11; ד.ה. ניט אין א ווערטה, וועלכער איז גרעסער פאר זיך אליין. דער סחורה־בעזיצער קאן שאפען ווערטהען דורך זיין ארבייט, אבער ניט קיין זיך־פערמעהרענדע ווערטהען. ער קאן אויפהויבען דעם ווערטה פון א סחורה, דורכדעם וואס ער גיט צו א נייעם ווערטה צו דעם פאראנענעם ווערטה דורך נייע ארבייט, צ.ב.ש. ווען ער מאכט פון לעדער שטיוועל. דערזעלבער שטאף האט איצט מעהר ווערטה, ווייל ער ענטהאלט א גרעסערן סכום ארבייט. דער שטיוועל האט דעריבער מעהר ווערטה איידער דאס לעדער, אבער דער ווערטה פון דעם לעדער איז געבליבען, וואס ער איז געווען. ער האט זיך ניט פערמעהרט, ער האט ניט צוגענומען קיין מעהרווערטה בעת דער שטיוועל־פאבריקאציע. עס

[86] „אין דעם געוועהנליכען צושטאנד פון מארק קאן דער פראפיט ניט געגרייכט ווערן דורכ'ן אויסטויש. אויב ער וואלט ניט געוועזן פאר'ן אויסטויש, וואלט ער אויך נאכדעם ניט געקאנט צו־שטאנד קומען.“ (ראמסיי, „דיסטריביושאן און וועלטה“, עדינבורג 1836, ז, 184.)

אין אלזא ניט מעגליך, אז דער סחורה־פּראָדוצירער זאָל דעם ווערטה פערמעהרן און פאָלגליך געלד אָדער סחורה פערוואנדלען אין קא־פּיטאל אויסערהאלב דער ספערע פון דער צירקולאציע, ניט קו־מענדיג אין בעריהרונג מיט אַנדערע סחורה־בעזיצער.

אַלזא, קאפּיטאל קאָן ניט ארויסקומען פון דער צירקולאציע און פונקט אזוי ווייניג קאָן עס אַרויסקומען אויסער דער ציר־קולאציע. ער מוז אין דערזעלבער צייט ארויסקומען א י ן איהר און נ י ט אין איהר.

עס האָט זיך אויף דעם אופן בעקומען א דאָפּעלטער רעזולטאט.

די פערוואנדלונג פון געלד אין קאפּיטאל מוז זיך פאנאנדער־וויקלען אויף דער גרונדלאגע פון די אימאנענטע געזעצען פון סחורה־אויסטויש, אזוי אז דער אויסטויש פון עקוויוואלענטען מוז דיענען פאר דעם אויסגאנגס־פּונקט.[87] אונזער געלד־בעזיצער,

---

[87] פון דאס, וואס איז אויבען ערקלערט געווארן, פערשטעהט דער לעזער, אז דאס קאן מיינען נאר איין זאך: די שאפונג פון קאפּיטאל מוז זיין מעגליך אפילו ווען דער סחורה־פּרייז איז גלייך צו דעם סחורה־ווערטה. זי קאן ניט דערקלערט ווערן דורכדעם, וואס די סחורה־פּרייזען וויכען אב פון די סחורה־ווערטהען. ווען די פּרייזען וייכען ווירקליך אב פון די ווערטהען, מוז מען זיי קודם צוריקפיהרן צו די לעצטע; ד.ה. מען מוז אט דעם אומשטאנד אויס־לאזען פון אויג אלס א צופעליגקייט, כדי צו האבען די ערשיינונג פון קאפּיטאל־פּארמירונג אויפ'ן באזיס פון סחורה־אויסטויש ריין פאר די אויגען און ניט צו ווערן פערווירט בעת דער בעאבאכטונג דורך שטערענדע נעבען־אומשטענדען, וואס זיינען פרעמד דעם אייגענטליכען פערלויף פון דער זאך. איבעריגענס ווייס מען, אז אט די צוריקפיהרונג איז בשום אופן ניט א בלויז וויסענשאפטליכע האנדלונג. די בעשטענדיגע שוואנקונגען פון די מארק־פּרייזען, זייער שטייגען און פאלען, קאמפּענסירן זיך, שאפען זיך גענענזייטיג אב און רעדוצירן זיך אליין צו דעם דורכשניט־פּרייז אלס זייער אינערליכער רעגעל. אט דער רעגעל דיענט צ.ב.ש. ווי א לייטענדער שטערן פאר דעם סוחר אדער דעם פאבריקאנט אין יעדער אונטערנעהמונג, וואס נעהמט ארום א לענגערן צייט־משך. ער ווייס אלזא, אז ווען מען נעהמט אין בעטראכט א לענגערע פעריאדע בכלל, ווערן די סחורות פאקטיש פערקויפט ניט אונטער דעם פּרייז, ניט אריבער, נאר לויט זייער דורכשניט־פּרייז. ווען דאס ניט־פּעראינטערעסירטע דענקען וואלט איבער־הויפּט געלעגען אין זיין אינטערעס, וואלט ער געמוזט זיך שטעלען די פּראבלעם פון קאפּיטאל־פּארמירונג אט אזוי: ווי קאן ענטשטעהן קאפּיטאל על פּי רעגו־לירונג פון [illegible]ייזען דורך דעם דורכשניט־פּרייז, ד.ה. אין לעצטער אינסטאנץ דורך דעם ווערטה פון דער סחורה? איך זאג „אין לעצטער אינסטאנץ", וויל

וועלכער שטעלט דערווייל נאָר פֿאַר אַ קאַפּיטאַליסט אין ווערן, מוז די סחורה קויפֿען לויט זייער ווערטה, פערקויפען לויט זייער ווערטה, און פונדעסטוועגען צום סוף פון פּראָצעס ארויסציהען מעהר ווערטה וויפיעל ער האָט אריינגעלעגט. זיין ווערן אַן אויס־געוואַקסענער קאַפּיטאַליסט מוז פּאַרקומען אין דער ספערע פון דער צירקולאַציע און מוז ניט פּאַרקומען אין דער ספערע פון דער צירקולאַציע. אָט דאָס זיינען די בעדינגונגען פון דעם פּראָבלעם. [איצט צייג וואָס דו קאָנסט! Hic Rhodus, hic Salta!

## 3. קויף און פערקויף פון אַרבייטסקראַפט.

דאָס וואַקסען פון'ם ווערטה, דורך וואָס דאָס געלד דאַרף זיך פערוואַנדלען אין קאַפּיטאַל, קאָן ניט פּאַרקומען אין דעם דאָזיגען געלד גופא. דיענט עס אַלס קויף־מיטעל אָדער אַלס צאָהלונגס־מיטעל, דאַן רעאַליזירט עס נאָר דעם פּרייז פון די סחורות, וואָס עס קויפט אָדער פאר וועלכע עס צאָהלט. בלייבט עס, וואָס עס איז געווען, ד.ה. אויב עס האַלט זיך אויף אין זיין אייגענער פאָרם, דאַן ווערט עס פערגליווערט אויפ'ן זעלביגען אופן אין אַ פערשטיינערטען ווערטה פון אַ גלייך־בלייבענדער גרויס.[88]

די ווערטה־פערענדערונג, וועלכע ווערט אויסגעדריקט אין דער פאָרמולע ג—ס—ג' ד. ה. אין דער פערוואַנדלונג פון געלד אין סחורה און די צוריקפערוואַנדלונג פון סחורה אין מעהר געלד, מוז אַלזאָ זיך נעהמען פון דער סחורה. זי קאָן אָבער ניט פּאַרקומען אין דעם צווייטען אַקט פון דער צירקולאַציע, אין דעם ווידער־פערקויף פון דער סחורה, ס—ג', וואָרים דער דאָזיגער אַקט פער־וואַנדעלט בלויז די סחורה פון איהר נאַטוראַל־פאָרם צוריק אין דער געלד־פאָרם. בעטראַכטען מיר ווידער דעם ערשטען אַקט ג—ס, דעם קויף פון דער סחורה, דאַן געפינען מיר, אַז ער איז אַן אויסטויש פון עקוויוואַלענטען; פאַר דער סחורה ווערט בעצאָהלט

---

די דורכשניט־פרייזען פאַלען ניט צוזאַמען דירעקט מיט דער ווערטה־גרויס פון די סחורות, ווי עס גלויבען אַדאַם סמיטה, ריקאַרדאָ, א.אז.וו.

[88] „אין דער געשטאַלט פון געלד... פּראָדוצירט ניט דער קאַפּיטאַל קיין פּראָפיט." (ריקאַרדאָ, „פּאָליטיקאַל עקאָנאָמי", לאָנדאָן 1827, ז. 267.)

לויט איהר ווערטה, זי האָט ניט מעהר ווערטה איידער דאָס געלד, וואָס איז אין איהר פערוואַנדעלט. עס בלייבט נאָר, אַלזאָ, נאָך איבער די מעגליכקייט, אַז די ווערטה־פערענדערונג נעהמט זיך פון דעם געברויך־ווערטה פון דער סחורה, ד.ה. פון איהר פערברויך. כדי צו קאָנען ארויסציהען ווערטה פון דעם פערברויך פון אַ סחורה, האָט אונזער געלד־בעזיצער געמוזט האָבען אַזאַ גליק צו ענטדע־קען אַזאַ סחורה אין דער צירקולאַציאָנס־ספערע, אויפ׳ן מאַרק, וואָס איהר געברויך איז גופא אַ פערקערפערונג פון ארבייט און ממילא פון ווערטהשאַפונג. און דער געלד־בעזיצער געפינט אויפ׳ן מאַרק אָט אַזאַ אייגענאַרטיגע סחורה — די ארבייטס־פעהיגקייט (Arbeitsvermoegen) אָדער די ארבייטס־קראַפט.

אונטער ארבייטס־קראַפט אָדער ארבייטס־פעהיגקייט פער־שטעהען מיר דעם סך הכל פון אַלע פיזישע און גייסטיגע פעהיג־קייטען, וואָס עקזיסטירן אין דער קערפערליכקייט, אין דער לעבע־דיגער פערזענליכקייט פון אַ מענשען, און וועלכע ער ברענגט אין בעוועגונג יעדעס מאָל, וואָס ער פּראָדוצירט געברויך־ווערטהען פון וועלכען עס איז סאָרט.

כדי אָבער דער געלד־בעזיצער זאָל קאָנען געפינען אויפ׳ן מאַרק די ארבייטס־קראַפט אַלס סחורה, מוזען ערפילט ווערן פער־שיידענע בעדינגונגען. דער אויסטויש פון סחורות אַן און פאַר זיך שליסט ניט איין קיין אַנדערע שייכות׳ן פון אָבהענגיגקייט אַ חוץ די וואָס קומען ארויס פון זיין אייגענער נאַטור. לויט אָט דער השערה קאָן די ארבייטס־קראַפט ערשיינען אויפ׳ן מאַרק אַלס סחורה נאָר אַזוי ווייט און נאָר ווייל זי ווערט אָנגעבאָטען אָדער פערקויפט אַלס סחורה פון איהר אייגענעם בעזיצער, ד.ה. פון דער פּערזאָן, וועמעס ארבייטס־קראַפט זי איז. כדי איהר בעזיצער זאָל זי קאָנען פערקויפען אַלס סחורה, מוז ער קאָנען טהאָן מיט איהר וואָס ער וויל, ד.ה. ער מוז זיין אַ פרייער אייגענטימער פון זיין ארבייטס־פעהיגקייט, פון זיין פּערזאָן.39 ער און דער געלד־בעזיצער בע־

29) אין די ענציקלאָפּעדיעס פון קלאַסישען אלטערטום קאַן מען לעזען אַזאַ אונזין, אַז אין דער אַלטער וועלט איז דער קאַפּיטאַל געווען פולשטענדיג ענט־

גנגענען זיך אויפ'ן מאַרק און טרעטען אַריין אין אַ שייכות איינער צום אַנדערען ווי גלייך־בערעכטיגטע סחורה־בעזיצער, מיט דעם איינציגען אונטערשייד נאָר צווישען זיי, וואָס איינער איז אַ קויפער און דער אַנדערער אַ פערקויפער; יורידיש, הייסט עס, זיינען זיי ביידע גלייכע פערזאָנען. די דויערהאַפטיגקייט פון דער דאָזיגער שייכות פאָדערט, אַז דער אייגענטימער פון דער אַרבייטס־קראַפט זאָל זי אַלעמאָל פֿירקויפען נאָר אויף אַ בעשטימטער צייט, וואָרים אויב ער וואָלט זי פערקויפען מיט האַק און פאַק, איינמאָל פאַר אַלע מאָל, דאַן וואָלט ער זיך אַליין פערקויפט, ער וואָלט זיך פערוואַנדעלט פון אַ פרייען מענשען אין אַ שקלאַף, פון אַ סחורה־בעזיצער אין אַ סחורה. ער אַלס פערזאָן מוז זיך שטענדיג פער־האַלטען צו זיין אַרבייטס־קראַפט ווי צו זיין אייגענטום, ווי צו זיין אייגענער סחורה, און דאָס קאָן ער נאָר טהאָן, ווען ער שטעלט זי אין רשות פון קויפער, לאָזט זי איבער צום פערברויכען, נאָר צייט־ווייליג, אויף אַ בעשטימטען טערמין; ד.ה. ווען ער זאָגט זיך ניט אָב דורך איהר איבערגעבונג פון זיין אייגענטום־רעכט אויף איהר.[40]

---

וויקעלט, „אַ חוץ וואָס עס זיינען ניט געווען קיין פרייע אַרבייטער און קיין קרעדיט־סיסטעם." אפילו הערר מאָמזען אין זיין „רוימישער געשיכטע" בעגעהט איין קוויד־פראָ־קוואָ נאָך דעם אַנדערן.

[41] פערשיידענע געזעצגעבונגען בעשטימען דעריבער אַ מאַקסימום־טערמין פאַר דעם אַרבייטס־קאָנטראַקט. ביי אַלע פעלקער, וואו עס עקזיסטירט פרייע אַרבייט, ווערן דורכ'ן געזעץ רעגולירט די תנאים פון קינדיגען דעם קאָנטראַקט. אין פערשיידענע לענדער, דערהויפט אין מעקסיקאָ (פאַר דעם אַמעריקאַנער בירגערקריעג אויך אין די טעריטאָריעס, וואָס זיינען אָבגענומען געוואָרן פון מעקסיקאָ, און לויט דעם עצם פון דער זאַך אויך אין די דונאַי־פראָווינצען ביז דער רעוואָלוציע, וואָס קוזאַ האָט געמאַכט), איז די שקלאַווערייַ פערשטעלט אונטער דער פאָרם פון פ ע אָ נ אַ ז ש [שולד־שקלאַווערייַ פון די טאָג־אַרבייטער, די פעאָנס]. דורך אַוואַנסען, וואָס זיי דאַרפען אָבצאָהלען מיט אַרבייט, און וועלכע ציהען זיך פון דור צו דור, ווערט ניט נאָר דער איינצעלנער אַר־בייטער, נאָר פאַקטיש זיין גאַנצע פאַמיליע דאָס אייגענטום פון אַנדערע פער־זאָנען און זייערע פאַמיליען. זשוּאַרעץ האָט אָבגעשאַפט די פעאָנאַזש. דער זאָגענאַנטער קייזער מאַקסימיליאַן האָט עס צוריק איינגעפיהרט דורך אַ דעקרעט, וועלכער איז ריכטיג געבראַנדמאַרקט געוואָרען אין רעפּרעזענטאַנטען־הויז פון וואַשינגטאָן אַלס אַ דעקרעט וויעדער איינצופיהרען שקלאַווערייַ אין מעקסיקאָ. —„איך קאָן אָבגעבען אַנאַנדערן אויף אַ בעשרענקטער צייט דעם געברויך פון מיינע בעזונדערע קערפערליכע און גייסטיגע פעהיגקייטען און מעגליכקייטען פון

די צווייטע עצם־נויטיגע בעדינגונג, כדי דער געלד בעזיצער זאל געפינען די ארבייטס־קראפט אייפ'ן מארק ווי א סחורה, איז די, אז איהר בעזיצער זאל אנשטאט צו קאנען פערקויפען סחורות, אין וועלכע זיין ארבייט איז פערקערפערט געווארן, מוזען אנבאטען דוקא זיין ארבייטס־קראפט גופא, וועלכע עקזיסטירט נאר אין זיין לעבעדיגער פערזענליכקייט.

כדי איינער זאל קאנען פערקויפען אנדערע סחורות איידער זיין ארבייטס־קראפט, מוז ער נאטירליך בעזיצען פראדוקציאנס־מיטלען, ווי צום ביישפיעל רויה־שטאפען, ארבייטס־אינסטרומענטען א.אז.וו. ער קאן ניט מאכען קיין שטיוועל אהן לעדער. אויסערדעם בעדארף ער האבען לעבענסמיטלען. קיין איינער, אפילו ניט א „צוקונפטס־מוזיקאנט", קאן ניט לעבען אויף די פראדוקטען פון דער צוקונפט, ממילא אויך ניט אויף געברויך־ווערטהען, וואס זייער פראדוקציאן איז נאך ניט פערטיג, און אזוי ווי אין דעם ערשטען טאג פון זיין ערשיינונג אויף דער ערד, אזוי מוז נאך דער מענש יעדען טאג קאנזומירען, אי אפרוהער, אי בעת ער פראדוצירט. אויב די פראדוקטען ווערן פראדוצירט אלס סחורות, מוזען זיי פערקויפט ווערן, נאכדעם ווי זיי זיינען פראדוצירט געווארן, און ערשט נאכ'ן פערקויף קאנען זיי בעפרידיגען די בעדערפענישען פון דעם פראדוצירער. צו דער צייט, וואס פאדערט זיך פאר דער פראדוקציאן, קומט נאך צו די צייט, וואס איז נויטיג פאר'ן פערקויף.

פאר דער פערוואנדלונג פון געלד אין קאפיטאל מוז אלזא דער געלד־בעזיצער געפינען דעם פרייען ארבייטער אויפ'ן סחורה־מארק: פריי אין דעם טאפעלטען זין, ערשטענס אלס פרייע פערזאן, וואס קאן טהאן וואס ער וויל מיט זיין ארבייט אלס זיין סחורה, און צווייטענס אזעלכער וואס האט ניט קיינע אנדערע סחורות צו פערקויפען, וואס איז פריי [אין דעם זין פון] לויז און

---

טהעטיגקייט, ווייל מחמת דער דאזיגער בעשרענקונג האבען זיי נאר אן אויסערליכע שייכות צו מיין גאנצקייט און אלגעמיינקייט. ווען איך גיב אבער אב מיין גאנצע צייט, וואס דריקט זיך קאנקרעט אויס דורך דער ארבייט, און די טאטאליטעט פון מיין פראדוקציאן, מאך איך דעם עצם פון דער דאזיגער ארבייט, מיין אלגעמיינע טהעטיגקייט און ווירקליכקייט, מיין פערזענליכקייט, פאר דעם אייגענטום פון אנאדערן". (הענעל, „פילאזאפיע דעם רעכטס", בערלין 1840, ז. 394, פאר. 67).

לעדיג [נקי מנכסיו] פון אַלע זאַכן, וואָס זיינען נויטיג פאַר דער פערווירקלירונג פון זיין אַרבייטס־קראַפט.

די פראַגע, וואָרום צו דער פרייער אַרבייטער קומט איהם אַרויס אַנטקעגען אין דער צירקולאַציאָנס־ספערע, אינטערעסירט ניט דעם געלד־בעזיצער, וועלכער געפינט אַנגעגרייט דעם אַרבייטס־מאַרק אַלס אַ בעזונדער אָבטיילונג פון דעם סחורה־מאַרק. און פונקט אַזוי וועניג אינטערעסירט פאָרלויפיג די פראַגע אויך אונז. מיר האַלטען זיך טעכט אָן דעם פאַקט טעאָרעטיש, פונקט ווי דער געלד־בעזיצער פראַקטיש. איין זאַך איז אָבער קלאָר. די נאַטור פּראָדוצירט ניט אויף איין זייט געלד־ אָדער סחורה־בעזיצער און אויף דער אַנדער זייט בלויז בעזיצער פון די אייגענע אַרבייטס־קרעפטען. אָט די שייכות איז ניט קיין נאַטור־געשיכטליכע און פונקט אַזוי וועניג אַ געזעלשאַפטליכע, וועלכע וואָלט זיין גלייך פאַר אַלע פעריאָדען פון דער געשיכטע. מען זעהט קלאָר, אַז זי איז אַ רעזולטאַט פון אַ פריהער־פאָרגעקומענער היסטאָרישער ענטוויקלונג, אַ פּראָדוקט פון פיעלע עקאָנאָמישע רעוואָלוציעס, פון דעם אונטערגאַנג פון אַ גאַנצער רייה עלטערע פאָרמאַציאָנען פון דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציאָן.

די עקאָנאָמישע קאַטעגאָריען, וועלכע מיר האָבען פריהער בעטראַכט, טראָגען אויך זייערע געשיכטליכע שפּורען. כדי דער פּראָדוקט זאָל ווערן אַ סחורה, מוזען ערפילט ווערן בעשטימטע היסטאָרישע בעדינגונגען. כל זמן, צ.ב.ש. מען פּראָדוצירט כדי צו בעפריעדיגען די בעדערפענישען פונ'ם פּראָדוצירער, ווערט עס ניט קיין סחורה. ווען מיר וואָלטען געפאָרשט ווייטער און געפרעגט: אונטער וועלכע אומשטענדען נעהמען אָן אַלע, אָדער אפילו נאָר דאָס רוב פון די פּראָדוקטען די פאָרם פון סחורה, וואָלט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דאָס קומט נאָר פאָר אויפ'ן יסוד פון אַ גאַנץ בעזונדערן, דעם קאַפּיטאַליסטישען, פּראָדוקציאָנס־אופן. אַזאַ אונטערזוכונג האָט אָבער ניט געהאַט צו טהאָן מיט דעם אַנאַליז פון סחורה. סחורה־פּראָדוקציאָן און סחורה־צירקולאַציע קאָנען פאָרקומען, ווען אפילו דער גרעסטער טייל פון דער פּראָדוקטען־מאַסע ווערט דירעקט געשאַפען פאַר'ן אייגענעם פערברויך, ווערט ניט פערוואַנדעלט אין סחורה, און ווען דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס איז אַלזאָ נאָך לאַנג ניט בעהערשט אין

זיין גאנצער ברייט און טיעף פון דעם טוישווערטה. די פאר־
שטעלונג פון דעם פראדוקט אלס סחורה פאדערט ווי א תנאי קודם
אזא וויים־ענטוויקעלטע צוטיילונג פון דער ארבייט אין דער גע־
זעלשאפט, אז די פאנאנדערטיילונג צווישען געברויך־ווערטה און
טויש־ווערטה, וועלכע פאנגט זיך ערשט אן אין דער דירעקטען
טויש־האנדעל, זאל דא שוין זיין פאלשטענדיג דורכגעפיהרט. אבער
אזא ענטוויקלונג־שטופע קאן מען געפינען אין די היסטאריש־פער־
שיידענסטע עקאנאמיש־געזעלשאפטליכע פארמאציאנען.

אדער ווען מיר נעהמען בעטראכטען דאס געלד, איז עס אויך
משער א געוויסע פריהערדיגע ענטוויקלונג פון דעם סחורה־אויס־
טויש. די בעזונדערע געלד־פארמען—פשוט'ער סחורה־עקוויוואַ־
לענט, צירקולאציאנס־מיטעל אדער צאהלונג־מיטעל, אוצר־געלד און
וועלט־געלד—ווייזען אן, לויט דעם פערשיידענעם פערנעהם און
דעם רעלאטיווען איבערגעוויכט פון איינער אדער דער אנדערער
פונקציע, אויף זעהר פערשיידענע שטופען פון דעם געזעלשאפטלי־
כען פראדוקציאנס־פראצעס. פונדעסטוועגען איז, ווי מיר זעהען
פון ערפאהרונג, א פערהעלטניסמעסיג שוואך־ענטוויקעלטע סחורה־
צירקולאציע גענוג פאר דער אויסבילדונג פון אט די אלע פארמען.
ניט אזוי אבער מיט דעם קאפיטאל. די היסטארישע בעדינגונגען
פון זיין עקזיסטענץ זיינען אפילו מיט דער סחורה־ און געלד־
צירקולאציע נאך לגמרי ניטא. ער ענטשטעהט נאר דאן, ווען דער
בעזיצער פון די פראדוקציאנס־ און לעבענס־מיטלען טרעפט אן אויפ'ן
מארק דעם פרייען ארבייטער אלס פערקויפער פון זיין ארבייטס־
קראפט; און אט די איינע היסטארישע בעדינגונג נעהמט מיט זיך
ארום א גאנצע וועלט־געשיכטע. דער קאפיטאל זאגט דעריבער אן
גלייך אין אנהויב דאס אנקומען פון א נייער עפאכע אין דעם גע־
זעלשאפטליכען פראדוקציאנס־פראצעס. [41]

אט די אייגענטימליכע סחורה, די ארבייטס־קראפט, מוז מען

---

וואס עס כאראקטעריזירט אלזא די קאפיטאליסטישע עפאכע איז דאס,
וואס די ארבייטס־קראפט בעקומט פאר'ן ארבייטער אליין די פארם פון א סחורה,
וועלכע געהערט צו איהם, און זיין ארבייט קריגט דעריבער די פארם פון לוין־
ארבייט. פון דער אנדער זייט ווערט ערשט פון אט דעם מאמענט אן די סחורה־
פארם כאראקטעריסטיש פאר אלע ארבייטס־פראדוקטען בכלל.

איצט נעהענטער בעטראכטען. גלייך ווי אלע אנדערע סח[illegible] האט זי א ווערטה.[42] ווי אזוי ווערט דער דאזיגער ווערטה [illegible] שטימט?

דער ווערטה פון דער ארבייטס-קראפט, פונקט ווי דער ווער[illegible] פון יעדער אנדער סחורה, ווערט בעשטימט דורך דער ארבייט-צייט, וואס איז נויטיג צו פראדוצירן, און ממילא אויך צו רעפראדוצירן, אט דעם ספעציעלען ארטיקעל. אויף ווי ווייט זי איז א ווערטה, רעפרעזענטירט די ארבייטס-קראפט גופא נישט מעהר ווי א בע־שטימטען סכום פון געזעלשאפטליכער דורכשניטס-ארבייט, וואס איז פערקערפערט אין איהר. די ארבייטס-קראפט עקזיסטירט נאר אלס א פעהיגקייט [אנלאגע] פון דעם לעבעדיגען אינדיווידום. איהר פראדוקציאן איז דעריבער אפריהער משער זיין עקזיסטענץ. נעהמט מען אן די עקזיסטענץ פון דעם אינדיווידום, בעשטעהט די פראדוקציאן פון דער ארבייטס-קראפט אין זיין אייגענער ר[illegible] פראדוקציאן אדער דערהאלטונג. פאר זיין דערהאלטונג בעדא[illegible] דער לעבעדיגער אינדיווידום א געוויסע סומע לעבענסמיטלען. [illegible] נויטווענדיגע ארבייט-צייט פאר דער פראדוקציאן פון דער ארבייטס־קראפט לייזט זיך דעריבער אויף אין דער ארבייט-צייט, וואס איז נויטיג צו פראדוצירן די דאזיגע לעבענסמיטלען; אדער דער ווערטה פון דער ארבייטס-קראפט איז דער ווערטה פון די לעבענסמיטלען, וואס זיינען נויטווענדיג פאר דער דערהאלטונג פון איהר בעזיצער. די ארבייטס-קראפט פערווירקליכט זיך אבער נאר דורך איהר ארויסגעבען זיך, זי ווייזט זיך ארויס פאקטיש נאר אין דער ארבייט. דורך איהר פאקטישען ארויסווייזען זיך, דורך ארבייט, ווערט אבער אויסגעגעבען א בעשטימטער סכום פון מענשליכע מוסקולען, נער־ווען, געהירן א.אז.וו., וועלכער מוז ווידער צוריקגעבראכט ווערן. אט די פערגרעסערטע אויסגאבע מאכט נויטיג א פערגרעסערטע איינגאהמע.[43] דער אייגענטימער פון דער ארבייטס-קראפט, וועל־

---

[42] „דער ווערטה אדער די אבשאצונג פון א מענשען איז, אקוראט ווי פ[illegible] אלע אנדערע זאכען, זיין פרייז—ד.ה. אזויפיעל וויפיעל מען וואלט געגעבען פאר דעם געברויך פון זיין קראפט.“ (טה. האבבס, ווערקע, לאנדאן 1839, ב. 3, ז. 73.)

[43] דער אלט-רוימישער וויליקוס, וועלכער האט געדיענט ווי אן אויפזעהער איבער די אקערבוי-שקלאווען, האט געקריגען „א קנאפערע מאס נאהרונג איידער

בער האט היינט געארבייט, מוז האבען די מעגליכקייט צו ווידער־
האלען דעמזעלביגען פראצעס מארגען, אונטער דיזעלבע בעדינגונגען
פון קראפט און געזונדהייט. די סומע לעבענסמיטלען מוז, הייסט
עס, קלעקען צו דערהאלטען דעם ארבייטענדען אינדיווידום אלס
אן ארבייטענדען אינדיווידום אין זיין נארמאלען לעבענס־צושטאנד.
די נאטירליכע בעדערפנישען גופא, ווי נאהרונג, קליידונג, בעהיי־
צונג, וואוינונג א.אז.וו. זיינען פערשיידען לויט די קלימאטישע און
אנדערע נאטירליכע אייגענטימליכקייטען פון יעדען לאנד. פון
דער אנדער זייט איז דער אומפאנג פון די אזויגערופענע נויטווענ־
דיגע בעדערפענישען, ווי אויך דער אופן פון זייער בעפריעדיגונג,
אליין א היסטארישער פראדוקט און הענגט דעריבער גרעסטענטיילס
אב פון דער קולטור־שטופע פון לאנד, צווישען אנדערע אויך גרינד־
ליך פון דעם, אונטער וועלכע בעדינגונגען און פאלגליך מיט וועלכע
געוועהנהייטען און לעבענס־אנשפרוכען דער קלאס פרייע ארבייטער
איז אויסגעוואקסען.44 די בעשטימונג פון דעם ווערטה פון דער
ארבייטס־קראפט ענטהאלט אלזא, אין געגענזאץ צו דעם ווערטה
פון אלע אנדערע סחורות, א היסטארישען און מאראלען עלעמענט.
דאך אבער איז פאר א בעשטימטען לאנד און אין א בעשטימטער
פעריאדע דער דורכשניט־סכום פון די נויטווענדיגע לעבענס־מיטלען
א פראקטיש־בעשטימטע סומע.

די אייגענטימער פון דער ארבייטס־קראפט זיינען שטערבליך,
כדי מען זאל טרעץ דעם געפינען אזעלכע אייגענטימער אלעמאל
אויפ'ן מארק, ווי דאס פאדערט זיך פאר דער שטענדיג־נייער פער־
וואנדלונג פון געלד אין קאפיטאל, מוזען די פערקויפער פון דער
ארבייטס־קראפט זיך פעראייביגען, „ווי יעדער לעבעדיגער אינדי־
ווידום פעראייביגט זיך דורך פארטפלאנצונג.״45 דער פלאץ פון
די ארבייטס־קרעפטען, וואס ווערן אבגעצויגען פון מארק דורך
אבניצונג און טויט, מוז פערנומען ווערן לכל הפחות פון א גלייכער

---

די ארבייטענדע קנעכט, ווייל זיין ארבייט איז געווען א לייכטערע ווי
זייערע״. (טה. מאמזען, „רוימישע געשיכטע״, 1856, ז. 810).

44 וו. ט. טהארנטאן גיט דערצו אינטערעסאנטע דאטען אין זיין שריפט
„אווערפאפולייטאן אנד איטס רעמעדי״, לאנדאן 1846.

45 פעטטי.

צאהל נייע ארבייטס־קרעפטען. די סומע לעבענסמיטלען, וואס איז נויטיג צו פראדוצירן די ארבייטס־קראפט, שליסט אלזא איין אויך די לעבענסמיטלען פון די ממלאי מקומם, ד.ה. פון די קינדער פון די ארבייטער, אזוי אז אט די ראסע פון אייגענטימליכע סחורה־בעזיצער זאל קאנען זיך פעראייביגען אויף דעם סחורה־מארק.[46]

כדי אזוי צו געשטאלטען די אלגעמיינע מענשליכע נאטור, אז זי זאל בעקומען געשיקטקייט און ערפאהרונג אין איין בעשטימטען ארבייט־צווייג, עס זאל ווערן אן ענטוויקעלטע און אייגענארטיגע ארבייטס־קראפט, פאדערט זיך א בעשטימטע בילדונג אדער ערציהונג, וועלכע קאסט ווידער א גרעסערע אדער קלענערע סומע סחורה־עקוויוואלענטען. די קאסטען פון אזא בילדונג זיינען פערשיידען לויט דעם מעהר אדער וועניגער קאמפליצירטען כאראקטער פון דער ארבייטס־קראפט. די דאזיגע הוצאות פון אויסלערנען זיך, וועלכע זיינען אונבעמערקליך קליין פאר דער געוועהנליכער ארבייטס־קראפט, געהען אלזא אריין אין דעם קרייז פון די ווערטהען, וואס ווערן אויסגעגעבען פאר איהר פראדוקציאן.

דער ווערטה פון דער ארבייטס־קראפט לייזט זיך אויף אין דעם ווערטה פון א בעשטימטער סומע לעבענסמיטלען. ער בייט זיך דעריבער אויך מיט דעם ווערטה פון די דאזיגע לעבענסמיטלען, ד.ה. מיט דער גרויס פון דער ארבייט־צייט, וואס פאדערט זיך פאר זייער פראדוקציאן.

איין טייל פון די לעבענס־מיטלען, צ.ב.ש. נאהרונגס־מיטעל, בעהייצונגס־מיטעל א.ד.ג. ווערן פערצעהרט יעדען טאג און מוזען דעריבער טעגליך צוגעשטעלט ווערן פון דאס ניי. אנדערע לעבענס־מיטלען, ווי קליידער, מעבעל, א.אז.וו. ווערן פערברויכט אין א לענגערן צייט־משך און זייער פלאץ דארף פערנומען ווערן פון אנ[illegible]ע ערשט נאך א לענגערן משך פון צייט. איין מין סחורה

46 איהר (פון דער ארבייט) נאטירליכער פרייז ... בעשטעהט אין אזא סומע לעבענסמיטלען און גענוס־מיטלען, ווי זיי זיינען נויטווענדיג לויט דעם קלימאט און די לעבענסגעוואוינהייטען פון דעם לאנד, כדי צו דערהאלטען דעם ארבייטער און איהם געבען די מעגליכקייט אויפצוהאדעווען א פאמיליע, וועלכע האלט אויף א ניט־געמינערטען אנבאט פון ארבייט אויפ׳ן מארק.״ (ר. טאררענס, „עססיי אן עקסטערנאל קארן טרייד״, לאנדאן 1815, ז. 62.) דאס ווארט ארבייט שטעהט דא ניט ריכטיג אנשטאט ארבייטס־קראפט.

ווערט געקויפט און בעצאָהלט טעגליך, אַנדערע סאָרטען — **וועכענט**־ליך, פערטעל־יעהרליך א. אַז. וו. אויף וועלכען אופן אָבער די סומע פון די דאָזיגע אויסגאַבען זאָל זיך ניט פערטיילען א·; משך צ.ב.ש. פון אַ יאָהר, מוז זי דאָך געדעקט ווערן דורך דער דורכשניט־איינ־נאָהמע טאָג־איין, טאָג־אויס. אויב די מאַסע סחורות, וואָס פאָ־דערן זיך טעגליך צו פראָדוצירן די אַרבייטס־קראַפט $= A$ **די** וואָס פאָדערן זיך וועכענטליך $= B$ די וואָס פאָדערן זיך פערטעל־יעהר־ליך $= C$ א.אַז.וו., דאַן וואָלט דער טעגליכער דורכשניט פון די דאָזיגע סחורות געוועזן

$$= \frac{365\ A + 52\ B + 4\ C + \text{etc.}}{365}$$

אָנגענומען אַז אין דער דאָזיגער מאַסע סחורות, וואָס זיינען נויטיג פאַר אַ דורכשניט־טאָג, שטעקען 6 שטונדען געזעלשאַפטליכע אַרבייט, דאַן פערקערפערט זיך טעגליך אין דער אַרבייטס־קראַפט ½ טאָג געזעלשאַפטליכע דורכשניט־אַרבייט, אָדער אַ העלפט פון דעם אַרבייטס־טאָג פאָדערט זיך פאַר דער טעגליכער פראָדוקציאָן פון דער אַרבייטס־קראַפט. דער דאָזיגער סכום אַרבייט, וואָס פאָדערט זיך צו פראָדוצירן די טעגליכע אַרבייטס־קראַפט, מאַכט אויס איהר טאָג־ווערטה, אָדער דעם ווערטה פון **דער** טעגליך־רע־פראָדוצירטער אַרבייטס־קראַפט. אויב אַ האַלבער טאָג פון גע־זעלשאַפטליכער דורכשניט־אַרבייט דריקט זיך אויך אויס אין אַ גאָלד־מאַסע פון 3 שילינג אָדער 1 טאַלער, דאַן איז 1 טאַלער דער פרייז, וואָס שטימט מיט דעם טאָג־ווערטה פון דער אַרבייטס־קראַפט. אויב דער בעזיצער פון דער אַרבייטס־קראַפט באָט זי אָן פאַר אַ טאַלער אַ טאָג, דאַן איז איהר פערקויף־פרייז גלייך צו איהר ווערטה, און לויט אונזער השערה, צאָהלט דער געלד־בעזיצער, וואָס איז להוט צו פערוואַנדלען זיין טאַלער אין קאַפּיטאַל, אָט דעם ווערטה.

דער לעצטער גרעניץ אָדער מינימאַל־גרעניץ פון דעם ווערטה פון דער אַרבייטס־קראַפט ווערט פאָרמירט דורך דעם ווערטה פון אַ סומע סחורות, וואָס אויב זיי ווערן ניט צוגעשטעלט יעדען טאָג, קאָן דער טרעגער פון דער אַרבייטס־קראַפט, דער מענש, ניט בע־נייען זיין לעבענס־פראָצעס; ד. ה. דורך דעם ווערטה פון די פי־זישע לעבענס־מיטלען, אָהן וועלכע מען קאָן ניט אויסקומען. אויב

דער פרייז פון דער ארבייטס־קראפט זינקט ארונטער צו אט דעם מינימום, דאן זינקט ער אונטער איהר ווערטה, וואָרים אויף דעם אופן קאָן זי זיך אויפהאַלטען און ענטוויקלען נאָר אין א קרענק־ליכער פאָרם. דער ווערטה אָבער פון יעדער סחורה ווערט בע־שטימט דורך דער ארבייט־צייט, וואס פאַ־ערט זיך זי ארויסצו־געבען אין א נאָרמאַלער קוואליטעט.

עס איז א זעהר ביליגע סענטימענטאַליטעט צו דערקלערן, אז אט די מעטאָדע ווי צו בעשטימען דעם ווערטה פון דער ארבייטס־קראפט, וועלכע פליעסט ארויס פון דער נאַטור פון דער זאך גופא, איז צו־ברוטאל און דערביי זיך צוזאַמערן אשטייגער ווי ראָססי, וועלכער זאָגט: „בעגרייפען די ארבייטס־פעהיגקייט, ניט נעה־מענדיג אין בעטראכט די לעבענסמיטלען פון דער ארבייט בעת דעם פראָצעס פון פראָדוקציאָן, הייסט בעגרייפען א דמיון־בילד. ווער עס זאָגט „ארבייט", ווער עס זאָגט „ארבייטס־פעהיגקייט", זאָגט אין דערזעלבער צייט ארבייטער און לעבענס־מיטלען, ארביי־טער און ארבייטס־לוין."[47] דער וואָס זאָגט ארבייטס־פעהיגקייט, זאָגט ניט ארבייט, פונקט אזוי וועניג ווי דער וואס זאָגט פער־דייאונגס־פעהיגקייט, זאָגט פערדייאונג. פאַר אָט דעם פראָצעס [פון פערדייען] פאָדערט זיך, ווי עס איז בעקאנט, עפּעס מעהר ווי א גוטער מאָגען. דער וואָס זאָגט ארבייטס־פעהיגקייט, לאָזט ניט אויס פון בעטראכט די לעבענס־מיטלען, וואָס זיינען נויטיג פאַר איהר דערהאלטונג. אדרבה, זייער ווערטה דריקט זיך אויס אין איהר ווערטה. אויב זיין ארבייטס־פעהיגקייט ווערט ניט פערקויפט, נוצט זי דעם ארבייטער אויף גאָרנישט, נאָר פער־קעהרט ער פיהלט עס אַלס א גרויזאמע נויטווענדיגקייט פון דער נאַטור, וואָס זיין ארבייטס־פעהיגקייט האָט געפאָדערט פאַר איהר פראָדוקציאָן א בעשטימטען סכום לעבענסמיטלען און פאָדערט דאָסזעלביגע שטענדיג פון דאָס ניי. ער ענטדעקט דאן צוזאַמען מיט זיסמאָנדי, אז: „די ארבייטס־פעהיגקייט... איז גאָרנישט, ווען זי ווערט נישט פערקויפט."[48]

די אייגענטימליכע נאַטור פון דער דאָזיגער אייגענאַרטיגער

---

47 ראססי, „קור ד'עקאנאמיע פאָליטיק", בריסעל 1842, ז. 370.

48 זיסמאנדי, „נוואָו פרינסיפ ד'עקאנאמיע פאליטיק, ב. 1, ז. 112.

סחורה, פון דער ארבייטס־קראפט, ברענגט מיט, וואס מיט דער אבשליסונג פונ׳ם אבמאך צווישען דעם קויפער און פערקויפער איז אין דער ווירקליכקייט איהר געברויך־ווערטה נאך ניט איבערגע־גאנגען אין די הענד פונ׳ם קויפער. איהר ווערטה, גלייך ווי דער ווערטה פון יעדער אנדער סחורה, איז געוועזען בעשטימט איידער זי איז ארייננעטראטען אין דער צירקולאציע, ווארים פאר דער פראָ־דוקציאן פון דער ארבייטס־קראפט איז אויסגעגעבען געווארן א בעשטימטער סכום פון געזעלשאפטליכער ארבייט; אבער איהר געברויך־ווערטה בעשטעהט ערשט אין דער שפעטערדיגער קראפט־אויסאיבונג. די אוועקגעבונג פון דער קראפט און איהר ווירקליכע אויסאיבונג, ד.ה. איהר דאזיין אלס געברויך־ווערטה, קומען אויף דעם אופן זיך ניט צוזאמען אין צייט. ביי אזעלכע סחורות אבער, וואו די פארמעלע אוועקגעבונג פונ׳ם געברויך־ווערטה דורכ׳ן פער־קויף קומט ניט פאר אין איין צייט מיט דער ווירקליכער איבער־ליפערונג פון דעם דאזיגען געברויך־ווערטה צום פערקויפער, פונק־ציאנירט דעם קויפער׳ס געלד מייסטענס אלס צאהלונג־מיטעל.[49] אין אלע לענדער פון דעם קאפיטאליסטישען פראדוקציאנס־אופן ווערט די ארבייטס־קראפט בעצאהלט ערשט נאכדעם ווי זי האט שוין פונקציאנירט דורכ׳ן טערמין, וואס איז פעסטגעזעצט אין דעם קויף־קאנטראקט, צום ביישפיעל צום סוף פון יעדער וואך. אומע־טום אוואנסירט אויף דעם אופן דער ארבייטער דעם קאפיטאליסט דעם געברויך־ווערטה פון דער ארבייטס־קראפט; ער לאזט זי פערצעהרט ווערן פון קויפער, איידער ער האט געקריגען בעצאהלט איהר פרייז: אומעטום קרעדיטירט דעריבער דער ארבייטער דעם קאפיטאליסט. אז אט די קרעדיטירונג איז ניט קיין פוסטע איינ־בילדונג, צייגט ניט נאר דער פערלוסט פון דעם קרעדיטירטען

[49] „יעדע ארבייט ווערט ערשט בעצאהלט נאכדעם ווי זי האט שוין אויפ־געהערט.״ („אן אינקווייררי אינטו דאוז פרינסיפלס רעספעקטינג דהי נייטור אוו דעמאנד עטצ.״, לאנדאן 1821, ז. 104.) „דער סוחר׳ישער קרעדיט האט זיך געמוזט אנהויבען אין יענעם מאמענט, ווען דער ארבייטער, דער ערשטער שאפער פון דער פראדוקציאן, איז דורך זיינע אבשפארונגען אימשטאנד געווען צו ווארטען אויף דער בעלוינונג פון זיין ארבייט א וואך, 14 טעג, א מאנאט אדער א פערטעל יאהר.״ (ש. גאניליה, „דע סיסטעם דע ל׳עקאנאמיע פאליטיק״, פאריז 1821, ב. 2, ז. 150.

לוין אין פאַל ווען דער קאַפּיטאַליסט באַנקראָטירט,[50] נאָר אויך א גאַנצע רייה פון מעהר אַנהאַלטענדע ווירקונגען.[51] דאָך אין דער

---

[50] „דער ארבייטער קרעדיטירט זיין פלייסיגקייט", אבער לעגט צו שטאָרך גנב'יש: „ער ריזיקירט גארנישט א חוץ צו פערלירן זיין לוין.... ווארים דער ארבייטער לעגט מאטעריעל גארנישט אריין." (שטארד, „קור ד'עקאנאמיע פאָליטיק", פעטערסבורג 1815, ב. 2, ז. 37.)

[51] איין ביישפיעל. אין לאנדאן עקזיסטירען צוויי סארטען בעקער, די „פול פרייזד", וואס פערקויפען דאס ברויט צום פולען ווערטה, און די „אַנדער־סעלערס", די וואס פערקויפען עס אונטער'ן ווערטה. דער לעצטער קלאַס מאכט אויס אריבער דריי פערטעל פון דער גאנצער צאהל בעקער (ז. XXII. אין דעם רעפּאָרט פון דעם רעגירונג־קאמיסאר ה. ס. טרעמענהעער איבער די „גריוועגסעס קאמפליינד אוו ביי דהי דשוורנימען בייקערס עטצ.", לאנדאן 1862.) אַט די אַנדערסעלערס פערקויפען א ברויט, וואס איז כמעט אהן אויסנאהמע געפעלשט דורך א צומישונג פון אלום, זייף, קאלי קארבאניקום, קאַלך, דערבישייר שטיינמעהל און נאך אזוינע אנגענעהמע, נאַרהאַפטע און געזונדע זאכען. (זעה דעם אויבען ציטירטען בלוי־בוך, ווי אויך דעם בעריכט פון דער „קאמיטע אוו 1855 „אן דהי אדאלטעריישאן אוו ברעד" און דר. האססאלס בוך: „אדאלטע־ריישאַנס דעטעקטעד", 2טע אויסגאבע, לאנדאן 1862.) סער דזשאהן גארדאן האט ערקלערט פאר דער קאמיטע פון 1855, אז „אלס רעזולטאט פון אַט די פעלשונגען קריגט איצט דער ארימאַן, וועלכער לעבט אויף צוויי פונט ברויט א טאג, אפילו ניט א פערטעל טייל נאהרונגסשטאף, שוין ניט צו רעדען פון די שעדליכע ווירקונגען אויף זיין געזונד פון די דאזיגע צוגעמישטע שטאפען." אלס ערקלערונג, ווארום „א זעהר גרויסער טייל פון דעם ארבייטער־קלאס", הגם זיי ווייסען גאנץ גוט וועגען די פעלשונגען, קויפען פונדעסטוועגען אזא ברויט מיט אלום, שטיינמעהל א.אז.וו., גיט טרעמענהעערע אן (אין דעם פריהער־דערמאַנטען בעריכט) דעם גרונד, ווייל עס איז פאר זיי „א זאך פון נויט צו נעהמען ביי די בעקער אדער קרעמער אזא ברויט, וואס מען גיט זיי." אזוי ווי זיי קריגען ערשט בעצאהלט צום סוף פון דער ארבייטס־וואך, „קאנען זיי צאהלען פאר דעם ברויט, וואס זייער פאמיליע פערצעהרט דורך דער וואך, ערשט צום סוף וואך": און טרעמענהעערע לעגט נאך צו, ברענגענדיג דערויף עדות: „עס איז אלגעמיין בעקאנט, אז דאס דאזיגע געפעלשטע ברויט ווערט ספּעציעל געמאכט פאר אַט דעם סארט קונדען." „אין פיעלע ענגלישע אגריקולטור־דיסט־ריקטען (און נאך מעהר אין די שאטישע) ווערט דער ארבייטס־לוין געצאהלט אלע 14 טעג אדער גאר אַלע חודש. ביי אזוינע לאנגע צאהלונג־טערמינען מוז דער אגריקולטור־ארבייטער קויפען זיינע סחורות אויף קרעדיט.... ער מוז צאהלען העכערע פרייזען און איז פאקטיש געבונדען צום קרעמער, וועלכער רייסט פון איהם וויפיעל ער קאן. אזוי צ.ב.ש. קאסט איהם אין הארנינגשאַ, ווילטס, וואו די לוינונג איז מאנאטליך, דאסזעלבע מעהל 2 שילינג 4 פענס פער שטיין (14 פונט), וואס ער קריגט אנדערשוואו מיט 1 שילינג 10 פענס." טער

נאטור פון דעם סחורה־אויסטויש גופא מאכט עס קיין ענדערונג ניט, צי דאס געלד פונקציאנירט אלס קויפמיטעל אדער אלס צאה־לונג־מיטעל. דער פרייז פון דער ארבייטס־קראפט איז פעסטגע־שטעלט על פי קאנטראקט, הגם ער ווערט רעאליזירט ערשט א צייט שפעטער, ווי די דירה־געלד פון א הויז. די ארבייטס־קראפט איז פארקויפט, ווען אפילו מען בעצאהלט פאר איהר שפעטער, דאך אבער איז ניצליך, צוליעב דער ריינער אויפפאסונג פון דער שייכות, אנצונעהמען פאר דער ווילע, אז דער בעזיצער פון דער ארבייטס־קראפט בעקומט יעדעס מאל דעם על פי קאנטראקט אויסגעמאכטען פרייז אזוי גלייך ווי ער פערקויפט זי.

מיר האבען זיך שוין איצט בעקענט מיט דעם אופן פון דער בעשטימונג פון דעם ווערטה, וואס דער געלד־בעזיצער צאהלט דעם בעזיצער פון דער דאזיגער אייגענטימליכער סחורה, די ארבייטס־קראפט. דער געברויך־ווערטה, וואס דער געלד־בעזיצער פון זיין זייט קריגט אין אויסטויש, צייגט זיך ערשט ארויס אין דעם ווירק־ליכען פערברויך, אין דעם קאנזומציאנס־פראצעס פון דער ארבייטס־קראפט. אלע זאכען, וואס זיינען נויטיג פאר דעם דאזיגען פרא־צעס, ווי רויה־מאטעריאל א.ד.ג. קויפט דער געלד־בעזיצער אויפ׳ן סחורה־מארק און צאהלט פאר זיי דעם פולען פרייז. דער קאנ־

---

רעפארט „אן פובליק העלטה ביי דהי מעדיקאל אפיסער אוו דהי פרייווי קאונ־סיל עטצ, 1864, ז. 264). „די קאטון־האנדדרוקער פון פייזלי און קילמאנראק (וועסט־שאטלאנד) האבען געוואונען אין 1853 דורך א סטרייק, אז דער צאה־לונג־טערמין זאל זיין אלע 14 טעג אנשטאט יעדען מאנאט". (רעפארט אוו אינספעקטארס אוו פעקטאריס פאר 31 אוו אקטאבער 1853, ז. 34). אלס א וויי־טערע אנטוויקלונג פונ׳ם קרעדיט, וואס דער ארבייטער גיט דעם קאפיטאליסט קאן מען בעטראכטען די מעטאדע פון פיעלע ענגלישע בעזיצער פון קויהלען־מינען, לויט וועלכער זיי צאלען ערשט צום סוף פון מאנאט און גיבען אין צווישענצייט אוואנסען, אפט אין סחורות, פאר וועלכע דער ארבייטער מוז צאהלען אריבער דעם מארק־פרייז (טראק־סיסטעם, א סיסטעם צו צאהלען די שכירות אין סחורה, אנשטאט אין בארעם געלד — ס.) „ס׳איז אן אלגעמיינער איינפיהר אין די קויהלען־מינען אויסצוצאהלען דעם לוין איינמאל אין מא־נאט. אין דער צווישענצייט גיבען זיי אוואנסען סוף יעדער וואך. די אוואנ־סען ווערן איבערגעגעבען אין קראם (ד.ה. אין דעם טאממי־שאפ, אדער אין קראם, וואס געהערט צום מייסטער גופא): די ארבייטער נעהמען זיי מיט איין האנד אריין און גיבען עס מיט דער אנדער גלייך אויס" (טשילדרען׳ס עמפלאימענט קאמישיאן. 3. רעפארט, לאנדאן 1864, ז. 38).

זומציאָנס־פּראָצעס פון דער אַרבייטס־קראַפט איז אין דערזעלבער צייט דער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס פון סחורה און פון מעהר ווערטה. די קאָנזומציאָן פון דער אַרבייטס־קראַפט, גלייך ווי די קאָנזומציאָן פון יעדער אַנדער סחורה, ווערט דורכגעפיהרט אויסערהאַלב דעם מאַרק אָדער פון דער צירקולאַציאָנס־ספערע. מיר פערלאָזען דעריבער אָט די טומעלדיגע ספערע, וואָס ליעגט אויף דער אויבערפלעך און אַלע קאָנען זי זעהען, אייגאיינעם מיט דעם בעזיצער פונ'ם געלד און דעם בעזיצער פון די אַרבייטס־קראַפט, כדי זיי ביידען נאָכצופאָלגען אין די פערבאָרגענע פלעצער פון דער פּראָדוקציאָן, איבער די טירען פון וועלכע עס שטעהט אויפגעשריבען: „נאָ אדמיטטאנס, עקסעפּט אָן ביזנעס" (דער אַריינטריט איז ערלויבט נאָר פאַר די, וואָס זיינען דאָ בעשעפטיגט). דאָ וועט זיך אַרויסצייגען ניט נאָר ווי דער קאַפּיטאַל פּראָדוצירט, נאָר אויך ווי מען פּראָדוצירט איהם, דעם קאַפּיטאַל, גופא. דער סוד פון דער פּלוס־מאַכעריי (ווי מען מאַכט מעהר געלד) מוז זיך דאָ ענדליך אויפדעקען.

די ספערע פון דער צירקולאַציע אָדער פון דעם סחורה־אויס־טויש, אין וועלכער עס בעוועגט זיך דער קויף און פערקויף פון דער אַרבייטס־קראַפט, איז אין דער ווירקליכקייט אַן אמת'ער גן־עדן פון די מיטגעבוירענע מענשען־רעכט. דאָס איינציגע, וואָס דאָ הערשט, איז פריהייט, גלייכהייט, אייגענטום און בענטהאַם.* פריהייט! דען דער קויפער און דער פערקויפער פון דער סחורה, צ.ב.ש. פון דער אַרבייטס־קראַפט, זיינען אונטערוואָרפען נאָר אונטער זייער אייגענעם פרייען ווילען. זיי שליסען קאָנטראַקטען אַלס פרייע, יורידיש גלייכבערעכטיגטע פערזאָנען. דער

* דער ענגלישער פילאָזאָף בענטהאַם (1748—1832), וועלכער האָט געלערנט די זאָגענאַנטע ניצליכקייט־פילאָזאָפיע (אוטיליטאַריזמוס). לויט איהם נאָך איז דער פערזענליכער אינטערעס די טרייב־קראַפט פון אַלע האַנדלונגען. אַבער אַלע אינטערעסען, ווען מען פערשטעהט זיי ריכטיג, שטעהען אין אַ אינערליכער האַרמאָניע. דער ריכטיג־פערשטאַנענער אינטערעס פון דעם איינצעלנעם איז אויך דער אינטערעס פון דער געזעלשאַפט. דער ענגלישער ליבעראַליזם איז בעהערשט געוואָרען פון אָט דער לעהרע, פּונקט ווי פון דעם „וואולגאַרען" פריי־האַנדעל, ד.ה. פון דער פערפלאַכטער טעאָריע, וואָס איז געשאַפען געוואָרען פאַר די בעדערפעניסען פון דעם בירגערליכען המון. — קאַוטסקי.

קאנטראקט איז דער ענד־רעזולטאט, אין וועלכען זייערע ווילענס געפינען אן אלגעמיין רעכטליכען אויסדרוק. גלייכהייט! ווארים זיי בעציהען זיך איינע צו די אנדערע נאר אלס סחורה־בעזיצער און טוישען עקוויוואלענט אויף עקוויוואלענט. אייגענטום! ווארים יעדערער זאגט נאר א דעה אויף דאס זייניגע. בענטהאם! ווייל יעדערער זארגט זיך נאר וועגן זיך אליין. די איינציגע מאכט, וואס ברענגט זיי צוזאמען און האלט זיי אין איין שייכות, איז די מאכט פון זייער אייגעננוצן, פון זייער בעזונדערן געווינס, פון זייערע פריוואט־אינטערעסען. און טאקע אזוי, ווייל יעדערער זארגט נאר פאר זיך און קיינער נישט פאר דעם אנדערן, פיהרען זיי אלע דורך, לויט א פריהער־בעשטימטער הארמאניע פון אלע זאכען, אדער אונטער דער לייטונג פון א העכסט־פיפיגער השגחה, נאר די ארבייט פון זייער געגענ־זייטיגען געווינס, פון זייערע אלגעמיינע נוצען, פון זייער אלע־מענס אינטערעס.

נעהמענדיג אבשייד פון אט דער ספערע פון דער איינפאכער צירקולאציע אדער סחורה־אויסטויש, פון וועלכער דער „פריי־הענד־לער ווולגארים” שעפט זיינע אנשויאונגען, בעגריפען און דעם מאסשטאב פאר זיין אורטייל איבער דער געזעלשאפט פון קא־פיטאל און לוין־ארבייט—זיך צושיידענדיג מיט דער ספערע, שיינט אונז, אז עס ווערט עפעס אן ענדערונג אין דער פיזיאנאמיע פון די פיגורען פון אונזער דראמא. דער פריהערדיגער געלד־בעזיצער נעהט ברייטליך פארא יס אלס קאפיטאליסט, דער ארבייטס־קראפט בעזיצער נעהט איהם נאך אלס זיין ארבייטער; איינער מיט א חשוב׳ער מינע, אונטערשמייכלענדיג און פערטאן אין געשעפט, דער אנדערער שרעקענדיג, צוריקגעהאלטען, ווי איינער וואס האט געבראכט אויפ׳ן מארק זיין אייגענע הויט און האט מעהר גאר נישט צו דערווארטען א חוץ די—הויט־שינדעריי.

### דריטער אָבטייל.

# די פּראָדוקציאָן פֿון דעם אבסאָלוטען מעהרווערטה.

פינפטער קאַפּיטעל.

# דער אַרבייט־פּראָצעס און דער פערוועטונג־פּראָצעס.

## 1. דער אַרבייט־פּראָצעס אָדער די פּראָדוקציאָן פון געברויך־ווערטהען

דער געברויך פון דער ארבייטס־קראַפט איז די ארבייט גופא. דער קויפער פון דער אַרבייטס־קראַפט פערצעהרט זי דערמיט, וואָס ער שטעלט איהר פערקויפער אַרבייטען. דער לעצטער [דער פערקויפער] ווערט דורכדעם בפועל (אקטו) אַן ארבייטס־קראַפט, וואָס פערווירקליכט זיך, אַן אַרבייטער, בעת פריהער איז ער געווען אַזעלכער נאָר בכח (פּאָטענציא). כדי ארויסצושטעלען זיין ארבייט אין סחורות, מוז ער זי קודם ארויסשטעלען אין געברויך־ווערטהען, אין זאַכען, וועלכע דיענען צו דער בעפריעדיגונג פון וועלכע עס איז בעדערפענישען. פאָלגליך שטעלט דער קאַפּיטאַליסט אוועק דעם אַרבייטער צו פערפערטיגען אַ בעזונדערן געברויך־ווערטה, אַ בעשטימטען אַרטיקעל. די פּראָדוקציאָן פון געברויך־ווערטהען אָדער גיטער ענדערט ניט איהר אַלגעמיינע נאַטור דורכדעם, וואָס זי ווערט געטאָן פאַר דעם קאַפּיטאַליסט און שטעהט אונטער זיין קאָנטראָל. מען דאַרף דעריבער קודם בעטראַכטען דעם אַרבייט־פּראָצעס אונאָבהענגיק פון יעדער בעשטימטער געזעלשאַפטליכער פאָרם.

די אַרבייט איז קודם אַ פּראָצעס, וואָס קומט פאָר צווישען מענשען און דער נאַטור—אַ פּראָצעס, אין וועלכען דער מענש דורך זיין אייגענער טהאַט ברענגט צושטאַנד, רעגולירט און קאָנטראָלירט די וועקסלונג פון שטאָפען צווישען זיך און דער נאַטור. ער טרעט ארויס ווי אַ נאַטור־מאַכט אַנטקעגען דעם נאַטור־שטאָף גופא. ער ברענגט אין בעוועגונג די נאַטור־קרעפטען, וואָס געהערן זיין קערפּער, די אָרעמס און פיס, דעם קאָפּ און די הענד, כדי

צו מאַכען דעם נאַטור־שטאָף פאַר זיין אייגענס אין אַזאַ פאָרם, וואָס ער זאָל קאָנען געברויכען פאַר זיין אייגענעם לעבען. בעת ער ווירקט דורך אָט דער בעוועגונג אויף דער אויסערליכער נאַטור און פערענדערט זי, פערענדערט ער אין דערזעלבער צייט אויך זיין אייגענע נאַטור. ער ענטוויקעלט איהרע איינגעשלאָפענע כחות (פּאָטענצען) און אונטערוואַרפט זיי אונטער זיין אייגענער ממשלה. מיר האָבען דאָ ניט צו טהאָן מיט די ערשטע אינסטינקט־מעסיגע פאָרמען פון דער אַרבייט, אַ שטייגער ווי די אַרבייט פון חיות. אין פערגלייך מיט דעם צושטאַנד, אין וועלכען דער אַרבייטער טרעט אַרויס אויפ'ן סחורה־מאַרק ווי אַ פערקויפער פון זיין אייגענער אַרבייטס־קראַפט, ליעגט יענער צושטאַנד, ווען די מענשליכע אַרבייט האָט נאָך ניט אַראָבגעוואָרפען פון זיך די ערשטע אינסטינקטיווע פאָרם, פעררוקט אין דעם אוראַלטען הינטערגרונד. מיר נעהמען אָן די אַרבייט אין אַזאַ פאָרם, אין וועלכער זי געהערט אויסשליסליך דעם מענשען. די שפּין פיהרט דורך אָפּעראַציעס, וואָס פערגלייכען זיך מיט די אָפּעראַציעס פון דעם וועבער, און די ביהן פערשעמט מיט דעם בוי פון איהרע וואַקס־צעלען ניט איינעם פון די מענשליכע אַרכיטעקטען. וואָס עס צייכענט אָבער פון אָנהויב אָן אויס דעם ערגסטען אַרכיטעקט פון דער בעסטער ביהן איז דאָס, וואָס ער האָט געבויט די צעל אין זיין קאָפּ איידער ער בויט זי אין דעם וואַקס. ביים סוף פון דעם אַרבייט־פּראָצעס בעקומט זיך אַ רעזולטאַט, וועלכער איז שוין אין זיין אָנפאַנג געווען אין דעם אַרבייטער'ס פאָרשטעלונג, ד.ה. האָט זיך שוין געפונען אידעעל. עס איז ניט נאָר דאָס, וואָס ער פיהרט דורך אָן ענדערונג אין דער פאָרם פון עפּעס אַ נאַטור־זאַך; ער פערווירקליכט אין דער נאַטור־זאַך צו דערזעלביגער צייט זיין בעוואוסטזיניגען צוועק, וועלכער בעשטימט די אַרט און ווייז פון זיין טהאָן ווי אַ געזעץ און צו וועלכען ער מוז אונטערוואַרפען זיין ווילען. און די דאָזיגע אונטערוואַרפונג איז ניט קיין פעראיינצעלטער אַקט. אַ חוץ דער אָנשטרענגונג פון די אָרגאַנען, וועלכע אַרבייטען, פאָדערט זיך אַ צוועקמעסיגער ווילען, וואָס דריקט זיך אויס אַלס אויפמערקזאַמקייט, די גאַנצע צייט וואָס די אַרבייט געדויערט; און די אויפמערקזאַמקייט פאָדערט זיך אַלץ מעהר, וואָס ווייניגער די אַרבייט, דורך איהר איי־

נענעם אינהאלט און דורכ'ן אופן פון איהר אויספיהרונג, אינטע־רעסירט דעם ארבייטער, וואס וועניגער, הייסט עס, ער געניעסט די ארבייט אלס א צושפיעלען־זיך פון זיינע אייגענע קערפערליכע און גייסטיגע כחות.

די איינפאכע מאמענטען פון דעם ארבייט־פראצעס זיינען 1) די צוועקמעסיגע טהעטיגקייט אדער די ארבייט גופא; 2) דער געגענשטאנד, אויף וועלכען זיווירקט און 3) דער מיטעל דורך וועלכען זי ווירקט.

די ערד (וואס שליסט אויך איין, אין דעם עקאנאמישען זין, דאס וואסער), ווי זי בעזארגט דעם מענשען אורשפרינגליך מיט שפייז און פארטיגע לעבענס־מיטלען,[1] עקזיסטירט אהן זיין מיט־ווירקונג אלס דער אלגעמיינער געגענשטאנד פון מענשליכער אר־בייט. אלע זאכען, וועלכע די ארבייט רייסט נאר ארויס פון זייער דירעקטען צוזאמענהאנג מיט דער ערד, זיינען פון דער נאטור אנ־געגרייטע ארבייט־געגענשטאנדען. אזוי צ.ב.ש. די פיש, וועלכע ווערן ארויסגעריסען, געפאנגען, פון זייער לעבענס־עלעמענט, דעם וואסער, דאס האלץ, וואס ווערט אויסגעהאקט פון דעם פרימיטי־ווען וואלד, די מעטאלען, וואס ווערן אויסגעגראבען פון זייערע אדערען. אויב פערקעהרט דער ארבייט־געגענשטאנד איז שוין אזוי צו זאגען פילטרירט געווארן, דורכגעגאנגען, דורך פריהער־דיגער ארבייט, דאן רופען מיר איהם אן רויה־מאטעריאל. צום ביישפיעל דער אויסגעגראבענער מעטאל, וועלכער דארף איצט אויסגעוואשען ווערן. יעדער רויה־מאטעריאל איז אן ארבייט־גע־גענשטאנד, אבער ניט יעדער ארבייט־געגענשטאנד איז רויה־מא־טעריאל. נאר דער ארבייט־געגענשטאנד איז רויה־מאטעריאל, ווען ער איז שוין דורכגעגאנגען א פערענדערונג דורך ארבייט.

אן ארבייטס־מאטעריאל איז א זאך אדער א קאמפלעקס [א צונויפשטעלונג] פון זאכען, וועלכען דער ארבייטער שטעלט אוועק

---

1 „די פרייוויליגע שאפונגען פון דער ערד זיינען וועניגלאך און גאנץ אונ־אבהענגיק פון דעם מענשען. עס זעהט אויס דעריבער ווי זיי וואלטען געגעבען געווארן פון דער נאטור מיט דערזעלבער כונה, ווי ווען מען גיט א יונגען מאן א קליינע סומע געלד, כדי איהם צו שטעלען אין דער לאגע צו קאנען אנהויבען ארבייטען פאר זיך און זיך ערווערבען א פערמעגען.” (דזשיימס סטוארט, „פרינסיפלס און פאליטיקאל עקאנאמי”, דובלין 1770, ב. 1, ז. 116.)

צווישען זיך און דעם ארבייטס־געגענשטאנד, און וועלכער דיענט איהם ווי א פיהרער פון זיין טהעטיגקייט אויף דעם דאזיגען געגענשטאנד. ער בענוצט די מעכאנישע, פיזישע און כעמישע אייגענשאפטען פון די זאכען, כדי זיי צו לאזען ווירקען ווי קראפט־מיטלען אויף אנדערע זאכען לויט זיין אייגענעם צוועק.[2] דער געגענשטאנד, וועלכען דער ארבייטער בעהערשט דירעקט, — ניט רעכענענדיג דאס נעהמען אין בעזיץ די פארטיגע לעבענסמיטלען, צ. ב. ש. פרוכטען, וואו זיינע אייגענע קערפערליכע ארגאנען אליין דיענען ווי ארבייט־מיטלען — איז ניט דער ארבייט־געגענשטאנד, נאר דער ארבייט־מיטעל. אזוי פערוואנדעלט ער זאכען פון זיין אומגעבונג אין ארגאנען פון זיין טהעטיגקייט, ארגאנען וועלכע ער לעגט צו צו זיינע אייגענע קערפערליכע ארגאנען, פערלענגערענדיג דורכדעם זיין נאטירליכע געשטאלט, להיפך צו דער ביבעל. אזוי ווי די ערד איז זיין ערשטע פראוויאנט־קאמער, אזוי איז זי אויך זיין ערשטער ארסענאל פון ארבייט־געצייג. זי ליפערט איהם צום ביישפיל דעם שטיין, וועלכען ער ווארפט און מיט וועלכען ער רייבט, דריקט, שניידט א. אז. וו. די ערד גופא ווערט אן ארבייט־מיטעל, איהר פונקציע אבער אלס ארבייט־מיטעל אין דער אגריקולטור זעצט פאראוים א גאנצע רייה פון אנדערע ארבייטס־מיטלען און לפי ערך שוין א הויכע ענטוויקלונג פון דער ארבייטס־קראפט.[3] ווי נאר דער ארבייט־פראצעס ווערט בכלל וויפיעל־ניט־שטיינערנע געצייג און שטיינערנע וואפען. צוזאמען מיט אויס־איז ענטוויקעלט, פאדערט ער שוין אויסגעארבייטע ארבייטס־מיטלען. אין די הייהלען פון די אוראלטע מענשען געפינען מיר

---

2 „די פערנונפט איז פונקט אזוי כיטרע, ווי מעכטיג. די כיטרעקייט בעשטעהט איבערהויפט אין דער אונדירעקטער טהעטיגקייט, וועלכע דערמיט וואס זי לאזט די זאכען ווירקען לויט זייער אייגענער נאטור איינע אויף די אנדערע און ווערן בעארבייט איינע דורך די אנדערע, דירעקט זיך נאר ניט אריינמישענדיג אין דעם דאזיגען פראצעס, פיהרט זי פונדעסטוועגען נאר דורך איהר אייגענעם צוועק". (העגעל, ענציקלאפעדיע, ערשטער טייל, די לאגיק, בערלין 1840, ז. 382).

3 גאנילה, אין זיין זאנסט ניכטסווירדיגער שריפט „טהעאריע דע ל'עקאנאמיע פאליטיק" (פאריז, 1815) רעכענט אויס, פאלעמיזירענדיג אנטקעגן די פיזיאקראטען, א גרויסע רייה פון ארבייטס־פראצעסען, וואס מוזען עקזיסטירען איידער די ריכטיגע אגריקולטור קאן זיך אנהויבען.

געארבייטע שטיינער, הּאָלץ, ביינער און ים־שאָלען, אין אָנפאַנג פון דער מענשליכער געשיכטע, שפּיעלען די הויפּט־ראָליע אַלס ארבייט־מיטלען די געצווימטע טהיערען, ד.ה. די וואָס זיינען שוין דורך ארבייט פערענדערט און אויסגעהאָדעוועט געוואָרן.[4] דער געברויך און די בעשאפונג פון ארבייט־מיטלען, הגם אַן אָנהויב דערפון געפינט מען שוין ביי געוויסע מינים חיות, כאראקטעריזירן דעם ספּעציפיש־מענשליכען ארבייט־פּראָצעס, און פראנקלין האָט דעריבער דעפינירט דעם מענשען אַלס אַ „טולמייקינג אַנימאַל״— אַ חיה, וואָס פאבריצירט געצייג. דיזעלבע וויכטיגקייט, וואָס די אַלטע, געבליבענע ביינער האבען פאר דער פאָרשונג פון דער אָרגאניזאציע פון אויסגעשטאָרבענע מינים חיות, האָבען די אַלטע, געבליבענע ארבייטס־מיטלען פאר דער בעטראכטונג פון די אונטערגעגאנגענע עקאָנאָמישע געזעלשאפט־פאָרמען. די עקאָנאָמישע עפּאָכען אונטערשיידען זיך ניט דורכדעם, וואָס עס ווערט געמאכט אין יעדער עפּאָכע, נאָר ווי אזוי, מיט וועלכע ארבייטס־מיטלען דאָס ווערט געמאכט.[5] די ארבייטס־מיטלען זיינען ניט נאָר די מאָס פון דעם ענטוויקלונג־גראד פון דער מענשליכער ארבייטס־קראפט, נאָר אויך דער אָנצייגער פון די געזעלשאפטליכע שייכות׳ן, אונטער וועלכע עס ווערט געארבייט. צווישען די ארבייטס־מיטלען גופא זיינען די מעכאנישע ארבייטס־מיטלען, וועלכע צוזאמענגענומען קאָנען אָנגערופען ווערן דער ביינער־ און מוסקול־סיסטעם פון דער פּראָדוקציאָן, פיעל מעהר ענטשיידענדע כאראקטער־צייכענס פון א געזעלשאפטליכער פּראָדוקציאָנס־עפּאָכע איידער אזוינע ארבייטס־מיטלען, וועלכע דיענען נאָר צו האלטען אין זיך דעם ארבייט־געגענשטאנד, און וועלכע צוזאמענגענומען קאָנען בכלל בעצייכענט ווערן, ווי דער געפעס־סיסטעם פון דער פּראָדוקציאָן, ווי למשל רעהרען, פעסער, קערב,

---

[4] טורגאָ, אין זיינע „בעטראכטונגען וועגען דער אויסבילדונג און פערטיילונג פון רייכטום״ (פראנצ.) ענטוויקעלט גוט די וויכטיגקייט פון די געצווימטע טהיערען פאר די אָנהויבען פון דער קולטור.

[5] פון אַלע סחורות האבען די אייגענטליכע לוקסוס־סחורות די קלענסטע בעדייטונג פאר דעם טעכנאָלאָגישען פערגלייך פון די פערשיידענע פּראָדוקציאָנס־עפּאָכען.

קריג א.אז.וו. ערשט אין דער כעמישער פאבריקאציע שפיעלען זיי א בעדייטענדע ראָליע.[5]*

א חוץ די זאכען, וועלכע פערמיטלען די ווירקונג פון דער ארבייט אויף איהר געגענשטאנד, און וועלכע דיענען דעריבער אויף איין אופן אָדער אַנאַנדערן אלס די דורכפיהרער פון דער טהעטיג־קייט, געהערען צו דעם ארבייט־פּראָצעס אין א ברייטערן זין אַלע מאטעריעלע בעדינגונגען, וועלכע זיינען נויטיג, כדי דער פּראָצעס זאָל איבערהויפּט קאָנען פּאָרקומען. זיי געהען אין איהם ניט אריין דירעקט, אָבער אָהן זיי קאָן ער ענטוועדער גאָרניט פּאָר־קומען, אָדער נאָר אויף א ניט־פּאָלקאָמענעם אופן. דער אַלגע־מיינער ארבייטס־מיטעל פון דעם סאָרט איז ווידער אמאָל די ערד גופא; וואָרים זי גיט דעם ארבייטער די גרונדלאגע, אויף וועלכער ער שטעהט, און דעם פּראָצעס זיינעם—דעם רוים פאר זיין ווירקונג (פיעלד אוו עמפּלאָימענט). ארבייטס־מיטלען פון דעם סאָרט, וואָס זיינען שוין געשאפען געוואָרן דורך ארבייט, זיינען צ.ב.ש. ארבייטס־געביידען, קאנאַלען, גאסען א.אז.וו.

די טהעטיגקייט פונ׳ם מענשען מיט דער הילף פון דעם אר־בייטס־מיטעל פיהרט, הייסט עס, דורך אין דעם ארבייט־פּראָצעס א פון פריהער בעצוועקטע פערענדערונג פון דעם ארבייט־געגענ־שטאנד. דער פּראָצעס ווערט אויסגעלאָשען אין דעם פּראָדוקט. זיין פּראָדוקט איז א געברויך־ווערטה, א נאטור־שטאָף, וואָס ווערט צוגעפּאסט צו די מענשליכע בעדערפעגישען דורך א פערענדערונג אין דער פאָרם פון דעם שטאָף. די ארבייט האָט זיך פערבונדען מיט איהר געגענשטאנד. זי איז פערקערפּערט געוואָרן אין דעם געגענשטאנד און דער געגענשטאנד איז פעראַרבייט געוואָרן. וואָס מצד דעם ארבייטער האָט זיך פּאָרגעשטעלט אין דער פאָרם פון אונרוה [בעוועגונג], בעווייזט זיך איצטער מצד דעם פּראָדוקט

---

* 5נאָטע צו דער 2טער אויסגאבע. ווי וועניג די ביזאהעריגע לעהרע פון געשיכטע קען די ענטוויקלונג פון דער מאטעריעלער פּראָדוקציאָן, פאָלגליך די גרונדלאגע פון גאנצען געזעלשאפטליכען לעבען און ממילא די גאנצע ווירקליכע געשיכטע, דאָך האָט מען וועניגסטענס די פאָר־היסטאָרישע צייט אָבגעטיילט, אויפ׳ן גרונד פון נאטור־וויסענשאפטליכע פאָרשונגען, ניט פון די אזוי־גערופענע היסטאָרישע פאָרשונגען, אין דעם שטיין־אַלטער, בראָנז־אַלטער און אייזען־אַלטער, לויט דעם מאטעריאַל פון די ווערקצייג און די וואפען.

ווי א רוהענדע אייגענשאפט אין דער פאָרם פון זיין [עקזיסטענץ]. דער ארבייטער האָט געוועבט און דער פּראָדוקט איז א געוועב.

בעטראַכט מען דעם גאַנצען פּראָצעס פון'ם שטאַנדפּונקט פון זיין רעזולטאַט, פון דעם פּראָדוקט, בעוויייזען זיךביידע, דער ארבייטס־מיטעל און דער ארבייטס־געגענשטאַנד, ווי פּראָדוקציאָנס־מיטלען,[6] און די ארבייט גופא ווי א פּראָדוקטיווע ארבייט.[7]

ווען עס קומט ארויס א געברויך־ווערטה אַלס פּראָדוקט פון דעם אַרבייטס־פּראָצעס, געהען אין איהם אַריין אַנדערע געברויך־ווערטהען, די פּראָדוקטען פון פריהערדיגע אַרבייטס־פּראָצעסען, אַלס פּראָדוקציאָנס־מיטלען. דערזעלביגער געברויך־ווערטה, וואָס מאַכט אויס דעם פּראָדוקט פון פריערער ארבייט, מאַכט אויס דעם פּראָדוקציאָנס־מיטעל פון אַנאַנדער אַרבייט. פּראָדוקטען זיינען דעריבער ניט נאָר דער רעזולטאַט, נאָר אין דערזעלבער צייט אויך דער בעדינג פון דעם אַרבייטס־פּראָצעס.

מיט דער אויסנאַהם פון דער עקסטראַקטיווער אינדוסטריע, וועלכע ציהט ארויס איהר אַרבייט־געגענשטאַנד פון דער נאַטור, ווי מינען־ארבייט, געיעג, פיש־פאַנג א.אז.וו. (דער אַקערבוי נאָר אזוי ווייט ווי ער ברעכט אויף אין ערשטער אינסטאַנץ די יונג־פרוילִיכע ערד גופא)—בעהאַנדלען אַלע אינדוסטריע־צווייגען א געגענשטאַנד, וועלכער איז רויה־מאַטעריאַל, ד.ה. אַזעלכען, וואָס איז שוין דורכגעגאַנגען דורך ארבייט, וואָס איז שוין אליין אַן אַרבייטס־פּראָדוקט. אזוי צ.ב.ש. די זריעה אין דער אגריקולטור. בהיערען און פלאַנצען, וועלכע מען פלעגט בעטראַכטען אַלס נאַטור־פּראָדוקטען, זיינען אודאי ניט נאָר פּראָדוקטען פון דער אר־בייט פון פאָריגען יאָהר, נאָר זיי זיינען אין זייערע איצטיגע פאָרמען אויך פּראָדוקטען פון נאָכאַנאַנדיגע אומוואַנדלונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין משך פון פיעלע דורות, אונטער דער מענש־

---

[6] עס קומט אויס ווי א פּאַראַדאָקס אַנצורופען צ.ב.ש. דעם פיש, וועלכער איז נאָך ניט געפאַנגען, א פּראָדוקציאָנס־מיטעל פאַר דעם פיש־פאַנג. עס איז אָבער דערווייל נאָך ניט אויסגעפונען געוואָרן די קונסט צו כאַפּען פיש אין וואַסערן, וואו עס געפינען זיך ניט קיין פיש.

[7] אָט די בעשטימונג פון פּראָדוקטיווער ארבייט, וואָס עס בעקומט זיך פון דעם שטאַנדפּונקט פון דעם איינפאַכען ארבייט־פּראָצעס, דעקט אויף קיין פאַל ניט דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס.

ליכער קאָנטראָל און דורך דער מענשליכער ארביים. וואָס איז שייך אָבער די ארבייטס־מיטלען בעזונדערס, בעווייזט די גרעסטע מעהרצאָהל פון זיי פון אויבען־אויף די שפּורען פון פערגאַנגענער ארבייט.

דער רויה־מאַטעריאַל קאָן זיין די הויפּט־סובסטאַנץ פון א פּראָדוקט, אָדער ער קאָן אריינגעהן אין זיין פּראָדוקציאָן נאָר ווי א הילף־שטאָף. דער הילף־שטאָף קאָן פערצעהרט ווערן פון דעם ארבייטס־מיטעל, ווי קויהלען פון דער דאַמף־מאַשין, אויל פון דעם ראָד, היי פון דעם צוג־פערד; אָדער ער קאָן צוגעזעצט ווערן צום רויה־מאַטעריאַל, כדי אריינצוברענגען אין איהם א מאַטע־ריעלע ענדערונג, ווי כלאָר צו דעם אונגעבלייכטען לייווענט, קויה־לען צו דעם אייזען, פאַרב צו דער וואָל; אָדער ער העלפט מיט דער ארבייט גופא, ווי צ.ב.ש. די מאַטעריאַלען, וואָס ווערן פער־ווענדט צו בעהייצען אָדער בעלייכטען דעם ארבייט־פּלאַץ. דער אונטערשייד צווישען הויפּט־שטאָף און הילף־שטאָף פערשווינדט אין דער ריכטיגער כעמישער פאַבריקאַציע, ווייל קיינער פון די געברויכטע רויה־מאַטעריאַלען קומט ניט ארויס צוריק אלס די סובסטאַנץ פון דעם פּראָדוקט.[8]

אזוי ווי יעדע זאַך האָט פיעלערליי אייגענשאַפטען און האָט דעריבער בכח אָנגעווענדעט צו ווערן צו פערשיידענע נוצען, קאָן דערזעלביגער פּראָדוקט זיין דער רויה־מאַטעריאַל פאַר זעהר פער־שיידענע ארבייט־פּראָצעסען. קאָרן צ.ב.ש. איז רויה־מאַטעריאַל פאַר דעם מילנער, דעם קראָכמאַל־פאַבריקאַנט, דעם בראַנפען־טרייבער, דעם פיה־ציכטער א.אז.וו. אלס זריעה איז ער רויה־מאַטעריאַל פאַר דער פּראָדוקציאָן פון זיך אליין. אזוי קומען ארויס קויהלען פון דער מינען־אינדוסטריע אלס פּראָדוקט און געהען אריין אין דערזעלביגער אינדוסטריע אלס פּראָדוקציאָנס־מיטעל.

דערזעלבער פּראָדוקט קאָן אין דעמזעלביגען ארבייטס־פּראָצעס דיענען ווי אָן ארבייטס־מיטעל און ווי רויה־מאַטעריאַל. ביים

---

[8] שטאָרך אונטערשיידט דעם ריכטיגען רויה־מאַטעריאַל אלס „מאַטיער" פון דעם הילף־שטאָף אלס „מאַטעריא"; שערבולע באַצייכנט די הילף־שטאָפען אלס „מאַטיער אינסטרומענטאַל".

אָבקארמענען בהמות צ.ב.ש. זיינען די בהמות דער רויה־מאטע־ריאל, וואס ווערט בעארבייט און אין דערזעלביגער צייט זיינען זיי דער מיטעל צו מאכען בעמיסטיגונג.

א פראָדוקט וואס עקזיסטירט אין א פארטיגער פאָרם פאר'ן געברויך, קאן ווידער ווערן א רויה־מאטעריאל פון אנאנדער פראָ־דוקט, ווי די וויינטרויבען ווערן א רויה־מאטעריאל פון דעם וויין. אָדער די ארבייט לאָזט ארויס איהר פראָדוקט אין אזא פאָרם, אין וועלכער ער קאן נאָר געברויכט ווערן אלס רויה־מאטעריאל. א רויה־מאטעריאל אין אָט דעם צושטאנד הייסט א האלב־פאבריי־קאט, ווי צ.ב.ש. באוועל, פאָדים, וואָל א.אז.וו. אפילו ווען ער איז שוין אליין א פראָדוקט, קאָן דער ערשטער רויה־מאטעריאל דארפען דורכגעהן א גאנצע רייה פון פערשיידענע פראָצעסען, אין וועלכע ער פונקציאָנירט שטענדיג פון דאָס ניי אלס רויה־מאטע־ריאל אין שטענדיג פערענדערטע געשטאלטען, ביז צום לעצטען ארבייט־פראָצעס, וועלכען ער פערלאָזט שוין ווי א פארטיגער לעבענס־מיטעל אָדער ווי א פארטיגער ארבייטס־מיטעל.

מען זעהט דערפון, אז צי א געברויך־ווערטה קומט פאָר אלס רויה־מאטעריאל, ארבייטס־מיטעל אָדער פראָדוקט, העננט אינ־גאנצען אָב פון זיין בעשטימטער פונקציע אין דעם ארבייט־פראָ־צעס, פון דער שטעלע, וואָס ער נעהמט אין איהם; און מיט דעם איבערבייט פון דער שטעלע, בייטען זיך יענע בעשטימונגען.

די פראָדוקטען פערלירען דעריבער, דורך זייער אריינטרעטען אין נייע ארבייט־פראָצעסען אלס פראָדוקציאָנס־מיטלען, דעם כא־ראקטער פון א פראָדוקט: זיי פונקציאָנירן נאָך בלויז ווי מאטע־ריעלע פאקטאָרען פון דער לעבעדיגער ארבייט. דער שפינער בע־האנדעלט די שפינדעל נאָר ווי א מיטעל, מיט וועלכען ער שפינט, דעם פלאקס—נאָר ווי א געגענשטאנד, וועלכען ער שפינט. גאנץ געוויס קאָן מען ניט שפינען אָהן שפין־מאטעריאל און אָהן א שפינדעל. עס ווערט דעריבער אָנגענומען אין פאָראויס, אז די דאָזיגע פראָדוקטען זיינען פארהאן ביים אָנהויבען שפינען. דער אומשטאנד אָבער, וואס דער פלאקס און די שפינדעל זיינען פראָ־דוקטען פון א פערגאנגענער ארבייט, איז פאר אָט דעם פראָצעס גופא פונקט אזוי גלייכגילטיג, ווי פאר דעם אקט פון דערנעהרונג איז גאנץ עגאל דער אומשטאנד, וואס דאס ברויט איז דער פראָ־

דוקט פון די פערגאנגענע ארבייטען פון דעם פויער, דעם מילנער, דעם בעקער א.אז.וו. פערקעהרט. ווען די פראָדוקציאָנס־מיטלען ווייזען אין דעם ארבייטס־פּראָצעס בולט ארויס זייער כאראקטער אלס פּראָדוקטען פון פערגאנגענער ארבייט, ווייזען זיי עס ארויס נאָר דורך זייערע חסרונות. אַ מעסער וואָס שניידט ניט, וואָל־פעדים וואָס רייסען זיך נאָכאנאנד א.אז.וו. דערמאָנען שטארק דעם מעסער־שמיעד א און דעם שפּינער ב. אין דעם געלונגענעם פּראָדוקט איז דער אומשטאנד, וואָס ער האָט בעקומען זיינע גע־ברויך־אייגענשאפטען דורך פערגאנגענער ארבייט, אויסגעלאָשען.

אַ מאשין, וואָס דיענט ניט אין דעם ארבייט־פּראָצעס, איז נוצלאָז. אַ חוץ דעם ווערט זי אונטערוואָרפען דער צערשטער־רענדער מאכט פון דער נאטירליכער שטאָף־ענדערונג. דאָס אייזען ווערט פערראָסט, דאָס האָלץ ווערט פערפוילט. פאָדים, וואָס זוערט ניט פערברויכט אין וועבען אָדער שטריקען, איז פערדאָר־בענע באוועל. די לעבעדיגע ארבייט מוז די דאָזיגע זאכען אויפ־כאפּען, זי מוז זיי דערוועקען פון די טויטע, זי מוז זיי פערוואנדלען פון בלויז־מעגליכע געברויך־ווערטהען אין ווירקליכע און ווירקענדע געברויך־ווערטהען. ארומגעכאפּט פונ׳ם פייער פון דער ארבייט, אסימילירט ווי זייי וואָלטען געווען איהרע קערפּערס, גערופען אין דעם פּראָצעס צו פערריכטען די פונקציעס, וואָס ליעגען אין זייער בעגריף און בעשטימונג—ווערן זיי טאקע אפילו אויך פערצעהרט, אָבער צוועקמעסיג, אלס עלעמענטען צו שאפען נייע געברויך־ווערטהען, נייע פּראָדוקטען, וועלכע האָבען בכח אריינצוגעהן אין דעם אינדיווידועלען קאָנזום אלס לעבענסמיטלען, אָדער אין א נייעם ארבייט־פּראָצעס אלס פּראָדוקציאָנס־מיטלען.

אויב, אלזאָ, די פאראנענע פּראָדוקטען זיינען ניט נאָר רע־זולטאטען, נאָר אויך עקזיסטענץ־בעדינגונגען פון דעם ארבייט־פּראָצעס, איז פון דער אנדער זייט זייער אריינוואַרפען זיך אין דעם ארבייט־פּראָצעס, ד.ה. זייער בעריהרונג מיט לעבעדיגער אר־בייט, דער איינציגער מיטעל ווי אזוי די דאָזיגע פּראָדוקטען פון פערגאנגענער ארבייט אויפצוהאלטען און פערווירקליכען אלס גע־ברויך־ווערטהען.

די ארבייט פערברויכט איהרע מאטעריעלע עלעמענטען—איהר געגענשטאנד און איהר מיטעל—זי עסט זיי אויף, און איז

דעריבער א קאָנזומציאָנס־פּראָצעס. אַט די פּראָדוקטיווע קאָנ־זומציאָן אונטערשיידט זיך פון דער אינדיווידועלער קאָנזומציאָן דערמיט, וואָס די לעצטע פערצעהרט די פּראָדוקטען אַלס לעבענס־מיטעל פון דעם לעבעדיגען אינדיווידום, בעת די ערשטע פערצעהרט זיי אַלס לעבענסמיטעל פון דער אַרבייט, פון דעם אינדיווידום'ס זיך־פערווירקליכענדע אַרבייטס־קראַפט. דער פּראָדוקט פון דער אינדיווידועלער קאָנזומציאָן איז דעריבער דער קאָנזומענט אַליין; דער רעזולטאַט פון דער פּראָדוקטיווער קאָנזומציאָן איז א פּראָ־דוקט, וואָס אונטערשיידט זיך פון דעם קאָנזומענט.

אויף וויפיעל איהר מיטעל און איהר געגענשטאַנד גופא זיינען שוין פּראָדוקטען, פערצעהרט די אַרבייט פּראָדוקטען, כדי צו שאַפען פּראָדוקטען, אָדער זי פערנוצט פּראָדוקטען אַלס פּראָ־דוקציאָנס־מיטלען פון פּראָדוקטען. אָבער פונקט ווי דער אַרבייט־פּראָצעס קומט אורשפּרינגליך פאָר צווישען דעם מענשען און דער ערד, וואָס עקזיסטירט אָהן זיין מיטווירקונג, אַזוי דיענען אין דעם אַרבייט־פּראָצעס נאָך איצטער אויך אַזוינע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס זיינען געגעבען פון דער נאַטור, וואָס שטעלען ניט פאָר קיין פערבינדונג צווישען דעם נאַטור־שטאָף און דער מענשליכער אַרבייט.

דער אַרבייט־פּראָצעס, ווי מיר האָבען איהם דאָ בעשריבען אין זיינע איינפאַכע און אַבסטראַקטע מאָמענטען, איז א צוועק־מעסיגע טהעטיגקייט כדי צו שאַפען געברויך־ווערטהען, א אָנאייג־נענונג פון דעם נאַטירליכען מאַטעריאַל פאר מענשליכע בעדער־פעניסען, אַן אַלגעמיינער בעדינג פון דער שטאָף־וועקסלונג צווי־שען דעם מענשען און דער נאַטור, אַן אייביגער נאַטור־בעדינג פון דעם מענשליכען לעבען און דעריבער אַזוינס, וואָס איז אונאָב־הענגיק פון יעדער פאָרם פון דעם דאָזיגען לעבען, נאָר אדרבא געמיינשאַפטליך פאר אַלע זיינע געזעלשאַפט־פאָרמען גלייך. מיר האָבען דעריבער ניט געהאַט נויטיג צו בעטראַכטען דעם אַרבייטער אין זיין שייכות צו אַנדערע אַרבייטער. עס איז געווען גענוג פאָרצושטעלען דעם מענשען און זיין אַרבייט אויף איין זייט, די נאַטור און איהרע מאַטעריאַלען אויף דער אַנדער זייט. אַזוי ווי מען קאָן ניט זאָגען נאָכ'ן געשמאַק פונ'ם ווייץ ווער עס האָט אויף איהם געאַרבייט, אַזוי קאָן מען ניט אָנזעהן אויף דעם אַרבייט־

פראצעס, אונטער וועלכע בעדינגונגען ער קומט פאר, צי אונטער דעם ברוטאלען בייטש פון דעם שקלאווען־אויפזעהער, אדער אונטער די אויסגערעכענטע אויגען פון דעם קאפיטאליסט, צי ציניציגאטוס פיהרט אן די ארבייט אויף זיינע פאר אקער לאנד, אדער דער ווילדער, וואס דער׳הרג׳עט א חיה מיט א שטיין.[9]

## 2. דער פערווערטונג־פראצעס אדער די פראדוקציאן פון מעהר־ווערטה.

לאמיר זיך אומקעהרן צוריק צו אונזער קאפיטאליסט, וואס האלט איצט אין ווערן. מיר האבען איהם פערלאזען נאכדעם ווי ער האט געקויפט אויפ׳ן סחורה־מארק די אלע נויטיגע פאקטארען פאר דעם ארבייט־פראצעס—די מאטעריעלע פאקטארען אדער די פראדוקציאנס־מיטלען, דעם פערזענליכען פאקטאר אדער די ארבייטס־קראפט. מיט דעם שלויען בליק פון א מבין האט ער זיך אויסגעקליבען די פראדוקציאנס־מיטלען און די ארבייטס־קרעפטען, וואס פאסען זיך פאר זיין ספעציעלען געשעפט, שפינערייי, שטיוועל־פאבריקאציע א.אז.וו. אונזער קאפיטאליסט נעהמט זיך פאר דער ארבייט צו קאנזומירן די סחורה—די ארבייטס־קראפט—וואס ער האט געקויפט; ד.ה. ער שטעלט אוועק דעם טרעגער פון דער ארבייטס־קראפט, דעם ארבייטער, ער זאל קאנזומירן די פראדוקציאנס־מיטלען דורך זיין ארבייט. פערשטעהט זיך, די אלגעמיינע נאטור פון דעם ארבייט־פראצעס ענדערט זיך ניט דורכדעם, וואס דער ארבייטער פיהרט אן דעם פראצעס פאר דעם קאפיטאליסט, אנשטאט פאר זיך אליין. אבער אזוי אויך קאן זיך מיט אמאל

[9] אויף אט דעם העכסט־לאגישען גרונד האט טאקע דער אפיציער טאררענס ענטדעקט אין דעם שטיין פון דעם ווילדען—דעם אורשפרונג פון קאפיטאל. „אין דעם ערשטען שטיין, וואס דער ווילדער ווארפט אויף דער חיה, וועלכע ער פערפאלגט, אין דעם ערשטען שטאק, וואס ער כאפט אן, כדי ארונטערצושלעפען די פרוכט פון בוים, וועלכע ער קאן ניט דערלאנגען מיט די הענד, זעהען מיר די אנאייגענונג פון איין ארטיקעל מיט דעם צוועק צו ערווערבען אנאנדער ארטיקעל, און מיר ענטדעקען אויף דעם אופן—דעם אורשפרונג פון קאפיטאל.״ (ר. טאררענס, „אן עססיי אן די פראדאקשאן או וועלטה עטצ.״, עדינבורג 1836, ז. 70, 71.) פון יענעם ערשטען שטאק קאן מען הפנים אויך דערקלערן, פארוואס „סטאק״ איז ענגליש האט דיזעלביגע בעדייטונג ווי קאפיטאל.

ניט ענדערן דער בעשטימטער אופן ווי מען מאכט שטיוועל אדער ווי מען שפינט וואל צוליעב דעם, וואס דער קאפיטאליסט איז דא ארוונגעטראטען אין דער מיט. ער מוז קודם נעהמען די ארבייטס־קראפט ווי ער געפינט זי אויפ'ן מארק, און פאלגליך אויך איהר ארבייט, ווי זי איז ארויסגעוואקסען אין א פעריאדע, ווען עס זיי־נען נאך קיין קאפיטאליסטען ניט געווען. די פערוואנדלונג פון דעם פראדוקציאנס־אופן גופא, דורכדעם וואס די ארבייט איז געשטעלט געווארן אונטער דעם קאפיטאל, קאן ערשט שפעטער פארקומען, און דעריבער וועט עס ערשט שפעטער מוזען בעטראכט ווערן.

דער ארבייטס־פראצעס, ווי ער קומט פאר אלס א פראצעס פון פערברויכען די ארבייטס־קראפט דורך דעם קאפיטאליסט, ציינט ארויס צוויי אייגענטימליכע ערשיינונגען.

דער ארבייטער ארבייט אונטער דעם קאנטראל פון דעם קאפיטאליסט, צו וועמען זיין ארבייט געהערט. דער קאפיטאליסט פאסט אויף, אז די ארבייט זאל געהן ווי געהעריג איז און די פראדוקציאנס־מיטלען זאלען צוועקמעסיג פערווענדעט ווערן; דער רויה־מאטעריאל זאל ניט געהן אין ניוועץ און דער ארבייט־אינסטרו־מענט זאל בענוצט ווערן פארזיכטיג, ד. ה. ער זאל נאר אזויפיעל אבגענוצט ווערן, וויפיעל ער מוז דורך זיין געברויך אין דער ארבייט.

און צווייטענס: דער פראדוקט איז דאס אייגענטום פון דעם קאפיטאליסט, ניט פון דעם דירעקטען פראדוצירער, דעם ארבייטער. דער קאפיטאליסט צאהלט צ. ב. ש. דעם טאג־ווערטה פון דער ארבייטס־קראפט. דער געברויך פון דער ארבייטס־קראפט, ווי דער געברויך פון יעדער אנדער סחורה, צ. ב. ש. פון א פערד, וואס ער האט געדונגען פאר א טאג, געהערט, הייסט עס, צו איהם פאר דעם טאג. דעם קויפער פון דער סחורה געהערט דער געברויך פון דער סחורה, און דער בעזיצער פון דער ארבייטס־קראפט, אוועקגעבענדיג זיין ארבייט, גיט נאר פאקטיש אוועק דעם גע־ברויך־ווערטה, וואס ער האט פערקויפט. פון דער מינוט אן, וואס ער איז אריינגעטראטען אין דעם קאפיטאליסט'ס פאבריק, געהערט דער געברויך־ווערטה פון זיין ארבייטס־קראפט — ד. ה. איהר גע־ברויך, די ארבייט — דעם קאפיטאליסט. דורך דעם קויף פון דער ארבייטס־קראפט האט דער קאפיטאליסט אינקארפארירט די אר־

בייט גופא אלס א לעבעדיגען פערמענט אין די טויטע עלעמענטען, וואס שטעלען צונויף דעם פראדוקט, וועלכע געהערן אויך צו איהם פון זיין שטאנדפונקט איז דער ארבייט־פראצעס בלויז דער פער־ברויך פון דער סחורה ארבייטס־קראפט, וואס ער האט געקויפט, און וועלכע ער קאן אבער נאר פערברויכען, ווען ער גיט צו צו איהר פראדוקציאנס־מיטלען. דער ארבייט־פראצעס איז א פראצעס צווישען זאכען, וועלכע דער קאפיטאליסט האט געקויפט—צווישען זאכען, וואס געהערן צו איהם. דער פראדוקט פון דעם דאזיגען פראצעס געהערט דעריבער אינגאנצען צו איהם, פונקט אזוי פיעל ווי דער פראדוקט פונ'ם איהרן־פראצעס אין זיין וויין־קעלער.10

דער פראדוקט — דעם קאפיטאליסט'ס אייגענטום—איז א גע־ברויך־ווערטה, דהיינו וואל־פעדים, שטיוועל א. אז. וו. אבער הגם שטיוועל, צום ביישפיעל, בילדען געוויסערמאסען דעם באזיס פון דעם געזעלשאפטליכען פראגרעס — און אונזער קאפיטאליסט איז א שטארקער פראגרעסיסט — פונדעסטוועגען פאבריצירט ער ניט די

10 „די פראדוקטען זיינען אנגעאייגנעט איידער זיי ווערן פערוואנדעלט אין קאפיטאל; די פערוואנדלונג ציהט זיי ניט אב פון דער דאזיגער אנאייג־נונג". (שערבוליע, „ריש אן פאוור", פאריז 1841, ז. 53, 54). „דורכדעם וואס דער פראלעטאריער פערקויפט זיין ארבייט פאר א בעשטימטען כמות לעבענס־מיטלען, זאגט ער זיך פאלשטענדיג אב פון יעדען אנטייל אין דעם פראדוקט. די אנאייגנונג פון די פראדוקטען בלייבט דיזעלבינע ווי פריהער; זי איז בשום אופן ניט פערענדערט געווארן דורך דעם דערמאנטען אבמאך. דער פרא־דוקט געהערט אויסשליסליך דעם קאפיטאליסט, וועלכער האט צוגעשטעלט די רויה־מאטעריאלען און די לעבענס־מיטלען. דאס איז דער שטרענגער אויספיהר פון דעם געזעץ פון אפראפריאציע, וועמענס גרונד־פרינציפ איז פריהער גע־ווען אקוראט דער היפך, ד.ה. אז יעדער ארבייטער האט געהאט דאס אויס־שליסליכע אייגענטומס־רעכט אויף זיין פראדוקט" (דארט גופא, ז. 58). — ווען די ארבייטער ארבייטען פאר אן ארבייטס־לוין, איז דער קאפיטאליסט דער אייגענטימער ניט נאר פון דעם קאפיטאל (מען מיינט דא די פראדוק־ציאנס־מיטלען), נאר אויך פון דער ארבייט. אויב אין דעם בעגריף פון קא־פיטאל ווערט איינגעשלאסען, ווי די געוועהנהייט איז, אויך דאס, וואס ווערט אויסגעצאהלט אלס ארבייטס־לוין, דאן האט קיין טעם ניט צו רעדען וועגען דער ארבייט ווי פון עפעס, וואס איז אבגעזונדערט פונ'ם קאפיטאל. דאס ווארט קאפיטאל אין אט דעם זין שליסט איין ביידען, קאפיטאל און ארבייט". (דזש. מיל, „עלעמענטס אוו פאליטיקאל עקאנאמיע עטצ.", לאנדאן 1821).

שטיוועל פון זייערטוועגען גופא. אין דער סחורה־פראָדוקציאָן איז דער געברויך־ווערטה איבערהויפט ניט די זאַך, וועלכע „מען האט ליעב אליין פון איהרטוועגען.״ געברויך־ווערטהען ווערן דא איבערהויפט נאָר פראָדוצירט, ווייל זיי זיינען, און אין דעם ערך וואָס זיי זיינען, די מאטעריעלע יסודות, די טרעגער פון דעם טויש־ווערטה. ביי אונזער קאפיטאליסט האנדעלט זיך דאָ וועגען צוויי זאכען. ערשטענס וויל ער פראָדוצירן א געברויך־ווערטה, וואָס האָט א טויש־ווערטה—אַן ארטיקעל, וואָס איז בעשטימט צום פערקויפען, א סחורה. און צווייטענס וויל ער פראָדוצירן א סחורה, וואָס זאָל האָבען א העכערן ווערטה איידער די ווערטה־סומע פון די סחורות—די פראָדוקציאָנס־מיטלען און די ארבייטס־קראפט—וואָס זיינען נויטיג זי צו פראָדוצירן, פאר וועלכע ער האָט אויסגעלעגט זיין גוטעס געלד אויף דעם סחורה־מארק. ער וויל ניט פראָדוצירן בלויז א געברויך־ווערטה, נאָר א סחורה; ניט בלויז א געברויך־ווערטה, נאָר ווערטה; און ניט נאָר ווערטה, נאָר אויך מ ע ה ר ו ו ע ר ט ה.

אין דער אמת'ן, אזוי ווי דאָ האנדעלט זיך וועגען סחורה־פראָדוקציאָן, האָבען מיר, ווי מען זעהט, בעטראַכט נאָר איין זייט פון דעם פראָצעס. אזוי ווי די סחורה גופא איז א איינהייט פון געברויך־ווערטה און ווערטה, אזוי מוז אויך איהר פראָדוקציאָנס־פראָצעס זיין א איינהייט פון ארבייטס־פראָצעס און דעם פראָצעס פון ווערטה־שאפונג.

לאָמיר איצט בעטראַכטען דעם פראָדוקציאָנס־פראָצעס אויך אלס פראָצעס פון ווערטה־שאפונג.

מיר ווייסען, אז דער ווערטה פון יעדער סחורה ווערט בעשטימט דורך דעם סכום ארבייט, וואָס איז מאטעריאליזירט אין איהר געברויך־ווערטה, דורך דער ארבייטס־צייט, וואָס איז געזעלשאפטליך נויטווענדיג זי צו פראָדוצירן . דאָס איז אויך ריכטיג בנוגע דעם פראָדוקט, וואָס אונזער קאפיטאליסט בעקומט אלס רעזולטאט פון דעם ארבייט־פראָצעס. הייסט עס, אז מען דארף קודם בערעכענען די ארבייט, וואָס איז אריינגעטאָן (פערגעגענשטענדליכט) אין דעם דאָזיגען פראָדוקט.

לאָז עס זיין צום בייספיעל פאָדים.

כדי זי פראָדוצירן די פאָדים האט מען צוערשט נעראפט

האבען זייער רויה־מאטעריאל, צ.ב.ש. 10 פונט באוועל. וואס איז דער ווערטה פון דער באוועל דארפען מיר דא אפריהער גיט אונטערזוכען, ווארים דער קאפיטאליסט האט עס געקויפט אויפ'ן מארק לויט איהר ווערטה, צ.ב.ש. פאר 10 שילינג. אין דעם פרייז פון דער באוועל האט זיך שוין אויסגעדריקט די ארבייט, וואס איז געוועז נויטיג זי צו פראדוצירן, אלס אלגעמיין־געזעלשאפטליכע ארבייט. מיר וועלען אננעהמען ווייטער, אז די פערצעהרטע שפינמאשינעריע דורך דער אויסארבייטונג פון דער באוועל, וואס רעפרעזענטירט פאר אונז אלע אנדערע פערברויכטע ארבייטס־מיטלען, האט א ווערטה פון 2 שילינג. אויב א סומע גאלד פון 12 שילינג איז דער פראדוקט פון 24 ארבייט־שטונדען אדער פון צוויי ארבייטס־טעג, פאלגט דערפון, אז אין די פאדים זיינען פערקערפערט צוויי רבייטס־טעג.

דער אומשטאנד, וואס די באוועל האט פערענדערט איהר פארם און וואס דער אבגענוצטער טייל פון די שפינדלען איז אינגאנצען פערשוואונדען, טאר אונז ניט פערפיהרן. אויב צ.ב.ש. דער ווערטה פון 40 פונט פאדים איז גלייך צו דעם ווערטה פון 40 פונט באוועל פלוס דעם ווערטה פון גאנצען שפינדעל, ד.ה. אוי־ עס פאדערט זיך דיזעלבע ארבייטס־צייט, כדי צו פראדוצירן דיביידע זייטען פון אט דער גלייכונג, דאן זיינען, לויט דעם אלגעמיינעם ווערטה־געזעץ, 10 פונט פעדים אן עקוויוואלענט פאר 10 פונט באוועל און איין פערטיל שפינדעל. אין אט דעם פאל איז דיזעלבע ארבייטס־צייט איין מאל ארייננעטאן אין דעם געברויך־ווערטה פעדים, און אנאנדערשט מאל אין די געברויך־ווערטהען באוועל און שפינדעל. פאר דעם ווערטה, הייסט עס, איז קיין חלוק ניט, צי ער בעוויזט זיך אין פעדים, שפינדעל אדער באוועל. דאס, וואס דער שפינדעל און די באוועל, אנשטאט צו ליעגען רוהיג איינע נעבען די אנדערע, מאכען דורך א פערבינדונג אין דעם פראצעס פון שפינען, וועלכע פערענדערט זייערע געברויך־פארמען און פערוואנדעלט זיי אין פעדים, ריהרט פונקט אזוי ווענינ אן זייער ווערטה, ווי ווען זיי וואלטען אויסגעביטען געווארן דורך אן איינפאכען אויסטויש אויף אן עקוויוואלענט פון פעדים.

די ארבייטס־צייט, וואס פאדערט זיך צו פראדוצירן די באוועל, איז א טייל פון דער ארבייטס־צייט, וואס פאדערט זיך צו פראדר

צירן די פעדים, וועמעס רויה־מאטעריאל זי איז, און דעריבער איז זי איינגעשלאָסען אין די פעדים. פונקט אזוי שטעהט עס מיט דער ארבייטס־צייט, וואָס פאָדערט זיך צו פּראָדוצירן די שפּינדלען וואָס אָהן זייער אָבניצונג אָדער פערצעהרונג קאָן די באוועל ניט אויסגעשפּונען ווערן.[11]

ווען עס קומט דעריבער צו בעטראַכטען דעם ווערטה פון די פעדים, אָדער די נויטיגע ארבייטס־צייט זיי צו פּראָדוצירן, קאָנען די פערשיידענע בעזונדערע ארבייטס־פּראָצעסען, וואָס האָבען געמוזט אָנגעהן אין פערשיידענע צייטען און בעזונדערע פּלעצער, ערשטענס צו פּראָדוצירן די באוועל אליין און די פערניצטע שפּינדלען, און דאַן פון דער באוועל און די שפּינדלען צו מאכען פעדים, בעטראַכט ווערן ווי פערשיידענע, כסדר־פאָלגענדע פאַזען פון איין און דעמזעלבען ארבייטס־פּראָצעס. אלע ארבייט, וואָס איז ענטהאַלטען אין די פעדים, איז פערגאַנגענע ארבייט. דער אומשטאַנד, וואָס די ארבייטס־צייט, וועלכע איז געוועזן נויטיג צו פּראָדוצירן די עלעמענטען פון די פעדים, איז שוין פריהער פערגאַנגען און געהערט צו דער לאַנג־פערגאַנגענער צייט (פּלוס־קוואַמפערפעקטום), בעת די ארבייט, וואָס ווערט דירעקט פערווענדט אויף דעם שלום־פּראָצעס, דעם שפּינען, שטעהט נעהענטער צו דער געגענוואַרט, געהערט צו דער אָקאָרשט־פערגאַנגענער צייט (פּערפעקטום), האָט אויסדריקליך קיין בעדייטונג ניט. אויב א בעשטימטע סומע ארבייט, צ.ב.ש. 30 ארבייטס־טעג, איז נויטיג אויף צו בויען א הויז, ווערט דער גאַנצער סכום ארבייט, וואָס איז אריינגעלעגט אין הויז, ניט געענדערט דורך דעם פאַקט, וואָס דער דרייסיגסטער ארבייטס־טאָג איז אריינגעגאַנגען אין דער פּראָדוקציאָן מיט 29 טעג שפּעטער איידער דער ערשטער ארבייטס־טאָג. און דעריבער קאָן די ארבייטס־צייט, וואָס ליעגט אין דעם ארבייטס־מאַטעריאל און אין די ארבייטס־מיטלען, פּונקט אזוי

---

[11] „ניט נאָר די ארבייט, וואָס ווערט דירעקט פערווענדט אויף די סחורות, נאָר אויך די ארבייט, וואָס ווערט פערווענדט אויף די כלים, ווערקצייג און געביידען, דורך וועלכע די ארבייט ווערט דורכגעפיהרט, האָט א בעשטימענדע ווירקונג אויף זייער ווערטה.” (ריקאַרדאָ, „דהי פּרינסיפּלס און פּאָליטיקאַל עקאָנאָמיע”. דריטע אויפלאַגע, לאָנדאָן 1821, ז. 16.)

בעטראכט ווערן, ווי זי וואָלט אויסגעגעבען געוואָרן אויף א פרי־הערדיגער שטופע פון שפין־פראָצעס, פאר דער ארבייט, וואָס איז צולעצט צוגעגעבען געוואָרן אונטער דער פאָרם פון שפינען.

די ווערטהען פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, פון דער באוועל און די שפינדלען, אויסגעדריקט אין דעם פרייז פון 12 שילינג, שטעלען, אלזאָ, צוזאמען די טיילען פון דעם ווערטה פון די פעדים, אָדער פון דעם ווערטה פון דעם פּראָדוקט.

דערביי אָבער מוזען ערפילט ווערן צוויי בעדינגונגען. ער־שטענס מוזען די באוועל און די שפינדלען ווירקליך האָבען גע־דיענט פאר דער פּראָדוקציאָן פון א געברויך־ווערטה. אין אונזער פאל האָט געמוזט פון זיי ווערן פעדים. פאר דעם ווערטה איז גאנץ עגאל וועלכער געברויך־ווערטה עס טראָגט איהם, אָבער א געברויך־ווערטה מוז איהם טראָגען. צווייטענס ווערט אָנגענומען, אז עס איז אויף דעם פערווענדעט געוואָרן נאָר די ארבייטס־צייט, וואָס איז נויטווענדיג אונטער די געגעבענע געזעלשאפטליכע בע־דינגונגען פון דער פּראָדוקציאָן. ווען עס וואָלט נויטיג געווען נאָר 1 פונט באוועל, כדי אויסצושפינען 1 פונט פעדים, מוז אין דעם שאפען פון 1 פונט פעדים זיין פערצעהרט נישט מעהר ווי 1 פונט באוועל. פונקט אזוי האלט עס אויך מיט די שפינדלען. ווען דעם קאפיטאליסט וואָלט איינגעפאלען א שגעון צו בענוצען גאָלדענע שפינדלען אנשטאט אייזערנע, וואָלט אין דעם ווערטה פון די פעדים זיך אלץ גערעכענט נאָר די געזעלשאפטליך־נויט־ווענדיגע ארבייט, דאָס הייסט די ארבייטס־צייט, וואָס איז נויט־ווענדיג צו פּראָדוצירן אייזערנע שפינדלען.

מיר ווייסען שוין, וועלכען טייל פון דעם ווערטה פון די פעדים עס מאַכען אוים די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, די באוועל און די שפינדלען. ער איז גלייך צו 12 שילינג אָדער צו דער מאטע־ריאליזאציע פון צוויי ארבייטס־טעג. איצטער האנדעלט זיך אלזאָ וועגען דעם טייל ווערטה, וואָס דעם שפינער׳ס ארבייט אליין איז מוסיף צו דער באוועל.

מיר דארפען איצטער בעטראכטען אָט די ארבייט פון א גאנץ אנדער שטאנדפונקט איידער דעם, וואָס מיר האָבען גענומען בעת דעם ארבייטס־פּראָצעס. דאָרט האָט זיך געהאנדעלט וועגען דער צוועקמעסיגער טהעטיגקייט צו פערוואנדלען באוועל אין פעדים.

אָנגענומען, אַז אַלע אַנדערע אומשטענדען בלייבען דיזעלביגע, איז וואָס צוועקמעסיגער די אַרבייט, אַלץ בעסער זיינען די פעדים. דעם שפּינער'ס אַרבייט איז געווען ספּעציפיש פערשיידען פון אַנדערע פּראָדוקטיווע אַרבייטען, און די פערשיידענקייט האָט זיך אַרויסגעוויזען סובּיעקטיוו און אָביעקטיוו אין דעם בעזונדערן צוועק פון דעם שפּינען, אין דעם בעזונדערן אופן פון זיין אָפּעראַציע, דעם בעזונדערן כאַראַקטער פון זיינע פּראָדוקציאָנס־מיטלען און אין דעם בעזונדערן געברויך־ווערטה פון זיין פּראָדוקט. באַוועל און שפּינדלען דיענען אַלס לעבענס־מיטלען פון דער שפּין־אַרבייט, מען קאָן אָבער מיט זיי ניט מאַכען קיין געבויערטע קאַנאָנען. פערקעהרט, אויף וויפיעל דעם שפּינער'ס אַרבייט איז ווערטהשאַפענד, דאָס הייסט איז אַ קוואַל פון ווערטה, איז זי דורכאויס ניט פערשיידען פון דער אַרבייט פון דעם קאַנאָנען־בויערער, אָדער וואָס ליעגט אין דעם פאַל נעהענטער צו אונז, פון די אַרבייטען פון דעם באַוועל־פלאַנצער און שפּינדעל־מאַכער, וועלכע זיינען פערווירקליכט אין די פּראָדוקציאָנס־מיטלען פון די פעדים. נאָר מחמת אָט דער אידענטיטעט קאָנען באַוועל־פלאַנצען, שפּינדעל־מאַכען און שפּינען צונויפשטעלען בלויז קוואַנטיטאַטיוו־פערשיידענע טיילען פון דעמזעלבען קאָלעקטיוו־ווערטה, דעם ווערטה פון די פעדים. דאָ האַנדעלט זיך שוין ניט מעהר וועגען דער קוואַליטעט, דער אייגענשאַפט און דעם אינהאַלט פון דער אַרבייט, נאָר בלויז וועגען איהר קוואַנטיטעט. און מען קאָן זי איינפאַך אויסרעכענען. מיר נעהמען אָן, אַז די שפּין־אַרבייט איז איינפאַכע אַרבייט, געזעלשאַפטליכע דורכשניט־אַרבייט. שפּעטער וועלען מיר זעהען, אַז די פערקעהרטע השערה ברענגט קיין ענדערונג ניט אַריין אין דער זאַך.

בעת דעם אַרבייט־פּראָצעס געהט די אַרבייט שטענדיג איבער פון דער פאָרם פון אונרוה אין דער פאָרם פון זיין, פון דער פאָרם פון בעוועגונג אין דער פאָרם פון אַ זאַך (געגענשטענדליכקייט). צום סוף פון אַ שטונדע ווייזט זיך אַרויס די בעוועגונג פון שפּינען אין אַ געוויסען סכום פעדים; הייסט עס, אַ בעשטימטער סכום אַרבייט, אַן אַרבייטס־שטונדע, איז פערקערפּערט געוואָרן אין דער באַוועל. מיר זאָגען אַן אַרבייטס־שטונדע, ד.ה. די פערוועגדונג פון דעם שפּינער'ס אַרבייטס־קראַפט אין משך פון אַ שטונדע,

וואָרים די שפּין־ארבייט גילט דאָ נאָר אין דעם ערך וואָס זי איז א פערוועגדונג פון ארבייטס־קראפט, נים אויף וויפיעל זי איז די ספּעציפישע ארבייט פון שפּינען.

עס איז דעריבער פּאָזיטיוו וויכטיג, אז אין משך פון דעם פּראָצעס, ד. ה. אין משך פון דער פערוואנדלונג פון באוועל אין פעדים, ווערט פערצעהרט נאָר די געזעלשאפטליך־נויטווענדיגע ארבייטס־צייט. אויב אונטער נאָרמאלע, ד. ה. דורכשניטליכע געזעלשאפטליכע פּראָדוקציאָנס־בעדינגונגען, מוז א פונט און א האלב באוועל פערוואנדעלט ווערן אין משך פון 1 שעה אין א פונט און א האלב פעדים,12 דאן רעכענט זיך נאָר דער ארבייטס־טאָג ווי אן ארבייטס־טאָג פון 12 שטונדען, וועלכער פעדוואנדעלט 12 מאָל 1½ פונט באוועל אין 12 מאָל 1½ פונט פעדים. וואָרים נאָר די געזעלשאפטליך־נויטווענדיגע ארבייטס־צייט רעכענט זיך אלס ווערטה־שאפענד.

אזוי ווי די ארבייט גופא, אזוי ערשיינט דאָ אויך דער רויה־מאטעריאל און דער פּראָדוקט אין א גאנץ אנדער ליכט, איידער פון שטאנדפּונקט פון דעם אייגענטליכען ארבייטס־פּראָצעס. דער רויה־מאטעריאל גילט דאָ נאָר ווי עפּעס, וואָס האָט אריינגעזויגען א בעשטימטען סכום ארבייט. דורך דעם דאָזיגען אריינזויגען פערוואנדעלט ער זיך ווירקליך אין פעדים, ווייל די ארבייטס־קראפט איז אויסגעגעבען און צוגעלעגט געוואָרן צו איהם אין דער פאָרם פון שפּינעריי. דער פּראָדוקט אָבער, די פעדים, דיענט איצט נאָר ווי א מאָס פון דעם גראד ארבייט, וואָס די באוועל האָט אריינגעזויגען. אויב אין א שטונדע ווערט א פונט מיט דריי פערטעל באוועל אויסגעשפּונען אָדער פערוואנדעלט אין א פונט מיט דריי פערטעל פעדים, בעווייזען 10 פונט פעדים 6 איינ־געזויגטע ארבייטס־שטונדען. בעשטימטע און ערפאהרונגסמעסיג פעסטגעשטעלטע סומען פּראָדוקטען שטעלען איצט פאָר נאָר בע־שטימטע סומען ארבייט, בעשטימטע מאסען פערגליווערטער אר־בייטס־צייט. זיי זיינען נאָר מאטעריאליזאציעס פון איין שטונדע, צוויי שטונדען, א טאָג געזעלשאפטליכער ארבייט.

דער אומשטאנד, וואָס די ארבייט איז גראָד שפּין־ארבייט,

---

12) די צאָהלען זיינען דאָ גענומען נאָר בדרך משל.

איהר מאטעריאל איז באוועל און איהר פראָדוקט איז פעדים, איז פונקט אזוי וויכטיג, ווי דאס וואָס דער ארבייטס־געגענשטאַנד גופא איז שוין א פראָדוקט, אלזאָ א רויה־מאטעריאל. ווען דער ארבייטער וואָלט אנשטאָט אין דער שפינעריי געווען בעשעפטיגט אין א קויהלען־מינע, וואָלט דער ארבייט־געגענשטאַנד, די קויהלען, געווען א זאך, וואָס איז פאראנען אין דער נאטור. פונדעסטוועגען וואָלט א בעשטימטער סכום אויסגעגראָבענע קויהלען פון דער מינע, למשל א טאָן, פאָרגעשטעלט א בעשטימטען סכום אריינגעזויגענער ארבייט.

ביים פערקויף פון דער ארבייטס־קראפט איז אָנגענומען געוואָרן, אז איהר טאָג־ווערטה איז גלייך צו 3 שילינג, און אז אין די דאָזיגע 3 שילינג זיינען פערקערפערט 6 ארבייטס־שטונדען — דער דאָזיגער סכום ארבייט, הייסט עס, איז נויטיג כדי צו פראָדוצירן די דורכשניט־סומע פון דעם ארבייטער'ס טעגליכע לעבענס־מיטלען. ווען אונזער שפינער פערוואַנדעלט אין משך פון איין ארבייטס־שטונדע 1 פונט מיט צוויי דריטעל באוועל אין 1 פונט מיט צוויי דריטעל פעדים, פערוואַנדעלט ער אין 6 שטונדען 10 פונט באוועל אין 10 פונט פעדים. אין דער צייט וואָס דער פראָצעס פון שפינען געדויערט, זויגט אלזאָ די באוועל איין 6 ארבייטס־שטונדען. דיזעלבע ארבייטס־צייט שטעלט זיך פאָר אין א גאָלד־סומע פון 3 שילינג. דורכ'ן שפינען ווערט אלזאָ צוגעגעבען צו דער באוועל א ווערטה פון 3 שילינג.

לאָמיר איצט א קוק טהאָן אויף דעם גאַנצען ווערטה פון דעם פראָדוקט, די 10 פונט פעדים. אין זיי זיינען פערקערפערט 2½ ארבייטס־טעג — 2 טעג ליעגען אין דער באוועל און די שפינדלען, א האַלבער טאָג ארבייט איז אריינגעזויגט געוואָרן בעת דעם פראָצעס פון שפינען. די דאָזיגע ארבייטס־צייט שטעלט זיך פאָר אין א גאָלד־סומע פון 15 שילינג. דער פרייז, וואָס ענטשפּרעכט דעם ווערטה פון די 10 פונט פעדים, בעטרעפט דעריבער 15 שילינג, דער פרייז פון 1 פונט פעדים — 1 שילינג מיט 6 פענס.

אונזער קאפיטאליסט איז אין א פערלעגענהייט. דער ווערטה פון דעם פראָדוקט איז גלייך צו דעם ווערטה פון דעם אויסגעלעגטען קאפיטאל. דער אויסגעלעגטער ווערטה האָט זיך ניט פערווערטהעט [פערגרעסערט], האָט ניט געשאַפען קיין מעהר־

ווערטה, געלד, הייסט עס, האט זיך ניט פערוואנדעלט אין קאפיטאל. דער פרייז פון די 10 פונט פעדים איז 15 שילינג, און 15 שילינג זיינען אויסגעגעבען געווארן אויפ'ן סחורה־מארק פאר די עלעמענטען, וואס שאפען דעם פראדוקט, אדער וואס איז דיזעלבע זאך, אויף די פאקטארען פון ז'עם ארבייטס־פראצעס: 10 שילינג פאר באוועל, 2 שילינג פאר די פערצעהרטע שפינדלען און 3 שילינג פאר ארבייטס־קראפט. דער אנגעוואקסענער ווערטה פון די פעדים העלפט דא גארנישט, ווארים זיין ווערטה איז נאר דער סך הכל פון די פריהער־פערטיילטע ווערטען, אויף באוועל, שפינדלען און ארבייטס־קראפט, און פון אזוינע ווערטהען, וואס געפינען זיך נאר על פי פשוט'ן חבור, קאן זיך ניט נעהמען, ניט איצטער און קיינמאל ניט, קיין מערהווערטה.13 אט די אלע ווערטהען זיינען איצט קאנצענטרירט אין איין זאך, אבער אזוי זיינען זיי אויך געווען אין דער געלד־סומע פון די 15 שילינג, איידער די דאזיגע סומע איז צושפליטערט געווארן דורך דריי סחורה־קניות.

אן און פאר זיך איז אט דער רעזולטאט גאר קיין חדוש ניט. דער ווערטה פון 1 פונט פעדים איז 1 שילינג מיט 6 פענס, פאר 10 פונט פעדים מוז דעריבער אונזער קאפיטאליסט בעצאהלען אויפ'ן סחורה־מארק 15 שילינג. סיי ער קויפט א פארטיג הויז פאר זיך אויפ'ן מארק, סיי ער לאזט עס אליין בויען, וועט קיינע

---

13 דאס איז דער גרונדזאץ, אויף וועלכען עס איז געבויט די לעהרע פון די פיזיאקראטען וועגען דער אונפראדוקטיוויטעט פון אלע ניט־אגריקולטורעלע ארבייטען, און ער איז פעלזענפעסט פאר דעם פראפעסיאנעלען עקאנאם. „אט די מעטאדע צוצורעכענען צו איין סחורה דעם ווערטה פון פערשיידענע אנדערע פירות (צום ביישפיעל צורעכענען צו דער לייוונט די לעבענס־מיטלען, וואס דער וועבער פערברויכט), אדער ארויפלעגען, אזוי צו זאגען, שיכט פאר שיכט פערשיידענע ווערטהען אויף איין איינציגען ווערטה, הייסט געבען אט דעם איינעם אויף אזויפיעל א געשוואלענעם ווערטה... דער אויסדרוק חבור גיט איבער זעהר טרעפענד דעם אופן ווי אזוי עס פארמירט זיך דער פרייז פון די ארבייטס־פראדוקטען. דער דאזיגער פרייז איז נאר די סומע פון די פערברויכטע און צונויפגעצעהלטע ווערטהען; אבער אדירען איז ניט מולטיפליצירן (חבור'ן איז ניט כפל'ען)". (מערסיע דע לא ריוויער: „ארדער נאטורעל עטצ." 2־טער טייל, ז. 599)

פון אַט די אָפּעראַציעס ניט פערמעהרן דאַס געלד, וואָס איז אויס־געלעגט געוואָרן זיך איינצושאַפען דאַס הויז.

דער קאַפּיטאַליסט, וועלכער האָט עפּעס א ידיעה אין דער וואולגאַר־עקאָנאָמיע, קאָן אפשר זאָגען, אז ער האָט אויסגעלעגט זיין געלד מיט דער כונה צו מאַכען דערפון מעהר געלד. אָבער „דער וועג צום גיהנום איז אויסגעפּלאַסטערט מיט גוטע כונות", און ער האָט פּונקט אזוי גוט געקאָנט האָבען בכונה, צו מאַכען געלד גאָר ניט פּראָדוצירענדיג.[14] ער סטראַשעט. א צווייטען מאָל וועט מען איהם שוין ניט כאַפּען. אין דער צוקונפט וועט ער קויפען די סחורה א פאַרטיגע אויפ'ן מאַרק, אנשטאט צו פּראָ־דוצירן זי אַליין. ווען אַלע זיינע ברידער־קאַפּיטאַליסטען וועלען אָבער טהאָן דאַס אייגענע, איז וואו וועט ער געפינען סחורה אויפ'ן מאַרק? און עסען געלד קאָן ער ניט. הויבט ער אָן טענה'ן מיט גוטען. מען דאַרף נעהמען אין בעטראַכט זיין צו־ריק־האַלטען זיך. ער האָט געקאָנט פערשווענדען זיינע 15 שילינג. אנשטאט דעם האָט ער זיי קאָנזומירט פּראָדוקטיוו און דערפון געמאַכט פעדים. אָבער דערפאַר בעזיצט ער דאָך איצט פעדים אנשטאט געוויסענסביסען. ער טאָר חיות ניט צוריקפאַלען אין דער ראָליע פון דעם אוצר־זאַמלער, וועלכער האָט אונז געוויזען וואָס עס קומט ארויס פון דעם אסקעטיזם. אויסער דעם, וואו עס איז גאָרנישט ניטאָ, דאָרט פערלירט אויך דער קיסר זיין רעכט. ווי גרויס עס זאָל ניט זיין דאָס פערדיענסט פון זיין ענטזאגען זיך, איז אָבער גאָרנישט ניטאָ, מיט וואָס עקסטרא צו בעצאָהלען דערפאַר, היות ווי דער ווערטה פון דעם פּראָדוקט, וואָס קומט ארויס פון דעם פּראָצעס, איז נאָר גלייך צו דער סומע פון דעם סחורה־ווערטה, וואָס איז אריינגעטאָן געוואָרן. זאָל ער זיך בערוהיגען דערמיט, וואָס דער שכר פון דער טוגענד איז די טוגענד אַליין. אנשטאט דעם ווערט ער גאָר צודרינגליך. צו־וואָס טויגען איהם די פעדים. ער האָט דאָס פּראָדוצירט אויף צו פערקויפען.

---

[14] אזוי האָט ער צום ביישפּיעל, פון 1844 ביז 1847, ארויסגעצויגען א טייל פון זיין קאַפּיטאַל פון די פּראָדוקטיווע געשעפטען, כדי צו פּערספּעקולירן עס אין אייזענבאַהן־אַקציעס. אזוי האָט ער, אין דער צייט פון דעם אַמעריקאַנער בירגער־קריעג, געשלאָסען די פאַבריק און ארויסגעוואָרפען דעם פאַבריק־אַרבייטער אויפ'ן גאַס, כדי צו שפּיעלען אויף דער ליווערפּולער באַוועל־בערזע.

גן, איז זאָל ער עס פערקויפען; אָדער נאָך איינפאכער, זאָל ער אויף ווייטער פראָדוצירן נאָר אזוינע זאכען, וואס ער דארף האָבען פאר זיין אייגענעם געברויך — אַ רעצעפּט, וואס זיין הויז־דאָקטאָר מאקקולאָך האָט איהם שוין פערשריבען, ווי אַן אויספּרובירטער מיטעל אַנטקעגען דער עפּידעמיע פון איבערפּראָדוקציאָן. דער קאפּיטאַליסט שטעלט זיך אָבער אויף פער'עקשנ'ט אוף די הינ־טערשטע פיס. צי קאָן דען דער ארבייטער מיט זיינע הוילע הענד שאפען ארבייט אין דער לופטען, פּראָדוצירן סחורה פון גאָר־נישט? האָט ער איהם דען ניט געגעבען דעם מאַטעריאַל, מיט וואס צו ארבייטען און אין וואס צו פערקערפּערן זיין ארבייט? און היות ווי דער גרעסטער טייל פון דער געזעלשאפט בעשטעהט פון אזוינע האבע־ניכטסן, האָט ער דען ניט געטאָן דער געזעל־שאפט אַ געוואַלדיגע טובה דורך זיינע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, דורך זיין באוועל און זיינע שפּינדלען? איז עס אפשר ניט קיין טובה דעם ארבייטער, וועלכען ער האָט נאָך אַ חוץ דעם בעזאָרגט מיט לעבענס־מיטלען? און דארף מען איהם דערפאַר ניט מכיר טובה זיין? — האָט אָבער דען דער ארבייטער איהם ניט געלייסטעט אַ געגען־דיענסט, דערמיט וואס ער האָט די באוועל און די שפּינדלען פערוואַנדעלט אין פעדים? אַ חוץ דעם, עס האַנדעלט זיך דאָ ניט אום טובות.15 אַ דיענסט־לייסטונג איז מעהר גאָרנישט ווי די ניצליכע ווירקונג פון אַ געברויך־ווערטה, סיי עס איז פון אַ סחורה,

---

15 „בעריהם זיך, לאַז זיך ציערן און פּוצען... ווער אָבער ס'נעהמט מעהר אָדער בעסערס (איידער ער גיט), דער איז אַ פּראָצענטניק, און דאָס הייסט, אַז ער האָט ניט געטאָן אַ דיענסט זיין נעקסטען, נאָר אַ שאַדען, דאָס איינענע ווי ס'פּאַסירט מיט גנבה און גזלה. ניט אַלץ איז אַ דיענסט און אַ טובה דעם נעקסטען, וואס מען רופט אַן אַ דיענסט און אַ טובה. אַ ריטער טהוט דעם מערדער און אונטערצינדער אַ גרויסע ריטער־דיענסט, ווען ער העלפט איהם רויבען אויף דער גאַס, אַנפאַלען אויף לאַנד און מענשען. די פּאַפּיסטען טהוען אונזערע מענשען אַ גרויסע דיענסט, וואס ניט אַלעמען דער־טרינקען זיי, פערברענען, ערמאָרדען, לאָזען פערפוילען אין געפענגעניש, נאָר זיי לאָזען דאָך עטליכע לעבען, און פערייאָגען זיי אָדער זיי נעהמען ביי זיי צו וואס זיי האָבען. דער טייוועל אַליין טהוט זיינע דיענער גרויסע דיענסטען ניט משער צו זיין... קורץ, די וועלט איז פול מיט גרויסע, פּאַרטרעפליכע אַלטעגליכע דיענסטען און טובות". (מאַרטין לוטהער, „אַן די פּפאַר־העררען, ווידער דען וואוכער צו פּרעדיגען א. ז. וו.", וויטענבערג 1540).

סיי עס איז פון ארבייט.[16] דא אבער האנדעלט זיך וועגן טויש־ווערטה. ער צאהלט דעם ארבייטער דעם ווערטה פון 3 שילינג. דער ארבייטער האט איהם געגעבען א גענויען עקוויוואלענט צוריק אין דעם ווערטה פון 3 שילינג, וואס איז צוגעלעגט געווארן צו דער באוועל. א ווערט פאר א ווערטה. אונזער פריינד, וועלכער איז נאך אקארשט געווען אזוי קאפיטאליסטיש שטאלץ ביי זיך, שטעלט זיך פלוצלינג אוועק אויף דער בעשיידענער פאזיציע פון זיין אייגענעם ארבייטער. צי האט ער דען ניט אליין געארבייט? האט ער דען גיט געטאן די ארבייט פון אויפפאסונג, פון אויבער־אויפזיכט אויף דעם שפינער? שאפט אט די ארבייט זיינע גאר קיין ווערטה ניט? זיין אייגענער אויפזועהער און זיין דירעקטאר קוועטשען אויף דעם מיט די פלייצעס. דערווייל אבער האט ער שוין מיט א מונטערן געלעכטערל ווידער אנגענומען זיין אלטע פיזיאנאמיע. דאס האט ער גלאט אזוי געדרעהט א מוח מיט די אלע טענות. ער גיט קיין ציבעלע ניט דערפאר. די אלע פוילע דריידלעך און פוסטע פלפולים לאזט ער איבער צו די ספעציעל דערפאר בעצאהלטע פראפעסארען פון פאליטישער עקאנאמיע. ער אליין איז א פראקטישער מענש, וועלכער דענקט טאקע ניט איבער אלעמאל, וואס ער זאגט אויסערהאלב דעם געשעפט, אבער אין געשעפט ווייס ער שטענדיג וואס ער טהוט.

לאמיר זיך צוקוקען נעהענטער. דער טאג־ווערטה פון דער ארבייטס־קראפט האט בעטראפען 3 שילינג, ווייל אין דער ארבייטס־קראפט גופא איז פערקערפערט א האלבער ארבייטס־טאג; ד.ה. ווייל די לעבענסמיטלען, וואס זיינען טעגליך נויטיג צו פראדוצירן די ארבייטס־קראפט, קאסטען א האלבען ארבייטס־טאג. אבער די פערגאנגענע ארבייט, וואס שטעקט אין דער ארבייטס־קראפט, און די לעבעדיגע ארבייט, וואס זי קאן לייסטען — איהרע טעגליכע אויסהאלט־קאסטען און וואס זי גיט טעגליך ארויס — זיינען צוויי גאנץ פערשיידענע גרויסען. די ערשטע בעשטימט

[16] וועגן דעם בעמערקט איך אין „צור קריטיק דער פאליטישען עקאנאמיע", ז. 14, צווישען אנדערעס: „מען קאן זיך פארשטעלען וואס פאר א „דיענסט" די קאטעגאריע „דיענסט" מוז לייסטען אזא סארט עקאנאמען ווי ז. ב. סעי און פ. באסטיא."

איהר טויש־ווערטה, די אנדערע שטעלט צונויף איהר געברויך־ווערטה. דער פאקט, וואס א האלבער ארבייטס־טאג איז נויטיג, כדי איהם צו דערהאלטעןביים לעבען גאנצע 24 שטונדען, שטערט אויף קיין פאל ניט דעם ארבייטער צו ארבייטען א גאנצען טאג. דער ווערטה פון דער ארבייטס־קראפט און איהר פערווערטהונג אין דעם ארבייטס־פראצעס זיינען אלזא צוויי פערשיידענע גרויסען. אט דעם ווערטה־דיפערענץ האט דער קאפיטאליסט געהאט אין אויג, ווען ער האט געקויפט די ארבייטס־קראפט. די ניצליכע אייגענשאפט, וואס זי האט, צו מאכען פעדים אדער שטיוועל, דאס איז, פערשטעהט זיך, געוועזען א תנאי קודם, ווארים ארבייט מוז אויסגעגעבען ווערן אין א ניצליכער פארם, כדי צו שאפען ווערטה. אבער אן ענטשיידענע בעדייטונג האט געהאט דער בעזונדערער געברויך־ווערטה פון אט דער סחורה, צו זיין א קוואל פון ווערטה, און פון מעהר ווערטה וויפיעל זי האט אליין. אט דאס איז דאס ספעציעלע דיענסט, וואס דער קאפיטאליסט דערווארט פון איהר. און ער פיהרט זיך דערביי לויט די אייביגע געזעצען פון דעם סחורה־אויסטויש. אין דער ווירקליכקייט, דער פערקויפער פון דער ארבייטס־קראפט, אזוי ווי דער פערקויפער פון יעדער אנדער סחורה, רעאליזירט איהר טויש־ווערטה און גיט אוועק איהר געברויך־ווערטה. ער קאן ניט בעקומען די איינע, וואו ער גיט ניט אוועק די אנדערע. דער געברויך־ווערטה פון דער ארבייטס־קראפט, די ארבייט גופא, געהערט פונקט אזוי וועניג איהר פערקויפער, ווי דער געברויך־ווערטה פון דעם פערקויפטען אויל געהערט דעם אויל־הענדלער. דער געלד־בעזיצער האט בעצאהלט דעם טאג־ווערטה פון דער ארבייטס־קראפט; צו איהם געהערט דעריבער דער געברויך פאר דעם טאג, דער גאנצער טאג ארבייט. דער אומשטאנד, וואס דער טעגליכער אויסהאלט פון דער ארבייטס־קראפט קאסט נאר א האלבען ארבייטס־טאג, הגם די ארבייטס־קראפט קאן ווירקען, ארבייטען, א גאנצען טאג,—וואס דער ווערטה, וועלכען איהר געברויך אין משך פון טאג שאפט, איז דעריבער נאך אמאל די גרויס ווי איהר אייגענער טאג־ווערטה—דאס איז א בעזונדער גליק פאר דעם קויפער, אבער עס איז דורכאויס ניט קיין אומרעכט אנטקעגען דעם פערקויפער.

אונזער קאפיטאליסט האט פאראויסגעזעהן דעם פונקט (קאזוס), וואס האט איהם פריהער געמאכט לאכען. דער ארבייטער געפינט דעריבער אין פאבריק די נויטיגע פראדוקציאנס־מיטלען ניט נאר פאר א זעקס־שטונדיגען, נאר פאר א צוועלף־שטונדיגען ארבייטס־פראצעס. אויב 10 פונט באוועל האבען אריינגעזויגט 6 ארבייטס־שטונדען און האבען זיך פערוואנדעלט אין 10 פונט פעדים, וועלען 20 פונט באוועל אריינזויגען 12 ארבייטס־שטונדען און וועלען ווערן פערוואנדעלט אין 20 פונט פעדים. לאמיר בעטראכטען דעם פראדוקט פון דעם פערלענגערטען ארבייטס־פראצעס. אין די 20 פונט פעדים זיינען איצט פערקערפערט 5 ארבייטס־טעג: 4 אין די פערצעהרטע באוועל און שפינדלען, 1 וואס די באוועל האט איינגעזויגט בעת דעם פראצעס פון שפינען. אבער דער גאלד־אויסדרוק פון 5 ארבייטס־טעג איז 30 שילינג אדער 1 פונט סטערלינג מיט 10 שילינג. דאס איז אלזא דער פרייז פון 20 פונט פעדים. א פונט פעדים קאסט ווי פריהער 1 שילינג מיט 6 פענס. אבער די ווערטה־סומע פון די סחורות, וואס זיינען אריינגעלעגט געווארן אין דעם פראצעס, האבען בעטראפען 27 שילינג. דער ווערטה פון די פעדים בעטרעפט 30 שילינג. דער ווערטה פונ'ם פראדוקט איז געוואקסען מיט א ניינטעל מעהר איידער דער ווערטה, וואס איז אויסגעלעגט געווארן איהם צו פראדוצירן. אט אזוי האבען זיך 27 שילינג פערוואנדעלט אין 30 שילינג. זיי האבען געבראכט א מעהר־ווערטה פון 3 שילינג. דער קונץ־שטיק איז ענדליך געלונגען. געלד איז פערוואנדעלט אין קאפיטאל.

אלע תנאים פון דעם פראבלעם זיינען געלייזט און די געזעצען פון דעם סחורה־אויסטויש זיינען אויף קיין אופן ניט פערלעצט. אן עקוויוואלענט איז אויסגעטוישט געווארן פאר אן עקוויוואלענט. דער קאפיטאליסט אלס קויפער האט געצאהלט פאר יעדער סחורה לויט איהר ווערטה—פאר דער באוועל, די שפינדלען, דער ארבייטס־קראפט. ער האט דאן געטאן, וואס יעדער אנדער סחורה־קויפער טהוט. ער האט קאנזומירט זייער געברויך־ווערטה. דער קאנזומציאנס־פראצעס פון דער ארבייטס־קראפט, וועלכער איז אין דערזעלבער צייט דער פראדוקציאנס־פראצעס פון דער סחורה, האט ארויסגעגעבען א פראדוקט פון 20 פונט פעדים מיט א ווערטה

פון 30 שילינג. דער קאַפּיטאַליסט, נאָכדעם ווי ער האָט געקויפט סחורה אויפ'ן מאַרק, קעהרט זיך איצטער אום צוריק אויפ'ן מאַרק און פערקויפט סחורה. ער פערקויפט דעם פונט פעדים מיט 1 שילינג 6 פענס—אַ גראָשען ניט אריבער אָדער אונטער זיין ווערטה. און דאָך ציהט ער ארויס פון דער צירקולאַציע 3 שילינג מעהר, איידער ער האָט פריהער אין איהר אריינגעטאָן. אָט דער גאַנצער פערלויף, די פערוואַנדלונג פון זיין געלד אין קאַפּיטאַל, קומט פאָר אין דער ספערע פון דער צירקולאַציע און קומט ניט פאָר אין איהר. עס קומט פאָר דורך דער פערמיטלונג פון דער צירקולאַציע, ווייל עס העניגט אָב פון דעם קויף פון דער ארבייטס־קראַפט אויף דעם סחורה־מאַרק. עס קומט ניט פאָר אין דער צירקולאַציע, וואָרים דער דאָזיגער פערלויף לייטעט נאָר איין דעם פּראָצעס פון דער ווערטה־פערמעהרונג, וועלכער ווערט דורכגע־פיהרט אין דער פּראָדוקציאָנס־ספערע. און אָט אזוי „איז אַלעס בעשטעלט צום בעסטען אין דער בעסטער פון אַלע מעגליכע וועלטען."

דערמיט וואָס דער קאַפּיטאַליסט פערוואַנדעלט געלד אין סחורות, וועלכע דיענען אַלס מאַטעריעלע עלעמענטען פון אַ נייעם פּראָדוקט אָדער אַלס פאַקטאָרען פון דעם ארבייטס־פּראָצעס—פערקערפּערענדיג אין זייער טויטען מאַטעריאַל (געגענשטענדליכ־קייט) לעבעדיגע ארבייטס־קראַפט—פערוואַנדעלט ער ווערטה, פער־גאַנגענע, פערגעגענשטענדליכטע, טויטע ארבייט, אין קאַפּיטאַל, אין ווערטה, וואָס פערווערטהעט זיך אַליין, אין אַ בעלעבטען מאָנסטער, וואָס פאַנגט אָן „ארבייטען", ווי אַ דבוק וואָלט אין איהם געזעסען.

ווען מיר פערגלייכען איצטער דעם פּראָצעס פון ווערטה־שאַפונג מיט דעם פּראָצעס פון פערווערטהונג, ד.ה. מיט דעם פּראָצעס פון שאַפען מעהרווערטה, שטעלט זיך ארויס, אז דער פערווערטונג־פּראָצעס איז מעהר גאָרנישט ווי דער פּראָצעס פון ווערטה־שאַפונג, וואָס איז פערלענגערט געוואָרן ווייטער איידער אַ געוויסער פונקט. דויערט דער לעצטער ביז צו דעם פונקט, ווען אַ נייער עקוויוואַלענט פערנעהמט דעם פּלאַץ פון דעם ווערטה פון דער ארבייטס־קראַפט, פאַר וועלכען קאַפּיטאַל האָט בעצאָהלט, דאַמאָלט איז ער אַן איינפאַכער ווערטה־שאַפונג־פּראָצעס. אויב

דער ווערטה־שאפונג־פּראָצעס האלט אָן לענגער איידער אָט דער פונקט, ווערט ער א פּערוווערטונג־פּראָצעס.

ווען מיר פערגלייכען ווייטער דעם פּראָצעס פון ווערטה־שאפונג מיט דעם ארבייטס־פּראָצעס, זעהען מיר אז דער לעצטער בעשטעהט אין דער ספּעציעלער ניצליכער ארבייט, וואָס פּראָדוצירט געברויך־ווערטהען. די בעוועגונג ווערט דאָ בעטראכט קוואַליטאטיוו, פון'ם שטאנדפּונקט פון איהר בעזונדער ארט און ווייזע, פון איהר צוועק און אינהאלט. אין דעם פּראָצעס פון ווערטה־שאפונג שטעלט זיך ארויס דערזעלביגער ארבייט־פּראָצעס נאָר פון זיין קוואנטיטאטיווער זייט. דאָ האנדעלט זיך נאָר וועגען דער צייט, וואָס די ארבייט האָט נויטיג פאר איהר אָפּעראציע, אָדער וועגען דעם משך, אין פערלויף פון וועלכען די ארבייט ווערט אויסגעגעבען. די פּראָדוקציאָנס־מיטלען ווירקען דאָ ווי איינפאכע מיטלען פון אריינזויגען ארבייט, און זיי אליין שטעלען אויך מעהר נישט פאר ווי דעם סכום ארבייט, וואָס איז אין זיי פערקערפּערט. זיי רעכענען זיך נאָך בלויז ווי בעשטימטע סכום'ען פערקערפּערטער ארבייט. און די ארבייט, סיי זי איז ענטהאלטען אין די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, סיי זי ווערט צוגעגעבען דורך דער ארבייטס־קראפט, רעכענט זיך נאָר נאָך איהר צייט־מאָס. זי בעטרעפט אזויפיעל שטונדען, טעג א.אז.וו.

זי רעכענט זיך אָבער נאָר, אויף וויפיעל די צייט, וואָס ווערט פערברויכט צו פּראָדוצירן א געברויך־ווערטה, איז געזעלשאפטליך נויטווענדיג. דאָס פאסט אום פערשיידענע פּונקטען. די ארבייטס־קראפט מוז פונקציאָנירן אונטער נאָרמאלע בעדינגונגען. אויב די שפּין־מאשין איז דער געזעלשאפטליך־הערשענדער ארבייטס־מיטעל פאר דער שפּינעריי, מוז מען דעם ארבייטער ניט שטעלען דרעהען א שפּין־ראָד. אנשטאט באוועל פון א נאָרמאלער גוטער קוואַליטעט, טאָר מען איהם ניט געבען קיין שונד, וואָס רייסט זיך יעדען אויגענבליק. אין אָט דיביידע פעלען וואָלט ער פערברויכט אויף צו פּראָדוצירן א פונט פעדים מעהר איידער די געזעלשאפטליך־נויטווענדיגע ארבייט־צייט, אָדער די דאָזיגע איבעריגע צייט וואָלט ניט געשאפען קיין ווערטה אָדער געלד. דער נאָרמאלער כאראקטער אָבער פון די זאכען, וואָס דיענען אלס פאקטאָרען פון דער ארבייט, הענגט ניט אָב פון דעם אר־

ביימער, נאָך פון דעם קאַפּיטאַליסט. א הויפּטער תנאי זיין דער נאָרמאַלער כאַראַקטער פון דער אַרבייטס־קראַפט גופא. אין דעם פאַך, ביי וועלכען זי ווערט פערווענדעט, מוז זי בעזיצען די הערשענדע דורכשניט־מאָס פון פעהיגקייט, פאַרטיגקייט און שנעלקייט. אונזער קאַפּיטאַליסט האָט אויפ'ן אַרבייט־מאַרק געקויפט אַרבייט־קראַפט פון א נאָרמאַלער קוואַליטע. אָט די קראַפט מוז אויסגעגעבען ווערן אין דער געוועהנליכער דורכשניט־מאָס פון אָנשטרענגונג, מיט דעם געזעלשאַפטליך־געוועהנליכען גראַד פון אינטענסיוויטעט. דער קאַפּיטאַליסט פּאַסט דעריבער אויף אַזוי גענוי אויף דעם, ווי אויף דעם פונקט, עס זאָל ניט צוריבען ווערן קיין צייט אָהן אַרבייט. ער האָט געקויפט די אַרבייטס־קראַפט אויף א בעשטימטען צייט־משך. ער וויל קריגען וואָס איהם קומט. ער וויל ניט, מען זאָל איהם בע'גנב'ענען. לעצטענס— און אויף דעם האָט דער דאָזיגער הארר אַן אייגענעם שטראָף־געזעץ—טאָר ניט פאָרקומען קיין צוועקלאָזער פערברויך פון רויה־מאַטעריאַל אָדער אַרבייט־מיטלען, וואָרים פערשווענדעטער מאַטעריאַל אָדער אַרבייטס־מיטלען שטעלען פאָר איבעריג־אויסגעגעבענע סומען פון פערקערפּערטער אַרבייט, ממילא רעכענען זיי זיך ניט און געהען ניט אַריין אין דעם פּראָדוקט פון ווערטה־שאַפונג.[17]

---

[17] דאָס איז איינער פון די אומשטענדען, וועלכע מאַכען טייערער די פּראָדוקציאָן, וואָס איז געגרינדעט אויף שקלאַווערייַ. דער אַרבייטער אונטערשיידט זיך דאָ, ווי די אַלטע האָבען עס צוטרעפענד אויסגעדריקט, נאָר ווי א „אינסטרומענטום וואָקאַלע” (א שפּראַך־בעגאַבטער ווערקצייג) פון דער חיה אַלס „אינסטרומענטום סעמי־וואָקאַלע” (א שטים־בעגאַבטער ווערקצייג) און פון דעם טויטען אַרבייט־געצייג אַלס „אינסטרומענטום מוטום” (א שטומער ווערקצייג). ער אַליין לאָזט פיהלען דער חיה און דעם אַרבייטס־געצייג, אַז ער איז ניט זייער גלייכען, נאָר אַז ער איז א מענש. ער פערשאַפט זיך דאָס זעלבסט־געפיהל, אַז ער איז אַנדערש ווי זיי, דורכדעם וואָס ער בעהאַנדעלט זיי שלעכט און מאַכט זיי חרוב מיט אַן אמת'ער הנאה. ביי אָט דעם פּראָדוקציאָנס־אופן גילט דעריבער ווי אַן עקאָנאָמישער פּרינציפּ אַנצו־ווענדען די גראָבסטע און אומגעלומפּערסטע אַרבייט־אינסטרומענטען, וועלכע עס איז שווער חרוב צו מאַכען מחמת זייער משונה'דיגער אומגעלומפּערקייט. איז די שקלאַווען־שטאַאַטען, וואָס ליעגען ביים ים־בוזעם פון מעקסיקא, האָט מען דעריבער געפונען, איידער עס האָט אויסגעבראָכען דער בירגער־קריעג אַקער־אייזענס פון אַן אַלט־כינעזישער קאָנסטרוק־

מען זעהט דערפון, אַז דער אונטערשייד, וואָס האָט זיך פריהער בעקומען פון דעם אַנאַליז פון סחורה, צווישען דער אַרבייט, אין דעם ערך וואָס זי שאַפט געברויך־ווערטה, און דער זעלבינער אַרבייט, אין דעם ערך וואָס זי שאַפט ווערטה—טרעט איצטער אַרויס ווי אַן אונטערשייד צווישען די פערשיידענע זייטען פון דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס.

דער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, אַלס איינהייט פון אַרבייט־פּראָצעס און ווערטה־שאַפונג־פּראָצעס, איז אַ פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס פון סחורות; אַלס איינהייט פון אַרבייט־פּראָצעס און ווערטה־פערמעהרונג־ (פערוווערטונג־) פּראָצעס איז ער אַ קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, אַ קאַפּיטאַליסטישע פאָרם פון סחורה־פּראָדוקציאָן.

עס איז פריהער בעמערקט געוואָרן, אַז פאַר דעם פּראָצעס

---

ציע, וועלכע צוריהען דעם באָדען ווי אַ חזיר אָדער אַ קראָט, אָבער רייסען איהם ניט אויף און קעהרן איהם ניט איבער. זעה דזש. סי סיירנס, „דהי סלייוו פּאַוער", לאָנדאָן 1862, ז. 46 און ווייטער. — אָלמסטעד אין זיין בוך „סי באָרד סלייוו סטייטס", דערצעהלט צווישען אַנדערעס: „מען האָט מיר דאָ געוויזען ווערקצייג, וואָס קיין מענש מיט אַ געזונדען פערשטאַנד וואָלט ביי אונז ניט אַרויפגעוואָרפען אויף אַן אַרבייטער, וועלכען ער דאַרף צאָהלען אַ לוין; זייער שרעקליכעס געוויכט און אומגעלומפּערטקייט מוזען שווערער מאַכען צו אַרבייטען מיט זיי, דענק איך, ווענינסטענס אויף 10 פּראָצענט, איידער מיט אונזערע ווערקצייג. מען האָט מיר אָבער פערזיכערט, אַז צוליעב דעם ניט־פאָרזיכטיגען און גראָבען אופן ווי די שקלאַווען בענוצען זיי, איז עפּעס לייכטערעס און איידעלערעס זיי אונמעגליך אין האַנד צו געבען. אַזוינע געצייג, ווי מיר גיבען שטענדיג, און מיט נוצען, אונזערע אַרבייטער, וואָלטען אויף די קאָרן־פעלדער פון ווירדזשיניע ניט אויסגעהאַלטען איין טאָג, אָבוואויל יענע פעלדער לאָזען זיך לייכטער אַקערן און האָבען ווייניגער שטיינער איידער אונזערע פעלדער. ווען איך האָב געפרעגט, פאַרוואָס מען בענוצט כסדר אויף די פערמען מויל־עזלען אַנשטאָט פערד, האָט מען מיר גלייך געענטפערט, אַז פערד וואָלטען ניט אויסגעהאַלטען די גראָבע בעהאַנדלונג, וועלכע די נעגערס ווענדען אָן. די פערד פערמאַטערן זיי אָדער זיי מאַכען זיי פאַר קאַליקעס, די מויל־עזלען האַלטען אויס קלעפּ און ניט־רעגעלמעסיגען פיטערן, ניט ליידענדיג קיין שאָדען, און זיי פערקיהלען זיך ניט און ווערען ניט קראַנק, אפילו ווען זיי ווערען פערנאַכלעסיגט און איבערגע־שטרענגט. דאר איך דאַרף נאָר צוגעהן צום פענסטער פון צימער וואו איך אַרבייט, כדי צו זעהן, ווי די פיה ווערן בעהאַנדעלט אויף אַזאַ אופן, אַז ווען אונזער אַ פאַרמער דערזעהט עס, וואָלט ער גלייך אַרויסגעטריבען דעם בעטרעפענדען אַרבייטער."

פון ווערטה־פערמעהרונג איז אלץ איינס, צי די ארבייט, וואס דער קאפיטאליסט נעהמט צו פאר זיך, איז איינפאכע, געזעלשאפטליכע דורכשניט־ארבייט, אדער עס איז מעהר קאמפליצירטע ארבייט, ארבייט פון א העכערן ספעציפישען געוויכט. די ארבייט, וועלכע רעכענט זיך אלס העכערע, קאמפליצירטע ארבייט קעגנאיבער דער געזעלשאפטליכער דורכשניט־ארבייט, ווייזט ארויס אן ארבייטס־קראפט, אין וועלכער עס געהען אריין העכערע בילדונגס־קאסטען, וואס איהר פראדוקציאן קאסט מעהר ארבייט־צייט, און וועלכע האט דעריבער א העכערן ווערטה איידער די איינפאכע ארבייטס־קראפט. וויבאלד דער ווערטה פון אט דער קראפט איז א העכערער, דעריבער ווייזט זי זיך אויך ארויס אין העכערער ארבייט און פערקערפערט זיך, אין דעמזעלבען משך פון צייט, אין לפי ערך העכערע ווערטהען. אבער וואס פאר אן אונטערשייד אין גראד עס זאל ניט זיין צווישען דער ארבייט פון א שפינער און דער ארבייט פון א יואוועליר, דער חלק ארבייט, דורך וועלכען דער יואוועליר איז נאר ממלא דעם ווערטה פון זיין אייגענער ארבייטס־קראפט, אונטערשיידט זיך ניט קוואליטאטיוו אויף קיין אופן פון דעם צוגעלעגטען חלק ארבייט, דורך וועלכען ער שאפט מעהר־ווערטה. אלץ איינס קומט ארויס דער מעהר־ווערטה נאר דורך א קוואנטיטאטיווער איבערמאס פון ארבייט, דורך דעם פערלענגערטען צייט־דויער פון דעמזעלביגען ארבייט־פראצעס: אין איין פאל פון דעם פראצעס פון פעדים־פראדוקציאן, אין דעם אנדער פאל—פון פראצעס פון דער יואוועליר־פראדוקציאן.[18]

---

[18] דער אונטערשייד צווישען העכערער און איינפאכער ארבייט—„סקילד" און „אנסקילד לייבאר"—איז טיילווייז געבוים אויף פשוט'ע אילוזיעס, אדער ווענינסטענס אויף אונטערשיידען, וועלכע האבען שוין לאנג אויפגעהערט צו זיין רעעל, און לעבען נאך בלויז אין דעם טראדיציאנעלען מנהג; טיילווייז אויף דער מעהר־אונבעהאלפענער לאגע פון געוויסע טיילען פונ'ם ארבייטער־קלאס, וועלכע האבען ווייניגער מעגליכקייט איידער אנדערע אויסצוקעמפען דעם ווערטה פון זייער ארבייט־קראפט. צופעליגע אומשטענדען שפיעלען דערביי אזא גרויסע ראליע, אז עס בייט זיך די לאגע פון דיזעלבע סארטען ארבייט, צום ביישפיעל, וואו די קערפערליכע קראפט פון דעם ארבייטער־קלאס איז אבגעשוואכט און פערהעלטניסמעסיג ערשעפט, ווי עס איז דער פאל אין אלע

פון דער אנדער זייט מוז אין יעדען פראצעס פון ווערטה־שאפונג די העכערע ארבייט שטענדיג רעדוצירט ווערן צו דער געזעלשאפטליכער דורכשניט־ארבייט: א שטייגער 1 טאג העכערער ארבייט ווערט צוריקגעפיהרט צום ביישפיעל צו 2 טעג פראסטע ארבייט.[19] ווען בעריהמטע עקאנאמען ווערן אויפגעבראכט אנטקעגען אזא „ווילקירליכע בעהויפטונג“, מעג מען טאקע זאגען, אז זיי זעהען ניט דעם וואלד צוליעב די בוימער. דאס, וואס זיי ווייזט זיך אויס ווי טעארעטישע פלפולים, איז איינפאך א מעשה, וואס ווידערהאלט זיך טאג־טעגליך אין אלע עקען פון

לענדער פון א ענטוויקעלטער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן, פערנעהמען די ברוטאלע ארבייטען בכלל, וועלכע פאדערן א סך מוסקול־קראפט, א העכערע שטופע איידער פיעל עדעלערע ארבייטען, וועלכע זינקען ארונטער צו דער מדרגה פון פראסטער ארבייט: אזוי, למשל, פערנעהמט אין ענגלאנד די ארבייט פון א „בריק־לייער“ (א מויערער) א פיעל העכערע שטופע איידער די ארבייט פון א דאמאסק־וועבער. פון דער אנדער זייט, רעכענט זיך די ארבייט פון א מאשעסט־ (א גראבער באוועלנער צייג) שערער, כאטשע זי קאסט פיעל קערפערליכע אנשטרענגונג, און איז נאך א חוץ דעם זעהר אומגעזונד, פאר א „איינפאכע“ ארבייט. איבעריגענס, דארף מען זיך ניט איינבילדען, אז די זאגענאנטע „סקיללד לייבאר“ פערנעהמט לויט איהר סכום א גרויסען אומפאנג אין דער נאציאנאל־ארבייט. ל י י נ ג רעכענט, אז די עקזיסטענץ פון איבער 11 מיליאן, אין ענגלאנד (און וועילס), האלט זיך אויף איינפאכער ארבייט. ארונטערציהענדיג פון די 18 מיליאן, וואס די בעפעלקערונג האט געצעהלט אין דער צייט פון זיין שריפט, 1 מיליאן אריסטאקראטען און אנדערהאלב מיליאן פאופערס, וואגאבונדען, פערברעכער, פראסטיטוטען א.ד.ג., בלייבט א מיטעל קלאסע פון 4 מיליאן מיט צוויי דריטעל, אריינרעכענדיג די קלענערע רענטיעס, בעאמטע, שריפטשטעלער, קינסטלער, לעהרער א.אז.וו. כדי צו בעקומען אט די 4 מיט צוויי דריטעל מיליאן, רעכענט ער צו דעם ארבייטענדען טייל פון דעם מיטעל־קלאס, אויסער באנקירען א.אז.וו. אלע בעסער־בעצאהלטע „פאבריק־ארבייטער“! אפילו די מויערער פעהלען ניט אין דער רשימה פון „קוואליפיצירטע ארבייטער“. נאך דעם בלייבען איהם די דערמאנטע 11 מיליאן. (ס. ליינג „נאשיאנאל דיסטרעס“, לאנדאן 1844.) „דער גרויסער קלאס, וועלכער קאן גארנישט אנבאטען פאר זיין חיונה א חוץ פראסטע ארבייט, שטעלט צונויף די גרויסע מאסע פון פאלק.“ (דזשיימס מילל אין דעם ארטיקעל „קאלאני“, סופפלעמענט טו דהי ענציקלאפעדיא בריטאניקא, 1831.)

[19] „וואו מען רעדט פון ארבייט אלס א מאסשטאב פון ווערטה, מיינט מען נויטיגערווייז ארבייט פון א בעשטימטען סארט.... די שייכות, אין וועלכער די אנדערע ארבייטען שטעהען צו איהם, איז דאן לייכט צו בעשטימען.“ (אוטליינס אוו פאליטיקאל עקאנאמיע, לאנדאן 1832, ז. 22 און 23.)

דער וועלט. אומעטום ווערן די ווערטהען פון די פערשיידענסטע סחורות אהן אונטערשייד אויסגעדריקט אין געלד, דאס הייסט אין א בעשטימטען סכום פון גאלד אדער זילבער. דורכדעם אליין ווערן שוין די פערשיידענע ארטען פון דער ארבייט, וועלכע ווערן פארגעשטעלט דורך אט די ווערטהען, רעדוצירט צו בעשטימטע סומען פון איין און דעמזעלביגען סארט געוועהנליכער ארבייט— פון דער ארבייט, וואס פראדוצירט גאלד אדער זילבער. מיר וועלען פאלגליך איינשפארן אן איבעריגע אפעראציע און וועלען פער־איינפאכען דעם אנאליז, ווען מיר נעהמען אן, אז דער ארבייטער, וואס ווערט בענוצט פון קאפיטאל, טהוט איינפאכע, געזעלשאפט־ליכע דורכשניט־ארבייט.

זעקסטער קאפיטעל.

# בעשטענדיגער קאפיטאל און פערענדערליכער קאפיטאל.

די פערשיידענע פאקטארען פון דעם ארבייטס־פראצעס נעהמען א פערשיידענעם אנטייל אין דער שאפונג פון דעם ווערטה פון פראדוקט.

דער ארבייטער גיט צו א נייעם ווערטה צו דעם ארבייט־געגענשטאנד דורכדעם וואס ער גיט צו א בעשטימטען סכום ארבייט—ניט נעהמענדיג אין בעטראכט דעם בעשטימטען אינהאלט, צוועק און טעכנישען כאראקטער פון זיין ארבייט. פון דער אנדער זייט געפינען מיר ווידער די ווערטהען פון די פערצעהרטע פראדוקציאנס־מיטלען אלס בעשטאנד־טיילען פון דעם ווערטה פון פראדוקט, צום ביישפיעל די ווערטהען פון באוועל און שפינדלען געפינען זיך אין דעם ווערטה פון די פעדים. דער ווערטה פון די פראדוקציאנס־מיטלען, הייסט עס, ווערט אויפגעהאלטען, דורכדעם וואס ער טראגט זיך אריבער אויף דעם פראדוקט. די דאזיגע איבערטראגונג קומט פאר בעת די פראדוקציאנס־מיטלען ווערן פערוואנדעלט אין פראדוקט, אין דעם ארבייט־פראצעס. דאס קומט צושטאנד דורך דער ארבייט. אבער ווי אזוי?

דער ארבייטער ארבייט ניט טאפעלט אין דערזעלבינער צייט: איין מאל כדי דורך זיין ארבייט צוצוגעבען א ווערטה דער באוועל, און דאס אנדער מאל כדי אויפצוהאלטען איהר אלטען ווערטה; אדער, וואס איז דיזעלבינע זאך, כדי אריבערצוטראגען דער ווערטה פון דער באוועל, וואס ער פעראַרבייט, און פון די שפינדלען, מיט וואס ער ארבייט, אויף דעם פראדוקט, ד.ה. די פעדים. ער האלט אויף דעם אלטען ווערטה נאר דורכדעם וואס ער לעגט צו א נייעם ווערטה. אבער אזוי ווי דער צוגאב פון דעם נייעם ווערטה צום ארבייט־געגענשטאנד און די אויפהאלטונג פון דעם אלטען ווערטה

אין דעם פּראָדוקט זיינען צוויי גאַנץ פערשיידענע רעזולטאַטען, וועלכע דער ארבייטער ברענגט ארויס אין דערזעלביגער צייט, הגם ער ארבייט נאָר איינמאָל אין דערזעלביגער צייט, איז קלאָר, אז אָט די טאָפּעלזייטיגקייט פון דעם רעזולטאַט קאָן דערקלערט ווערן נאָר דורך דער טאָפּעלזייטיגקייט פון זיין ארבייט גופא. אין דעמ־זעלבען צייט־פּונקט מוז די ארבייט אין איין אייגענשאַפט איהרער שאַפען ווערטה, און אין אנאנדער אייגענשאַפט איהרער אויפהאַל־טען אָדער אריבערטראָגען ווערטה.

ווי אזוי לעגט־צו יעדער ארבייטער ארבייט־צייט און פאָלג־ליך ווערטה? אלעמאָל נאָר אין זיין אייגענטימליכען אופן פון פּראָדוקטיווער ארבייט. דער שפּינער לעגט צו ארבייט־צייט, דורכדעם וואָס ער שפּינט, דער וועבער, דורכדעם וואָס ער וועבט, דער שמיד, דורכדעם וואָס ער שמידט. דורך דער צוועק־בעש־טימטער פאָרם אָבער, אין וועלכער זיי לעגען בכלל צו ארבייט און פאָלגליך נייעם ווערטה, דורך דעם שפּינען, וועבען און שמידען, ווערן די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, באַוועל און שפּינדלען, פעדים און וועב־שטוהל, אייזען און קאָוואדלע, די צונויפשטעלענדע עלע־מענטען פון אַ פּראָדוקט, פון אַ נייעם געברויך־ווערטה.[20] די אַלטע פאָרם פון זייער געברויך־ווערטה פערשווינדט, אָבער נאָר כדי ארויסצוקומען אין אַ נייער פאָרם פון געברויך־ווערטה. מיר האָבען אָבער געזעהן, בעטראַכטענדיג דעם פּראָצעס פון ווערטה־שאַפונג, אז אויף וויפיעל דער געברויך־ווערטה ווערט צוועקמעסיג פערנוצט פאַר דער פּראָדוקציאָן פון אַ נייעם געברויך־ווערטה, מאַכט אוים די נויטיגע ארבייט־צייט, וואָס איז אוועקגעגאַנגען צו שאַפען דעם פערנוצטען געברויך־ווערטה, אַ טייל פון דער נוי־טיגער ארבייט־צייט, וואָס געהט אוועק צו שאַפען דעם נייעם גע־ברויך־ווערטה; פאָלגליך איז עס ארבייט־צייט, וואָס ווערט ארי־בערגעטראָגען פון דעם פערנוצטען פּראָדוקציאָן־מיטעל אויף דעם נייעם פּראָדוקט. אלזא, דער ארבייטער האַלט אויף די ווערטהען פון די פערנוצטע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, אָדער ער טראָגט זיי

[20] „ארבייט זעצט גייבעשאַפענעם אויפ׳ן ארט פון דעם, וואָס זי האָט פערניכטעט.“ (אַן עססיי אָן דהי פּאָליטיקאל עקאָנאָמיע אָוו גיישאַנס“, לאָנדאָן 1821, ז. 13.

אריבער אלס בעשטאנד־טיילען פון ווערטה אויף דעם פראדוקט, ניט דורכדעם וואס ער לעגט צו ארבייט בכלל, נאר דורך דעם בעזונדערס ניצליכען כאראקטער פון דער דאזיגער צוגעלעגטער ארבייט, דורך איהר ספעציפיש־פראדוקטיווער פארם. אלס אט, אזא צוועקמעסיג־פראדוקטיווע טהעטיגקייט—שפינען, וועבען, שמידען—ווערקט אויף די ארבייט, דורך איהר בלויזער בעריהרונג, די פראדוקציאנס־מיטלען פון צווישען די טויטע, זי בלאזט אין זיי אריין א לעבענס־גייסט, וואס מאכט זיי פאר פאקטארען פון דעם ארבייט־פראצעס, און פערבינדט זיך מיט זיי אין פראדוקטען.

ווען די ספעציפישע פראדוקטיווע ארבייט פון דעם ארבייטער וואלט ניט געווען שפינען, וואלט ער די באוועל ניט פערוואנדעלט אין פעדים, בכן וואלט ער אויך ניט אריבערגעטראגען די ווערטהען פון באוועל און שפינדלען אויף די פעדים. פערקעהרט, אויב דער־זעלבער ארבייטער בייט איבער זיין אומנות און ווערט א סטאליער, וועט ער נאך אלץ ווי פריהער צוגעבען א ווערטה אין איין ארבייטס־טאג צו דעם מאטעריאל, אויף וועלכען ער ארבייט. הייסט עס, ער לעגט צו דעם ווערטה דורך זיין ארבייט, ניט אויף וויפיעל עס איז שפינייעריי־ארבייט אדער סטאלעריי, נאר אויף וויפיעל זי איז אבסטראקטע, געזעלשאפטליכע ארבייט בכלל; און ער לעגט צו א בעשטימטע ווערטה־גרויס, ניט ווייל זיין ארבייט האט א בעזונדערן ניצליכען אינהאלט, נאר ווייל זי געדויערט א בע־שטימטע צייט. דעם שפינער'ס ארבייט, אלזא, אין איהר אב־סטראקטער, אלגעמיינער אייגענשאפט, אלס א פערוועגדונג פון מענשליכער ארבייטס־קראפט, איז מוסיף צו די ווערטהען פון באוועל און שפינדלען א נייעם ווערטה, און אין איהר קאנקרעטער, בעזונדערער, ניצליכער אייגענשאפט אלס א פראצעס פון שפינען, טראגט זי אריבער דעם ווערטה פון די דאזיגע פראדוקציאנס־מיטלען אויף דעם פראדוקט און האלט אויף דעם אופן אויף זייער ווערטה אין דעם פראדוקט. דערפון נעהמט זיך די טאפעלזייטיגקייט פון איהר רעזולטאט אין דעמזעלבען צייט־פונקט.

דורך דער בלויזער קוואנטיטאטיווער הוספה פון ארבייט ווערט צוגעגעבען א נייער ווערטה, דורך דער קוואליטעט פון דער צוגעגעבענער ארבייט ווערן די אלטע ווערטהען פון די פראדוק־

ציאָנס־מיטלען אויפגעהאַלטען אין דעם פּראָדוקט. אָט די טאָפּעל־זייטיגע ווירקונג פון דערזעלביגער ארבייט מחמת איהר טאָפּעל־זייטיגען כאראקטער ציייגט זיך ארויס בחוש אין פערשיידענע ערשיינונגען.

לאָמיר אָננעהמען, אַז אַ וועלכע עס איז ערפינדונג גיט דעם שפּינער די מעגליכקייט אויסצושפּינען אין 6 שטונדען אַזוי פיעל באוועל וויפיעל ער האָט פריהער געקאָנט אויסשפּינען אין 36 שטונדען. אַלס צוועקמעסיק־ניצליכע, פּראָדוקטיווע טהעטיגקייט האָט זיין ארבייט פערגרעסערט איהר קראַפט 6 מאָל אַזוי פיעל. איהר פּראָדוקט איז אַ זעקספאַכיגער: 36 אַנשטאָט 6 פונט פעדים. אָבער די 36 פונט באוועל זויגען איצט אריין נאָר אַזוי פיעל אר־בייט־צייט וויפיעל פריהער 6 פונט. יעדען פונט ווערט צוגעגעבען 6 מאָל וועניגער נייער ארבייט איידער מיט דער אַלטער מעטאָדע, בכן ניט מעהר ווי אַ זעקסטעל פון דעם פריהערדיגען ווערטה. פון דער אַנדער זייט געפינט זיך איצטער אין דעם פּראָדוקט, אין די 36 פונט פעדים, 6 מאָל אַזוי פיעל ווערטה פון באוועל. אין די 6 שטונדען פון שפּינען ווערט אויפגעהאַלטען און אריבער־געטראָגען אויף'ן פּראָדוקט אַ 6 מאָל גרעסערער ווערטה פון רויה־מאַטעריאַל, אָבוואויל דעמזעלביגען רויה־מאַטעריאַל ווערט צוגע־געבען אַ 6 מאָל קלענערער נייער ווערטה. דאָס בעווייזט, ווי די אייגענשאַפט פון דער ארבייט, דורך וועלכער אין דעם משך פון דעמזעלבען ניט־צוטיילבארען פּראָצעס זי האַלט־אויף ווערטהען, אונטערשיידט זיך בעצם פון דער אייגענשאַפט, דורך וועלכער זי שאַפט ווערטה. וואָס מעהר עס געהט אַוועק נויטווענדיגע ארבייט־צייט בעת דער אָפּעראַציע פון שפּינען אויף דעמזעלביגען סכום באוועל, אַלץ גרעסער איז דער נייער ווערטה, וואָס ווערט צוגע־געבען דער באוועל; אָבער וואָס מעהר פונטען באוועל עס ווערן אויסגעשפּינען אין דערזעלביגער ארבייט־צייט, אַלץ גרעסער איז דער אַלטער ווערטה, וואָס ווערט אויפגעהאַלטען אין דעם פּראָדוקט.

לאָמיר אָננעהמען פערקעהרט, אַז די פּראָדוקטיוויטעט פון דער שפּינעריי־אַרבייט איז געבליבען אומפערענדערט און דער שפּינער פערברויכט אַזוי ווי פריהער פונקט דיזעלביגע צייט. כדי צו פערוואַנדלען אַ פונט באוועל אין פעדים, אָבער דער טויש־ווערטה גופא פון דער באוועל האָט זיך געביטען: אַ פונט באוועל

איז געשטיגען אדער געפאלען אויף זעקס מאל פון זיין פרייז. איןביידע פאלען גיט צו דער שפינער דיזעלביגע ארבייט־צייט צו דעמזעלביגען סכום באוועל, הייסט עס דעמזעלביגע ווערטה, און אין ביידע פאלען פראדוצירט ער אין דערזעלביגער צייט דיזעלביגע צאהל פעדים. פונדעסטוועגען איז דער ווערטה, וואס ער טראגט אריבער פון דער באוועל אויף די פעדים, ד. ה. אויפ'ן פראדוקט, אין איין פאל זעקס מאל קלענער, אין דעם אנדער פאל זעקס מאל גרעסער ווי פריהער. פונקט אזוי איז אויך, ווען די ארבייטס־מיטלען ווערן טייערער אדער וועלוועלער, אבער לייסטען דאסזעלבע דיענסט אין דעם ארבייט־פראצעס.

ווען די טעכנישע בעדינגונגען פון דעם שפינען־פראצעס בלייבען אומפערענדערט, און עס קומט אויך ניט פאר קיין ווערטה־ענדערונג אין זיינע פראדוקציאנס־מיטלען דאן פערברויכט דער שפינער אזוי ווי פריהער דיזעלביגע סכום'ען רויה־מאטעריאל און מאשינעריע פון דעמזעלביגען ווערטה אין דיזעלביגע ארבייט־צייטען. דער ווערטה, וועלכען ער האלט אויף אין דעם פראדוקט, שטעהט דאן אין א דירעקטער פראפארציע צו דעם נייעם ווערטה, וואס ער לעגט צו. אין צוויי וואכען גיט ער צו צוויי מאל מעהר ארבייט, ווי אין איין וואך, הייסט עס צוויי מאל מעהר ווערטה; צוגלייך פערנוצט ער צוויי מאל מעהר מאטעריאל פון צוויי מאל מעהר ווערטה און נוצט אב צוויי מאל מאשינעריע פון צוויי מאל מעהר ווערטה, הייסט עס אז ער האלט אויף אין דעם פראדוקט פון צוויי וואכען צוויי מאל מעהר ווערטה איידער אין דעם פראדוקט פון איין וואך. אונטער געוויסע אומפערענדערטע פראדוקציאנס־בעדינגונגען האלט אויף דער ארבייטער אזויפיעל מעהר ווערטה, וויפיעל מעהר ווערטה ער גיט צו. אבער ער האלט ניט אויף מעהר ווערטה, *דערפאר ווייל* ער גיט צו מעהר ווערטה, נאר דערפאר ווייל ער גיט צו צו דעם ווערטה אונטער אומפערענדערטע בעדינגונגען, וועלכע העגגען ניט אב פון זיין אייגענער ארבייט.

געווים קאן מען זאגען אין א רעלאטיוועו זין, אז דער ארבייטער האלט שטענדיג אויף אלטע ווערטהען אין דערזעלביגער פראפארציע, אין וועלכער ער גיט צו נייע ווערטהען. צי די באוועל

איז פון 2 שילינג געשטיגען אויף 3 שילינג, אדער עס איז געפאלען אויף 1 שילינג, האלט ער אלץ אויף, אין דעם פראדוקט פון איין שטונדע א העלפט פון דעם באוועל־ווערטה—וויפיעל דער דאזיגער באוועל־ווערטה זאל זיך ניט בייטען—איידער אין דעם פראדוקט פון צוויי שטונדען. בייט זיך ווידער די פראדוקטיוויטעט פון זיין אייגענער ארבייט־שטונדע צ.ב.ש. אויסשפינען מעהר אדער וועניגער באוועל ווי פריהער, און לויט דעם נאך וועט ער אויפהאלטען מעהר אדער וועניגער באוועל־ווערטה אין דעם פראדוקט פון איין ארבייט־שטונדע. אבער מיט אלעם דעם וועט ער אין צוויי ארבייט־שטונדען אויפהאלטען מעהר ווערטה, ווי אין איין ארבייט־שטונדע.

ווערטה—אבגעזעהן פון זיין בלויז־סימבאלישע פארשטעלונג אין דעם ווערטה־צייכען—עקזיסטירט נאר אין א געברויך־ווערטה, אין א זאך. (דער מענש גופא, ווען מען בעטראכט איהם בלויז ווי א יש, וואס בעזיצט ארבייטס־קראפט, איז א נאטור־געגענשטאנד, א זאך, הגם א לעבעדיגע, א זעלבסט־בעוואוסטע זאך, און די ארבייט גופא איז א זאכליכע אויסערונג פון דער דאזיגער קראפט). פאלגליך אויב דער געברויך־ווערטה געהט פערלאר, געהט אויך פערלארן דער ווערטה. די פראדוקציאנס־מיטלען פערלירן ניט זייער ווערטה אין דערזעלבער צייט, וואס זייער געברויך־ווערטה געהט פערלארן, ווייל אין אמת'ן פערלירן זיי דורך דעם ארבייט־פראצעס נאר די לכתחילה'דיגע געשטאלט פון זייער געברויך־ווערטה, כדי צו געווינען אין דעם פראדוקט די געשטאלט פון אנאנדער געברויך־ווערטה. אבער ווי וויכטיג עס איז פאר דעם ווערטה צו עקזיסטירן אין א וועלכען עס איז געברויך־ווערטה, אזוי איז עס איהם אלץ איינס אין וואסער געברויך־ווערטה ער עקזיסטירט, ווי דאס בעווייזט די מעטארמאפאזע פון סחורות. דערפון פאלגט, אז דער ווערטה געהט אריבער אין דעם ארבייט־פראצעס פון דעם פראדוקציאנס־מיטעל אויף דעם פראדוקט נאר אין דעם ערך, אויף וויפיעל דער פראדוקציאנס־מיטעל פערלירט צוזאמען מיט זיין זעלבשטענדיגען געברויך־ווערטה אויך זיין טויש־ווערטה. ער גיט נאר אב דעם פראדוקט יענעם ווערטה, וועלכען ער פערלירט אלס פראדוקציאנס־מיטעל. די ממשות'דיגע (געגענ-

שטענדליכע) פאַקטאָרען פון דעם אַרבייט־פּראָצעס פערהאַלטען זיך אָבער אין אַט דער הינזיכט פערשיידען.

די קויהלען, מיט וואָס מען הייצט די מאַשין, פערשווינדט און לאָזט קיין שפּור ניט נאָך זיך; אַזוי אויך דאָס אויל מיט וואָס מען שמירט די אַקס פון ראָד א.אַז.וו. פאַרב און אַנדערע הילף־שטאָפען פערשווינדען, זיי צייגען זיך אָבער אַרויס אין די אייגענשאַפטען פון דעם פּראָדוקט. דער רויה־מאַטעריאַל שטעלט צונויף דעם סובסטאַנץ פון דעם פּראָדוקט, ער ענדערט אָבער זיין פאָרם. דער רויה־מאַטעריאַל און די הילף־שטאָפען פערלירן אַלזאָ די זעלבשטענדיגע געשטאַלט, מיט וועלכער זיי זיינען אַריינגע־טראָטען אין דעם אַרבייט־פּראָצעס אַלס געברויך־ווערטהען. מיט די ריכטיגע אַרבייטס־מיטלען שטעהט די זאַך אַנדערש. אַן אינ־סטרומענט, אַ מאַשין, אַ פאַבריק־געביידע. אַ פאַס, א אַז. וו. דיענען אין דעם אַרבייטס־פּראָצעס אין דערזעלבער פאָרם ווי געסטערן. אַזוי ווי זיי האַלטען אויף זייער זעלבשטענדיגע געשטאַלט לגבי דעם פּראָדוקט בעת זייער לעבען, דעם לעבען פון אַרבייט־פּראָ־צעס, אַזוי בלייבען זיי אויך נאָך זייער טויט. די טויטע גופים פון די מאַשינען, ווערקצייג, אַרבייט־געביידען א. אַז. וו. עקזיסטירן נאָך אַליין אָבגעזונדערט פון די פּראָדוקטען, וועלכע זיי האָבען גע־האָלפען שאַפען. ווען מיר בעטראַכטען די גאַנצע פעריאָדע, וואָס אַזאַ אַרבייטס־מיטעל דיענט, פון דעם טאָג, וואָס ער איז אַריינ־געטראָטען אין דער פאַבריק, ביז דעם טאָג, ווען מען האָט איהם אַרויסגעוואָרפען אין קאַמער פון אַלטוואַרג, געפינען מיר, אַז זיין געברויך־ווערטהע איז אין משך פון דער גאַנצער פעריאָדע פאָל־שטענדיג פערצעהרט געוואָרן פון דער אַרבייט, און זיין טויש־ווערטהע איז פאָלגליך פאָלשטענדיג אַריבערגעגאַנגען אויף דעם פּראָדוקט. ווען אַ שפּין־מאַשין צ.ב.ש. האָט זיך אויסגעלעבט אין 10 יאָהר, הייסט עס, אַז אין משך פון דעם 10־יאָהריגען אַרבייט־פּראָצעס איז איהר גאַנצער ווערטהע אַריבערגעגאַנגען אויף דעם 10־יאָהריגען פּראָדוקט. די לעבענס־פעריאָדע פון אַן אַר־בייטס - מיטעל פּאַסירט דאָסזעלבע ווי דעם מענשען. יעדער פון דאָס ניי שטענדיג וויעדערהאָלטע אַרבייט - פּראָצעסען. דעם אַרבייטס - מיטעל פּאַסירט דאָסזעלבע ווי דעם מענשען. יעדער מענש שטאַרבט אָב יעדען טאָג אויף 24 שטונדען. מען זעהט

אבער געגוי ניט אויף קיין מענשען וויפיעל טעג ער איז שוין אבגעשטארבען. פונדעסטוועגען שטערט עס ניט די לעבענספער־זיכערונגס־געזעלשאפטען צו ציהען פון דעם מענשען'ס דורכשניטס־לעבען זעהר זיכערע, און וואס איז נאך פיעל וויכטיגער, זעהר פראפיטליכע שלוטען. אזוי איז אויך מיט דעם ארבייטס־מיטעל. מען ווייס פון דער ערפאהרונג, ווי לאנג אן ארבייטס־מיטעל, צום ביישפיעל א מאשין פון א געוויסען סארט, וועט דורכשניטליך אויסהאלטען. אנגענומען, אז זיין געברויך־ווערטה וועט געדויערן אין דעם ארבייט־פראצעס ניט מעהר ווי 6 טעג. דאן פערלירט ער אין דורכשניט יעדען ארבייטס־טאג א זעקסטעל פון זיין געברויך־ווערטה און גיט פאלגליך אב א זעקסטעל פון זיין ווערטה דעם טעגליכען פראדוקט. אויף דעם אופן ווערט אויסגערעכענט דער אבנוץ פון אלע ארבייטס־מיטלען, ד. ה. וואס זיי פערלירן טעגליך פון זייער געברויך־ווערטה און לויט דעם ערך נאך וויפיעל ווערטה זיי גיבען טעגליך אב דעם פראדוקט.

מען זעהט דערפון אזוי קלאר, אז א פראדוקציאנס־מיטעל גיט קיינמאל ניט אב דעם פראדוקט מעהר ווערטה, וויפיעל ער פערלירט אין דעם ארבייט־פראצעס דורך דער פערניכטונג פון זיין אייגענעם געברויך־ווערטה. האלט ער ניט געהאט קיין ווערטה וואס צו פערלירען, ד.ה. ווען ער וואלט אליין ניט געוועז קיין פראדוקט פון מענשליכער ארבייט, וואלט ער ניט אבגעגעבען קיין ווערטה דעם פראדוקט. ער וואלט געדיענט ווי א שאפער פון געברויך־ווערטהען, ניט דיענענדיג אלס א שאפער פון טויש־ווערטה. דאס איז פאלג־ליך דער פאל מיט אלע פראדוקציאנס־מיטלען, וועלכע זיינען פא־ראנען פון דער נאטור, אהן דעם מענשען'ס מיט־ווירקונג: מיט ערד, ווינד, וואסער מיט אייזען אין די מינען, מיט דעם האלץ פון אורואלטען וואלד א.אז.וו.

דא טרעט ארויס פאר אונז אן אנדער אינטערעסאנטע ער־שיינונג. א מאשין למשל איז ווערטה 1000 פונט סט. און זי נוצט זיך אב אין 1000 טעג. אין דעם פאל געהט טעגליך אריבער א טויזענדעל פון דעם ווערטה פון דער מאשין אויף איהר טעג־ליכען פראדוקט. אין דערזעלבער צייט ווירקט שטענדיג די גאנצע מאשין אין דעם ארבייטס־פראצעס, הגם וואס ווייטער מיט א קלענערער לעבענס־קראפט. עס ווייזט זיך אויף דעם אופן ארויס,

אז איין פאקטאר פון דעם ארבייט־פראצעס, איין פראדוקציאנס־מיטעל, נעהמט אינגאנצען אריין אין דעם ארבייט־פראצעס, אבער נאר טיילווייז אין דעם פראצעס פון ווערטה־שאפונג. דער אונטערשייד פון דעם ארבייט־פראצעס און דעם ווערטה־שאפונג פראצעס שפיגעלט זיך דא אב אויף זייערע ממשות'דיגע פאקטארען, דערמיט וואס דערזעלביגער פראדוקציאנס־מיטעל נעהמט אלס עלעמענט פון ארבייט־פראצעס אריין אינגאנצען און אלס עלעמענט פון ווערטה־שאפונג אין דעמזעלביגען פראדוקציאנס־פראצעס נעהמט ער נאר אריין שטיקלעכווייז.21

---

21 דא האנדעלט זיך ניט וועגען די רעפאראטורען פון די ארבייטס־מיטלען, ווי מאשינען, געביידען א.א.וו. א מאשין, וואס ווערט רעפארירט, פונקציאנירט ניט אלס ארבייטס־מיטעל, נאר אלס ארבייטס־מאטעריאל. עס ווערט ניט גע־ארבייט מ י ט איהר, נאר זי אליין ווערט בעארבייט, כדי צו פאררעכטען איהר געברויך־ווערטה. אזעלכע רעפאראטור־ארבייט קאנען מיר פאר אונזער צוועק אימער בעטראכטען אלס ארבייט, וואס פאדערט זיך פאר דער פראדוקציאן פון דעם ארבייטס־מיטעל. אויבן אין טעקסט האנדעלט זיך וועגען דער אבנוצונג, וואס קיין דאקטאר קאן דערצו ניט העלפען, און וואס פיהרט ביסלעכווייז געהעכער צום טויט — וועגען „יענעם סארט אבנוצונג, וועלכע קאן ניט פאררעכטען פון צייט צו צייט, און וועלכע ברענגט צ.ב.ש. א מעסער צו אזא צושטאנד, ווען דער מעסער־שמיד זאגט, אז עס לוינט זיך ניט מעהר איהם צו פאררעכטען". אין טעקסט האבען מיר געזעהן, אז א מאשין צ.ב.ש. נעהמט אריין אינגאנצען אין יעדען איינצעלנעם ארבייט־פראצעס, אבער נאר שטיקלעכווייז אין דעם גלייכצייטיגען פראצעס פון ווערטה־שאפונג נאך דעם קאנען מיר אבשאצען די פאלגענדע בעגריף־פערוועקסלונג: „ריקארדא רעדט פון דער סומע ארבייט, וואס דער מאשין־מאכער האט פארווענדעט ביים בויען א זאקען־מאשין", אז דאס ליגט צ.ב.ש. אין דעם ווערטה פון א פאר זאקען. „אבער די גאנצע ארבייט, וואס ברענגט ארויס יעדע איינצעלנע פאר זאקען... ענטהאלט אויך אין זיך די גאנצע ארבייט פון דעם מאשין־מאכער, ניט בלויז ציגע פאר וואלט ניט געקאנט פראדוצירט ווערען אהן דער גאנצער מאשין. א טייל; ווארים א מאשין פראדוצירט טאקע א סך פאר, אבער קיין איינ־ **Observations on certain verbal disputes in Poltical Economy, particnlarly relating to Yarue, Demand and Supply** לאנדאן 1821 יאר, זייט 54). דער פארפאסער, אן אונגעוועהנליכער פעדאנט, וואס האלט פון זיך פיעל, האט אין זיין טומלעניש און פאלגליך אין זיין פאלעמיק נאר אויף אזויפיעל רעכט, וואס ניט ריקארדא און ניט קיין אנדער עקאנאם פאר איהם און נאך איהם האט קיינמאל ניט געמאכט קיין חלוק צווישען די ביידע זייטען פון דער ארבייט, און ממילא נאך ווייניגער אנאליזירט איהר פערשיידענע ראליע אין דער שאפונג פון ווערטה.

פון דער אַנדער זייט קאָן אַ פּראָדוקציאָנס־מיטעל פערקערט אינגאַנצען אַריינגעהן אין דעם פּראָצעס פון ווערטה־שאַפונג, אָבוואויל ער געהט נאָר אַריין שטיקלעכווייז אין דעם אַרבייט־פּראָצעס. לאָמיר אָננעהמען, אַז אויסשפּינענדיג די באַוועל געהן פערלאָרען טעגליך אויף יעדע 115 פונט 15 פונט, וועלכע שאַפען ניט קיין פעדים, נאָר אַן אָבפאַל, וואָס הייסט וואָל־שטויב. פונדעסטוועגען, אויב אָט דער אָבפאַל פון 15 פּראָצענט איז נאָרמאַל, וואָס קאָן ניט אָבגעטיילט ווערן פון דער דורכשניטליכער אויסאַרבייטונג פון דער באַוועל, געהט אַריין דער ווערטה פון די 15 פונט באַוועל, וואָס בילדען ניט קיין עלעמענט פון די פעדים, פונקט אַזויפיעל אין דעם ווערטה פון די פעדים, ווי דער ווערטה פון די 100 פונט, וועלכע שטעלען צוזאַמען די סובסטאַנץ פון די פעדים. דער געברויך־ווערטה פון 15 פונט באַוועל מוז ווערן צו שטויב, כדי צו מאַכען 100 פונט פעדים. דאָס געהן לאיבוד פון אָט דער באַוועל איז אַלזאָ אַ פּראָדוקציאָן־תנאי פון די פעדים. פונקט דעריבער גיט זי אָב איהר ווערטה די פעדים. דאָס איז ריכטיג בנוגע אַלע אָבפאַלען פון דעם אַרבייט־פּראָצעס, וועניגסטענס אין דעם גראַד, אויף וויפיעל די דאָזיגע אָבפאַלען פאָרמירן ניט ווידער קיין נייע פּראָדוקציאָנס־מיטלען און ממילא קיין נייע זעלבשטענדיגע געברויך־ווערטהען. אַזוי זעהט מען אין די גרויסע מאַשינען־פאַבריקען אין מאַנטשעסטער, ווי מען פיהרט אַרויס יעדען אָבענד פון פאַבריק אויף גרויסע וואָגענס די אייזען־אָבפאַלען, וואָס די משונה׳דיגע מאַשינען שעהלען אָב פונקט ווי הובעל־שפּענער, אין די אייזענגיסערייי אַריין, כדי אויף מאָרגען זיי צוריקצוברענגען פון דער אייזענגיסערייי אין פאַבריק אַלס מאַסיווע אייזען־שטאַבעס.

נאָר אין דעם ערך, וואָס פּראָדוקציאָנס־מיטלען פערלירן ווערטה בעת דעם אַרבייט־פּראָצעס אין דער געשטאַלט פון זייער אַלטען געברויך־ווערטה, טראָגען זיי אַריבער ווערטה אויף דער נייער געשטאַלט פון דעם פּראָדוקט. דער מאַקסימום ווערטה, וואָס זיי קאָנען פערלירן אין דעם אַרבייט־פּראָצעס, איז פערשטעהט זיך בעשרענקט דורך דער אורשפּרינגליכער גרויס פון ווערטה, מיט וועלכער זיי טרעטען אַריין אין דעם אַרבייט־פּראָצעס, אָדער דורך דער נויטיגער אַרבייט־צייט, וואָס פאָדערט זיך פאַר זייער אייגענער פּראָדוקציאָן. פּראָדוקציאָנס־מיטלען קאָנען פאָלגליך ניט

צוגעבען דעם פּראָדוקט מעהר ווערטה איידער זיי בעזיצען אונאָב־הענגיג פון דעם ארבייט־פּראָצעס, וועלכען זיי דיענען. ווי ניצליך אן ארבייט־מאטעריאל, א מאשין, א פּראָדוקציאָנס־מיטעל זאָל ניט זיין — אויב ער קאָסט 150 פונט סט., לאָמיר זאָגען 500 ארבייטס־טעג, גיט ער צו צו דעם גאנצען פּראָדוקט, וועלכען ער דיענט צו שאפען, קיינמאָל נט מעהר ווי 150 פונט סט. זיין ווערטה איז בעשטימט ניט דורך דעם ארבייט־פּראָצעס, אין וועלכען ער געהט אריין אלס פּראָדוקציאָנס־מיטעל, נאָר דורך דעם אר־בייט־פּראָצעס, פון וועלכען ער קומט ארויס אלס פּראָדוקט. אין דעם ארבייט־פּראָצעס דיענט ער נאָר ווי א געברויך־ווערטה, ווי א זאך מיט ניצליכע אייגענשאפטען, און וואָלט פאָלגליך ניט גע־קאָנט אָבגעבען קיין ווערטה דעם פּראָדוקט, ווען ער וואָלט ניט בעזיצט קיין ווערטה פריהער פאר זיין אריינטרעטען אין דעם פּראָצעס.22

---

22 פון דעם קאן מען בעגרייפען די שטות'עריי פון דעם אויסגעוועפּטען זש. ב. סעי, וועלכער וויל ארויסדריינגען דעם מערהווערטה (צינז, פּראָפיט, רענטע) פון די „סערוויז פּראָדוקטיף" (די פּראָדוקטיווע דיענסט־לייסטונגען), וואס די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, ערד, אינסטרומענטען, לעדער א.ד.ג. לייסטען דורך זייער געברויך־ווערטה אין דעם ארבייט־פּראָצעס. הערר ווילהעלם ראשער (באנד 1. קאפּיטעל 4) בעמערקט זעהר ריכטיג, אז דער ווערטה, וואס ווערט ארויסגעבראכט דורך אן אויל־מיהל. נאכדעם ווי מען ציהט אָב אלע קאָסטען, איז דאך עטוואס נייעס, וואס איז בעצם פערשיידען פון דער ארבייט, דורך וועלכער די אויל־מיהל אליין איז געשאפען געווארן. (די גרונדלאגען דער נאציאָנאל־עקאנאמיע, 3. אויפלאגע, 1858, ז. 82, נאָטע). זעהר ריכטיג! דער „אויל", וואס די אויל־מיהל ברענגט ארויס, איז עטוואס זעהר פערשיידענעס פון דער ארבייט, וואס האט געקאסט אויפצובויען די מיהל. און אונטער „ווערטה" פערשטעהט הערר ראשער אזא זאך, ווי „אויל", ווארים „אויל" האט א ווערטה: אבער אזוי ווי „אין דער נאטור" געפינט זיך שטיין־אויל, הגם לפי ערך נים „זעהר פיעל", מאכט ער וועגען דעם אנאנדער בעמערקונג: „זי (די נאטור) ברענגט כמעט גאר ניט ארויס קיין טויש־ווערטהען". ביי דער ראשער'סער נאטור קומט פאר מיט דעם טויש־ווערטה דאס איינענע, וואס ביי יענער בענארעשטער מיידעל מיט דעם קינד: „זי האט טאקע געהאט א קינד, עס איז אבער געווען א גאנץ קליינצינקס"... דערזעלבינער געלעהרטער בע־מערקט נאך ביי דער אויבען־דערמאנטער געלעגענהייט: „ריקארדא'ס שולע נעהמט געוועהנליך דאס קאפּיטאל אויך אריין אונטער דעם בעגריף ארבייט אלס „אבגעשפּארטע ארבייט". דאס איז אומגעלומפּערט (!), ווייל (!) דער קאפּיטאל־בעזיצער (!) האט דאך (!) מעהר געטאן (!) איידער די בלויזע(!!)

אין דער צייט וואס די פראדוקטיווע ארבייט פערוואנדעלט די פראדוקציאנס־מיטלען אין עלעמענטען, וואס שאפען א נייעם פראדוקט, קומט פאר מיט זייער ווערטה א נייער גלגול נשמות (זעעלען־וואנדערונג). ער ווערט מגולגל פון דעם פערצעהרטען קערפער אין דעם ניי־פארמירטען קערפער. אבער אט דער גלגול נשמות פאסירט אזוי צו זאגען הינטער'ן רוקען פון דער ווירקלי־כער ארבייט. דער ארבייטער קאן ניט צוגעבען קיין נייע ארבייט און ממילא ניט שאפען קיין נייעם ווערטה, אוואו ער האלט ניט אויף די אלטע ווערטהען, ווארים ער מוז אלעמאל צוגעבען די ארבייט אין א בעשטימטער ניצליכער פארם, און ער קאן זי ניט צוגעבען אין א ניצליכער פארם, סיידען ער מאכט פראדוקטען פאר די פראדוקציאנס־מיטלען פון א נייעם פראדוקט און טראגט דורכדעם אריבער זייער ווערטה אויף דעם נייעם פראדוקט. עס איז אלזא א נאטור־צייגענשאפט פון דער אקטיווער ארבייטס־קראפט, פון דער לעבעדיגער ארבייט, אויפצוהאלטען דעם ווערטה אין דערזעלבער צייט בעת זי גיט־צו ווערטה—א מתנה פון דער נאטור, וואס קאסט דעם ארבייטער גארנישט אבער ברענגט פיעל איין דעם קאפיטאליסט, דערמיט וואס זי האלט אויף דעם פריר־נענעם קאפיטאל־ווערטה.*[22] כל זמן דאס געשעפט געהט גוט, איז דער קאפיטאליסט צופיעל פערטיעפט אין דער פראפיט־מאַ־כעריי, איינצוזעהן אט די אומזיסטע מתנה פון דער ארבייט. ווען עס קומען געוואלטיגע אונטערברעכונגען פון דעם ארבייט־פראצעס,

---

ארויסברענגונג (?) און (? ?) אויפהאלטונג פון דעם (פון וואס?): נעמליך (? ! ?) דאס אבהאלטען זיך פון דעם איינענעם נענוס, פאר וואס צוםביישפיעל ! !) ער פערלאנגט צינזען." (דארט גופא.) ווי „קלוג"! דאס איז אט די „אנאטאמיש־פיזיאלאגישע" מעטאדע פון דער פאליטישער עקאנאמיע, וועלכע ענטוויקעלט „ווערטה" פון דעם פשוט'ן פערלאנגען.

*[22] „פון אלע ארבייטס־מיטלען אין דער לאנד־ווירטשאפט... איז די מענשליכע ארבייט די דאזיגע, אויף וועלכער דער פאכטער איז צום מעהרסטען אנגעוויזען, כדי צו בעקומען צוריק זיין קאפיטאל. די אנדערע זאכען—די ארבייטס־פיה און.... די וועגענער, אקער־אייזענס, גראב־אייזענס א.אז.וו. זיינען גאר נישט אהן א בעשטימטער סומע פון דער ערשטער [דער ארבייט]." עדמונד בוירק Thoughts and Details on Scarcify, originally Presented to the fight Hon. W. Pitt, in the month of Novembor 1965, London, 1800 p, IO

קריזיסען, דאן בעמערקט ער עס מיט גרויסער עמפינדליכקייט.23

וואס עס ווערט דערהויפט פערצעהרט פון די פראדוקציאנס־מיטלען איז זייער געברויך־ווערטה, און דורך אט דער פערצעהרונג שאפט די ארבייט פראדוקטען. זייער ווערטה ווערט פאקטיש ניט פערברויכט,24 און דעריבער קאן עס אויך ניט רעפראדוצירט ווערן. ער ווערט אויפגעהאלטען, אבער ניט דערפאר ווייל עס קומט פאר מיט איהם אליין אן אפעראציע אין דעם ארבייט־פראצעס, נאר דערפאר ווייל דער געברויך־ווערטה, אין וועלכען ער עקזיסטירט לכתחילה, פערשווינדט טאקע, אבער ער פערשווינדט נאר אין אנאנדער געברויך־ווערטה. דער ווערטה פון די פראדוקציאנס־מיטלען ערשיינט דעריבער ווידער אין דעם ווערטה פון פראדוקט, אבער ער ווערט ניט, גענוי גערעדט, רעפראדוצירט. וואס עס ווערט פראדוצירט, איז דער נייער געברויך־ווערטה, אין וועלכען דער אלטער טויש־ווערטה ערשיינט פון דאס ניי.25

---

23 אין דער „טיימז" פון 26. נאוועמבער 1862 יאמערט א פאבריקאנט, וואס זיין שפינערייט בעשעפטיגט 800 ארבייטער און פערצעהרט דורכשניטליך יעדע וואך 150 באלען אסט־אינדישע באוועל אדער אן ערך פון 130 באלען אמעריקאנער באוועל, וועגען די יעהרליכע קאסטען פון דעם וואס זיין פאבריק שטעהט לעדיג. ער רעכענט צוזאמען א היזק פון 6000 פונט סט. אין די קאסטען געפינען זיך פיעלע פונקטען, וועלכע געהען דא אונז ניט אן, ווי גרונד־רענטע, שטייערן, פערזיכערונג־פרעמיען, געהאלטען פאר ארבייטער, וואס זיינען אינגאזשירט פון יאהר — א דירעקטאר, א בוכהאלטער, אינזשעניר א.א.וו. דאן אבער בערעכענט ער קויהלען פאר 150 פונט סט., כדי אנצו־ווארעמען פון צייט צו צייט די פאבריק און לאזען געהן די דאמפ־מאשין; אויסערדעם שכירות פאר ארבייטער, וועלכע האלטען „גרייט" די מאשינעריע דורך געלעגענטליכע ארבייט. ענדליך 1200 פונט סט. פאר דער אבנוצונג פון די מאשינען, ווארים „דער וועטער און די נאטירליכע צערשטערענדע איינפלוסן הערן ניט אויף זייערווירקונג דערפאר וואס די דאמפ־מאשין האט זיך אויפגעהערט צו דרעהען". ער בעמערקט אויסדריקליך, אז ער רעכענט אזא קליינע סומע פון 120 פונט סט. ווייל די מאשינען געפינען זיך סיי־ווי אין א זעהר אבגענוצטען צושטאנד.

24 „פראדוקטיווע קאנזומציאן: ווען די קאנזומציאן פון א סחורה מאכט אויס א טייל פון דעם פראדוקציאנס־פראצעס. . . אין די דאזיגע פעלען קומט ניט פאר קיין קאנזומציאן פון ווערטה". (ס. פ. ניומאן, „עלעמענטס און פאליטיקאל עקאנאמיע", ניו יארק 1835, ז. 296).

25 אין א נארד־אמעריקאנישען לעהרבוך, וואס האט דערלעבט אפשר 20 אויפלאגען, לעזען מיר ווי פאלגט: „ס'איז קיין חלוק ניט אין וועלכער פארם

אַנדערש שטעהט די זאַך מיט דעם פּערזענליכען פאַקטאָר פון דעם ארבייט־פּראָצעס, מיט דער אַקטיווער אַרבייטס־קראַפט. בעת די אַרבייט, דורך איהר צוועקמעסיגער פאָרם, טראָגט אַריבער און האַלט־אויף דעם ווערטה פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען אויף דעם פּראָדוקט, שאַפט יעדע מינוט פון איהר בעוועגונג א צוגעגעבענעם ווערטה, נייעם ווערטה. אָנגענומען אַז דער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס שטעלט זיך אָב ביי דעם פונקט, ווען דער אַרבייטער האָט פּראָדוצירט אַן עקוויוואַלענט פאַר דעם ווערטה פון זיין אייגענער ארבייטס־קראַפט, צום ביישפּיעל, ווען ער האָט דורך 6 שטונדיגער אַרבייט צוגעגעבען א ווערטה פון 3 שילינג. אָט דער ווערטה שטעלט פאָר די פערגרעסערונג פון דעם ווערטה פון פּראָדוקט אַריבער זיינע בעשטאַנד־טיילען, וואָס נעהמען זיך פון דעם ווערטה פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען. ער איז דער איינציגער אָריגינאַל־ווערטה, וואָס איז ענטשטאַנען אינערהאַלב פון אָט דעם פּראָצעס— דער איינציגער חלק ווערטה פונ׳ם פּראָדוקט, וואָס ווערט פּראָדו־

דאס קאפּיטאל ווייזט זיך ווידער ארויס.״ נאך א ברייטליכען ארומרעדען און אויסרעכענען פון די אלע מעגליכע פּראדוקציאנס־עלעמענטען, וואס זייער ווערטה בעווייזט זיך ארויס פון דאס ניי אין פּראדוקט, ווערט צום שלוס אויסגעפיהרט אזוי: „די פערשיידענע סארטען נאהרונגס־מיטלען, קליידער און וואוינונג, וועלכע זיינען נויטיג פאר דער עקזיסטענץ און בעקוועמליכקייט פונ׳ם מענשען, מאכען אויך דורך א פערענדערונג. זיי ווערן פערצעהרט פון צייט צו צייט, און זייער ווערטה ערשיינט ווידער אין דער נייער קראפט, וואס זיי גיבען דעם קערפער און דעם גייסט, און ער בעשאפט אויף דעם אופן א נייעם קא־פּיטאל פאר א פרישער אנווענדונג אין דעם פּראדוקציאנס־פּראצעס.״ (פ. וויילאנד, „דהי עלעמענטס אוו פּאליטיקאל עקאנאמיע, באסטאן 1853, ז. 81 און 82.) שוין ניט צו רעדען וועגען אלע אנדערע חדושים, קאן מען בעמערקען, אז עס איז ניט דער פּ ר י י ז פון ברויט צ.ב.ש., וואס בעווייזט זיך ווידער אין דער בע־נייטער קראפט, נאר עס איז זיינע סובסטאנצען, וואס שאפען בלוט. פערקעהרט, וואס עס ערשיינט ווידער אלס ווערטה פון דער קראפט, איז ניט די לעבענס־מיטלען, נאר זייער ו ו ע ר ט ה. ווען דיזעלבע לעבענס־מיטלען וואלטען נאר געקאסט א העלפט, וואלטען זיי אלץ פּראדוצירט פונקט אזויפיעל מוסקולען, ביינער א.א.וו. קורץ—דיזעלבע קראפט, אבער ניט קראפט פון דעמזעלבען ווערטה. די דאזיגע אומענדערונג פון „ווערטה״ אין „קראפט״ (הגם עס איז גאנץ ריכטיג צו רעדען פערקעהרט וועגען אן אומענדערונג פון „קראפט״ אין „ווערטה״) און די גאנצע היפּאקריטישע אונבעשטימטקייט פערדעקען—פערשטעהט זיך אומזיסט— דעם פערלאנג ארויסצו׳פּשט׳לען א מעהר־ווערטה פון דעם פּשוט׳ן ווידער־ער־שיינען פון די אויסגעלעגטע ווערטהען.

צירט דורך דעם פּראָצעס גופא. גאַנץ געוויס צאָהלט אָט דער ווערטה נאָר אָב דאָס געלד, וואָס איז אויסגעלעגט געוואָרן פונ׳ם קאַפּיטאַליסט ביים קויפען די ארבייטס־קראַפט, און וואָס דער אַר־בייטער גופא האָט אויסגעגעבען אויף לעבענסמיטלען. בנוגע צו די אויסגעגעבענע 3 שילינג ערשיינט אָט דער נייער ווערטה פון 3 שילינג נאָר ווי אַ רעפּראָדוקציאָן. אָבער ער ווערט ווירקליך רעפּראָדוצירט, ניט נאָר לפנים, ווי דיער ווערטה פון די פּראָדוק־ציאָנס־מיטלען. דער בייט (ערזאַץ) פון איין ווערטה דורך אַנאַנ־דערן ווערט דאָ דורכגעפיהרט דורך אַ נייער ווערטה־שאַפונג.

מיר ווייסען שוין אָבער, אז דער ארבייט־פּראָצעס האַלט אָן לענגער ווי ביז צו דעם פּונקט, ווען עס ווערט רעפּראָדוצירט בלויז אַן עקוויוואַלענט פאַר דעם ווערטה פון דער ארבייטס־קראַפט און צוגעגעבען צו דעם ארבייט־געגענשטאַנד. אַנשטאַט די 6 שטונדען, וואָס זיינען דערויף גענוג, געוועהרט דער פּראָצעס צ.ב.ש. 12 שטונדען. דורך דער טהעטיגקייט פון דער ארבייטס־קראַפט ווערט פאָלגליך ניט נאָר איהר אייגענער ווערטה רעפּראָדוצירט, נאָר עס ווערט אויך פּראָדוצירט אַן איבעריגער ווערטה. דער דאָזיגער מעהרווערטה מאַכט אויס דעם פערגרעסערטען ווערטה פון פּראָ־דוקט אריבער דעם ווערטה פון די פערצעהרטע עלעמענטען פון פּראָדוקט, דאָס הייסט פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען און דער אַר־בייטס־קראַפט.

פאָרשטעלענדיג די פערשיידענע ראָליען, וואָס די פערשיידענע פאַקטאָרען פון ארבייט־פּראָצעס שפּיעלען אין דער צוזאַמענשטעלונג פון דעם ווערטה פונ׳ם פּראָדוקט, האָבען מיר פאַקטיש כאַראַקטע־ריזירט די פונקציעס פון די פערשיידענע בעשטאַנד־טיילען פון קאַפּיטאַל אין דעם פּראָצעס פון זיין אייגענער ווערטה־פערמעהרונג. דער איבעריגער חלק פון דעם גאַנצען ווערטה פון פּראָדוקט, וואָס איז מעהר איידער די ווערטה־סומע פון די עלעמענטען, וואָס שטעלען איהם צוזאַמען, איז דער איבעריגער חלק פון דעם פער־מעהרטען קאַפּיטאַל אריבער דער סומע, וואָס דער לכתחילה־אויס־געלעגטער קאַפּיטאַל איז געווען ווערטה. די פּראָדוקציאָנס־מיטלען פון איין זייט און די ארבייטס־קראַפט פון דער אַנדער זייט זיינען נאָר די פערשיידענע עקזיסטענץ־פאָרמען, וואָס דער קאַפּיטאַל האָט

לכתחילה אנגענומען, אראבוואַרפענדיג פון זיך זיין געלד־פאָרם און פערוואנדלענדיג זיך אין די פאַקטאָרען פון דעם ארבייט־פּראָצעס.

דער טייל, הייסט עס, פון דעם קאפּיטאל, וועלכער פערוואנדעלט זיך אין פּראָדוקציאָנס־מיטלען, ד.ה. אין רויה־מאַטעריאל, הילף־שטאָפען און ארבייטס־מיטלען, פערענדערט ניט די גרויס פון זיין ווערטה אין דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס. איך רוף איהם דעריבער אַן דער קאָנסטאַנטער (אומפערענדערליכער) טייל קאַפּיטאל, אָדער בקיצור: קאָנסטאַנטער קאַפּיטאַל.

פערקעהרט, דער טייל קאפּיטאל, וואָס פערוואנדעלט זיך אין ארבייטס־קראַפט, פערענדערט יאָ זיין ווערטה אין דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס. ער רעפּראָדוצירט זיין אייגענעם עקוויוואלענט און אַן איבעריגען טייל (אַן איבערשוס) אריבער דעם,—מעהר־ווערטה,—וועלכער טייל קאָן זיך גופא בייטען, זיין גרעסער אָדער קלענער. פון אַ שטענדיגער (קאָנסטאַנטער) גרויס פערוואנדעלט זיך נאָכאַנאַנד אָט דער טייל פון קאפּיטאל אין אַ פערענדערליכער (וואַריאַבלער) גרויס. איך רוף איהם דעריבער אַן וואַריאַבלער טייל קאפּיטאל, אָדער בקיצור: וואַריאַבלער קאַפּיטאַל. דיזעלבע בעשטאַנד־טיילען פון קאפּיטאל, וועלכע אונטערשיידען זיך פון שטאַנדפּונקט פונ׳ם ארבייטס־פּראָצעס אלס אָביעקטיווע און סוביעקטיווע פאַקטאָרען, אלס פּראָדוקציאָנס־מיטלען און ארבייטס־קראַפט, אונטערשיידען זיך פון שטאַנדפּונקט פונ׳ם ווערטה־פערמעהרונג־פּראָצעס אלס קאָנסטאַנטער קאפּיטאל און וואַריאַבלער קאפּיטאל.

דער בעגריף פון אַ קאָנסטאַנטען קאפּיטאל שליסט בשום אופן ניט אויס אַ רעוואָלוציע אין דעם ווערטה פון זיינע בעשטאַנד־טיילען. לאָמיר אָננעהמען, אַז אַ פונט באַוועל קאָסט היינט 1 שילינג, און אַז ער שטייגט מאָרגען אויף 2 שילינג, מחמת אַ פערקלענערונג פון דער באַוועל־גערעטעניש. די אַלטע באַוועל, וואָס ווערט נאָכאַנאַנד פערטאָן אין דער ארבייט, איז געקויפט געוואָרן לויט׳ן ווערטה פון 1 שילינג, איצט אָבער גיט זי צו צו דעם פּראָדוקט אַ ווערטה־טייל פון 2 שילינג. אויך די פערטיג־אויסגעשפּונענע באַוועל, וואָס צירקולירט שוין אפשר אויפ׳ן מאַרק ווי פעדים, גיט אויך צו צו דעם פּראָדוקט דאָס טאָפּעלטע פון איהר פריהערדיגען ווערטה. מען זעהט אָבער, אַז אָט די ווערטה־ענדערונגען

חענגען ניט אָב פון דער ווערטה־פערמעהרונג פון דער באוועל און דעם פראָצעס פון שפינען גופא. ווען די אַלטע באוועל וואָלט נאָך גאָרניט אריינגעגאנגען אין דעם ארבייט־פּראָצעס, וואָלט זי איצט געקאָנט ווידער פערקויפט ווערען פאַר 2 שילינג דעם פונט אנשטאט פאר 1 שילינג. אדרבא פערקעהרט: וואָס ווייניגער ארבייט־פּראָצעסען זי האָט דורכגעמאכט, אַלץ זיכערער איז דער דאָזיגער רעזולטאַט. עס איז דעריבער א געזעץ פון ספּעקולאַציע ביי אַזוינע ווערטה־רעוואָלוציעס צו ספּעקולירן אויף דעם רויה־מאַטעריאַל אין זיין וואָס־ווייניגער בעאַרבייטער פאָרם, ד.ה. גיכער אויף פעדים איידער אויף געוועב און גיכער אויף די באוועל אליין איידער אויף די פעדים. די ווערטה־ענדערונג ענטשטעהט דאָ אין דעם פּראָצעס, וואָס פּראָדוצירט באוועל, ניט אין דעם פּראָצעס, וואו זי פונקציאָנירט אַלס פּראָדוקציאָנס־מיטעל און ממילא אַלס קאָנסטאַנטער קאַפּיטאַל. דער ווערטה פון א סחורה ווערט טאַקע אַפילו בעשטימט דורך דעם סכום ארבייט, וואָס ליעגט אין איהר; דער דאָזיגער סכום גופא ווערט אָבער בעשטימט געזעלשאַפטליך. אויב די ארבייט־צייט, וואָס איז געזעלשאַפטליך נויטיג פאַר איהר פּראָדוקציאָן, האָט זיך פערענדערט—און דערזעלבער סכום באוועל צ.ב.ש. שטעלט מיט זיך פאַר ביי שלעכטע גערעטענישען א גרעסערן סכום ארבייט איידער ביי גוטע גערעטענישען — דאַן האָט עס א צוריק־ווירקונג אויף דער אַלטער סחורה, וועלכע גילט אימער נאָר ווי אַן איינצעלנער עקזעמפּלאַר פון איהר מין,26 וואָס זיין ווערטה מעסט זיך אַלעמאָל דורך דער געזעלשאַפטליך נויטווענדיגער ארבייט, בכן, הייסט עס, שטענדיג דורך דער ארבייט, וואָס איז נויטווענדיג אונטער די געגענווערטיגע געזעלשאַפטליכע בעדינגונגען.

דער ווערטה פון די ארבייטס־מיטלען, וואָס דיענען שוין אין דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, פון די מאַשינעריע א.אז.וו. און פאָלגליך אויך דער טייל ווערטה, וואָס זיי גיבען אָב דעם פּראָדוקט,

26 „אַלע פּראָדוקטען פון א בעשטימטען סאָרט שטעלען איינגענטליך צוזאַמען נאָר איין מאַסע, וועמעס פּרייז ווערט בעשטימט אין אַלגעמיין און ניט קוקענדיג אויף די נעהענטערע אומשטענדען פון דעם איינצעל־פּאַל". (לע טראָן, „לע ל'אינטערע סאָסיאַל", פּאַריז 1846, ז. 893).

קאן זיך בייטען פונקט אזוי ווי דער ווערטה פון דעם רויה־מאטעריאל. אויב צ. ב. ש. דער זעלבער סארט מאשינעריע קאן רעפראדוצירט ווערן, א דאנק א נייער ערפינדונג, מיט א פערמינדערטער פערוועגדונג פון ארבייט, ווערט די אלטע מאשינעריע מעהר אדער וועניגער קלענער אין ווערטה און טראגט פאלגליך אריבער לפי ערך וועניגער ווערטה אויף דעם פראדוקט. אבער דא אויך נעהמט זיך די ווערטה־ענדערונג אויסערהאלב דעם פראדוקציאנס־פראצעס, אין וועלכען די מאשין פונקציאנירט אלס פראדוקציאנס - מיטעל. אין דעם דאזיגען פראצעס גיט זי קיינמאל ניט אב מעהרער ווערטה איידער זי בעזיצט אונאבהענגיג פון דעם דאזיגען פראצעס.

אזוי ווי אן ענדערונג אין דעם ווערטה פון די פראדוקציאנס־מיטלען, אפילו ווען די ווירקונג איז אויף צוריק, נאכדעם ווי זיי זיינען שוין אריינגעטראטען אין דעם פראצעס, ענדערט ניט זייער כאראקטער אלס קאנסטאנטער קאפיטאל, פונקט אזוי וועניג ריהרט אן אן ענדערונג אין דער פראפארציע צווישען קאנסטאנטען און וואריאבלען קאפיטאל זייער פונקציאנעלען אונטערשייד (דעם אונטערשייד אין די אופנים פון זייער טהעטיגקייט אין דעם פראצעס פון ווערטהשאפונג). די טעכנישע בעדינגונגען פון דעם ארבייטס פראצעס קאנען צ.ב.ש. אזוי איבערגעאנדערשט ווערן, אז דארטן וואו פריהער האבען 10 ארבייטער מיט 10 אינסטרומענטען פון קנאפען ווערטה בעארבייט א פערהעלטניסמעסיג קליינע מאסע רויה־מאטעריאל, בעארבייט איצט 1 ארבייטער מיט איין טייערע מאשין הונדערט מאל אזויפיעל רויה־מאטעריאל. אין אט דעם פאל וואלט דער קאנסטאנטער קאפיטאל, ד. ה. די ווערטה־מאסע פון די אנגעווענדעטע פראדוקציאנס־מיטלען, זעהר געוואקסען, און דער וואריאבלער טייל פון קאפיטאל, דער טייל וואס איז אויסגעלעגט געווארען אין ארבייטס־קראפט, וואלט זעהר געפאלען. אט דער איבערבייט אבער ענדערט נאר די גרויס־שייכות צווישען דעם קאנסטאנטען און וואריאבלען קאפיטאל אדער די פראפארציע, אין וועלכער דער גאנצער קאפיטאל צופאלט אויף קאנסטאנטע און וואריאבלע בעשטאנד־טיילען, ער בעריהרט אבער ניט דאגעגען דעם אונטערשייד פון קאנסטאנט און וואריאבעל.

## זיבעטער קאַפּיטעל.

# די ראַטע פון דעם מעהרווערטה.

### 1. דער גראַד־עקספּלואַטאַציע פון דער אַרבייטס־קראַפט.

דער מעהרווערטה, וואָס דער אויסגעלעגטער קאַפּיטאַל, וועלכען מיר וועלען אָנרופען ק, האָט אַרויסגעבראַכט אין דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, אָדער מיט אַנדערע ווערטער: די פערמעהרונג פון דעם אויסגעלעגטען קאַפּיטאַל־ווערטה ק, שטעלט זיך קודם אַרויס אַלס עודף (איבערשוס) פון דעם ווערטה פונ'ם פּראָדוקט איבער דער ווערטה־סומע פון זיינע פּראָדוקציאָנס־עלעמענטען.

דער מעהרווערטה, וואָס דער אויסגעלעגטער קאַפּיטאַל, וועלכע ווערט אויסגעגעבען אויף פּראָדוקציאָנס־מיטלען, און אַנאַנדער געלד־סומע וו, וועלכע ווערט אויסגעגעבען אויף אַרבייטס־קראַפט; ק שטעלט פאַר דעם ווערטה־טייל, וואָס איז פערוואַנדעלט אין קאָנסטאַנטען קאַפּיטאַל, וו—דעם ווערטה־טייל, וואָס איז פערוואַנדעלט אין וואַריאַבלען קאַפּיטאַל. לכתחילה, הייסט עס, איז ק=ק+וו; צום ביישפּיעל דער אויסגעלעגטער קאַפּיטאַל האָט בעטראָפען 500 פונט סט., איז דערפון געווען 410 פונט סט. קאָנסטאַנטער קאַפּיטאַל (ק) און 90 פונט סט. וואַריאַבלער קאַפּיטאַל (וו). צום סוף פון פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס קומט אַרויס סחורה, וואָס איהר ווערטה איז גלייך צו (ק+וו)=מ, מ איז מעהרווערטה: צום ביישפּיעל, 410 פונט סט. (ק)+90 פונט סט. וו+90 פונט סט. (מ). דער לכתחילה'דיגער קאַפּיטאַל ק האָט זיך פערוואַנדעלט אין ק': פון 500 פונט סט. אין 590 פונט סט. דער דיפערענץ צווישען ביידען איז=מ, אַ מעהרווערטה פון 90. אַזוי ווי דער ווערטה פון די פּראָדוקציאָנס־עלעמענטען איז גלייך צו דעם ווערטה פונ'ם אויסגעלעגטען קאַפּיטאַל, איז עס פאַקטיש אַ טאַוטאָלאָגיע [אַן איבעריגע בעהויפּטונג], אַז דער עודף פון דעם ווערטה פונ'ם פּראָדוקט איבער דעם ווערטה פון זיינע פּראָדוקציאָנס־עלעמענטען איז גלייך צו דער פערמעהרונג פון דעם אויס־

געלעגטען קאפיטאל, אדער אין אנדערע ווערטער, איז גלייך צו דעם פראדוצירטען מעהרווערטה.

די דאזיגע טאוטאלאגיע פאדערט פונדעסטוועגען א גענויערע בעשטימונג. וואס מיר האבען פערגליכען מיט דעם ווערטה פון פראדוקט, איז געווען דער ווערטה פון די פראדוקציאנס־עלעמענטען, וואס זיינען פערצעהרט געווארן, כדי איהם צו שאפען. מיר האבען אבער פריהער געזעהן, אז דער טייל פונ׳ם אנגעווענדעטען קאנסטאנטען קאפיטאל, וואס בעשטעהט פון ארבייטס־מיטלען, גיט אב דעם פראדוקט נאר איין שטיק פון זיין ווערטה, בעת אנאנדער שטיק פון איהם פערבלייבט אין זיין אלטער עקזיסטענץ־פארם. נאר אזוי ווי אט דער אנדער שטיק שפיעלט ניט קיין ראליע אין דער ווערטה־שאפונג, קאן מען איהם דא אויסלאזען פון בעטראכט. ווען מען זאל איהם אריינגעהמען אין חשבון, וועט ער גארנישט ענדערן. לאמיר אננעהמען, אז דער קאנסטאנטער קאפיטאל ק, אין בעטרעף פון 410 פונט סט., בעשטעהט פון רויה־מאטעריאל פאר 312 פונט סט., הילף־שטאפען פאר 44 פונט סט. און פון אבגענוצטער מאשינעריע בעת׳ן ארבייט־פראצעס פאר 54 פונט סט., דער ווערטה אבער פון דערווירקליך אנגעווענדעטער מאשינעריע בעטרעפט 1054 פונט סט. מיר רעכענען אלס אויסגעלעגט פאר דער שאפונג פונ׳ם ווערטה פון פראדוקט נאך דעם ווערטה פון 54 פונט סט., וואס די מאשינעריע פערלירט דורך איהר פונקציע און גיט עס דעריבער אב דעם פראדוקט. וואלטען מיר מיטגערעכענט די 1000 פונט סט., וועלכע בלייבען ווייטער עקזיסטירען אין זייער אלטער פארם פון דאמפ־מאשינען א.אז.וו.. דאן וואלטען מיר זיי געמוזט מיטרעכענען אויף ביידע זייטען—אויף דער זייט פון אויסגעלעגטען ווערטה און אויף דער זייט פונ׳ם ווערטה פון פראדוקט,*26 און וואלטען בעקומען דא 1500 פונט סט. און דארט 1590 פונט סט. דער דיפערענץ אדער דער מעהרווערטה וואלט אלץ געווען ווי פריהער 90 פונט סט.

---

*26 „אויב מיר רעכענען דעם ווערטה פון דעם בענוצטען שטעהענדיגען קאפיטאל צו די קאפיטאל־אויסלאגען, דאן מוזען מיר צורעכענען דעם ווערטה פון דעם דאזיגען קאפיטאל, וואס איז פערבליבען צום סוף יאהר, צו די איינ־נאהמען פון יאהר. (מאלטהוס, „פרינציפלס אוו פאליטיקאל עקאנאמיע", 2טע אויסגאבע, לאנדאן 1836, ז. 269.)

אונטער דעם קאָנסטאַנטען קאַפּיטאַל, וואָס ווערט אויסגעלעגט פאַר דער פּראָדוקציאָן פון ווערטה, פערשטעהען מיר שטענדיג, — סיידען עס איז קלאָר דורך דעם צוזאַמענהאַנג, אַז מען מיינט דעם היפך,—נאָר דעם ווערטה פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס ווערן פערצעהרט אין דער פּראָדוקציאָן.

נאָכדעם ווי דער פּונקט איז קלאָר, וועלען מיר זיך אומקעהרן צו דער פאָרמולע ק=ק+וו, וועלכע פערוואַנדעלט זיך אין ק׳=(ק+וו)+מ, און ממילא ק אין ק׳. מיר ווייסען, אַז דער ווערטה פון דעם קאָנסטאַנטען קאַפּיטאַל ווייזט זיך נאָר ווידער אַרויס אין דעם פּראָדוקט [ד.ה. ער ווערט ניט געשאַפען אין דעם פּראָצעס]. דער נייער ווערטה, וואָס ווערט ווירקליך געשאַפען אין דעם פּראָצעס, [דער פּראָדוצירטער ווערטה אָדער ווערטה־פּראָדוקט], איז אַלזאָ פערשיידען פון דעם [גאַנצען] פּראָדוקט־ווערטה, וואָס בעקומט זיך דורך דעם פּראָצעס; עס איז דעריבער ניט (ק+וו)+מ אָדער 410 ק+90 מ, ווי עס שיינט אויפ׳ן ערשטען בליק, נאָר עס איז וו+מ אָדער 90 וו+90 מ. דער ניי־געשאַפענער ווערטה־פּראָדוקט איז פאָלגליך ניט 590 פונט סט., נאָר 180 פונט סט. ווען ק, דער קאָנסטאַנטער קאַפּיטאַל, וואָלט געווען גלייך נול; אין אַנדערע ווערטער, ווען עס וואָלט געווען אַזאַ אינ־דוסטריע צווייג, וואו דער קאַפּיטאַליסט וואָלט ניט געדאַרפט אַריינטאָן ניט קיין פּראָדוצירטע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, ניט קיין רויה־מאַטעריאַל, הילף־שטאָפען און אַרבייט־אינסטרומענטען, נאָר בלויז פון דער נאַטור געגעבענע שטאָפען און אַרבייטס־קראַפט, דאַן וואָלט ניט געווען קיין קאָנסטאַנטער טייל־ווערטה, וואָס אַרי־בערצוטראָגען אויפ׳ן פּראָדוקט. אָט דער עלעמענט פונ׳ם ווערטה פון פּראָדוקט, די 410 פונט סט. פון אונזער ביישפּיעל, וואָלט אָבגעפאַלען, אָבער דער [ניי־געשאַפענער] ווערטה פון 180 פונט סט., וואָס ענטהאַלט 90 פונט סט. מעהרווערטה, וואָלט געבליבען פּונקט אַזוי גרויס, ווי ווען ק וואָלט פאָרגעשטעלט די גרעסטע ווערטה־סומע. מיר וואָלטען דאַן געהאַט ק=0+וו=וו, און ק׳ דער פערמעהרטער קאַפּיטאַל, וואָלט געווען 0+וו+מ. ק׳—ק וואָלט אַלזאָ געווען ווי פריהער=מ. פערקעהרט, ווען מ וואָלט געווען=0, אין אַנדערע ווערטער, אויב די אַרבייטס־קראַפט, וואָס איהר ווערטה ווערט אויסגעלעגט אין וואַריאַבלען קאַפּיטאַל, וואָלט

פראדוציירט נישט מעהר ווי איהר עקוויוואלענט, וואלט ק געווען =ק+וו, און ק' (דער ווערטה פון פראדוקט) וואלט געווען=(ק+וו)+0, און בכן ק=ק'. דער אויסגעלעגטער קאפיטאל וואלט זיך ניט פערמעהרט.

אין דער אמת'ן ווייסען מיר שוין, אז דער מעהרווערטה איז בלויז א פאלגע פון דער פערענדערונג אין דעם ווערטה פון וו, ד.ה. פון דעם טייל קאפיטאל, וואס פערוואנדעלט זיך אין ארבייטס־קראפט; בכן הייסט עס, אז וו+מ=וו+וו', דער וו' שטעלט דא פאר א צו־וואוקס פון וו. אבער דיווירקליכע ווערטה־פערענדערונג און די שייכות, אין וועלכער דער ווערטה ענדערט זיך, ווערן פער־דונקעלט דורך דעם פאקט, וואס צוליעב דעם וואקסען פון זיין וואריאבלען בעשטאנד־טייל וואקסט אויך דער גאנצער אויסגע־לעגטער קאפיטאל. עס איז געווען 500 און ווערט 590. דער ריינער אנאליז פון דעם פראצעס פאדערט דעריבער, מען זאל איינגאנצען אויסלאזען פון בעטראכט דעם טייל פונ'ם ווערטה פון פראדוקט, אין וועלכען דער קאנסטאנטער קאפיטאל־ווערטה בע־וויזט זיך נאר ווידער ארויס, ד.ה. מען זאל דעם קאנסטאנטען קאפיטאל ק שטעלען גלייך נול. דאס איז אן אנווענדונג פון א מאטעמאטישען געזעץ, וואס ווערט געברויכט וואו מען אפערירט מיט קאנסטאנטע און וואריאבלע גרויסען, און די קאנסטאנטע גרויס איז פערבונדען נאר דורך חבור אדער חסור מיט דער וואַ־ריאבלער גרויס.

נאך אן אנדער שוועריגקייט נעהמט זיך פון דער אורשפרינג־ליכער פארם פון דעם וואריאבלען קאפיטאל. אין דעם פאריגען ביישפיעל איז ק'=410 פונט סט. קאנסטאנטער קאפיטאל+90 פונט סטערלינג וואריאבלער קאפיטאל+90 פונט סטערלינג מעהרווערטה. די 90 פונט סטערלינג זיינען אבער א בעשטימ־טע און בכן א קאנסטאנטע גרויס, און עס זעהט דעריבער אויס אונזיניג זי צו בעהאנדלען ווי א וואריאבלע גרויס. אין דער אמת'ן אבער איז דא דער נאמען 90 פונט סט. וואריאבלער קא־פיטאל ניט מעהר ווי א סימבאל פאר דעם פראצעס, וואס אט דער ווערטה מאכט דורך. דער טייל פון קאפיטאל, וואס ווערט אויסגעלעגט אין דעם איינקויפען ארבייטס־קראפט, איז א בע־שטימטער סכום פון מאטעריאליזירטער ארבייט, פאלגליך איז עס

א קאָנסטאַנטע ווערטה־גרויס, ווי דער ווערטה פון דער געקויפטער ארבייטס־קראַפט. אָבער אין דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס גופא טרעט ארויס אנשטאט די אויסגעלעגטע 90 פונט סט. די טהעטיגע ארבייטס־קראַפט, אנשטאט די טויטע טרעט ארויס לעבעדיגע ארבייט, אויף דעם אָרט פון א אונבעוועגליכער—א פליסיגע גרויס, אויף דעם אָרט פון א קאָנסטאַנטער—א וואַריאַבלע. דער רעזולטאַט איז די רעפּראָדוקציאָן פון ו, פערמעהרט מיט א צווואוקס. פון שטאַנדפּונקט פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן איז אָט דער גאַנצער פּראָצעס א זעלבסט־בעוועגונג פון דעם אורשפּרינגליך קאָנסטאַנטען ווערטה, וואָס איז פערוואַנדעלט געוואָרן אין ארבייטס־קראַפט. צו איהם ווערט צוגעשריבען דער גאַנצער פּראָצעס מיט זיין רעזולטאַט. אויב די פאָרמולע 90 פונט סט. וואַריאַבלער קאַפּיטאַל, אָדער ווערטה וואָס פערמעהרט זיך, זעהט זיך אָן צו זיין ווידערשפּרעכענד, דריקט זי נאָר אויס א ווידערשפּרוך, וואָס ליעגט בטבע (אימאַנענט) אין דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן.

דאָס שטעלען דעם קאָנסטאַנטען קאַפּיטאַל גלייך צו נול מאַכט אויפ'ן ערשטען בליק א מאָדנעם איינדרוק. דאָך ווערט עס נאָכאַנאַנד געטאָן אין אַלטעגליכען לעבען. ווען מען וויל צ.ב.ש. בערעכענען דעם פּראָפיט, וואָס ענגלאַנד מאַכט פון דער באַוועל־אינדוסטריע, רעכענט מען קודם כל ארונטער דעם פּרייז פון באַוועל, וואָס מען צאָהלט אויס די פעראייניגטע שטאַאַטען, אינדיען, עגיפּטען א.אז.וו.; ד.ה. מען שטעלט דעם קאַפּיטאַל, וואָס ערשיינט נאָר ווידער אין דעם ווערטה פון פּראָדוקט, גלייך נול.

געוויס האָט די שייכות פון מעהרווערטה, ניט נאָר צו דעם טייל קאַפּיטאַל, פון וועלכען ער שטאַמט דירעקט אָב און שטעלט פאָר זיין ווערטה־פערענדערונג, נאָר אפילו צו דעם גאַנצען אויסגעלעגטען קאַפּיטאַל, איהר גרויסע עקאָנאָמישע בעדייטונג. מיר בעהאַנדלען דעריבער די דאָזיגע שייכות אויספיהרליך אין דריטען בוך. כדי צו פערמעהרן איין טייל פון קאַפּיטאַל פערבייטענדיג איהם אויף ארבייטס־קראַפט, מוז אַנאַנדער טייל פון קאַפּיטאַל פערוואַנדעלט ווערן אין פּראָדוקציאָנס־מיטלען. כדי דער וואַריאַב־
ר קאַפּיטאַל זאָל פונקציאָנירן, מוז אויסגעלעגט ווערן קאָנסטאַנ־
ר קאַפּיטאַל אין די געהעריגע פּראָפּאָרציעס, לויט דעם בעשטימ־

מען טעכנישען כאַראַקטער פון דעם אַרבייט־פּראָצעס. דער אומ־שטאַנד אָבער, וואָס ביי אַ כעמישען פּראָצעס געברויכט מען רע־טאָרטען און אַנדערע כלים, שטערט ניט פונדעסטוועגען בעת'ן אַנאַליז אויסצולאָזען די דאָזיגע כלים גופא פון בעטראַכט. אויף וויפיעל די ווערטה־שאַפונג און ווערטה־פערענדערונג ווערט בע־טראַכט פאַר זיך אַליין, ד. ה. אין איהר ריינער פאָרם, גיבען אונז די פּראָדוקציאָנס־מיטלען — אַט די מאַטעריעלע געשטאַלטען פון דעם קאָנסטאַנטען קאַפּיטאַל — בלויז דעם שטאָף, אין וואָס די פליסיגע, ווערטה־שאַפענדע קראַפט זאָל ווערן פיקסירט. עס איז אויך אַלץ איינס, וואָס פאַר אַ ווערטה דער שטאָף האָט. ער מוז זיך נאָר געפינען אין אַ גענוג־גרויסער מאַסע, כדי צו קאָנען איינ־זויגען דעם גאַנצען סכום אַרבייט, וואָס דאַרף אויסגעגעבען ווערן בעת דעם פּראָצעס פון דער פּראָדוקציאָן. איינמאָל איז די מאַסע געגעבען, מעג איהר ווערטה שטייגען אָדער פאַלען, אָדער זי מעג נאָר קיין ווערטה ניט האָבען, ווי די ערד און דער ים—וועט דער פּראָצעס פון ווערטה־שאַפונג און ווערטה־פערענדערונג דערפון ניט אָנגעריהרט ווערן.27

מיר שטעלען, אַלזאָ, ערשטענס דעם קאָנסטאַנטען קאַפּיטאַל גלייך צו נול. דער אויסגעלעגטער קאַפּיטאַל רעדוצירט זיך דע־ריבער פון ק+וו צו וו. און דער פּראָדוקט־ווערטה (ק+וו)+מ צו דעם ווערטה־פּראָדוקט וו+מ. אָנגענומען. אַז דער ווערטה־פּראָדוקט. אין וואָס עס שטעלט זיך פאַר די פליסענדע אַרבייט פאַר דער גאַנצער צייט וואָס עס דויערט דער פּראָדוקציאָנס־פּראָ־צעס, איז=180 פונט סט., דאַרפען מיר נאָר אַראָבציה'ען דעם ווערטה פונ'ם וואַריאַבלען קאַפּיטאַל=90 פונט סט., כדי צו בע־קומען דעם מעהרווערטה=90 פונט סט., די צאָהל 90 פונט סט. =מ דריקט דאָ אויס די אַבסאָלוטע גרויס פון דעם פּראָדוצירטען מעהרווערטה. עס איז קלאָר אָבער, אַז זיין פּראָפּאָרציאָנעלע

---

27 נאָטע צו דער צווייטער אויסגאַבע. עס פערשטעהט זיך אַליין, ווי לוקרעציוס זאָגט „ניל פּאָססע קרעאַרי דע ניהילאָ“: פון גאָרנישט ווערט גאָרנישט. „ווערטה־שאַפונג“ איז די פאַרוואַנדלונג פון אַרבייטסקראַפט אין אַרבייט. די אַרבייטסקראַפט פון איהר זייט איז קודם כל דער פאַרוואַנדעלטער נאַטור־שטאָף אין מענשליכען אָרגאַניזם.

גרויס, ד.ה. דער ערך, אין וועלכען דער וואריאבלער קאפיטאל האט זיך פערמעהרט, ווערט בעשטימט דורך דעם ערך, אין וועלכען דער מעהרווערטה פערהאלט זיך צום וואריאבלען קאפיטאל, אדער ער ווערט אויסגעדריקט אין דער תשברת $\frac{מ}{וו}$. אין דעם פאריגען ביישפיעל הייסט עס אין $\frac{90}{90} = 100$ פראצענט. אט די פערהעלט־ניסמעסיגע פערמעהרונג פון דעם וואריאבלען קאפיטאל, אדער די לפי ערך'דיגע גרויס פון דעם מעהרווערטה, רוף איך אן די **ראטע פון מעהרווערטה**.[28]

מיר האבען געזעהן, אז דער ארבייטער פראדוצירט אין משך פון איין אבטייל פונ'ם ארבייט־פראצעס בלויז דעם ווערטה פון זיין ארבייט־קראפט; ד ה. דעם ווערטה פון זיינע נויטווענדיגע לעבענס - מיטלען. אזוי ווי ער פראדוצירט אין א צושטאנד. וואס איז געבויט אויף א געזעלשאפטליכער טיילונג פון דער ארבייט, פראדוצירט ער ניט זיינע לעבענס־מיטלען דירעקט, נאר ער פראדוצירט אין דער פארם פון א ספעציעלער סחורה, פון פעדים צ. ב. ש., א ווערטה, וואס איז גלייך צו דעם ווערטה פון זיינע לעבענס־מיטלען, אדער צום דעם געלד, מיט וואס ער קויפט זיי. דער טייל פון זיין ארבייטס־טאג, וואס ער פערברויכט אויף דעם, איז גרעסער אדער קלענער לויט דעם ווערטה פון זיינע דורכשניטליכע טעגליכע לעבענס־מיטלען, הייסט עס לויט דער דורכשניטליכער טעגליכער ארבייטס־צייט, וואס פאדערט זיך צו זיי צו פראדוצירן. ווען דער ווערטה פון זיינע טעגליכע לעבענס־מיטלען שטעלט דורכשניטליך פאר 6 מאטעריאליזירטע ארבייטס־שטונדען, מזו דער ארבייטער דורכשניטליך ארבייטען 6 שטונדען טעגליך, כדי צו פראדוצירן דעם דאזיגען ווערטה. ווען ער ארבייט ניט פאר דעם קאפיטאליסט, נאר פאר זיך אליין, אונאבהענגיג, וואלט ער געמוזט, ווען אלע איבעריגע אומשטענדען בלייבען די־

---

28 אויפ'ן זעלבען אופן ווי דער ענגלישער געברויכט דעם אויסדרוק "Rate of Profits" אדער "Rate of interest" מען וועט זעהן פון דעם דריטען בוך, אז עס איז לייכט צו בעגרייפען די פראפיט־ראטע, וויבאלד מען ווייס די געזעצען פון מעהרווערטה. אויף דעם אומגעקעהרטען אופן בעגרייפט מען ניט די, ניט יענע.

זעלבען אֶליקוואָטען טייל פון טאָג, כדי צו פּראָדוצירען דעם ווערטה פון זיין אַרבייטס־קראַפט און געווינגען דורכדעם די לעבענס־מיטלען, וואָס זיינען נויטיג פאַר זיין אייגענעם אויפהאַלט אָדער שטענדיגער רעפּראָדוקציאָן. אַזוי ווי אָבער אין דעם טייל פון אַרבייטס־טאָג, אין וועלכען ער פּראָדוצירט דעם טאָג־ווערטה פון דער אַרבייטס־קראַפט, לאָמיר זאָגען 3 שילינג, פּראָדוצירט ער ניט מעהר, ווי אַן עקוויוואַלענט פאַר זייער ווערטה, וואָס דער קאַפּיטאַליסט האָט שוין אָבגעצאָהלט,*28—ער איז, הייסט עס, נאָר ממלא דורך דעם ניי־געשאַפענעם ווערטה דעם אויסגעלעגטען וואַריאַבלען קאַפּיטאַל־ווערטה,—בעווייזט זיך אָט די פּראָדוקציאָן פון ווערטה בלויז ווי **א ר ע פּ ר אָ ד ו ק צ י אָ ן**. דעם טייל פון'ם אַרבייטס־טאָג, אין וועלכען די דאָזיגע רעפּראָדוקציאָן געהט פאָר, רוף איך אַלזאָ אַן **נ ו י ט ו ו ע נ ד י ג ע  א ר ב י י ט ־ צ י י ט** און די אַרבייט, וואָס ווערט אויסגעגעבען אין משך פון דער צייט — **נ ו י ט ו ו ע נ ד י ג ע  א ר ב י י ט**.29 נויטווענדיג פאַר דעם אַרבייטער, ווייל זי העננגט ניט אָב פון דער געזעלשאַפטליכער פאָרם פון זיין אַרבייט. נויטווענדיג פאַר'ן קאַפּיטאַל און זיין וועלט, ווייל די שטענדיגע עקזיסטענץ פון דעם אַרבייטער איז דער באַזיס פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט.

די צווייטע פעריאָדע פון דעם אַרבייט־פּראָצעס, אין וועלכער דער אַרבייטער שלאָגט זיך אַרוים פון די כחות איבער די גרעניצען פון דער נויטווענדיגער אַרבייט, קאָסט איהם טאַקע אפילו אַרבייט,

---

*28) אין דער דריטער אויפלאַגע בעמערקט הערר ענגעלס: „דער גאַנצער פּאַסוס געבראַכט דאָ די געוועהנליכע עקאָנאָמישע שפּראַך. מען קאָן זיך ערינערן, אַז אויף זייט 264 איז בעוויזען געוואָרן, ווי אין דער ווירקליכקייט לייגט ניט אויס דער קאַפּיטאַליסט פאַר דעם אַרבייטער, נאָר דער אַרבייטער לייגט אויס פאַר'ן קאַפּיטאַליסט — דעם געברויך־ווערטה פון דער אַרבייטס־קראַפט.

29) ביז אַהער האָבען מיר אין דעם ווערק בענוצט דעם אויסדרוק „נויטווענדיגע אַרבייטס־צייט" פאַר דער געזעלשאַפטליכער אַרבייטס־צייט, וואָס איז נויטווענדיג צו פּראָדוצירען אַ סחורה בכלל. פון איצט און ווייטער געברויכען מיר דעם אויסדרוק אויך פאַר דער אַרבייטס־צייט, וואָס איז נויטווענדיג צו פּראָדוצירען די ספּעציפישע סחורה אַרבייטס־קראַפט. דער געברויך פון דעמזעלבען טערמין אין אַ פערשיידענעם זין איז ניט בעקוועם, מען קאָן עס אָבער אין קיין וויסענשאַפט ניט אויסמיידען אין גאַנצען. פערגלייכט צ.ב.ש. די העכערע און נידעריגערע טיילען פון דער מאַטעמאַטיק.

פערוועגדונג פון ארבייטס־קראפט, זי מאכט אבער ניט אוים פאר איהם קיין ווערטה. זי מאכט אוים מעהרווערטה, וועלכער האט פאר'ן קאפיטאליסט דעם גאנצען חן פון א יש מאין־בעשאפונג. אט דעם טייל פון ארבייטס־טאג רוף איך אן סורפלוס־ארבייטס־צייט און די ארבייט, וואס ווערט אין איהר אויסגעגעבען — מעהר־ארבייט (Surplus labor) אזוי ווי עס איז אבסאלוט וויכטיג (ענטשיידענד) פאר דער ערקענטעניש פון דעם ווערטה בכלל צו בעגרייפען איהם ווי א פשוט'ע פערגליווערונג פון ארבייטס־צייט, אזוי איז אויך אבסאלוט וויכטיג פאר דער ערקענטעניש פון דעם מעהרווערטה צו בעגרייפען איהם ווי א פשוט'ע פערגליווערונג פון סורפלוס־ארבייט־צייט, ווי בלויז מאטעריאליזירטע מעהר־ארבייט. נאר די פארם, אין וועלכער די דאזיגע מעהר־ארבייט ווערט ארויסגעפרעסט פון דעם דירעקטען פראדוצירער, דעם ארבייטער, אונטערשיידט די עקאנאמישע פאר־מאציעס פון דער געזעלשאפט, צום ביישפיעל די געזעלשאפט, וואס איז געבויט אויף שקלאפעריי, פון דער לוין־ארבייט געזעלשאפט.30

היות ווי דער ווערטה פון דעם וואריאבלען קאפיטאל איז גלייך צו דעם ווערטה פון דער ארבייטס־קראפט, וואס ער האט געקויפט, און אזוי ווי דער ווערטה פון אט דער ארבייטס־קראפט

30) הערר ווילהעלם טהוקידידעס ראשער מאכט די קאמישע ענטדעקונג, אז אויב די שאפונג פון מעהרווערטה אדער מעהרפראדוקט, צוזאמען מיט דער אקומולאציע, וואס איז דערפון ערבונדען, האט היינטיגען טאג צו פערדאנקען דער „שפארזאמקייט" פון דעם קאפיטאליסט, וועלכער „פערלאנגט צ.ב.ש. א פראצענט" דערפאר, זיינען פערקעהרט, „אויף די נידעריגסטע קולטור־שטופען... די שוואכערע געצוואונגען געווארען צו פראקטיצירן שפארזאמקייט דורך די שטארקערע". („די גרונדלאגען דער נאציאנאל־עקאנאמיע„, 3־טע אויפלאגע, 1858, ז. 78). אבצושפארן ארבייט? אדער די ניט־עקזיסטירענדע איבעריגע פראדוקטען? א חוץ פשוט'ער אומוויסענהייט איז עס די אפאלאגעטישע מורא פאר א געוויסענהאפטען אנאליז פון ווערטה און מעהרווערטה, און אויך די מורא טאמער וועט זיך דערפון בעקומען א פאליציי־פערבאטענער רעזולטאט, וואס עס צווינגט א ראשער'ן און זיינע חברים צו פערדרעהען די מעהר אדער ווייניגער קלארע רעכטפערטיגונג־טעמים פון דעם קאפיטאליסט פאר זיין צו־[illegible] די פאראנענע מעהרווערטהען, וואס ער געפינט אין די גרונדען פון דעם [illegible]טהען פון מעהרווערטה.

בעשטימט דעם נויטיגען טייל פון ארבייטס־טאג, בעת דער מעהר־ווערטה איז בעשטימט דורך דעם איבערפליסיגען טייל פון אר־בייטס־טאג, פאלגט דערפון אז: דער מעהרווערטה פערהאלט זיך צום וואריאבלען קאפיטאל, ווי די מעהר־ארבייט צו דער נויטווענדיגער ארבייט, אדער די ראטע פון מעהרווערטה איז $\frac{\text{מ}}{\text{ה}} = \frac{\text{מעהר־ארבייט}}{\text{נויטווענדיגע ארבייט}}$ביידע פראפארציעס דריקען אוים די־זעלבע פערהעלטעניש אין א פערשיידענער פארם — איינמאל אין דער פארם פון מאטעריאליזירטער ארבייט, דאס אנדערע מאל אין דער פארם פון פליסיגער ארבייט.

די ראטע פון מעהרווערטה איז דעריבער דער פינקטליכער אויסדרוק פאר דעם גראד עקספלואטאציע פון דער ארבייטס־קראפט דורך דעם קאפיטאל, אדער פון דעם ארבייטער דורך דעם קאפיטאליסט.*30

לויט אונזער השערה איז געווען דער ווערטה פון פראדוקט = 410 פונט סט. ק + 90 פונט סט. וו + 90 פונט סט. מ, און דער אויסגעלעגטער קאפיטאל = 500 פונט סט. אזוי ווי דער מעהר־ווערטה איז 90 און דער אויסגעלעגטער קאפיטאל = 500, וואלט מען געקאנט אויף דעם געוועהנליכען אופן פון רעכענען ארויסבעקומען, אז די ראטע פון מעהרווערטה (וועלכע מען פערבייט מיט דער פראפיט־ראטע) איז 18 פראצענט — אזא נידעריגער צאהל לפי ערך, וואס וואלט ארויסגערופען מיטלייד ביי דעם הערר קארי און אנדערע הארמאניסטען. אין דער ווירקליכקייט אבער איז די ראטע פון מעהרווערטה ניט = $\frac{\text{מ}}{\text{ק}}$ אדער $\frac{\text{מ}}{\text{ק}+\text{ח}}$ נאר = $\frac{\text{מ}}{\text{ח}}$ אלזא, ניט $\frac{90}{500}$ נאר $\frac{90}{90}$ = 100 פראצענט: מעהר ווי פינף מאל אזויפיעל

---

* 30) נאטע צו דער 2־טער אויסגאבע. הגם די ראטע פון מעהרווערטה איז א פינקטליכער אויסדרוק פאר דעם גראד עקספלואטאציע פון דער ארבייטס־קראפט, איז עס אבער ניט קיין אויסדרוק פאר דער אבסאלוטער גרויס פון דער עקספלואטאציע. צום ביישפיעל, ווען די נויטווענדיגע ארבייט איז = 5 שטונדען און די מעהרארבייט איז = 5 שטונדען, איז דער גראד פון דער עקספלואטאציע ווערט דא געמאסטען דורך 5 שטונדען. ווען אבער די נויטווענדיגע ארבייט איז = 6 שטונדען און די מעהרארבייט = 6 שטונדען, בלייבט דער גראד עקספלואטאציע פון 100 פראצענט ניט פערענדערט, בעת די גרויס פון דער עקספלואטאציע איז געוואקסען אויף 20 פראצענט, פון 5 אויף 6 שטונדען.

איידער דער גראד עקספּלואַטאַציע, וואָס זעהט זיך אָן פון אויבען־אויף. אָבוואויל אין דעם געגעבענעם פאַל ווייסען מיר נאָך דער־ווייל ניט די אבסאָלוטע גרויס פון דעם ארבייטס־טאָג, אויך ניט די פּעריאָדע פון דעם ארבייט־פּראָצעס (אַ טאָג, אַ וואָך א.אַז.וו.), און מיר ווייסען אויך ערליך ניט די צאָהל פון די ארבייטער, וועלכע לאַזען גלייכצייטיג אין בעוועגונג דעם וואַריאַבלען קאַפּי־טאַל פון 90 פונט סט., פונדעסטוועגען בעווייזט אונז די ראַטע פונ'ם מעהרווערטה $\frac{\text{מ}}{\text{וו}}$, דורך דער מעגליכקייט פון איהר אומ־וואַנדלונג אין $\frac{\text{מעהראַרבייט}}{\text{נויטווענדיגע ארבייט}}$, גענוי די פערהעלטעניש פון די צוויי בעשטאַנדטיילען איינער צום אַנדערן. עס איז 100 פּראָ־צענט. פאָלגליך קומט אויס, אַז דער ארבייטער ארבייט איין העלפט פון טאָג פאַר זיך און די אַנדערע העלפט פאַר דעם קאַ־פּיטאַליסט.

די מעטאָדע ווי צו בערעכענען די ראַטע פון מעהרווערטה איז בקיצור אַט די: מיר נעהמען דעם גאַנצען ווערטה פון פּראָ־דוקט און שטעלען דעם טייל פון קאָנסטאַנטען קאַפּיטאַל־ווערטה, וואָס בעווייזט זיך בלויז אין איהם (דעם פּראָדוקט) ווידער, גלייך נול. די איבערגעבליבענע ווערטה־סומע איז דער איינצי־גער ווערטה־פּראָדוקט, וואָס איז ווירקליך ארויסגעבראַכט געוואָרן אין דעם שאַפונג־פּראָצעס פון דער סחורה. אויב דער מעהר־ווערטה איז אַ בעוואוסטע סומע, ציהען מיר איהם אראָב פון דעם דאָזיגען ווערטה־פּראָדוקט, כדי אויסצוגעפינען דעם וואַריאַבלען קאַפּיטאַל. איז דער וואַריאַבלער קאַפּיטאַל אַ בעוואוסטע סומע און מיר זוכען דעם מעהרווערטה, טהוען מיר פערקעהרט. אויב ביידע סומען זיינען בעוואוסט, דאַן דאַרף מען נאָר מאַכען די שלוס־אָפּעראַציע: בערעכענען די פערהעלטעניש פון דעם מעהר־ווערטה צום וואַריאַבלען קאַפּיטאַל $\frac{\text{מ}}{\text{וו}}$

הגם די מעטאָדע איז אַזוי איינפאַך, פונדעסטוועגען שיינט צו זייו כדאי איינצואיבען דעם לעזער דורך איניגע ביישפּיעלען אין דעם אופן פון אנשויאונג, וואָס איז פאַר איהם פרעמד, און וועלכער ליעגט אין גרונד פון דער מעטאָדע.

קודם וועלען מיר נעהמען דעם ביישפּיעל פון אַ שפּינעריי מיט 10,000 מול־שפּינדלען, וועלכע שפּינט נומר 32 פעדים פון

אמעריקאנער באוועל, און פראדוצירט 1 פונט פעדים איין יעדען שפינדעל א וואך. דער אבפאל איז 6 פראצענט. הייסט עס, אז 10,600 פונט באוועל ווערן אויסגעארבייט וועכענטליך אין 10,000 פונט פעדים, מיט אן אבפאל פון 600 פונט. אין אפריל 1871 האט די דאזיגע באוועל געקאסט 7¾ פענס א פונט; אלזא פאר 10,600 פונט, אין רונדע ציפער, 342 פונט סט. די 10,000 שפינדלען, צורעכענדיג די מאשינעריע, וואס גרייט צו צום שפינען, און די דאמף־מאשין, קאסטען 1 פונט סט. פער שפינדעל, אלזא 10,000 פונט סט. זייער יעהרליכע אבנוצונג בעטרעפט 10 פראצענט, הייסט עס 1000 פונט סט. אדער 20 פונט סט. א וואך. דירה־געלד פאר דער פאבריק איז 300 פונט סט. אדער 6 פונט סט. פער וואך. קויהלען (4 פונט פער שטונדע און פערד־קראפט [לויט'ן אינדיקאטאר] און 60 שטונדען א וואך, אריינגערעכענט בעהייצונג פון דער געביידע) 11 טאן א וואך, אויף 8 שילינג 6 פענס א טאן, קאסטען אין רונדע ציפער 4½ פונט סט. א וואך; גאז 1 פונט סט. א וואך, אויל 4½ פונט סט. א וואך, אלזא אלע הילף־שטאפען 10 פונט סט. א וואך. דער ארבייטס־לוין בעטרעפט 52 פונט סט. א וואך. דער קאנסטאנטער און וואריאבלער קאפיטאל צוזאמען מאכען אלזא אויס 378+52=430 פונט סט. א וואך.

דער פרייז פון פעדים איז 12¼ פענס א פונט, הייסט עס פאר 10,000 פונט — 510 פונט סט. כדי צו געפינען דעם מעהרווערטה, מוזען מיר אראבציהען פון די 510 פונט סט., ד. ה. דעם ווערטה פון גאנצען פראדוקט, דעם אויסגעגעבענעם קאנסטאנטען און וואריאבלען קאפיטאל, די 430 פונט סט. מיר בעקומען דאן אלס מעהרווערטה 80 פונט סט. דעם קאנסטאנטען טייל ווערטה, וואס בעטרעפט 378 פונט סט., שטעלען מיר גלייך נול, אזוי ווי ער נעהמט ניט קיין טייל אין דער וועכענטליכער ווערטה־שאפונג. ער ווערט ניט געשאפען פון דאס ניי, נאר ער ווערט בלויז אריבערגעטראגען. בלייבט דער וועכענטליכער ווערטה־פראדוקט פון 132=52 פונט סט. וואריאבלער קאפיטאל+80 פונט סט. מעהרווערטה. די ראטע פון מעהרווערטה איז אלזא $\frac{80}{52}$=153 11/13 **פראצענט. ביי א צעהן־שטונדיגען דורכשניטליכען ארבייטס־טאג**

בעקומט זיך: נויטווענדיגע ארבייט=$3\frac{31}{33}$ שטונדען און מעהר־ארבייט=$6\frac{2}{33}$ שטונדען.[31]

יאקאב מאכט א חשבון פאר דעם יאהר 1815, אננעהמענדיג א פרייז פון ווייץ אויף 80 שילינג דאס פערטעל און א דורכשניט־ערטראג פון 22 בושעל פער אקער, אזוי אז דער אקער ברענגט אריין 11 פונט סט.. (דער חשבון לײדט פון דעם חסרון, וואס איינינע פרטים פון הוצאה און הכנסה זיינען שוין פון פריהער גערעקט, דאך אבער גענינענד פאר אונזער צוועק), ווי פאלגט:—

ווערטה־פראדוקציאן פער אקער.

| | | | |
|---|---|---|---|
| זריעה (ווייץ) | — 1 פונט סט. 9 שילינג | שטייערן, מעשר אב־צאהלונגען | — 1 פונט סט. 1 שילינג |
| בעמיסטיגונג | — 2 " 10 " | רענטע | — — — 1 " 8 " |
| ארבייט־לוין | — 3 " 10 " | פאכטער'ס פראפיט און צינז | 1 " 2 " |
| סך הכל | — 7 פונט סט. 9 שילינג | סך הכל | — 3 פונט סט. 11 שילינג |

דער מעהרווערטה, שטענדיג אננעהמענדיג, אז דער פרייז פון פראדוקט איז גלייך צו זיין ווערטה, ווערט דא פערטיילט אונטער די פערשיידענע רובריקען פראפיט, צינז, מעשר־אבצאהלונגען א.אז.וו. אט די רובריקען אינטערעסירן אונז נים. מיר לעגען זיי צוזאמען און בעקומען א מעהרווערטה פון 3 פונט סט. 11 שילינג. די 3 פונט 19 פאר זריעה און בעמיסטיגונג שטעלען מיר, אלס קאנסטאנטען קאפיטאל גלייך נול. בלייבט דער אויס־געלעגטער ווארייאבלער קאפיטאל פון 3 פונט 10, וואס אנשטאט איהם איז פראדוצירט געווארן 3 פונט 10+3 פונט 11. בכן בעטרעפט $\frac{מ}{וו}=\frac{3\ פונט\ 11}{3\ פונט\ 10}$, מעהר איידער 100 פראצענט. דער ארבייטער פערווענדט מעהר ווי א העלפט פון זיין ארבייטס־טאג

[31] נאטע צו דער צווייטער אויסגאבע. דער ביישפיעל, וואס איז געגעבען געווארן אין דער ערשטער אויסגאבע פון א שפינערײ פאר דעם יאהר 1860, האט ענטהאלטען איינינע פאקטישע טעות'ן. די דאטען, וואס זיינען געגעבען דא אין טעקסט, האב איך געקריגען פון א מאנטשעסטער פאבריקאנט. — מען דארף בעמערקען, אז אין ענגלאנד איז די אלטע פערד־קראפט בערעכענט געווארן לויט דעם דורכשניט פון צילינדער; די נייע ווערט געצעהלט לויט דער ווירקליכער קראפט, וואס דער אינדיקאטאר ציינט אן.

צו פראָדוצירן אַ מעהרווערטה, וועלכען פערשיידענע פערזאָנען פערטיילען איהם צווישען זיך אונטער פערשיידענע אויסרעדען.*[31]

## 2. דער אויסדרוק פונ'ם ווערטה פון פראָדוקי' אין פראָפאָרציאָנעלע טיילען פון פראָדוקט.

מיר וועלען איצט זיך אומקעהרן צוריק צו דעם ביישפיעל, וואָס האָט אונז בעוויזען, ווי דער קאפיטאליסט מאכט פון געלד קאפיטאל. די נויטווענדיגע ארבייט פון זיין שפינער האָט בעטראָפען 6 שטונדען, די מעהרארבייט דאָסגלייכען, פאָלגליך איז דער גראד עקספלואטאציע פון דער ארבייטס-קראפט 100 פראָצענט.

דער פראָדוקט פון דעם 12-שטונדיגען ארבייטס-טאָג זיינען 20 פונט פעדים, ווערטה 30 שילינג. ניט ווייניגער ווי $8/10$ פון אָט דעם ווערטה (24 שילינג) ווערן פאָרמירט דורך דעם ווערטה פון די פערצעהרטע פראָדוקציאָנס-מיטלען, וואָס בעווייזט זיך בלויז ווידער אין דעם פראָדוקט (20 פונט באוועל פאר 20 שילינג, שפינדלען א.אז.וו. פאר 4 שילינג), אָדער זיי בעשטעהען פון קאָנסטאנטען קאפיטאל. די איבעריגע $2/10$ זיינען דער נייער ווערטה פון 6 שילינג, וואָס איז ענטשטאנען בעת דעם פראצעס פון שפינען—אַ העלפט פון דעם דעקט דעם אויסגעלעגטען טאָג-ווערטה פון דער ארבייטס-קראפט, און די אנדער העלפט מאכט אויס דעם מעהרווערטה פון 3 שילינג. דער גאנצער ווערטה פון די 20 פונט פעדים איז אלזאָ צוזאמענגעשטעלט ווי פאָלגט: דער פעדים-ווערטה פון 30 שילינג=24 שילינג קאָנסטאנטער קאפיטאל+3 שילינג וואריאבלער קאפיטאל+3 שילינג מעהרווערטה.

אזוי ווי אָט דער גאנצער ווערטה איז פאָרגעשטעלט אין דעם גאנצען פראָדוקט פון 20 פונט פעדים, מוזען אויך די פערשיידענע עלעמענטען פון דעם ווערטה זיך לאָזען פאָרשטעלען אין פראָפאָרציאָנעלע טיילען פון דעם פראָדוקט.

*[31] די געגעבענע רעכענונגען גילטען נאר ווי אילוסטראציעס. די השערה איז, אז די פרייזען זיינען גלייך צו די ווערטהען. מיר וועלען זעהן אין דריטען בוך, אז אָט די גלייכשטעלונג מאכט זיך גאר ניט אויף אזאַ איינפאכען אופן, אפילו פאר די דורכשניטס פרייזען.

אויב אין 20 פונט פעדים געפינט זיך א פעדים־ווערטה פון 30 שילינג, מוז זיך דאָך 8/10 פון דעם ווערטה, אָדער דער קאָנ־סטאנטער טייל פון 24 שילינג, געפינען אין 8/10 פון פּראָדוקט, אָדער אין 16 פונט פעדים. פון אָט די 16 שטעלען פאָר 13⅓ פונט דעם ווערטה פון דעם רויה־מאטעריאל, פון די אויסגעשפּו־נענע באוועל פאר 20 שילינג, און 2⅔ פונט שטעלען פאָר די פערצעהרטע הילף־שטאָפען און ארבייטס־מיטלען, די שפּינדלען א.אז.וו. פאר 4 שילינג.

13⅓ פונט פעדים שטעלען אַלזאָ פאָר גאָר די אויסגעשפּרו־נענע באוועל אין דעם גאנצען פּראָדוקט פון די 20 פונט פעדים, דעם רויה־מאטעריאל פון גאנצען פּראָדוקט, אָבער מעהר גאָרנישט. אמת טאקע, אז אין זיי, אין די 13⅓ פונט פעדים, שטעקען ניט מעהר ווי 13⅓ פונט באוועל אין ווערטה פון 13⅓ שילינג, אָבער זייער צוגעגעבענער ווערט פון 6⅔ שילינג מאכט אויס אן עקוויוואלענט פאר דעם באוועל, וואָס איז פערשפּונען געוואָרן אין די אנדערע 6⅔ פונט פעדים. עס קומט אויס אזוי ווי די באוועל־האָר פון די דאָזיגע 6⅔ פונט פעדים איז איינגאנצען אויסגעצופּט געוואָרן און די גאנצע באוועל פון גאנצען פּראָדוקט איז צוזאמענ־געקוועטשט געוואָרען אין די 13⅓ פונט פעדים. אָבער דערפאר ענטהאלטען זיי איצט ניט קיין אטאָם פון דעם ווערטה פון די פערברויכטע הילף־שטאָפען און ארבייטס־מיטלען און גאָרנישט פון דעם נייעם ווערטה, וואָס איז געשאפען געוואָרן אין פּראָצעס פון שפּינען.

אזוי אויך שטעלען פאָר די אנדערע 2⅔ פונט פעדים, אין וועלכע עס שטעקט דאָס איבעריגע פון דעם קאָנסטאנטען קאפּי־טאל (=4 שילינג), מעהר גאָרנישט אויסער דעם ווערטה פון די הילף־שטאָפען און ארבייט־מיטלען, וואָס זיינען פערנוצט געוואָרן אין דעם גאנצען פּראָדוקט פון 20 פונט פעדים.

אכט צעהנטעל פון דעם פּראָדוקט, אָדער 16 פונט פעדים, ווען מען זאָל זיי בעטראכטען קערפּערליך ווי א געברויך־ווערטה, ווי פעדים, זיינען פונקט אזויפיעל א געשאַף פון דער שפּינעריי־ארבייט, ווי די איבעריגע פּראָדוקט־טיילען; דאָך אָבער, בע־טראכטענדיג זיי אין אונזער צוזאמענהאנג, ענטהאלטען זיי ניט קיין שפּינעריי־ארבייט, קיין ארבייט, וואָס איז איינגעזויגט גע־

וואָרן בעת'ן פּראָצעס פון שפּינען גופא. עס קומט אויס, אַזוי ווי זיי וואָלטען זיך גאָר אָהן שפּינען פערוואַנדעלט אין פעדים, און אַזוי ווי זייער פעדים־געשטאַלט וואָלט געווען אַ ריינער שקר וכזב. אין דער ווירקליכקייט, ווען דער קאַפּיטאַליסט פערקויפט זיי פאַר 24 שילינג און קויפט דערמיט צוריק זיינע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, צייגט זיך אַרויס, אַז די 16 פונט פעדים זיינען נאָר פערקליידעטע באַוועל, שפּינדלען, קויהלען א.אז.וו.

פערקעהרט, די איבערגעבליבענע צוויי צעהנטעל פון פּראָדוקט, יעדער די 4 פונט פעדים, שטעלען קיין אַנדער זאַך ניט פאַר אַ חוץ דעם נייעם ווערטה פון 6 שילינג, וואָס זיינען פּראָדוצירט געוואָרן אין דעם 12־שטונדיגען שפּינען־פּראָצעס. וואָס עס האָט געשטעקט אין זיי פון דעם ווערטה פון די פערנוצטע רויה־מאַטעריאַלען און אַרבייטס־מיטלען, איז שוין אַרויסגעריינגט פון זיי און פערקערפּערט געוואָרן אין די ערשטע 16 פונט פעדים. די שפּינעריי־אַרבייט, וואָס איז פערקערפּערט אין 20 פונט פעדים, איז קאָנצענטרירט אין $^{2}/_{10}$ פון דעם פּראָדוקט, עס קומט אויס, ווי דער שפּינער וואָלט אויסגעאַרבייט 4 פונט פעדים פון דער לופט, אָדער פון באַוועל און שפּינדלען, וואָס האָבען זיך גענומען פון זיך אַליין, אָהן דער מיטווירקונג פון מענשליכער אַרבייט, און גיבען ניט צו דעם פּראָדוקט קיין ווערטה.

פון די 4 פונט פעדים, אין וועלכע עס געפינט זיך אויף דעם אופן דער גאַנצער ווערטה־פּראָדוקט פון דעם טעגליכען פּראָצעס פון שפּינען, שטעלט פאַר איין העלפט נאָר דעם צוריקקעהר פון דער פערנוצטער אַרבייטס־קראַפט, ד.ה. דעם וואַריאַבלען קאַפּיטאַל פון 3 שילינג; די אַנדערע 2 פונט פעדים—נאָר דעם מעהרווערטה פון 3 שילינג.

אַזוי ווי דעם שפּינער'ס 12 אַרבייט־שטונדען פערקערפּערן זיך אין 6 שילינג, זיינען אין 30 שילינג ווערטה פון פעדים פערקערפּערט 60 אַרבייט־שטונדען. זיי עקזיסטירן אין 20 פונט פעדים, פון וועלכע $^{8}/_{10}$ אָדער 16 פונט זיינען די פערקערפּערונג פון 48 אַרבייט־שטונדען, וואָס זיינען פערגאַנגען איידער דעם פּראָצעס פון שפּינען, ד.ה. אין דער אַרבייט, וואָס איז פערקערפּערט אין די פּראָדוקציאָנס־מיטלען פון די פעדים; און $^{2}/_{10}$ אָדער 4 פונט זיינען די פערקערפּערונג פון 12 אַרבייטשטונדען,

וואָס זיינען אויסגעגעבען געוואָרן אין דעם פּראָצעס פון שפּינען גופא.

פריהער האָבען מיר געזעהן, אז דער ווערטה פון די פעדים איז גלייך צו דער סומע פון דעם נייעם ווערטה, וואָס איז גע־שאפען געוואָרן אין זיין פּראָדוקציאָן, פּלוס דעם ווערטה, וואָס בעשטעהט שוין פון פריהער אין זיינע פּראָדוקציאָנס־מיטלען. איצטער צייגט זיך ארויס, אז די פערשיידענע בעשטאנד־טיילען פון דעם ווערטה פון פּראָדוקט, וואָס זיינען פערשיידען לויט זייערע פונקציעס אָדער אין בעגריף פון דער זאך, לאָזען זיך פאָר־שטעלען אין פּראָפּאָרציאָנעלע טיילען פון דעם פּראָדוקט אליין.

אָט די פערוואנדלונג פונ'ם פּראָדוקט — פון דעם רעזולטאט פון פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס — אויף איין סכום פּראָדוקט, וואָס שטעלט פאָר נאָר די ארבייט, וועלכע ליעגט אין די פּראָדוק־ציאָנס־מיטלען, אָדער דעם קאָנסטאנטען קאפּיטאל; אויף אנאנדער סכום, וואָס שטעלט פאָר די צוגעגעבענע נויט־ווענדיגע ארבייט בעת דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס, אָדער דעם וואריאבלען קאפּיטאל; און אויף א לעצטען סכום פּראָ־דוקט, וואָס שטעלט פאָר נאָר די מעהרארבייט, וואָס איז צוגע־געבען געוואָרן אין דעמזעלביגען פּראָצעס, אָדער דעם מעהר־ווערטה — אָט די פאנאנדערטיילונג איז פּונקט אזוי איינ־פאך ווי וויכטיג, ווי איהר אָנווענדונג אויף די פערוויקעלטע און נאָך ניט געלייזטע פּראָבלעמען וועט שפּעטער בעווייזען.

מיר האָבען אָקאָרשט בעטראכט דעם גאנצען פּראָדוקט אלס פּראָצעס פון זיין ענטשטעהען און אליין פאָרשטעלען די טייל־פּראָדוקטען ווי פּראָדוקט־טיילען, וואָס זיינען פערשיידען לויט זייערע פונקציעס.

דער שפּינער פּראָדוצירט אין 12 שטונדען 20 פונט פעדים, פאָלגליך אין איין שטונדע $1^2/_3$ און אין 8 שעה $13^1/_3$ פונט, הייסט עס א טייל פּראָדוקט, וואָס זיין ווערטה איז גלייך צו דער באוועל. וועלכע ווערט אויסגעשפּונען אין משך פון גאנצען ארבייטס־טאָג. אויפ'ן זעלבען אופן איז דער טייל פּראָדוקט פון דער פאָלגענדער שטונדע מיט 36 מינוט גלייך צו $2^2/_3$ פונט פעדים, און שטעלט

דעריבער פאַר דעם ווערטה פון די אַרבייטס־מיטלען, וואָס זיינען
פערנוצט געוואָרן אין משך פון די 12 אַרבייט־שטונדען. אַזוי
אויך אין דער נעקסטער שטונדע און 12 מינוט פּראָדוצירט דער
שפּינער 2 פונט פעדים=3 שילינג, אַ פּראָדוקטען־ווערטה, וואָס
איז גלייך צו דעם גאַנצען ווערטה פונ׳ם פּראָדוקט, וואָס ער שאַפט
אין 6 שטונדען נויטווענדיגער אַרבייט. ענדליך פּראָדוצירט ער
אין די לעצטע $^6/_5$ שטונדען אויך אַזוי 2 פונט פעדים, וואָס זייער
ווערטה איז גלייך צו דעם מעהרווערטה, וועלכער איז געשאַפען
געוואָרן דורך זיין האַלב־טאָגיקער מעהר־אַרבייט. אַט דער מין
רעכענונג דיענקט דעם ענגלישען פאַבריקאַנט פאַר זיין טעגליכען
געברויך, און ער קאָן זאָגען צ.ב.ש., אַז אין די ערשטע 8 שטונדען
אָדער $2/3$ פון אַרבייטס־טאָג שלאָגט ער ארויס זיין באַוועל א.אז.וו.
מען זעהט, אַז די פאָרמולע איז אַ ריכטיגע, אַז עס איז פאַקטיש
די ערשטע פאָרמולע, נאָר אַנשטאַט וואָס מען האָט פריהער בע־
טראַכט די טיילען פון פּראָדוקט ליעגענדיג פאַרטיגע איינע נעבען
די אַנדערע אין רוים, בעטראַכט מען זיי איצטער, ווי זיי קומען
איינע נאָך די אַנדערע אין צייט. די פאָרמולע קאָן אָבער אויך
געהן צוזאַמען מיט זעהר באַרבאַרישע פאָרשטעלונגען, דערהויפּט
אין קעפּ, וועלכע זיינען פּונקט אַזויפיעל פעראינטערעסירט פּראַק־
טיש אין דעם פּראָצעס פון ווערטה־פּערמעהרונג, ווי זיי זיינען
פעראינטערעסירט איהם שלעכט צו פערשטעהן טעאָרעטיש. מען
קאָן זיך אויף דעם אופן איינבילדען ,אַז אונזער שפּינער צ.ב.ש.
פּראָדוצירט אין די ערשטע 8 שטונדען פון זיין אַרבייטס־טאָג
דעם *ווערטה* פון דער באַוועל, אין דער נעקסטער שטונדע
און 36 מינוט דעם *ווערטה* פון די פערצעהרטע לעבענס־
מיטלען, אין דער פאָלגענדער שטונדע און 12 מינוט דעם
*ווערטה* פון דעם אַרבייטס־לוין, און נאָר די פיעל־בעריהמטע
„לעצטע שטונדע” ווערט געווידמעט דעם פאַבריק־הערן, ד. ה.
דער פּראָדוקציאָן פון מעהרווערטה. אויפ׳ן שפּינער ווערט אַט
אַזוי אַרויפגעלעגט די לאַסט אָבצוטאָן אַ טאָפּעלטען וואונדער:
צו פּראָדוצירן באַוועל, שפּינדלען, דאַמף־מאַשין, קויהלען, אויל
א.אז.וו. אין דעמזעלבען אויגענבליק וואָס ער שפּינט מיט זיי,
און פון איין אַרבייטס־טאָג פון אַ געוויסען גראַד אינטענסיוויטעט
צו מאַכען פינף אַזעלכע טעג. אין אונזער פאַל פאָדערט טאַקע

די פראדוקציאן פונ'ם רויה־מאטעריאל און פון די ארבייטס־מיטלען 4 צוועלף־שטונדיגע ארבייטס־טעג און זייער פערוואנד־לונג אין פערדים נאך א 12־שטונדיגען ארבייטס־טאג. אז די לוסט נאך רויב גלויבט אזעלכע וואונדער און עס פעהלט איהר קיינמאל ניט קיין היפאקריטישער טעארעטיקער זיי צו דערקלערן, בעווייזט א ביישפיעל, וואס האט זיך ערווארבען א היסטארישע בעריהמטקייט.

## 3. סיניאר'ס „לעצטע שטונדע".

איין שעהנעם פריהמארגען, אין יאהר 1836, איז נאססאו וו. סיניאר, א מאן מיט א גרויסען נאמען וועגען זיין עקאנא־מישער וויסענשאפט און שעהנעם סטיל—א מין שעהן־גייסט צווישען די ענגלישע עקאנאמען—גערופען געווארן פון אקספארד נאך מאנטשעסטער, כדי דא צו לערנען זיך פאליטישע עקאנאמיע, אנשטאט דארטן צו לערנען אנדערע. די פאבריקאנטען האבען איהם אויסגעקליבען פאר א פרייז־פעכטער אנטקעגען דעם אונ־לענגסט ארויסגעגעבענעם פאבריק־געזעץ און אנטקעגען דער נאך מעהר געפעהרליכער אגיטאציע פאר א 10 שטונדיגען ארבייטס־טאג. זיי האבען איינגעזעהן מיט זייער געאיבטער פראקטישער שארפזיניגקייט, אז דער הערר פראפעסאר „וואנטעד א גוד דיעל אוו פינישינג" [אז עס פעהלט איהם נאך דער לעצטער שליף]. זיי האבען איהם דעריבער אויסגעשריבען קיין מאנטשעסטער. דער הערר פראפעסאר פון זיין זייט האט איבערגעגעבען אין זיין שעהנעם סטיל די לעקציע, וואס ער האט בעקומען פון די פאברי־קאנטען אין מאנטשעסטער, אין א קליין ביכעל: **"Letters on the Factory Act, as it affects the Cotton Manufacture, London, 1837.** דא קאן מען געפינען צווישען אנדערעם די פאל־גענדע מחיה'דיגע שטעלען:

„אונטער דעם איצטיגען געזעץ קאן קיין פאבריק, וועלכע בעשעפטיגט ארבייטער אונטער 18 יאהר, ניט ארבייטען לענגער ווי 11½ שטונדען טעגליך; דאס הייסט 12 שטונדען א טאג די ערשטע 5 טעג און 9 שטונדען שבת. דער פאלגענדער אנא־ליז (!) בעווייזט אבער, אז אין אזא פאבריק נעהמט זיך דער

גאנצער פערדיענסט פון דער לעצטער שטונדע. א פאבריקאנט לעגט אוים 100,000 פונט סט.—80,000 פונט סט. אין פאבריק־געביידען און מאשינען, 20,000 אין רויה־מאטעריאלען און אר־בייטס־לוין. אנגענומען אז דער קאפיטאל דרעהט זיך אום איין מאל א יאהר, און אז דער ברוטא־ריוח בעטרעפט 15 פראצענט, מוז דער יעהרליכער אומזאץ פון סחורה אין דער פאבריק בע־טרעפען 115,000 פונט סט.... פון אט די 115,000 פונט סט. פראדוצירט יעדע פון די 23 האלבע שטונדען פון ארבייטס־טאג $^{5}/_{115}$ אדער $^{1}/_{23}$. פון אט די $^{23}/_{23}$, וועלכע מאכען אוים דאס גאנצע פון די 115,000 פונט סט. (Constituting the whole 115.000) קעהרען אום $^{20}/_{23}$, ד.ה. 100,000 פון די 115,000 בלויז דעם קא־פיטאל; $^{1}/_{23}$ אדער 5000 פונט סט. פון די 15,000 ברוטא־ריוח (!) קעהרען אום די אבנוצונג פון דער פאבריק און מאשי־נעריע. די איבערגעבליבענע $^{2}/_{23}$, ד.ה. דיביידע לעצטע האלבע שטונדען פון יעדען טאג פראדוצירן דעם ריינעם ריוח פון 10 פראצענט. פאלגליך, ווען די פאבריק וואלט געמעגט ארבייטען 13 שטונדען אנשטאט 11½, וואלט, ביי דיזעלבע פרייזען, צו־לעגענדיג אן ערך 2,600 פונט סט. צום צירקולירענדען קאפיטאל, דער ריינער ריוח מעהר ווי פערטאפעלט געווארן. פערקעהרט, ווען די ארבייט־שטונדען וואלטען טעגליך פערקלענערט געווארן מיט איין שטונדע, וואלט דער ריינער ריוח אינגאנצען פער־שווינדען, און ווען עס וואלט פערקירצט געווארן מיט אנדער־האלבען שטונדען, וואלט אויך דער ברוטא־ריוח פערשווינדען.״ [32]

---

[32] סיניאר אין דער אויבען־דערמאנטער שריפט, ז. 12 און 13. מיר שטעלען זיך ניט אב אויף די קוריאזען, וועלכע זיינען גלייכגילטיג פאר אונזער צוועק; צום ביישפיעל די בעהויפטונג, אז די פאבריקאנטען רעכענען דעם אומקעהר פאר דער אבגענוצטער מאשינעריע א.אז.וו. ד.ה. א בעשטאנד־טייל פון קאפיטאל, אלס א ריוח—ברוטא אדער נעטא, א שמוציגער אדער א ריינער ריוח. מיר שטעלען זיך אויך ניט אב אויף דער ריכטיגקייט אדער פאלשקייט פון די אנגעגעבענע צאהלען. אז זיי זיינען ניט מעהר ווערטה איידער דער זאגענאנטער „אנאליז״, האט בעוויזען לעאנהארד הארנער אין „א לעטטער טו מר. סיניאר עטצ.״, לאנדאן 1837. לעאנהארד הארנער, איינער פון דער קאמיסיע צו אונטערזוכען די פאבריק־פערהעלטעניסע פון 1833 און א פאבריק־אינספעקטאר—פאקטיש א פאבריק־צענזאר—ביז 1859, האט דעם ענגלישען ארבייטער־קלאס געלייסטעט אונשטערבליכע פערדיענסטען. דעם גאנצען לעבען האט ער געפיהרט א קאמ

און דאס רופט אן דער הערר פראפעסאר אן „אנאליז״! האט ער געגלויבט דעם יאמער פון די פאבריקאנטען, אז די ארבייטער פערגיידען די בעסטע צייט פון טאג אויף דער פראדוקציאן, און בכן אויף דער רעפראדוקציאן, אדער אויף אומצוקעהרען דעם ווערטה, פון די געביידען, מאשינען, באוועל, קויהלען א.אז.וו., דאן איז דאך דער גאנצער אנאליז געוועזן איבעריג. ער האט זיי פשוט געדארפט ענטפערן: מיינע הערריען! ווען איהר לאזט ארבייטען 10 שטונדען אנשטאט 11½, וועט דער טעגליכער פערברויך פון באוועל, מאשינעריע א.אז.וו., ווען די אומשטענדען בלייבען זאנסט דיזעלביגע, זיין וועניגער אויף 1½ שטונדען. איהר געווינט אלזא פונקט אזויפיעל, וויפיעל איהר פערלירט. אייערע ארבייטער וועלען אין דער צוקונפט פערגיידען 1½ שטונדען וועניגער אויף צו רעפראדוצירן אדער אומצוקעהרן דעם אויסגעלעגטען קאפיטאל-ווערטה. האט ער זיי, וויעדער ניט געגלויבט

---

ניט נאר מיט די פערביטערטע פאבריקאנטען, נאר אויך מיט די מיניסטארען, פאר וועלכע עס איז געוועזן אזויפיעל וויכטיגער צו צעהלען די שטימען פון די פאבריק-בעלי-בתים אין האוז אוו קאמאנס איידער די ארבייט-שטונדען פון די „הענט״ אין פאבריק.

צוגאב צו דער נאטע 32. — סיניאר׳ס דערקלערונג איז א פערדרעהטע, א חוץ וואס איהר אינהאלט איז פאלש. וואס ער האט אייגענטליך געוואלט זאגען, איז דאס: דער פאבריקאנט בעשעפטיגט די ארבייטער טעגליך 11½ אדער $23/2$ שטונדען. אזוי ווי דער איינצעלנער ארבייטס-טאג, אזוי בעשטעהט אויך די יאהר-ארבייט פון 11½ אדער $23/2$ שטונדען (געכפל׳ט אויף דער צאהל ארבייטס-טעג דורכ׳ן יאהר). אויף דער השערה פראדוצירן די $23/2$ ארבייט-שטונדען דעם יעהרליכען פראדוקט פון 115,000 פונט סט.; ½ ארבייט-שטונדע פראדוצירט $115,000\times 1/23$ פונט סט.; $20/2$ פראדוצירן $115,000\times 20/23$ פונט סט.=100,000 פונט סט., ד.ה. זיי קעהרן נאר אום דעם אויסגעלעגטען קאפיטאל. בלייבען ⅔ ארבייט-שטונדען, וועלכע פראדוצירן $115,000\times 3/23$ פונט סט.=15,000, ד.ה. דער ברוטא-ריוח. פון אט די $3/2$ ארבייט-שטונדען פראדוצירט ½ ארבייט-שטונדע $15,000\times 1/23$ פונט סט. =5000 פונט סט., ד.ה. זי פראדוצירט נאר וויפיעל עס קעהרט אום פאר דעם אבניץ פון דער פאבריק און פון דער מאשינעריע. די לעצטע צוויי האלבע ארבייט-שטונדען, ד.ה. די לעצטע ארבייט-שטונדע, פראדוצירט $115.000\times 2/23$ פונט סט.=10,000 פונט סט. דאס הייסט דעם נעט ריוח. סיניאר איז זיין טעקסט פערוואנדעלט די לעצטע $2/23$ פון פראדוקט אין חלקים פון ארבייטס-טעג גופא.

אויפ'ן ווארט, נאר האט געזעהן, אלס זאכפערשטענדיגער, אז מען דארף דא האבען אן אנאליז, האט ער דאך אין אזא פראגע, וואו עס דרעהט זיך אויסשליסליך ארום דער פערהעלטעניש פון דעם ריינעם ריוח צו דער גרויס פונ'ם ארבייטס־טאג, קודם כל געמוזט בעטען די הערכען פאבריקאנטען, זיי זאלען ניט צונויפמישען אין איין קאשע די מאשינעריע און די פאבריק־געביידען, דעם רויה־מאטעריאל און די ארבייט, נאר זיי זאלען אזוי גוט זיין אוועקשטעלען דעם קאנסטאנטען קאפיטאל, וואס ליעגט אין די פאבריק־געביידען, מאשינעריע, רויה־מאטעריאל א.אז.וו., אויף איין זייט, און דעם קאפיטאל, וואס איז אויסגעלעגט אין ארבייטסלוין, שטעלען אויף דער אנדער זייט. ווען עס וואלט זיך דאן ארויסגעוויזען א שטייגער, אז לויט דעם פאבריקאנט'ס רעכענונג רעפראדוצירט אדער קעהרט אום דער ארבייטער אין °/$^2$, אדער אין 1 שטונדע, דעם ארבייטסלוין, וואלט דער אנאליטיקער געדארפט פארטזעצען אזוי צו זאגען:

נאך אייער חשבון פראדוצירט דער ארבייטער אין דער פאר־לעצטער שטונדע זיין ארבייטס־לוין און אין דער לעצטער שטונדע אייער מעהרווערטה אדער דעם ריינעם ריוח. אזוי ווי דער ארבייטער פראדוצירט אין איינע און דיזעלביגע צייטען איינע און דיזעלביגע ווערטהען, האט דער פראדוקט פון דער פאר־לעצטער שטונדע דעמזעלביגען ווערטה ווי דער פראדוקט פון דער לעצטער שטונדע. ווייטער, דער ארבייטער פראדוצירט ווערטהען נאר אזוי ווייט ווי ער גיט אויס ארבייט, און דער סכום פון זיין ארבייט ווערט געמאסטען דורך זיין ארבייט־צייט. אט די ארבייט־צייט בעטרעפט לויט אייער חשבון 11½ שטונדען א טאג. איין טייל פון אט די 11½ שטונדען פערברויכט ער צו פראדוצירן אדער צוריקצוקעהרן זיין ארבייטס־לוין, דעם אנדער טייל צו פראדוצירן אייער ריינעם ריוח. ווייטער טהוט ער גארנישט אין משך פון ארבייטס־טאג. אזוי ווי אבער לויט אייער בעהויפטונג זיינען זיין לוין און דער מעהרווערטה, וואס ער ברענגט, גלייך־גרויסע ווערטהען, איז קלאר אז ער פראדוצירט זיין ארבייטס־לוין אין 5¾ שטונדען און אייער ריינעם ריוח אין די אנדערע 5¾ שטונדען. היינט ווידער, אזוי ווי דער ווערטה פון די פעדים, וואס ער פראדוצירט אין 2 שטונדען, איז גלייך צו דער ווערטה־סומע

פון זיין ארבייטס־לוין פלוס אייער ריינעם ריוח מוז אט דער ווערטה פון די פעדים זיך מעסטען דורך 11½ ארבייט־שטונדען: דער פראדוקט פון דער פארלעצטער שטונדע דורך 5⅔ ארבייט־שטונדען, דער פראדוקט פון דער לעצטער שטונדע—דאסגלייכען. איצט קומען מיר צו אן עדעלען פונקט. אלזא אויפגעפאסט! די פארלעצטע ארבייט־שטונדע איז א געוועהנליכע ארבייט־שטונדע, אזוי ווי די ערשטע. ניט מעהר און ניט וועניגער. איז ווי אזוי קאן דער שפינער פראדוצירן אין 1 ארבייט־שטונדע א ווערטה פון פעדים, וועלכע שטעלט פאר 5¾ ארבייט־שטונדען? אין דער ווירקליכקייט טהוט ער טאקע גארניט אזא וואונדער. דער געברויך־ווערטה, וואס ער פראדוצירט אין איין שטונדע, איז א בעשטימטער סכום פעדים. דער ווערטה פון אט די פעדים ווערט געמאסטען דורך 5¾ ארבייט־שטונדען, פון וועלכע 4¾ געפינען זיך שוין אהן זיין מיטווירקונג אין די פראדוקציאנס־מיטלען, וואס ער פערצעהרט יעדע שטונדע, ד. ה. אין די באוועל, מאשינעריע א.ז.וו., און 4/4 אדער 1 שטונדע איז צוגעגעבען פון איהם אליין. איז דעריבער, אזוי ווי זיין ארבייטס־לוין ווערט פראדוצירט אין 5⅔ שטונדען און דער פעדים פראדוקט פון איין שפין־שטונדע האלט אויך אין 5¾ ארבייט־שטונדען, שטעקט לחלוטין גאר קיין כשוף ניט אין דעם, וואס דער ווערטה־פראדוקט פון זיינע 5¾ שפין־שטונדען איז גלייך צו דעם פראדוקט־ווערטה פון 1 שפין־שטונדע. איהר זיינט אבער לגמרי אויף א פאלשען וועג, אויב איהר מיינט, אז ער פערלירט איין איינציגען אטאם צייט פון זיין ארבייטס־טאג אויף צו רעפראדוצירן אדער „צוריקקעהרן" די ווערטהען פון באוועל, מאשינעריע א.אז.וו. דורכדעם וואס זיין ארבייט מאכט פעדים פון באוועל און שפינדלען, דורכדעם וואס ער שפינט, געהט שוין פון זיך אליין אריבער דער ווערטה פון די באוועל און שפינדלען אויף די פעדים. דאס קומט פון דער קוואליטעט פון זיין ארבייט, ניט פון איהר קוואנטיטעט. אודאי וועט ער אין א שטונדע אריבערטראגען מעהר ווערטה פון באוועל א. אז.וו. אויף די פעדים איידער אין א האלבער שטונדע, אבער דאס איז נאר דערפאר, ווייל ער שפינט אוים מעהר באוועל אין א שטונדע איידער אין א האלבער שטונדע.

איהר בעגרייפט אלזא: אייער אויסדרוק, אז דער ארבייטער

פּראָדוצירט אין דער פאָרלעצטער שטונדע דעם ווערטה פון זיין ארבייטס־לוין און אין דער לעצטער שטונדע דעם ריינעם ריוח, מיינט מעהר גאָרנישט, ווי אז אין דעם פעדים־פּראָדוקט פון 2 שטונדען פון זיין ארבייטס־טאָג—סיי זיי שטעהען פון פאָרענט, סיי פון הינטען—זיינען פערקערפערט 11½ ארבייט־שטונדען, אקוראט אזויפיעל שטונדען, וויפיעל זיין גאנצער ארבייטס־טאָג האָט. און דער אויסדרוק, אז אין די ערשטע 5¾ ארבייט־שטונדען פּראָדוצירט ער זיין ארבייטס־לוין און אין די לעצטע 5¾ שטונדען אייער ריינעם פּראָפיט, מיינט מעהר גאָרנישט, ווי אז פאר די ערשטע 5¾ שטונדען צאָהלט איהר און פאר די לעצטע 5¾ שטונדען צאָהלט איהר ניט. איך זאָג, איהר צאָהלט פאר דער ארבייט, אנשטאט צו זאָגען, איהר צאָהלט פאר דער ארבייטס־קראפט, נאָר כדי צו רעדען אויף אייער אייגענעם זשארגאָן. פערגלייכט איצט, איהר העררען, דעם ערך פון דער ארבייט־צייט, פאר וועלכער איהר צאָהלט, צו דער ארבייט־צייט, פאר וועלכער איהר צאָהלט ניט, וועט איהר געפינען, אז עס איז העלפט אויף העלפט, ד.ה. 100 פּראָצענט, וואָס איז אודאי א גאנץ שעהנער פּראָצענט. עס ליעגט אויך ניט אונטער דעם קלענסטען צווייפעל, אז ווען איהר וואָלט אויסגענוצט אייערע „הענד" 13 שטונדען אנשטאט 11½—וואָס עס לאָזט זיך אויף אייך לייכט גלויבען—און וואָלט די איבעריגע 1½ שטונדען צוגעלעגט אינגאנצען צו דער מעהר־ארבייט, וואָלט די מעהר־ארבייט געוואקסען פון 5¾ אויף 7¼ שטונדען און די ראטע פון מעהרווערטה—פון 100 פּצט. אויף 126 2/23 פּראָצענט. אָבער איהר זייט שוין גאָר צו־היציגע קעפּ, אויב איהר האָפט, אז צוגעבענדיג 1½ שטונדען וועט די ראטע שטייגען פון 100 אויף 200 אָדער נאָך מעהר ווי 200 פּראָצענט, ד.ה. זיך „מעהר ווי פערטאָפּלען". פון דער אנדער זייט—דעם מענשען'ס הארץ איז א וואונדערליכע זאך, דערהויפּט ווען דער מענש טראָגט זיין הארץ אין בייטעל—זייט איהר צופיעל פערטרויערטע פּעסימיסטען, אויב איהר האָט מורא, אז פערקלענערענדיג דעם ארבייטס־טאָג פון 11½ אויף 10½ שטונדען וועט אייער גאנצער ריינער ריוח צעררינבען ווערן. עס הויבט זיך גאָרניט אָן. אָנגענומען אז אלע אנדערע אומשטענדען בלייבען די־זעלביגע, וועט די מעהר־ארבייט ארונטערפאלען פון 5¾ אויף

4¾ שטונד'ן, וואָס גיט נאָך אַלץ אַ גאַנץ ניש־קשה'דיגע ראַטע פון מעהרוווערטה, דהינו 82 14/23 פּראָצענט. די פּאַטאַלע „לעצטע שטונדע" אָבער, וועגען וועלכער איהר האָט אָנגעדערצעהלט מעהר מעשיות ווי די כיליאַסטען וועגען דעם אונטערגאַנג פון דער וועלט, איז פּוסטע באָבע־מעשיות. איהר פערלוסט וועט אייך ניט קאָסטען אייער „ריינעם ריוח" און עס וועט ניט צונעהמען ביי די קינדער פון ביידע געשלעכטער, וועלכע איהר אַרבייט אויס, „די ריינקייט פון זייער נשמה".*82

---

*32 ווען סיניאר האט בעוויזען, אז פון דער „לעצטער ארבייט־שטונדע" הענגט אב דער ריינער ריוח פון די פאבריקאנטען, די עקזיסטענץ פון דער ענגלישער באוועל־אינדוסטריע און ענגלאנד'ס גרויסקייט אויפ'ן וועלט־מארק, האט א חוץ דעם נאך בעוויזען דר. אנדריו אורע, אז פאבריק־קינדער און יונגע לייט אונטער 18 יאהר, וועלכע מען האלט ניט איינגעשפארט גאנצע 12 שטונדען אין דער ווארעמער און ריינער מאראל־לופט פון דער פאבריק, נאר מען טרייבט זיי ארויס „איין שטונדע" פריהער אין דער קאלטער און פערשייטער דרויסען־וועלט, וועט דאס ליידיג־געהן און זינדיגקייט אוועקרויבען פון זיי דאס גאנצע חיות פון זייער נשמה. זינט דעם יאהר 1848 הערן די פאבריק־אינספעקטארען ניט אויף, אין זייערע האלב־יעהרליכע ראפּארטען, צו מאכען חוזק פון די פאבריקאנטען וועגען דער „לעצטער", דער „פאטאלער שטונדע". אזוי זאגט צ.ב.ש. הערר האועל, אין זיין פאבריק־ראפּארט פון דעם 31טען מאי 1855: „ווען דער דאזיגער שארפזיניגער חשבון (ער ציטירט סיניאר'ן) וואלט געווען ריכטיג, וואלט יעדע באוועל־פאבריק אין גאנץ ענגלאנד געארבייט מיט פערלוסט פון דעם 1850טען יאהר אז Report of the Inspection of Factories for the half year ending Ap. 30, 1855, p. 19-20. ווען דער צעהן־שטונדען געזעץ איז אין 1848 דורכגעגאנגען דורכ'ן פארלאמענט, האבען די פאבריקאנטען געצוואונגען איניגע ארבייטער אין די דארפישע פלאקס־שפינערייען, וואס ליגען צעווארפען צווישען די „קאונטיס" (גראפשאפטען) דארסעט און סאמערסעט, צו דערלאנגען א פעטיציע, אין וועלכער עס האט זיך געזאגט צווישען אנדערעם: „מיר עלטערן, וואס בעטען אייך, גלויבען, אז די צוגעגעבענע לעדיגע שטונדע קאן ניט האבען קיין אנדער רעזולטאט א חוץ די דעמאראליזאציע פון אונזערע קינדער, ווארים דאס לעדיג־געהן איז די מוטער פון אלע זינד." דערצו בעמערקט דער פאבריק־ראפּארט פון 31טען אקטאבער 1848: „די אטמאספערע פון די פלאקס־שפינערייען, וואו די קינדער פון די דאזיגע מאראליש־צערטליכע עלטערן ארבייטען, איז אזוי געדיכט מיט שטויב און האר־ברעקלעך פון דעם רויה־מאטעריאל, אז עס איז געפעהרליך־אונאנגענעהם צו פערברענגען אין א שפין־צימער אפילו נישט מעהר ווי 10 מינוט, ווארים אין דער קורצער ווײַלע קריגט איהר דעם שמערצליכסטען געפיהל פון דעם, וואס די אויגען, די אויערן, די נאזלעכער און דאס מויל ווערן שנעל אנגעפילט מיט

**זוען אייער „לעצטע שעה“ וועט אמאל אויף אן אמת שלאגען, זאלט איהר האבען אין זין דעם פראפעסאר פון אקספארד. און**

---

וואנקענס פלאקס־שטויב, פון וועלכע איהר קענט זיך ניט ראטעווען. די ארבייט גופא, מחמת דער פיבערהאפטער שנעלקייט פון די מאשינען, פאדערט א אונ־אויפהערליכע אנשטרענגונג פון פלינקייט און בעוועגונג, אונטער דער קאנטראל פון אן אויפפאסונג, וואס ווערט קיינמאל ניט מיעד; און עס זעהט אוים אביסעל הארטהערציג צו לאזען די עלטערן אנווענדען דעם אויסדרוק „פוילענצעריי“ אויף די אייגענע קינדער, וועלכע, אראבציהענדיג די עסען־צייט, זיינען צו־געשמידט 10 פולע שטונדען צו אט אזא בעשעפטיגונג, אין אט אזא אטמא־ספערע... אט די קינדער ארבייטען לענגער איידער די אקער־קנעכט אין די ארומיגע דערפער... אזעלכע הארצלאזע מוסר־רייד וועגען „פוילקייט און זינד“ מוז געבראנדמארקט ווערן, ווי די ריינסטע צבועש'אפטווע און די אונפער־שעהמטסטע היפאקריטסטווע... דער טייל פון פובליקום, וועלכער איז אין ערך 12 יאהר צוריק ערשטוינט געווארן פון דער זיכערקייט, מיט וועלכער מען האט עפענטליך און אויף א העכסט־ערנסטען אופן פראקלאמירט, אונטער דער סאנקציע פון א גרויסער אויטאריטעט, אז דער גאנצער ריינער ריוח פון דעם פאבריקאנט פליעסט ארוים פון דער ארבייט פון דער „לעצטער שטונדע“, און אז דעריבער וואלט א פערקלענערונג פון דעם ארבייטס־טאג אויף איין שטונדע פערניכטעט דעם גאנצען פראפיט; אט דער טייל פון פובליקום, זאגען מיר, וועט קוים געטרויען זיינע אויגען, ווען ער וועט איצטער אויסגעפינען, אז די אריגינעלע ענטדעקונג וועגען די טוגענדען פון דער „לעצטער שטונדע“ איז אזויפיעל אויס־געבעסערט געווארן, אז זי נעהמט אריין די „מאראל“ אזוי גוט ווי דעם „פראפיט“; אזוי אז אויב די צייט פון דער קינדער־ארבייט זאל ארונטערגעזעצט ווערן ביז ניט מעהר ווי פולע 10 שטונדען, וועט אויך די מאראל פון די קינדער פערשווינדען צוזאמען מיט דעם נעטו פראפיט פון זייערע ארבייט־געבער, הייות ווי ביידע זאכען הענגען אב פון אט דער לעצטער, פון אט דער פאטאלער שטונדע.“ Report of Inspection of Factories for 31st of Oct., 1848 p. 101.

דערזעלבער פאבריק־ראפארט גיט דאן אייניגע ביישפילען פון דער „מאראל“ און דער „טוגענד“ פון די דאזיגע הערען פאבריקאנטען, פון די קונצען, שפיצלעך, איינרעדענישען, דראהונגען, פעלשונגען א. א. וו., וואס זיי האבען אנגעווענדעט, כדי צו צווינגען אייניגע אונבעהאלפענע ארבייטער זיך אונטערצו־שרייבען אויף אזעלכע פעטיציעס, און דערנאך ארויפווארפען זיי אויפן פאר־לאמענט ווי פעטיציעס פון א גאנצען אינדוסטריע־צווייג, אדער פון דעם גאנ־צען לאנד. — עס איז העכסט כאראקטעריסטיש פאר דעם הייטיגען צושטאנד פון דער אזויגערופענער עקאנאמישער „וויסענשאפט“, אז ניט סיניאר אליין, וועלכער — דאס מעג געזאגט ווערען צו זיין עהרע — איז שפעטער ענערגיש ארויסגעטראטען פאר די פאבריק־געזעצן, און ניט זיינע ערשטע און שפעטערע געגנער האבען פערשטאנען אויפצוקלערן די פאלשע שלוסען פון דער דאזיגער „אריגינעלער ענטדעקונג“. זיי האבען אפעלירט צו דער פאקטישער ערפאהרונג, אבער דער „פארוואס“ און „ווי אזוי“ איז געבליבען א סוד,

איצט, מיינע העררען: אויף וויעדערזעהן אין א בעסערער וועלט. דערוויילע אדריא!.. [38] דער סיגנאל פון דער „לעצטער שטונדע". וואס סיניאר האט ענטדעקט אין 1836, איז וויעדער געגעבען געווארן דעם 15טען אפריל 1848 פון דזשיימס ווילסאן,—איינער פון די עקאנאמישע הויפט־מאנדארינען—אין זיין פאלעמיק, אין דעם „לאנדאן עקאנאמיסט" אנטקעגען דעם צעהן־שטונדען־געזעץ.

## 4. דער מעהר־פראדוקט.

דעם טייל פון פראדוקט ($^1/_{10}$ פון 20 פונט פעדים, אדער די 2 פונט פעדים אין דעם ביישפיעל פון פאראגראף 2), אין וועלכען עס ליעגט דער מעהרווערטה, רופען מיר אן מ ע ה ר ־ פ ר א ד ו ק ט (סוירפלוס פראדיום). אזוי ווי די ראטע פון מעהרווערטה ווערט בעשטימט ניט דורך זיין פערהעלטעניש צו דער גאנצער סומע, נאר בלויז צו דעם וואריאבלען בעשטאנד־טייל פון קאפיטאל, אזוי ווערט אויך בעשטימט די הויך פון דעם מעהר־פראדוקט דורך זיין פערהעלטעניש ניט צו דאס איבעריגע פון גאנצען פראדוקט, נאר בלויז צו דעם טייל פראדוקט, אין וועלכען די נויטוועדיגע ארבייט איז פערקערפערט. אזוי ווי די שאפונג פון מעהרווערטה איז דער בעשטימענדער צוועק פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן, אזוי מעסט זיך דער הויך־גראד פון רייכטום ניט דורך דער אב־

[38] פונדעסטוועגען האט דער הערר פראפעסאר דאך עטוואס פראפיטירט פון זיין נסיעה קיין מאנטשעסטער! אין די „לעטטערס אן דהי פאקטארי אקט" הענגט אב דער גאנצער ריינער ריוח, „פראפיט" און „צינז", און נאך „עטוואס מעהר" פון דעם ארבייטער'ס ניט־בעצאהלטער ארבייט־שטונדע! איין יאהר פריהער, אין זיין בוך „אוטליינס אוו פאליטיקאל עקאנאמיע", פערפאסט צום וואויל און בעסטען פון זיינע אקספארדער סטודענטען און געבילדעטע פיליסטער, האט ער נאך געהאט „ענטדעקט", אנטקעגען ריקארדא'ס בעשטימונג פון דעם ווערטה דורך דער ארבייטצייט, אז דער פראפיט נעהמט זיך פון דעם קאפיטאליסט'ס ארבייט און דער צינז—פון זיין אסקעטיק [ממאס זיין די תענוגי עולם הזה] און זיין „אבסטינענץ" [אבהאלטען זיך פון תענוגים]. די חכמה אליין איז געווען אן אלטע, אבער דאסווארט „אבסטינענץ" איז געווען ניי. הערר ראשער האט עס ריכטיג פערדייטשט דורך דעם ווארט „ענטהאלטונג". זיינע קאמפאטריאטען, וועלכע זיינען וועניגער בעהאוונט אין לאטיין, די ווירט'ס, שולצע'ס און אנדערע מיכעלס, האבען אריינגעגעבען דעריין א זיין פון פרישות און עס איבערזעצט: „ענטזאגונג".

סאלוטער גרויס פון פראדוקט, נאר דורך דער רעלאטיווער גרויס פונדעם מעהר-פראדוקט.34

די סומע פון דער נויטווענדיגער ארבייט און דער מעהר-ארבייט,—די צייט-איינטיילונגען, אין וועלכע דער ארבייטער פראדוצירט דעם ווערטה, וואס צאלט אב פאר זיין ארבייטס-קראפט, און דעם מעהר-ווערטה—שטעלט צוזאמען די אבסאלוטע גרויס פון זיין ארבייט-צייט — דעם **ארבייטס-טאג** (ווארקינג דעי).

34) פאר אן אינדיווידום מיט א קאפיטאל פון 20 טויזענד פונט סט., וועלכע ברענגען איהם אריין יעהרליך א פראפיט פון 2000 פונט סט., וואלט געווען לגמרי אלץ איינס צי זיין קאפיטאל בעשעפטיגט 100 אדער 1000 ארבייטער, צי די פראדוצירטע סחורות פערקויפען זיך פאר 10 טויזענד אדער פאר 20 טויזענד פונט סט. — אנגענומען, פערשטעהט זיך, אז זיינע פראפיטען זיינען אין אלע פעלען ניט ווייניגער ווי 2000 פונט סט. איז דען ניט דער ווירקליכער אינטערעס פון א פאלק דערזעלביגער? אנגענומען אז זיין ווירקליכע נעטא הכנסה, זיינע רענטען און פראפיטען בלייבען דיזעלבע, איז עס גארניט וויכטיג צי דאס פאלק בעשטעהט פון 10 אדער 12 מיליאן איינוואוינער." (ריקארדא, „דהי פרינסיפלס אוו פאליטיקאל עקאנאמי", 3-טע אויסגאבע, לאנדאן 1821, ז. 416). לאנג פאר ריקארדא'ן האט ארטהור יאנג, דער פאנאטיקער פון מעהר-פראדוקט, וועלכער איז איבעריגענס געווען א פוסטער קוואטשער, א שרייבער אהן א קריטישען חוש, און זיין רעפוטאציע שטעהט אין א אומגעקעהרטער פערהעלטניש צו זיין פערדיענסט, — געזאגט צווישען אנדערעס ווי פאלגט: „פון וואס פאר א נוצען וואלט געווען אין א מאדערנעם קעניגרייך א גאנצע פראווינץ, וואס ווערט בעארבייט אויפן אלט-רוימישען שטייגער פון קליינע, אונאבהענגיגע פויערים, און זאל אפילו זיין מי יחדע ווי גוט בעארבייט? פון וועלכען צוועק אויסער דעם איינציגען — אויסצוהאדעווען מענשען וואס איז אן און פאר זיך גאר קיין צוועק ניט „the mere purpose of breeding menis a most useless porpose" (ארטהור יאנג, „פאליטיקאל אריטהמעטיק שטץ." לאנדאן 1774, ז. 47).

הוספה צו דער נאטע 34. — האפקינס מאכט די ריכטיגע בעמערקונג: „עס איז זאנדערבאר, ווי שטארק מען איז גענייגט ארויסצושטעלען דעם איבערשוס פון רייכטום (nef wealth) אלס גינסטיג פאר דעם ארבייטער-קלאס, ווייל ער ערלויבט איהם צו ארבייטען. אבער עס איז קלאר, אז ווען ער האט אזא ווירקונג, איז עס ניט דערפאר ווייל ער מאכט אויס אן איבערשוס." (טה. האפקינס, „און רענט אוו לאנד", לאנדאן 1823, ז. 126).

# אכטער קאפיטעל.

# דער ארבייטס־טאג.

## 1. די גרעניצען פון דעם ארבייטס־טאג.

מיר האבען אנגעהויבען מיט דער השערה, אז די ארבייט־קראפט ווערט געקויפט און פערקויפט לויט איהר ווערטה. איהר ווערטה, פונקט ווי דער ווערטה פון יעדער אנדער סחורה, ווערט בעשטימט דורך דער ארבייט־צייט, וואס איז נויטיג פאר איהר פראדוקציאן. אויב אלזא די פראדוקציאן פון דעם ארבייטער'ס דורכשניטליכע טעגליכע לעבענס־מיטלען פאדערט 6 שטונדען, דאן מוז ער דורכשניטליך ארבייטען 6 שטונדען א טאג, כדי צו פראדוצירן טעגליך זיין ארבייטס־קראפט, אדער צו רעפראדוצירן דעם ווערטה, וואס ער האט בעקומען בעת ער האט זי פערקויפט. דער נויטווענדיגער טייל פון ארבייטס־טאג בעטרעפט דאן 6 שטונדען, און איז דעריבער, ווען די אומשטענדען בלייבען זאנסט דיזעלביגע, א געגעבענע [בעשטימטע] גרויס. אבער דערמיט איז די גרויס פון דעם ארבייטס־טאג גופא נאך ניט געגעבען.

לאמיר אננעהמען, אז די ליניע א—————ב שטעלט פאר דעם משך אדער די לענג פון דער נויטווענדיגער ארבייט־צייט, זאגען מיר 6 שטונדען. לויט דעם ווי די ארבייט ווערט פערלענגערט אריבער די גרעניצען א ב אויף 1, ? יידער 6 שטונדען א.ז.וו., בעקומען מיר די דריי פערשידענע עין

ארבייטס־טאג 1
א—————ב——ג

ארבייטס־טאג 2
א—————ב——ג

ארבייטס־טאג 3
א—————ב——————ג,

וועלכע שטעלען פאר דריי פערשיידענע ארבייטס־טעג פון 7, 9 און 12 שטונדען. די פערלענגערונג־ליניע ב ג שטעלט פאר די לענג פון דער מעהר־ארבייט. אזוי ווי דער ארבייטס־טאג=א ב+ב ג אדער א ג, בייט ער זיך צוזאמען מיט דער וואריאבלער גרויס ב ג. אזוי ווי א ב איז א בעשטימטע גרויס, קאן דער ערך פון ב ג צו א ב שטענדיג ווערן געמאסטען. אין ארבייטס־טאג 1 בעטרעפט עס 1/6 פון א ב, אין ארבייטס־טאג 2 ¾ און אין אר־

ביימס־טאג $3\,^{6}/_{6}$. און אזוי ווי, ווייטער, די פראפארציע $\frac{\text{מעהר־ארבייט־צייט}}{\text{נויטיגע ארבייט־צייט}}$ בעשטימט די ראטע פון מעהרווערטה, איז אט די ראטע א געגעבענע גרויס, וויבאלד די פערהעלטעניש פון יענע ליניען איז בעוואוסט. זי בעטרעפט אין די דריי פערשיידענע ארביימס־טעג כסדר 16⅔, 50 און 100 פראצענט. פערקעהרט, די ראטע פון מעהרווערטה אליין וואלט אונז ניט געגעבען די גרויס פון דעם ארביימס־טאג. ווען זי וואלט צום ביישפיעל געווען גלייך 100 פראצענט, וואלט דער ארביימס־טאג געקאנט זיין אן אכט־, צעהן־, צוועלף־שטונדיגער א.אז.וו. זי וואלט אנ־געצייגט, אז די צוויי בעשטאנד־טיילען פון דעם ארביימס־טאג, די נויטווענדיגע ארבייט און די מעהר־א.בייט, זיינען גלייך גרויס, אבער ניט ווי גרויס עס איז יעדערער פון אט די טיילען.

דער ארביימס־טאג איז אלזא ניט קיין קאנסטאנטע גרויס, נאר א וואריאבלע. איינער פון זיינע טיילען איז טאקע אפילו בעשטימט דורך דער ארבייט־צייט, וואס פאדערט זיך פאר דער בעשטענדיגער רעפראדוקציאן פון דעם ארבייטער גופא, זיין גאנצע גרויס אבער בייט זיך מיט דער לענג אדער דעם משך פון דער מעהר־ארבייט. דער ארבייט־טאג לאזט זיך דעריבער בעשטימען, אבער איז אן און פאר זיך אונבעשטימט.[35]

הגם, הייסט עס, דער ארביימס־טאג איז ניט קיין פעסטע גרויס, נאר א פליעסענדע, קאן ער פון דער אנדער זייט נאר וואַ־ריאירען [זיך ענדערן] אינערהאלב געוויסע גרעניצען. זיין מי־נימאל־גרעניץ אבער לאזט זיך ניט בעשטימען. עס פערשטעהט זיך, ווען מיר זאלען שטעלען די פערלענגערונגס־ליניע ב ג, אדער די מעהר־ארבייט, גלייך צו נול, וואלטען מיר בעקומען א מינימאל־גרעניץ, ד.ה. דעם טייל פון טאג, וואס דער ארבייטער מוז אר־בייטען, כדי צו שאפען דאס נויטיגע פאר זיין זעלבסט־ערהאלטונג. אויפ'ן יסוד אבער פון דעם קאפיטאליסטישען פראדוקציאנס־אופן קאן די נויטווענדיגע ארבייט אלעמאל נאר אויסמאכען איין טייל פון דעם ארביימס־טאג; ביז צו אט דעם מינימום קאן, הייסט עס,

---

[35] „ארביימס־טאג איז אן אונבעשטימטע בעצייכענונג, ער קאן זיין לאנג אדער קורץ.“ An Essay on Trade and Commerce, containing Obsɾ rvations on Taxation etc. London, 1770, p. 73.

דער ארבייטס־טאג זיך קיינמאל ניט פערקירצען. פערקעהרט, א מאקסימאל־גרעניץ האט דער ארבייטס־טאג יא. ער קאן ניט פער־לענגערט ווערן אריבער א געוויסער גרעניץ. אט די מאקסימאל־גרעניץ ווערט בעשטימט צוויפאכיג. איינמאל דורך דער פיזישער גרעניץ פון דער ארבייטס־קראפט. א מענש קאן אין משך פון דעם נאטירליכען טאג פון 24 שטונדען ארויסגעבען נאר א בע־שטימטען סכום לעבענס־קראפט. א פערד צ.ב.ש. קאן ארבייטען טאג אויס, טאג איין נישט מעהר ווי 8 שטונדען. איין טייל פון טאג מוז די קראפט רוהען, שלאפען; אין פערלויף פון אנאנדער טייל מוז דער מענש בעפריעדיגען אנדערע פיזישע בעדערפעניסען, עסען, זיך האלטען ריין, זיך קליידען א.אז.וו. א חוץ אט דער ריין־פיזישער גרעניץ שטויסט זיך אן די פערלענגערונג פון דעם ארבייטס־טאג אויף מאראלע גרעניצען. דער ארבייטער דארף האבען צייט אויף צו בעפריעדיגען גייסטיגע און סאציאלע בע־דערפעניסען, וואס זייער אומפאנג און זייער צאהל ווערן בע־שטימט דורך דעם אלגעמיינעם קולטור־צושטאנד. די ענדערונג אין דער גרויס פון ארבייטס־טאג בעוועגט זיך דעריבער אינער־האלב פון פיזישע און סאציאלע גרעניצען. ביידע גרעניצען אבער זיינען זעהר עלאסטיש און דערלאזען דעם גרעסטען שפיעל־רוים. אזוי געפינען מיר ארבייט־טעג פון 8, 10, 12, 14, 16 און 18 שטונדען, אלזא פון דער פערשיידענסטער לענג.

דער קאפיטאליסט האט געקויפט די ארבייטס־קראפט לויט איהר טאג־ווערטה. איהם געהערט דער געברויך־ווערטה אין משך פון איין ארבייטס־טאג. ער האט, הייסט עס, בעקומען דאס רעכט צו לאזען דעם ארבייטער ארבייטען פאר איהם אין פערלויף פון איין ארבייטס־טאג. אבער וואס איז אן ארבייטס־טאג?[86] על כל פנים וועניגער איידער א נאטירליכער לעבענסטאג. אויף וויפיעל וועניגער? דער קאפיטאליסט האט זיין אייגענעם קוק וועגען אט דעם אולטימא טהולע, די נויטווענדיגע גרעניץ פון דעם ארבייטס־

[86] אט די פראגע איז אונענדליך וויכטיגער איידער סער ראבערט פיל'ס בעריהמטע פראגע צו דער בירמינגהאמער האנדעלס־קאמער: „וואס איז א פונט סטערלינג?" — א פראגע וואס האט געקאנט געשטעלט ווערן נאר דערפאר, ווייל פיל איז געווען אזויפיעל ניט־קלאר וועגען דער נאטור פון געלד, ווי די „ליטל שילינג מען" [די קליינע שילינג־לייט] פון בירמינגהאם.

טאָג. אַלס קאַפּיטאַליסט איז ער נאָר פערזאָניפיצירטער קאַפּיטאַל. זיין נשמה איז נאָר די נשמה פון קאַפּיטאַל. קאַפּיטאַל האָט נאָר איין איינציגען לעבענס־טריעב, דעם טריעב זיך צו פערוועדטהען [פערמעהרן אין ווערטה], צו שאַפען מעהרווערטה, אריינצוזויגען מיט זיין קאָנסטאַנטען טייל—די פּראָדוקציאָנס־מיטלען—די מעגליך־גרעסטע סומע מעהר ארבייט.[37] קאַפּיטאַל איז אָבגעשטאָרבענע ארבייט, וועלכע לעבט ווידער אָב נאָר ווען זי זויגט אריין ווי א וואמפיר לעבעדיגע ארבייט, און וואָס מעהר זי זויגט דערפון אריין, אַלץ מעהר לעבט זי. די צייט, וואָס דער ארבייטער ארבייט, איז די צייט, ווען דער קאַפּיטאַליסט קאָנזומירט די ארבייטס־קראַפט, וואָס ער האָט געקויפט.[38] אויב דער ארבייטער קאָנזומירט די צייט, וואָס ליעגט אין זיין רשות, פאַר זיך אליין, בע־גנב'עט ער דעם קאַפּיטאַליסט.[39]

דער קאַפּיטאַליסט, הייסט עס, בערופט זיך אויפ'ן געזעץ פון סחורה־אויסטויש. ער, ווי יעדער אַנדער קויפער, זוכט ארויס־צושלאָגען דעם מעגליכסט־גרעסטען נוצען פון דעם געברויך־ווערטה פון זיין סחורה. פּלוצלינג אָבער הערט זיך אויף דעם ארבייטער'ס שטימע, וועלכע איז געווען פערשטומט אין דעם שטורם און דראַנג פון דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס: —

די סחורה, וואָס איך האָב דיר פערקויפט, אונטערשיידט זיך פון דעם המון אַנדערע סחורות דערמיט, וואָס איהר געברויך שאַפט

---

[37] „עס איז דעם קאַפּיטאַליסט'ס אויפגאַבע ארויסצושלאָגען מיט דעם אויס־געגעבענעם קאַפּיטאַל די מעגליכסט גרעסטע סומע ארבייט.” (זש. ג. קורסעל־סעניל, „טעאָרעטישע און פּראַקטישע שטריכען פון די אינדוסטריעלע אונטער־נעהמונגען” (פראַנצ.), פּאַריז 1857, ז. 63).

[38] „דער פערלוסט פון איין ארבייט־שטונדע א טאָג בעטייט אַ אונגעהויערן שאַדען פאַר אַ האַנדעלס־שטאַאט.” צווישען די ארבייטענדע אָרימע לייט פון דעם לאַנד קאַן מען בעמערקען א זעהר גרויסען קאָנזום פון לוקסוס־ארטיקלען, ספּעציעל צווישען דעם פאַבריק־פּעבעל; דערביי פערברויכען זיי אויך זייער צייט, און דאָס איז די געפעהרליכסטע פערשווענדונג.” („עססעי אָן טרייד אַנד קאָמערס”, לאָנדאָן 1770, ז. 47, 153.)

[39] „ווען דער פרייער ארבייטער פערגינט זיך איין אויגענבליק רוה, בע־הויפּטעט די געמיינע עקאָנאָמיע, וועלכע פערפאָלגט איהם מיט בייזע בליקען, אַז דאָס איז גנבה.” (נ. לינגווע, „טעאָריע דע לוא סיוויל עטצ.”, לאָנדאָן 1767, ב. 2, ז. [illegible]6.)

ווערטה, און טאקע א גרעסערן ווערטה, איידער זי אליין קאסט. דאס איז געווען דער גרונד וואָרום דו האָסט זי געקויפט. וואָס אויף דיין זייט קומט ארויס אלס פערוועטונג פון קאפיטאל, איז אויף מיין זייט אן איבערפליסיגע אויסגעבונג פון ארבייטס־קראפט. דו און איך וויסען נאָר פון איין געזעץ אויפ׳ן מארק—דאָס געזעץ פון סחורה־אויסטויש. און דער פערברויך פון דער סחורה געהערט ניט דעם פערקויפער, וועלכער גיט זי אָב א פרעמדען, נאָר דעם קויפער, וועלכער בעקומט זי. דיר געהערט דעריבער דער געברויך פון מיין טעגליכער ארבייטס־קראפט. אָבער איך מוז זי, מיט דער הילף פון איהר טעגליכען פערקויף־פרייז, טעגליך רעפראָדוצירן און פאָלגליך קאָנען פון דאָס ניי פערקויפען. שוין ניט צו רעדען פון דער נאטירליכער פערמינדערונג, וואָס קומט דורך עלטער א.אז.וו., מוז איך האָבען בכח צו ארבייטען מאָרגען מיט דעמזעלבען נאָר־מאל־צושטאנד פון קראפט, געזונדהייט און פרישקייט, ווי היינט. דו פרעדיגסט מיר שטענדיג די תורה פון „שפּאָרזאמקייט״ און „צוריקהאלטונג״. גאנץ גוט! איך וויל ווי א פערנינפטיגער, שפּאָרזאמער בעל־הבית פערהיטען מיין איינציג פערמעגען, די אר־בייטס־קראפט, און זיך צוריקהאלטען פון יעדער אונזיניגער פער־שווענדונג פון דער דאָזיגער ארבייטס־קראפט. איך וויל יעדען טאָג מאכען פליסיג, טרייבען אין בעוועגונג און פערוואנדלען אין ארבייט נאָר אזויפיעל פון איהר, וויפיעל עס פערטראָגט זיך מיט איהר נאָרמאלען דויער און געזונטער ענטוויקלונג. פערלענגע־רענדיג אָהן א שיעור דעם ארבייטס־טאָג קאָנסט דו מאכען פליסיג א גרעסערן סכום פון מיין ארבייטס־קראפט, איידער איך קאָן עס ממלא זיין אין דריי טעג. וואָס דו געווינסט אויף דעם אופן אין ארבייט, פערליר איך אין ארבייט־סובסטאנץ. בענוצען מיין אר־בייטס־קראפט און בערויבען זי זיינען גאנץ פערשיידענע זאכען. אויב די דורכשניט־פעריאָדע, וואָס א דורכשניטס־ארבייטער קאָן לעבען לויט א פערנינפטיגער מאָס פון ארבייט, גרייכט 30 יאָהר, איז דער ווערטה פון מיין ארבייט־קראפט, פאר וועלכער דו צאָהלסט מיר פון איין טאָג אויף דעם אנדערן, $\frac{1}{365 \times 30}$ אָדער $\frac{1}{10,950}$ פון איהר גאנצען ווערטה. אויב דו פערצעהרסט זי אָבער אין 10 יאָהר, צאָהלסטו מיר $\frac{1}{10,950}$ אנשטאט $\frac{1}{3650}$ פון איהר גאנצען ווערטה, הייסט עס נאָר $\frac{1}{3}$ פון איהר טאָג־ווערטה, און פאָלגליך גנב׳עסטו

מעגליך 2/3 פון דעם ווערטה פון מיין סחורה. דו צאהלסט מיר פאר א איינטאגיקער ארבייטס־קראפט, בעת דו פערברויכסט א דרייטאגיקע. דאס געהט דערווידער צו אונזער אכמאך און דעם געזעץ פון סחורה־אויסטויש. איך פערלאנג אלזא אן ארבייטס־טאג פון נארמאלער לענג, און איך פערלאנג עס ניט אפעלירענדיג צו דיין הארצען; ווארים אין קיין געלד־זאכען איז ניטא קיין גוט־הארציגקייט. דו מעגסט זיך זיין א חשוב'ער בירגער, אפשר גאר א מיטגליעד פון דער חברה צער בעלי חיים און אפשר נאך האבען א שם פון א ירא שמים, אבער אין דער זאך, וואס דו רעפרעזענ־טירסט קעגענאיבער מיר, קלאפט ניט קיין הארץ אין בוזים. אויב עס דאכט זיך, אז דארט פאכט וואס עס איז, איז עס דאס קלאפען פון מיין אייגענעם הארצען. איך פערלאנג דעם נארמאל ארבייטס־טאג, ווייל איך פערלאנג דעם ווערטה פון מיין סחורה, ווי יעדער אנדער פערקויפער.40

מען זעהט דערפון, אז ניט רעדענדיג וועגען די גאנץ עלאס־טישע גרעניצען, גיט די נאטור פון דעם סחורה־אויסטויש גופא קיין גרעניץ ניט פון דעם ארבייטס־טאג, הייסט עס אויך ניט קיין גרעניץ פון דער מעהר־ארבייט. דער קאפיטאליסט בעהויפטעט זיין רעכט אלס קויפער, ווען ער זוכט צו מאכען דעם ארבייטס־טאג אזוי לאנג ווי מעגליך, און וואו נאר מעגליך צו מאכען פון איין ארבייטס־טאג צוויי. פון דער אנדער זייט שליסט איין די ספעציפישע נאטור פון דער פערקויפטער סחורה א גרעניץ צו איהר פערברויך דורך דעם קויפער, און דער ארבייטער בעהויפטעט זיין רעכט אלס פערקויפער, ווען ער וויל בעגרעניצען דעם אר־בייטס־טאג ביז צו א בעשטימטער נארמאלער גרויס. דא קומט אלזא פאר אן א נ ט י נ א מ י ע [א קאמף פון געזעצען], רעכט אנטקעגען רעכט, און ביידע זיינען אויף א גלייכען אופן בעפעס־

---

40 בעת דעם גרויסען סטרייק פון די לאנדאנער בוי־ארבייטער אין 1860־61 פאר דער פערקירצונג פונ'ם ארבייטס־טאג אויף 9 שטונדען, האט זייער קא־מיטעט ארויסגעגעבען אן ערקלערונג, וועלכע ענטהאלט כמעט די טענות פון אונזער ארבייטער. די ערקלערונג ברענגט ארויס האלב־איראניש דעם פאקט, אז דער פראפיטען־גייציגסטער פון די בוימייסטער — א געוויסער סער מ. פע־טא — האט א „ריח פון הייליגקייט". (דערזעלבער פעטא איז שפעטער בע־ריהמט געווארן דורך זיין ריעזיגען באנקראט).

טינט דורך דעם געזעץ פון סחורה־אויסטויש. צווישען גלייכע רעכט ענטשיידעט די געוואַלט. און אַזוי שטעלט זיך אַרויס אין דער געשיכטע פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן די נאָר־מירונג פון דעם אַרבייטס־טאָג אַלס אַ קאַמף וועגען די גרעניצען פון דעם אַרבייטס־טאָג—אַ קאַמף צווישען דעם כלל־קאַפּיטאַליסט, ד.ה. דעם קלאַס פון קאַפּיטאַליסטען, און דעם כלל־אַרבייטער אָדער דעם אַרבייטער־קלאַס.

## 2. דער אונגעזעטיגטער הונגער נאָך מעהר־אַרבייט. פאַבריקאַנט און באָיאַר.

דאָס קאַפּיטאַל האָט ניט ערפונדען די מעהר־אַרבייט. אומעטום, וואו איין טייל פון דער געזעלשאַפט בעזיצט די מאָנאָפּאָל אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, מוז דער אַרבייטער, דער פרייער ווי דער ניט־פרייער, צולעגען צו דער אַרבייט־צייט, וואָס איז נויטיג פאַר זיין אייגענער חיונה, איבעריגע אַרבייט־צייט, כדי צו פּראָדוצירן די לעבענס־מיטלען פאַר דעם אייגענטימער פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען.41 דערביי איז קיין חלוק ניט, צי דער דאָזיגער אייגענטימער איז אַן אַטהענישער „קאַלאָס קאַגאַטהאָס" [אַריסטאָקראַט], אַן עטרוסקישער טהעאָקראַט [הערשענדער פּריעסטער], אַ ציוויס ראָמאַנוס [רוימישער בירגער], אַ נאָרמאַנישער באַראָן, אַן אַמעריקאַנער שקלאַווען־האַלטער, אַ וואַלאַכישער באָיאַר, אַ מאָדערנער לאַנדלאָרד [גרונד־בעזיצער], אָדער אַ קאַפּיטאַליסט.42 דאָך איז קלאָר, אַז אויב אין אַ וועלכער עס איז עקאָנאָמישער פאָרמאַציע פון דער געזעלשאַפט האָט די הויפּט־וויכטיגקייט ניט דער טויש־ווערטה פון דעם פּראָדוקט, נאָר זיין

---

41 „די דאָזיגע וואָס אַרבייטען דערנעהרן דערמיט אי די פּענסיאָנערען, וועלכע ווערן אָנגערופען די רייכע, אי זיך אַליין". (עדמונד בורק, Thoughts and Details on Society, London 1800, p. 2.

42 זעהר נאַאיוו באַמערקט ניעבוהר אין זיין „רוימישער געשיכטע": „מען קאָן ניט פערבעהאַלטען, אַז אַזעלכע ווערק ווי די עטרוסקישע, וועלכע ערשטוינען אונז אפילו אין זייער חרוב'ן צושטאַנד, זעצען פאָראויס אין קליינע (!) שטאַאַטען הערען און קנעכט". פיעל טיעפער זאָגט זיסמאָנדי, אַז „בריסעלער שפּיצען" זעצען פאָראויס לוין־הערען און לוין־דינער.

געברויך־ווערטה, איז די מעהר־אַרבייט בעגרעניצט דורך דעם ענ־גערן אָדער ברייטערן קרייז פון בעדערפענישען, אָבער פון דעם כאַראַקטער פון דער פּראָדוקציאָן גופא וואַקסט ניט אַרויס קיין בעדערפעניש נאָך מעהר־אַרבייט. דערפאַר ציינט זיך די איבער־אַרבייט אַרויס שרעקליך אין אַלטערטום, וואו עס האַנדעלט זיך אַרויסצובעקומען דעם טויש־ווערטה אין זיין זעלבשטענדיגער געלד־געשטאַלט—אין דער פּראָדוקציאָן פון גאָלד און זילבער. מאַכען אַרבייטען על פּי געוואַלט ביז צום טויט איז דאָרט די אָפיציעלע פאָרם פון דער איבער־אַרבייט. עס איז גענוג נאָר איבערצולעזען די בעשרייבונג פון דיאָדאָרוס סיקולוס.48 דאָך זענען אַזוינע פעלען נאָר אויסנאַהמען אין דער אַלטער וועלט. אַזויבאַלד אָבער ווי די פעלקער, ביי וועלכע די פּראָדוקציאָן בעוועגט זיך נאָך אין די נידעריגע פאָרמען פון שקלאַווען־אַרבייט און לייב־אייגענשאַפט, ווערן אַריינגעצויגען אין וועלט־מאַרק, וואָס איז בעהערשט דורך דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָן־אופן, וועלכער ענטוויקעלט דעם פערקויף פון זייערע פּראָדוקטען אין אויסלאַנד אַלס זיין הויפּט־אינטערעס, דאַן ווערט נאָך צוגעגעבען צו די בּאַרבאַרישע אכזריות פון שקלאַווערייַ און לייב־אייגענשאַפט די ציוויליזירטע אכזריות פון איבער־אַרבייט. דעריבער האָט די נעגער־אַרבייט אין די דרום־שטאַאַטען פון אַמעריקא נאָך אויפגעהאַלטען אַ מע־סיג־פּאַטריאַרכאַלישען כאַראַקטער, אַזוי לאַנג ווי די פּראָדוקציאָן איז אָנגעפיהרט געוואָרן הויפּטזעכליך פאַר דעם אייגענעם בעדאַרף. אין דעם גראַד אָבער, וואָס דער באַוועל־עקספּאָרט איז געוואָרן דער לעבענס־אינטערעס פון יענע שטאַאַטען, איז די איבעראַר־בייטונג פון דעם נעגער, אין אייניגע פעלער די פערצעהרונג פון זיין לעבען אין זיבען־אַרבייטס־יאָהרען, געוואָרן אַ פאַקטאָר פון

---

43) „עס איז אוממעגליך צו קוקן אויף די אומגליקלעכע (אין די גאָלד מינען צווישן עגיפּטן, עטיאָפּיע און אַראַביע), וועלכע קענען ניט צומאָל האַלטן ריינליך זייער קערפּער און צודעקן זייער נאַקעטקייט, און ניט בע־קלאָגן זייער יאָמערליכן שיקזאַל. וואָרים דאָ איז ניטאָ קיין איינזיכט און קיין רחמנות אויף קראַנקע, שוואַכע, אַלטע לייט, אָדער פרויען שוואַכקייט. אַלע מוזן נאָכאַנאַנד אַרבייטן, געצוואונגען דורך קלעפּ, ביז דער טויט מאַכט אַ סוף צו זייערע יסורים און נויט." (דיאָדאָרוס סיקולוס, „היסטאָרישע ביבליאָ־טהעק", בוך 3, קאַפּיטעל 13).

אן אויסגערעכענטען און אן אויסרעכענדען סיסטעם. עס האט זיך שוין ניט געהאנדעלט מעהר ארויסצושלאגען פון איהם א גע־וויסע סומע פון ניצליכע פראדוקטען. איצט האט זיך געהאנדעלט וועגען דער פראדוקציאן פון מעהרווערטה. דאס אייגענע איז פארגעקומען מיט דער פאנשטשיזנע־ארבייט, צוםביישפיעל אין די דאנאי־פירשטענטומען (איצט רומעניע)

די פערגלייכונג פון דער זשעדנעקייט נאך מעהר־ארבייט אין די דאנאי־פירשטענטומען מיט דערזעלביגער זשעדנעקייט אין די ענגלישע פאבריקען איז בעזונדערס אינטערעסאנט, ווייל די מעהר־ארבייט אין פאנשטשיזנע־ארבייט בעזיצט א זעלבשטענדיגע פארם, וואס מען קאן אנטאפען בחוש.

אנגענומען אז דער ארבייטס־טאג בעשטעהט פון 6 שטונדען נויטווענדיגער ארבייט און 6 שטונדען מעהר־ארבייט. אין דעם פאל שטעלט־צו דער פרייער ארבייטער דעם קאפיטאליסט וועכענט־ליך 6 מאל 6 אדער 36 שטונדען מעהר־ארבייט. עס איז דאסזעל־ביגע ווי ווען ער וואלט געארבייט 3 טעג אין וואך פאר זיך און 3 טעג אין וואך אומזיסט פאר דעם קאפיטאליסט. דאס זעהט זיך אבער פון אויבען־אויף ניט אן. די מעהר־ארבייט און די נויטווענדיגע ארבייט מישען זיך אוים איינע מיט די אנדערע. איך וואלט דעריבער געקאנט צ.ב.ש. אויך אויסדריקען דיזעלביגע שייכות זאגענדיג, אז דער ארבייטער ארבייט אין יעדער מינוט 30 סעקונדען פאר זיך און 30 סעקונדען פאר דעם קאפיטאליסט. מיט דער פאנשטשיזנע־ארבייט איז עס אנדערש. די נויטווענדי־גע ארבייט, וועלכע דער וואלאכ'שער פויער טהוט אב פאר זיין זעלבסט־ערהאלטונג, איז רוימליך אבגעטיילט פון דער מעהר־אר־בייט, וואס ער טהוט פאר דעם באיאר [דעם פריץ]. איין ארבייט מהוט ער אויף זיין אייגענעם פעלד, די אנדערע אויף דעם פרי־צישען גוט.ביידע טיילען פון דער ארבייט־צייט עקזיסטירן דע־ריבער זעלבשטענדיג איינע נעבען די אנדערע. אין דער פארם פון דער פאנשטשיזנע־ארבייט איז די מעהר־ארבייט גענוי אבגע־שיידט פון דער נויטווענדיגער ארבייט. בנוגע דער קוואנטיטא־טיווער שייכות צווישען דער מעהר־ארבייט און נויטווענדיגער ארבייט איז קלאר, אז אט די פערשיידענע ערשיינונג־פארם מאכט קיין אונטערשייד ניט. דריי טעג מעהר ארבייט א וואך בלייבען

דריי טעג ארבייט, וועלכע שאפט ניט קיין עקוויוואלענט פאר דעם ארבייטער אליין, סיי זי הייסט פאנשטשיזנע, סיי לוין־ארבייט. ביי דעם קאפיטאליסט אָבער צייגט זיך ארויס די זשעדנעקייט נאָך מעהר־ארבייט אין זיין שטרעבען צו פערלענגערן דעם ארבייטס־טאָג אָהן אַ שיעור, בעת ביי דעם פריץ איז עס איינפאכער — אַ דירעקטע גיעיג נאָך מעהר פאנשטשיזנע טעג.44

די פאנשטשיזנע־ארבייט איז אין די דאָנאַי־פירשטענטומען געווען פערבונדען מיט נאטוראל־רענטען און אנדערע מנהגים פון לייבאייגענשאפט, זי האָט אָבער אויסגעמאכט די וויכטיגסטע אָבצאָהלונג צום הערשענדען קלאס. וואו די פאנשטשיזנע־ארבייט האָט עקזיסטירט, איז זי זעלטען־ווען ארויסגעוואקסען פון דער לייבאייגענשאפט; אדרבא פערקעהרט, די לייבאייגענשאפט איז מעהרסטענטיילס ארויסגעוואקסען פון דער פאנשטשיזנע־ארבייט*44 אזוי איז געווען אין די רומענישע פראָווינצען. זייער

---

44 דאס נאכפאלגענדע בעציהט זיך אויף די צושטענדען פון די רומענישע פראווינצען, ווי זיי זיינען געווען ביז דער איבערקעהרעניש, וואס איז געקומען נאך דער קרימער קריעג.

*44 אין דער דריטער אויפלאגע געפינען מיר דא די פאלגענדע נאטע פון ענגעלס: דאס גילט פונקט אזוי אויך פאר דייטשלאנד און ספעציעל פאר אסט־עלבישע פרייסען. אין 14. י.ה. איז דער דייטשער פויער כמעט אומעטום געווען אומטערוואָרפען דער פליכט פון געוויסע לייסטונגען און ארבייט, אבער א חוץ דעם איז ער ווענינגסטענס פאקטיש געווען א פרייער מענש. די דייטשע קאלאניסטען אין בראנדענבורג, פאמערן, שלעזיען און אסט־פרייסען זיינען אפילו רעכטליך געווען אנערקענט אלס פרייע. דער זיעג פון אדעל אין דעם בויערן־קריעג האט געמאכט א סוף צו דעם. ניט נאר די בעזיעגטע זיד־דייטשע פויערים אליין זיינען ווידער געווארן לייב־אייגענע. שוין זינט דעם מיטען פון 16. י.ה. זיינען די אסט־פרייסישע, בראנדענבורגער, פאמעראנישע און שלעזישע און גלייך נאכדעם אויף שלעזוויג־האלשטיינישע פרייע פויערן ערנידעריגט געווארן צו דער מדרגה פון לייב־אייגענע. (מאורער „געשיכטע דער פראנהאפע, דער בויערנהאפע אונד דער האפפערפאסונג אין דייטשלאנד", עילאנגען 1862-3, ב. 4. — „מעדיטצען, „דער באדען אונד די לאנדווירטשאפטליכען פערהעלטניסע דעם פרויסישען שטאאטעס נאך דעם געביעטס־אומפאנגע פון 1866", בערלין 1873. — האנסען, „לייבאייגענשאפט אין שלעזוויג־האלשטיין") — אונטער דעם לעצט־דערמאנטען ווערק מיינט ענגעלס ג. האנסען: „די אויפהעבונג דער לייבאייגענשאפט אונד די אומגעשטאלטונג דער גוטסהערליך בויערליכען פערהעלטניסע איבערהויפט אין דען הערצאגטימערן שלעזוויג אונד האלשטיין", פעטערסבורג, 1861 — קאוטסקי.

אורשפרינגליכער פראָדוקציאָנס־אופן איז געווען געבויט אויף גע־מיינשאפטליכען אייגענטום, אָבער ניט אין דער סלאַווישער אָדער גאָר אין דער אינדישער פאָרם. איין טייל פון די לענדערייען איז בעאַרבייט געוואָרן פון די מיטגלידער פון דער געמיינדע זעלבשטענדיג אַלס פרייעס פריוואַט אייגענטום, אַן אַנדער טייל — דער אַגער פובליקוס [געמיינשאפטליכער אקער] — איז בעאַרבייט געוואָרן פון זיי אַלעמען צוזאַמען. די פּראָדוקטען פון דער דאָזיגער געמיינזאַמער אַרבייט האָבען געדיענט טיילס אַלס רעזערוו־פאָנד פאַר שלעכטע גערעטענישען און אַנדערע צופאַלען, און טיילס אַלס שטאַאַט־פאָנד, צו דעקען די קאָסטען פון קריעג, פאַר רעליגיעזע צוועקען און אַנדערע קהל'שע אויסגאַבען. מיט דער צייט האָבען די מיליטערישע און קירכליכע הויכע בעאַמטע אוועקגערויבט פאַר זיך צוזאַמען מיט דעם געמיינשאפטליכען אייגענטום אויך די אַר־בייט־לייסטונגען פון די מיטגלידער. די אַרבייט פון די פרייע פויערים אויף זייער געמיינדע־לאַנד איז פערוואַנדעלט געוואָרן אין פאַנשטשיזנע־אַרבייט פאַר די גנבים פון אָט דעם געמיינדע־לאַנד. ד מיט האָבען זיך אין דערזעלבער צייט ענטוויקעלט פערהעלטע־נישען פון לייבאייגענשאַפט, אָבער נאָר פאַקטיש, ניט געזעצליך, ביז דאָס וועלט־בעפרייענדע רוסלאַנד האָט זיי ניט דערהויבען צום געזעץ, אונטער דעם אויסרייד פון אָבשאַפען די לייבאייגענשאַפט. דער קאָדעקס פון פאַנשטשיזנע־אַרבייט, וואָס דער רוסישער גענעראַל קיסעלעף האָט פּראָקלאַמירט אין 1831, איז פערשטעהט זיך געווען דיקטירט פון די פריצים אַליין. רוסלאַנד האָט אויף דעם אופן געוואונען מיט איין קלאַפ די מאַגנאַטען פון די דאָנאַי־פירשטענטומען און די בייפאַל־אַפּלאָדיסמענטען פון די ליבעראַלע קרעטינען פון גאַנץ איירָאָפּאַ.

לויט דעם „רעגלמאַן אָרגאַניק"—אזוי הייסט יענער קאָדעקס פון דער פאַנשטשיזנע־אַרבייט — איז יעדער וואַלאַכישער פויער שולדיג געווען דעם זאָגענאַנטען גרונד־אייגענטימער, א חוץ א מאַסע בפרטיות־אויסגערעכענטע נאַטוראַל־אָבגעבונגען, ערשטענס 12 אַרבייטס־טעג בכלל, צווייטענס 1 טאָג פעלד־אַרבייט און דריטענס 1 טאָג האָלץ־פיהרען. א סך הכל פון 14 טעג אין יאָהר. דאָך אָבער ווערט דער אַרבייטס־טאָג, לויט א טיפער איינזיכט אין פאָליטישער עקאָנאָמיע, ניט גענומען אין זיין געוועהנליכען

זין, זאָנדערן אין דעם זין פון ארבייטס־טאָג, וואָס איז נויט־
ווענדיג צו שאפען א טעגליכען דורכשניט־פּראָדוקט: אָבער דער
טעגליכער דורכשניטס־פּראָדוקט איז בעשטימט געוואָרן אויף א
כיטרען אופן אזוי, אז קיין ציקלאָפּ [א גריכיש־לעגענדערער ריעז]
וואָלט דערמיט ניט פארטיג געוואָרען אין 24 שטונדען. דאָס
„רעגלמאָן" אליין דערקלערט דעריבער אין די טרוקענע ווערטער
פון א עכט רוסישער איראָניע, אז אונטער 12 ארבייטס־טעג דאַרף
מען פערשטעהן דעם פּראָדוקט פון 36 טעג הענד־ארבייט, אונטער
1 טאָג פעלד־ארבייט — 3 טעג און אונטער 1 טאָג האָלץ־פיהרן —
אויך אזוי דרייפאכיג. סך הכל: 42 פּאָנשטשיזנע טעג. עס
קומט אָבער נאָך צו די אזויגערופענע „זשאָבאזשיע", ד.ה. דיענסט־
לייסטונגען, וואָס מען דאַרף געבען דעם פּריץ אין אויסערגעוועהנ־
ליכע בעדערפענישען פון דער פּראָדוקציאָן. יעדער דאָרף מוז
צושטעלען לפי ערך פון דער גרויס פון זיין בעפעלקערונג א בע־
שטימטען קאָנטינגענט ארבייטער פאר דער דאָזיגער „זשאָבאזשיע".
אָט די צוגעגעבענע פּאָנשטשיזנע־ארבייט ווערט אויסגערעכענט
פאר יעדען וואלאכישען פויער 14 טעג אין יאָהר. אזוי בעטרעפט
שוין די פּאָנשטשיזנע־ארבייט 56 ארבייטס־טעג יעהרליך. אין
וואלאכיע איז וועגען שלעכטען קלימאט דער ערד־ארבייט־יאָהר
ניט מעהר ווי 210 טעג: דערפון פאלען ארויס 40 זונטאָגס און
פייערטעג, און דורכשניטליך 30 טעג, אין וועלכע מען קאָן ניט
ארבייטען מחמת שלעכטע וועטערן, צוזאמען — 70 טעג. בלייבען
140 ארבייטס־טעג. די פּראָפּאָרציע פון פּאָנשטשיזנע־ארבייט צו
דער נויטווענדיגער ארבייט איז 56/84 אָדער $66^2/_3\%$, וועלכע
איז א פיעל־קלענערע ראטע פון מעהרווערטה איידער די ראטע,
וואָס בעשטימט די ארבייט פון דעם ענגלישען אגריקולטור־ אָדער
פאבריק־ארבייטער. דאָס איז אָבער נאָר די געזעצליך־פאָרגעשרי־
בענע פּאָנשטשיזנע־ארבייט. דאָס „רעגלמאָן ארגאניק" האָט פער־
שטאנען ווי צו פערלייכטערן זיין־ אייגענעם אומגאנג אין נאָך
א מעהר „ליבעראלען" גייסט איידער די ענגלישע פאבריק־געזעצ־
געבונג. נאָכדעם ווי עס האָט פון 12 טעג געמאכט 54, האָט עס
ווידער אזוי בעשטימט די נאָמינעלע טאָג־ארבייט פון יעדען פון
די 54 פּאָנשטשיזנע־טעג, אז עס מוז כסדר בלייבען א צונאָב פון
ארבייט אויף די פאָלגענדע טעג. אין איין טאָג צום ביישפּיעל

מוז אויסגעיעטעט ווערן אזא שטח לאנד, וואס פאדערט פאר אזא ארבייט, דהינו ביי די קוקוראזא־פלאנצונגען, טאפעלט אזויפיעל צייט. דאס געזעצליכע טאג־ווערק פאר געוויסע אגריקולטור־ארבייטען לאזט זיך אויסטייטשען אזוי, אז דער טאג פאנגט זיך אן אין מאנאט מאי און לאזט זיך אויס איז מאנאט אקטאבער. פאר מאלדאוויע זיינען די בעשטימונגען נאך שווערערע. „די 12 פאנשטשיזנע־טעג פון דעם רעגלמאן ארגאניק—האט אויסגעשריען א באיאר, שכור פון נצחון—ציהען זיך אויס אויף 365 טעג אין יאהר!”[45]

אויב דאס „רעגלמאן ארגאניק” פון די דונאי־פירשטענטומען איז געווען א פאזיטיווער אויסדרוק פון דער זשעדנעקייט נאך מעהר־ארבייט, וועלכע קריגט א געזעצליכע אנערקענונג אין יעדען פאראגראף, זיינען די ענגלישע „פאקטארי אקטס” נעגאטיווע אויסדרוקען פון דערזעלבער זשעדנעקייט. די דאזיגע געזעצען האבען איינגעצווימט דעם דראנג פון קאפיטאל אויסצוזויגען אהן א מאס די ארבייטס־קראפט דורך א געצוואונגענער בעשרענקונג פונ'ם ארבייטס־טאג פון דעם שטאאט'ס וועגען, אבער פון אזא שטאאט, אין וועלכען די הערשער זיינען דער קאפיטאליסט און דער לאנד־לארד. אויסלאזענדיג די ארבייטער־בעוועגונג, וועלכע איז געווארן געפעהרליכער מיט יעדען טאג, איז די בעשרענקונג פון דער פאבריק־ארבייט דיקטירט געווארן דורך דערזעלבינער נויט, וועלכע האט געצוואונגען צו גיסען גואנא אויף די ענגלישע פעלדער. דיזעלבע בלינדע רויב־גיעריגקייט, וועלכע האט אין איין פאל אויסגעמאגערט די ערד, האט אין דעם אנדער פאל אנגעגריפען ביי די ווארצלען די לעבענס־קראפט פון דער נאציאן. די פעריאדישע עפידעמיען האבען דא גערעדט פונקט אזוי דייטליך, ווי דער פערקלענערטער וואוקס פון די סאלדאטען אין דייטשלאנד און פראנקרייך.[46]

45 זוייטערע פרטים קאן מען געפינען אין ע. רעגנאל, „איסטואר פאליטיקע סאסיאל דע פרינסיפא דאנוביען”, פאריז 1855.

46 „דאס אריבערשטייגען די דורכשניט־מאס ביי א בעטרעפענדען מין בעווייזט אין אלגעמיין, אינערהאלב געוויסע גרעניצען, דאס געדייהען פון דעם ארגאנישען וועזען. בנוגע דעם מענשען פערקלענערט זיך זיין קערפער־מאס, ווען זיין געדייהען ווערט אבגעשוואכט דורך פיזישע אדער סאציאלע פערהעל־

דאָס פאבריק־געזעץ פון 1850, וואָס גילט נאָך איצט [1867 יאָהר און ביז 1878] האט ערלויבט פאר די דורכשניטליכע וואָכענ־טעג 10 שטונד־ען ארבייט—פאר די ערשטע 5 טעג אין וואָך 12 שטונדען א טאָג, פון 6 אוהר מאָרגענס ביז 6 אוהר אבענדס, פון וועלכע עס גערט אראָב געזעצליך ½ שטונדע פאר פרישטיק און 1 שטונדע פאר מיטאָג־עסען; בלייבען, הייסט עס, 10½ ארבייט־שטונדען, און 8 שטונדען דעם שבת'דיגען טאָג, פון 6 אוהר מאָרגענס ביז 2 אוהר נאָכמיטאָג, פון וועלכע עס געהט אראָב ½ שטונדע פאר פריהשטיק. בלייבען 60 ארבייט־שטונדען, 10½ פאר די ערשטע 5 טעג און 7½ פאר דעם לעצטען טאָג.[47] עס ווערן בעשטעלט אייגענע וועכטער פון דעם געזעץ, די פאבריק־אינספעקטאָרען, וועלכע שטעהען דירעקט אין דיענסט פון דעם מיניסטעריום דעם אינערן, און זייערע בעריכטען ווערן פערעפענט־ליכט האלב־יעהרליך אין נאָמען פון פארלאמענט. זיי גיבען אויף דעם אופן א שטענדיגע אָפיציעלע סטאטיסטיק וועגן דער קאפי־טאליסטישער זשעדנעקייט נאָך מעהר־ארבייט.

מעניטען. אין אלע אייראפעאישע לענדער, וואו קאנסקריפציאָן איז איינגע־פיהרט, איז די דורכשניט־מאָס פון די דערוואקסענע מענער, ווי בכלל זייער קערפערליכע פעהיגקייט פאר מיליטער־דיענסט, פערקלענערט געוואָרן. אין פראנקרייך, פאר דער רעוואָלוציאָן (1789) איז דער מינימום פאר דער אינ־פאנטעריע געווען 165 צענטימעטער [5 פוס מיט 5 צאָל], אין יאָהר 1818 (געזעץ פון 10טען מארץ) 157, נאָך דעם געזעץ פון 21טען מארץ 1832 איז דער מינימום געווען 156 צענטימעטער [5 פוס 2]. דורכשניטליך ווערן אין פראנקרייך מעהר ווי א העלפט צוריקגעוויזען פון מיליטער־דיענסט וועגען צו־קליינעם וואוקס און קערפערליכע פעהלערן. אין זאקסען איז די מיליטער־מאָס אין 1780 געווען 178 צענטימעטער [5 פוס 10], איצט איז עס 155 [5 פוס 1]. אין פרייסען איז עס 157. לויט די פאקטען, וואָס דר. מייער האט פערעפענטליכט אין דער „בייערי־שער צייטונג" פון 9טען מאי 1862, שטעלט זיך ארויס לויט דעם דורכשניט פון 9 יאָהר, אז אין פרייסען פון 1000 גערופענע זיינען 716 אזעלכע, וואָס טויגען ניט צו מיליטער־דיענסט: 317 וועגען א צו־קליינער מאָס און 399 וועגען קראנק־הייטען. . . . בערלין האט אין 1858 ניט געקאָנט צושטעלען איהר קאָנטינגענט רעקרוטען, עס האט געפעהלט 156 מאָן." יאָהאן פ. ליביג, „די כעמיע אין איהרער אנווענדונג אויף אגריקולטור און פיזיאָלאָגיע", 7טע אויפלאגע, 1862, ב. 1, ז. 18—117.)

[47] די געשיכטע פון דעם פאבריק־געזעץ פון 1850 ווערט איבערגעגעבען אין פערלויף פון אָט דעם קאפיטעל.

לאָמיר אַ ווײַלע זיך צוהערן צו די פאַבריק־אינספּעקטאָרען *

„דער בעטריגערשער פאַבריקאַנט הויבט אָן די אַרבייט אַ פערטעל שטונדע — אמאָל מעהר איידער אַ פערטעל שטונדע, אמאָל עטוואָס ווייניגער — פאַר 6 אוהר אין דער פריה, און ענדיגט אמאָל מעהר, אמאָל ווייניגער ווי מיט אַ פערטעל שטונדע נאָך 6 אוהר אבענדס. ער נעהמט אוועק 5 מינוט פון אָנהויב און פון סוף פון דער האַלבער שטונדע, וואָס איז נאָמינעל אָבגעגעבען פאַר'ן פריהשטיק, און רייסט אַרונטער 10 מינוט פון אָנהויב און פון סוף פון דער מיטאָג־שטונדע. שבת אַרבייט ער אַ פערטעל שטונדע, אמאָל מעהר, אמאָל ווייניגער ווי אַ פערטעל שטונדע, נאָך 2 אוהר נאָכמיטאָג. ער געווינט אויף דעם אופן:

פאַר 6 אוהר מאָרגענס — 15 מינוט
נאָך 6 אוהר אבענדס — 15 „
פון פריהשטיק־צייט — — 10 „
פון מיטאָג־צייט — — — 15 „

60 מינוט
סך הכל אין 5 טעג 300 מינוט
שבתים:
פאַר 6 אוהר מאָרגענס — 15 מינוט
פאַר פריהשטיק־צייט — 10 „
נאָך 2 אוהר נאָכמיטאָג — 15 „

דער וועכענטליכער געווין בסך הכל, 340 מינוט.

דאָס הייסט 5 שטונדען 40 מינוט וועכענטליך, וואָס אַז מען

---

* די פעריאָדע פון אָנפאַנג פון דער גרויס־אינדוסטריע אין ענגלאַנד ביז 1845 בעריהר איך נאָר וואו־ניט־וואו און ווייז דעריבער אָז דעם לעזער אויף דעם ווערק „די לאַגע דער אַרבייטענדען קלאַסע אין ענגלאַנד“ פון פריעדריך ענגעלס, לייפּציג 1845. ווי טיעף ענגעלס האָט בעגריפען דעם גייסט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען אופן פון פּראָדוקציאָן, צייגען די בעריכטען פון די פאַבריק־אינספּעקטאָרען, מינען־אינספּעקטאָרען א.אַז.וו., וועלכע זיינען ערשיענען זינט 1845; און ווי בעוואונדערונג־ווירדיג ער האָט געמאָלען די צושטענדען בפרטיות צייגט דער אויבערפלעכליכסטער פערגלייך פון זיין שריפט מיט די אָפיציעלע ראַפּאָרטען, וואָס זיינען פערעפענטליכט געוואָרען 18 ביז 20 יאָהר שפּעטער פון

כפל'ט עס אויף ארבייטס־וואכען, ארונטערדעכענדיג 2 וואכען פאר פייערטעג און צופעליגע אונטערברעכונגען, בעטרעפט עס 27 ארבייט־טעג.[49]

„ווען דער ארבייטס־טאג ווערט פערלענגערט אויף 5 מינוט טעגליך איבער דער נארמאלער צייט, גיט עס 2½ פראדוקציאנס־טעג א יאהר."[50] „אן איבעריגע שטונדע טעגליך, וואס ווערט דורכדעם געוואונען, אבנייסענדיג א שטיקעל צייט דא און א שטיקעל דארטען, מאכט פון די 12 מאנאט פון יאהר 13 מאנאט."[51]

קריזיסען, ווען די פראדוקציאן ווערט אונטערבראכען און מען ארבייט נאר א „קורצע צייט", נאר עטליכע טעג אין וואך, מאכען, פערשטעהט זיך, קיין ענדערונג ניט אין דעם שטרעבען צו פערלענגערן דעם ארבייטס־טאג. וואס ווייניגער געשעפטען עס ווערן געמאכט, אלץ גרעסער מוז זיין דער ריוח אויף דעם געמאכטען געשעפט. וואס ווייניגער צייט מען קאן ארבייטען, אלץ מעהר מהרפלוס־ארבייט־צייט מוז געארבייט ווערן. אזוי בעריכטען די אינספעקטארען וועגען דער פעריאדע פון דעם קריזיס פון 1857־58:

„עס קאן אויסזעהן ווי א סתירה, אז עס זאל פארקומען

---

דער קאמיסיע פאר דער אונטערזוכונג פון דער קינדער־ארבייט (Children's Employment Commission) פון 1863 ביז 1867. די דאזיגע ראפארטען בעהאנדלען די אינדוסטריע־צווייגען, אין וועלכע די פאבריק־געזעצגעבונג איז נאך ביז 1862 נ־ט געווען איינגעפיהרט, און טיילווייז איצט נאך אויך ניט איינגעפיהרט. אזוי זיינען אין די צושטענדען, וועלכע ענגעלס האט געשילדערט, ניט אריינגעבראכט געווארן פון דרויסען קיין מעהר אדער ווייניגער גרויסע ענדערונג. מיינע ביישפיעלען נעהם איך הויפטזעכליך פון דער פריי־האנדעל־פעריאדע נאך 1848, פון יענער גן־עדן־צייט, וועגען וועלכער די גרויסע בערי־המער און וויסענשאפטליך־אומבעהאלפענע פרייהאנדעל־קרעמער־יונגען האבען אנגעדערצעהלט די דייטשען אזויפיעל בבא מעשיות. — איבעריגענס פיגורירט דא ענגלאנד אין פאדערגרונד נאר דערפאר, ווייל זי רעפרעזענטירט די קאפיטאליסטישע פראדוקציאן אויף א קלאסישען אופן, און איז די איינציגע, וואס בעזיצט אן אפיציעל־אנהאלטענדע סטאטיסטיק פון די געגענשטענדען, וואס ווערן דא בעהאנדעלט.

49 "Suggestions etc. by Mr. L. Horner, Inspector Factories," in "Factories Regulation Act." Ordered by the House of Commons to be printed Aug. 9, 1859, p. 4, 5.

50 Report of Inspection of factories for the half yenr ending Oct. 1859, p. 35.

51 Report etc. April 30, 1858, p. 9.

וועלכע עס איז איבערארבייט אין א צייט, בעת דער האנדעל גנהט אזוי שלעכט; אבער גראד דער שלעכטער צושטאנד טרייבט געוויסענלאזע מענשען אריבערצוכאפען די מאס און זיך פערזיכערן מיט אן איבעריגען פראפיט...." לעאנארד הארנער זאגט: „אין דערזעלביגער צייט, ווען 122 פאבריקען אין מיין דיסטריקט זיינען געשלאסען געווארן, 143 שטעהען לעדיג און אלע איבעריגע פאבריקען ארבייטען נאר א קורצע צייט, געהט פונדעסטוועגען אן די איבערארבייט אריבער די געזעצליך־בעשטימטע שטונדען."[52] „אבוואויל—זאגט הערר האועל—מען ארבייט אין די מעהרסטע פאבריקען א העלפט צייט, מחמת דעם שלעכטען צושטאנד פון די געשעפטען, פונדעסטוועגען קריג איך פונקט ווי פריהער דיזעלבע צאהל קלאגען, אז מען רייסט אב ביי די ארבייטער א האלבע שטונדע אדער $\frac{3}{4}$ שטונדען טעגליך פון דער צייט, וואס דאס געזעץ גיט זיי פאר מאהלצייטען אדער ערהאלונג."[53]

דיזעלבע ערשיינונג ווידערהאלט זיך אויף א קלענערן מאס־שטאב אין דער צייט פון דעם שרעקליכען באוועל־קריזיס, אין די יאהרען פון 1861 ביז 1865.[54]

„אפטמאל, ווען מיר געפינען די ארבייטער ביי דער ארבייט אין דער צייט פון דער שפייז־שטונדע, אדער אין אנדערע אונגע־זעצליכע צייטען, ווערט אנגעגעבען דער תירוץ, אז די ארבייטער ווילען בשום אופן ניט פערלאזען די פאבריק און מען מוז אנווענדען צוואנג־מיטלען פועל צו זיין, זיי זאלען אבשטעלען זייער ארבייט (רייניגען די מאשינען א.אז.וו.), ספעציעל שבת נאכמיטאג. אבער ווען די „הענד" בלייבען אין פאבריק נאכדעם ווי די מאשינען בלייבען שטיל, פאסירט עס נאר דערפאר, ווייל מען גיט זיי ניט קיין צייט אבצוטאן די דאזיגע ארבייט אין די געזעצליך־בע־שטימטע שטונדען, צווישען 6 אוהר אין דער פריה און 6 אוהר אבענדס."[55]

---

[52] דארט גופא, ז. 43.

[53] דארט גופא, ז. 25.

[54] זעה אפענדיקס נומער 2, „רעפארטס אקטאבער 1862, ז. 7, 52 און 53. די אריבערטרעטונגען פון געזעץ ווערן ווידער צאהלרייכער מיט דעם לעצטען האלבען יאהר פון 1863. פערגלייך „רעפארטס, ענדינג 31 אקטאבער 1863", ז. 7.

[55] רעפארטס, עטצ., 31 אקטאבער 1860, ז. 23. מיט וואס פאר א פאנאטיזם,

דער עקסטראַ־פּראָפיט, וואָס מען קאָן מאַכען דורך איבעראַר־בייט, אריבער דער געזעצליכער צייט, איז פאַר פיעל פאַבריקאַנטען אַ צו־גרויסער נסיון, זיי זאָלען עס קאָנען בייקומען. זיי רעכענען אויף דער מעגליכקייט, אַז מען וועט זיי ניט כאַפּען, און רעכענען אויס, אַז אפילו אויב מען וועט זיי יאָ כאַפּען, וועלען די לייכטע געלד־שטראָפען און די קליינע געריכט־קאָסטען נאָך אַלץ איבער־לאָזען פאַר זיי אַ באַלאַנס פון ריוח.״[56] „וואו זיי געווינען די צוגעגנבענע צייט דורך פיעל־פאַכיגע קליינע גנבות אין משך פון

---

לויט דעם עדות־זאָגען פון די פאַבריקאַנטען פאַר'ן געריכט, זייערע פאַבריק־הענד שטעלען זיך אַנטקעגען יעדער אונטערברעכונג פון דער פאַבריק־אַרבייט, בעווייזט דער פאָלגענדער קוריאָזער פאַל: אָנהויב יוני 1836 איז פאַרגעבראַכט געוואָרן פאַר די פּאָליציי־ריכטער אין דיוסבערי (אין יאָרקשייר), אַז די אייגענ־טימער פון 8 גרויסע פאַבריקען אַרום באַטלעי האָבען עובר געווען דעם פאַבריק־געזעץ. אייניגע פון די דאָזיגע העררען זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרן, אַז זיי האָבען געצוואונגען 5 קינדער צווישען 12 און 15 יאָהר צו אַרבייטען פון 6 אוהר פרייטאָג פריה ביז 4 אוהר שבת נאָכמיטאָג כסדר אָהן וועלכען עס איז אַברוה, אַ חוץ פאַר מאָלצייטען און 1 שטונדע שלאָף אין מיטען דער נאַכט. די דאָזיגע קינדער האָבען געדאַרפט אָבטאָן די דרייסיג־שטונדיגע אַרבייט אין דער „שאָדדי האָל״, ווי דער דאָזיגער גיהנום האָט געהייסען, אַז אָרט וואו עס ווערט פאַנאַנדער־געריסען וואָלענע קאָדער, וואָס גיט אַזאַ געדיכטען שטויב פון שמוץ, אַז אפילו די דערוואַקסענע אַרבייטער מוזען שטענדיג האַלטען פערבונדען דאָס מויל מיט נאָז־טיכלעך, כדי צו פערהיטען די לונגען! די העררען אָנגעקלאָגטע האָבען געגעבען זייער וואָרט אַנשטאָט אַ שבועה — אַלס קוועקער זיינען זיי געווען צו־שטרענג רעליגיעזע מענשען אָבצוגעבען אַ שבועה — אַז זיי האָבען אין זייער גרויסער באַרמהאַרציגקייט ערלויבט די עלענדע קינדער 4 שטונדען שלאָף, נאָר אַזוינע עקשנים פון קינדער זיינען דאָס געווען, אַז זיי האָבען בשום אופן ניט געוואָלט געהן שלאָפען! די הערען קוועקער זיינען פעראורטיילט געוואָרן צו בעצאָהלען אַ געלד־שטראָף פון 20 פונט סט. יעדערער. דריידען האָט געהאַט אין זין די דאָזיגע קוועקער, ווען ער האָט געשריבען: —

"Fox full fraught in seeming Sanctity
That feared an oath, but like the devil would lie,
That looked like lent, and had a holy leer
And durst not sin! before he said his prayer!"

[אַ פוקס, פערשלייערט פול אין קלייד פון קדושה,
ציטערט פאַר אַ שבועה, אָבער ווי דער טייוועל לייגט אָהן בושה —
האָט אַ פּנים פון אַ פּרוש און אַ אויגעל אויף דער מלאכה,
און וואָגט ניט טהאָן אַן עבירה — אַיידער ער מאַכט אַ ברכה...]

[56] רעפּאָרט פון ... פאַר 31 אָקטאָבער 1856, ז. 34.

טאג, האָבען די אינספעקטאָרען די גרעסטע שוועריגקייט צוזאמענ־צוברענגען די בעווייזען פאר דעם."[57] די דאָזיגע „קליינע גנבות", וואָס קאפיטאל בע'גנב'עט די ארבייטער פון זייער מאָלצייט און ערהאָלונג־צייט, בעצייכענען די פאבריק־אינספעקטאָרען אויך מיט'ן נאָמען „קליינליכע בערויבונגען פון מינוטען",[58] „אבלאָטכענען א פאָר מינוטען",[59] אָדער ווי די ארבייטער רופען עס אָן טעכניש, „אָבבייסען און אָברייסען פון עסענצייט."[60]

מען זעהט דערפון, אז אין דער דאָזיגער אטמאָספערע איז די שאפונג פון מעהרוועדטה דורך מעהר־ארבייט גאָר קיין סוד ניט. „ווען איהר ערלויבט מיר—האָט מיר געזאָגט א זעהר רעספעקטאבלער פאבריקאנט—לאָזען זיי ארבייטען נאָר 10 מינוט איבע־ריגע צייט א טאָג, לעגט איהר מיר אריין אין קעשענע 1000 פונט סטערלינג א יאָהר."[61] „מאָמענטען זיינען די עלעמענטען פון ריוח".[62]

אין דעם פרט איז קיין זאך ניט מעהר כאראקטעריסטיש איידער די בעצייכענונג פון די ארבייטער, וועלכע רופען אָן די וואָס ארבייטען די פולע צייט „פולל טיימערס", און די קינדער אונטער 13 יאָהר, וועלכע טאָרן ניט ארבייטען מעהר ווי 6 שעה, „האלף טיימערס".[63] דער ארבייטער איז מעהר גאָרנישט ווי נאָר פערזאָניפיצירטע ארבייט־צייט. אלע אינדיווידועלע חלוקים לייזען זיך אויף אין דעם איין חלוק פון „פולע־צייטניקעס" און „האלב־צייטניקעס".

## 3. ענגלישע אינדוסטריע־צווייגען, וואָס האָבען ניט קיין געזעצליכע גרעניצען פון עקספלואטאציע.

ביז אהער האָבען מיר בעטראכט דאָס שטרעבען צו פער־

---

[57] דארט גופא, ז. 35.

[58] „פעטטי פילפעריננס אוו מינוטס", ד. ג., ז. 40.

[59] „סנעטשינג א פיו מינוטס", ד. ג.

[60] „ניבבלינג אנד קריבבלינג אט מיעלטיימז".

[61] דארט גופא.

[62] רעפארטס עטצ., אפריל 1860, ז. 56.

[63] דער אויסדרוק האט געקריגען אן אפיציעלען בירגער־רעכט אזוי ווי אין פאבריק, אזוי אויך אין די פאבריק־ראפארטען.

לענגערן דעם אַרבייטס־טאָג, דעם וואָלפישען הונגער נאָך מעהר־אַרבייט, אויף אַ געביט, וואו די אונבעשרייבליכע מיסברויכונגען, וועלכע זיינען ניט איבערגעשטיגען געוואָרן, ווי אַ בורזשואַזער ענגלישער עקאָנאָם האָט זיך אויסגעדריקט, אפילו פון די גרויזאַמקייטען פון די שפּאַניער אַנטקעגענאיבער די רויט־הויטיגע אינדיאַנער פון אַמעריקא,64 האָבען ענדליך געבונדען דעם קאַפּיטאַל צו דער קייט פון געזעצליכער רעגולירונג. איצטער וועלען מיר וואַרפען אַ בליק אויף אייניגע פּראָדוקציאָנס־צווייגען, וואו די אויסזויגונג פון דער אַרבייטס־קראַפט איז היינט צו טאָג פריי פון אַלע קייטען, אָדער איז ערשט נעכטען נאָך געוועזן פריי.

,,הערר בראָנטאָן, אַ קאַונטי מאַגיסטראַט [אַ פריעדענס־ריכטער], האָט ערקלערט אלס פאָרזיצענדער פון אַ פערזאַמלונג, וואָס איז אָבגעהאַלטען געוואָרן אין נאָטינגהאַם, דעם 14טען יאַנואַר 1860, אַז אין דעם טייל פון דער בעפעלקערונג, וואָס איז בעשעפטיגט אין דער שפּיצען־פאַבריקאַציע, הערשט אַזאַ שטופע פון ליידען און דחקות, וואָס געפינט זיך ניט אין דער איבעריגער ציוויליזירטער וועלט. ,,....אַרום 2, 3 אָדער 4 אוהר פאַרטאָג ווערן קינדער פון 9 ביז 10 יאָהר אַרויסגעריסען פון זייערע שמוציגע בעטען און געצוואונגען צו אַרבייטען פאַר אַ לוין, וואָס איז קוים גענוג אויפצוהאַלטען זייער לעבען, ביז 10, 11 און 12 אוהר ביינאַכט. זייערע גליעדער ווערן פון דער אַרבייט געלעהמט, זייער קערפּער ווערט צוזאַמענגעשרומפּט, זייער פּנים ווערט אָבגעשטומפּט און זייער גאַנצער מענשליכער וועזען ווערט פערזונקען אין אַ שטיינערנער פערשטאַרונג, אַזוי אַז עס שוידערט אויף זיי צו קוקען. מיר זיינען ניט איבערראַשט, וואָס הערר מאַלעט און אַנדערע

64) „די ביערינקייט פון די פאבריק־בעזיצער, וואָס קומט פאַר אין זייער געיעג נאָך פראָפיטען, איז ניט קלענער אין ברויזאַמקייט ווי די, וואָס די שפּאַניער האָבען בעוויזען אין זייער געיעג נאָך גאָלד, בעת זיי האָבען ערא̇בערט אַמעריקא" (דזשאָהן וויד, „היסטאָרי אָוו דהי מידל אנד וואָרקינג קלאַססעס, 3טע אויסגאַבע, לאָנדאָן 1835, ז. 114.) דער טעאָרעטישער טייל פון אָט דעם ווערק — אַ סאָרט גרונט־שטריך פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע — ענטהאַלט פאַר זיין צייט עטלעכע אָריגינעלעס, דהינו וועגען די האַנדעלס־קריזיסען. דער היסטאָרישער טייל ליידט פון אַ שענדליכען פּלאַגיאַטיזם פון סער מ. עדען'ס „היסטאָרי אָוו דהי פּור", לאָנדאָן 1799.

פאבריקאנטען זיינען דא ארויסגעטרעטען צו פראטעסטירן געגען יעדער דיסקוסיאן.... דער סיסטעם, ווי דער הויך־ווירדיגער הערר מאנטאגו וואלפי האט עס בעשריבען, איז א סיסטעם פון אונבעשרענקטער שקלאווערײ—שקלאווערײ אין סאציאלער, פי־זישער, מאראלער און אינטעלעקטועלער בעציהונג.... וואס זאל מען דענקען פון א שטאדט, וועלכע האלט אב אן עפענטליכע פער־זאמלונג, כדי צו פעטיציאנירן, אז די ארבייט־צייט פאר מענער זאל בעשרענקט ווערן אויף 18 שטונדען א טאג!... מיר היצען זיך אנטקעגען די פלאנטאטארס פון ווירדזשיניע און קאראליינא. צי דען אבער איז זייער נעגער־מארק, מיט אלע שרעקען פון דער בייטש און דעם שאכער אין מענשענפלייש, מעהר אבשייליך איי־דער אט די לאנגזאמע מענשען־אויסשלאכטונג, וועלכע געהט דא כסדר אן, כדי צו פאבריצירן שלייערס און קעלנער פאר די נוצען פון קאפיטאליסטען?"[65]

די טעפעריי פון סטאפארדשייר איז אין די לעצטע 22 יאהר געווען דער געגענשטאנד פון דריי פארלאמענטארישע אונטערזו־כונגען. די רעזולטאטען זיינען בעשריבען אין דעם בעריכט פון הערר סקריווען אין 1841 צו די "Children's Employment Com" אין דעם בעריכט פון דר. גרינהאו, אין 1860, וואס איז פערע־פענטליכט געווארן לויט דעם בעפעהל פון ערצטליכען בעאמטען פון „פרייווי קאונסיל" [געהיימראטה] „פובליק העלטה", 3טער ראפארט 1, פון 102 ביז 113; און ענדליך אין דעם בעריכט פון הערן לאנגע אין 1863, אין "First Report of the children Employment Commission" פון 3טען יוני, 1863. פאר מיין אויפגאבע איז גענוג ארויסצונעהמען פון די בעריכטען פון 1860 און 1863 אייניגע עדות־זאגונגען פון די עקספלואטירטע קינדער אליין. פון דער לאגע פון די קינדער קאן מען שוין דרינגען די לאגע פון די דערוואקסענע, בעזונדערס פון די מיידלעך און פרויען, און דערצו אין אזא אינדוסטריע־צווייג, וואס אין פערגלייך מיט איהם איז שוין די באוועל־שפינערײ און דערגלייכען א זעהר אנ־גענעהמע און געזונטע בעשעפטיגונג.[66]

---

[65] „לאנדאן דיילי טעלעגראף" פון 17טען יאנואר 1860.

[66] זעה ענגעלס „לאגע דער ארבייטענדען קלאסע אין ענגלאנד", ז. 249 ביז 251.

דער 9 יעהריגער ווילהעלם וואוד „איז געווען 7 יאָהר מיט 10 מאָנאט אַלט, ווען ער האָט אָנגעפאַנגען ארבייטען.“ ער האָט פון אָנהויב אָן געטראָגען די פורעמס—“Ran Moulds”—מיט די כלים אין הויז, וואו זיי טריקענען זיך, און צוריק געבראַכט די לעדיגע פורעמס. ער קומט [אין פאַבריק] יעדען טאָג אין דער וואָך אום 6 אוהר אין דער פריה און ארבייט אומגעפעהר ביז 9 אוהר אבענדס. „איך ארבייט ביז 9 אוהר אבענדס יעדען טאָג אין וואָך. אזוי צ.ב.ש. אין פערלויף פון די לעצטע 7 ביז 8 וואָכען.“ אלזאָ, פופצעהן־שטונדיגע ארבייט פאַר אַ קינד פון 7 יאָהר! דזש. מאָריי, אַ צוועלף־יעהריגער אינגעל זאָגט עדות: „איך טראָג פורעמס און דרעה די ראָד. איך קום אום 6 אוהר, מאַנכעסמאָל אום 4 אוהר פאַרטאָג. איך האָב געאַרבייט די גאַנצע לעצטע נאַכט ביז 8 אוהר היינט אין דער פריה. איך בין ניט געווען צו בעט זינט די פאָרלעצטע נאַכט. אַ חוץ מיר האָבען געאַרבייט די גאַנצע נאַכט נאָך 8 אָדער 9 אינגלעך. אַלע אויסער איינעם זיינען היינט אין דער פריה ווידער געקומען. איך קריג 3 שילינג 6 פענס אַ וואָך. איך קריג ניט מעהר, ווען איך ארבייט דורך דער גאַנצער נאַכט. די לעצטע וואָך האָב איך געאַרבייט דורך צוויי גאַנצע נעכט.“ פערניהו, אַ צעהן־יעהריגער אינגעל, זאָגט: „ניט אַלעמאָל האָב איך אַ גאַנצע שטונדע אויף מיטאָג; אָפטמאָל נאָר אַ האַלבע שטונדע—יעדען דאָנערשטאג, פרייטאג און שבת.“[67]

דר. גרינהאו דערקלערט, אז דער לעבענס־דויער אין די טעפּער־דיסטריקטען פון סטאָוק־אָפּאָן־טרענט און וואולסטאַנטאָן איז אויסערגעוועהנליך קורץ. הגם אין דעם סטאָוק דיסטריקט זיינען בעשעפטיגט אין די טעפּערייען נאָר 36.6 פראָצענט און אין וואול־סטאַנטאָן נאָר 30.4 פראָצענט פון דער מענליכער בעפעלקערונג איבער 20 יאָהר אַלט, פאַלט אוים אויף די טעפּער אין דעם ער־שטען דיסטריקט מעהר ווי אַ העלפט און אין דעם צווייטען דיס־טריקט ארום $^2/_5$ פון די טויטען־פעלע פון אַלע ברוסט־קראַנקהייטען, וואָס קומען פאָר צווישען די מענער פון דעם עלטער. דר. בוטראָיד, אַ פראַקטיצירענדער ארצט אין האַנלעי, זאָגט עדות:

[67] „טשילדרענס עמפּלאָימענט קאָמישיאָן“. 1טער ראַפּאָרט עט[illegible] 186[illegible].

„יעדער פאָלגענדער דור פון די טעפּער איז קלענער און געוויקס און שוואַכער איידער דער פריהערדיגער דור." דאָס אייגענע זאָגט אויך אַנאַנדער דאָקטאָר, הערר מאַקבין: „אין די לעצטע 25 יאָהר, זינט איך האָב אָנגעפאַנגען פּראַקטיצירן צווישען די טעפּער, וואַרפט זיך אין אויג די שטענדיגע דעגענעראַציע פון אָט דעם קלאַס, אין פּרט פון אַ פערקלענערטען געוואוקס און געוויכט." אָט די עדות־זאָגונגען זיינען אַרויסגענומען פון דעם בעריכט פון דר. גרינהאַו פאַר דעם יאָהר 1860.[68]

מיר נעהמען פון דעם בעריכט פון די מיטגליעדער פון דער קאָמיסיע פון 1863 דאָס פאָלגענדע: דר. דזש. ט. אַרלעדזש, אויבער־אַרצט פון דעם נאָרטה־סטאַפאָרדשייר קראַנקען־הויז, זאָגט: „אַלס אַ קלאַס רעפּרעזענטירן די טעפּער, מענער און פרויען.... אַ דעגענערירטע בעפעלקערונג פיזיש און מאָראַליש. זיי זיינען בדרך כלל קליין אין געוויקס, שלעכט געבויט און צוקרימט אין דער ברוסט. זיי ווערן אַלט פאַר דער צייט און לעבען ניט לאַנג; זיי זיינען פלעגמאַטיש און בלוט־אָרים, און די שוואַכקייט פון זייער קאָנסטיטוציע וויזט זיך אַרויס אין האַרטנעקיגע אָנפאַלען פון דיספּעפּסיע, לעבער און ניערען־שלאַפקייטען און רהומאַטיזם. מעהר ווי אַלץ אָבער זיינען זיי אונטערוואָרפען אַלערליי ברוסט־קראַנקהייטען, ווי לונגען־ענטצינדונג, שווינדזוכט, בראָנכיט און אַסטמאַ. איין פאָרם פון אַסטמאַ איז ספּעציעל זייערע אַ קראַנקהייט און איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען די טעפּער־אַסטמאַ אָדער טעפּער־שווינדזוכט. מעהר ווי צוויי דריטעל פון די טעפּער ליידען פון סקראָפול, וועלכע גרייפט אָן די מאַנדלען, די ביינער און אַנדערע טיילען פון קערפּער. וואָס די דעגענעראַציע פון דער בעפעלקערונג פון דעם דיסטריקט איז ניט נאָך פיעל גרעסער ווי זי איז, איז אויסשליסליך צו פערדאַנקען דעם פאַקט, וואָס עס קומען שטענדיג־צו פרישע מענשען פון די דערבייאיגע געגענדען, און וואָס זיי הייראַטען מיט געזינדערע ראַסען." הערר טשאַרלז פּאַרסאָנס, דער געוועזענער הויז־אַרצט פון דעמזעלביגען קראַנקען־אַנשטאַלט, שרייבט צווישען אַנדערעס אין אַ בריעף צו דעם קאָמיסאַר לאָנדזש: „איך קאָן נאָר רעדען פון מיין פּערזענליכער

[68] „פּובליק העלטה", 3טער ראַפּאָרט עטצ., ז. 102, 104 און 105.

בעאָבאַכטונג, ניט סטאַטיסטיש, איך קאָן אייך אָבער פֿערזיכערן, אַז מיין צאָרן פלעגט אויפגעקאָכט ווערן יעדעס מאָל, וואָס איך האָב אָנגעקוקט די דאָזיגע אָרימע קינדער, וועמענס געזונד איז גע־אָפּפֿערט געוואָרן צוליעב דער געלד־גייציגקייט פון זייערע עלטערן און די אַרבייטגעבער.'' ער רעכענט אויס די אורזאַכען פון די טעפּער־קראַנקהייטען און ענדיגט מיט דער גרעסטער אורזאַך, די „לאַנגע אַרבייטס־שטונדען''. אין זייער בעריכט דריקט די קאָ־מיסיע אויס די האָפנונג, אַז „אַ מאַנופאַקטור, וואָס פערנעהמט אַזאַ וויכטיגע שטעלונג אין די אויגען פון דער וועלט, וועט ניט טראָגען אויף זיך מעהר דעם פלעק, וואָס איהר גרויסער ערפאָלג, איז בעגלייט פון פיזישער דעגענעראַציע, פיעל פערצווייגטע קער־פערליכע ליידען און אַ פריהצייטיגען טויט פון דער אַרבייטער־בעפעלקערונג, דורך וועמעס אַרבייט און געשיקטקייט עס זיינען דערגרייכט געוואָרן אַזוינע גרויסע רעזולטאַטען.''69 וואָס עס איז דאָ געזאָגט געוואָרן וועגען די טעפּערייען אין ענגלאַנד, איז אויך ריכטיג וועגען די טעפּערייען אין שאָטלאַנד.70

די פאַבריקאַציע פון שוועבעלעך דאַטירט פון יאָהר 1833, ווען מען האָט אויסגעפונען ווי אַזוי צו מאַכען, אַז דער פאָספאָר זאָל זיך האַלטען אויפ'ן קעפּיל פון העלציל. זינט 1845 האָט זי זיך ראַשיג ענטוויקעלט אין ענגלאַנד, און זיך אויסגעשפּרייט פון די געדיכט־בעפעלקערטע טיילען פון לאָנדאָן אין מאַנטשעסטער, בירמינגאַם, ליווערפּול, בריסטל, נאָריטש, ניוקאַסל און גלאַזגאָו, און דערמיט איז אויך מיטגעגאַנגען די קינבאַקען־ענטצינדונג, וועלכע אַ ווינער דאָקטאָר האָט שוין אין יאָהר 1845 ענטדעקט אַלס אַן אייגענטימליכע קראַנקהייט פון די שוועבעלעך־אַרבייטער. אַ העלפט פון די אַרבייטער זיינען קינדער אונטער 13 יאָהר אַלט און יונגע מענשען אונטער 18 יאָהר. די דאָזיגע פאַבריקאַציע האָט אַזאַ שלעכטען נאָמען וועגען איהר אונגעזונדקייט און אָב־שטויסליכקייט, אַז נאָר דער נידעריגסטער טייל פון דעם אַרביי־טער־קלאַס, האַלב פערהונגערטע אַלמנות א. ד. ג. שטעלען איהר צו

69) „טשילדערנס עמפּלאָימענט קאָמישאָן'', 1863, ז. 22 און 24.

70) דאָרט גופא ז.

אבגעריסענע, פערהונגערטע, פערלאָזענע און ניט־ערצויגענע קינ־דער."[71] פון די עדות, וועלכע דער קאָמיסאר וזהייט (1863) האָט אויסגעהערט, זיינען געוועזן 270 אונטער 18 יאָהר, 50 אונ־טער 10 יאָהר, 10 אכט־יעהריגע און 5 נישט מעהר ווי 6 יאָהר אלט. דער ארבייטס־טאָג בייט זיך פון 12 ביז 14 און 15 שטונדען. נאכט־ארבייט, אונרעגעלמעסיגע מאָהלצייטען, מעהרסטענטיילס אין די ארבייט־צימערן, וועלכע זיינען פערגיפטעט פון פאָספאָר. דאנטע וואָלט אין די פאבריקען געפונען ערגערע צושטענדען ווי אין זיינע שרעקליכע גיהנום־פאנטאזיעס.

אין דער טאפעטען־פאבריק [וואו מען פאבריצירט אבאָיעס אָדער וואנד־פאפיער] ווערן די גרעבערע סאָרטען געדרוקט מיט מאשינען און די פיינערע מיט דער האנד. די בעשעפטיגטע חדשים זיינען פון אנפאנג אָקטאָבער ביז סוף אפריל. אין פער־לויף פון דער פעריאָדע דויערט די ארבייט זעהר אָפט און כמעט אָהן אונטערברעכונג פון 6 אוהר מאָרגענס ביז 10 אוהר אבענדס און נאָך שפעטער אין דער נאכט.

דזש. ליטש זאָגט עדות: „לעצטען ווינטער (1862) זיינען פון 19 מיידלעך 6 ניט געקומען צו דער ארבייט, צוליעב קראנק־הייטען, וואָס זיי האָבען געקריגען פון איבערארבייטונג. איך מוז נאָכאנאנד אויף זיי שרייען, כדי זיי צו האלטען וואך." וו. דאָפי זאָגט: „פון מידיגקייט קאָנען די קינדער אָפט ניט האלטען אָפען די אויגען; דער פאקט איז, אז מיר אליין קאָנען אָפטמאָל אויך קוים די אויגען האלטען אָפען." דזש. לייטבורן זאָגט: „איך בין 13 יאָהר אלט.... לעצטען ווינטער האָבען מיר געארבייט ביז 9 אוהר אבענדס, און דעם ווינטער פאר דעם—ביז 10 אוהר. לעצטען ווינטער פלעג איך כמעט יעדען אבענד וויינען פון שמער־צען אין די פיס." ג. אפסדען זאָגט: „ווען אָט דער אינגעל מיינער איז אלט געוועזן 7 יאָהר פלעג איך איהם טראָגען אהין און צוריק איבער'ן שנעע און ער פלעגט ארבייטען 16 שטונדען!.. אָפט פלעג איך זיך איינבויגען אויף די קניה, כדי איהם צו קאָר־מענען בעת ער איז געשטאנען ביי דער מאשין, פון וועלכער ער האָט ניט געטאָרט אָבטרעטען אָדער זי אָבשטעלען." סמיטה דער

[71] דארט גופא, S.

געשעפט־פיהרער און שותף פון א מאנטשעסטער פאבריק האט עדות געזאגט: „מיר (ער מיינט זיינע „הענד", וועלכע ארבייטען פאר „אונז") ארבייטען אהן א הפסקה פאר מאהלצייטען, אזוי אז דער ארבייטס־טאג פון צעהן א האלב שטונדען איז פארטיג 4½ אוהר נאכמיטאג, און אלץ וואס מען ארבייט דערנאך איז איבער־צייט.[72] (ניט שוין־זשע האט דער דאזיגער הערר סמיטה אליין אויך ניט געהאט קיין מאהלצייט אין פערלויף פון 10½ שטונדען?) מיר (אלץ דערזעלביגער סמיטה) הערן זעלטען אויף ארבייטען פאר 6 אוהר אבענדס (ער מיינט הערן אויף צו פער־ברויכען „אונזערע" ארבייטס־קראפט־מאשינען), אזוי אז מיר (וויעדעראמאל קריספינוס) ארבייטען פאקטיש איבערצייט דורכ'ן גאנצען יאהר.... די קינדער און דערוואקסענע (152 קינדער און יונגע מענשען אונטער 18 אהר, און 140 דערוואקסענע) האבען אלע גלייך אין פערלויף פון די לעצטע 18 מאנאט גע־ארבייט וועניגסטענס 7 טעג און 5 שטונדען א וואך דורכשניט־ליך, ד.ה. 78½ שטונדען א וואך. פאר די 6 וואכען, וואס ענ־דיגען זיך דעם 2טען מאי פון דעם יאהר (1863), איז דער דורכ־שניט געוועזען העכער—8 טעג אדער 84 שטונדען אין וואך!" דאך לעגט נאך צו מיט א שמייכעל דערזעלביגער הערר סמיטה, וועלכער איז אזוי שטארק פערליעבט אין דעם „פלוראלים מאיעסטאטיש" [וואס געברויכט ווי א מאיעסטעט דאס ווארט „מיר", רעדענדיג וועגען זיך]: „די מאשין־ארבייט איז לייכט." און אזוי זאגען די, וואס ווענדען אן דעם האנד־דרוק, „בלאק פרינטינג": „האנד־ארבייט איז געזינטער איידער מאשין־ארבייט. בכלל דערקלערן זיך די הערען פאבריקאנטען מיט כעס אנטקעגען דעם פארשלאג

[72] דאס דארף מען ניט נעהמען אין אונזער זין פון סורפלוס־ארבייט־צייט. אט די הערען בעטראכטען די צעהן און א האלב שטונדיגע ארבייט אלס א נארמאל־ארבייטס־טאג, וועלכע שליסט שוין איין די נארמאלע מעהרארבייט אויך. דערנאך הויבט זיך אן די „איבערצייט", וועלכע בעצאהלט זיך עפעס בעסער. מיר וועלען זעהן ביי א ווייטערדיגער געלעגענהייט, אז דער געברויך פון דער ארבייט־קראפט אין משך פון דעם זאגענאנטען „נארמאל־טאג" ווערט בעצאהלט אונטער'ן ווערטה, אזוי אז די „איבערצייט" איז א פשוט'ער קאפיטאליסטישער דריידעל, כדי ארויסצופרעסען וואס מעהר „מעהרארבייט", וועלכע איבעריגענס בלייבט אפילו דאן, ווען די פערברויכטע ארבייטס־קראפט בעת דעם „נארמאל־טאג" זאל ווירקליך בעצאהלט ווערן צום פולען ווערטה.

„אָבצושטעלען די מאַשינען ווענינסטענס אין דער צייט פון עסען."
„אָ געזעץ—זאָגט הערר אַטלעי, דער דירעקטאָר פון אָ טאַפּעטען־פאַבריק אין באָראָ*[72]—וואָס וואָלט ערלויבען די ארבייט־שטונדען פון 6 אוהר פריה ביז 9 אוהר אבענד, וואָלט אונז (!) זעהר גע־פעלען, אָבער די שטונדען לויט דעם פאַבריק־געזעץ פון 6 אוהר פריה ביז 6 אוהר אבענד, פּאַסען אונז (!) ניט.... אונזער מאַשין ווערט אָבגעשטעלט בעת דעם מיטאָג־עסען (ס'אַרא גרויססמוטה!) דאָס אָבשטעלען רופט ניט ארוים קיין וויכטיגען היזק אין פּאַפּיער און פאַרב." „אָבער—לעגט ער צו מיט איינזעהעניש—איך קאָן בעגרייפען, אז דער היזק, וואָס איז דערמיט פערבונדען, איז ניט זעהר אנגענעהם." דער בעריכט פון דער קאָמיסיע מיינט נאַאיוו, אז די מורא פון אייניגע „לייטענדע פירמען" צו פערלירן צייט, ד.ה. צייט צוצונעהמען פרעמדע ארבייט, און דורכדעם „צו פער־לירן ריוח", איז ניט „קיין גענוגענדער גרונד" צו לאָזען קינדער אונטער 13 יאָהר און יונגע מענשען אונטער 18 פערלירן זייער מיטאָג־עסען, ארבייטענדיג 12 ביז 16 שטונדען, אָדער מען זאָל עס זיי צוברענגען, ווי מען ברענגט־צו קויהלען און וואַסער דער דאַמף־מאַשין, זייף צו דער וואָל, אויל צום ראָד א.אז.וו.—אין דער צייט פון פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס גופא, פשוט ווי הילף־שטאָף פון דעם ארבייט־מיטעל.[73]

אין קיין אינדוסטריע־צווייג אין ענגלאַנד—ניט רעכענענדיג דאָס מאַשין־ברויט, וואָס הויבט אָן אָקאָרשט איצט איינגעפיהרט ווערן—איז ניט פערבליבען אזא פאַרצייטיגער, אזא פאַר־קריסט־ליכער אופן פון פּראָדוקציאָן,—ווי מען קאָן עס זעהן ביי די דיכטער פון דער צייט פון דער רוימישער אימפּעריע,—ווי די בעקעריי. דער קאַפּיטאַל אָבער, ווי עס איז שוין פריהער בע־מערקט געוואָרן, איז אין אָנפאַנג גלייכגילטיג צו דעם טעכנישען כאַראַקטער פון דעם ארבייטס־פּראָצעס, וועלכען ער נעהמט אריין אין זיין מאַכט. קודם נעהמט ער איהם, ווי ער געפינט איהם.
די אונגלויבליכע פעלשונג פון ברויט, דערהויפּט אין לאָנדאָן,

*[72] אַ טייל פון לאַנדאָן, וואָס ליעגט ביים רעכטען ברעג פון דער טהעמזע—סאַוטהוואַרק.

[73] „טשילדרענס עמפּלאָימענט קאָמישיאָן", 1863. עווידענס, ז. 123, 124, 125 און 140.

איז צוערשט אויפגעדעקט געוואָרן דורך דעם קאָמיטעט פון „ה׳יז אוו קאמנס" „וועגען די פעלשונגען פון נאהרונגס־מיטלען" (1855 ביז 1856) און דורך דר. האססאל׳ס שריפט „אדאַלטערייש׳אָנס דעטעקטעד"[74] דער פועל יוצא פון די דאָזיגע אויפדעקונגען איז געווען דאָס געזעץ פון 6טען אויגוסט 1860: „צו פערהיטען פון פעלשונגען די נאהרונגמיטלען און געטרענק"—א געזעץ, וואָס האָט קיין ווירקונג ניט געהאט, מחמת דער פריינדליכסטער איינזעהע־ניש, וואָס דאָס געזעץ האָט נאטירליך ענטהאלטען מיט יעדען פרייהענדלער, וואָס זוכט צו „פערדיענען אן עהרליכען גראָשען" האנדלענדיג אין געפעלשטע סחורה.[75] דער קאָמיטעט אליין האָט פאָרמולירט מעהר אָדער ווענינער נאאיוו זיין איבערצייגונג, אז פרייהאנדעל מיינט בעצם דער מסחר מיט געפעלשטע שטאָפען, אָדער ווי דער ענגלענדער רופט עס וויציג אָן — „סאָפיסצירטע שטאָפען". דער פאקט איז, אז אזא מין „סאָפיסטיק" פערשטעהט בעסער איידער פראָטאגאָראס צו מאכען פון וויים שווארץ און פון שווארץ וויים, און קאָן בעסער ווי די עלעאטען בעווייזען בע־שיינפערליך (אד אָקולאָס) דעם בלויזען דמיון פון יעדער רעאַ־ליטעט.[76]

[74] אלאון, פיין צעריבען אדער געמישט מיט זאלץ, איז א נארמאלער האנ־דעלס־ארטיקעל, וואס טראגט דעם קלארען נאמען „בייקער׳ס סטאף".

[75] סאזשע איז, ווי בעקאנט, א זעהר ענערגישע פארם פון קויהלען־שטאף און מאכט אויס א מיסטיגונג־מיטעל, וואס די קאפיטאליסטישע קוימען־קעהרער פערקויפען צו די ענגלישע פארמערס. אין 1862 האבען בריטישע „דזשורימען" (געשווארענע) געדארפט בעשליסען אין א געריכטליכען פראצעס, צי סאזשע, אין וועלכער עס איז געווען צוגעמישט, אהן דעם קויפער׳ס וויסען, 90 פראצענט שטויב און זאמד, הייסט „אמת׳ע" סאזשע אין „קאמערציעלען" זין, אדער עס איז „געפעלשטע" אין „געזעצליכען" זין. די „פריינד פון מסחר" האבען בע־שלאסען, אז עס איז אמת׳ע קאמערציעלע סאזשע, און האבען צוריקגעוויזען די קלאגע פון דעם פארמער, וועלכער האט דערצו נאך געדארפט בעצאהלען די פראצעס־קאסטען.

[76] דער פראנצויזישער בעמיקער שעוואליע, אין אן אבהאנדלונג וועגען די „סאפיסטיקאציעס" (פעלשונגען) פון סחורות, צעהלט אן פון צווישען 600 און עטליכע ארטיקלען, וועלכע ער רעכענט אויס, 10, 20 און 30 פערשיידענע מע־טאדען פון פעלשונג פאר א סך פון די דאזיגע ארטיקלען. ער גיט דערביי צו, אז ער איז ניט בעקאנט מיט אלע מעטאדען און רעכענט ניט אויס אלע, וועלכע ער קאן יא. ער ברענגט 6 סארטען פעלשונגען פאר צוקער, 9 פאר אליווען־אויל,

יעדענפאלס האט דער קאמיטעט געווענדעט די אויגען פון פובליקום אויף זיין „טעגליך ברויט” און דורכדעם אויף די בעקעריען. אין דערזעלביגער צייט האט זיך גענומען הערן אויף עפענטליכע פערזאמלונגען און אין פעטיציעס צום פארלאמענט דער געשריי פון די לאנדאנער בעקער־ארבייטער וועגען איבער־ארבייטונג א.אז.וו. דער געשריי איז געווארען אזוי דרינגענד, אז דער הערר ה. ס. טרעמענהיר, א מיטגליעד פון דער מעהרער מאל דערמאנטער קאמיסיע פון 1863, איז בעשטימט געווארען אלס קעניגליכער אונטערזוכונג־קאמיסאר. זיין בעריכט77 מיט די אויסזאגונגען פון די עדות האט אויפגערעגט דעם פובליקום — ניט זיין הארץ, נאר זיין מאגען. דער ענגלענדער, וואס איז זעהר בעהאוועגט אין דער ביבעל, האט אפילו געוואוסט, אז אויב איינער איז דורך גאט׳ס חסד ניט קיין קאפיטאליסט, אדער לענדלארד, אדער סינעקוריסט, מוז עסען ברויט אין שוויים פון זיין פנים, ער האט אבער ניט געוואוסט, אז ער מוז עסען יעדען טאג אין זיין ברויט א געוויסע פארציע פון מענשענשוויים, געמישט מיט אייטער פון געשווירען, שפינוועבס, טויטע טאראקאנעס און פערפוילטע דייטשע הייוועז — שוין ניט צו רעדען פון אלאון, זאמד־שטיינער און אנדערע אנגענעהמע מינעראלישע צוגעמישטע טיילען. גאר אהן איינזעהעניש מיט זיין היילינטום דעם פריי־האנדעל, איז די ביז־אהעריגע „פרייע” בעקעריי פאלגליך אונטערווארפען געווארען צו דער אויפזיכט פון שטאדט־אינספעקטארען (צום סוף פארלאמענט־זיצונג 1863) און דורך דעמזעלבען אקט פון פארלאמענט איז די ארבייט־צייט פון 9 אוהר אבענדס ביז 5 אוהר מארגענס פערבאטען געווארען פאר בעקער־ארבייטער אונטער 18 יאהר אלט. דער לעצטער פונקט רעדט מעהר ווי דיקע בענדער וועגען דער איבער־ארבייטונג אין אט דעם אלט־מאדישען געשעפט־צווייג.

10 פאר פוטער, 12 פאר זאלץ, 19 פאר מילך, 20 פאר ברויט, 23 פאר בראנפען 24 פאר מעהל, 28 פאר שאקאלאד, 30 פאר וויין, 32 פאר קאווע, א. א. וו. אפילו דער ליעבער הערר גאט אליין קאן זיך ניט אויסדרעהען פון דעם דאזיגען מזל זעה באנאר דע קאר, „דע לא פאלזיפיקאסיאן דע סיבסטאנס סאקראמענטאל־ פאר ז 1856.

77) „Report etc. retating to the grievances complained of by the Journeymen Bakers etc London, 1862. 2nd Report. London 1863.

„די ארבייט פון א לאַנדאַנער בעקער־געזעל הויבט זיך אָן בדרך כלל אום 11 אוהר ביינאכט. אין דער שטונדע מאכט ער דעם טייג, א זעהר שווערער עסק, וועלכער געוועהרט פון א האלבער ביז דריי פערטעל שעה—עס הענגט אָב פון דער גרויס און דעם סאָרט געבעק. ער לעגט זיך דאן אניעדער אויף דעם קנעטברעט, וואָס דיענט צוגלייך ווי א דעקעל פון דער מולטער, וואו די טייג ווערט געמאכט, און שלאָפט א פּאָר שטונדען מיט א זעקעל מעהל צו קאָפּענס און נאָך איינעם אויף זיך. דערנאָך פאַנגט זיך אָן א ראשיגע ארבייט אָהן א אָבשטעל פאר 4 שטונדען. קנעטען, וועגען, אויספאָרמירן, זעצען אין אויוועז, ארויסנעהמען פון אויוועז א.אז.וו. די טעמפּעראַטור פון באַק־צימער גרייכט פון 75 ביז 90 גראַד פארנהייט, און אין די קלענערע בעקערייען גיבער מעהר איידער ווענינער. ווען די ברויטען, בולקעס א.ד.ג. זיינען פערטיג, פאַנגט זיך אָן דאָס פאַנאַנדערטיילען. א גרויסער טייל פון די ארבייטער, נאָכדעם ווי זיי האָבען אָבגעטאָן די בעשריבענע שווערע נאכט־ארבייט, טראָגען פאַנאַנדער דורכ'ן טאָג די ברויטען אין קערב אָדער אויף וועגעלעך פון הויז צו הויז, און ארבייטען אָפטמאָל אין צווישען־צייט אויך אין דער בעקעריי. די ארבייט ענדיגט זיך, ווי עס קומט אוים לויט דער צייט פון יאָהר און דער גרויס פון געשעפט, צווישען 1 און 6 אוהר נאָכמיטאָג; בעת אַנאַנדער טייל פון די געזעלען איז בעשעפטיגט אין דער בעקעריי ביז שפּעט נאָכמיטאָג.״ [78]

„אין דער צייט פון לאַנדאָנער סעזאָן פאַנגען אָן די געזעלען פון די „פול־פּרייז״ בעקער אין וועסטענד צו ארבייטען 11 אוהר ביינאכט און זיינען בעשעפטיגט ביים באַקען, מיט איינער אָדער צוויי קורצע הפסקות, ביז 8 אוהר אויף מאָרגען. מען שאַפט זיך מיט זיי דערנאָך אויף ארומטראָגען דאָס ברויט ביז 4, 5, 6 אָדער 7 אוהר אבענדס, אָדער מען האלט זיי אין דער בעקעריי צו באַקען ביסקוויטס. נאָך דער אָבגעטאָנענער ארבייט קאָנען זיי שלאָפען ארום 6 שטונדען אָדער אָפט ניט מעהר ווי פון 4 ביז 5 שטונדען. פרייטאָג פאַנגט זיך די ארבייט אָן אלעמאָל פריהער, לאָמיר זאָגען אום 10 אוהר אבענדס, און געדויערט אָהן א הפסקה, סיי צוגרייד־

[78] ערשטער גופא, ערשטער ראַפּאָרט, ז. 6.

טענדיג, סיי פאַנאַנדערטראָגענדיג דאָס ברויט, ביז אויף מאָרגען, שבת, 8 אוהר אין אבענד, מעהרסטענטיילס אָבער ביז 4 אָדער 5 אוהר זונטאָג פארטאָג. זונטאָגס מוזען די ארבייטער אריינקומען אין דער בעקעריי אויף א שטונדע אָדער צוויי צו טהאָן צוגרייטענדע ארבייט פאר'ן נעקסטען טאָג.... די בעקער-געזעלען פון די „אָנדערסעלינג מאַסטערס" (די וואָס פערקויפען דאָס ברויט אונטער דעם פולען פרייז)—און זיי בעטרעפען, ווי עס איז פריהער בעמערקט געוואָרן, אריבער דריי פערטעל פון די לאָנדאָנער בעקער —האָבען נאָך לענגערע ארבייט-שטונדען, אָבער זייער ארבייט ווערט כמעט אינגאַנצען געטאָן אין דער בעקעריי, אזוי ווי זייערע בעלי בתים טראָגען ניט פאַנאַנדער דאָס ברויט אין די הייזער, נאָר מיט דעם אויסנאַהם וואָס זיי ליפערן צו עטליכע קליינע קרעמער, פערקויפען זיי נאָר אין זייערע אייגענע קראָמען. ביים סוף וואָך... דאָס הייסט דאָנערשטאג, פאַנגט זיך דאָ אָן די ארבייט אום 10 אוהר ביי דער נאַכט און דויערט אוועק, מיט גאָר קליינע הפסקות, ביז שבת טיעף אין דער נאַכט אריין."[79]

ווענען די „אָנדערסעלינג מאַסטערס" בעגרייפט אפילו דער בירגערליכער שטאַנדפּונקט, אז „די ניט-בעצאָהלטע ארבייט פון די געזעלען שאַפט די גרונדלאַגע פון זייער קאָנקורענץ."[80] און דער בעקער, וואָס בעצאָהלט דעם „פולען פרייז", פער'מסר'ט פאַר דער אונטערזוכונגס-קאָמיסיע זיינע קאָנקורענטען, וואָס פערקויפען אונטער דעם פולען פרייז, אלס גנבים פון פרעמדער ארבייט און פעלשער. „זיי האַלטען זיך נאָר דורכדעם, וואָס זיי בעטריגען דאָס פובליקום און, וואָס זיי שלאָגען ארויס פון זייערע געזעלען 18 שטונדען ארבייט פאַר א לוין פון 12 שטונדען."[81]

די ברויט-פעלשונג און די פאָרמירונג פון א בעקער-קלאַס, וואָס פערקויפט ברויט אונטער דעם פולען פרייז, האָבען זיך ענטוויקעלט אין ענגלאַנד זינט דעם אָנפאַנג פון 18טען י.ה., אזוי-באַלד ווי דער צעך-כאַראַקטער פון דער בעשעפטיגונג איז צעד־

---

[79] דאָרט גופא, ז. 6.

[80] דזשאָרדזש ריעד, „דהי היסטאָרי אוו בייקינג", לאָנדאָן, 1848, ז. 16.

[81] בטער ראַפּאָרט, ז. 108.

שטערט געוואָרן, און דער קאַפּיטאַליסט, אין געשטאַלט פון מילנער אָדער מעהל־אַגענט, איז אַרײַנגעטראָטען הינטער דעם נאָמינעלען בעקער־מייסטער.[82] דערמיט איז געלעגט געוואָרן די גרונדלאַגע פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן, דער אונבעגרעניצטער פערלענגערונג פונ'ם אַרבייטס־טאָג און פאַר דער נאַכט־אַרבייט, אַבוואויל דער נייער איינפיהר האָט זיך אפילו אין לאָנדאָן ערנסט פערשפּרייט ערשט אין יאָהר 1824.[83]

פון דער פאָריגער בעשרייבונג קאָן מען פערשטעהן, אַז דער בעריכט פון דער קאָמיסיע צעהלט די בעקער־געזעלען צו די, וואָס לעבען ניט לאַנג. נאָכדעם ווי זיי זיינען גליקליכערווייז ניצול געוואָרן פון דער שרעקליך־גרויסער שטערבליכקייט, וואָס איז אַ נאָרמאַלע ערשיינונג צווישען די קינדער פון אַלע טיילען פונ'ם אַרבייטער־קלאַס, גרייכען זיי נאָר זעלטען־ווען דעם 42טען לע־בענס־יאָהר. פונדעסטוועגען איז דער בעקער־פאַך שטענדיג אי־בערפילט מיט קאַנדידאַטען. די קוועלען פון וואַנען עס פליסען שטענדיג אין לאָנדאָן די דאָזיגע אַרבייטס־קרעפטען, זיינען שאָט־לאַנד, די מערב־אַגריקולטור־דיסטריקטען פון ענגלאַנד און—דייטש־לאַנד.

אין די יאָהרען 1858 ביז 1860 האָבען די בעקער־געזעלען אין אירלאַנד אָרגאַניזירט אויף זייערע אייגענע קאָסטען גרויסע פערזאַמלונגען צו אַגיטירן געגען דער נאַכט־אַרבייט און דער אַר־בייט אום זונטאַג. דאָס פּובליקום האָט זיך מיט איירישער היטץ געשטעלט אויף זייער זייט, ווי צ.ב.ש. אויף דעם מאַי־מיטינג אין דובלין, אין יאָהר 1860. אויסשליסליך בייטאָגיגע אַרבייט איז

[82] דזש. ריעד, דאָרט גופא. סוף 17טען און אנהויב 18טען י.ה. זיינען די אגענטען (פאַקטאָרס). וואָס האָבען זיך אַריינגעריסען אין אַלע מעגליכע גע־ווערבען, שוין אָפיציעל פער'מסר'ט געוואָרן אַלס „פּובליק ניוסענסעס" (עפענט־ליכע שאָדען־ברענגער). אזוי צ.ב.ש. האָט די „גראַנד דזשורי", אויף דער פערטעל־יעהרליכער סעסיע פון די פריעדענס־ריכטער אין „קאָונטי" סאָמערסעט, ארויסגעגעבען אַ „פּרעזענטמענט" צום „הויז אָוו קאָמאָנס", אין וועלכער עס ווערט געזאָגט צווישען אַנדערעס, אַז „די דאָזיגע אַגענטען פון בלאַקוועל האָל זיינען אַ פּובליק ניוסענס און אַ היזק פאַר דעם טוך־געוועב, און דאַרפען אונטערדריקט ווערן אַלס אַזאַ ניוסענס." („דהי קיים אָוו אָור ענגליש וואָל עטצ.", לאָנדאָן 1865, ז. 6 און 7.)

[83] דאָרט גופא, ערשטער ראַפּאָרט, ז. 8.

דורך דער דאָזיגער בעוועגונג ווירקליך דורכגעזעצט געוואָרן אין וועקספאָרד, קילקעני, קלאָמעל, וואָטערפאָרד א.אַז.וו. „אין לימעריק, וואו די לײדען פון די לוין־געזעלען האָבען, ווי עס איז בעקאַנט, אַריבערגעשטיגען יעדער מאָס, איז די בעוועגונג צוקלאַפּט געוואָרן דורך דער אָפּאָזיציע פון די בעקער־מײסטער, דערהויפּט פון די בעקער־מילנער. דער בײשפּיעל פון לימעריק האָט געפיהרט צו אַ ריקשריט אין ענניס און טיפּעראַרי. אין קאָרק, וואו דער עפענטליכער צאָרן האָט זיך אַרויסגעוויזען אין אַ העכסט לעבהאַפטער פאָרם, האָבען די מײסטערס צונישט געמאַכט די בעוועגונג דורך זײער מאַכט, אַרויסצוּוואַרפען די אַרבײטער אויפ׳ן גאַס. אין דובלין האָבען די מײסטערס אַרויסגעוויזען דעם שטאַרקסטען ווידערשטאַנד און האָבען דורך דער פערפאָלגונג פון די געזעלען, וועלכע זײנען געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דער אַגיטאַציע, געצוואונגען די איבעריגע נאָכצוגעבען און אײנצוגעהן אויף דער נאַכט־אַרבײט און זונטאַג־אַרבײט.“[48]

די קאָמיסיע פון דער ענגלישער רעגירונג, וועלכע איז אין „ירלאַנד בעוואָפענט פון קאָפּ ביז די פיס, אַרגומענטירט אין אַזאַ מילדען לויה־טאָן מיט די אײנגעשפּאַרטע בעקער־מײסטער פון דובלין, לימעריק, קאָרק א.אַז.וו. זי זאָגט: „דער קאָמיטעט גלויבט, אַז די אַרבײט־שטונדען זײנען בעשרענקט דורך נאַטור־געזעצען, וועלכע קאָנען ניט אַריבערגעטראָטען ווערן אונבעשטראָפט. דערמיט וואָס די מײסטערס צווינגען זײערע אַרבײטער, דורך דער דראָהונג זײ אַרויסצוטרײבען, צו פערלעצען זײערע רעליגיעזע איבערצײגונגען, ניט צו פאָלגען דאָס לאַנד־געזעץ און צו פעראַכטען די עפענטליכע מײנונג (דאָס אַלעס בעציהט זיך אויף דער זונטאַג־אַרבײט) מאַכען זײ בײז בלוט צווישען קאַפּיטאַל און אַרבײט, און גיבען אַ בײשפּיעל, וואָס איז געפעהרליך פאַר דער רעליגיאָן, מאָראַל און דער עפענטליכער אָרדנונג.... דער קאָמיטעט גלויבט, אַז די פערלענגערונג פון דעם אַרבײטס־טאָג אַריבער 12 שטונדען איז אַן אונבערעכטיגטער אײנגריף אין דעם אַרבײטער׳ס פאַמיליען־ און פּריוואַט־לעבען, און פיהרט צו אומגעזונטע מאָראַלישע רעזולטאַטען, אַרײנמישענדיג זיך אין אַ מענשען׳ס הײם

84 „רעפּאָרט אָוו קאָמיטע אָן בײקינג טרײד אין אײרלאַנד פאַר 1861.“

און אין דער ערפילונג פון זיינע פאמיליען-פליכטען **אלס זוהן,** ברודער, מאן און פאטער. ארבייט איבער 12 שטונדען **האט די** טענדענץ אונטערצוגראבען דעם ארבייטער'ס געזונד, זי פיהרט אלט צו ווערן פאר דער צייט און צו א פריהען טויט, **און פאלגליך** צום אומגליק פון די ארבייטער-פאמיליען, וועלכע ווערן **בערויבט** פון דער פארזארג **און** שטיצע פון דעם **קאפ** פון דער **פאמיליע,** גראד אין דער צייט ווען זיי נויטיגען זיך אין איהם אממייסטען.״85

מיר האבען אקארשט גערעדט וועגען אירלאנד: אויף דער אנדער זייט פון קאנאל, אין שאטלאנד, קלאגט זיך דער ערד-ארבייטער, דער מאן פון אקער, אויף זיין 13 **ביז** 14 שטונדיגער ארבייט, אין דעם שטרענגסטען קלימאט, מיט נאך א 4-שטונדיגען צוגאב פון ארבייט אום זונטאג (אין דעם לאנד פון שבת-הייליגער-האלטער!)86 בעת אין דערזעלביגער צייט שטעהען דריי אייזענבאהן-ארבייטער פאר א לאנדאנער גראנד-זשורי — א קאנדוקטאר, א לאקאמאטיוו-פיהרער און א סיגנאל-געבער. א גרויסער אייזענבאהן-אומגליק האט אריבערגעפעקעלט הונדערטער פאסאזשירען אויף יענער וועלט. די נאכלעסיגקייט פען די אויזענבאהן-ארבייטער איז די אורזאך פון דעם אומגליק. זיי דערקלערן **פאר די** געשווארענע איינשטימיג, אז מיט 10-12 יאהר צוריק פלעגט זייער ארבייט געדויערן נישט מעהר ווי 8 שטונדען א טאג. **אין** בערלויף פון די לעצטע 5 אדער 6 יאהר האט מען די ארבייט-

---

85) דארט גופא.

86) עפענטליכע פערזאמלונג פון לאנד-ארבייטער אין לאססוויידר נעבען גלאזגאיר פון 5טען יאנואר 1866 (זעה „יאקמען'ס א-וואקאט" פון 13טען יאנואר 1866.) די ארגאניזירונג פון א טרייד-יוניאן צווישען די לאנד-ארבייטער, צוערשט אין שאטלאנד, איז א היסטארישע פאסירונג. אין באקינגהאמשייר, איינעם פון די העכסט-איינטערדריקטע אגריקולטור-דיסטריקטע אין ענגלאנד, האבען די לוין-ארבייטער געמאכט א גרויסען סטרייק צו העבען דעם וואכען-לוין פון 9 ביז 10 שילינג אויף 12 שילינג. — (מען זעהט דערפון, אז די בעוועגונג פון דעם ענגלישען אקערבוי-פראלעטאריאט, וואס איז אינגאנצען געבראכען געווארן זינט דער אונטערדריקונג פון זיינע געוואלטיגע דעמאנסטראציעס נאך 1830 און דערהויפט זינט דעם איינפיהר פון דעם נייעם פּוּר-לאו (געזעץ פאר ארימע) פאנגט זיך ווידער אן אין די 60-גער יאהרען ביז זיי ווערן ענדליך עפאכע-מאכענד אין 1872. איך קום דערויף צוריק אין צווייטען באנד ווי אויך צו די בלוי-ביכער, וואס זיינען ערשיענען זינט 1867 וועגען דער לאגע פון דעם ענגלישען לאנד-ארבייטער. הוספה צו דער 2טער אויפלאגע.)

צייט ארויסגעשרויפט ביז 14, 18 און 20 שטונדען א טאָג, און אין די צייטען פון א בעזונדערס־גרויסער דרענגעניש פון רייזענדע, ווי אין די סעזאָנען פון עקסקורסיעס, זאָגאַר פון 40 ביז 50 שטונ־דען נאָכאַנאַנד אָהן א הפסקה. זיי זיינען געוועהנליכע מענשען, ניט קיין לעגענדארע גבורים. ווען עס גרייכט א געוויסען פּונקט, הערט די ארבייטס־קראַפט אויף צו ווירקען. זיי ווערן אַזוי ווי געלעהמט. זייער געהירן הערט אויף צו דענקען און זייערע אויגען צו זעהן. — דער דורך־און־דורך „רעספּעקטאַבל בריטיש דזשורי־מאַן" האָט אויף דעם געענטפערט מיט א ווערדיקט [פּסק דין], וואָס האָט זיי געהאַלטען אויף דער אָנקלאַגע פון „מאַנסלאַטער" [טויטען א מענשען] פאַר דעם נעקסטען אסיזען־געריכט, און האָט נאָר אויסגעדריקט אין א מילדען אָנהאַנג דעם פרומען וואונש, אז די העררען קאַפּיטאַל־מאַגנאַטען פון דער אייזענבאַהן וואָלטען פונ־דעסטוועגען געמעגט אין דער צוקונפט זיין א ביסעל מעהר פער־שווענדעריש אין דעם איינקויפען פון דער נויטיגער צאָהל אר־בייטס־קרעפטען און זיין אַביסעל „איינגעהאַלטענער" אָדער „זיך־אָבזאָגענדער" אָדער „שפּאָרזאַמער" אין דער אויסזויגונג פון דער בעצאָהלטער ארבייטס־קראַפט.87

---

87) „רעינאָלד'ס ניוזפּייפּער", 20טען יאַנואַר 1866. יאָר נאָך וואָך ברענגט דאָס זעלבע וואָכענבלאַט, אונטער די שרייענדע איבערשריפטען: „שרעק־ליכע און מערדערישע אומגליק־פעלען", „שוידערליכע טראַגעדיעס" א.ד.ג. א גאַנ־צע רשימה פון נייע אייזענבאַהן־קאַטאַסטראָפען. אַן ארבייטער פון דער נאָרטה סטאַפאָרד ליניע האָט דערויף געענטפערט: „יעדערער ווייס די פאָלגען וואָס קומען ארויס, ווען די אויפמערקזאַמקייט פון א לאָקאָמאָטיוו־פיהרער און א הייצער ווערט אָפּגעשוואַכט אויף איין רגע. אָבער ווי אַזוי איז עס אַנדערש מעג־ליך ביי דער אָהן א שיעור פערלענגערטער ארבייט, אין ערגסטען וועטער, אָהן אָפּשטעל און אָפּרוה? נעהמט דעם פאָלגענדען פאַל אַלס ביישפּיעל פון דאָס, וואָס קומט פאָר יעדען טאָג. לעצטען מאָנטאָג האָט א הייצער אָנגעפאַנגען זיין טאָג ארבייט זעהר פריה דעם מאָרגענס. ער האָט געענדיגט די ארבייט נאָך 14 שטונדען מיט 50 מינוט. איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט אויסצוטרינקען א גלאָז טהעע, האָט מען איהם שוין ווידער גערופען צו דער ארבייט... דאָס מאָל האָט די ארבייט געדויערט 14 שטונדען מיט 25 מינוט; ער האָט, הייסט עס, געאַרבייט אָהן אַן אָפּרוה 29 שטונדען מיט 15 מינוט. זיין איבעריגע ארבייט פאַר דער וואָך איז פאָרגעקומען ווי פאָלגט: מיטוואָך 15 שטונדען, דאָנערשטאָג 15 שטונדען 35 מינוט, פרייטאָג 14 און א האַלבע שטונדען, שבת 14 שטונדען 10 מינוט, כך הכל פאַר דער וואָך 88 שטונדען 40 מינוט. איצט שטעלט זיך פאָר זיין ערשטוינען ווען ער האָט געקריגען בעצאָהלט נאָר פאַר 6 ארבייטס טעג. דער

פון דעם גרויסען ערב־רב אַרבייטער פון אַלע פּראָפעסיעס, עלטער און געשלעכטער, וועלכע שפּאַרען זיך אויף אונז האַסטיגער איידער די נשמות פון די דער׳הרג׳עטע אויף אָדיססעוס, און אויף וועמעם פּנים׳ער מען קאָן מיט׳ן קוק — ניט אויסלייענענדיג פון די בלוי־ביכער אונטער זייערע אָרעמס — דערזעהן די סימנים פון איבער־אַרבייט, וועלען מיר ארויסכאַפּען נאָך צוויי פיגורען, וואָס דער ווייטער קאָנטראַסט צווישען זיי בעווייזט, אַז פאַר׳ן קאַפּיטאַל זיינען אַלע מענשען גלייך—אַ מאָדיסטקע און אַ פּראָסטען שמיעד.

די לעצטע וואָך אין מאָנאַט יוני 1863 האָבען אַלע לאָנדאָנער טעגליכע צייטונגען געבראַכט אַ נאָטיץ אונטער דעם סענזאַציאָנעלען טיטול: "Death from simple Overwork" (טויט פון איינפאַכער איבעראַרבייט). עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען דעם טויט פון דער מאָדיסטקע מערי אַנן וואָקלעי, צוואַנציג יאָהר אַלט, בעשעפטיגט אין אַ זעהר רעספּעקטאַבעלען מאָדע־ווערקשטאַט און עקספּלואַטירט פון אַ דאַמע מיט׳ן געמיטהליכען נאָמען עליזא. די אַלטע, אָפט־דערצעהלטע געשיכטע איז דאָ ענטדעקט געוואָרען פון דאָס ניי,68 אַז דידאָזיגע מיידלעך אַרבייטען דורכשניטליך 16½ שטונדען אַ טאָג, און אין סעזאָן אָפט 30 שטונדען נאָכאַנאַנד — דערביי ווערט זייער פאַר׳חלש׳טע אַרבייטס־קראַפט אויפגעמונטערט פון צייט צו צייט דורך שעררי, פּאָרטוויין אָדער קאַווע. און עס איז גראָד געווען אין ברען פון סעזאָן. מען האָט געמוזט פערטיג מאַכען די פּראַכט־קליידער פון די עדלע „ליידיס“, צום באַל וואָס איז געגעבען געוואָרען לכבוד דער אָקאָרשט־אימפּאָרטירטער פּרינצעסין פון וויילס. מערי אַנן וואָקלעי האָט געאַרבייט 26½ שטונדען אָהן אַן אָברוה, צוזאַמען מיט 60 אַנדערע מיידלעך, צו 30 אין אַ צימער, וואָס האָט קוים געהאַט אַ דריטעל פון דער נויטיגער מאָס לופט. ביינאַכט האָבען זיי פּאָרווייז זיך געטיילט מיט איין בעט, אין איינער פון די פערשטיקטע לעכער, וואָס איז

מאָן איז געוועזן אַ בייער און האָט בעפרעגט, וואָס זיי פערשטעהען אונטער אַ טאָג אַרבייט. דער ענטפער: 13 שטונדען; הייסט עס 78 שטונדען אַ וואָך. אָבער וואָס הערט זיך מכּח די איבעריגע 10 שטונדען 40 מינוט. נאָך אַ לאַנגען אַרומרייסען זיך האָט ער געקריגען אַ בעפרידיגונג פון 10 פּענס.

68) זעה פ. ענגעלס „די לאַגע פון דעם אַרבייטער־קלאַס אין ענגלאַנד“, לייפּציג 1845, ז. 253-4.

אָבגעצאַמט געוואָרן מיט ברעטער אַלס א שלאָף־צימער.89 און דאָס איז שוין געווען איינע פון די בעסערע מאָדע־ווערקשטאַטען אין לאָנדאָן. מערי אַנן וואָקלעי איז קראַנק געוואָרן פרייטאָג און געשטאָרבען זונטאָג, ניט האָבענדיג געענדיגט אַפריהער — וועגען וואָס די מאַדאַם עליזאַ איז געווען שטאַרק ערשטוינט — דאָס שטיק אַרבייט, וואָס זי האָט געהאַט אין האַנד. דער דאָקטאָר, הערר קעיס, וועלכער איז גערופען געוואָרן צו שפּעט צו איהר טויטען־בעט, האָט אָבגעגעבען זיין עדות צו דער „קאָראָנער'ס דזשורי" אין די פאָלגענדע טרוקענע ווערטער: מערי אַנן וואָקלעי איז געשטאָרבען פון צו־לאַנגע אַרבייט־שטונדען אין א איבערפילטע

---

89) דר. לעטהעבי, הויפּט אַרצט פון „באָארד אוו העלטה", האָט דאַמאָלסט ערקלערט: „דער מינימום לופט פאַר דערוואַקסענע דאַרף זיין אין שלאָף־צימער 300 קוביק־פוס פאַר יעדען און אין וואוינצימער 500 קוביק־פוס." דר. ריטשאַרדסאָן, אויבער־אַרצט פון א לאָנדאָנער האָספּיטאַל, שרייבט: „נעהטערקעס פון אַלע פאַכען, היט־מאַכעריננס, קליידער־מאַכעריננס, און געוועהנליכע נעהטערקעס ליידען פון א דרייפאַכען עלענד — איבעראַרבייט, לופט־מאַנגעל און מאַנגעל אין נאַהרונג אָדער אין פערדייהונג. בכלל פּאַסט אָט דער סאָרט אַרבייט בעסער פאַר ווייבער איידער פאַר מענער. דער אומגליק אָבער פון אָט דער בעשעפטיגונג איז, וואָס זי איז, ספּעציעל אין דער הויפּט־שטאָדט, מאָנאָפּאָליזירט פון אַן ערך 26 קאַפּיטאַליסטען, וועלכע צווינגען אַרויס עקאָנאָמיע פון דער אַרבייט (ער מיינט, שפּאָרען איין אויסלאַגען דורך א פערשווענדונג פון דער אַרבייטס־קראַפט) דורך די מאַכט־מיטלען וואָס נעהמען זיך פון קאַפּיטאַל. זייער מאַכט לאָזט זיך פיהלען אין אָט דעם גאַנצען קלאַס אַרבייטערקעס. ווען עס גיט זיך איין א שניידערקע צו געווינען א קליינעם קרייז קונדען, צווינגט איהר די קאָנקורענץ זיך קראַנק צו אַרבייטען ביי זיך אין הויז, כּדי איינצוהאַלטען די קונדען, און זי מוז נויטיגערווייז פערמאַטערן איהרע אַרויסהעלפערקעס מיט זעמזעלבען ערך פון איבעראַרבייט. אויב דער געשעפט געהט ניט אָדער זי קאָן ניט זיך עטאַבלירען זעלבשטענדיג, ווענדעט זי זיך צו אַן עטאַבלירטע פירמע, וואו די אַרבייט איז ניט ווייניגער אָבער דערפאַר איז דער פערדיענסט זיכערער. אַוועקגעשטעלט אין אַזא לאַגע, ווערט זי אַן אמת'ע שקלאַווין, אַרומגעשלידערט הין און הער פון יעדען אומשטאַנד אין דער געזעלשאַפט. אָט אַרבייט זי אין איין צימער ביי זיך אין דער היים, אויסגעהענדיג פון הונגער; און אָט אַרבייט זי ווידער אין שאַפּ 15, 16, אָדער בּאַר 18 שטונדען א טאָג אין א קוים־ערטרעגליכער לופט, אויף א נאַהרונג וועלכע אויב זי איז אפילו א גוטע, קאָן זי ניט פערדייחט ווערן מחמת דער נויטווענדיגקייט פון ריינער לופט. אויף אָט די קרבנות האַלט זיך די שווינדזוכט וועלכע איז מער גאָרניכט ווי א קראַנקהייט פון שלעכטער לופט." דר. ריטשאַרדסאָן, „וואָרק אַנד אָווערוואָרק" אין סאָשיעל סייענס רעוויו", 18טען יולי 1863.)

אַרבייט־צימער און אין אַ צו־ענגען, שלעכט־ווענטילירטען שלאָף־צימער.“ כּדי צו געבען דעם דאָקטאָר אַ לעקציע אין אַנשטענדיגע מאַניערען, האָט די „קאָראָנער׳ס דזשורי“ דאַגעגען ערקלערט: „די פון דער וועלט־געגאַנגענע איז געשטאָרבען פון אַפּאָפּלעקסיע, אָבער עס איז דאָ אַ גרונד מורא צו האָבען, אַז איהר טויט איז פערשנעלערט געוואָרן דורך איבעראַרבייט אין אַ פערשטיקטען ווערקשטאַט א.אַז.וו.“ „אונזערע ווייסע שקלאַווען“, האָט אויסגעשריען וועגען דעם פאַל דער „מאָרנינג סטאַר“, דער אָרגאַן פון די פריי־האַנדעל־העררען קאָבדען און ברייט—„אונזערע ווייסע שקלאַווען, וועלכע ווערן אַריינגעאַרבייט ביז אין קבר, שמאַכטען און שטאַרבען מעהרסטענטיילס שטילערהייד.“[90]

„אַרבייטען צום טויט איז אַ טעגליכע פאַסירונג ניט נאָר אין ווערקשטאַט פון די מאָדיסטקעס, נאָר אויך אין טויזענדער אַנדערע פּלעצער, אָדער ריכטיגער אין יעדען פּלאַץ וואו דער געשעפט געהט גוט.... מיר וועלען נעהמען דעם שמיעד פאַר אַ ביישפּיעל. ווען

[90] „מאַרנינג סטאַר“, 23טען יוני 1863. די „טיימס“ בענוצט דעם פאַל אויף צו פערטיידיגען די אַמעריקאַנישע שקלאַווען־האַלטער אַנטקעגען ברייט און אַנדערע. „זעהר פיעלע פון אונז מיינען—זאָגט זי—אַז כּל זמן מיר אַרבייטען צום טויט אונזערע אייגענע יונגע פרויענצימער מיט דעם קנוט פון הונגער אַנשטאַט מיט׳ן סגאַל פון בייטש, האָבען מיר קיין רעכט ניט צו העצען מיט פייער און שווערד אויף פאַמיליען, וועלכע זיינען געבוירן געוואָרן אַלס שקלאַווען־האַלטער און ניבען וועניגסטענס זייערע שקלאַווען גוט עסען און לאַזען זיי אַרבייטען מיט אַ מאָס.“ („טיימס“, 2טען יולי, 1863) אויפ׳ן זעלבען אופן שמייסט אָב דער „סטענדאַרד“ אַ טאָרי־בלאַט, דעם רעווערענד ניומאַן האָלל: „ער לעגט אין חרם די שקלאַווען־האַלטער און איז מתפּלל צוזאַמען מיט די בראַווע לייט, וועלכע לאַזען אַרבייטען די קוטשער און אַמניבוס־פיהרער פון לאָנדאָן א.אַז.וו. 16 שטונדען אַ טאָג פאַר אַ הינטישען לוין.“ ענדליך האָט אויך געזאָגט זיין וואָרט דער אָראַקעל, הערר טהאָמאַס קאַרלייל, וועגען וועמען איך האָב שוין אין 1850 געשריבען: „צום טייפעל איז דער געניוס, דער קולטוס איז געבליבען.“ די איינציג־גרויסאַרטיגע פאַסירונג פון דער צייט־געשיכטע, דעם אַמעריקאַנער בירגער־קריעג, מאַכט ער אַרונטער מיט אַ קורצען גלייכוווערטיל אַזוי צו זאָגען: פעטער פון דער נאָרטה וויל מיט אַלע כחות צוקלאַפּען דעם קאָפּ פאַול פון דער סאַוטה, דערפאַר ווייל דער דאָזיגער פעטער פון דער נאָרטה דינגט זיין אַרבייטער פון טאָג, בעת פאַול פון דער סאַוטה דינגט איהם פאַר׳ן גאַנצען לעבען. (מאַקמילאַן׳ס מאַגאַזין. איליאַ׳ס אַמעריקאַנאַ אין נוצע. אויגעסט־העפט 1863.) אַט אַזוי האָט דער זייפען־בלאָז פון דער טאָרישער סימפּאַטיע פאַר די שטאָדטישע לוין־אַרבייטער—בשום אופן ניט פאַר די לאַנד־אַרבייטער!—ענדליך געפּלאַצט. דער גרונד איז—שקלאַווערייַ!

מען זאָל גלויבען די דיכטער איז ניטאָ נאָך אַזאַ לעבענס־קרעפּטיגער, לוסטיגער מענש ווי דער שמיעד. ער שטעהט אויף אין דער פריה און שלאָגט אַרויס די פונקען פריהער פאַר דער זון; ער עסט און טרינקט און שלאָפט, ווי קיינער קאָן זיך צו איהם ניט גלייכען. פון אַ ריין־פיזישען שטאַנדפּונקט בעטראַכט, געפינט ער זיך ווירקליך, ווען ער אַרבייט מיט אַ מאָס, אין איינעם פון די בעסטע מענשליכע צושטענדען. אָבער ווען מיר געהען איהם נאָך אין שטאָדט און זעהען די אַרבייט־לאַסט, וואָס ווערט אַרויפגעלעגט אויף דעם דאָזיגען שטאַרקען מאַן — אויף וועלכען גראַד שטעהט ער אין דעם רייסטער פון שטערבליכקייט פון אונזער לאַנד? אין מערילעבאָן (איינעם פון די גרעסטע שטאָדט־קוואַרטאַלען פון לאָנדאָן) שטאַרבען שמיעדען אין דער פּראָפּאָרציע פון 31 פער 1000 יעהרליך, אָדער מיט 11 מעהר איידער די דורכשניט־שטערבליכקייט פון דערוואַקסענע מענער אין ענגלאַנד. די דאָזיגע בעשעפטיגונג, אַ כמעט־אינסטינקטיווע קונסט פון דער מענשהייט, אַנטקעגען וועלכער מען קאָן גאָרנישט ניט אויסזעצען, ווערט פשוט דורך איבעראַרבייטונג דעם מענשען'ס מלאך המות. ער קאָן יעדען טאָג אַזוויפיעל און אַזוויפיעל קלעפּ געבען מיט'ן האַמער, געהן אַזוויפיעל טריט, ציהען אַזוויפיעל מאָל דעם אָטהעם, פערריכטען אַזוויפיעל אַרבייט און, לאָמיר זאָגען, לעבען דורכשניטליך 50 יאָהר. מען צווינגט איהם צו געבען אַזוויפיעל מעהר קלעפּ מיט'ן האַמער, צו געהן אַזוויפיעל מעהר טריט, צו ציהען אַזוויפיעל מאָל מעהר דעם אָטהעם אַ טאָג, און אַלעם צוזאַמען צו פערמעהרן זיין לעבענס־אַרבייט אויף אַ פערטיל. ער מאַכט די אָנשטרענגונג, און דער רעזולטאַט איז, אַז אָבטהוענדיג אין אַ בעשרענקטער צייט אַ פערטיל מעהר אַרבייט, שטאַרבט ער צו 37 יאָהר, אַנשטאָט צו 50.''91

## 4. טאָג־ און נאַכט־אַרבייט. דער סיסטעם פון אייז רייה נאָך דער אַנדערער.

פון שטאַנדפּונקט פון פערווערטהונגס־פּראָצעס עקזיסטירן דער קאָנסטאַנטער קאַפּיטאַל און די אַרבייטס־מיטלען נאָר אויף

91) דר ריטשאַרדסאָן, ה. ג.

דעם, כדי אריינצווזויגען וואָס מעהר ארבייט, און מיט יעדען טראָפּען ארבייט—אַ פּראָפּאָרציאָנעלען סכום מעהר־ארבייט. אין דעם ערך וואָס זיי טהוען דאָס ניט, ברענגט זייער בלויזע עקזיסטענץ אַ נעגאַטיווען היזק פאַר דעם קאַפּיטאַליסט, וואָרים אין דער צייט, וואָס זיי פערבלייבען אָהן געברויך, שטעלען זיי פאָר אַן אומזיסטען־אויסלעג פון קאַפּיטאַל; דער דאָזיגער היזק ווערט אַ פּאָזיטיווער, וויבאַלד די אונטערברעכונג מאַכט נויטיג אַ נייעם אויסלעג, כדי ווידער אָנצופאַנגען די ארבייט. די פערלענגערונג פון דעם ארבייטס־טאָג אריבער די גרעניצען פון דעם נאַטירליכען טאָג, ביז אַ שטיק אין דער נאַכט אריין, ווירקט נאָר ווי אַ פּאַליאַטיוו [חיי שעה], שטילט נאָר פיעל־וועניג דעם וואַמפּיר־דורשט נאָך לעבעדיג ארבייטס־בלוט. פערנעהמען ארבייט די גאַנצע 24 שטונדען פון טאָג איז דעריבער די אינערליכע (אימאַנענטע) שטרעבונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן. אַזוי ווי אָבער עס איז פיזיש אונמעגליך אויסצוזויגען דיזעלביגע ארבייטס־קרעפטען, טאָג און נאַכט כסדר, דאַרף מען האָבען, כדי בייצוקומען די פיזישע הינדערניש, אַן אָבוועקסלונג צווישען די ארבייט־קרעפטען, וואָס ווערן פערצעהרט ביי טאָג און די, וואָס ווערן פערברויכט ביי נאַכט. די דאָזיגע אָבוועקסלונג קאָן דורכגעפיהרט ווערן אויף פערשיידענע אופנים; עס קאָן צ.ב.ש. אַזוי איינגעאָרדענט ווערן, אַז איין טייל פון דעם ארבייטער־פּערזאָנאַל זאָל ארבייטען איין וואָך טאָג־ארבייט און די אנדער וואָך נאַכט־ארבייט, און אַזוי ווייטער. עס איז בעקאַנט, אַז אָט דער סיסטעם פון ארבייטען נאָך דער רייה, די דאָזיגע אָבבייט־ווירטשאַפט, האָט געהערשט אין דער פול־בלוטיגער יוגענד־פּעריאָדע פון דער ענגלישער באַוועל־אינדוסטריע א.ד.ג., און איצטער בליהט עס צווישען אנדערע אין די באַוועל־שפּינערייען פון דער מאָסקווער גובערניע. אָט דער 24־שטונדיגער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס עקזיסטירט אַלס סיסטעם נאָך היינט אין פיעלע עד־היום נאָך „פרייע” אינדוסטריע־צווייגען פון גרויס־בריטאַניען, צווישען אנדערע אין די שמעלץ־אויווענס, שמיעדערייען, וואַלץ־ווערקען און אנדערע מעטאַל־פאַבריקען פון ענגלאַנד, וויילס און שאָטלאַנד. דער ארבייט־פּראָצעס נעהמט אריין אַ חוץ די 24 שטונדען פון די 6 ארבייטס־טעג אויך די 24 שטונדען פון זונטאָג. די ארבייטער בעשטעהן פון מענער

און פרויען, דערוואקסענע און קינדער פון ביידע געשלעכטער. דער עלטער פון די קינדער און יונגע מענשען לויפט דורך אלע צווישען־שטופען פון 8 (אין איינינע פעלען פון 6) ביז 18 יאהר.[92] אין איינינע בראנזשען ארבייטען אויך די מיידלעך און פרויען ביינאכט צוזאמען מיט די מענליכע ארבייטער.[93]

שוין ניט צו רעדען פון די אלגעמיינע שעדליכע ווירקונגען פון דער נאכט־ארבייט,[94] גיט דער ניט־אבגעשטעלטער, 24 שטונ־

[92] Chidren's Employment Commission, 3rd Report, London, 1864 p. IV, V, VI,

„אין שטאפארדשייר אזוי גוט ווי אין דרום־וויילס ווערן בעשעפטיגט יונגע מיידלעך און פרויען אין די קויהלען־מינען ניט נאר בייטאג נאר אויך ביינאכט. אין די בעריכטען, וואס זיינען אבגעגעבען געווארן דעם פארלאמענט, זיינען נאכאנאנד נאכגעוויזען געווארן די גרויסע און אלעמען־בעקאנטע איבלען, וואס אזא פיהרונג ברענגט מיט זיך מיט. די דאזיגע פרויען, וואס שטעהען ביי דערזעלביגער ארבייט צוזאמען מיט די מענער, און אונטערשיידען זיך כמעט ניט אין זייער קליידונג, וואס איז בעדעקט מיט שמוץ און רויך, פערלירן זייער זעלבסטאכטונג און זינקען מחמת דעם אין זייער מאראלען כאראקטער. דאס איז אקוראט א נויטוועגדיגע פאלגע פון זייער אונווייבליכער בעשעפטיגונג." (דארט גופא 194, ז. XXVI . זעה 4טען ראפארט (1865) 61, ז. XIII . אזוי אויך אין די גלאז־פאבריקען.

[94] א שטאהל־פאבריקאנט, וועלכער בעשעפטיגט קינדער אויף נאכט־ארבייט, האט בעמערקט: „עס איז ניט מעהר ווי נאטירליך, אז די אינגלעך, וואס ארבייטען ביינאכט, קאנען ניט שלאפען און האבען א ריכטיגען אברוה בייטאג, נאר זיי לויפען דעם גאנצען טאג ארום." (ד. ג. 4טען ראפארט, 63 ז. XIII.) וועגען דער וויכטיגקייט פון זונען־ליכט פאר דער אויפהאלטונג און ענטוויקלונג פון'ם קערפער בעמערקט איין דאקטאר צווישען אנדערעס ווי פאלגט: „ליכט ווירקט דירעקט אויף די געוועבען פון קערפער, מאכענדיג זיי פעסטער און מעהר עלאסטיש. די מוסקולען פון חיות, וועלכע מען גיט ניט די נארמאלע סומע ליכט, ווערן ווייך און אונעלאסטיש, די נערוועז פערלירן זייער שפאנונג־קראפט דורך דעם מאנגעל אין רייצונג און די אויסארבייטונג פון אלעם וואס האלט אין וואקסען ווערט אבגעשטעלט.... בנוגע קינדער איז האבען א סך טאג־ליכט און דירעקטע זונענשטראהלען א טייל פון טאג אבסאלוט וויכטיג פאר זייער געזונד. ליכט העלפט אויסצוארבייטען פון די שפייזען גוטעס בלוט, וואס פארמירט די שטאפען פון קערפער, און מאכט הארט די מוסקולען נאכדעם ווי זיי זיינען פארמירט. עס ווירקט אויך ווי א רייץ־מיטעל אויף דעם ארגאן פון זעהען, און רופט דורכדעם ארויס א גרעסערע טהעטיגקייט אין די פערשיידענע פונקציאנען פון געהירן." הערר וו. סטריינדזש, דער אויבער־ארצט פון דעם וואוסטער „דזשענעראל האספיטאל", פון וועמעס שריפט איבער „געזונדהייט" (1864) די דאזיגע שטעלע איז אן אויסצוג, שרייבט אין א בריעף צו איינעם פון די אונטערזוכונג קאמיסארען, הערר וואייט, ווי פאלגט: „איך האב פריהער, אין לאנקאשייר, געהאט די גע־

דען אָנהאַלטענדער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס א העכסט גינסטיגע געלעגענהייט אריבערצוטרעטען די גרעניצען פון דעם נאָמינעלען ארביימס־טאָג. צום ביישפּיעל אין די פריהער־דערמאָנטע, זעהר אָנשטרענגענדע אינדוסטריע־צווייגען מאַכט אויס דער אָפיציעלער ארביימס־טאָג פאַר יעדען ארבייטער מעהרסטענטיילס 12 שטונ־דען, נאַכט־שטונדען אָדער טאָג־שטונדען. אָבער די איבער־אַר־בייט, אריבער דער דאָזיגער גרעניץ, איז אין פיעלע פעלען, צו געברויכען די ווערטער פון דעם ענגלישען אָפיציעלען בעריכט, „ווירקליך שוידערהאַפטיג“ (“truly fearful”),[95] „קיין מענשלי־כער שכל קאָן ניט נאָכדענקען וועגען דער מאַסע ארבייט, וואָס לויט די אויסזאָגונגען פון עדות אינגלעך פון 9 ביז 12 יאָהר אַלט טהוען אָב, און ניט קומען נויטיגערווייז צום שלום, אַז אַזוינע מיסברוי־כונגען פון דער מאַכט פון די עלטערן און ארבייט־געבער טאָרען ניט לענגער ערלויבט ווערן.“[96]

„די מעטאָדע צו לאָזען איבערהויפּט אינגלעך ארבייטען אָב־בייטענדיג טאָג און נאַכט, סיי אין געוועהנליכע צייטען, סיי ווען די ארבייט שפּאַרט אָן, פיהרט גאַנץ אָפט צו א שענדליכער פער־לענגערונג פון דעם ארבייטס־טאָג. די דאָזיגע פערלענגערונג איז אין פיעלע פעלען ניט נאָר גרויזאַם, נאָר אפילו אונגלויבליך. עס מוז זיך אָפּטמאָל מאַכען, אַז א אינגעל, וואָס דאַרף אָבבייטען דעם אַנדערן, קאָן צוליעב א וועלכער עס איז אורזאַך ניט קומען צו דער ארבייט. איינער אָדער עטליכע פון די אַנוועזענדע אינג־לעך, וועלכע האָבען שוין געענדיגט זייער טאָג ארבייט, מוזען דאַן בלייבען ארבייטען אַנשטאַט יענעם, וואָס איז ניט געקומען. דער דאָזיגער סיסטעם איז אַזוי אַלגעמיין בעקאַנט, אַז ווען איך האָב

לעגענהייט צו בעאָבאַכטען די ווירקונגען פון דער נאַכט־ארבייט אויף די פאַבריק־קינדער, און איך ערקלער גאַנץ ענטשיידען, להיפּך צו דער בעליעבטער פערזי־כערונג פון איינינע ארבייט־געבער, אַז דאָס געזונד פון די קינדער האָט באַלד געליטען פון דער דאָזיגער נאַכט־ארבייט.“ (דאָרט גופא, 4טער ראַפּאָרט, 284, ז. 55.) אַז זועלכע זאַכען זאָלען איבערהויפּט נאָך דינען אַלס א געגענשטאַנד פון ערנסטע ויכוחים, איז דער בעסטער בעווייז, ווי די קאַפּיטאַליסטישע פּראָ־דוקציאָן ווירקט אויף די „געהירן־פונקציעס“ פון די קאַפּיטאַליסטען און פון די מענשען, וואָס שטעהען אין זייער דיענסט

[95] ד. ג. 57, ז. 12.

[96] ד. ג. (4טער ראַפּאָרט, 1865) 58, ז. 12.

געפרעגט דעם דירעקטאָר פון א וואַליז־פאַבריק, ווי אזוי ער פילט אוים דעם פּלאַץ פון די אַבוועזענדע אינגלעך, האָט ער מיר גע־ענטפערט: איך ווייס וואויל, אַז איהר ווייסט דאָס אזוי גוט ווי איך, און ער האָט זיך גאָרניט אָבגעהאַלטען פון מודה צו זיין דעם פאַקט.[97]

אין איין וואַליז־פאַבריק, וואו דער נאָמינעלער ארבייטס־טאָג דויערט פון 6 אוהר אין דער פריה ביז האלב 6 אבענדס, האָט איין אינגעל געאַרבייט 4 נעכט יעדע וואָך ביז ווענינגסטענס האלב 9 אָבענדס פון דעם נעקסטען טאָג...* און אזוי 6 מאָנאַט כסדר." „אַן אַנדערער האָט אין עלטער פון 9 יאָהר אָפטמאָל געאַרבייט 3 צוועלף־שטונדיגע ארבייט־שיכטען נאָכאַנאַנד, און אין עלטער פון 10 יאָהר—2 טעג און 2 נעכט נאָכאַנאַנד." „אַ דריטער, איצט 10 יאָהר אַלט, ארבייט פון 6 אוהר אין דער פריה ביז 12 אוהר אין דער נאַכט 3 נעכט איינע נאָך די אַנדערע, און ביז 9 אוהר אבענדס די אַנדערע נעכט." אַ פערטער, איצט 13 יאָהר אַלט, ארבייט פון 6 אוהר נאָכמיטאָג ביז 12 אוהר מיטאָג דעם נעק־סטען טאָג כסדר א גאַנצע וואָך, און מאנכעסמאָל 3 שיכטען נאָכ־אַנאַנד, צום ביישפּיעל פון מאָנטאג אין דער פריה ביז דיענסטאַג ביי נאַכט." אַ פינפטער, איצט 12 יאָהר אַלט, האָט געאַרבייט אין א אייזענגיסעריי, אין סטאַוועלי, פון 6 אוהר אין דער פריה ביז 6 אוהר נאַכטס * 14 טעג כסדר, אָבער קאָן שוין דאָס מעהר ניט טהאָן. דזשאָרדזש אַלינסוואָרטה, א 9 יעהריגער אינגעל, האָט עדות געזאָגט: איך בין אהער אָנגעקומען לעצטען פרייטאָג. דעם נעק־סטען טאָג האָבען מיר געדאַרפט אָנהויבען ארבייטען 3 אוהר פאַר־טאָג. איך בין דעריבער דאָ געבליבען די גאַנצע נאַכט. איך וואוין 5 מייל פון דאַנען. איך האָב געשלאָפען אויף ד'ערד מיט א פאַרטוך אונטער מיר און א קליין יאַקעל איבער מיר. די

---

[97] דאָרט גופא.

* אין דער ענגלישער אויסגאַבע, וואו דער זאַץ ווערט ציטירט פון אריגי־נעלען טעקסט, זיינען ניטאָ די ווערטער „פון דעם נעקסטען טאָג." — איבערזעצ.

* אין ענגלישען טעקסט: ביז 12 ביינאַכט, וואָס שיינט צו זיין ריכטיגער. — איבערזעצער.

צוויי אַנדערע טעג בין איך דאָ געווען 6 אוהר אין דער פריה. יאָ! דאָ איז אַ הייסער פּלאַץ! איידער איך בין אהער געקומען, האָב איך אויך געארבייט אַ גאַנצען יאהר אין אַ שמעלץ-אויווען. עס איז געווען אַ זעהר גרויסע פאַבריק אין אַ דאָרף. פלעג אויך אָנפאַנגען 3 אוהר פאַרטאָג אַלע שבת, אָבער איך האָב ווענינ־סטענס געקאָנט אהיים געהן שלאָפען, ווייל עס איז געווען נאָהענט. אַנדערע טעג פלעג איך אָנפאַנגען 6 אוהר און ענדיגען 6 אָדער 7 אוהר אָבענדס״ א. אז. וו.98.

98) דאָרט גופא, ז. 13. די בילדונג-שטופע פון די דאָזיגע „ארבייט-קרעפטען״ מוז נאַטירליכערווייז זיין אזא, ווי עס ווייזט זיך אַרויס אין די פאָלגענדע דיאלאָגען מיט איינעם פון די אונטערזוכונג-קאָמיסאַרען. יערעמיאַס הייגס, 12 יאָהר אַלט: ...„פיער מאָל פיער איז אַכט, אָבער פיער פיערער (4 שטונדען) זיינען 16... אַ קעניג איז ווער, צו וועמען עס געהערט נאָר די געלד און גאָלד. מיר האָבען אַ קעניג מען זאָגט, ער איז אַ קעניגין, זיי רופען זי פּרינצעסין אַלעקסאַנדרא. מען זאָגט, זי האָט געהייראַט דער קעניגין׳ס זוהן. אַ פּרינצעסין איז אַ מאַן.״ וויליאַם טורנער, 12 יאָהר: „כ׳לעב ניט אין ענגלאַנד. כ׳געדענק ס׳איז דאָ אזא לאַנד, כ׳האָב פריער נישט געוואוסט.״ דזשאהן מאָרריס, 14 יאָהר אַלט: „האָב געהערט זאָגען, אז גאָט האָט געמאַכט די וועלט, און אַז ער האָט אַלע מענשען דערטרונקען אויסער איינעם; האָב געהערט, דער איינער איז געווען אַ קליינער פויגעל.״ וויליאַם סמיטה, 15 יאָהר אַלט: „גאָט האָט געמאַכט דעם מאַן דער מאַן האָט געמאַכט די ווייב.״ עדוואַרד טיילאָר, 15 יאָהר אַלט: „כ׳ווייס ניט פון לאָנדאָן.״ הענרי מעטיומאַן, 17 יאָהר אַלט: כ׳געה אַמאָל אין קירך... איין נאָמען, וואָס זיי פּרעדיגען וועגען איהם. איז געווען אַ געוויסער יעזוס קריסט, אָבער איך קאָן ניט אָנרופען קיין אַנדערע נעמען און קאָן גאָרניט זאָגען וועגען איהם אויך ניט. מען האָט איהם ניט גע׳הרג׳עט, ער איז געשטאָרבען ווי אַנדערע מענשען. ער איז ניט געווען ווי אַנדערע לייט אין אַ געוויסען אופן, ווייל ער איז געווען רעליגיעז אין אַ געוויסען אופן און אַנדערע איז ניט״ „He was not the same as other people in some ways, because he was religious in some ways, and others is not". דאָרט גופא, 74, ז. 15. „דער טייוועל איז אַ גוטער פּערזאָן. איך ווייס ניט וואו ער לעבט. קרייסט איז געווען אַ שלעכטער וגו.״ — אָט דאָס מיידעל (10 יאָהר אַלט) האָט אויסגעלעגט גאָט דאָג (God, dog) און האָט ניט געוואוסט דעם נאָמען פון דער קעניגין.״ (ד. ג. 5טער ראַפּאָרט 1866, ז. 55, 278.)

דערזעלביגער סיסטעם פון די דערמאָנטע מעטאַל-פאַבריקען הערשט אין די גלאָז- און פּאַפּיער-פאַבריקען. אין די פּאַפּיער-פאַבריקען, וואו דאָס פּאַפּיער ווערט געמאַכט מיט מאַשינען, איז די נאַכט-ארבייט דער רעגעל פאַר אַלע פּראָצעסען אויסער פאַר דער סאָרטירונג פון די קאָדער. אין איינגע פאַלען ווערט די נאַכט-אַרבייט, דורך אָבּוועכסעלנדע שיכטען, פאָרטגעזעצט אָהן אַן אויפהער די

לאמיר איצטער הערן ווי דער קאפיטאל אליין פאסט אויף אט דעם 24־שטונדען־סיסטעם. די איבערטרייבונגען פון דעם סיס־טעם, זיין מיסברויך ביז צו דער „גרויזאמער און אונגלויבליכער" פערלענגערונג פון דעם ארבייטס־טאג, געהט ער נאטירליך אריבער מיט שטילשווייגען. ער רעדט נאר פון דעם סיסטעם אין זיין „נארמאלער" פארם.

די הערן ביילאר און וויקערס, שטאהל־פאבריקאנטען, וועלכע בעשעפטיגען צווישען 600 און 700 פערזאן, דערונטער נאר 10 פראצענט יונגע מענשען אונטער 18 יאהר, און דערפון ווידער נאר 20 אינגלעך אין די נאכט־שיכטען, זאגען זיך ארויס ווי פאלגט: „די אינגלעך הויבען גאר ניט אן צו ליידען פון דער היטץ. די טעמפעראטור איז וואהרשיינליך פון 30 ביז 32 גראד צעלזיוס [86 ביז 90 פארנהייט].... ביי די שמיעדרייען און וואלץ־ווערקען ארבייטען די הענד טאג און נאכט אין אבבייטענדע

גאנצע וואך, געוועהנליך פון זונטאג ביינאכט ביז 12 אוהר ביינאכט דעם נעקסטען שבת. די בייטאגיגע שיכט ארבייט 5 טעג צו 12 שטונדען און איין טאג 18 שטונדען; די ביינאכטיגע שיכט—5 נעכט צו 12 שטונדען און איין נאכט 6 שטונדען אין יעדער וואך. אין אנדערע פעלען ארבייט יעדע שיכט 24 שטונדען נאך דער רייה יעדען אנדערן טאג. איין שיכט ארבייט 6 שטונדען מאנטאג און 18 שטונדען שבת, כדי צו מאכען פולע 24 שטונדען. נאך אין אנדערע פעלען איז איינגעפיהרט א צווישען־סיסטעם, אין וועלכען אלע וואס זיינען אנגעשטעלט ביי דער פאפיער־מאכען־מאשינעריע, ארבייטען יעדען טאג אין וואך פון 15 ביז 16 שטונדען. אט דער סיסטעם, זאגט דער אונטערזוכונג־קאמיסאר לארד, פער־איינינגט אין זיך אלע איבלען פון דער 12 שטונדיגער און 24 שטונדיגער אב־בייטונג. קינדער אונטער 13 יאהר, יונגע לייט אונטער 18 יאהר און פרויען ארבייטען אונטער אט דעם נאכט־סיסטעם. אפטמאל, אין דעם 12־שטונדען־סיסטעם, ווען איינינגע ארבייטער קומען ניט, מוזען זיי ארבייטען א טאפעלטער רייה פון 24 שטונדען. די אויסזאגונג פון עדות בעווייזען, אז אינגלעך און מיידלעך ארבייטען זעהר אפט איבערצייט. וואס שפרייט זיך ניט זעלטען אויס ביז 24 און אפילו ביז 36 שטונדען נאכאנאנדיגע ארבייט. אין דעם „אנהאל־טענדען און אונפערענדערליכען" פראצעס פון גלאזירן געפינט מען מיידלעך פון 12 יאהר, וועלכע ארבייטען דורך גאנצע מאנאט כסדר 14 שטונדען טעגליך, „אהן א וועלכער עס איז רעגעלמעסיגער ערהאלונג אדער הפסקה, א חוץ 2, העכסטענס 3 האלבע שטונדען פאר מאהלצייטען." אין איינינגע פאבריקען, וואו מען האט איינגאנצען אויפגעגעבען די רעגולערע נאכט־ארבייט, ווערט שרעקליך פיעל איבערצייט געארבייט, און „דערצו זעהר אפט אין די שמוציגסטע, הייסע־סטע און איינטאניגסטע פראצעסען." (ה, ג, 4טער ראפארט, 1865, ז, 38 און 39.)

שיכטען, אָבער אין אַלע איבעריגע טיילען פון דער ארבייט נאָך טאָג־ארבייט, פון 6 אוהר אין דער פריה ביז 6 אוהר אין אבענד. אין די שמיעדערייען זיינען די שטונדען פון 12 ביז 12. איניגע הענד ארבייטען שטענדיג ביי נאַכט, ניט בייטענדיג אמאָל ביי טאָג און אמאָל ביי נאכט.... מיר געפינען ניט איין, אז טאָג־ אָדער נאכט־ארבייט זאָל מאכען א ווילכען עס איז אונטערשייד אין געזונד (פון די הערען בייליאָר און וויקערס?), און וואהר־ שיינליך שלאָפען מענשען בעסער ווען זיי האָבען דיזעלביגע רוה־ צייט, איידער ווען זי בייט זיך.... אונגעפעהר 20 אינגלעך אונטער 18 יאָהר ארבייטען אין די נאכט־שיכטען.... מיר וואָלטען ניט געקאָנט רעכט אויסקומען אָהן דער נאכט־ארבייט פון אינגלעך אונטער 18 יאָהר. אונזער איינוועגדונג איז—די פערגרעסערונג פון די פּראָדוקציאָנס־קאָסטען. פעהיגע ארבייטער און וועלק־פיהרער זיינען שווער צו בעקומען, אָבער אינגלעך קריגט מען וויפיעל מען וויל... נאטירליך, בעטראכטענדיג די קליינע פּראָפּאָרציע אינגלעך, וואָס מיר בעשעפטיגען, וואָלטען די בע־ שרענקונגען פון נאכט־ארבייט געווען פאר אונז פון קנאפער וויכ־ טיגקייט אָדער אינטערעס."[99]

הערר דזש. עלליס, פון דער פירמע דזשאהן בראון און קאָ., שטאָהל און אייזען־פאבריקאנטען, וועלכע בעשעפטיגען 3000 מע־ נער און אינגלעך, און ביי א טייל פון דער שווערער שטאָהל־ און אייזען־ארבייט „טאָג און נאכט אין אָבבייטענדע שיכטען", ער־ קלערט, אז אין די שווערערע שטאָהל־ארבייטען קומט אויס 1 אָדער 2 אינגלעך אויף יעדע צוויי מענער. זייער געשעפט האלט 500 אינגלעך אונטער 18 יאָהר, דערפון איז אן ערך א דריטעל אָדער 170 אונטער 13 יאָהר. בנוגע דער פאָרגעשלאָגענער ענדערונג אין געזעץ, זאָגט הערר עלליס: „איך דענק ניט, מען זאָל קאָנען פיעל אויסזעצען אַנטקעגען דער פאָדערונג, אז קיין פערזאָן אונטער 18 יאָהר זאָל ניט ארבייטען מעהר ווי 12 שטונדען אין א מעת־ לעת. איך גלויב אָבער ניט, אז מען קאָן בעשטימען דעם פונקט פון עלטער אריבער 12, ווען עס זאָל זיין מעגליך אויסצוקומען אָהן אינגלעך פאר נאכט־ארבייט. מיר וואָלטען גיבער אָנגענומען

---

[99] 4טער ראַפּאָרט, (1865) 79, ז, 16.

אַ גנזעץ גאָרניט צו בעשעפטיגען קיין אינגלעך אונטער 13 אָדער אפילו אונטער 15 יאָהר, איידער אַ פערבאָט ניט צו לאָזען די אינגלעך, וואָס מיר האָבען שוין, אַרבייטען ביינאַכט. די אינגלעך, וועלכע אַרבייטען אין דער טאָג־שיכט, מוזען אַלס אָבבייט אויך אַרבייטען אין דער נאַכט־שיכט, וואָרים די מענער קאָנען ניט אָהן אַן אויפהער טהאָן נאַכט־אַרבייט; עס וואָלט רואינירן זייער געזונד. פונדעסטוועגען גלויבען מיר, אַז נאַכט־אַרבייט יעדע אַנדער וואָך שאָדט ניט (די הערען ניילאָר און וויקערס האָבען, אין די אינטערעסען פון זייער געשעפט, געגלויבט פערקעהרט, אַז דוקא די פּעריאָדיש זיך בייטענדע נאַכט־אַרבייט און ניט די שטענדיגע איז שעדליך פאַר'ן געזונד.) מיר געפינען, אַז די וועלכע טהוען נאַכט־אַרבייט יעדע אַנדערע וואָך, זיינען פּונקט אַזוי געזונד ווי די, וואָס אַרבייטען נאָר ביי טאָג... אונזערע איינוועגדונגען אַנטקעגען דעם פערבאָט צו לאָזען אַרבייטען יונגע לייט אונטער 18 יאָהר נאַכט־אַרבייט וואָלטען געמאַכט ווערן נאָר אויף דעם גרונד, וואָס עס וואָלט פערגרעסערן די קאָסטען, ניט צוליעב וועלכען עס איז אַנדער גרונד. (ווי ציניש נאַאיוו!) מיר דענקען, אַז די דאָזיגע קאָסט־פערמעהרונג וואָלט געווען גרעסער איידער דאָס געשעפט, נעהמענדיג אין בעטראַכט זיין ערפאָלגרייכע אָנפיהרונג, וואָלט געקאָנט געהעריג אַריבערטראָגען. (וואָס פאַר אַ זים־רעדעוודיגע פראַזעאָלאָגיע!) אַרבייט־הענד זיינען דאָ ווייניגלעך און עס קאָן קומען צו־קורץ, ווען מען זאָל איינפיהרען אַזאַ רעגולאַציע (ד. ה. עללים, בראון און קאָ. קאָנען אַריינפאַלען אין דער סכנותדיגער פערלעגענהייט צו מוזען צאָהלען דעם פולען ווערט פון דער אַרבייטס־קראַפט).''100

די „ציקלאָפּ שטאָהל און אייזען ווערק'' פון די הערען קאַממעל און קאָ. ווערן געפיהרט אויף דעמזעלבען גרויסען מאָםשטאַב ווי די פאַבריק פון די פריהער דערמאָנטע דזשאָהן בראון און קאָמפּ. דער געשעפט־פיהרענדער דירעקטאָר האָט אַריינגעגעבען דעם רעגירונג־קאָמיסאַר ווהייט זיין עדות־זאָגונג שריפטליך, ער האָט אָבער געפונען פאַר נויטיג שפּעטער, ווען דער מאַנוסקריפּט איז איהם צוריקגעקעהרט געוואָרען נאָך אַמאָל איבערצוקוקען, איהב

100) דאָרט גופא 82, ז. 16.

אינגאַנצען צו אונטערדריקען. מר. וואַייט אָבער האָט אַ גוטען זכרון. ער געדענקט גאַנץ גענוי, אַז פאַר אָט די הערען ציקלאָפּען איז דער פערבאָט פון נאַכט־אַרבייט פאַר קינדער און יונגע לייט „אַ זאַך דער אונמעגליכקייט; עס וואָלט געווען אַלץ איינס ווי צו־מאַכען זייער פאַבריק", און דאָך האָט זייער געשעפט בלויז געהאַט עפּעס מעהר ווי 6 פּראָצענט יונגע לייט אונטער 18 און נאָר 1 פּצט. אונטער 13 יאָהר.[101]

וועגען דעמזעלבען געגענשטאַנד דערקלערט העררע. פּ. סאַנדערסאָן פון דער פירמע סאַנדערסאָן בראָדהערס און קאָ., שטאָהל־וואַלצען און שמידעריי־ווערק אין אַטטערקליף: „גרויסע שוועריגקייטען וואָלטען ארויסגעקומען פון דעם פערבאָט ניט צו לאָזען אינגערע ווי 18 יאָהר ארבייטען ביי נאַכט. די הויפּט שוועריגקייט וואָלט געקומען פון דער פערגרעסערונג פון די קאָסטען, וואָס אָנשטעלען מענער אַנשטאַט קינדער וואָלט מיטגעבראַכט. וויפיעל דאָס וואָלט בעטרעפען קאָן איך ניט זאָגען, אָבער וואַהרשיינליך וואָלט עס ניט געווען אַזויפיעל, אַז דער פאַבריקאַנט זאָל צוליעב דעם קאָנען העכערן דעם פּרייז פון שטאָהל, פאָלגליך וואָלט דער היזק געפאַלען אויף איהם, היות ווי די אַרבייטער (אַזאַ עס קשה עורף דאָס איז!) וועלען זיך נאַטירליך אָבזאָגען צו טראָגען דעם היזק." מר. סאַנדערסאָן ווייס ניט וויפיעל ער צאָהלט די קינדער, אָבער „עס מאַכט אפשר אויס פון 4 ביז 5 שילינג פער קאָפּ.... די קינדער־אַרבייט איז פון אַזאַ סאָרט, פאַר וועלכער די כחות פון די אינגלעך איז בכלל („דזשענעראַללי", פערשטעהט זיך ניט אַלעמאָל) גאַנץ גענוג, און בכן וואָלט ניט געווען קיין געווינס אין די גרעסערע כחות פון די מענער, וואָס זאָל באַלאַנסירן דעם היזק, סייִדען נאָר אין די ווייניגע פעלען, ווען דער מעטאַל איז זעהר שווער. די מענער וואָלט נאָר ניט געפעלען ניט צו האָבען קיין אינגלעך אונטער זיך, וואָרים מענער־העלפער וואָלטען ניט זיין אַזוי געהאָרכזאַם. אויסער דעם, די אינגלעך מוזען אָנפאַנגען יונג, כדי זיך אויסצולערנען די אַרבייט. האַלטען די אינגלעך בלויז אויף טאָג־אַרבייט וואָלט ניט ערפילען דעם צוועק." אָבער פאַר וואָס ניט? פאַר וואָס קאָנען אינגלעך זיך ניט אויסלערנען

[101] דאָרט גופא 22, ז. 17

זייער מלאכה ביטאָג? וואו איז דער שכל? „ווייל די מענער, וועלכע ארבייטען איין וואָך ביטאָג און איין וואָך ביינאַכט, וועלען א העלפט צייט ניט האָבען אונטער זיך די אינגלעך, און וועלן אויף דעם אופן פערלירן א העלפט פראָפיט, וואס זיי שלאָגען ארויס פון די אינגלעך. וואס זיי לערנען די אויסהעלפער די מלאכה ווערט בע־רעכענט ווי א טייל פון דעם ארבייט־לוין פון די אינגלעך, און די מענער קריגען דעריבער די אינגלעך'ס ארבייט ביליגער. יעדער מאן וועט פערלירן א העלפט פון זיין פראָפיט.“ (מיט אנדערע ווערטער, די הערען סאנדערסאָן וועלען מוזען צאָהלען א טייל פון דעם ארבייט־לוין פון די דערוואַקסענע מענער פון דער אייגענער קעשענע, אנשטאט מיט דער נאכט־ארבייט פון די אינגלעך. דער פראָפיט פון די הערען סאנדערסאָן וואָלט ביי דער געלעגענהייט אביסל ארונטערגעפאַלן, און דאָס איז דער סאנדערסאָנישער גוטער גרונד, פאר וואָס די אינגלעך וועלען ביטאָג זיך ניט קאָנען אויס־לערנען זייער מלאכה.)102 דערצו וואָלט דאָס ארויפגעוואָרפן אויף די מענער רעגולערע נאכט־ארבייט, וועלכע ווערט איצט געטאָן פון די אינגלעך, און זיי וואָלטען דאָס ניט אויסגעהאַלטען. קורץ און גוט, די שוועריגקייטען וואָלטען געווען אזוי גרויס, אז זיי וואָלטען וואהרשיינליך געפיהרט אויפצוגעבען די נאכט־ארבייט גאַר אינ־גאנצען. אָבער —“ אָבער די הערען סאנדערסאָן דארפען מאכען עפּעס וויכטיגערס איידער שטאָהל. די שטאָהל־מאַכעריי איז נישט מעהר ווי אַן אויסרייד פאר דער פּלוס־מאַכעריי [מאכען מעהרווערטה]. די שמעלץ־אויוונס, וואַלץ־ווערק א.אז. וו., די גע־ביידען, די מאַשינעריע, דאָס אייזען, די קוילען א. אז. וו. האָבען עטוואָס מעהר צו טהאָן, איידער זיך צו פערוואנדלען אין שטאָהל. זיי זיינען פאראן, כדי איינצוזויגען מעהרווערטה, און עס פער־שטעהט זיך, זיי זויגען מעהר אין 24 שטונדען ווי אין 12 שטונדען. פאַקטיש גיבען זיי די סאנדערסאָנס אַן אָנווייזונג, אין נאָמען פון גאָט און געזעץ, אויף דער ארבייט־צייט פון א געוויסער צאָהל

102) „אין אונזער רעפלעקטירענדער און רעזאָנירענדער צייט איז א מענש נאָך ניט ווייט געקומען, אויב ער קאָן ניט אָנגעבען א גוטען גרונד אפילו פאר דאָס ערגסטע און פאַלשסטע. אלץ וואס איז פערדאָרבען געוואָרן אויף דער וועלט, איז דאָס פערדאָרבען געוואָרן צוליב גוטע גרינדען.“ (העגעל. ענציקלאָפּעדיע, ערשטער טייל: די לאָגיק. בערלין 1840, ז. 249.)

הענד פאר פולע 24 שטונדען א טאג; און זיי פערלירן זייער קאפיטאל־כאראקטער, זיי זיינען, הייסט עס, א ריינער היזק פאר די סאנדערסאנס, אזוי באלד ווי זייער פונקציע פון צריינזויגען ארבייט ווערט אבגעשטעלט. „אבער דאן וואלט געווען א היזק פון דעם, וואס אזויפיעל קאסטבארע מאשינעריע וואלט געשטאנען לעדיג א העלפט צייט; און כדי ארויסצוקריגען דיזעלבע מאסע פראדוקטען, וואס מיר האבען בכח לויט דעם איצטיגען סיסטעם, וואלטען מיר געמוזט פערטאפלען דעם פלאץ און די מאשין־ווערק, וואס וואלט פערטאפלען דעם אויסגעלעגטען קאפיטאל.״ פארוואס אבער ווילען דוקא די סאנדערסאנס האבען א פריווילעגיע איבער די אנדערע קאפיטאליסטען, וועלכע מעגען נאר לאזען ארבייטען בייטאג, און זייערע געביידען, מאשינעריע און רויה־מאטעריאל שטעהען דעריבער לעדיג ביינאכט? „עס איז אמת״, ענטפערט ע. פ. סאנדערסאן אין נאמען פון אלע סאנדערסאנס: עס איז אמת, אז דעם היזק פון לעדיג־שטעהענדע מאשינעריע ליידען אלע פאבריקאנטען, ביי וועלכע מען ארבייט נאר בייטאג. אבער דער געברויך פון די שמעלץ־אויוועגס וואלט אין אונזער פאל מיטגע־בראכט אן איבעריגען היזק. האלט מען זיי אין גאנג [דורך דער נאכט] ווערט חרוב ברענמאטעריאל (אנשטאט וואס איצט ווערט חרוב דער לעבענס־מאטעריאל פון די ארבייטער), און האלט מיין זיי ניט אין גאנג, פערלירט מען צייט אויף וויעדער איינהייצען און בעקומען דעם נויטיגען גראד היטץ (בעת אבער דער פערלוסט אין שלאף־צייט, אפילו פון 8 יאהריגע קינדער איז א געווינס אין ארבייט־צייט פאר דעם סאנדערסאן געזינדעל) און די אויוועגס אליין וואלטען געליטען פון די ענדערונגען אין דער טעמפעראטור״ (בעת פערקעהרט פון די טאג און נאכט־ענדערונג פון דער ארבייט ליידען די דאזיגע אויוועגס גארניט.)[103]

---

[103] דארט גופא, 4טער ראפארט 1865, ז. 85. = אויף פונקט אזוינע צארטע אויסרעכענונגען פון די הערען גלאז־פאבריקאנטען, אז עס איז אונמעגליך צו לאזען די קינדער האבען רעגעלמעסיגע מאהלצייטען, ווייל דורכדעם וועט א בע־שטימטער סכום היטץ, וואס די אויוועגס שטראהלען ארויס, זיין א „ריינער היזק״ אדער וועט „געהן לאיבוד״, האט אבגעענטפערט דער אונטערזוכונג־קאמיסאר וואהייט. זיין ענטפער איז גאר ניט גלייך צו דעם ענטפער פון אורע, סעניאר עמצ. און זייערע קליינע דייטשע נאכבילער, ווי ראשער און אנדערע, וועלכע

## 5. דער קאמף פאר א נארמאלען ארבייטס-טאג.

### די צוואנג געזעצען צו פערלענגערן דעם ארבייטס-טאג פון מיטען 14טען ביז'ן סוף 17טען יאהרהונדערט.

וואס איז אן ארבייטס-טאג? ווי גרויס איז די צייט, אין משך פון וועלכער דער קאפיטאל מעג קאנזומירן די ארבייטס-קראפט, וואס ער האט בעצאהלט פאר איהר טעגליכען ווערטה?

זיינען געריהרט פון דער „אבגעהאלטענקייט”, „ענטזאגונג” און „שפארזאמקייט” פון די קאפיטאליסטען און אויסגעבען זייער געלד און פון זייער טימור-טא-מערלאנישער” פערשווענדונג פון מענשענלעבענס. „א געוויסע סומע היטץ, מעג טאקע זיין, וועט פערשווענדעט ווערן מעהר ווי איצטער, דורכדעם וואס מען וועט זיי לאזען האבען רעגעלמעסיגע מאהלצייטען, אבער עס קאן זיך ניט פערגלייכען אפילו אין געלד-ווערטה מיט דער פערשווענדונג פון לעבענס-קראפט, וואס געהט אן איצטער אין די גלאז-הוטען איבער'ן גאנצען לאנד, דערפון וואס וואקסענדע קינדער האבען ניט גענוג צייט צו עסען רוהיג זייערע מאהלצייטען און קאנען זיך ניט אברוהען אביסעל צו פערדייהען דאס עסען.” (דארט גופא, ז. 45.) און דאס פאסירט אין דעם פארטשריט-יאהר 1865! שוין ניט צו רעדען פון די כחות, וואס ווערן אויסגעגעבען אין העבען און טראגען, מארשירט אזא קינד דורך, בעת ער טהוט זיין ארבייט אין די הוטען וואו מען מאכט פלעשער און פלינט-גלאז, פון 15 ביז 20 מייל אין 6 שטונדען! און די ארבייט דויערט אפט פון 14 ביז 15 שטונדען! אזוי ווי אין וועב-פאבריקען פון מאסקווע, אזוי הערשט אויך אין פיעלע פון אט די גלאז-הוטען דער סיסטעם פון 16שטונדיגע ארבייט-שיכטען. „אין משך פון דער ארבייט-צייט פון וואך זיינען 6 שטונדען די העכסטע ניט-איבערגעהאקטע רוה-פעריאדע, און דערפון געהט אראב די צייט, וואס דויערט צו געהן צו און פון דער פאבריק, וואשען, אנטאן זיך, עסען, וואס פערנעהמט אלץ צייט. אזוי בלייבט אין דער ווירקליכקייט נאר די קירצעסטע רוה-צייט. ניטא קיין צייט פאר שפיעלען און פרישער לופט, סיידען אויפ'ן חשבון פון שלאפען, וואס איז אזוי נויטיג פאר קינדער, וועלכע טהוען אזעלכע אנשטרענגענדע ארבייט אין אזא הייסער אטמאספערע.... אפילו דער קורצער שלאף ווערט לייכט אונטערבראכען, ווארים דאס קינד מוז זיך אליין וועקען ביינאכט אדער ווערט אויפגעוועקט פון דעם דרויסענדיגען ליארם בייטאג.” הערר וואייט ברענגט פעלען, וואו א איינגעל האט געארבייט 36 שטונדען נאכ-אנאנד; און וואו איינגלעך פון 12 יאהר האבען געארבייט ביז 2 אוהר ביינאכט, און דערנאך זיך צוגעלעגט שלאפען אין הוטע ביז 5 אוהר אין דער פריה (3 שטונדען!), כדי דעם טאג ארבייט אנצופאנגען פון דאס ניי! „די מאסע אר-בייט”, זאגען די צונויפשטעלער פון דעם אלגעמיינעם בעריכט, טרעמענהעער און טופנעל, „וואס די איינגלעך, מיידלעך און ווייבער טהוען אב אין משך פון זייער

ווי ווייט מעג דער ארבייטס־טאג פרעלענגערט ווערן אריבער דער ארבייטס־צייט, וואס איז נויטיג צו רעפראדוצירן די ארבייטס־קראפט גופא? אויף אט די פראגען, ווי מיר האבען געזעהן, ענטפערט דער קאפיטאל: דער ארבייטס־טאג בעשטעהט פון פולע 24 שטונדען, פון וועלכע עס ווערט ארונטערגעצויגען עטליכע שטונדען פאר אברוה, ווייל אהן דעם ענטזאגט זיך אבסאלוט די ארבייטס־קראפט אנצופאנגען איהר דיענסט פון דאס ניי. עס איז דערפון קלאר, אז דער ארבייטער איז זיין גאנצען לעבען־לאנג מעהר גארנישט א חוץ ארבייטס־קראפט; אז די גאנצע צייט, וואס שטעהט אין זיין רשות, איז דעריבער פון דער נאטור און לויט'ן געזעץ ארבייט־צייט, און בכן געהערט עס פאר דער זעלבסט־פערווערטונג פון קאפיטאל. צייט פאר מענשליכער בילדונג, פאר גייסטיגער ענטוויקלונג, פאר דער ערפילונג פון געזעלשאפטליכע פונקציעס, פאר דעם געזעליגען פערקעהר, פאר דעם פרייען שפיעל פון די קערפערליכע און גייסטיגע קרעפטען, אפילו די רוהע־צייט פון דעם זונטאג—און אפילו אויך אין דעם לאנד פון שבת־הייליגע[104]—אלץ דברים בטלים! אבער אין זיין בלינדער גרעניצ־

נאכט־ אדער טאג־בעשעפטיגונג, איז פאבעלהאפטיג." (דארט גופא, ז. 43 און 44.) בעת מעשה קאן שפעט ביינאכט דער „זיך־ענטזאגענדער" גלאז־קאפיטאל געהן וויעגענדיג־זיך אהיים פון קלוב, שכור'לעך פון פארט־וויין, און אידיאטיש אונטערזינגענדיג צו זיך אליין: "Britons never, never shall be slaves!" [קיינמאל, קיינמאל וועלען בריטאניער שקלאווען זיין!]

[104] אין ענגלאנד צ.ב.ש. ווערט נאך אלץ אויפ'ן לאנד אז ארבייטער אפטמאל פערארורטיילט צו א געפענגניש־שטראף פאר חלול שבת [ד.ה. חלול זונטאג, דער קריסטליכער שבת], ווען מען כאפט איהם ארבייטענדיג אין גארטען פאר זיין הויז. דערזעלביגער ארבייטער ווערט בעשטראפט פאר ברעכען זיין קאנטראקט, ווען ער נעהמט ניט ארבייטען אום זונטאג אין דער מעטאל־, פאפיער־ אדער גלאז־פאבריק, אפילו מחמת א רעליגיעזען גרונד. דער ארטאדאקסישער פארלא־מענט איז טויב פאר חלול שבת, אויב די דאזיגע פערשוועכונג קומט פאר אין דעם „פערוועלטונגס־פראצעס" פון קאפיטאל. א דענק־שריפט (אויגוסט 1863), אין וועלכער די לאנדאנער טאג־ארבייטער אין די פיש־ און עופות־קראמען פער־לאנגען די אבשאפונג פון זונטאג־ארבייט, בעשרייבט דעם פאקט, אז זייער ארבייט א גאנצע וואך דויערט דורכשניטליך 15 שטונדען א טאג און זונטאג פון 8 ביז 10 שטונדען. פון דערזעלבער דענק־שריפט דערוויסען מיר זיך אויך, אז די פיינשמעקער און זוללים וסובאים צווישען די אריסטאקראטישע היפאקריטען פון עקזעטער האל האלטען ספעציעל אויף די דאזיגע זונטאג־ארבייט. אט די „היי־

לאָזער ליידענשאַפט, אין זיין וואָלפישען הונגער נאָך מעהר־אַרבייט, טרעט קאַפּיטאַל אריבער ניט נאָר די מאָראַלישע, נאָר אפילו אויך די ריין פיזישע מאַקסימאַל־גרעניצען פון דעם ארבייטס־טאָג. ער אוזורפּירט די צייט פאַר וואַקסען, פאַר דער ענטוויקלונג און דער געזונדער אויפהאַלטונג פון קערפּער. ער רויבט אוועק די צייט, וואָס פאָדערט זיך אריינצונעהמען פרייע לופט און זונענליכט. ער רייסט אָב די צייט פון עסען און שטופּט זי אריין וואו נאָר מעגליך אין דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס גופא, אזוי אז דאָס עסען ווערט אונטערגערוקט דעם ארבייטער, ווי ער וואָלט געווען בלויז א פּראָדוקציאָנס־מיטעל, פּונקט ווי מען שיט צו קויהלען אונטער דעם דאַמף־קעסעל, אָדער ווי מען גיט די מאַשינעריע חלב אָדער אויל. דעם געזונדען שלאָף אויף אָנצוזאַמלען, בענייען און דערפרישען די לעבענס־קראַפט, רעדוצירט ער צו די עטליכע שטונדען שלאָף־פערזונקענהייט, וואָס מען מוז האָבען, כדי ווידער אויפצולעבען דעם אבסאָלוט ערשעפּטען אָרגאַניזם. אנשטאָט וואָס די נאָרמאַלע אויפהאַלטונג פון דער ארבייטס־קראַפט זאָל בעשטימען די גרעניצען פון דעם ארבייטס־טאָג, בעשטימט פערקעהרט די מעגליך־גרעסטע טעגליכע פערווענדונג פון דער ארבייטס־קראַפט, ווי קרענקליך־געוואַלטזאַם און פּיינליך זי זאָל ניט זיין, די גרעניצען פאַר דעם ארבייטער'ס רוה־צייט. קאַפּיטאַל פרעגט זיך ניט נאָך וועגען דעם לעבענסדויער פון דער ארבייטס־קראַפט. וואָס איהם אינטערעסירט איז מעהר גאָרנישט א חוץ דער מאַקסימום פון ארבייטס־קראַפט, וואָס קאָן אין איין ארבייטס־טאָג געבראַכט ווערן אין בעוועגונג. ער דערגרייכט זיין צוועק דורכדעם, וואָס ער פערקירצט די דויערהאַפטיגקייט פון דער ארבייטס־קראַפט, פּונקט ווי א גייציגער לאַנד־ווירטה קריגט ארויס א פערגרעסערטע הכנסה פון'ם באָדען, דורכדעם וואָס ער בערויבט די באָדען־פרוכטבאַרקייט.

די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן, וועלכע איז בעצם א פּראָ־

ליגע", וועלכע זיינען אזוי אייפריג „אין קוטע קוראַנדא" [אין זייער זאָרגען זיך פאַר די תענוגי הגוף], ציינען ארויס זייער קריסטענטום דורך דעם עניוות'דיגען נעמיטה, מיט וועלכען זיי זיינען מקבל באהבה די איבער־ארבייט, די ליידען און דעם הונגער פון אנדערע. "Obsequium Ventris istis perniciosius est" [אנשטאָפּען דעם בויך איז פאַר זיי (די ארבייטער) פיעל שעדליכער.]

דוקציאן פון מעהרווערטה, אן ארייגזויגען פון מעהר־ארבייט, פראדוצירט אויף דעם אופן, דורך דער פערלענגערונג פונ'ם ארבייטס־טאג, ניט בלויז די פערוויסטונג פון דער מענשליכער ארבייטס־קראפט, וועלכע ווערט בערויבט פון איהרע נארמאלע מאראלע און פיזישע בעדינגונגען פון ענטוויקלונג און טהעטיגקייט. זי פראדוצירט די פארדערצייטיגע ערשעפונג און אבטויטונג פון דער ארבייטס־קראפט גופא.[105] זי פערלענגערט די פראדוקציאנס־צייט פון דעם ארבייטער אין דעם משך פון א געוויסען טערמין, דורכדעם וואס זי פערקירצט די צייט פון זיין לעבען.

דער ווערטה אבער פון דער ארבייטס־קראפט שליסט איין דעם ווערטה פון די סחורות, וואס זיינען נויטיג צו רעפראדוצירן דעם ארבייטער אדער פארטצופלאנצען דעם ארבייטער־קלאס. וויבאלד, הייסט עס, די אוננאטירליכע פערלענגערונג פון דעם ארבייטס־טאג, צו וועלכער קאפיטאל מוז נויטיגערוויז שטרעבען אין זיין גרעניצלאזער לײדענשאפט פאר זעלבסט־פערמעהרונג, פערקירצט די לעבענס־פעריאדע פון די איינצעלנע ארבייטער און דערמיט די דויערהאפטיגקייט פון זייער ארבייטס־קראפט, ווערט שנעלער נויטיג צו פערבייטען דעם פלאץ פון די אויסגענוצטע ארבייטס־קרעפטען. דאס הייסט, עס געהען אריין גרעסערע אבניצונג־קאסטען אין דער רעפראדוקציאן פון דער ארבייטס־קראפט, פונקט אזוי ווי דער טייל ווערטה פון א מאשין, וואס מוז טעגליך רעפראדוצירט ווערן, איז אויף אזויפיעל גרעסער, אויף וויפיעל שנעלער זי ווערט אבגענוצט. אויף דעם אופן זעהט אויס, אז דעם קאפיטאל'ס אייגענער אינטערעס ווייזט איהם אן אויף דער נויטיגקייט איינצופיהרן א נארמאלען ארבייטס־טאג.

דער שקלאווען־האלטער קויפט אן ארבייטער ווי ער קויפט א פערד. ווען ער פערלירט דעם שקלאף, פערלירט ער א קאפיטאל, און ער מוז מאכען א נייעם אויסלאג אויפ'ן שקלאווען־מארק, כדי צו קריגען אנאנדערן אויף זיין פלאץ. אבער „די רייז־פעלדער

---

[105] „מיר האבען אין אונזערע פריהערדיגע בעריכטען איבערגעגעבען די עדות־זאגונג פון פערשיידענע ערפאהרענע פאבריקאנטען, וועלכע האבען בעהויפטעט, אז איבער־ארבייט... ברענגט אהן צווייפעל מיט זיך די געפאהר, אז די ארבייטס־קראפט פון די ארבייטער וועט ערשעפט ווערן פאר דער צייט." (דארט גופא, 64, ז. 13.)

פון דזשארדזשיע און די זומפען פון מיסיסיפי מעגען ווירקען ווער ווייסט ווי שעדליך אויף דעם מענשליכען ארגאניזם, פונ־דערבאפויעריזן איז די דאזיגע פערוויסטונג פונ'ם מענשליכען לעבען ניט אזוי גרויס, אז מען זאל זי ניט קאנען ווידער גוט מאכען פון די מערק פון ווירדזשיניע און קענטאקי, וואו די נעגער־שקלא־ווען געפינען זיך לרוב. עקאנאמישע אויסרעכענונגען, וועלכע וואלטען געקאנט געבען א געוויסע זיכערקייט פאר א מענשליכער בעהאנדלונג פון די שקלאווען, אין דעם ערך וואס זיי פעראייניגען די אינטערעסען פון די הארען מיט דער אויפהאלטונג פון די שקלאווען, ווערן, נאכדעם ווי דער שקלאווען־האנדעל איז איינמאל איינגעפיהרט, פערקעהרט א גרונד פאר דער ערגסטער פערוויסטונג פון דעם שקלאף; ווארים וויבאלד מען קאן אלעמאל אויספילען זיין פלאץ פון פרעמדע נעגער־מערק, ווערט דער דויער פון זיין לעבען וועניגער וויכטיג, איידער זיין פראדוקטיוויטעט כל זמן זיין לעבען דויערט. עס איז דעריבער א כלל פון דער שקלאווען־ווירטה־שאפט, אין לענדער וועלכע אימפארטירען שקלאווען, אז די ווירק־זאמסטע עקאנאמיע בעשטעהט אין ארויספרעסען פון דעם מענשען־פיה (Human chattel) די מעגליך־גרעסטע מאסע לייסטונגען אין דער מעגליך־קירצעסטער צייט. דוקא אין דער טראפישער קול־טיווירונג, וואו דער יעהרליכער פראפיט איז אפטמאל אזוי גרויס ווי דער גאנצער קאפיטאל פון די פלאנטאציעס, ווערט דאס לעבען פון די נעגערס געאפפערט גאר אהן א שום אויסרעכענונג. עס איז די אגריקולטור פון די וועסט־אינדיעס, וואס איז פון הונדערט־טער יאהרען געווען דער קוואל פון פאבעלהאפטען רייכטום, וועלכע האט פערשלונגען מיליאנען פון דער אפריקאנישער ראסע. אין קובא ביי היינטיגען טאג, וואו די הכנסות גרייכען אין די מי־ליאנען און וואו די בעלי בתים פון די פלאנטאציעס זיינען וואהרע פרינצען, געפינען מיר ביי דעם שקלאווען־קלאס די ערגסטע נאה־רונג, די שווערסטע און די ניט־נאכגעלאזענסטע ארבייט און אפילו אן אבסאלוטע פערניכטונג יעדען יאהר פון א גרויסען טייל פון זיין צאהל."[106]

Mutate nomine de te fabula narratur! [אונטער אנ־

---

[106] J. C. Cairnes: "The Slave Power," London 1862, 110-11.

אנדערע נאמען ווערט דא דיין געשיכטע דערצעהלט!] לעז אנשטאט שקלאווען־האנדעל ארבייטס־מארק, אנשטאט קענטאקי און ווירדזשיניע—אירלאנד און די אגריקולטור־דיסטריקטען פון ענגלאנד, שאטלאנד און וועלס, אנשטאט אפריקא—דייטשלאנד! מיר האבען געהערט ווי די איבערארבייט האט געמאכט א תכלית פון די בעקער אין לאנדאן, און פונדעסטוועגען איז דער לאנדאנער ארבייטס־מארק שטענדיג איבערפילט מיט דייטשע און אנדערע קאנדידאטען פאר'ן מלאך המות אין די בעקערייען. די טעפעריי איז, ווי מיר האבען געזעהן, איינער פון די לעבענס־קירצעסטע אינדוסטריע־צווייגען. איז דען דעריבער דא א דוחק אין טעפער? ישוע וועדזשוואוד, דער ערפינדער פון דער מאדערנער טעפעריי, וועלכער איז אפריהער אליין געוועזן א געוועהנליכער ארבייטער, האט אין יאהר 1785 דערקלערט פאר'ן „האוז אוו קאמאנס", אז די גאנצע טעפער־אינדוסטריע בעשעפטיגט פון 15 ביז 20 טויזענד מענשען.[107] אין יאהר 1861 האט די שטאדטישע בעפעלקערונג אליין פון דער דאזיגער אינדוסטריע בעטראפען אין גרויסבריטאניען 101,302. „די באוועל־אינדוסטריע איז אלט 90 יאהר.... אין דריי דורות פון דעם ענגלישען פאלק האט זי אויפגעגעסען 9 דורות באוועל־ארבייטער."[108]

אודאי קאן מען געפינען אין איינצעלנע עפאכען פון פיעבערהאפטיגער טהעטיגקייט גאנץ בעדייטענדע לעדיגע ערטער אויפ'ן ארבייטס־מארק. אזוי איז צ.ב.ש. געוועזן אין יאהר 1834. אבער די פאבריקאנטען האבען דאן פארגעשלאגען די „פור לא קאמישיאנערס" [גבאים פון צדקה גדולה], זיי זאלען אריבערשיקען די „איבער־בעפעלקערונג" פון די אגריקולטור־דיסטריקטען נאך די צפון־געגענדען, מיט דער ערקלערונג, אז „די פאבריקאנטען וועלען זיי אבזארבירן און פערברויכען."[109] דאס זיינען געוועזן זייערע אייגענע ווערטער. „עס זיינען אנגעשטעלט געווארן אגענטען מיט דער צושטימונג פון די פור לא קאמישיאנערס... זיי האבען

107 John Ward: History of the Borough of Stock-upon-Trent," London, 1843, p. 42.

108 פערראנד'ס רעדע אין די „האוז אוו קאמאנס", 27טען אפריל 1863.

109 „דאס זיינען גענוי געוועזן די ווערטער. וואס די באוועל־פאבריקאנטען האבען בענוצט." ד. ג.

געעפענט א ביורא אין מאנטשעסטער, וואוהין עס זיינען צוגעשיקט געוואָרן רשימות פון די ארבייטס־לייט אין די אגריקולטור־דיסטריקטען, וועלכע זיינען געווען אויסער ארבייט, און זייערע נעמען זיינען רעגיסטרירט געוואָרן אין ביכער. די פאבריקאנטען פלעגן בעזוכען די ביורא, כדי זיך אויסצוקלייבען די פאסיגע מענשען, און נאכדעם ווי זיי האבען אויסגעקליבען וואס זיי האבען געדארפט, האבען זיי בעפוילען, מען זאל די מענשען צושטעלען אין מאנטשעסטער. און די מענשען־פעק זיינען געליפערט געווארן מיט ארויפגעקלעפטע עטיקעטען, פונקט ווי פעק סחורה, מיט'ן וואסער אדער אויף פוהרען, אנדערע האבען זיך ארומגעשלעפט צו־פוס און פיעלע פון זיי האט מען געפונען בלאנדזשענדיג און אויסגעמארעט פון הונגער. דער סיסטעם האט זיך ענטוויקעלט אין א רעגולערן געשעפט. דאס הויז [און קאמאנס] וועט עס קוים גלויבען, אבער איך פערזיכער זיי, אז אט דער מסחר אין מענשען־פלייש איז ריכטיג אנגעגאנגען און זיי זיינען פראקטיש פונקט אזוי רעגולער פערקויפט געוואָרן צו די דאזיגע [מאנטשעסטער] פאבריקאנטען, ווי נעגער־שקלאווען ווערן פערקויפט צו די באוועל־פלאנצער אין די פעראייניגטע שטאטען.
...אין יאהר 1860 האט די באוועל־אינדוסטריע דערגרייכט איהר הויך־פונקט... די פאבריקאנטען האבען זיך ווידער געכאפט, אז עס פעהלט זיי „הענד"... זיי האבען זיך געווענדט צו די „פלייש־אגענטען", ווי מען האט זיי גערופען. די דאזיגע אגענטען האבען דורכגעזיפט די בערגיגע געגענדען פון מערב ענגלאנד, די טהאלען פון דארסעטשייר און די פליינען פון דעוואנשייר, אבער זייער זוכען איז געווען אומזיסט: די איבער־בעפעלקערונג איז שוין געווען פערברויכט." דער „ביורי גארדיען" האט געיאמערט, בעת עס איז געשלאסען געוואָרן דער ענגליש־פראנצויזישער האנדעלס־פערטראג, אז מען וואלט געקאנט פערצעהן נאך צעהן טויזענד „הענד", און אז באלד וועט מען נויטיג האבען נאך א 40-30 טויזענד. נאכדעם ווי די אגענטען און סוב־אגענטען פון דעם „פלייש־מסחר" האבען אין 1860 דורכגענישטערט די אגריקולטור־דיסטריקטען כמעט אהן א רעזולטאט, האט זיך „געווענדעט א דעפוטאציע פון פאבריקאנטען צו דעם העררן וויליערס, דעם פרעזידענט פון דעם „פור לא באארד", [illegible]

צו ערלויבען נעהמען אין די פאבריקען די אָרימע קינדער און די יתומים פון די וואָרקהאַוזעס."110

110) דאָ"ט גופא. ווילערס בײַ זײַן בעסטען ווילען איז „געזעצליך" געווען געצוואונגען אָבצוזאָגען דעם פערלאנג פון די פאבריקאנטען. די דאָזיגע הערען אָבער האָבען דערגרייכט זייער ציעל דורך דער נעפעליגקייט פון די לאָקאלע פערוואלטונגען. מר. א. רעדגרייוו, א פאבריק-אינספעקטאָר, פערזיכערט, אז דאָמאָל איז דער סיסטעם, לויט וועלכען די יתומים און קינדער פון פויפערס האָבען זיך געזעצליך געגעבען פאר אפרענטיסעס (לעהרן-אינגלעך), „ניט געווען בעגלייט פון די אַלטע מיסברויכונגען" (וועגען די דאָזיגע מיסברויכונגען זעה ענגעלס: „די לאגע פון דעם ארבייטער-קלאַס אין ענגלאַנד"), כאָטש אין איין פאַל ווענינסטענס „איז אָנגעגאַנגען א מיסברויכונג פון דעם סיסטעם בנוגע אייניגע מיידלעך און יונגע פרויען, וועלכע זיינען געבראַכט געוואָרן פון די אגריקולטור-דיסטריקטען פון שאָטלאנד נאָך לאנקאַשיר און טשעשיר." לויט דעם דאָזיגען סיסטעם שליסט דער פאַבריקאנט א קאָנטראקט מיט די בעהערדען פון די ארמען-הייזער פאר בעשטימטע פעריאָדען. ער גיט די קינדער עסען קליידונג און לאָזשיע און דערצו נאָך א קליינעם געהאלט אין געלד. די פאָלגענדע בעמערקונג פון דעם הערן רעדגרייוו מוז קלינגען זאָנדערבאַר, איבערהויפט ווען מען בעטראַכט, אז אפילו צווישען די פעטע יאָהרען פון דער ענגלישער באַוועל-אינדוסטריע שטעהט דער יאָהר 1860 אליין אָהן א גלייכען צו איהם און דער ארבייטס-לוין איז אויסער דעם געשטאנען הויך, צוליעב דעם וואָס די אויסערגעוועהנליכע נאָכפראגע אויף ארבייט האָט זיך אָנגעשטויסען אויף אן ענטפעלקערונג אין אירלאַנד, אויף א בייספּיעללאָזער אויסוואנדערונג פון די ענגלישע און שאָטלאנדישע אגריקולטור-דיסטריקטען נאָך אַוסטראַליע און אמעריקא, אויף א פאָזיטיווער פערקלענערונג פון דער בעפעלקערונג אין אייניגע ענגלישע קולטור-דיסטריקטען, טיילווייז מחמת די ארבייטער'ס לעבענס-קראַפט איז געווען ערשעפּט, און טיילווייז וויל די וואָס האָבען נאָך געקאָנט פערנוצט ווערן, זיינען פריהער אויסגעריינינט געוואָרן דורך די הענדלער אין מענשענפלייש. און טראָץ אַלעם דעם זאָגט הערר רעדגרייוו: „אט דעם סאָרט ארבייטער האָט מען געזוכט, נאָר ווען מען האָט קיין אנדערען ניט געקאָנט געפינען, וואָרום ער קאָסט צו-טייער. דער געוועהנליכער ארבייטס-לוין פאר א אינגעל פון 13 יאָהר איז אומגעפעהר 4 שילינג א וואָך, אָבער געבען אזוי 50 אָדער 100 קינדער עסען, קליידונג און לאָזשיע, בעזאָרגען מיט ערצטליכער בעהאנדלונג און פאסענדער אויפזיכט, און דערצו נאָך געבען א קליינע סומע געלד אויך, לאָזט זיך ניט מאַכען פאר 4 שילינג פער קאָפּ א וואָך." („רעפּאָרטס אָוו אינספּ. אָוו פאקטאָריעס", 30 טען אפּריל 1860, ז. 27.) הערר רעדגרייוו פערגעסט צו זאָגען, ווי אזוי דער ארבייטער אליין קען אויסהאלטען זיינע קינדער פאר זייערע 4 שילינג ארבייטס-לוין, אויב דער פאבריקאנט קען עס ניט טהאָן פאר 50 אָדער 100 קינדער, וועלכע ווערען לאָזשירט, בעקעסטיגט און אויפגעפּאַסט אַלע צוזאַמען. כדי צו פערהיטען מען זאָל ניט ציהען קיין פאלשע שלוסען פון דעם טעקסט, מוז איך דאָ נאָך בעמערקען, אז די ענגלישע באַוועל-אינדוסטריע, זינט זי איז אונטערגעשטעלט געוואָרן אונטער דעם

די ערפאַרונג צייגט בכלל דעם קאַפּיטאַליסט, אַז עס איז שטענדיג פאַראַן אַן איבער־באַפעלקערונג, ד.ה. אַן איבער־בעפעלקערונג לויט ערך צו דער פאָדערונג פון קאַפּיטאַל זיך צו פערווערטהען אין יעדן אויגענבליק—הגם דער שטראָם פון דער דאָזיגער איבער־בעפעלקערונג ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון אויסגעמאַרטערטע מענשען־דורות, וואָס לעבען זיך שנעל אויס, וואָס שטופען ראַשיג איינעם דעם אַנדערען אויס, וואָס ווערען אויסגעפליקט, אַזוי צו זאָגען, נאָך איידער זיי ווערען רייף.[110] גענוג, פון דער אַנדער זייט צייגט די ערפאַהרונג יעדען פערשטענדיגען בעאָבאַכטער, ווי די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן, וועלכע האָט זיך, היסטאָריש גערעדט, אָנגעפאַנגען ערשט נעכטען, האָט ראַשיג און טיעף אָנגעגריפען די פאָלקס־קראַפט ביי איהר סאַמע לעבענס־וואָרצעל; ווי די דעגענעראַציע פון דער אינדוסטריעלער בעפעלקערונג געהט נאָר [illegible]ער אָן לאַנגזאַם, ווייל זי ציהט שטענדיג אין זיך אריין די פּרימיטיוו־קרעפטיגע לעבענס־עלעמענטען פון דאָרף; און זי בעווייזט אויך, ווי אפילו די דאָרפישע אַרבייטער—טראָץ דער פריי־

פאַבריק־געזעץ פון 1850 מיט זיין רעגולירונג פון דער אַרבייט־צייט א.אז.וו., מוז בעטראַכט ווערן אַלס די ענגלישע מושטער־אינדוסטריע. דער ענגלישער באַוועל־אַרבייטער שטעהט אין יעדער הינזיכט העכער איידער זיין אח לצרה אויפ'ן קאָנטינענט. „דער פּרייסישער פאַבריק־אַרבייטער אַרבייט ווענינגסטענס 10 שטונדען מעהר א וואָך איידער זיין ענגלישער קאָנקורענט, און אויב ער איז בעשעפטיגט אויף זיין אייגענעם וועב־שטוהל ביי זיך צו־הויז, זיינען אַט די 10 שטונדען מעהר נאָך אויך נים דער לעצטער גרעניץ.” („רעפּאָרטס אָוו אינספּ. אָוו פאַקט.”, 31טען אָקטאָבער 1855, ז. 103.) דער אויבען־דערמאָנטער פאַבריק־אינספּעקטאָר רעדגראַוו איז געפאָהרן אויף דער אינדוסטריע־אויסשטעלונג פון 1851 אויפ'ן קאָנטינענט, ספּעציעל אין פראַנקרייך און פּרייסען, כדי צו אונטערזוכען די דאָרטיגע פאַבריק־צושטענדען. וועגען דעם פּרייסישען פאַבריק־אַרבייטער זאָגט ער: „ער בעקומט א לוין, וואָס קלעקט זיך צו פערשאַפען איינפאַכע שפּייז און די קנאַפּע אַנגענעהמליכקייטען, צו וועלכע ער איז געוועהנט און מיט וועלכע ער שטעלט זיך צופריעדען.... ער לעבט ערגער און אַרבייט שווערער איידער דער ענגלישער אַרבייטער.” („רעפּאָרטס אָוו אינספּ.”, 31טען אָקטאָבער 1853, ז. 85.)

[111] „די איבערנאַרבייטעטע שטאַרבען אויס אומגעהויער שנעל; אָבער די פּלעצער פון די אונטערגעגאַנגענע ווערן גלייך ווידער אויסגעפילט, און דאָס אָפטע בייטעניש פון די פּערזאָנען רופט נים אַרויס קיין ענדערונג אויף דער [illegible]” “England and America”, London 1833, Vol. I, p. 55. E. G. Wakefield.

שער לופט און דעם פּרינציפּ פון נאטירליכען צוכטוואהל, וואס הערשט אזוי אלמעכטיג צווישען ווי און לאזט נאר אויסוואקסען די קרעפטיגסטע—ווי אפילו זיי פאנגען שוין אן אויסצושטאר־בען.[112] דער קאפּיטאל, וואס האט אזוי פיעל „גוטע גרינדע" צו פערלייקענען די ליידען פון דעם איצטיגען דור ארבייטער, קימערט זיך אין זיין פּראקטישער טהעטיגקייט וועגען דער אויסזיכט פון א צוקינפטיגער דעגענעראציע פון דער מענשהייט און א סוף בּ... סוף־אונפערמיידליכע ענטפעלקערונג, פּונקט אזוי וועניג אדער אזוי־פיעל, ווי וועגען דער מעגליכקייט, אז די ערד וועט ארויספאלען אויף דער זוהן. אין יעדער אקציען־געזעלשאפט, וואס איז געבויט אויף שווינדעל, ווייס יעדער טיילנעהמער, אז דער קראך וועט פריהער אדער שפּעטער מוזען קומען, אבער יעדער איינער האפט, אז עס וועט טרעפען דעם אנדערנ'ס קאפּ, נאכדעם ווי ער אליין וועט שוין האבען זיינע זאק אויסגעפילט מיט געלד און בעהאלטען אין א זיכערן פּלאץ. נאך מיר דער מבול! איז די מאטטא פון יעדען קאפּיטאליסט און פון יעדען קאפּיטאליסטישען פאלק. דער קאפּיטאל קימערט זיך דעריבער ניט וועגען דער געזונדהייט און לעבענס־דויער פון דעם ארבייטער, וואו די געזעל־שאפט צווינגט איהם ניט זיך צו קימערן וועגען דעם.[113] און

112 זעה „Public Health, 6th Report of the Medical Officer of the Privy Council, 1863". געדרוקט אין לאנדאן 1864. דער דאזיגער ראפּארט בעהאנדעלט דער־הויפּט די אגריקולטור־ארבייטער. „סאוטהערלאנד ווערט געוועהנליך פארגע־שטעלט ווי א זעהר פערבעסערטע גראפשאפט (קאונטי), אבער א אונטערזוכונג, וואס איז ניט לאנג צוריק געמאכט געווארן, האט ענטדעקט, אז אפילו דא, אין דיסטריקטען, וועלכע זיינען געווען בעריהמט מיט זייערע שעהנע מענער און גאלאנטע סאלדאטען, זיינען די איינוואוינער דעגענערירט געווארן צו אויס־געצעהרטע, קליינגעוואקסיגע ראסע. אין די געזינדסטע פּלעצער, אויף די בערג־זייטען אנטקעגען ים, זעהען די קינדער אויס אזוי בלאס, ווי זיי קאנען נאר זיין אין די פערפּעסטעטע לופט פון א לאנדאנער שמאלען געסעל" (W. Thornton, Over-population and its remedy, '64, p. 74) זיי זיינען פאקטיש עהנליך צו די דרייסיג טויזענד „גאלאנטע היילאנדערס", וועלכע גלאזגאו האט איינגעשפּארט אין איהרע געסלאך און [illegible] צוזאמען מיט פּראסטיטוטען און גנבים.

113 „הגם די געזונדהייט פון דער בעפעלקערונג איז אזא וויכטיגער עלע־מענט פון דעם נאציאנאלען קאפּיטאל, מוזען מיר אבער, מיר האבען מורא, מודה זיין, אז די קאפּיטאליסטען זיינען כלל ניט בערייטוויליג צו היטען און טייער האלטען אט דעם אוצר.... דאס אכטונג געבען אויף דעם געזונד פון

אַלע געשרייען וועגען די פיזישע און גייסטיגע פערדארבונגען, וועגען דעם פריהצייטיגען טויט און דער מאטערניש פון איבער־ארבייט, ענטפערט קאפיטאל: זאל אט דער קומער אונז קומערן, בעת ער פערמעהרט אונזער לוסט (דעם פראפיט)? איינגאנצען גענומען אבער, הענגט עס אפילו ניט אב פון דעם גוטן אדער בייזען ווילען פון דעם איינצעלנעם קאפיטאליסט. די פרייע קאנקורענץ ברענגט ארויס די אימאנענטע געזעצען פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן, ווי אן אויסערליך צוואנג־געזעץ לגבי דעם איינצעלנעם קאפיטאליסט.[114]

---

די ארבייטער איז ארויפגעצוואונגען געווארן אויף די פאבריקאנטען." („טיימס", 5טען נאוועמבער, 1861.) „די מענער פון וועסט רייד־נג זיינען געווארן די טוך־מאכער פאר דער מענשהייט.... דאס געזונד פון׳ם ארבייטער־פאלק איז געאפפערט געווארן און די ראסע וואלט אין איניגע דורות דעגענערירט געווארן, עס איז אבער ארייננעטראטען א רעאקציע. די שטונדען פון דער קינדער־ארבייט זיינען בעגרענעצט געווארן א.ז.וו. Report of the Registrator General for October, 1851.

114 מיר געפינען דעריבער צ.ב.ש. אז אנהויב יאהר 1863 האבען 26 פירמען, וועלכע בעזיצען זעהר גרויסע טעפעריען אין סטאפפארדשייר, צווישען זיי נעמענדיג זיך אויך דזש. וועדזשוואוד און זיהן, פעטיציאנירט אין א דענקשריפט פאר „געוויסע לעגיסלאטיווע איינפיהרונגען". „די קאנקורענץ מיט אנדערע קאפיטאליסטען" ערלויבט זיי ניט איינצופיהרן קיין „פרייוויליגע" בעשרענקונג פון דער ארבייטסצייט פון קינדער א.ז.וו. „וויפיעל מיר זאלען ניט בעקלאגען די אויבענדערמאנטע איבלען, איז אבער אונמעגליך זיי צו בעזייטיגען דורך א וועלכער עס איז איינשטימונג צווישען די פאבריקאנטען.... אין אנבעטראכט פון אט די אלע פונקטען, זיינען מיר געקומען צו דער איבערצייגונג, אז עס איז נויטיג איינצופיהרען א צוואנגס־געזעץ." Children's Employment Commission, 1st Rep. 1863. 322.

צוזאץ צו דער צווייטער אויפלאגע. א פיעל מעהר שלאגענדען ביישפיעל גיט אונז די נאר לעצטע צייט. די הויכע פרייזען פון באוועל אין משך פון א פעריאדע פון פיעבערהאפטיגער בעשעפטיגונג האט מיטגעבראכט די בעזיצער פון באוועל־וועבערייען אין בלעקבורן, זיי זאלען דורך א געמיינשאפטליכען אבמאך קירצער מאכען די ארבייטס־צייט אין זייערע פאבריקען אויף א בעשטימטען טערמין. דער דאזיגער טערמין האט זיך געענדיגט ארום דעם סוף נאוועמבער 1871. דערווייל האבען די רייכערע פאבריקאנטען, וועלכע טהוען שפינעריי און וועבעריי צוזאמען, אויסגענוצט די פערקלענערונג פון דער פראדוקציאן, וואס איז געקומען מחמת יענעם אבמאך, אויסצוברייטערן זייער אייגענעם געשעפט און אויף דעם אופן מאכען גרויסע פראפיטען אויפ׳ן חשבון פון די קלענערע מייסטערס. די לעצטע האבען זיך אין זייער נויט געווענדעט—

די פעסטשטעלונג פון א נארמאלען ארבייטס־טאג איז א רעזולטאט פון א פיעל־הונדערטיאהריגען קאמף צווישען קאפיטא־ליסט און ארבייטער. די געשיכטע פון אט דעם קאמף צייגט אבער צוויי אנטקעגען־געזעצטע שטרעמונגען. לאמיר פערגלייכען צ. ב. ש. די ענגלישע פאבריק־געזעצגעבונג פון אונזער צייט מיט די ענגלישע ארבייטער־געזעצען [Statutes of Laborers] פון 14טען י. ה., ביז טיעף אריין אין מיטען פון 18טען י. ה.115 בעת דאס מאדערנע פאבריק־געזעץ קירצט אב דעם ארבייטס־טאג על פי צוואנג, האבען יענע סטאטוטען פערקעהרט געזוכט איהם צו פערלענגערן מיט געוואלט. געוויס, די פרעטענזיעס פון קאפיטאל אין עמבריא־צושטאנד — ווען ער פערזיכערט זיך, אנהויבענדיג אקארשט צו וואקסען, מיט דעם רעכט אריינצוזויגען א גענוגענדען סכום מעהר־ארבייט, ניט נאר דורך דער מאכט פון די עקאנאמישע פערהעלטענישען, נאר אויך דורך דער הילף פון דער שטאאט־מאכט — זעהען אויס זעהר בעשיידען ווען מען פערגלייכט זיי מיט די קאנצעסיעס, וואס ער מוז מאכען, פערבייסענדיג די צייהן און ראנגלענדיג זיך, איצטער אין זיין דערוואקסענעם צושטאנד. עס נעהמט הונדערטער יאהרען, ביז דער „פרייער” ארבייטער, א דאנק דעם ענטוויקעלטען קאפיטאליסטישען פראדוקציאנס־אופן, שטימט איין פרייוויליג, דאס הייסט, איז געזעלשאפטליך געצוואונגען, צו פערקויפען זיין גאנצע טהעטיגע לעבענס־צייט, זיין ארבייטס־פע־היגקייט גופא, פאר דעם פרייז פון זיינע געוועהנהייט־מעסיגע לע־בענסמיטעל — זיין בכורה פאר א טאפ לינזען. עס איז דעריבער נאטירליך, אז די פערלענגערונג פון דעם ארבייטס־טאג, וואס קא־פיטאל האט געזוכט פון מיטען 14טען י. ה. ביז סוף 17טען י. ה. ארויסצוצווינגען דורך דער מאכט פון שטאאט אויף די דערוואק־

---

צו די פאבריק־ארבייטער, האבען זיי אויפגערופען ערנסט אנצופיהרן אז אגי־טאציע פאר א 9 שטונדען־טאג, און האבען זיי פערשפראכען צו שטיצען מיט געלד־מיטלען פאר אט דעם צוועקן

115 אט די ארבייטער־געזעצע, וועלכע מען געפינט אין דערזעלביגער צייט אויך אין פראנקרייך, די נידערלענדער און אנדערשוואו, זיינען ערשט אין יאהר 1813 פארמעל אבגעשאפט געווארן אין ענגלאנד, נאכדעם ווי זיי זיינען שוין צוזייטיגס געווארן א לעבנערע צייט פריהער דורך די גע־ענדערטע אופנים פון דער פראדוקציאן.

פערנינפטיגע פרייזען (ד. ה. פאר אזוינע פרייזען, וואס זאלען אי־בערלאזען פאר די ארבייט־געבער א פערנינפטיגען סכום מעהר־ארבייט) באמת געווען אן אונערטרעגליכע.״ 117 פערנינפטיגע אר־בייט־שכירות זיינען דעריבער דיקטירט געווארן על פי געזעצליכען צוואנג, אויף׳ן זעלבען אופן ווי עס איז דיקטירט געווארן די גרעניץ פון דעם ארבייטס־טאג. דער לעצטער פונקט, דער איינ־ציגער וואס אינטערעסירט אונז דא, איז איבערגע׳חזר׳ט אין דעם סטאטוט פון יאהר 1496 (אונטער הענרי דעם 7טען). דער ארבייטס־טאג פאר אלע האנדווערקער און ערד־ארבייטער, פון מארץ ביז סעפטעמבער האט, לויט דעם סטאטוט, געזאלט זיין, וואס איז אבער קיינמאל ניט דורכגעפירט געווארען, פון 5 אוהר אין דער פריה ביז צווישען 7 און 8 אוהר אבענדס: אבער די שטונדען פאר מאהלצייטען זיינען בעשטאנען פון 1 שטונדע אויף פריהשטיק, 1½ שטונדע אויף מיטאג־עסען און ½ שטונדע אויף עפעס „איבערכאפען״ אום 4 אוהר: ד. ה. פונקט נאך אמאל אזוי־פיעל, ווי עס ווערט געגעבען לויט דעם איצטיגען פאבריק־אקט.118 ווייטער מוז געארבייט ווערען פון 5 אוהר אין דער פריה ביז

117) „סאפיזמס אוו פרי טרייד“, 7טע אויסגאבע. לאנדאן 1850, ז. 205. דערזעלביגער טארי גיט איבעריגענס צו: „פארלאמענט־אקטען, וועלכע האבען רעגולירט די ארבייטס־שכירות געגען די ארבייטער און לטובת פון די ארבייטס־געבער האבען זיך בעהאלטען דורך דער לאנגער פעריאדע פון 464 יאהר. די בעפעלקערונג איז געוואקסען. די דאזיגע געזעצען זיינען געווארן איבערפליסיג און זיינען א לאסט.“ ד. נ., ז. 206.

118) דזש. וועיד בעמערקט גאנץ ריכטיג בנוגע צו דעם סטאטוט, ווי פאלגט: „פון דעם סטאטוט פון יאהר 1496 קומט אויס, אז די אויסגאבען אויף נאהרונג האט בעטראפען א דריטעל פון דער הכנסה פון א האנדווערקער און א העלפט פון דער הכנסה פון אן אגריקולטור־ארבייטער, און דאס ווייזט אן, אז די ארבייטער זיינען דא געווען אומאבהענגיגער איידער איצטער, ווען די נאהרונג פון די ארבייטער סיי אין אגריקולטור, סיי אין מאנופאקטור מאכט אויס א פיעל גרעסערן טייל לפי ערך פון זייערע שכירות.“ (דזש. וועיד, „היסטארי אוו דהי מידל אנד ווארקינג קלאססעס“, דריטע אויפלאגע, לאנדאן 1835, ז. 24, 25, 577.) די מיינונג אז דער חלוק נעהמט זיך פון דעם חלוק אין די פרייזען פון די נאהרונגס־מיטלען און קליידער צווישען היינט און דאמאלס, ווערט צו־ריקגעוויזען, אז מען קוקט נאר אריין אפילו אויבערפלעכליך אין „כראניקאן פרעטיאזום עטצ.“ פון בישאף פליטוואוד, 1טע אויפלאגע, לאנדאן 1707, 2טע אויפלאגע, לאנדאן 1745.

עס ווערט טונקעל, אויך מיט דיזעלבע הפסקות. א סטאטוט פון קווין עליזאבעטה, פון יאהר 1562, פאר אלע ארבייטער, „געדונגען פאר לוין פון טאג אדער פון וואך", ריהרט ניט אן די לענג פון'ם ארבייטס־טאג, נאר ער זוכט צו בעשרענקען די הפסקות אויף 2½ שטונדען אום זומער און 2 שטונדען אום ווינטער. דאס מיטאג־עסען זאל נאר געדויערן 1 שטונדע און „דער נאכמיטאג־שלאף פון ½ שטונדע" זאל זיין ערלויבט נאר צווישען מיטען מאי און מיטען אוגוסט. פאר יעדער שטונדע אבוועזענהייט זאל ארונטער־געהן 1 פעני פון דעם לוין. אויף דער פראקטיקע אבער זיינען די פערהעלטנישען געווען פיעל גינסטיגער פאר די ארבייטער אוידער אין דעם סטאטוטען־בוך. וויליאם פעטי, דער פאטער פון דער פאליטישער עקאנאמיע און אין א געוויסען ערך דער ערפינדער פון סטאטיסטיק, זאגט אין זיינער א שריפט, וואס ער האט פערעפענטליכט אין לעצטען דריטעל פון 17טען י. ה.: „ארבייטער („לייבארינג מען", אייגענטליך זיינען עס דאמאלסט געווען אקערבוי־ארבייטער) ארבייטען 10 שטונדען א טאג און עסען 20 מאהלצייטען א וואך, 3 מאהלצייטען טעגליך אין מיטענוואך און 2 מאהלצייטען אום זונטאג; דערפון זעהט מען קלאר, אז אויב זיי וואלטען פרייטאג־צו־נאכט געפאסט און וואלטען פערנומען 1½ שטונדע אויף מיטאגעסען, אנשטאט וואס זיי פערברויכען איצט דערויף 2 שטונדען, פון 11 ביז 1; ד. ה. ווען זיי וואלטען 1/20 מעהר געארבייט און 1/20 ווייניגער פערצעהרט, וואלט זיך געלאזט צונויפנעהמען א צעהנטעל פון דעם אויבען־דערמאנטען שטייער."[119] איז דען ניט דר. אנדריו אורע געווען גערעכט, ווען ער האט פערשריען דעם צוועלף־שטונדיגען געזעץ־פראיעקט פון 1833 אלס א טריט צוריק צו דעם פינסטערן מיטעלאלטער? עס איז אמת, אז די רעגולירונגען פון די סטאטוטען, ווי אויך די רעגלען, וועלכע פעטי דערמאנט, האבען געגאלטען אויך פאר די „אפרענטיסעס" (לעהרלינגע). ווי עס האט אבער געהאלטען מיט דער קינדער־ארבייט, נאך ביים סוף 17טען י. ה., קאן מען ארויסזעהן פון דער פאלגענדער קלאגע: „אונזערע יונגווארג דא אין

119) וו. פעטי: „פאליטיקאל צנאטאמי אוו איירלענד", געשריבען אין יאהר 1672, אויסגאבע 1691, ז. 10

סענע אַרבייטער, זאָל אומגעפעהר זיך צונויפקומען מיט'ן גרעניץ אויף דער אַרבייט־צייט, וואָס איז אין דער צווייטער העלפט פון 19טען י.ה. געשטעלט געוואָרן אין פערשיידענע פלעצער דורכ'ן שטאַאַט אַבצוהאַלטען די פערוואַנדלונג פון קינדער־בלוט אין קאַפּיטאַל. דאָס וואָס היינט ווערט פּראָקלאַמירט אַלס א שטאַאַט־בעשרענקונג פון דער אַרבייט פון קינדער אונטער 12 יאָהר, אין דעם שטאַאַט מאַסאַטשוסעטס צ.ב.ש., וואָס איז ביז גאָר ניט לאַנג געווען דער פרייעסטער שטאַאַט פון דער נאָרד־אַמעריקאַנישער רעפּובליק, איז נאָך אין מיטען פון 17טען י.ה. אין ענגלאַנד געווען דער נאָרמאַלער אַרבייטס־טאָג פאַר פול־בלוטיגע האַנד־ווערקער, שטאַרק־געזונטע ערד־אַרבייטער און ריעזענהאַפטע שמידען.116

דער ערשטער „סטאַטוס אוו לייבאָרערס" (1349, אין 23טען יאָהר פון עדוואַרד דעם דריטענ'ס מלוכה) האָט געהאַט פאַר זיך דעם דירעקטען אויסרייד (ניט די „אורזאַך", וואָרים אָט דער סאָרט געזעצגעבונג האַלט אָן הונדערטער יאָהרען אָהן דעם אויסרייד) די אומשטענדען פון דער גרויסער פּעסט, וועלכע האָט געמאַכט א תל פון דער בעפעלקערונג, אַזוי אַז לויט די ווערטער פון א טאָרי־שריפטשטעלער איז „די שווערינקייט צו קריגען אַרבייט פאַר

116 „קיין קינד אונטער 12 יאָהר אַלט טאָר ניט בעשעפטיגט ווערן אין קיין סאָרט פאַבריק לענגער ווי 10 שטונדען א טאָג". (דזשענעראַל סטאַטוטס אוו מאַסאַטשוסעטס, 63, טש. 12. די פערשיידענע געזעצע זיינען איינגעפיהרט געוואָרן אין די יאָהרען 1836 ביז 1858). „די אַרבייט־צייט פון 10 שטונדען א טאָג זאָל בעטראַכט ווערן אַלס א געזעצליכער אַרבייטס־טאָג אין אַלע בעשעפטיגונגען פון דער באַוועל־, וואָל־, זיידענס־, פּאַפּיער־, גלאַז־, און פלאַקס אינדוסטריע, ווי אויך אין דער אייזען־ און מעטאַל־אינדוסטריע. עס ווערט איינגעפיהרט, אַז פון איצט אַז און ווייטער זאָל קיין קינד, וואָס איז בעשעפטיגט אין וועלכער עס איז פאַבריק, ניט פערהאַלטען אָדער אויפגעפאָדערט ווערן צו אַרבייטען לענגער ווי 10 שטונדען א טאָג אָדער 60 שטונדען א וואָך. קיין קינד אונטער דעם עלטער פון 10 יאָהר טאָר ניט אַנגעשטעלט ווערן אַלס אַרבייטער אין קיין פאַבריק, וואָס געפינט זיך אין אָט דעם שטאַאַט". (סטייט אוו ניו דזשערסיע, אַן אַקט טו לימיט דהי אַורס אוו לייבאָר עטצ., 61 און 62 — געזעץ פון 11. מאַרץ 1855). „קיין קינד אין עלטער פון 12 ביז 15 יאָהר טאָר ניט אַרבייטען אין קיין פאַבריק לענגער ווי 11 שטונדען א טאָג, אָדער פאַר 5 אוהר אין דער פריה אָדער נאָך האַלב אַכט אוהר אַבענדס". „ריווייזט סטאַטוטס אוו דהי סטייט אוו רהאָד איילאַנד עטצ.", 1. יולי 1857).

ענגלאנד טהוען גארנישט ביז דיר יוייט, וואס זיי ווערן לעהר־לינגע, און דעריבער מוז זיי נאטירליך געהמען א לאנגע צייט — 7 יאהר — ביז זיי בילדען זיך אויס אלס פאלקאמענע האנדווערקער." דייטשלאנד, פערקעהרט, ווערט געריהמט פאר'ן צוש דערפון „ווערן די קינדער ערצויגען צו האבען ווענינסטענס א וועלכע עס איז קליינע בעשעפטיגונג גלייך פון ווינעלע אן."[120]

---

[120] "A Discourse on the Necesity of Encouraging Mechanic Industries." לאנדאן 1869, ז. 13. מאקאליי, וועלכער האט געפעלשט די ענגלישע געשיכטע אין די אינטערעסען פון די וויהיגס און דער בורזשואזיע, דערקלערט, ווי פאלגט: „די פראקטיק צו שטעלען קינדער צו דער ארבייט פאר דער צייט האט געהערשט אין 17טען יאהרהונדערט ביז צו כמעט אן אונגלויבליכען גראד פאר דעם דער־מאלטדיגען צושטאנד פון דער אינדוסטריע. אין נארוויטש, דעם הויפט־צענטער פון דער וואלענס־אינדוסטריע, האט מען א קינד פון 6 יאהר געהאלטען פאר ארבייט־פעהיג. פערשיידענע שריפטשטעלער פון יענער צייט, צווישען וועלכע עס האבען זיך געפונען איינינע, וואס זיינען בעטראכט געווארן אלס העכסט וואוילטהעטיגע מענשען, האבען מיט „עקזולטאציאן" (ענטציקונג) דערמאנט דעם פאקט, אז אין דער דאזיגער שטאדט האבען די אינגלעך און מיידלעך אליין געשאפען א רייכטום. וואס האט בעטראפען אין איין יאהר 12 טויזענד פונט סט. אריבער זייערע אייגענע לעבענס־קאסטען. וואס גענויער מיר אונטערזוכען די געשיכטע פון דער פערגאנגענהייט, אלץ מעהר גרונד געפינען מיר צו פערווארפען די מיינונג פון די וואס האלטען, אז אונזער צייט־אלטער רופט ארויס אזויפיעל נייע סאציאלע איבלען. וואס עס איז ניי, איז די אינטעליגענץ, וועלכע ענטדעקט די איבלען און די הומאניטעט, וועלכע היילט זיי." („היסטארי אוו ענגלאנד", באנד 1, ז. 419.) מאקאליי האט נאך ווייטער געקאנט בעריכטען, אז „העכסט וואוילטהעטיגע" אמי דע קאמערס [פריינד פון מסחר] האבען אין 17טען י.ה. דערצעהלט מיט „עקזולטאציאן", ווי אין א הויז פאר ארימע אין האלאנד האט מען א קינד פון 4 יאהר געגעבען ארבייט, און אז אט די „פראקטיש אנגעווענדטע טוגענד" איז אין אלע שריפטען ארויסגעשטעלט געווארן אלס מושטער פון אזוינע הומאניטאריער ווי מאקאליי, ביז צו דער צייט פון אדאם סמיטה. עס איז ריכטיג, אז מיט דעם אריינטרעטען פון מאנופעקטור, אין אונטערשייד פון האנד־ווערק, ציינען זיך שפורען פון קינדער־עקספלואטאציע, וועלכע האט פון לאנג אן עקזיסטירט ביז א געוויסען גראד צווישען די פויערים, און איז געווען אלץ מעהר ענטוויקעלט, וואס שווערער עס איז געווען דער יאך, וואס איז אויף זיי געלעגען. די טענדענץ פון קאפיטאל איז קלאר, אבער די פאקטען גופא קומען פאר אזוי זעלטען, ווי די ערשיינונג פון קינדער מיט צוויי קעפ. זיי זיינען דעריבער פערצייכענט געווארן „מיט עקזולטאציאן" פון ווייט־זעהענדע „אמי דע קאמערס" אלס בעזונדערס מערקווירדיג און ווערטה צו בעוואונדערן, און זיינען רעקאמענדירט געווארן צו זייער דור און די שפעטיגערע דורות פאר נאכאהמונג.

נאך אין פערלויף פונ'ם גרעסטען טייל פון 18טען יאהרהונ־דערט, ביז צו דער עפאכע פון דער גרויס־אינדוסטריע, האט זיך דעם ענגלישען קאפיטאל ניט איינגעגעבען צו פערכאפען דעם אר־בייטער'ס גאנצע וואך, בעצאהלענדיג איהם דעם וועכענטליכען ווערטה פון דער ארבייטס־קראפט—מיט דער אויסנאהמע, אמת, פון די אגריקולטור־ארבייטער. דער פאקט, וואס זיי האבען גע־קאנט לעבען א גאנצע וואך אויף דעם לוין פון 4 טעג, האבע די ארבייטער ניט געהאלטען פאר א גענוגענדען גרונד, פארוואס זיי זאלען די אנדערע 2 טעג אויך ארבייטען פאר דעם קאפיטאליסט. איין צד פון ענגלישע עקאנאמען האבען אין דיענסט פון קאפיטאל מורא'דיג געשטורעמט פאר דעם דאזיגען אייגענזין פון די ארביי־טער, אן אנדער צד האט פערטיידיגט די ארבייטער. לאמיר צ.ב.ש. זיך צוהערען צו דער פאלעמיק צווישען פאסטלטהוויט, וועמעס האנ־דעלס־ווערטערבוך האט דאן געהאט דיזעלבע רעפוטאציע ווי די עהנליכע ווערק פון מאקולאך און מאקגרעגאר היינטיגען טאג, און דעם פריהער ציטירטען פערפאסער פון דער „עססעי אן טרייד אנד קאממערס.“[121]

פאסטלטהוויט זאגט צווישען אנדערעס: „איך קאן ניט פערענדיגען אט די עטליכע בעמערקונגען, ניט מאכענדיג אויפ־

---

די־רזעלבינער שאטישער היפאקריט און שעהן־רעדנער מאקאליי זאגט: „היינט הערט מען נאר וועגען ריקשריט און מען זעהט נאר פארטשריט.“ וואס פאר'ע אויגען דאס האט, און ספעציעל וואס פאר'ע אויערן!

121 צווישען די קטיגרים אויף די ארבייטער איז דער דערמאנטער אנאנימער פערפאסער פון: “An Essay on Trade and Commerce, Containing Observations on Taxation etc.”, London, 1707 דער בייזעסטער. שוין פריהער איז ער ארויסגעטראטען אין אזא ראליע אין זיין שריפט “Considerations on Taxes’ לאנדאן 1765. אויך פאלאניוס ארטהור יאנג, דער אונבעשרייבליכער סטאטיסטישער קוואטשער, געהט אין דערזעלבער ליניע. צווישען די פערטיידיגער פון די ארבייטער שטעהען אויבען אן: יאקאב וואנדערלינט, אין “Money answ3rs all things” לאנדאן 1734; רעווערענד נאטהאניעל פארסטער אין “An Enquiry into the Causes of the Present Price of Provisions” לאנדאן 1767; דר. פרייס, און דערהויפט פאסטלטהוויט אין א סופלמענט צו זיין “Universal Dictionary of Trade and Commerce” ווי אויך אין “Great Britain’s Commercial Interest Explained and Improved”, 2d Ed. לאנדאן 1755. די פאקטען גופא געפינט מען בעשטעטיגט ביי פיעלע אנדערע שריפטשטעלער פון יענער צייט, צווישען אנדערע ביי דזשאסיא טאקער.

מערקזאם אויף די אויטגעדראשענע פראזען, וואס קומט אוים צו
הערן פון צו־פיעלע, אז אויב די ארבייטער (Industrious poor)
קאנען אין 5 טעג בעקומען גענוג אויף צו לעבען, וועלען זיי ניט
ארבייטען די גאנצע 6 טעג. דערפון דרינגען זיי ארוים די נויט־
ווענדיגקייט צו מאכען טייערער די נויטיגע לעבענסמיטלען דורך
שטייערן אדער וועלכע עס איז אנדערע מיטלען, כדי צו צווינגען
דעם האנדווערקער און פאבריק־ארבייטער צו ארבייטען גאנצע 6
טעג א וואך אהן אן אויפהער. איך מוז בעטען אום ערלויבניש
צו האלטען אנאנדער מיינונג איידער די דאזיגע גרויסע פאליטי־
קער, וועלכע קעמפען פאר דער בעשטענדיגער שקלאווערייי פון
דער ארבייטער־בעפעלקערונג פון אט דעם קעניגרייך (the per-
petual Slavery of the Working people ; זיי פערגעסען דעם
שפריכווארט: „אלל ווארק אנד נא פלעי" [„מייקס דזשעק א
דאל באי": נאר ארבייטען און גארניט שפיעלען מאכט דזשעק'ן
פאר א דומען יונג]. בעריהמען זיך ניט די ענגלענדער מיט דער
געניאליטעט און געשיקטקייט פון זייערע האנדווערקער און מא־
נופאקטור־ארבייטער, וועלכע האבען ביז איצט בעריהמט געמאכט
און פערשאפט א רעפוטאציע די ענגלישע סחורות אין אלגעמיין?
וועלכען אומשטאנד האט מען דאס געהאט צו פערדאנקען? וואהר־
שיינליך קיין אנדערן ניט, ווי נאר דעם אייגענארטיגען אופן ווי
אזוי אונזער ארבייטס־פאלק פערברענגט זיין פרייע צייט. ווען
זיי וואלטען געווען געצוואונגען צו הארעווען א גאנצען רונדען
יאהר, אלע 6 טעג אין וואך, ווידערהאלענדיג אלץ דיזעלביגע
ארבייט, וואלט עס דען ניט אבגעשטומפט זייער געניאליטעט און
זיי געמאכט דום און פויל אנשטאט מונטער און געשיקט; און
וואלטען דען ניט אונזערע ארבייטער, מחמת אזא אייביגער שקלא־
ווערייי, פערלארן זייער רעפוטאציע אנשטאט זי אויפצוהאלטען?
... וואס פאר א סארט האנדווערקערייי וואלטען מיר געקאנט דער־
ווארטען פון אזוינע איבער־געהארעוועטע בהמות? ... א סך
פון זיי טהוען אויף אזויפיעל ארבייט אין 4 טעג וויפיעל א פראנ־
צויז אין 5 אדער 6 טעג. ווען אבער ענגלענדער זאלען מוזען
ווערן אייביגע לאסט־ארבייטער, קאן מען מורא האבען, אז זיי
וועלען דעגענערירט ווערן ערגער ווי די פראנצויזען. ווען אונזער
פאלק איז בעריהמט פאר זייג בראווקייט אין קריעג, זאגען מיר

ניט, אז דאס איז צו פערדאנקען דעם גוטען ענגלישען „ראאסט ביעף און פודינג" אין זייער מאגען, אזוי גוט ווי זייער קאנ־סטיטוציאנעלען גייסט פון פרייהייט? און פארוואס זאל מען ניט מעגען פערדאנקען די גרעסערע געניאליטעט, ענערגיע און געשיקטקייט פון אונזערע האנדווערקער און מאנופאקטור־ארבייטער דער פרייהייט צו פיהרן זיך אויף זייער אייגענעם אופן? איך האף, אז זיי וועלען קיינמאל ניט בערויבט ווערן פון די דאזיגע פריווילעגיען און דעם גוטען לעבען, פון וואנען זייער טיכטיגקייט אלס ארבייטער און זייער מוטה שטאמען זיכער אב."[122]

אויף דערויף ענטפערט דער פערפאסער פון דער „עססעי אן טרייד אנד קאממערס": —

„אויב האלטען דעם זיעבעטען טאג פון וואך פאר א פייער־טאג רעכענט זיך פאר א געטליכער איינריכטונג, און אזוי ווי דער־פון איז געדרונגען, אז די אנדערע וואכעדיגע טעג דארפען זיין אבגעגעבען צו ארבייט (ער מיינט צום קאפיטאל, ווי מען קאן עס גלייך זעהן*), קאן דאס דורכזעצען פון אט דעם גאט'ס געבאט זיכער ניט הייסען זיין גרויזאם.... ווי ריכטיג עס איז, אז די מענשהייט בכלל איז בטבע גענייגט צו בעקוועמליכקייט און פויל־קייט, זעהען מיר אין דער געפעהרליכער ערפאהרונג פון אונזער פאבריק־ארבייטער המון, וועלכער ארבייט דורכשניטליך ניט מעהר ווי 4 טעג א וואך, אויסער אין פאל ווען די לעבענסמיטלען ווערן זעהר טייער.... נעהמט א שטייגער אריין אלע לעבענסמיטלען

---

122 פאסטלטהוויט, דארט גופא: "First Prelimenary Discourse" ז. 14.

* אט די איינגערינגעלטע בעמערקונג, שיינט מיר, איז גאנץ איבעריג: ווארים עס איז קלאר, אז די ווערטער „אבגעגעבען צו ארבייט" Apropriating to Labor מיינט ניט צו די ארבייטער־אינטערעסען אדער צו דעם ארבייטער־קלאס, ווי דאס ווארט „לייבאר" ווערט אפטמאל בענוצט אלס געגענזאץ צו „קאפיטאל", נאר פשוט „צו ארבייטען" אין געגענזאץ צו „רוהען". דער שרייבער איז זיין פאר־צייטיגען ענגליש זאגט גאנץ קלאר: אויב נאט האט געהייסען דעם זיעבעטען טאג רוהען, איז דערפון געדרונגען, אז די אנדערע 6 טעג דארף מען ארבייטען.— די ציטאטע איננאנצען איבערזעץ איך גענויער צו דעם אריגינעלען ענגלישען טעקסט, וועלכער אונטערשיידט זיך פון מארקס'עס טעקסט אין איינינע אויס־דרוק־פארמען. — איבערזעצער.

פון די אָרימע (פון דעם אַרבייטער) אונטער איין נאָמען: רופט זיי אָן, למשל, ווייץ, און נעהמט אָן, אַז אַ בושעל ווייץ קאָסט 5 שילינג, און אַז ער [דער פאַבריק־אַרבייטער] פערדינט אַ שילינג אַ טאָג דורך זיין אַרבייט: ער וואָלט דאַן געמוזט אַרבייטען בלויז 5 טעג אין וואָך. וואָלט דער בושעל ווייץ געקאָסט ניט מעהר ווי 4 שילינג, וואָלט ער געמוזט אַרבייטען בלויז 4 טעג. אַזוי ווי אָבער דער אַרבייטס־לוין אין אָט דעם קעניגרייך שטעהט פיעל העכער לפי ערך צו דעם פּרייז פון די לעבענסמיטלען... האָט דער פאַבריק־אַרבייטער, וואָס אַרבייט 4 טעג, אַן איבערפלוס פון געלד צו לעבען אויף דעם די איבעריגע צייט פון וואָך אין פוילקייט... איך האָף, איך האָב געזאָגט גענוג צו מאַכען עס קלאָר, אַז מעסיגע אַרבייט 6 טעג אַ וואָך איז ניט קיין שקלאַפעריי. אונזערע אַגריקולטור־אַרבייטער טהוען דאָס, און ווי עס זעהט אויס זיינען זיי די גליקלעכסטע פון אַלע אונזערע אַרבייטער (Laboring poor) [123] אָבער די האָלענדער טהוען דאָס אויך אין די פאַבריקען, און שיינען צו זיין אַ זעהר גליקליך פאָלק. די פראַנצויזען טהוען עס, ווען עס מישען זיך ניט אריין קיין פייערטעג אין מיטען.[124] אָבער אונזער המון האָט זיך אריינגענומען אַ געדאַנק, אַז אַלס ענגלענדער האָבען זיי אַזאַ מיט־געבוירענע פּריווילעגיע צו זיין פרייער און אונאָבהענגיקער איידער אין אַ וועלכען עס איז אַנדער לאַנד אין אייראָפּא. מילא, אויף ווי וויט אָט די אידעע קאָן האָבען אַ ווירקונג אויף דער העלדישקייט פון אונזערע סאָלדאַטען, קאָן עס האָבען אַ געוויסען נוצען: אָבער וואָס ווייניגער די פאַבריק־אַרבייטער האָבען אָט דעם געדאַנק, איז גאַנץ זיכער אַלץ בעסער פאַר זיי און פאַר דעם שטאַאַט. די אַרבייטס־מענשען דאַרפען זיך קיינמאָל ניט האַלטען אונאָבהענגיק פון די וואָס שטעהען העכער פאַר זיי... עס איז אויסערסט געפעהרליך

123) ד. ג. ער אַליין דערצעהלט, ז. 96, אין וואָס דאָס גליק פון די ענגלישע אגריקולטור־אַרבייטער איז בעשטאַנען, שוין אין יאָהר 1770. „זייערע אַרבייטס־קרעפטען זיינען אנגעשטרענגט ביז׳ן העכסטען פונקט: זיי קאָנען ערגער ניט לעבען ווי זיי לעבען איצטער און קאָנען ניט שווערער אַרבייטען."

124) דער פּראָטעסטאַנטיזם האָט שוין געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָליע אין דער ענטשטעהונג פון קאַפּיטאַל, דורכדעם וואָס ער האָט פערוואַנדעלט אַלע טראַדיציאָנעלע פייערטעג אין אַרבייטס־טעג.

צו ערמוטיגען דעם המון אין א קאמערציעלען שטאאט ווי אונזערן, וואו אפשר זיעבען אכטעל פון דער גאנצער בעפעלקערונג זיינען מענשען, וואס האבען וועניג אדער גארניט קיין אייגענטום.125 די רפואה וועט ניט זיין פאלשטענדיג ביז וואנען אונזערע אינדוסט־ריעלע קבצנים וועלען זיך ניט צופרידענשטעלען צו ארבייטען 6 טעג פאר דערזעלביגער סומע, וואס זיי פערדיענען איצטער אין 4 טעג.'' 126 פאר דעם צוועק, ווי אויך „כדי אויסצוראטען פוילענ־צעריי, הולטאיסטווע און שארלאטאניזם, (Excess)“ שטארקען דעם גייסט פון ארבייטזאמקייט, „ארונטערזעצען די ארבייטס-פרייזען אין אונזערע פאבריקען און לייכטער מאכען די לאסט פון דער „טאקסע פאר ארימע'', שלאגט פאר אונזער „געטרייער עקארט'' פון קאפיטאל דעם אויספרובירטען מיטעל: ארייננצוזעצען אזוינע ארבייטער, וועלכע קומען אן צו צדקה, מיט איין ווארט פאופערס, אין א „אידעאלען ארבייטס-הויז (,,Ideal Workhouse“). דאס דאזיגע הויז דארף זיין א „הויז פון שרעק'',127 ניט א שוץ-הויז, וואו „זיי ווערן גוט געקעסטיגט, ווארעם און אנשטענדיג געקליידט און וואו זיי טהוען בלויז א קליין ביסעל ארבייט.'' אין אזא „הויז פון שרעק'', פון אט דעם „אידעאלען ארבייטס-הויז'' „דאר־פען די ארימע ארבייטען 14 שטונדען א טאג, אן געבענדיג זיי נענוג צייט אויף מאהלצייטען, מוז אבער בלייבען פולע 12שטונדען אויף צו ארבייטען.''128

12 ארבייטס-שטונדען א טאג אין דעם „Ideal Workhouse“ אין דעם הויז פון שרעקען פון דעם יאהר 1770! 63 יאהר שפע־טער, אין 1833, ווען דער ענגלישער פארלאמענט האט אין 4 פאבריק-צווייגען פערקירצט דעם ארבייטס-טאג פאר קינדער פון 13 ביז 18 יאהר צו 12 פולע ארבייטס-שטונדען, האט זיך געדוכט,

---

125) דארט גופא, ז. 15, 41, 96, 97, 55, 57, 69.

126) דארט גופא, ז. 69. יאקאב וואנדערלינט האט שוין אין יאהר 1734 ערקלערט, אז דער סוד פון דעם קאפיטאליסטישען קלאגען זיך וועגען דער פוילענצעריי פון די ארבייטער איז בעוועזען פשוט זייער פערלאנג, אז די ארבייטער זאלען פאר'ן זעלביגען לוין ארבייטען 6 טעג אנשטאט 4.

127) דארט גופא, ז. 242.

128) דארט גופא. „די פראנצויזען זאגט ער, לאכען פון אונזערע ענ־טוזיאסטישע אידעען וועגען פרייהייט.“ (ז. 78).

אז עס שלאגט שוין די לעצטע שטונדע פון דער ענגלישער אינ־דוסטריע! אין 1852, ווען לואי באנאפארט האט געזוכט צו שטעהן אויף א גוטען פוס מיט דער בורזשואזיע און געוואלט מאכען ענדערונגען אין דעם געזעצליכען ארבייטס־טאג, האט דאס פראנצויזישע ארבייטער־פאלק אויסגעשריען אין איין קול: „דאס געזעץ, וואס האט פערקירצט דעם ארבייטס־טאג צו 12 שטונדען, איז די איינציגע גוטע זאך, וואס איז אונז געבליבען פון דער געזעצגעבונג פון דער רעפובליק!"[129] אין ציריך איז די ארבייט פון קינדער איבער 10 יאהר בעשרענקט געווארן צו 12 שטונדען; אין ארגאו, אין יאהר 1862, איז די ארבייט פון קינדער צווישען 13 און 16 יאהר פערקירצט געווארן פון 12½ צו 12 שטונדען; אין עסטרייך, 1860, איז די ארבייט־צייט פאר קינדער צווישען 14 און 16 יאהר אויך אזוי פערקירצט געווארן צו 12 שטונדען.[130]

---

129 „זיי זיינען דערהויפט געווען דאגעגען צו ארבייטען לענגער איידער 12 שטונדען, ווייל דאס געזעץ, וואס האט פעסטגעזעצט די דאזיגע ארבייט־צייט, איז געווען דאס איינציגע גוטע, וואס איז געבליבען פון דער געזעצגעבונג פון דער רעפובליק." („רעפארטס אוו אינספעקטאר אוו פעקטאריעס", 31טען אקטאבער, 1856, ז. 80.) דאס פראנצויזישע 12 שטונדען געזעץ פון 5טען סעפטעמבער 1850, א בורזשואזע אויסגאבע פון דעם דעקרעט פון דער פראוויזארישער רעגירונג פון 2טען מארץ 1848, האט זיך בעצויגען אויף אלע ארבייט־פלעצער אהן אונטערשייד. פריהער פאר דעם געזעץ איז דער ארבייטס־טאג אין פראנקרייך ניט געווען בעשרענקט. ער האט געווערט אין די פאבריקען 14, 15 שטונדען און מעהר. זעה „די ארבייטער־קלאסען אין פראנקרייך אין פערלויף פון יאהר 1848" (פראנצ.) פון מ. בלאנקי. הערר בלאנקי, ער עקאנאם, ניט דער רעוואלוציאנער, איז בעשעפטיגט געווארן פון דער רעגירונגס וועגען מיט אן אונטערזוכונג פון דעם צושטאנד פון די ארבייטער.

130 אויך בנוגע דער רעגולירונג פון דעם ארבייטס־טאג ווייזט זיך בעלגיען ארויס פאר א בורזשואזען מושטער־שטאאט. לארד האוארד דע וואלדען, ענגלישער בעפאלמעכטיגטער אין בריסעל, בעריכטעט דעם אויסווערטיגען מיניסטעריום דעם 12טען מאי 1862: „דער מיניסטער ראזשיע האט מיר דערקלערט, אז די קינדער־ארבייט איז ניט בעשרענקט אויף קיין אופן סיי דורך אן אלגעמיינעם געזעץ, סיי דורך לאקאלע רעגולירונגען; אז די רעגירונג האט זיך אין פערלויף פון די לעצטע דריי יאהר ארומגעטראגען מיט דעם געדאנק אויף יעדער זיצונג פארצולעגען די קאמערן א געזעץ וועגען דיעם געגענשטאנד, זי האט אבער שטענדיג זיך אנגעשטויסען אויף גרויסע שטערונגען, וואס האבען זיך גענומען פון דער אייפערזיכטיגער אנגסט אנטקעגען וועלכער ניט איז געזעצגעבונג, וואס גייט כנגד דעם פרינציפ פון פאלקאמענער פרייהייט פון דער ארבייט!"

וואס פאר „א פארטשריט זינט 1770" וואלט מאקאליי אויסגע־שריען מיט „עקזולטאציאן"!

דאס „הויז פון שרעקען" פאר פאופערס, פון וועלכען די קאפיטאל־נשמה פון 1770 האט ערשט נאך געטרוימט, איז אויסגעוואקסען עטליכע יאהר שפעטער ווי א ריעזיג ארבייטס־הויז פאר די מאנופאקטור־ארבייטער גופא. עס הייסט פאבריק. און דאס מאל האט דער אידעאל אויסגעזעהן בלאס לגבי דער ווירקליכקייט.

## 6. דער קאמף פאר דעם נארמאלען ארבייטס־טאג.

### צוואנג־געזעצליכע בעשרענקונג פון דער ארבייט־צייט. די ענגלישע פאבריק־געזעצגעבונג פון 1833 ביז 1864.

נאכדעם ווי עס האט גענומען דעם קאפיטאל הונדערטער יאהרען צו פערלענגערן דעם ארבייטס־טאג ביז צו זיינע נארמאלע מאקסימאל־גרעניצען, און דערנאך ווייטער ביז צו די גרעניצען פון דעם נאטירליכען טאג פון צוועלף שטונדען,[131] איז מיט דער געבורט פון דער גרויס־אינדוסטריע, אין לעצטען דריטעל פון 18טען י.ה., אנגעקומען אן איבערקעהרעניש, וואס איז געוועז אזוי געוואלטיג ווי א לאווינע, וואס רייסט זיך אראב פון די הויכע

[181] „עס איז געווים זעהר צו בעדויערן, אז א וועלכער עס איז קלאס מענשען זאל מוזען הארעוועז 12 שטונדעז א טאג. ווען מען רעכענט נאך צו די מאהלצייטען און די צייט, וואס עס נעהמט צו געהן צו דער ארבייט און פון דער ארבייט, בעטרעפט עס אין דער ווירקליכקייט גאנצע 14 פון די 24 שטונדען פון מעת־לעת.... אבגעזעהן פון דער פראגע פון געזונד, וועט קיינער, דענק איך, זיך ניט אבהאלטען מודה צו זיין, אז אוועקנעהמען אזויפיעל צייט פון די ארבייטער־קלאסען אהן א הפסקה, פון דעם פריהען עלטער פון 13 יאהר, און אין די ניט־בעשרענקטע אינדוסטריע־צווייגען נאך אפילו פון א פריהערן עלטער אן, מוז פון א מאראלישען שטאנדפונקט זיין אויסערסט שעדליך און א שרעקליכער איבעל.... אין די אינטערעסען דעריבער פון דער עפענטליכער מאראל, פאר דער ערציהונג פון א טיכטיגער בעפעלקערונג און כדי צו פערשאפען דער גרויסער מאסע פון פאלק א פערנינפטיגען לעבענס־גענוס, איז זעהר וויכטיג, אז אין אלע געשעפט־צווייגען זאל אבגעגעבען ווערן א טייל פון יעדען ארבייטס־טאג פאר אברוה און ערהאלונג." (לעאנארד הארנער אין „רעפארטס און אינספ. און פאקטאריעס", דעצ. 1841.)

[illegible] אַלע גרענעצן פון מאָראַל און נאַטור, פון [illegible] און געשלעכט, פון טאָג און נאַכט, זיינען צושטערט געוואָרן. אַפילו די בעגריפען פון טאָג און נאַכט, וואָס זיינען געווען אַזוי פויעריש־פּראָסט אין די אַלטע סטאַטוטען, זיינען געוואָרן אַזוי מטושטש, אַז אַן ענגלישער ריכטער, נאָך אין יאָהר 1860, האָט געמוזט אַרויסווייזען אמת'ע תלמוד'ישע חריפות, כדי צו דער־קלערן בתורת „פּסק דין" וואָס טאָג איז און וואָס נאַכט.[132] קאַפּאַטאַל האָט געפייערט זיינע אָרגיען.

אַזויבאַלד ווי דער אַרבייטער־קלאַס, וואָס איז צו[illegible] גע־וואָרן פון דעם פּראָדוקציאָנס־ליאַרם, איז וויפיעל ניט איז צוריק געקומען צו זיך, האָט ער אָנגעהויבען זיין ווידערשטאַנד, קודם אין דעם געבורטס־לאַנד פון דער גרויס־אינדוסטריע, אין ענגלאַנד. אין פערלויף אָבער פון דריי צעהנדליג יאָהרען זיינען די קאָנצע־סיעס, וואָס ער האָט אויסגעקעמפט, געבליבען געווינסען נאָר אויפ'ן פּאַפּיער (ריין נאָמינעל). דער פּאַרלאַמענט האָט אַרויס־געגעבען 5 אַרבייטער־געזעצען פון די יאָהרען 1802 ביז 1833, ער איז אָבער געווען אַזוי כיטרע ניט צו בעווילינען קיין פּעניג פאַר זייער צוואַנגמעסיגער דורכפיהרונג, פאַר דעם גוטיגען רע־אַמטען־פּערזאָנאַל א.אז.וו.[133] זיי זיינען געבליבען אַ טויטער בוכ־

---

[132] זעה "Judgment of Mr. J. H. Otway" בעלפאַסט, הילארי סעשיאָנס, קאָונטי אַנטרים, 1860.

[133] עס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם רעזשים פון לואי פיליפּ, דיעם „בירגער־קעניג", אַז דאָס איינציגע פאַבריק־געזעץ, וואָס איז אַרויסגעגעבען גע־וואָרן אונטער זיין ממשלה, דעם 22סטען מאַרץ 1841, איז קיינמאָל ניט דורכגע־פיהרט געוואָרן. און דאָס דאָזיגע געזעץ האָט זיך נאָר בעצויגען אויף קינדער־אַרבייט. עס האָט פעסטגעזעצט 8 שטונדען פאַר קינדער צווישען 8 און 12 יאָהר, 12 שטונדען פאַר קינדער פון 12 ביז 16 יאָהר א.אז.וו. מיט אַ סך אויסנאַהמען, וועלכע האָבען ערלויבט נאַכט־אַרבייט אַפילו פאַר 8 יעהריגע קינדער. דאָס אַכטונג געבען און דורכפיהרן דאָס געזעץ איז אין אַ לאַנד, וואו יעדע מויז ווערט אַדמיניסטרירט פון דער פּאָליציי, איבערגעלאָזט געוואָרן אין די הענד פון די „אַמי דע קאָמערס" [די פריינד פון האַנדעל]. ערשט פון יאָהר 1853 אָן איז פאַראַן אין איין איינציגען דעפּאַרטאַמענט, דעם „דעפּאַרטאַמענט די נאָרד", איין בעצאַהלטער רעגירונגס־אינספּעקטאָר. ניט ווייניגער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער ענטוויקלונג פון דער פראַנצויזישער געזעלשאַפט איבערהויפּט איז דער פאַקט, וואָס לואי פיליפּ'ס געזעץ איז ביז צו דער רעוואָלוציע פון 1848 געווען דער

שטאב „עס איז א פאקט, אז פאר דעם אקט פון 1833 פלעגט מען האלטן קינדער און יונגע מענטשען ביי דער ארבייט די גאנצע נאכט, דעם גאנצען טאג, אדער בייטאג און ביינאכט וויפיל מען האט געוואלט.“134

ערשט זינט פאבריק־אקט פון 1833 — וואס האט ארומ־ גענומען די באוועל־, וואל־, פלאקס־ און זייד־פאבריקען — זיין איינגעפיהרט געווארען פאר דער מאדערנער אינדוסטריע א נארמ־ מאל־ארבייטסטאג. קיין זאך כאראקטעריזירט ניט אזוי גוט דעם גייסט פון קאפיטאל, ווי די געשיכטע פון דער ענגלישער פאבריק־ געזעצגעבונג פון 1833 ביז 1864!

דאס געזעץ פון 1833 דערקלערט, אז דער געוועהנליכער פאבריק־ארבייטס־טאג זאל זיך אנהויבען האלב 6 אין דער פריה און זיך ענדיגען האלב 9 אין אבענד, און עס זאל זיין געזעצליך צו בעשעפטיגען אינערהאלב פון אט די גרעניצען — א פעריאדע פון 15 שטונדען — יונגע מענשען (ד. ה. צווישען 13 און 18 יאהר אלט) צו יעדער צייט פון טאג, בתנאי אז יעדער איין יונגער מענש זאל ניט מעהר ארבייטען ווי 12 שטונדען אין איין טאג, מיט דער אויסנאהם פון געוויסע ספעציעלע פעלען. דער 6טער פאראגראף פון דעם אקט בעשטימט, אז „יעדער פון די פערזאנען, וואס זייער ארבייט־צייט איז בעשרענקט, מוז אין פערלויף פון טאג האבען ווענינסטענס אנדערהאלבען שטונדען אויף מאהלצייטען.“ בע־ שעפטיגען קינדער אונטער 9 יאהר איז פערבאטען געווארען — מיט דער איין אויסנאהם, וואס וועט שפעטער דערמאנט ווערן; די ארבייט פון קינדער צווישען 9 און 13 יאהר אלט איז בעשרענקט אויף 8 שטונדען טעגליך. נאכט־ארבייט, דאס הייסט לויט דעם געזעץ צווישען האלב 9 אין אבענד און האלב 6 אין דער פריה, איז פערבאטען פאר אלע פערזאנען צווישען 9 און 18 יאהר אלט.

די געזעצגעבער זיינען געווען אזוי ווייט פון צו וועלען אנ־ ריהרן די פרייהייט פון קאפיטאל אויסצוזויגען די דערוואקסענע

---

איינציגער פון דעם סארט אין דער גאנצער פראנצויזישער געזעץ־פאב־ ריק, וואס שפינט אלעס ארום ווי מיט א נעץ!

134) „רעפארטס אוו אינספ. אוו פאקטאריעס“ פאר דעם 30טען אפריל 1860, ז. 51.

ארבייט־קראפט, אזוי ווי זיי האבן עס אנגערופן „די פרייהייט פון דער ארבייט“, אז זיי האבן אויסגעקלערט אן אייגענעם סיסטעם, כדי צו פערהיטען אזא שוידערליכען פועל יוצא פון דעם פאבריק־אקט.

„די גרויסע צרה פון דעם פאבריק־סיסטעם, ווי ער איז איצטער איינגעפירט“, שטעהט אין דעם ערשטען בעריכט פון דעם צענטראל־ראטה פון דער קאמיסיע פון 25טען יוני 1833, „בעשטעהט אין דעם, וואס ער שאפט די נויטווענדיגקייט אויסצוציהען די קינדער־ארבייט ביז צו דער גרעסטער לענג פון דעם ארבייטס־טאג פון די דערוואקסענע. די איינציגע רפואה פאר אט דער מכה, ניט בעשרענקענדיג די ארבייט פון די דערוואקסענע, וואס דערפון וואלט ארויסגעקומען נאך א גרעסערע צרה איידער די, וואס מען זוכט אויסצומיידען, שיינט צו זיין דער פלאן צו לאזען די קינדער ארבייטען אין צוויי רייהען.“ דער דאזיגער פלאן איז טאקע אויסגעפיהרט געווארן אונטער'ן נאמען רעליי־סיסטעם („System of Relays“) רעליי הייסט אין ענגליש, ווי אין פראנצויזיש, בייטען די פאצט־פערד אויף פערשיידענע סטאנציעס), אזוי אז איין רייה קינדער צווישען 9 און 13 יאהר האט געארבייט פון האלב 6 אין דער פריה ביז האלב 2 נאכמיטאג, און פון האלב 2 ביז האלב 9 אין אבענד האט מען איינגעשאנט אנאנדער רייה קינדער.

אלס בעלוינונג דערפאר, וואס די העררען פאבריקאנטען האבען מיט דער גרעסטער הוצפה איגנארירט אלע געזעצען וועגען קינדער־ארבייט, וואס זיינען ארויסגעגעבען געווארן אין די לעצטע 22 יאהר, האט מען איצט די פיל נאך בעגולט. דער פארלאמענט האט בעשטימט, אז נאך דעם 1טען מארץ 1834 טאר קיין קינד אונטער 11 יאהר, נאך דעם 1טען מארץ 1835, אונטער 12 יאהר און נאך דעם 1טען מארץ 1836 אונטער 13 יאהר, ניט ארבייטען אין א פאבריק מיהר ווי 8 שטונדען! אט דער „ליבעראליזם“, אין וועלכען עס איז געלעגען אזוי פיעל איינזעהעניש מיט קאפיטאל, האט פערדיענט נאך מעהר אנערקענונג דערמיט, וואס ער האט זיך ארויסגעוויזען נאכדעם ווי דר. פאררע, סער ב. ברודי, סער ס. בעל, מר. גוטהריע און אנדערע, קורץ די גרעסטע דאקטוירים פון לאנדאן, האבען אין זייער עדות־זאגען פאר דעם „הויז או קאמאנס“ דערקלערט, אז ווארטען איז א סכנה! דר. פאררע

האָט זיך אויסגעדריקט וועגן דעם פּונקט נאָך אביסעל שאַרפער: „געזעצגעבונג איז נייטיג צו פאַרמיידען דעם טויט אין אַלע פאָרמען, אין וועלכע ער קאָן געבראַכט ווערן פאַר דער צייט, און געוויס מוז אָט די פאָרם (פון דער פאַבריקאַרבייט) בעטראַכט ווערן פאַר דער גרויזאַמסטער מעטאָדע ווי צו ברענגען דעם טויט.“ דער זעלביגער „רעפאָרם“-פּאַרלאַמענט, וועלכער האָט אויס מיטגעפיהל מיט די הערן פאַבריקאַנטען פערשפּאַרט קינדער אונטער 13 יאָהר אויף יאָהרען לאַנג אין דעם גיהנום פון צוויי און זיעבציג שטונדען א וואָך פאַבריק־אַרבייט, האָט דאַגעגען אין דעם „עמאַנציפּאַציאָן־אַקט“, וועלכער האָט אויך איינגעגעבען די פרייהייטס טראָפּענס־ווייז, פערבאָטען די בעלי בתים פון די פּלאַנטאַציעס מיט אמאָל ניט צו לאָזען קיין נעגער־שקלאַף אַרבייטען לענגער ווי 45 שטונדען א וואָך!

אָבער נאָך אַלץ ניט קיין צופריעדענגעשטעלטער, האָט קאַפּיטאַל ערשט אָנגעפאַנגען א טומעלדיגע אַגיטאַציע, וואָס האָט אָנגעהאַלטען עטליכע יאָהר. די אַגיטאַציע האָט זיך דערהויפּט געדרעהט אַרום דעם פּונקט פון דעם עלטער פון די דאָזיגע קאַטעגאָריען, וועלכע אונטער דעם נאָמען קינדער, זיינען געווען בע־שרענקט אויף 8 שטונדען א טאָג אַרבייט און זיינען געווען אונ־טערוואָרפען אונטער א געוויסען שוהל־צוואַנג. לויט דער קאַפּי־טאַליסטישער אַנטהראָפּאָלאָגיע ענדיגט זיך דער קינדהייטס־עלטער אין צעהנטען אָדער העכסטען אין עלפטען יאָהר. וואָס נעהנטער עס איז געקומען צום לעצטען טערמין פון פאַבריק־אַקט, צום פאַ־טאַלען יאָהר 1836, אַלץ ווילדער האָט דער פאַבריקאַנטען־מאָב געשטורעמט. עס איז איהם פאַקטיש געלונגען אזוי ווייט אָנצור־שרעקען די רעגירונג, אז זי האָט פאָרגעשלאָגען אין 1835 אַראָבצור־זעצען די גרעניץ פון דעם קינד’ס עלטער פון 13 אויף 12 יאָהר. דערווייל איז דער „דרוק פון דרויסען“ געוואַקסען אַלץ דראָהענ־דער. די „הויז אוו קאָמאָנס“ האָט פערלאָרן דעם מוטה. זי האָט זיך ענטזאָגט צו וואַרפען די 13 יעהריגע קינדער אויף לענגער ווי 8 שטונדען א טאָג אונטער דעם דזשוגערנאַט־ראַד* פון קאַפּיטאַל,

* א אינדישער געץ, ארומגעפיהרט אויף א מורא’דיג גרויסען וואגען. די פרומע הינדוסען פלעגען זיך ווארפען אונטער זיינע רעדער, כדי זוכה צו זיין צו ווערן צוריבען פון דעם אבגאט. — איבערזעצער.

און דער אקט פון 1833 איז אריינגעטראטען אין פולער ווירקונג. ער איז געבליבען אומפערענדערט ביז יוני 1844.

אין דעם צעהנדליג יאהר, אין וועלכען דער אקט האט פון אנ־הויב טיילווייז און דערנאך אינגאנצען רעגולירט די פאבריק־ארבייט, זיינען די אפיציעלע ראפארטען פון די פאבריק־אינספעקטארען געוועזען פול מיט קלאנגען וועגען דער אונמעגליכקייט איהם דורכ־צופיהרען. אזוי ווי דאס געזעץ פון 1833 האט די הערען פון קאפיטאל געלאזט פריי צו בעשטימען, ווען יעדע „יונגע פערזאן" און יעדעס „קינד", אין דער 15־שטונדיגער פעריאדע פון האלב 6 אין דער פריה ביז האלב 9 אין אבענד, זאל אנפאנגען, מפסיק זיין און ענדיגען די 12 אדער 8 שטונדיגע ארבייט, און אויך אין וועלכע פערשיידענע שטונדען זיי זאלען עסען זייערע מאהלצייטען, האבען די הערען באלד אויסגעפונען א נייעם „רעליי סיסטעם", לויט וועלכען מען האט ניט געביטען די ארבייטס־פערד אויף די בע־שטימטע סטאנציעס, נאר מען האט זיי אויף יעדער בייט־סטאנציע ווידער איינגעשפאנט פון דאס ניי. מיר וועלען זיך דא ניט אבשטעלען אויף דער שעהנקייט פון אט דעם סיסטעם, אזוי ווי מיר וועלען שפעטער מוזען ווידער צוריקקומען צו איהם. אזוי־פיעל איז שוין אבער קלאר מיט'ן ערשטען בליק, אז ניט נאר דער גייסט, נאר אפילו דער בוכשטאב פון פאבריק־געזעץ איז דורכדעם בטל געווארען. ווי אזוי האבען די פאבריק־אינספעקטארען, ביי אזא קאמפליצירטער בוכפיהרונג פאר יעדען קינד און יעדער יונגער פערזאן, געקאנט צווינגען אבצוהיטען די געזעצליך־בע־שטימטע ארבייט־צייט און דאס געזעצליכע געוועהרען פון די מאהל־צייטען? אין א גרויסען טייל פון די פאבריקען האבען די אלטע ברוטאליטעטען ווידער אנגעהויבען צו בליהען אונבעשטראפט. אין א צוזאמענקונפט מיט דעם מיניסטער פון אינערן (אין 1844) האבען די פאבריק־אינספעקטארען בעוויזען די אונמעגליכקייט פון א וועלכען עס איז קאנטראל אונטער דעם ניי־אויסגעפונענעם רעליי־סיסטעם.[135]

דערווייל אבער האבען זיך די אומשטענדען זעהר געענדערט.

---

135) [illegible] און אינספ. און פאקטאריעס" פאר דעם 31טען אקטאבער [illegible]

די פאבריק־ארבייטער, בעזונדערס פון 1838טען יאהר, האבען געמאכט דעם 10 שטונדען־ביל פאר זייער עקאנאמישער לאזונג, אזוי גוט ווי זיי האבען געמאכט דעם טשארטער[136] פאר זייער פאליטישער לאזונג. איין טייל פון די פאבריקאנטען גופא, יענע וואס האבען אנגעפיהרט זייערע פאבריקען לויט דעם אקט פון 1833, האבען פערווארפען דעם פארלאמענט מיט דענקשריפטען וועגען דער אונמאראלישער קאנקורענץ פון די „פאלשע ברידער", וועלכע ערלויבען זיך, מחמת זייער גרעסערער חוצפה אדער צוליעב גינסטיקע לאקאלע אומשטענדען, עובר צו זיין דעם געזעץ. אויסער דעם, ווי גרויס אן איינצעלנער פאבריקאנט זאל ניט האבען השק געהאט שטארקער אנציהען די לייצעס פון זיין אלטער רויבגיעריגקייט, האבען אבער די ווארט־פירער פון דעם פאבריקאנטען־קלאס בעפויהלען א גאנץ אנדער האלטונג און אנאנדער שפראך געגנאיבער די ארבייטער. זיי זיינען אריינגעטראטען אין א קאמף אבצושאפען די קארן־געזעצען און האבען זיך גענויטיגט אין דער הילף פון די ארבייטער, כדי צו געווינען א זיעג! זיי האבען דעריבער ניט נאר פערשפראכען צו פערגרעסערן נאך אמאל אזויפיעל דעם לאבען ברויט, נאר אויך אנצונעהמען דעם 10 שטונדען־ביל אין דעם גליק־זעליגען רייך פון פריי־האנדעל.[137] פאלגליך האבען זיי ניט געקאנט בעקעמפן די איינפיהרונג פון א תקנה, וועלכע האט נאר געזאלט מאכען דעם אקט פון 1833 פאר א ווירקליכקייט. די טאריעס ווידער, וועלכע האבען געזעהן זייערע הייליגסטע אינטערעסען, די גרונט־רענט, געשטעלט אין געפאהר, האבען געדונערט מיט פילאנטראפישער ענטריסטונג אויף די „שענדליכע האנדלונגען" פון זייערע פיינד[138]

אט אזוי איז צו שטאנד געקומען דער צוגעזעצטער פאבריק־אקט פון 7טען יוני 1844. ער איז אריינגעטראטען אין קראפט

---

136) די הויפט־פונקט אין דעם פאליטישען פראגראם פון דער טשארטיסטען־באוועגונג איז געווען דאס אלגעמיינע, געהיימע און גלייכע וואהלרעכט.— קאוטסק.

137) רעפארטס אוו אינספ. אוו פעקטאריס פאר 31טען אקטאבער 1848 ז. 98.

138) איבעריגענס האט לעאנארד הארנער געבריכט דעם אויסדרוק שענדליכע האנדלונגען „Nefarious Practices" אפיציעל. (רעפארט אוו אינספ. אוו פאקטאריס פאר 31טען אקטאבער 1859, ז. 7.)

דעם 10טען סעפּטעמבער 1844. ער האָט געשטעלט אונטער דעם שוץ פון געזעץ א נייע קאטעגאָריע אַרבייטער—די פרויען איבער 18 יאָהר אַלט. זיי זיינען אין יעדען פּונקט געשטעלט געוואָרן גלייך מיט די יונגע פּערזאָנען, זייער אַרבייט־צייט איז באַגרענקט געוואָרן צו 12 שטונדען, די נאַכט־אַרבייט איז זיי פערבאָטען געוואָרן א.אז.וו. צום ערשטען מאָל, הייסט עס, האָט זיך די געזעצגעבונג געפיהלט געצוואונגען דירעקט און אָפיציעל צו קאָנטראָלירן אויך די אַרבייט פון דערוואַקסענע. אין דעם פאבריק־רעפּאָרט פון 1844 ביז 1845 ווערט געזאָגט איראָניש: מיר האָבען נאָך ניט בעגעגענט קיין איינציגען פאַל, וואו דערוואַקסענע פרויען זאָלען זיך האָבען בעקלאָגט אויף אָט דעם אָנגריף אויף זייערע רעכטען.[139] די אַרבייט פון קינדער אונטער 13 יאָהר זיינען אַרונטערגעזעצט געוואָרן צו 6½ שטונדען און, אונטער געוויסע בעדינגונגען, צו 7 שטונדען טעגליך.[140]

כדי צו בעזייטיגען די מיסברויכונגען פון דעם פאַלשען „רעלייס־סיסטעם”, האָט דאָס געזעץ איינגעפיהרט צווישען אַנדערע די פאָלגענדע רעגעלען: „דער אַרבייטס־טאָג פאַר קינדער און יונגע פּערזאָנען זאָל זיך רעכענען פון דער צייט אָן, ווען וועלכע עס איז יונגע פּערזאָן אָדער קינד פאַנגט אָן צו אַרבייטען אין דער פריה.” אויף דעם אופן, ווען א צ.ב.ש. פאַנגט אָן אַרבייטען 8 אוהר אין דער פריה און ב אום 10 אוהר, זאָל פונדעסטוועגען דער אַרבייטס־טאָג זיך ענדיגען פאַר ב אין דערזעלביגער שטונדע ווי פאַר א. „די צייט זאָל רעגולירט ווערן דורך אַן עפענטליכען זייגער”, צ.ב.ש. דער נעהענטסטער אייזענבאַהן־זייגער, לויט וועלכען דער פאַבריק־זייגער מוז ווערן אָנגעשטעלט. דער פאַבריקאַנט מוז אויפהענגען א גרויס־געדרוקטען נאָטיץ אין פאַבריק, וואָס זאָל אָנגעבען די שטונדען פון אָנהויבען און ענדיגען די אַרבייט און די צייט פאַר די פערשיידענע מאָהלצייטען. קינדער וועלכע הויבען אָן אַרבייטען פאַר 12 אוהר, טאָרען ניט ווידער גע־

[139] רעפּאָרטס עטצ. פאַר 30טען סעפּט. 1844, ז. 15.

[140] דער אַקט ערלויבט צו בעשעפטיגען קינדער 10 שטונדען, ווען זיי אַרבייטען ניט כסדר יעדען טאָג, נאָר א טאָג איבער א טאָג. בכלל איז אָט דער פּונקט געבליבען אָהן ווירקונג.

שטעלט ווערן צו דער אַרבייט נאָך 1 אוהר. **די נאַכמיטאַג־דייה** מוז פאַלגליך בעשטעהן פון אַנדערע קינדער איידער די, וואָס האָבען געאַרבייט אין דער פאָרמיטאָג־רייה. די 1½ שטונדען אויף מאָהלצייטען מוזען געגעבען ווערן אַלע בעשיצטע אַרבייטער אין דערזעלבער צייט פון טאָג גלייך, און וועניגסטענס 1 שטונדע פאַר 3 אוהר נאָכמיטאָג. קינדער אָדער יונגע פערזאָנען טאָרן ניט בעשעפטיגט ווערן לענגער איידער 5 שטונדען פאַר 1 אוהר, אָהן א הפסקה פון וועניגסטענס א האַלבע שטונדע אויף אַ מאָהלצייט. קינדער, יונגע פערזאָנען און פרויען טאָרן ניט בלייבען אין דער צייט פון אַ מאָהלצייט אין קיין פּלאַץ פון פאַבריק, וואו עס קומט פאָר א וועלכער עס איז אַרבייט־פּראָצעס, א.אַז.וו.

מיר האָבען געזעהן, אַז אַט די בעשטימונגען, וואָס זיינען אריינגעגאַנגען אין די קלענסטע פּרטים, וואָס האָבען אַזוי גלייך־פאָרמיג־מיליטעריש רעגולירט צום מינוט די פּעריאָדען, גרעניצען און הפסקות פון דער אַרבייט, זיינען בשום אופן ניט געווען די פּראָדוקטען פון פּאַרלאַמענטאַרישע פּלפּולים. זיי האָבען זיך ביס־לעכווייז אויסגעאַרבייט פון די פערהעלטענישען גופא, ווי נאַטור־געזעצען פון דעם מאָדערנעם פּראָדוקציאָנס־אופן. זייער פאָרמו־לירונג, אָפיציעלע אָנערקענונג און שטאַאטליכע בעשטימונג זיינען געווען דער רעזולטאַט פון לאַנג־דויערענדע קלאַסען־קאַמפען. איינע פון זיינע נעהענטסטע פאָלגען איז געווען, וואָס די פּראַקטיקע האָט דעם אַרבייטס־טאָג פון דערוואַקסענע מענער פאַבריק־אַר־בייטער אויך אונטערוואָרפען אונטער דיזעלביגע בעגרענצונגען, היות ווי אין די מעהרסטע פּראָדוקציאָנס־פּראָצעסען איז אונמעג־ליך אויסצוקומען אָהן דעם צוזאַמענאַרבייטען פון קינדער, יונגע פערזאָנען און פרויען. איינגאַנצען גענומען, האָט אין דער פּע־ריאָדע פון 1844 ביז 1847 געהערשט דער 12־שטונדען אַרבייטס־טאָג אומעטום גלייך אין אַלע אינדוסטריע־צווייגען, וואָס זיינען געווען אונטערוואָרפען אונטער דער פאַבריק־געזעצגעבונג.

דאָך אָבער האָבען די פאַבריקאַנטען ניט דערלאָזט אָט דעם „פאָרטשריט" אָהן א פערגיטיגונג פון אַנאַנדער „ריקשריט". אַ דאַנק זייער אַגיטאַציע האָט דאָס הויז און קאַמאַנס רעדוצירט דעם מינימאַל־עלטער פון די קינדער, וואָס דאַרפען פערווענדעט ווערן צו דער אַרבייט, פון 9 יאָהר אויף 8, כדי צו פערזיכערן

די קאַפּיטאַל מיט אַ „גוטן געוויסן" ... פון פאַבריק־קינדער",
וואָס קומט אויהם על פי גאָט'ס און דעם מענטשנ'ס געזעצן.[141]

די יאָהרען 1846 און 1847 מאַכען אַן עפּאָכע אין דער ייקאָ־נאָמישער געשיכטע פון ענגלאַנד. עס זיינען אָבגעשאַפט געוואָרן די קאָרן־געזעצען און דער טאַריף־אָבצאָהל אויף באַוועל און אַנדערע רויה־מאַטעריאַלען; פרי טרייד (פריי האַנדעל) איז דער קלערט געוואָרן אַלס דער וועגווייזענדער שטערן פון דער געזעצגעבונג; קורץ דער רייך פון גליקזעליגקייט איז אָנגעקומען! פון דער אַנדער זייט האָבען די טשאַרטיסטען־בעוועגונג און די 10־שטונדען אַגיטאַציע דערגרייכט אין דיזעלביגע יאָהרען זייער הויך־פונקט. זיי האָבען געפונען נייע חברים אין די טאָריעס, וואָס האָבען געדורשט נאָך נקמה. טראָץ דעם פאַנאַטישען ווידער־שטאַנד פון דער מחנה „פרי־טריידערס", וואָס האָבען געבראָכען זייער וואָרט, מיט ברייט און קאָבדען אָן דער שפּיץ, איז דער 10־שטונדען ביל, פאַר וועלכען מען האָט אַזוי לאַנג געקעמפט, דורכ־געגאַנגען דעם פּאַרלאַמענט.

דער נייער פאַבריק־אַקט פון 8טען יוני 1847 האָט פעסטגע־שטעלט, אַז דעם 1טען יולי 1847 זאָל אריינטרעטען אין קראַפט אַ פאָרלויפיגע פערקירצונג פון דעם אַרבייטס־טאָג פאַר „יונגע פּערזאָנען" (פון 13 ביז 18 יאָהר) און פאַר אַלע פרויען־אַרבייטער אויף 11 שטונדען, פון דעם 1טען מאַי 1848 אָבער זאָל אריינ־טרעטען אַן ענדגילטיגע בעשרענקונג אויף 10 שטונדען. אין די איבעריגע פונקטען האָט דער אַקט גאָר אַמענדירט און ערגענצט די געזעצען פון 1833 און 1844.

קאַפּיטאַל האָט זיך דערוויילע געגרייט צו אַ קאַמף, כדי צו פעריהינדערן די פולע אויספיהרונג פון דעם אַקט דעם 1טען מאַי 1848. און דערצו האָבען די אַרבייטער אַליין, כלומרשט אונטער דעם אויסרייד, אַז זיי זיינען געקומען צום שכל דורך דער ערפאַה־רונג, זיי געזאָלט העלפען צערשטערן זייער אייגענע אַרבייט. דער אויגענבליק איז קלוג אויסגעוועהלט געוואָרן. „מען דאַרף געדענ־

---

[141] „אַזוי ווי די בעשרענקונג פון זייער אַרבייט־צייט וועט אַרויסרופען אַ שטאַרקע נאָכפראַגע (אויף קינדער), רעכענט מען אַז דער נייער צופלוס פון קינדער צווישען 8 און 9 יאָהר וועט דעקען דעם בעדאַרף." (דאָרט גופא, ז. 13.)

קען, אז וועהרענד דעם שרעקליכען קריזיס פון 1846-47, איז די לאגע פון די פאבריק-ארבייטער געוועזען זעהר א טרויעריגע, אזוי ווי א סך פאבריקען האבען געארבייט נאר קורצע שטונדען און אנדערע זיינען געוועזען איינגאנצען געשלאסען. א גרויסע צאהל ארבייטער האט זיך קלעגליך געפונען אין דער נויטדירפטיגסטער לאגע; א סך זיינען געווען פערזונקען אין חובות. מען האט דעריבער געקאנט אנגעהמען כמעט אויף געוויס, אז זיי וועלען פארציהען די לענגערע ארבייטס-צייט, כדי גוט צו מאכען די פריהערדיגע פערלוסטען, אפשר אויך אבצאהלען חובות, אדער אויסלייזען די מעבעל וואס זיי האבען פער'משכנ'ט, צוריקקויפען זייניגע חפצים וואס זיי האבען פריהער פערקויפט, אדער איינשאפען זיך א נייעם בגד פאר זיך און דער פאמיליע."[142] די הערען פאבריקאנטען האבען געזוכט נאך צו פערשטארקען די נאטירליכע ווירקונג פון די דאזיגע אומשטענדען דורך אן אלגעמיינער לוין-פערקלענערונג פון 10 פראצענט. דאס איז געשעהן געווארען, אזוי צו זאגען, כדי צו פייערן דעם ארייננטריט פון דער נייער צייט פון פריי-האנדעל. דערנאך איז געקומען א ווייטערע לוין-פערקלענערונג אויף 8½ פראצענט, אזוי באלד ווי דער ארבייטס-טאג איז פערקירצט געווארען אויף 11 שטונדען, און ווידער א טאפעלטע פערקלענערונג ווי נאר ער איז ענדגילטיג פערקירצט געווארען אויף 10 שטונדען. פאלגליך, וואו די פערהעלטנישען האבען נאר ווי עס איז דערלאזט, איז פארגעקומען א לוין-פערקלענערונג פון וועניגסטענס 25 פראצענט[143] אונטער אט אזעלכע ריכטיג-צוגעגרייטע אומשטענדען האט מען אנגעפאנגען די אגיטאציע צווישען די ארבייטער פאר דער אבשאפונג פון דעם אקט פון 1847. מען האט זיך ניט אבגעשטעלט פאר קיין מיטעל פון בעטרוג, פערפיהרונג און דראהונג, עס איז אבער אלץ געווען אומזיסט. וואס געהערט דעם האלב דוצענד פעטיציעס, אין וועלכע די ארבייטער זיינען

142 רעפארטס עטצ. פור 31טען אקטאבער 1848, ז. 16.

143 „איך האב געפונען, אז מען האט ארונטערגעריסען ביי די וואס האבען בעקומען 10 שילינג א וואך, 1 שילינג אויפ'ן חשבון פון דער אלגעמיינער לוין-פערקלענערונג פון 10 פראצענט, און נאך 1 שילינג מיט 6 פענס פאר דער צייט-פערקירצונג: צוזאמען 2 שילינג מיט 6 פענס. און טראץ אלעם דעם האט די מעהרצאהל זיך פעסט געהאלטען פאר דעם 10-שטונדען-ביל". (דארט גופא.)

געווען געצוואונגען צו קלאגען זיך וועגען „זייער אונטערדריקונג דורך דעם אקט", האָבען די שרייבער פון די פעטיציעס אליין דערקלערט, ביי א מינדליכען פערהער, אז מען האָט זיי געצוואונגען צו געבען זייערע אונטערשריפטען. „זיי זיינען טאקע אונטערדריקט, אָבער פון עפּעס אנדערש ווי פון דעם פאבריק אקט."[144] אויב אָבער עס האָט די פאבריקאנטען ניט געלונגען צו מאכען, אז די ארבייטער זאָלען רעדען ווי זיי האָבען געוואָלט, האָבען זיי אליין דערפאר אלץ העכער געשריען, אין דער פרעסע און אין פארלאמענט, אין נאָמען פון די ארבייטער. זיי האָבען פערמסר'ט די פאבריק־אינספּעקטאָרען אלס א מין רעוואָלוציאָנערע קאָמיסארען פון די צייטען פון דער פראנצויזישער נאציאָנאל־קאָנווענציאָן, וועלכע ווילען מקריב זיין אָהן רחמנות די אומגליק־ליכע ארבייטער צו זייערע הומאניטערע פאנטאזיעס. אָבער אויך דער מאנעוור האָט זיך ניט איינגעגעבען. דער פאבריק־אינספּעק־טאָר לעאָנארד האָרנער האָט אליין פערזענליך און דורך זיינע אונ־טער־אינספּעקטאָרען אָנגעפיהרט צאָהלרייכע אונטערזוכונגען אין די פאבריקען פון לאנקאשיר. אַן ערך 70 פּראָצענט פון די פערהערטע ארבייטער האָבען זיך ערקלערט פאר דעם 10־שטונדען ארבייטס־טאָג, א סך א קלענערער פּראָצענט פאר 11 שטונדען און גאָר אַן אונבעדייטענדע מינאָריטעט פאר די אלטע 12 שטונדען[145]

נאָך א „פריינדליכער" מאנעוור איז בעשטאנען אין דעם, צו צווינגען די דערוואקסענע מענער־ארבייטער צו ארבייטען פון 12 ביז 15 שטונדען א טאָג און דאַן פאנאנדערפּויקען דעם פאקט אלס דעם בעסטען אויסדרוק פון די פּראָלעטארישע פערלאנגען. אָבער דער „אונבארמהערציגער" פאבריק־אינספּעקטאָר לעאָנארד האָרנער

[144] „ווען איך האב אונטערגעשריבען די פעטיציע, האב איך גלייך געזעהן, אז איך טהו דערמיט עפּעס שלעכטעס. — איז ווארום האט איהר זיך אונטערגע־שריבען? — ווייל אויב איך וואלט עס ניט געטאן, וואלט מען מיך ארויסגע־שטעלט אויפ'ן גאס. — דער בימע־שטעלער האט זיך ווירקליך געפיהלט „אונטער־דריקט", אבער גראד ניט דורך דעם פאבריק־אקט." (ד״ר״ם גורא, ז. 102.)

[145] ד. ג., ז 17. אין הארנער'ס דיסטריקט זיינען אויף דיעם אופן פערהערט געווארען 10,270 דערוואקסענע מענער־ארבייטער אין 181 פאבריקען. זייערע עדות־זאגונגען קאן מען געפינען אין דעם אנהאנג צום רעפּארט פאר'ן האלב־יאהר, וואס האט זיך געענדיגט אקטאבער 1848. אט די עדות־פערהערן שטעלען פאר א וויכטיגען מאטעריאל אויך אין אנדערע הינזיכטען.

האָט זיך ווידער ביזוויזן אויף דעם ריכטיגען פּלאַץ. די מעהרסטע פון די „איבער־צייט אַרבייטער" האָבען עדות געזאָגט, אַז „זיי וואָלטען אַ סך בעסער געוואָלט אַרבייטען 10 שטונדען פאַר קלענערע שכירות, נאָר זיי האָבען ניט געהאַט קיין ברירה; אַזוי פיעל פון זיי געהען אַרום אַרבייטסלאָז, אַזוי פיעל שפּינער זיינען געצוואונגען צו אַרבייטען אַלס אָנקניפּער פאַר אַ נידעריגען לוין, אַז ווען זיי וואָלטען זיך אָנטזאָגט צו אַרבייטען די לענגערע שטונדען, וואָלטען זייערע פּלעצער דיזעלבע מינוט פאַרנומען געוואָרען פון אַנדערע. די פראַגע איז פאַר זיי געשטאַנען: אָדער אַרבייטען די לענגערע שטונדען, אָדער ליעגען אויפ'ן גאַס."[146]

דיזער ערשטער פעלדצוג פון קאַפּיטאַל איז דורכגעפאַלען און דער 10 שטונדען געזעץ איז אַריין אין קראַפט דעם 1טען מאַי 1848. אין דערזעלביגער צייט אָבער האָט דער דורכפאַל פון דער טשאַרטיסטען־פּאַרטיי—די פיהרער זיינען אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין תפיסה און די אָרגאַניזאַציע איז צובראָכען געוואָרען—צער־שטערט דעם צוטרויען פון ענגלישען אַרבייטער־קלאַס אין זיינע אייגענע כחות. באַלד נאָכדעם האָט דער פּאַריזער יוני־אויפ־שטאַנד, וואָס איז דערשטיקט געוואָרען אין בלוט, פאַראייניגט אויפ'ן קאָנטינענט ווי אין ענגלאַנד אַלע פראַקציעס פון די הער־שענדע קלאַסען, גרונד־אייגענטימער און קאַפּיטאַליסטען, בערזע־וועלף און קרעמער, פּראָטעקציאָניסטען און פריי־הענדלער, די רע־גירונג־פּאַרטיי און די אָפּאָזיציע, גלחים און פרייدענקער, יונגע הוריין און אַלטע נאָנען—אַלע אינאיינעם אונטער דעם געשריי צו ראַטעווען דאָס אייגענטום, די רעליגיאָן, די פאַמיליע און די גע־זעלשאַפט! דער אַרבייטער־קלאַס איז געוואָרען צו שאַנד, אין חרם אַריינגעלעגט און געשטעלט אונטער'ן געזעץ פאַר פערדעכטיגע. די הערען פאַבריקאַנטען האָבען אַלזאָ שוין מעהר ניט געדאַרפט זיך זשענירן. זיי האָבען געמאַכט אַן אָפענעם אויפשטאַנד ניט

146 אין דעם דערמאָנטען בעריכט זעה די עדות־זאָגונגען געזאַמעלט פון האָרנער אַליין, נומערן 69, 70, 71, 72, 92, 93 און פון דעם סוב־אינספּעקטאָר A געזאַמעלטע עדות, נום. 51, 52, 58, 59, 62, 70 פון דעם „אַנהאַנג". איין פאַבריקאַנט האָט אַליין דערצעהלט דעם אמת. זעה נומער 14 און נומער 265 פונ'ם בעריכט.

נאָר אנטקעגען דעם 10 שטונדען געזעץ, נאָר אנטקעגען דער גאַנ־צער געזעצגעבונג, וועלכע האָט זינט 1833 געזוכט וויפיעל־ניט־איז איינצוצוימען די פרייע אויסזויגונג פון דער ארבייטס־קראפט. עס איז געווען א „פּראָ־סקלייווערי" רעבעליאָן אין מיניאטור, וואָס איז דורכגעפיהרט געוואָרן אין משך פון מעהר ווי צוויי יאָהר מיט א ציניזמער הפקרות, מיט א טעראָריסטישער ענערגיע, און דערצו נאָך אזויפיעל ביליגער, וואָס דער רעבעלישער קאפּיטאַליסט האָט מיט גאָרנישט ניט ריזיקירט, א חוץ מיט דער הויט פון זיינע ארבייטער.

כדי צו פערשטעהן דאָס וויטערדיגע מוזען מיר געדענקען, אז די פאבריק־אקטען פון 1833, 1844 און 1847 זיינען אַלע דריי געווען אין קראפט, אזוי וויט ווי איינער האָט ניט אמענדירט דעם אנדערן; אז קיינער פון זיי האָט ניט בעשרענקט דעם ארבייטס־טאָג פון די מענער־ארבייטער איבער 18 יאָהר אַלט; און אז די 15־שטונדיגע פעריאָדע, פון האלב 6 אין דער פריה ביז האלב 9 אין אָבענד, איז זינט 1833 געבליבען דער געזעצליכער „טאָג", און אין זיינע גרענעצען האָט צוערשט די 12 שטונדיגע, שפּעטער די 10 שטונדיגע ארבייט פון יונגע פערזאָנען און פרויען געדאַרפט געמאָן ווערן אונטער די פאָרגעשריבענע בעדינגונגען.

די פאבריקאנטען האָבען אָנגעהויבען אין פערשיידענע ערטער דערמיט, וואָס זיי האָבען אוועקגעשיקט א טייל, אָפט מאָל א העלפט, פון די יונגע פערזאָנען און פרויען, וואָס זיינען געווען בעשעפטיגט ביי זיי, און האָבען ווידער איינגעפיהרט די כמעט־פערגעסענע נאכט־ארבייט צווישען די דערוואקסענע מענער אר־בייטער. דאָס 10־שטונדען־געזעץ, האָבען זיי געשריען, לאָזט זיי ניט קיין אנדער ברירה.[147]

זייער צווייטער טריט האָט זיך בעצויגען אויף די געזעצליכע הפסקות פאַר מאָהלצייטען. לאָמיר הערען וואָס די פאבריק־אינ־ספּעקטאָרען זאָגען. „זינט דער ארבייטס־טאָג איז בעשרענקט געוואָרען אויף 10 שטונדען, בעהויפּטען די פאבריקאנטען—הגם זיי פיהרען נאָך פראקטיש ניט דורך זייער מיינונג ביז צו דער לעצטער קאָנזעקווענץ—אז זיי זיינען ריכטיג מקיים די געזעצליכע פאָר־

[147] רעפּארטס עטצ. פאר אקטאבער 1848, ז. 133 און 134.

שריפטען, ווען זיי גיבען צ.ב.ש., ארבייטסצייט פון 6 אוהר מאָר־
דער פריה ביז 7 אין אבענד, 1 שטונדע אויף עסען פאר 9 אוהר
אין דער פריה און ½ שטונדע נאך 7 אוהר אבענדס, ד.ה. צו־
זאמען 1½ שטונדען. אין איינינע פעלען ערלויבען זיי איינער
א האלבע אדער א גאנצע שטונדע אויף מיטאג־עסען, זיי בעשטע־
הען אבער דערויף, אז זיי זיינען דורכאויס ניט פערפליכטעט צו
געבען א וועלכען עס איז טייל פון די 1½ שטונדען אין משך פון
דעם 10 שטונדיגען ארבייטס־טאג.”[148] די העררען פאבריקאנטען,
הייסט עס, האבען בעהויפטעט, אז די אויפ'ן האר־גענויע בעשטי־
מונגען וועגען מאהלצייטען אין דעם אקט פון 1844 האבען נאר
געגעבען די ארבייטער די ערלויבניש צו עסען און צו טרינקען
איידער זיי געהען אריין אין פאבריק און נאכדעם ווי זיי געהען
אוועק פון פאבריק, ד.ה. ביי זיך צו הויז! און פארוואס זאלען
טאקע די ארבייטער ניט עסען מיטאג אויך פאר 9 אוהר? די
קרוין־יוריסטען האבען פונדעסטוועגען געפסק'נט, אז די פאר־
געשריבענע מאהלצייטען „מוזען געגעבען ווערען אין דער צייט פון
דעם ווירקליכען ארבייטס־טאג, און אז עס איז אונגעזעצליך צו
לאזען ארבייטען 10 שטונדען נאכאנאנד, פון 9 אוהר פריה ביז
7 אוהר אבענד, אהן א אונטערברעך.”[149]

נאך אט די געמיטליכע דעמאנסטראציעס האט קאפיטאל צו־
גערייט זיין אויפשטאנד דורך א טריט, וואס האט געשטימט מיט
דעם בוכשטאב פון געזעץ פון 1844 און איז, הייסט עס, געווען
לעגאל.

דאס געזעץ פון 1844 האט זיכער פערבאטען צו בעשעפ־
טיגען קינדער פון 8 ביז 13 יאהר אלט נאך 1 אוהר ביי טאג, אויב
זיי האבען געארבייט פאר 12 אוהר פארמיטאג. אבער דאס געזעץ
האט בשום אופן ניט רעגולירט די 6½ שטונדיגע ארבייט פון די
קינדער, וואס האבען אנגעפאנגען פונקט 12 אוהר אדער שפעטער!
8־יאהריגע קינדער, ווען זיי הויבען אן די ארבייט אום 12 אוהר,
האבען דעריבער געקאנט בעשעפטיגט ווערען פון 12 ביז 1, הייסט
עס 1 שטונדע; פון 2 ביז 4, איז נאר 2 שטונדען, און פון 5

148 רעפארטס עטץ. פאר אפריל 1848, ז. 47.

149 רעפארטס עטץ. פאר אקטאבער 1848, ז. 130.

ביז האלב 9, 3½ שטונדען; אלעס צוזאמען די גענעצליכע 6½ שטונדען! אדער נאך בעסער. כדי צוצופאסען זייער בעשעפטי־גונג צו דער ארבייט פון די דערוואקסענע מענער־ארבייטער ביז האלב 9 אין אבענד, דארפען די פאבריקאנטען זיי גארניט געבען קיין ארבייט ביז 2 אוהר נאכמיטאג, און דאן האלטען זיי ביי דער ארבייט כסדר ביז האלב 9 אין אבענד! „און עס ווערט איצט קלאר צוגעגעבען, אז צוליעב דער זשעדנעקייט פון די פאבריקאנ־טען, וועלכע ווילען לאזען לויפען זייערע מאשינעריע לענגער איידער 10 שטונדען א טאג, איז געווארן א פראקטיקע אין ענגלאנד צו לאזען ארבייטען 8 ביז 13־יאהריגע קינדער פוןביידע געשלעכטער, נאכדעם ווי אלע יונגע פערזאנען און פרויען געהען אוועק פון פאבריק, צוזאמען מיט די דערוואקסענע מענער ביז האלב 9 אין אבענד."150 די ארבייטער און די פאבריק־אינספעקטארען האבען פראטעסטירט צוליעב היגיענישע און מאראלישע טעמים. אבער קאפיטאל האט געענטפערט [ווי שיילאק]:

„אויף מיין קאפ די עברה! איך וויל מייז רעכט,
דעם קנס און אבצאהל פון מיין חוב!"

לויט א סטאטיסטיק, וואס איז אנגעגעבען געווארן אין די „הויז אוו קאמאנס", דעם 26טען יולי 1850, זיינען דעם 15טען יולי 1850 פאקטיש געווען אונטערווארפען דער דאזיגער „פראק־טיקע" 3742 קינדער אין 275 פאבריקען.151 דאס איז נאך אבער ניט געווען גענוג! דאס שארפזיניגע אויג פון קאפיטאל האט ענטדעקט, אז דער אקט פון 1844 ערלויבט ניט צו ארבייטען 5 שטונדען פארמיטאג אהן א הפסקה פון ווייניגסטענס א האלבער שטונדע פאר אברוה, אבער שרייבט ניט פאר קיין זאך פון דעם סארט פאר דער נאכמיטאג־ארבייט. קאפיטאל האט דעריבער געפאדערט און גע'פועל'ט דאס פערגעניגען ניט נאר צו האלטען 8 יאהריגע ארבייטער־קינדער ביי דער ארבייט פון 2 אוהר ביז האלב 9 אין אבענד אהן אן אבשטעל, נאר אויך צו לאזען זיי די גאנצע צייט הונגערן!

150 דארט גופא, ז. 142.

151 רעפארטס עטצ. פאר אקטאבער 1850, ז. 5 און 6.

„יאָ, זיין האַרץ,
'זוי זאָגט דער כתב.''152

דאָס דאָזיגע פעסט־האַלטען זיך מעשה שיילאָק אָן דעם בוכשטאַב פון געזעץ פון 1844, בערך וואָס עס רעגולירט די קינדער־אַרבייט, האָט אָבער נאָר געזאָלט פיהרן צו אַן אָפענעם אויפשטאַנד אַנטקעגען דעמזעלבען געזעץ, אַזוי ווייט ווי עס האָט רעגולירט די אַרבייט פון „יונגע פערזאָנען און פרויענצימער''. מען דאַרף געדענקען, אַז דער הויפט־צוועק און הויפט־אינהאַלט פון דעם דאָזיגען געזעץ איז געווען די אָבשאַפונג פון דעם פאַלשען „רעליי־סיסטעם''. די פאַבריקאַנטען האָבען אָנגעהויבען זייער אויפשטאַנד מיט דער איינפאַכער ערקלערונג, אַז די פאַראַגראַפען פון דעם אַקט פון 1844, וואָס האָט פערבאָטען צו בענוצען די „יונגע פערזאָנען און פרויענצימער'' אין קורצע חלקים פון דעם 15־שטונדיגען אַרבייטס־טאָג לויט דעם ווילען פון פאַבריקאַנט, זיינען געווען אין פערגלייך אונשעדליך (comparatively harmless), כל זמן די אַרבייט־צייט איז געווען בעשטימט אויף 12 שטונדען. אונטער דעם 10 שטונדען געזעץ זיינען זיי אַן אונערטרעגליכע בעלעסטיגונג.''153 זיי האָבען דעריבער אויפ'ן קאַלטבלוטיגסטען אופן דערקלערט די אינספעקטאָרען, אַז זיי שטעלען

דינגט פאר דער אינלענדישען פערקעהר איז א טויטער זאפאס און ברענגט

152 די נאטור פון קאפיטאל בלייבט דיזעלביגע, אין זיינע אונענטוויקעלטע ווי אין זיינע ענטוויקעלטע פארמען. אין דעם געזעצבוך, וואס דער איינפלוס פון די שקלאווען־האלטער, קורץ פאר'ן אויסברוך פון דעם אמעריקאנער בירגער־קריעג, האט ארויפגעצוואונגען אויף דער טעריטאריע פון ניו־מעקסיקא, שטעהט געשריבען: „דער ארבייטער, אזוי ווייט ווי דער קאפיטאליכט האט געקויפט זיין ארבייטס־קראפט, איז זיין (דעם קאפיטאליכט'ס) געלד''. דאס איז אויך געווען די גאנגבארע מיינונג ביי די רוימישע פאטריציער. דאס געלד, וואס זיי האבען געליהען דעם פלעבייאישען בעל־חוב, איז פערוואנדעלט געווארן דורך זיינע לעבענסמיטלען אין דעם בעל־חוב'ס פלייש און בלוט. פאלגליך איז דאס דאזיגע „פלייש און בלוט'' „זייער געלד''. דערפון נעהמט זיך דאס שיילאק־געזעץ פון די 10 טאוולען! לינגעט'ס היפאטעזע, אז די פאטריציישע קרעדיטארען פלעגען פון צייט צו צייט פראווען סעודות אויף יענער זייט מיבער פון דעם נעקאכטען פלייש פון זייערע בעלי חובות, מעג בלייבען פונקט אזוי ניט פעסטגעשטעלט, ווי דאומער'ס היפאטעזע וועגען דעם קריסטליכען אבענד־מאהלצייט.

153 רעפארט עטצ. 30טען אפריל 1848, ז' 28.

זיך העכער פאר'ן בוכשטאב פון געזעץ און וועלען אויף זייער אייגענער אחריות ווידער איינפיהרן דעם אלטען סיסטעם.[154] זיי טהוען דאס אין די אינטערעסען פון די שלעכט-געראטענע ארבייטער אליין, „כדי צו קאנען זיי צאהלען העכערע שכירות". „דאס איז דער איינציג-מעגליכער פלאן ווי אויפצוהאלטען די אינדוסטריעלע איבערמאכט פון גרויס-בריטאניען אונטער דעם 10 שטונדען-געזעץ." [155] „עס מוז אפשר זיין אביסעל שווער אויסצוגעפינען אונרעגעלמעסיגקייטען אונטער דעם רעליי-סיס-טעם, אבער וועמען אהרט עס? זאלען די גרויסע פאבריק-אינ-טערעסען פון דעם לאנד בעהאנדעלט ווערן ווי עפעס פון צווייי-טער וויכטיגקייט, כדי איינצושפארן די פאבריק-אינספעקטארען און די סוב אינספעקטארען אביסעל מעהר מיה?" [156]

די דאזיגע אלע דריידלעך האבען, פערשטעהט זיך, ניט גע-האלפען. די פאבריק-אינספעקטארען האבען זיך געווענדעט צום געריכט. באלד אבער האט זיך אויף דעם מיניסטער פון אינערן, סער דזשארדזש גרעי, א שאט געטאן אזא געדיכטער וואלקען מיט פעטיציעס פון די פאבריקאנטען, אז ער האט רעקאמענדירט די אינספעקטארען, אין א צירקולאר פון 5טען אויגוסט 1848, „ניט אנצוקלאגען בכלל וועגען פערלעצונג פון דעם בוכשטאב פון דעם אקט, כל זמן מען קאן ניט בעווייזען, אז דער רעליי-סיסטעם איז מיסברויכט געווארן, כדי צו לאזען יונגע פערזאנען און פרויענצי-מער ארבייטען מעהר ווי 10 שטונדען." אויף דעם סמך האט דער פאבריק-אינספעקטאר דזש. סטוארט ערלויבט דעם אזוי-גע-רופענעם ארבייט-סיסטעם אין דעם 15-שטונדיגען משך פון פאב-ריק-טאג אין גאנץ שאטלאנד, וואו ער האט באלד אויפגעבליהט גאר אויף דעם אלטען שטייגער. פערקעהרט, די ענגלישע פאבריק-אינספעקטארען האבען ערקלערט, אז דער מיניסטער האט ניט קיין דיקטאטארישע מאכט אבצושאפען די קראפט פונ'ם געזעץ און

---

154 א.ז.וי האט צווישען אנדערע געשריבען דער פילאנטראפ אשווארטה צו לעאנארד הארנער איין אן עקעלהאפטער קוועקער בריעף. (רעפארטס אפריל 1849, ז. 4).

155 רעפארטס, אפריל 1848, ז. 134.

156 דארט גופא ז. 140.

האבען באזייטיגט זייערע געריכטס-שטעלע קריגען אנטקעגען די „קאטאן-סלייוועריי"-ראבינזאנען.

אגב, וואס איז געווען די פעולה פון זיי ת"אר'ן געריכט, אז די געריכטען, די „קאונטי מאגיסטראטעס",[157] פלעגען זיי בעפרייען? אין גאנץ די געריכטען זיינען געווען די פאבריקאנטען צו ריכטען זיך אליין. איין ביישפיעל. א געוויסער עסקריגג, א באוול-שפינער פון דער פירמע קערשא, לייס און קא., האט פארגעלעגט פאר דעם פאבריק-אינספעקטאר פון זיין דיסטריקט דעם פלאן פון א רעליי-סיסטעם, וואס ער האט געוואלט איינפיהרן אין זיין פאבריק. קריגענדיג אן אבזאג, איז ער פון אנפאנג געבליבען שטיל. עטליכע מאנאט שפעטער איז איינער א ראבינזאן, אויך א באוול-שפינער, און אויב ער איז ניט געווען עסקריגג'ס מענש פרייטאג, איז ער יעדענפאלס געווען זיינער א קרוב, געשטאנען אן אנגעקלאגטער פאר די פריעדענס-ריכטער אין סטאקפארט פאר איינפיהרן פונקט אזא רעליי-פלאן ווי דעם, וואס עסקריגג האט אויסגעקלערט. עס זיינען געזעסען 4 ריכטער, צווישען זיי דריי באוול-שפינער, און בראש פון זיי דערזעלביגער אונפערמיידליכער עסקריגג. עסקריגג האט ראבינזאן'ען פריי געשפראכען, און איצט האט ער זיך געטראכט, וואס עס איז רעכט פאר ראבינזאן'ען איז אויך גוט פאר עסקריגג'ן. שטיצענדיג זיך אויף זיין אייגענעם פסק-דין, האט ער גלייך איינגעפיהרט דעם סיסטעם אין זיין אייגענער פאבריק.[158] עס פערשטעהט זיך, די צוזאמענשטעלונג פון דיזע געריכט איז שוין אליין געווען אן אפענע פערלעצונג פון געזעץ.[159] „אזא מין געריכטליכער פארס, שרייט

157 אט די „קאונטי מאגיסטרייטס", די „גרויסע ניט-בעצאהלטע", ווי וו. קאבבעט רופט זיי אן, זיינען א סארט אונבעצאהלטע פריעדענסריכטער, צוזאמען-געשטעלט פון די „אנשי מכובדים" פון דער גראפשאפט (קאונטי). זיי שטעלען פאקטיש צוזאמען די פאטרימאניאל-געריכטען פון די הערשענדע קלאסען.

158 רעפארט עטצ. פאר אפריל 1849, ז. 21 און 22. פערגל. ענליכע ביישפיעלען דארט גופא ז. 4 און 5.

159 על פי געזעץ, וואס איז בעקאנט מיט'ן נאמען סער דזשאהן האבהאוזעס פאבריק-געזעץ, איז פערבאטען אז א בעזיצער פון א באוול-שפינעריי אדער וועבעריי, אדער א פאטער, א זוהן, א ברודער פון אזא בעזיצער זאל פונקציאנירען אלס פריעדענסריכטער אין פראגען, וואס זיינען נוגע דעם פאבריק-געזעץ.

אויס אינספעקטאר האָל, פאָדערט דרינגליך עפּעס א העלף־מי־טעל... אָדער פאַסט־צו דאָס געזעץ צו אָט די אורטיילס רוכעז, אָדער לאָזט עס פערוואַלטען דורך א וועניגער־פעהלבאַרען געריכט, וואָס וועט זיינע פּעקים צו־פּאַסען צום געזעץ... ווען אזוינע פעלען וועלען פּאָרקומען פאר איהם. איך געה אויס נאָך א בע־צאָהלטען ריכטער."[160]

די קרוין־יוריסטען האָבען ערקלערט, אז די פאבריקאַנטען'ס אויסטייטשונג פון דעם אקט פון 1848 איז לעכערליך; אָבער די „רעטער פון דער געזעלשאַפט" האָבען זיך ניט געלאָזט אראָבפיהרען פון וועג. „נאָכדעם—בעריכטעט לעאָנאַרד האָרנער—ווי איך האָב פּרובירט דורך 10 אנקלאַגען אין 7 פערשיידענע געריכט־בעצירקען צו צווינגען אָבהיטען דאָס געזעץ און בין אונטערשטיצט געוואָרען פון די מאַגיסטראַטען נאָר אין איין פאַל... האַלט איך די וויי־טערע אנקלאַגען וועגען עובר זיין דאָס געזעץ פאר נוצלאָז. דער טייל פון דעם אַקט, וואָס איז פערפאַסט געוואָרען צו שאַפען א גלייכמעסיגקייט אין די ארבייט־שטונדען... עקזיסטירט ניט מעהר אין לאַנקעשייר. אויך האָבען מיר, ניט איך, ניט מיינע אונטער־אינספּעקטאָרען, לגמרי קיין מיטעל ניט ווי אזוי צו זיין זיכער, אז אין די פאבריקען, וואו עס הערשט דער אזוי־גערופענער רעליי־סיסטעם, זיינען די יונגע פערזאָנען און פרויענצימער ניט בעשעפ־טיגט מעהר ווי 10 שטונדען.... סוף אַפּריל 1849 האָבען שוין 114 פאבריקען אין מיין דיסטריקט געארבייט לויט דער דאָזיגער מעטאָדע, און זייער צאָהל וואַקסט אין דער לעצטער צייט ריעזיג. אין אלגעמיין ארבייטען זיי איצטער 13½ שטונדען, פון 6 אוהר אין דער פריה ביז האלב 8 אין אבענד; אין אייניגע פעלען 15 שטונדען, פון האַלב 6 אין דער פריה ביז האלב 9 אין אבענד."[161] שוין אין דעצעמבער 1848 האָט לעאָנהאַרד האָרנער געהאַט א ליסט פון 65 פאבריקאַנטען און 29 פאבריק־אויפזעהער, וועלכע האָבען איינשטימיג ערקלערט, אז אונטער דעם רעליי־סיסטעם קאָן קיין סיסטעם פון אויבער־אויפזיכט ניט פערהינדערן די שרעקליכ־סטע איבער־ארבייט.[162] דיזעלבע קינדער און יונגע פערזאָנען

[160] רעפּארט עטצ. אַפּריל 1349.
[161] דארט גופא, ז. 5.
[162] רעפּארטס עטצ. אָקטאָבער 1840, ז. 6.

בלעגען באלד אריבערגעפיהרט ווערן פון שפין־צימער אין וועבצימער, און באלד, אין משך פון 15 שטונדען, פון איין פאבריק אין דער אנדערער.[163] ווי אזוי קאן מען קאנטראלירן א סיסטעם, „וואס פערדרעהט דאס ווארט אבבייט, כדי דורכצומישען די ארבייטער ווי קארטען אויף אלערליי אופנים, און אזוי בייטען די שטונדען פון ארבייט און רוה, אז קיין איין פאלשטענדיגע רייה ארבייטער ארבייט קיינמאל ניט צוזאמען אויף דעמזעלביגען פלאץ!"[164]

אבער שוין אינגאנצען אבגעזעהן פון דער ווירקליכער איבערארבייטונג, איז דער דאזיגער אזוי־גערופענער רעליי־סיסטעם געווען א מין אויסוואוקס פון דער קאפיטאליסטישער פאנטאזיע, וואס פוריע אין זיינע הומאריסטישע סקיצען „קורט סעאנס" האט קיינמאל ניט איבערטראפען; מיט דעם אונטערשייד נאר, וואס די אטראקציאן [אנציהונג] פון ארבייט איז פערוואנדעלט געווארן אין דער אטראקציאן פון קאפיטאל. בעטראכט נאר די דאזיגע סכעמען פון די פאבריקאנטען, וועלכע די גוטע פרעסע האט געלויבט אלס מושטער פון דאס, „וואס א פערנינפטיגער גראד פון פערזארגונג און מעטאדע קאן אויפטהאן" "What a reasonable degree of care and method can accomplish." דער ארבייטער פערזאנאל איז אפטמאל צוטיילט געווארן אין 12 ביז 15 קאטעגאריען, וועלכע פלעגען אליין שטענדיג בייטען און איבערבייטען זייערע בעשטאנד־טיילען. אין משך פון דער 15־שטונדיגער פעריאדע פון פאבריק־טאג האט קאפיטאל אריינגעשלעפט דעם ארבייטער דא אויף א האלבער שטונדע, דא אויף א שטונדע, דאן ארויסגעשטופט איהם פון פאבריק, כדי איהם ווידער אמאל אריינצושלעפען און ארויסשטופען, ארומטרייבענדיג איהם דא און דארט אין צופיצעלטע ברעקלעך צייט, שטענדיג האלטענדיג איהם אויפ'ן שטריקעל, ביז די פולע 10 שטונדען ארבייט איז אבגעטאן געווארן. פונקט ווי אויף דער ביהנע, אזוי האבען דיזעלבע פערזאנען געמוזט ארויפקומען זיך בייטענדיג אין די פערשיידענע סצענעם פון די פערשיידענע אקטען. און אזוי ווי דער אקטיאר געהערט צו דער ביהנע די גאנצע

[163] רעפארטס עטצ. אפריל 1849, ז. 21.

[164] רעפ. רטפ. עטצ. דעצ. 1848, ז. 25.

צייט, וואָס די דראַמאַ געדויערט, אַזוי האָבען איצט ג״הערט די אַרבייטער אין משך פון 15 שטונדען צו דער פאַבריק, ניט רעכענענדיג די צייט פון קומען אין פאַבריק און געהן אהיים. די שטונדען פון רוה זיינען אַט אַזוי פערוואַנדעלט געוואָרן אין שטונדען פון געצוואונגענעם לעדיג־געהן, וועלכע האָבען דעם יונגען אַרבייטער געטריבען אין שענק און די יונגע אַרבייטערין אין באָרדעל. ביי יעדען נייען איינפאַל, וואָס דער קאַפּיטאַליסט האָט טאָג־טעגליך אויסגעקלערט, כדי צו האַלטען זיינע מאַשינעריע אין גאַנג 12 אָדער 15 שטונדען ניט פערגרעסערענדיג דעם אַרבייטער־פּערזאָנאַל, האָט דער אַרבייטער געמוזט אריינשלינגען זיין עסען אַמאָל אין איין ברעקעל לעדיגער צייט, אַמאָל אין אַנאַנדערן. בעת עס איז אָנגעגאַנגען די 10־שטונדען אַגיטאַציע האָבען די פאַבריקאַנטען געשריען, אַז דער אַרבייטער־מאָב שיקט פּעטיציעס, ערוואַרטענדיג צו קריגען אַ 12־שטונדיגען אַרבייטס־לוין פאַר 10־שטונדיגע אַרבייט. איצט האָבען זיי אומגעקעהרט דעם מעדאַל. זיי צאָהלען אַ 10־שטונדיגען אַרבייטס־לוין פאַר אַ 12־ און 15־שטונדיגען באַלעבאַטעווען איבער זייערע אַרבייטס־קרעפטען.[165] אָט דאָס איז געווען דער עיקר המעשה, דאָס איז געווען די פאַבריקאַנטען־אויסגאַבע פון דעם 10־שטונדען־געזעץ! דאָס זיינען געווען דיזעלביגע בעהאַרציגטע, מיט מענשענליעבע זיך־צוגיסענדע פריי־הענדלער, וועלכע האָבען 10 פולע יאָהרען, אין משך פון דער אַגיטאַציע אנטקעגען די קאָרן־אָבצאָהלונגען, אויסגערעכענט פאַר די אַרבייטער גענוי אויף אַ גראָשען, אַז ביי אַ פרייען קאָרן־אריינפיהר, און מיט די מיטלען פון דער ענגלישער אינדוסטריע, וועט אַ 10־שטונדיגע אַרבייט זיין פאָלשטענדיג גענוג צו מאַכען רייך די קאַפּיטאַליסטען.[166]

דער צוויי־יאָהריגער אויפשטאַנד פון קאַפּיטאַל איז ענדליך

---

[165] זעה רעפּאָרט עטצ. פאַר אַפּריל 1849״, ז. 6 און די גענויע בעשרייבונג פון דעם „שיפטינג־סיסטעם״ פון די פאַבריק־אינספּעקטאָרען האָועל און סאָנדערס אין „רעפּאָרטס פאַר 31 און אָקטאָבער 1848״. זעה אויך די פּעטיציע פון די גלחים פון אַשטאָן און אַרום, אין פריהלינג 1849, צו דער קעניגין אנטקעגען דעם „שיפט־סיסטעם״.

[166] פערגל. צ.ב.ש. ר. ה. גרעי. The Factory Question and the Ten hours Bill, London, 1737,

געקרוינט געוואָרן מיט א זיעג דורך דעם פסק־דין פון איינעם פון די פיער העכסטע געריכטען פון ענגלאנד, פון דעם Court of Exchequer. אין א פאל, וואס איז געבראכט געוואָרן פאר איהם דעם 8טען פעברואר 1850, האָט ער גע'פסק'ענט, אז די פאבריקאנטען האָבען טאקע געהאנדעלט להיפך צו דעם זין פון דעם אקט פון 1844, דער אקט גופא אָבער ענטהאלט געוויסע ווערטער, וועלכע מאכען איהם זינלאָז. „דורך אָט דער ענטשיידונג איז דאָס 10־שטונדען־געזעץ געוואָרן אָבגעשאפט.“[167] א מאסע פאבריקאנטען, וועלכע האָבען פריהער מורא געהאט צו געברויכען דעם רעליי־סיסטעם פאר יונגע פערזאָנען און פרויען־ארבייטער, האָבען זיך איצט אָנגעכאפט פאר איהם מיט ביידע הענד.[168]

נאָכדעם אָבער ווי עס האָט אויסגעזעהן, אז קאפיטאל האָט געוואונען א פולשטענדיגען זיעג, איז באלד געקומען אן איבערקעהרעניש. די ארבייטער האָבען ביז אהער ארויסגעוויזען א פאסיווען, ווען אפילו א שטייפען און אלעמאל א פרישען ווידערשטאנד. איצטער האָבען זיי פראָטעסטירט אין א קול פון דראָהונגען אויף פערזאמלונגען אין לאנקאשיר און יאָרקשיר. דער בלומר'שטדיגער 10־שטונדען־געזעץ איז, הייסט עס, געווען א פשוט'ער שווינדעל, פארלאמענטארישע רמאות, ער האָט גאָרניט עקזיסטירט! די פאבריק־אינספעקטאָרען האָבען דרינגענד געוואָרענט דער רעגיערונג, אז דער אנטאגאָניזם פון די קלאסען האָט דערגרייכט אן אונגלויבליכע שפאנונג. איין טייל פון די פאבריקאנטען גופא האָט געמורמעלט: „צוליעב די ווידערשפרעכענדע אורטיילען פון די מאגיסטראטען הערשט א גאנץ אבנאָרמאלער און אנארכישער צושטאנד. איין געזעץ גילט אין יאָרקשיר, אנאנדער געזעץ אין לאנקאשיר; איין געזעץ אין א קהלה אין לאנקאשיר, אנאנדער געזעץ אין דער דערבייאיגער סביבה.

[167] פ. ענגעלס, „די ענגלישע 10 שטונדען־ביל“ (אין „די נייע רהיינישע צייטונג“, וואס איך האב ארויסגעגעבען, אין אפריל העפט 1850, ז. 13) [געזאמעלטע שריפטען פון קארל מארקס און פר. ענגעלס, שטוטגארט 1902, באנד 3, ז. 384.] דערזעלביגער הויכער געריכט האט בעת דעם אמעריקאנער בירגערקריעג אויס'ן זעלבען אופן געפונען א ווארט־דריידעל, וואס האט אקורשט איבערגעדרעהט דעם זין פון דעם געזעץ אנטקעגען דער בעוואפענונג פון פיראטען־שיפען.

[168] „רעפארטס“ אפריל 1850.

ער פאבריקאנט אין די גרויסע שטעדט קאן זיך ארויסמאכען פונ'ם געזעץ, דער פאבריקאנט פון די קליינע דערפלעך קאן ניט עפינען גענוג ארבייטער פארן רעלייס-סיסטעם און נאך ווייניגער ארומצובייטען זיי פון איין פאבריק אין דער אנדערער, א.אז.וו.'' און די גלייכע עקספלואטאציע פון דער ארבייט-קראפט איז דאס ערשטע מענשען-רעכט פונ'ם קאפיטאל.

אונטער אט די אומשטענדען איז עס געקומען צו א קאמפראמיס צווישען די פאבריקאנטען און די ארבייטער, וועלכער איז פארלאמענטאריש פערזיגעלט געווארן אין דעם צוגעזעצטען פאבריק-אקט פון 5טען אויגוסט 1850. פאר ,,יונגע פערזאנען און פרויענצימער'' איז דער ארבייט-טאג אין די ערשטע 5 וואכענטעג געהעכערט געווארן פון 10 אויף 10½ שטונדען, פאר דעם זעקסטען טאג, שבת, איז ער בעשרענקט געווארן אויף 7½ שטונדען. די ארבייט מוז פארקומען אין דער פעריאדע פון 6 אוהר אין דער פריה ביז 6 אוהר אין אבענד,[169] מיט אנדערהאלבען-שטונדיגע הפסקות אויף מאהלצייטען, וועלכע מוזען געגעבען ווערן אלעמען אין איין צייט, לויט די בעשטימונגען פונ'ם אקט פון 1844, א.אז.וו. דערמיט איז געמאכט געווארן א סוף פון דעם רעלייס-סיסטעם איין מאל פאר אלע מאל.[170] פאר דער קינדער-ארבייט איז דאס געזעץ פון 1844 אין קראפט.

איין קאטעגאריע פאבריקאנטען האט זיך דאס מאל, פונקט ווי פריהער, פערזיכערט מיט ספעציעלע פריצישע רעכטען איבער די פראלעטאריער-קינדער. דאס זיינען געוועזן די זייד-פאבריקאנטען. אין יאר 1833 האבען זיי געקלאגט מיט דראהונג אין זייער קול, ,,אויב מען וועט אוועקנעהמען בייזיי די פרייהייט אויסצוהארעווען קינדער פון יעדען עלטער 10 שטונדען טעגליך, וועט מען אבשטעלען זייערע פאבריקען.'' עס וועט זיי זיין אונ-

169) ווינטער קאן די פעריאדע זיין אבשטאט דעם פון 7 אוהר אין דער פריה ביז 7 אוהר אין אבענד.

170) ,,דאס געגענווערטיגע געזעץ (פון 1850) איז דער רעזולטאט פון א קאמפראמיס, ביי וועלכען די ארבייטער האבען זיך אנטזאגט פון די טובות פון דעם 10 שטונדען-טאג, כדי צו בעקומען די נוצען פון א גלייכצייט גען א הויב און א גלייכצייטיגען סוף פון דער ארבייט פון די, וואס זייער ארבייט-צייט איז יאבערהויפט בעשרענקט געווארען.'' (רעפארטס עטצ. 30טען אפריל 1852, ז. 14.)

מעגליך צו קויפן א גענוגענדע צאָהל קינדער איבער 13 יאָהר אלט. זיי האָבען ארויסגעריסען די געווינשטע פריווילעגיע. דער אויסרייד. ווי עס האָט זיך ארויסגעשטעלט ביי א שפּעטערער אונטערזוכונג, איז געווען א הוילער ליגען.171 פונדעסטוועגען האָט דאָס זיי ניט געשטערט גאנצע 10 יאָהר צו שפּינען 10 שטונדען א טאָג זייד פון דעם בלוט פון קליינע קינדער, וועלכע האָבען געמוזט שטעהן אויף בענקלעך, כדי צו קאָנען טהאָן זייער ארבייט.172 דער אקט פון 1844 האָט זיי אמת ,,בערויבט'' פון זייער ,,פרייהייט'' צו ארבייטען מיט קינדער אונטער 11 יאָהר לענגער ווי 6½ שטונדען, דערפאר אָבער האָט ער זיי געזיכערט די פריווילעגיע צו האלטען קינדער צווישען 11 און 13 יאָהר 10 שטונדען א טאָג ביי דער ארבייט, און האָט אָבגעשאפט פאר זיי דעם שוהל־צוואנג, וואָס איז געווען א מוז פאר אנדערע פאבריק־קינדער. דאָס מאָל איז געווען דער אויסרייד: ,,דער דעליקאטער כאראקטער פון דעם געוועב פאָדערט אזא צארטקייט פון די פינגער, וועלכע מען קאָן בעקומען, נאָר ווען מען קומט אָן אין פאבריק יונגערהייט.173 צוליעב זייערע דעליקאטע פינגער האָט מען זיי אינגאנצען אויסגעשלאכטעט, ווי מען שלאכט אויס די האָרנדיקע פיה אין מערב־רוסלאנד צוליעב זייער פעל און חלב. ענדליך, אין 1850, איז די פריווילעגיע, וואָס איז געגעבען געוואָרן אין 1844, בעשרענקט געוואָרן נאָר אויף די מלאכות פון פעדימען און שפולען דעם זייד. דערפאר אָבער, אלס שאָדען־ערזאץ פאר'ן קאפּיטאל, וואָס ווערט בערויבט פון זיין ,,פרייהייט'', איז די ארבייט־צייט פון קינדער צווישען 11 און 13 יאָהר אלט געהעכערט געוואָרן פון 10 אויף 10½ שטונדען א טאָג. דער אויסרייד איז: ,,די ארבייט אין די זייד פאבריקען איז לייכטער ווי אין די אנדערע פאבריקען און איז אויף קיין פאל נישט שעדלעך פאר'ן געזונד.''174 די אָפיציעלע ערצטליכע אונטערזוכונג האָט שפּעטער בעוויזען פערקעהרט, אז ,,די דורשניטליכע שטערבליכקייט־ראטע אין די זייד־דיסטריקטען איז אויסנאהמסווייז הויך, און צווישען

---

171) רעפּארטס, פאר 30טען סעפּטעמבער 1844, ז. 13.

172) דארט גופא.

173) דארט גופא, ז, 20.

174) רעפּארטס אָקטאָבער 1861 ז. 26.

דעם פרויען־טייל פון דער בעפעלקערונג איז זי זיגאַר העכער איידער אין די באַוועל־דיסטריקטען פון לאַנקאַשיר."[175] ריראַץ די פּראָטעסטען, וואָס די פאַבריק־אינספּעקטאָרען האָבען וויעדער־האָלט אַלע האַלב יאָהר, האָלט אָן אָט דער צרה'דיגער צושטאַנד ביז אָט דער שטונדע [דאָס איז געשריבען אין 1866].[176]

דאָס געזעץ פון 1850 האָט נאָר פאַר „יונגע פּערזאָנען און

---

[175] דאָרט גופא, ז. 27. בכלל האָט זיך די אַרבייטער־בעפעלקערונג, וואָס איז געווען אונטערוואָרפען צו דעם פאַבריק־געזעץ, פיזיש זעהר פערבעסערט. אַלע ערצטליכע צייגנישען שטימען איין אין דעם פונקט און מיינע אייגענע פערזענליכע בעאָבאַכטונגען האָבען מיך איבערצייגט אין דעם. פונדעסטוועגען ניט קוקענדיג אויף דעם, און אויך ניט רעכענענדיג די אונגעהויערע שטערב־ליכקייט־ראַטע פון די קינדער אין זייערע ערשטע לעבענס־יאָהרען, בעווייזען דר. גרינהאָו'ס אָפיציעלע בעריכטען דעם ניט־גינסטיגען געזונדהייט־צושטאַנד פון די פאַבריק־דיסטריקטען, ווען מען פערגלייכט זיי מיט „אַגריקולטור־דיסטריקטען פון נאָרמאַלער געזונדהייט." אַלס בעווייז וועלען מיר נעהמען די פאָלגענדע טאַ־בעלע פון זיין בעריכט פון יאָהר 1861: —

| נעמען פון דיסטריקטען | פּראָצענט פון דערוואַקסענע מענער, וואָס זיינען בעשעפטיגט אין דער אינדוסטריע | שטערבליכ־קייט־ראַטע פון לונגען־קראַנקהייטען פער 100,000 מענער | פּראָצענט פון דירוואַקסענע פרויען, וואָס זיינען בעשעפטיגט אין דער אינדוסטריע | שטערבליכ־קייט־ראַטע פון לונגען־קראַנקהייטען פער 100,000 פרויען | זייער סאָרט בעשעפטיגונג פון פרויען |
|---|---|---|---|---|---|
| וויגאַן | 14,9 | 598 | 18,0 | 644 | באַוועל |
| בלאַקבורן | 42,6 | 708 | 34,9 | 734 | " |
| האַליפאַקס | 37,3 | 547 | 20,4 | 564 | קאַם־וואָל (וואָוסטעד) |
| בראַדפאָרד | 41,9 | 611 | 30,0 | 603 | " |
| מאַקלספיעלד | 31,0 | 691 | 26,0 | 804 | זייד |
| ליעק | 41,9 | 588 | 17,2 | 705 | " |
| סטאָק אָפאָן טרענט | 36,6 | 721 | 19,3 | 665 | טעפּערנע כלים |
| וואָלסטאַנטאָן | 30,4 | 726 | 13,9 | 727 | " |
| 8 געזונדע אַגריקולטור־דיסטריקטען | — | 305 | | 340 | — |

[173] עס איז גוט בעקאַנט מיט וואָס פאַר ( ווידערווילען די ענגלישע פריי־הענדלער האָבען זיך אָבגעזאָגט פון דעם שוץ־טאַריף אויף זייד־מאַנופאַקטורען. אנשטאָט דעם שוץ אַנטקעגען דעם פראַנצויזישען אימפּאָרט האָט איצט געדיענט די שוצלאָזיגקייט פון די ענגלישע פאַבריק־קינדער.

פּרויענצימער״ פערוואַנדעלט די 15־שטונדיגע פּעריאָדע פון האַלב 6 אין דער פריה ביז האַלב 9 אין אָבענד אויף דער 12־שטונדיגער פּעריאָדע פון 6 אין דער פריה ביז 6 אין אָבענד. עס האָט, הייסט עס, ניט בעריהרט די לאַגע פון קינדער, וועלכע האָבען נאָך אַלץ געקאָנט בעשעפטיגט ווערן אַ האַלבע שטונדע פאַר'ן אָנהויב און 2½ שטונדען נאָכ'ן סוף פון אָט דער פּעריאָדע, ווען אַפילו אין סך הכל האָט זייער אַרבייט ניט געטאָרט געדויערן מעהר ווי 6½ שטונדען. בעת דאָס געזעץ איז דיסקוטירט געוואָרן אין פּאַרלאַמענט, האָבען די פאַבריק־אינספּעקטאָרען פאָרגעבראַכט סטאַטיסטיקעס וועגען די שענדליכע מיסברויכונגען פון אָט דער משונה'דיגער לאַגע. עס איז אָבער געוועזן אומזיסט. הינטער דעם האָט געלויערט די בעהאַלטענע כונה אַרויפצושרויפען דעם אַרבייטס־טאָג פון די דערוואַקסענע אַרבייטער, אין יאָהרען פון אַ גרויסער אַרבייט־שפע, ווידער אויף 15 שטונדען אַ טאָג מיט דער הילף פון די קינדער. די ערפאַהרונג פון די נעקסטע דריי יאָהר האָט בעוויזען, אַז אַזאַ פּראָבע וועט מוזען דורכפאַלען זיך אָנשטויסענדיג אויף דעם ווידערשטאַנד פון די דערוואַקסענע מענער־אַרבייטער.[177] דער אַקט פון 1850 איז דעריבער ענדליך ערגענצט געוואָרן אין 1853 דורך דעם פערבאָט „צו בעשעפטיגען קינדער אין דער פריה איידער די יונגע פּערזאָנען און פרויענצימער הויבען אָן אַרבייטען, און אין אָבענד נאָך זיי.״ פון דער צייט אָן האָט דער פאַבריק־אַקט פון 1850 רעגולירט, מיט ווייניג אויסנאַהמען, דעם אַרבייטס־טאָג פון אַלע אַרבייטער אין די אינדוסטריע־צווייגען, וואָס זיינען געוועזן אונטערוואָרפען אונטער איהם.[178]

---

[177] רעפּאָרטס עטצ. פאַר אַפּריל 1853, ז. 31.

[178] אין פערלויף פון 1859 און 1860, די גלאַנץ־יאָהרען פון דער ענגלישער באַוועל־אינדוסטריע, האָבען איינינע פאַבריקאַנטען זיך פּרובירט צו קריגען די צושטימונג פון די דערוואַקסענע מענער־שפּינער און אַנדערע צו אַ פערלענגערונג פון דעם אַרבייטס־טאָג, דורך דעם צוציהונגס־מיטעל פון העכערע שכירות פאַר עקסטראַ־צייט. די האַנד־מול שפּינער און די „סעלף־אַקטאַר מיינדערס״ האָבען געמאַכט אַ סוף צו דער דאָזיגער פּראָבע, דורך אַ דענק־שריפט צו זייערע אַרבייט־געבער, אין וועלכער זיי זאָגען צווישען אַנדערס ווי פאָלגט: „פּשוט גערעדט, אונזער לעבען איז אונז אַ לאַסט, און כל זמן מיר זיינען צוגעשמידט צו דער פאַבריק כמעט 2 טעג אַ וואָך (20 שטונדען) לענגער איידער די אַנדערע אַרבייטער, פיהלען מיר זיך גלייך ווי העלאָטען [שקלאַפען] אין לאַנד, און וואַרפען

זינט דער ערשטער פאבריק־אקט איז דורכגעפיהרט געווארן איז איצט געווען אוועקגעגאנגען א האלבער יארהונדערט.179

די געזעצגעבונג איז ארויסגעטראטען דאס ערשטע מאל פון די גרעניצען פון איהר אורשפרינגליכער ספערע מיט דעם „פרינט־ווארקס אקט“ (געזעץ וועגען קאטטון־דרוקערייען א.אז.וו.) פון יאהר 1845. די אונצופריעדענהייט, מיט וועלכער קאפיטאל האט אויפגענומען די דאזיגע נייע „עקסטראוואגאנץ“, רעדט ארוים פון יעדער שורה פון דעם אקט! ער בעשרענקט דעם ארבייטס־טאג פאר קינדער פון 8 ביז 13 יאר און פאר פרויענצימער אויף 16 שטונדען, צווישען 6 אוהר אין דער פריה און 10 אין אבענד, אהן א וועלכער עס איז געזעצליכער הפסקה אויף מאהלצייטען. ער ערלויבט צו האלטען מענער־ארבייטער אריבער 13 יאר ביי דער ארבייט טאג און נאכט וויפיעל מען וויל.180 דער אקט איז געווען א פארלאמענטארישער מפיל (פעהלגעבורט).181

פונדעסטוועגן האט אבער דער פרינציפ טריאומפירט מיט זיין זיעג אין די גרויסע אינדוסטריע־צווייגען, וועלכע זיינען די העכסט־כאראקטעריסטישע בעשעפענישען פון דעם מאדערנעם פראדוקציאנס־אופן. זייער וואונדערבארע ענטוויקלונג פון 1853

---

יך אליין פאר, וואס מיר האלטען גויף א כיסטעם, וועלכער שעדיגט פיזיש און מאראליש אונז און אונזערע קינדער... מיר צייגען אייך דעריבער דערמיט אן ווינסט פול אן אז פון נייכיאהרס טאג אן וועלען מיר קיין איינציגע מינוט נישט ארבייטען מעהר ווי 60 שטונדען א וואך, פון 6 אין דער פריה ביז 6 אבענדס, אראבציהענדיג די געזעצליכע הפסקות פון א שטונדע און א האלב.“ (רעפארט עטצ. פאר אפריל 1860, ז. 3.)

179) וועגען די אופנים ווי אזוי די אויסדרוק־פארם פון דעם געזעץ האט געגעבען א מעגליכקייט איהם צו ברעכען, זעה דעם פארלאמענט בעריכט „פאקטארי רעגולייזשאנס אקטס“ (6טען אויגוסט 1859) און דעם טייל, וואס לעאנארד האָרנער שרייבט: „Suggestions for Amending the Factory Acts to enable the Inspectors to prevent illegal working, now become very prevalent.“

180) „קינדער פון 8 יאהר און העכער זיינען דעם לעצטען האלב־יאהר (1857) אין מיין דיסטריקט פאקטיש פערמוטשעט געווארן פון 6 אוהר אין דער פריה ביז 9 אוהר אין אבענד.“ (רעפארטס עטצ. פאר 31טען אקטאבער 1857, ז. 39.)

181) „אלע זיינען מודה, אז דער „פרינט־ווארקערס אקט“ איז א דורכפאל אין זיינע מאסרעגלען אי פון ערציהונג, אי פון בעשיצונג.“ (רעפארט 1862 ז. 52.)

ביז 1860, האנד אין האנד מיט דער פיזישער און מאראלישער ווידערגעבורט פון די פאבריק־ארבייטער, האט אפילו די בלינדע געעפנט די אויגען. די פאבריקאנטען, פון וועמען די געזעצליכע באשרענקונג און רעגולירונג פון ארבייטס־טאג איז דורך א האלב הונדערט־יאהריגען בירגער־קריג אויסגעקעמפט געווארן טריט ביי טריט, האבען איצט אליין גאוה'דיג אנגעוויזען אויף דעם קאנטראסט מיט די צווייגען פון עקספלואטאציע, וועלכע זיינען נאך „פריי". 182 די פאריסעער פון דער פאליטישער עקאנאמיע האבען פראקלאמירט דאס איינזעהן די נויטווענדיגקייט פון א געזעצליך־רעגולירטען ארבייטס־טאג אלס א כאראקטעריסטישע נייע ענטדעקונג פון זייער „וויסענשאפט" 183 עס איז לייכט צו פערשטעהן, אז נאכדעם ווי די פאבריק־מאגנאטען האבען זיך צוגעפאסט צו דאס אונפערמיידלעכע און שלום געמאכט דערמיט, איז די ווידערשטאנד־קראפט פון קאפיטאל וואס ווייטער אבגעשוואכט געווארן, בעת די אנגריף־קראפט פון דעם ארבייטער־קלאס איז אין דערזועלבינער צייט געוואקסען מיט דער צאהל פון זיינע פערבינדעטע צווישען די ניט־דירעקט פעראינטערעסירטע געזעלשאפטשיכטען. דערפון האט זיך גענומען דער פערגלייכמעסיג שנעלער פארטשריט זינט דעם יאהר 1860.

די פארבעריייען און בלייכערייען 184 זיינען אונטערוואָרפן גע־

---

182) צים ביישפיעל ע. פאטטער אין א בריעף צו דער „טיימז" פון 24 מארץ 1863. די „טיימז" דערמאנט איהם דערביי דעם אויפשטאנדפון די פאבריקאנטען אנטקעגען דעם 10-שטונדען-געזעץ.

183) אזוי האט געטאן צווישען אנדערע וו. ניומארטש, מיטארבייטער און ארויסגעבער פון „טוק'ס" „היסטארי אוו פרייסעס". איז דאס א וויסענשאפטליכער פארטשריט, ווען מען מאכט פדחנ'ישע הנחות צו דער עפענטליכער מיינונג?

184) דער אקט וואס איז ארויסגעגעבען געווארן אין 1860 בנוגע בלייכערייען און פארבערייען, האט בעשטימט, אז דער ארבייטס־טאג זאל דעם 1טען אויגוסט 1861 פארלויפיג פערקירצט ווערן אויף 12 שטונדען און דעם 1־טען אויגוסט 1862 — ענדגילטיג אויף 10 שטונדען, ד.ה. 10 און א האלבע שטונדען פאר וואכיגע טעג און 7 און א האלבע שטונדען פאר שבת'ס. ווען אבער דאס פאטאלע יאהר 1862 איז אנגעקומען, האט זיך ווידערהאלט דער אלטער שפיעל. די הערען פאבריקאנטען האבען געשיקט א פעטיציע צום פארלאמענט ער זאל כאטש אויף נאך 1 יאהר לענגער דולדען די 12־שטונדיגע בעשעפטיגונג, פון יונגע פערזאנען און פרויענצימער.

„ביי דעם איצטיגען צושטאנד פון די געשעפטען (אין דער צייט פונ'ם

וואָרן דעם פאַבריק אַקט פון 1850 אין יאָהר 1860; די שפּיצען־פאַבריקען און זאָקען־שטריקערייען—אין יאָהר 1861. אַלס רע־זולטאַט פון דעם ערשטען ראַפּאָרט פון דער „קאָמיסיע איבער דער בעשעפטיגונג פון קינדער“ (1863) [דורך דעם אַקט פון 25טען יולי 1864 אויסצושפּרייטען די פאַבריק־געזעצען — קאוטסקי.] האָבען זיך געטיילט מיט דעמזעלבען שיקזאַל די פאַבריקאַציעס פון אַלע ליימענע כלים (ניט נאָר די טעפּערייען), פון צינד־העלצ־לעך, פון צינד־היטעלעך (פון שיס־געוועהר), פון פּאַטראָנען, טאַ־פּעטען, באַוועל־סאַמעט שערעריי (fustian cutting) און אַ סך אַנדערע פּראָצעסען, וואָס זיינען צוזאַמענגעפּאַסט אונטער דעם אויסדרוק „פינישינג“ (לעצטע בעאַרבייטונג). אין יאָהר 1863 זיינען די „בלייכעריי אין פרייער לופט“[185] און די בעקעריי גע־

דוחק אויף באַוועל) וועט עס זיין אַ גרויסע טובה פאַר די אַרבייטער, ווען מען ערלויבט זיי צו אַרבייטען 12 שטונדען טעגליך און אַרויסשלאָגען אַזויפיעל שכירות וויפיעל מעגליך...." עס איז זיי שוין אפילו געלונגען אַריינצוברענגען אין הויז אוו קאמאנס אַ געזעץ־פאָרשלאַג אין דעם זין, און „נאָר צו פערדאַנקען דער אַגיטאַציע פון די בלייכעריי־אַרבייטער אין שאָטלאַנד איז דער געזעץ־פּראָיעקט אויפגעגעבען געוואָרן.“ (רעפּאָרט עטצ. אָקטאָבער 1862, ז. 14 און 14.) ווען זיי זיינען אויף דעם אופן געשלאָגען געוואָרן פון די אַרבייטער גופא, איז וועמעס נאָמען זיי האָבען כלומר'שט גערעדט, האָט קאַפּיטאַל מיט דער הילף פון יוריסטישע ברילען ענטדעקט, אַז דער אַקט פון 1860, פּונקט ווי אַלע פּאַרלאַמענט־אַקטען, וואָס זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרן „צום שוץ פון דער אַרבייט“, איז אויסגעדריקט אין אַזוינע פערדרעהטע פראַזען, אַז מען קאָן געפינען אַ גרונד אויסצושליסען די „קאַלענדערערס“ און די „פינישערס“ פון זיין ווירקונג. די ענגלישע יוריספּרודענץ, וועלכע איז שטענדיג אַ געטרייער קנעכט פון קאַפּיטאַל, האָט דורך דעם „קאָרט אוו קאָממאָן פּליעס“ סאַנקציאָנירט די דאָזיגע געזעץ־פערדרעהענישען. „דאָס האָט אַרויסגערופען גרויסע אונצופריעדענהייט צווישען די אַרבייטער, און עס איז זעהר צו בעדויערן, וואָס צוליעב דעם אויסרייד פון איין ניט־גענויער וואָרט־דעפיניציאָן איז די קלאָרע כונה פון דער געזעצגעבונג געוואָרן צו נישט.“ (דאָרט גופא, ז. 18.)

[185] די „בלייכער אין פרייער לופט“ האָבען זיך אַרויסגעדרעהט פון דעם געזעץ פון 1860 בנוגע דער בלייכעריי דורך דעם ליגען, אַז זיי בעשעפטיגען ניט קיין פרויען ביי נאַכט. דער ליגען איז אויפגעדעקט געוואָרן פון די פאַבריק־אינספּעקטאָרען און אין דערזעלביגער צייט האָבען די אַרבייטער־פּעטיציעס טוועקגערויבט פון פּאַרלאַמענט זיין פאָרשטעלונג וועגען דער קיהלער לופט פון די לאָנקעס, וואָס די אַרבייטער פון דער „בלייכעריי אין דער פרייער לופט“ געניעסען. אין דער דאָזיגער לופט־בלייכעריי ווערן געברויכט טריקען־צימערן,

שטעלט געווארן אונטער ספעציעלע אקטען, וועלכע האבען פערבאַ־
טען אין פאל פון דער ערשטער די נאכט־ארבייט (פון 8 אוהר אין

בייַ א טעמפעראטור פון 90 ביז 100 גראד פארנהייט, אין וועלכע די ארבייט איז מעהרסטענטיילס געטאן געווארן פון מיידלעך. „קולינג" [אבקיהלונג] איז דער טעכנישער אויסדרוק פאר דעם ארויסלויפען פון צייט צו צייט אין דער פרייער לופט זיך אבצוקיהלען פון דער היטץ פון טריקען־צימער. „15 מיידלעך אין די טריקען־צימערן, די היטץ איז פון 80 ביז 90 גראד פאר לייווענט, 100 גראד און מעהר פאר באטיסט. 12 מיידלעך ביגלען און לעגען צונויף (די באטיסט א.ד.ג.) אין א קליינעם צימער פון אן ערך 10 פוס אין קוואדראט, און אין מיטען שטעהט א געשלאסענער אויווען. די מיידלעך שטעהען ארום דעם אויווען, וועלכער גיט ארויס א שרעקליכע גלוט און טריקענט שנעל די באטיסט פאר די ביגלערינס. די צאהל ארבייט־שטונדען פאר די דאזיגע „הענד" איז אונבעשרענקט. ווען עס איז דא פיעל צו טהאן, ארבייטען זיי ביז 9 אדער 12 בייַנאכט פיעל טעג איינע נאך די אנדערע." (רעפארט עטצ. אקטאבער 1862, ז. 56.) איין דאקטאר ערקלערט: „ספעציעלע שטונדען פאר אבקיהלען זיך זיינען ניט ערלויבט, נאר ווען די טעמפעראטור ווערט אונמעגליך אריבערצוטראגען, אדער די ארבייטערקעס' הענד ווערן שמוציג פון שווייס, דאן ערלויבט מען זיי אוועקצוגעהן אויף א פאר מינוט.... מייַן ערפאהרונג אין דער בעהאנדלונג פון קראנקהייט בייַ אט די ארבייטערינען צווינגט מיך צו בעשטעטיגען, אז זייער געזונד־צושטאנד שטעהט ווייט נידעריגער פון דעם צושטאנד פון די באוועל־שפינערקעס. (און קאפיטאל אין זיינע פעטיציעס צום פארלאמענט האט זיי געמאלט אויף רובענס' שטייגער נאך צופיעל געזונד.) די קראנקהייטען, פון וועלכע זיי ליידען אם מייסטען זיינען שווינדזוכט, בראנכיט, געבעהרמוטער־קראנקהייטען, היסטעריקע אין דער שרעקליכסטער פארם און רומאטיזם. אט די אלע קראנקהייטען נעהמען זיך נאך מייַן מיינונג, דירעקט אדער אינדירעקט, פון דער איבערהיצטער לופט פון זייערע ארבייט־צימערן און פון דעם וואס עס פעהלט זיי גענוג ווארימער קליידונג צו בעשיצען זיך פון דער קאלט־פייכטער לופט ווען זיי געהען אהיים אין די ווינטער־מאנאטען." (דארט גופא, ז. 56 און 57.) די פאבריק־אינספעקטארען בעמערקען וועגען דעם צוגעגעבענעם געזעץ פון 1863, וואס מען האט ארויסגעריסען פון די לוסטיגע „בלייכער אין דער פרייער לופט" ווי פאלגט: „דער דאזיגער אקט האט ניט נאר פערפעהלט צו געבען די ארבייטער די בעשיצונג, וואס עס דאכט זיך אז ער גיט, נאר ער ענטהאלט א פונקט... וועלכער איז אזוי פארמולירט, אז די בעשיצונג קאן ערשט קומען, ווען מען כאפט בייַ דער ארבייט קינדער און פרויען־צימער נאך 8 אוהר אין אבענד, און אפילו יעמאלט איז די מעטאדע דאס צו בעווייזען אזוי פערפלאנטערט, אז מען קאן גארניט דערווארטען זיי זאלען בעשטראפט ווערן דערפאר." (דארט גופא, ז. 52.) „אלס אן אקט, וואס האט א וואוילטעטיגען און ערציהערישען צוועק איז ער אינגאנצען א דורכפאל. מען קאן עס דאך ניט אנרופען וואוילטעטיג, צו ערלויבען אדער ריכטיגער צו צווינגען פרויען

אבענד ביז 6 אוהר אין דער פריה) פון קינדער, יונגע פערזאנען און פרויענצימער, און אין פאל פון דער צווייטער די ארבייט פון בעקער־געזעלען אונטער 18 יאהר צווישען 9 אוהר אין אבענד און 5 אוהר אין דער פריה. מיר וועלען נאך צוריקקומען צו די שפעטערדיגע פראיעקטען פון דער דערמאנטער קאמיסיע, וועלכע האט געסטראשעט צו בערויבען די „פרייהייט" פון אלע וויכטיגע ענגלישע אינדוסטריע־צווייגען, א חוץ די ערד־ארבייט, די מינען און די טראנספארט־בעשעפטיגונג.*[185]

## 7. דער קאמף פאר א נארמאלען ארבייטס־טאג. די צוריק־ווירקונג פון דער ענגלישער געזעצגעבונג אויף אנדערע לענדער.

דער לעזער מוז געדענקען, אז די פראדוקציאן פון מעהר־

---

און קינדער צו ארבייטען 14 שטונדען א טאג מיט מאהלצייטען אדער גאר אהן מאהלצייטען, ווי עס טרעפט זיך, און אפשר נאך לענגערע שטונדען אהן א בעשרענקונג בנוגע דעם עלטער פון די ארבייטער, אהן אן אונטערשייד פון געשלעכט און אהן וועלכער עס איז ריקזיכט אויף די געזעלשאפטליכע געוועהנהייטען פון די פאמיליעס אין דער נאכבארשאפט, אין וועלכע די בלייכערייען געפינען זיך." (רעפארטס עטצ. פאר אפריל 1863, ז. 40.)

*[185] נאטע צו דער צווייטער אויסגאבע. זינט 1866, ווען איך האב געשריבען דעם אויבערשטען זאץ, איז ווידער אריינגעטראטען א רעאקציע. (די קאפיטאליסטען פון יענע אינדוסטריע־צווייגען, וועמען עס האט געדראהעט צו ווערן אונטערווארפען אונטער דער פאבריק־געזעצגעבונג, האבען בענוצט זייער פארלאמענטארישען איינפלוס, כדי אויפצוהאלטען זייער „בירגער־רעכט" אויף אן אונבעשרענקטער עקספלואטאציע פון דער ארבייטס־קראפט. נאטירליך האבען זיי אין גלאדסטאן'ס ליבעראלען מיניסטעריום געפונען א ווילינען דיענער.)

[אט די איינגערינגעלטע זאצען האט מארקס געשריבען אין דער פראנצויזישער אויסגאבע פון 1873. יענע רעאקציע איז אבער געווען נאר אויף א ווייל. דאס פאבריק־ און ווערקשטאטען־געזעץ פון 1878 (41, וויקטאריא, קאפ. 16) האט שוין ערפילט די אויבען־ארויסגעזאגטע ערווארטונג און האט „בערויבט אלע וויכטיגע ענגלישע אינדוסטריע־צווייגען פון זייער „פרייהייט", וועניגסטענס אויף ווי ווייט זיי האבען בעשעפטיגט פרויען און קינדער. דאס איז טאקע ריכטיג ניט פארגעקומען אונטער גלאדסטאן'ס מיניסטעריום, נאר אונטער דעם קאנסערוואטיווען מיניסטעריום פון דיזראעלי, וועלכער איז געווען אמט פון 1874 ביז 1880. זינט יענער צייט האבען זיך די קאנסערוואטיווע גרינדליך איבערגעביטען. — קאוטסקי.]

ווערט אָדער דאָס אַרויסקריגן פֿון מעהר־אַרבייט איז דער ספּע־ציפֿישער אינהאַלט און צוועק פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָ־דוקציע, און אומגעהינדערט פֿון יעדער ענדערונג אין דעם אופֿן פֿון דער פּראָדוקציע גופֿא, וואָס קען אַרויסוואַקסן פֿון דער אונטער־אָרדנונג פֿון אַרבייט צו קאַפּיטאַל. ער געדענקט, אַז פֿון דעם שטאַנדפּונקט, וואָס מיר האָבן ביז אַהער ענטוויקעלט, טרעט נאָר אַריין דער זעלבשטענדיגער אַרבייטער, ד.ה. דער געזעצליך־מינדי־גער אַרבייטער, אַלס סחורה־פֿערקויפֿער אין אַן אָבמאַך מיט דעם קאַפּיטאַליסט. פֿאָלגליך, אויב אין אונזער היסטאָרישער סקיצע שפּיעלט אַ הויפּט־ראָליע פֿון איין זייט די מאָדערנע אינדוסטריע, און פֿון דער אַנדער זייט די אַרבייט פֿון פֿיזיש־ און געזעצליך־אונמינדיגע, האָט די ערשטע געהאַט פֿאַר אונז אַ באַדייטונג נאָר אַלס בעזונדער הפֿערע פֿון אַרבייט־אויסזויגונג, און די אַנדערע נאָר אַלס ספּעציעל־אויפֿפֿאַלענדער ביישפּיעל פֿון דער דאָזיגער אַרבייט־אויסזויגונג. אָבער, אַפֿילו ניט פֿערכאַפּענדיג אַפֿראָהער די ווייַ־טערדיגע ענטוויקלונג [פֿון אונזער אויסערזוכונג], קומען מיר, שוין פֿון דעם צוזאַמענהאַנג בלויז פֿון די געשיכטליכע פֿאַקטען אַליין, צו די פֿאָלגענדע שלוסען:

1. די שטרעבונג פֿון קאַפּיטאַל פֿועל צו זיין אַ אונבעגרע־נעצטע און אונרעגולירטע פֿערלענגערונג פֿון דעם אַרבייטס־טאָג ווערט קודם בעפֿריעדיגט אין די אינדוסטריען, וואָס זיינען רע־וואָלוציאָנירט געוואָרן דורך וואַסער־קראַפֿט, דאַמף און מאַשינע־ריע — די ערשטע בעשאַפֿונגען פֿון דעם מאָדערנעם פּראָדוקציאָנס־אופֿן, די באַוועל־, וואָל־, פֿלאַקס־ און זייד־שפּינערייען און וועבע־רייען. דער פֿערענדערטער מאַטעריעלער פּראָדוקציאָנס־אופֿן און די פֿערענדערטע געזעלשאַפֿטליכע שייכות'ן פֿון די פּראָדוצירער,[186] וואָס קומען מיט אים, שאַפֿען אַ פֿריהער אַן איבערטרייבונג, וואָס האָט קיין שיעור ניט, און דערנאָך, אַלס געגענזאַץ, רופֿען זיי אַרויס אַ געזעלשאַפֿטליכען קאָנטראָל, וועלכער בעשרענקט, רעגולירט און גלייכט אויס דעם אַרבייטס־טאָג מיט זיינע הפֿסקות

186) „די האַלטונג פֿון יעדער פֿון די ביידע קלאַסען (קאַפּיטאַליסטען און אַרבייטער) איז דער רעזולטאַט פֿון די פֿערהעלטענישען, אין וועלכע זיי געפֿינען זיך.‟ (ריפּאָרטס עטצ. אָקטאָבער 1848, ז. 113.)

דורכ'ן געזעץ. דער דאָזיגער קאָנטראָל ווייזט זיך דעריבער אַרויס אין דער ערשטער העלפט פון 19טען י.ה. בלויז אַלס אַן אויסנאַהם־געזעצגעבונג.[187] אַזוי באַלד ווי דער געזעלשאַפטליכער קאָנטראָל האָט איינגענומען דעם גאָר־ערשטען געביט פון דעם נייעם פראָדוקציאָנס־אופן, האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז אונטער דער צייט זיינען ניט נאָר אַ סך אַנדערע פּראָדוקציאָנס־צווייגען אריינגעטרעטען אין דעם ספּעציעלען פאַבריק־רעזשים, נאָר אַז אַפילו פאַבריקאַציעס מיט מעהר אָדער ווייניגער פערעלטערטע מעטאָדען, ווי טעפּעריי, גלעזעריי, א.אַז.וו., אַלט־מאָדישע מלאכות, ווי די בעקעריי, און ענדליך אפילו די פערשפּרייטע אַזוי־גערופענע הויז־אינדוסטריען, ווי נעגעל־מאַכעריי א.אַז.וו.[188] זיינען שוין פון לאַנג אָן אריינגעפאַלען אין דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע, פּונקט אַזויפיעל ווי די פאַבריק אַליין. די געזעצגעבונג איז דעריבער געווען געצוואונגען אָראָבצו־וואַרפען בּיסלעכווייז איהר אויסנאַהם־כאַראַקטער, אָדער וואו זי פיהרט זיך אויפ'ן שטייגער פון דער רוימישער קאַזואיסטיק [וואָס דרינגט פון איין פאַל אויף דעם אַנדערן], ווי דהינו אין ענגלאַנד, צו דערקלערן יעדעס הויז, וואו מען טהוט אַרבייט, פאַר אַ פאַבריק (פאַקטאָרי).[189]

2. די געשיכטע פון דער רעגולירונג פונ'ם אַרבייטס־טאָג אין איניגע פּראָדוקציאָנס־צווייגען, און דער קאַמף פאַר אַזאַ

---

[187] „די בעשעפטיגונגען, וועלכע זיינען געשטעלט געוואָרן אונטער אַ בעשרענקונג, זיינען געווען פערבונדען מיט דער פאַבריקאַציע פון טעקסטיל־סחורה, מיט דער הילף פון דאַמף און וואַסער־קראַפט. אַז אַרבייט־צווייג האָט געמוזט ערפילען צוויי תנאים איידער ער האָט געקאָנט געשטעלט ווערן אונטער אַ פאַבריק־אינספּעקציע: דער געברויך פון דאַמף אָדער וואַסער־קראַפט און די בעאַרבייטונג פון בעשטימטע פעדים־שטאָפען.״ (רעפּאָרטס עטצ. אָקטאָבער 1864, ז. 8.)

[188] אַ זעהר רייכער מאַטעריאַל וועגען דעם צושטאַנד פון דער אַזוי־גערופענער הויזליכער אינדוסטריע געפינט זיך אין די לעצטע בעריכטען פון דער „טשילדרענס עמפּלאָימענט קאָמישיאָן״.

[189] „די געזעצען פון דער לעצטער סעקציאָן (1864) ... געהמען אַרום פערשיידענע אַרבייט־צווייגען, וועלכע שיידען זיך אָב אין זייערע פיהרונגען זעהר פיעל איינע פון די אַנדערע. דער פערברויך פון מעכאַנישער קראַפט אַנצוטרייבען די ווערקצייג־מאַשינען געהערט שוין ניט מעהר צו די נויטהיגע פאָרבעדינגונגען, כדי צו בעצייכענען עס געזעצליך אַלס פאַבריק.״ (דאָרט נואַ, ז. 6.)

רעגולירונג, וואס האלט נאך אן אין אנדערע צווייגען, בעווייזען קלאר, אז דער פעראיינצעלטער ארבייטער, דער ארבייטער אלס „פרייער" פערקויפער פון זיין ארבייטס־קראפט, איז אויף א געוויסער ענטוויקלונגס־שטופע פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן ניט בכח ארויסצו־ווייזען א ווידערשטאנד. דער איינפיהר פון א נארמאל־ארבייטס־טאג איז דעריבער א פועל יוצא פון א פערלענגערטען, מעהר אדער ווייניגער פערדעקטען בירגערקריעג צווישען דעם קאפיטאליסטישען קלאס און דעם ארבייטער־קלאס. אזוי ווי דער קאמף קומט פאר אין דער ספערע פון דער מאדערנער אינדוסטריע, שפיעלט ער זיך צוערשט פאנאנדער אין איהר געבורטסלאנד—אין ענגלאנד.[190] די ענגלישע פאבריק־ארבייטער זיינען געוועזען די פאר־קעמפער ניט נאר פון דעם ענגלישען, נאר פון דעם מאדערנעם ארבייטער־קלאס איבערהויפט, און אזוי אויך זיינען זייערע טעארעטיקער געוועזען די ערשטע, וואס האבען ארויסגערופען אין קאמף די טעאריע פון קאפיטאל.[191]

---

[190] בעלגיען דער גן־עדן פון דעם קאנטינענטאלען ליבעראליזם צייגט אפילו ניט קיין סימן פון אזא בעוועגונג. אפילו אין איהרע קויהלען־ און מעטאלמינען ווערן ארבייטער פון ביידע געשלעכטער און פון יעדען עלטער פערצעהרט מיט פאלקאמענער „פרייהייט" פאר יעדער צייט־דויער און אין יעדער צייט־פעריאדע. אויף יעדע 1000 פערזאנען, וואס זיינען בעשעפטיגט אין די דאזיגע מינען, קומען אויס 733 מענער, 88 פרויען, 135 אינגלעך און 44 מיידלעך אונטער 16 יאהר; אין די שמעלץ־אויוועגס א.ד.ג. קומען אויס אויף יעדע 1000 מענער 149 פרויען, 98 אינגלעך און 85 מיידלעך אונטער 16 יאהר. צו דעם קומט נאך צו א נידעריגער ארבייטס־לוין פאר אן אונגעהויערער עקספלואטאציע פון דערוואקסענע און ניט־דערוואקסענע ארבייטס־קרעפטען, וואס בעטרעפט דורכשניטליך 2 שילינג 8 פענס א טאג פאר מענער, 1 שילינג 8 פענס פאר פרויען, 1 שילינג 2½ פענס פאר קינדער. דערפאר האט בעלגיען אין 1863 טאקע פערטאפעלט, אין פערגלייך מיט 1850, די סומע און ווערטה פון איהר עקספארט פון קויהלען, אייזען א.אז.וו.

[191] ווען ראבערט אווען, גלייך נאך 1810, האט ניט נאר בעוויזען טעארעטיש די נויטווענדיגקייט פון א בעשרענקונג פון דעם ארבייטס־טאג, נאר האט ווירקליך איינגעפיהרט דעם 10־שטונדען־טאג אין זיין פאבריק אין ניו לאנארק, האט מען דאס אויסגעלאכט ווי א קאמוניסטישע אוטאפיע, פונקט אזוי ווי מען האט אויסגעלאכט זיין פערבינדונג פון „קינדערשער ערציהונג מיט פראדוקטיווער ארבייט", און פונקט ווי די קאאפעראטיווע געזעלשאפטליכע אונטערנעהמונגען, וועלכע ער האט דער ערשטער ארויסגערופען אין לעבען. היינטיגען טאג איז די ערשטע אוטאפיע א פאבריק־געזעץ, די צווייטע פיגורירט אלס אפיציעלע פראזע אין

דער פאבריק־פילאזאף אורע בראנדמארקט עס דעריבער אלס אן אייביגע שאנדע פאר דעם ענגלישען ארבייטער־קלאס, פאר וואס ער האט אויפגעשריבען אויף זיין פאהן „די שקלאווערייא פון די פאבריק־געזעצען” אנטקעגענאיבער דעם קאפיטאל, וועלכער האט מוטהיג געקעמפט פאר דער „פאלקאמענער פרייהייט פון דער ארבייט”. [192]

פראנקרייך הינקט לאנגזאם נאך הינטער ענגלאנד. די פעברואר־רעוואלוציע איז געווען נויטיג, עס זאל געבוירן ווערן דאס צוועלף־שטונדען־געזעץ,[193] וואס איז נאך מעהר פעהלערהאפטיג איידער זיין ענגלישער אריגינאל. פונדעסטוועגען אבער האט די פראנצויזישע רעוואלוציאנערע מעטאדע איהרע ספעציעלע מעלות. מיט איין קלאפ דיקטירט זי דיזעלביגע בעגרעניצונג פון ארבייטס־טאג פאר אלע ווערקשטאטען און פאבריקען אהן אן אונטערשייד, בעת די ענגלישע געזעצגעבונג גיט־נאך ניטוויליענדיג, אונטער דעם דרוק פון די אומשטענדען, אמאל אויף איין פונקט, אמאל אויף דעם אנדערן, און פערדרעהט זיך נאכאנאנד אין אלע נייע יורי־

---

אלע פאבריק־געזעצען, און די דריטע דיענט שוין אפילו ווי א צורעק פאר רעאקציאנערע שווינדלען.

[192] אורע (פראנצויזישע איבערזעצונג): „פילאזאפיע דע מאניפאקטיר”, פאריז 1836, באנד 2, ז. 3, 40, 67, 77, א.אז.וו.

[193] אין דעם בעריכט פון דעם „אינטערנאציאנאלען סטאטיסטישען קאנגרעס אין פאריז, 1855”, זאגט זיך צווישען אנדערעס: „דאס פראנצויזישע געזעץ, וואס בעשרענקט דעם דויער פון דער טעגליכער ארבייט אין פאבריקען און ווערקשטאטען אויף 12 שטונדען, בעגרעניצט ניט די ארבייט אין פעסט־געשטעלטע שטונדען; ווארים נאר פאר קינדער־ארבייט איז פארגעשריבען די פעריאדע צווישען 5 אוהר אין דער פריה און 9 אוהר אבענדס. איין טייל פון די פאבריקאנטען האט זיך דעריבער בענוצט מיט דעם רעכט, וואס דאס פאטאלע שווייגען פון געזעץ גיט זיי, כדי צו לאזען אנגעהן די ארבייט טאג איין, טאג אויס, אהן אן אבשטעל, א חוץ אפשר זונטאגס. זיי בענוצען דערצו צוויי פערשיידענע ארבייטער־רייהען, פון וועלכע קיין רייה פערברענגט ניט אין פאבריק מעהר ווי 12 שטונדען, אבער די ארבייט פון אזא פאבריק געדויערט טאג און נאכט. דאס געזעץ איז בעפריעדיגט, צי איז אבער אויך די הומאניטעט בעפריעדיגט?” א חוץ דעם „שעדליכען איינפלוס פון דער נאכט־ארבייט אויף דעם מענשליכען ארגאניזם”, ווערט אויך בעטאנט „דער פערדארבליכער איינפלוס פון דעם, וואס די ביידע געשלעכטער זיינען צוזאמען בייגאכט אין דעמזעלביגען טונקעל־בעלויכטעטען ווארשטאט־צימער.”

רישע פלפולים.[194] פון דער אנדער זייט פראקלאמירט דאס פראנ־צויזישע געזעץ אלס א פרינציפ דאס, וואס אין ענגלאנד איז אויס־געקעמפט געווארן נאר אין נאמען פון קינדער, ניט־דערוואקסענע און פרויענצימער, און ערשט אין דער לעצטער צייט איז עס גע־פאדערט געווארן אלס אן אלגעמיין רעכט.[195]

אין די פעראייניגטע שטאאטען פון נארד אמעריקא איז יעדע זעלבשטענדיגע ארבייטער־בעוועגונג געבליבען פאראלאזירט, כל זמן די שקלאווערײ האט צוקאליעטשעט איין טייל פון דער רעפובליק. די ארבייט קאן זיך דארט ניט עמאנציפירן אין דער ווייסער הויט, אזוי לאנג ווי זי ווערט געבראנדמארקט אין דער שווארצער הויט. אבער פון דעם טויט פון דער שקלאווערײ האט גלייך ארויסגעשפראצט א ניי יונג־געווארען לעבען. די ערשטע פרוכט פון דעם בירגערקריעג איז געווען די 8־שטונדען־אגיטאציע, וועלכע האט געשפרייזט מיט 7 מייל־שטיוועל פון א לאקאמאטיוו פון אטלאנטישען ביז'ן שטילען ים, פון ניו־ענגלאנד ביז קאליפאר־ניא. דער אלגעמיינער ארבייטער־קאנגרעס אין באלטימאר (16טען אוגוסט 1866) האט ערקלערט: „די ערשטע און גרויסע נויט פון דער געגענווארט, כדי צו בעפרייען די ארבייט אין דעם לאנד פון דער קאפיטאליסטישער שקלאווערײ, איז די דורכפיהרונג פון

194 „צום ביישפיעל אין מיין דיסטריקט איז דערזעלבינער פאבריקאנט, אין דערזעלביגער פאבריק־געביידע, א בלייכער און פארבער אונטער דעם בלייכערײ און פארבער־אקט, א דרוקער אונטער דעם „פרינט־ווארקס אקט" און אז אפרע־טעור [פינישער] אונטער דעם פאבריק־אקט.... (מר. בייקער'ס רעפארט אין „רעפארטס עטצ. פאר דעם 31טען אקטאבער 1861, ז. 20) נאכדעם ווי ער רעכענט אויס די פערשיידענע בעשטימונגען פון די דאזיגע אקטען און די קאמפליקאציעס, וואס נעהמען זיך דערפון, זאגט הערר בייקער: „מען זעהט דערפון, ווי שווער עס מוז זיין צו פערזיכערן די ערפילונג פון אט די דריי פארלאמענט־אקטען, ווען דער פאבריקאנט וויל זיך אויסדרעהען פון דעם געזעץ." די יוריסטען אבער זיינען דורכדעם געזיכערט מיט פראצעסען.

195 אזוי וואגען ענדליך די פאבריק אינספעקטארען צו זאגען: „אט די תירוצים (פון קאפיטאל אנטקעגען דער געזעצליכער בעשרענקונג פון דער ארבייט־צייט) מוזען פאלען לגבי דעם אומפאסענדען פרינציפ פון די רעכטען פון ארבייט.... עס איז פאראן א צייט, ווען דעם מייסטער'ס רעכט אויף זיין ארבייטער'ס ארבייט הערט אויף און דער ארבייטער ווערט אליין דער בעל־הבית איבער זיין צייט, אפילו ווען עס איז נאך ניט קיין פראגע פון פאלשטענדיגער ערשעפונג." (רעפארטס עטצ., אקטאבער 1862, ז. 54.)

אַ געזעץ, לויט וועלכען 8 שטונדען זאָלען אויסמאַכען דעם נאָרמאַל־ארבייטסטאָג אין אַלע שטאַאַטען פון דער אַמעריקאַנער פערייניגונג. מיר זיינען ענטשלאָסען אַנצו־ווענדען אונזער גאַנצע מאַכט ביז אַט דער הערליכער רעזולטאַט וועט דערגרייכט ווערן."[196]
אין דערזעלביגער צייט (אָנהויב סעפּטעמבער 1866) האָט בעשלאָסען דער קאָנגרעס פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער ארבייטער אַסאָציאַציאָן אין זשענעוואַ, לויט דעם פאָרשלאַג פון דעם לאָנדאָנער גענעראַל־ראַטה: „מיר דערקלערן די בעשרענקונג פון דעם ארבייטס־טאָג פאַר אַן ערשטען בעדינג, וואָס אָהן איהם וועלען אַלע אַנדערע שטרעבונגען צו ווערן עמאַנציפּירט מוזען זיין אַ דורכפאַל.... מיר שלאָגען פאָר 8 ארבייט־שטונדען פאַר דעם געזעצליכען גרעניץ פון ארבייטס־טאָג."

אַט אזוי האָט די ארבייטער־בעוועגונג, וועלכע איז אינסטינקטיוו ארויסגעוואַקסען פון די פּראָדוקציאָן־פערהעלטענישען גופא, ארויפגעלעגט איהר חתימה, אויף ביידע זייטען פון אַטלאַנטישען ים, אויף די ווערטער פון דעם ענגלישען פאַבריק־אינספּעקטאָר ר. דזש. סאָנדערס, וועלכער האָט געזאָגט: „עס איז ניטאָ קיין אויסזיכט אויף ערפאָלג דורכצופיהרן ווייטערע רעפאָרמען אין דער געזעלשאַפט, ווען דער ארבייטס־טאָג וועט ניט אַפריהער ווערן בעשרענקט, און ווען די פאָרגעשריבענע בעשרענקונג וועט ניט שטרענג דורכגעזעצט ווערן."[197]

מען מוז מודה זיין, אז אונזער ארבייטער קומט ארויס פון דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס אַנדערש איידער ער איז אין איהם אריינגעגאַנגען. אויפ'ן מאַרק איז ער ארויסגעטרעטען אַלס בע־

---

[196] „מיר, די ארבייטער פון דונקירק, ערקלערן, אז די לענג פון דער ארבייט־צייט, וואָס פאָדערט זיך אונטער דעם איצטיגען סיסטעם, איז צו־גרויס און לאָזט ניט איבער דעם ארבייטער קיין צייט פאַר ערהאָלונג און ענטוויקלונג, ריכטיגער געזאָגט, עס דריקט איהם ארונטער צו אַ צושטאַנד פון קנעכטשאַפט, וואָס איז ניט פיעל בעסער ווי שקלאַווערייַ. דעריבער בעשליסען מיר, אז 8 שטונדען זיינען גענוג פאַר אַ טאָג ארבייט און אזוי מוז עס געזעצליך אַנערקענט ווערן; דעריבער ווענדען מיר זיך צו דעם גרויסען העבּ־שטאַנג, די פּרעסע, אונז צו קומען צו הילף... און בעשליסען, אז אַלע וועלכע וועלען אונז ענטזאָגען אין דער הילף, זאָלען בעטראַכט ווערן ווי פיינד פון ארבייטס־רעפאָרם און ארבייטער־רעכט." (בעשלוסען פון די ארבייטער אין דונקירק, שטאַאַט ניו יאָרק, 1866.)

[197] רעפּאָרטס עטצ. אָקטאָבער 1848.

זיצער פון דער סחורה „ארבייטס־קראפט” קעגענאיבער אנדערע סחורה־בעזיצער: א סחורה בעזיצער אנטקעגען א סחורה־בעזיצער. דער קאנטראקט, דורך וועלכען ער האט דעם קאפיטאליסט פער־קויפט זיין ארבייטס־קראפט, האט בעוויזען, אזוי צו זאגען, שווארץ אויף ווייס, אז ער האט א פרייע דעה איבער זיך אליין. נאך דעם ווי דער מסחר איז געשלאסען שטעלט זיך ארויס, אז ער איז ניט געווען „קיין פרייער אגענט”, אז די צייט, אויף וועלכער ער איז פריי צו פערקויפען זיין ארבייטס־קראפט, איז די צייט, אויף וועלכער ער איז געצוואונגען זי צו פערקויפען;[198] אז פאקטיש לאזט איהם זיין אויסזויגער ניט אב, „כל זמן עס איז נאך פאראן א מוסקול, א נערוו, א טראפען בלוט צו עקספלואטירן.[109]. כדי צו בעשיצען זיך אנטקעגען דער „שלאנג פון אלע זייערע צרות”, מוזען די ארבייטער זיך פעראייניגען און אלס קלאס זעהן דורכ־צוזעצען א שטאאט־געזעץ, א באריער אויפגעשטעלט פון דער גע־זעלשאפטליכער אויבערמאכט, וואס דערלאזט זיי אליין ניט, דורך א פרייוויליגען קאנטראקט מיט דעם קאפיטאל, צו פערקויפען זיך און זייערע פאמיליעס אין שקלאווערייי און טוידט אריין.[100]

---

[198] „די דאזיגע פאסירונגען (די מאנעווורען פון קאפיטאל צ.ב.ש. פון 1848 ביז 1850) האבען ארויסגעבראכט דעם זיכערן בעוויז, ווי פאלש עס איז די בעהויפטונג, וואס ווערט אפט געמאכט, אז די ארבייטער דארפען ניט קיין שוץ, נאר דארפען בעטראכט ווערן אלס פאלשטענדיג פריי צו טהאן וואס זיי ווילען מיט דעם איינציגען אייגענטום, וואס זיי בעזיצען—מיט דער ארבייט פון זייערע הענד און דעם שוויים פון זייערע שטערנס.” (רעפארטס, אפריל 1850, ז. 45.) „פרייע ארבייט, אויב מען קאן זי איבערהויפט אזוי אנרופען, מוז האבען דעם שטארקען ארעם פון געזעץ זי צו בעשיצען אפילו אין א פרייער לאנד.” (רעפארטס אקטאבער 1864, ז. 34.) „צו ערלויבען, און דאס מיינט דאס אייגענע ווי צווינגען... 14 שטונדען א טאג צו ארבייטען מיט אדער אהן מאהלצייטען א.אז.וו. (רעפארטס, אפריל 1863, ז. 40.)

[199] פ. ענגעלס, „לאגע דער ארבייטענדען קלאסע אין ענגלאנד”, 1845.

[200] „די 10־שטונדען־ביל האט אין די בעטרעפענדע אינדוסטריע־צווייגען „געראטעוועט די ארבייטער פון א פאלשטענדיגער דעגענעראציע און האט בע־שיצט זייער פיזישען צושטאנד.” (רעפארטס, אקטאבער 1859, ז. 47.) „דאס קאפיטאל (אין די פאבריקען) קאן קיינמאל ניט האלטען אין בעוועגונג די מא־שינעריע אריבער א בעגרענצטער צייט־פעריאדע, ניט שעדיגענדיג די בעשעפ־טיגטע ארבייטער אין זייער געזונד און אין זייער מאראל; און זיי זיינען ניט אין דער לאגע זיך אליין צו בעשיצען.” (דארט גופא, ז. 8.)

אנשטאט דעם הויכקלינגענדען קאטאלאג פון די „ניט אבנעהמ־בארע מענשענרעכט" קומט די בעשיידענע „מאגנא כארטא" פון א געזעצליך־בעשרענקטען ארביימס־טאג, וועלכע „מאכט ענדליך קלאר ווען די צייט, וואס דער ארבייטער פערקויפט, ענדיגט זיך, און ווען די צייט, וואס געהערט צו איהם אליין, פאנגט זיך אן."[201] קוואנטום מוטאטום אב איללא! [וואס פאר אן ענדערונג זינט דאן!].

---

[201] „נאך א גרעסערע טובה בעשטעהט דעריין, וואס ענדליך איז אויפגע־שטעלט געווארן א גרעניץ צווישען דעם ארבייטער'ס צייט, וואס געהערט צו איהם, און די צייט וואס געהערט זיין בעל־הבית. דער ארבייטער וויים איצטער ווען עס ענדיגט זיך די צייט וואס ער פערקויפט, און ווען עס פאנגט זיך אן די צייט, וואס געהערט איהם אליין און אזוי ווי ער וויים עס גענוי אויף פריהער, איז ער אימשטאנד צו בעשטימען זיינע מינוטען אין פאראויס פאר זיינע אייגענע צוועקען." (דארט גופא, ז. 52.) „דורכדעם וואס זיי (די פאב־ריק־געזעצען) האבען געמאכט די ארבייטער פאר די הארען פון זייער אייגענער צייט, האבען זיי אריינגעגעבען אין זיי א מאראלע ענערגיע, וועלכע גרייט זיי צו פאר דער געלעגענטליכער אויסאיבונג פון פאליטישער רעכט." (דארט גופא, ז. 47.) מיט א בעהאלטענער איראניע און זעהר פארזיכטיגע אויסדרוקען דייטען אן די פאבריק־אינספעקטארען, אז דאס איצטיגע 10־שטונדען־געזעץ בע־פרייט איינינערמאסען אויך דעם קאפיטאליסט פון זיין ברוטאליטעט, וואס איז נאטירליך פאר איינעם, וועלכער איז בלויז א פערקערפערונג פון קאפיטאל, און גיט איהם צייט פאר א ביסעל „בילדונג". „פריהער האט דער מייסטער ניט געהאט קיין צייט פאר קיין אנדער זאך אויסער געלד, דער דיענער—פאר קיין אנדער זאך אויסער ארבייט." (דארט גופא, ז. 48.)

## ניינטער קאַפּיטעל.

# די ראַטע און מאַסע פון דעם מעהר־ווערטה.

**די ראַטע און מאַסע פון דעם מעהרווערטה.**

מיר נעהמען אַן, אַזוי ווי פריהער, אויך אין אַט דעם קאַפּיטעל, אַז דער ווערטה פון דער ארבייט־קראַפט, דאָס הייסט דער טייל פון דעם ארבייטס־טאָג, וואָס איז נויטווענדיג צו רעפּראָדוצירן אָדער אויפהאַלטען די ארבייט־קראַפט, איז אַ בעשטימטע, שטענדיגע גרויס.

וויבאַלד דאָס ווערט אָנגענומען לכתחילה, איז וויסענדיג די ראַטע פון מעהרווערטה, ווייס מען שוין אויך די מאַסע פון מעהרווערטה, וואָס דער איינצעלנער ארבייטער גיט דעם קאַפּיטאַליסט אין אַ בעשטימטער פּעריאָדע פון צייט. בעטרעפט צ.ב.ש. די נויטווענדיגע ארבייט 6 שטונדען טעגליך, אויסגעדריקט אין אַ גאָלד־סכום פון 3 שילינג אָדער 1 טאָלער, איז 1 טאָלער דער ווערטה פון אַ טאָג ארבייט־קראַפט, אָדער דער אויסגעלעגטער קאַפּיטאַל־ווערטה ביים איינקויפען אַזאַ ארבייט־קראַפט. וויפיעל מעהרווערטה וועט אַט דער טאָלער ברענגען דעם קאַפּיטאַליסט? דאָס הענגט אָפּ פון דער ראַטע פון מעהרווערטה. אויב די ראַטע איז 50 פּראָצענט, וועט דער מעהרווערטה אויסמאַכען ½ טאָלער; איז די ראַטע פון מעהרווערטה 100 פּראָצענט, וועט דער דאָזיגער וואַריאַבלער קאַפּיטאַל פון 1 טאָלער ברענגען אַ מאַסע מערווערטה פון 1 טאָלער, אָדער [מיט אַנדערע ווערטער] דער ארבייטער ברענגט איין טעגליך אַ מאַסע מערווערטה פון 6 שטונדען. די ראַטע פון דעם מעהרווערטה בעשטימט, הייסט עס, די סומע אָדער די מאַסע פון מעהרווערטה, וואָס דער איינצעלנער ארבייטער פּראָדוצירט, אויב זיין ארבייט־קראַפט איז בעשטימט.

דער וואַריאַבלער קאַפּיטאַל איז אָבער דער געלד־אויסדרוק פאַר דעם גאַנצען ווערטה פון אַלע ארבייט־קרעפטען, וועלכע דער קאַפּיטאַליסט פערברויכט אין דערזעלבער צייט. דער ווערטה פון

דעם אויסגעלעגטען וואַריאַבלען קאַפּיטאַל איז בכן גלייך צו דעם דורכשניט ווערטה פון איין אַרבייט־קראַפט, גע׳כפל׳ט מיט דער צאָהל פון די פערברויכטע אַרבייט־קרעפטען. ביי אַ בעשטימטען ווערטה פון דער אַרבייט־קראַפט שטעהט פאָלגליך די גרויס פון דעם וואַריאַבלען קאַפּיטאַל אין אַ דירעקטער פּראָפּאָרציע צו דער צאָהל פון די גלייכצייטיג־בעשעפטיגטע אַרבייטער. אויב דער טאָג־ווערטה פון אַן אַרבייט־קראַפט איז 1 טאָלער, מוז, הייסט עס, אויסגעלעגט ווערן אַ קאַפּיטאַל פון 100 טאָלער, כדי צו עקספּלואַטירן טעגליך 100 אַרבייט־קרעפטען, נ טאָלער, כדי צו עקספּלואַטירן טעגליך נ אַרבייטער.

פּונקט אַזוי אויך, ווען אַ וואַריאַבלער קאַפּיטאַל פון 1 טאָלער, דער טאָג־ווערטה פון איין אַרבייט־קראַפט, פּראָדוצירט אַ טעגליכען מעהרווערטה פון 1 טאָלער, דאַן פּראָדוצירט אַ וואַריאַבלער קאַפּיטאַל פון 100 טאָלער אַ טעגליכען מעהרווערטה פון 100, און אַ וואַריאַבלער קאַפּיטאַל פון נ טאָלער—אַ טעגליכען מעהרווערטה פון 1 טאָלער גע׳כפל׳ט אויף נ. די מאַסע פון דעם פּראָדוצירטען מעהרווערטה איז בכן גלייך צו דעם מעהרווערטה, וואָס דער אַרבייטס־טאָג פון דעם איינצעלנעם אַרבייטער ברענגט, גע׳כפל׳ט מיט דער צאָהל פון די בעשעפטיגטע אַרבייטער. אַזוי ווי אָבער, ווייטער גערעדט, די מאַסע מעהרווערטה, וועלכע דער איינצעלנער אַרבייטער פּראָדוצירט—ביי אַ בעשטימטען ווערטה פון דער אַרבייטס־קראַפט—ווערט בעשטימט דורך דער ראַטע פונ׳ם מעהרווערטה; מיט אַנדערע ווערטער: דורך דער פּראָפּאָרציע פון דעם אַרבייטער׳ס מ ע ה ר ־ אַרבייט צו זיין נ ו י ט וו ע נ ד י ג ע ר אַרבייט, פאָלגט דערפון אָט דאָס ע ר ש ט ע ג ע ז ע ץ: די מאַסע פון דעם פּראָדוצירטען מעהרווערטה פון אַ וואַריאַבלען קאַפּיטאַל איז גלייך צו דער גרויס פון אָט דעם אויסגעלעגטען וואַריאַבלען קאַפּיטאַל, גע׳כפל׳ט מיט דער ראַטע פון דעם מעהרווערטה; אָדער זי איז גלייך צו דעם ווערטה פון אַן אַרבייט־קראַפט, גע׳כפל׳ט מיט דעם גראַד פון איהר עקספּלואַטאַציע און גע׳כפל׳ט מיט דער צאָהל פון די גלייכצייטיג־בעשעפטיגטע אַרבייט־קרעפטען.

עס ווערט די גאַנצע צייט אָנגענומען, ניט נאָר אַז דער ווערטה פון אַ דורכשניטס־אַרבייט־קראַפט איז אַ בעשטענדיג־

גלייכער (קאָנסטאַנט), נאָר אויך אַז די אַרבייטער, וואָס אַ קאַפּיטאַליסט בעשעפטיגט, זיינען אַלע דורכשניט־אַרבייטער. עס זיינען פאַראַן אויסנאַהם־פעלען, וואו דער פּראָדוצירטער מעהרווערטה וואַקסט ניט פּראָפּאָרציאָנעל צו דער צאָהל פון די עקספּלואַטירטע אַרבייטער, אָבער דאַן בלייבט דער ווערטה פון דער אַרבייט־קראַפט אויך ניט בעשטענדיג־גלייך (קאָנסטאַנט).

אַלזאָ, לאָמיר אָנרופען די מאַסע פון דעם מעהרווערטה **מ**, דעם מעהרווערטה, וואָס דער איינצעלנער אַרבייטער ברענגט אין דורכשניט פון טאָג, מ, דעם טעגליך־אויסגעלעגטען וואַריאַבלען קאַפּיטאַל ביים איינקויפען די איינצעלנע אַרבייט־קראַפט, וו, די גאַנצע סומע פון וואַריאַבלען קאַפּיטאַל **וו**, דעם ווערטה פון אַ דורכשניטס־אַרבייט־קראַפט ק, איהר גראַד פון עקספּלואַטאַציע $\frac{\text{א'}}{\text{א}}$ ($\frac{\text{מעהר־אַרבייט}}{\text{נויטווענדיגע אַרבייט}}$) און די צאָהל פון די בעשעפטיגטע אַרבייטער **נ**, דאַן בעקומען מיר: —

$$\text{מ} \left\{ \begin{array}{l} = \frac{\text{מ}}{\text{וו}} \times \text{וו} \\ = \text{ק} \times \frac{\text{א'}}{\text{א}} \times \text{נ} \end{array} \right.$$

[מען קאָן אילוסטרירן די פאָרמולע ווי פאָלגט: מיר נעהמען אָן, אַז דער מעהרווערטה מ, וואָס דער איינצעלנער אַרבייטער ברענגט אַריין אין אַ דורכשניטס־טאָג, בעטרעפט 2 שילינג, דער טעגליך אויסגעגעבענער וואַריאַבלער קאַפּיטאַל אויף איינצוקויפען די איינצעלנע אַרבייטס־קראַפט, דער אַרבייטס־לוין וו, מאַכט אויס 3 שילינג, די גאַנצע סומע פון וואַריאַבלען קאַפּיטאַל אין אַ טאָג פאַר 100 אַרבייטער—300 שילינג, דאַן נעהמט אָן די פאָרמולע $\text{מ}=\frac{\text{מ}}{\text{וו}}\times\text{וו}$ די פאָרם: $\text{מ}=\frac{2}{3}\times300$. די מאַסע פון דעם מעהרווערטה בעטרעפט לויט דעם נאָך 200 שילינג אַ טאָג. נעהמען מיר ווידער אָן, אַז ק, דער ווערטה פון דער איינצעלנער אַרבייט־קראַפט, איז גלייך צו 3 שילינג, די מעהר־אַרבייט א' (ביי אַ 10־שטונדיגער אַרבייט־צייט) קומט אויס 4 שטונדען, די נויטווענדיגע אַרבייט־צייט א איז 6 שטונדען; נ, די צאָהל בעשעפטיגטע אַרבייטער שטעלט פאַר 100, דאַן נעהמט אָן די פאָרמולע $\text{מ}=\text{ק}\times\frac{\text{א'}}{\text{א}}\times\text{נ}$ די געשטאַלט: $\text{מ}=3\times\frac{4}{6}\times100=1200:6=200$.

די מאסע פון מעהרווערטה **בעטרעפט דא אויך 200** שילינג **א טאג.** — קאַוטסקי.]

די גרויס פון דער **צאהל פון א פראדוקט בייט זיך ניט, ווען די צאהל־גרויס פון זיינע פאקטארן בייט זיך גלייכצייטיג אין א אומגעקעהרטער ריכטונג.**

**אין דער שאפונג פון א בעשטימטער מאסע מעהרווערטה קאן דעריבער די פערקלענערונג פון איין פאקטאר פערפולט ווערן דורך דער פערגרעסערונג פון דעם אנדער פאקטאר. א פערקלענערונג** פון דער ראטע פון מעהרווערטה ענדערט ניט די מאסע פון מעהר־ווערטה, ווען דער וואריאבלער קאפיטאל אדער די צאהל פון די בעשעפטיגטע ארבייטער וואקסט אין דערזעלביקער צייט. א וואַ־ריאבלער קאפיטאל פון 100 טאלער, וואס בעשעפטיגט 100 אר־בייטער מיט א מעהרווערטה־ראטע פון 100 פראצענט, שאפט א מעהרווערטה־מאסע פון 100 טאלער. מען קאן רעדוצירן די ראטע פון מעהרווערטה אויף א העלפט, און די מאסע פון מעהרווערטה וועט בלייבען דיזעלביגע, ווען דער וואריאבלער קאפיטאל און די צאהל פון די בעשעפטיגטע ארבייטער ווערט אין דערזעלבינער צייט פערטאפעלט. און אומגעקעהרט. ווערט דער וואריאבלער קאפיטאל פערקלענערט און די ראטע פון מעהרווערטה גלייכצייטיג פערגרעסערט אין דערזעלבינער פראפארציע, בלייבט די מאסע פון דעם פראדוצירטען מעהרווערטה אומפערענדערט. ווען מיר נעהמען אן, אז דער קאפיטאליסט מוז אויסלעגען 100 טאלער, כדי צו עקספלואטירן 100 ארבייטער א טאג; אז דער ארבייטס־טאג מאכט אויס 9 שטונדען, פון וועלכע 6 שטונדען זיינען נויטווענדיגע ארבייט און 3 שטונדען זיינען מעהר־ארבייט, און די ראטע פון מעהרווערטה בעטרעפט 50 פראצענט, דאן גיט דער דאזיגער וואַ־ריאבלער קאפיטאל פון 100 טאלער א מעהרווערטה פון 50 טאלער אדער פון 100×3 ארבייטס־שטונדען. פערקלענערט דער קאפיטאַ־ליסט זיין וואריאבלען קאפיטאל אויף א העלפט, פון 100 אויף 50 טאלער, און בעשעפטיגט ניט מעהר ווי 50 ארבייטער, אבער עס געלינגט אים צו פערטאפלען אין דערזעלבינער צייט די ראטע פון מעהרווערטה, אדער—וואס איז דיזעלבינע זאך—אויסצוציהען די צייט פון דער מעהרארבייט פון 3 אויף 6 שטונדען, דעם אר־בייטס־טאג פון 9 אויף 12 שטונדען, וועט ער אלץ געווינען די־

וועלכע מאסע מעהרווערטה, ווארים 50 טאלער $\times\frac{100}{100}=100$ טאלער
$\times\frac{50}{100}=50$ טאלער, און $6\times50$ ארבייטס־שטונדען גיבען פונקט אזוי
פיעל מעהרווערטה ווי $3\times100$. פערמינערונג פון וואריאבלען קאפי־
טאל גלייכט זיך פאלגליך אויס דורך א פראפארציאנעלער הערבערונג
אין דעם גראד פון דער עקספלואטאציע פון דער ארבייטס־קראפט,
אדער די קלענערע צאהל בעשעפטיגטע ארבייטער גלייכט זיך אויס
דורך דער פראפארציאנעלער פערלענגערונג פון דעם ארבייטס־טאג.
אויף דעם אופן איז די צושטעלונג פון ארבייט, וואס קאפיטאל
קאן ארויספרעסען, אונאבהענגיג אין געוויסע גרעניצען פון דער
צושטעלונג פון ארבייטער.[202]

דאך אבער האט דער אויסגלייך פון דער צאהל ארבייטער
אדער די גרויס פון וואריאבלען קאפיטאל דורך א פערגרעסערטער
ראטע פון מעהרווערטה אדער א פערלענגערונג פון ארבייטס־טאג
געוויסע גרעניצען, וואס קאנען נים אריבערגעטראטען ווערן. וואס
עס זאל נים זיין דער ווערטה פון דער ארבייטס־קראפט, צי די
ארבייט־צייט, וואס איז נויטיג אויסצוהאלטען דעם ארבייטער,
בעטרעפט 2 אדער 10 שטונדען, איז אבער דער גאנצער ווערטה,
וואס אן ארבייטער קאן פראדוצירן טאג־איין, טאג־אויס, על כל
פנים קלענער איידער דער ווערטה, וואס 24 ארבייט־שטונדען
קאנען אויסמאכען, קלענער ווי 12 שילינג אדער 4 טאלער, אויב
דער ארבייטער פראדוצירט א ווערטה פון $1/6$ טאלער אין א שטונדע.
נאך ענגער זיינען די גרעניצען פון דעם מעהרווערטה. אויב דער
טייל פון טאג, וואס איז נויטווענדיג צו רעפראדוצירן דעם טעג־
ליכען ארבייטס־לוין, מאכט אויס 6 שטונדען, בלייבען איבער פון
דעם נאטירליכען טאג 18 שטונדען. א טייל דערפון פאדערן די
ביאלאגישע געזעצען אלס רוהע־צייט פאר דער ווידער־בעלייאונג
פון דער ארבייט־קראפט. גיבען מיר אב פאר דעם א מינימום
פון 6 שטונדען: ווען מיר פערלענגערן, הייסט עס, דעם ארבייטס־

[202] עס זעהט אויס, אז דאס דאזיגע געזעץ איז אומבעקאנט פאר די העררען
פון דער וואולגאר־עקאנאמיע, וועלכע ווי פערקעהרטע ארכימעדען גלויבען, אז
זיי האבען געפונען אין דער בעשטימונג פון דעם מארקפרייז פון ארבייט דורך
אנבאט און נאכפראגע, דעם אנשטאר־פונקט—נים צו ריהרן די וועלט, נאר אב־
צושטעלען איהר בעוועגונג.

טאָג אויף אַ מאַקסימום פון 18 שטונדען, דאַן קאָן די מעהר־ארבייט ניט איבערשטייגען 12 שטונדען, זי קאָן ניט פּראָדוצירן אַ העכערן ווערטה איידער 2 טאָלער.

לויט אונזער פריהערדיגער השערה, אַז עס פאָדערן זיך טעג־ליך 6 ארבייט־שטונדען, כדי צו רעפּראָדוצירן די ארבייט־קראַפט גופא אָדער כמלא צו זיין דעם קאַפּיטאַל־ווערטה, וואָס איז אויס־געלעגט געוואָרן ביי איהר איינקויפען, וועט אַ וואַריאַבלער קאַ־פּיטאַל פון 500 טאָלער, וואָס בעשעפטיגט 500 ארבייטער אויף אַ מעהרווערטה־ראַטע פון 100 פּראָצענט אָדער מיט אַ 12־שטונ־דיגען ארבייטס־טאָג, פּראָדוצירן טעגליך אַ מעהרווערטה פון 500 טאָלער אָדער 6×500 ארבייט־שטונדען. אַ קאַפּיטאַל פון 100 טאָלער, וואָס בעשעפטיגט 100 ארבייטער טעגליך אויף אַ מעהר־ווערטה־ראַטע פון 200 פּראָצענט אָדער מיט אַן 18־שטונדיגען ארבייטס־טאָג, פּראָדוצירט נאָר אַ מעהרווערטה־מאַסע פון 200 טאָלער אָדער 12×100 ארבייט־שטונדען. און זיין גאַנצער ווערטה־פּראָדוקט—דער עקוויוואַלענט פון דעם אויסגעלעגטען וואַ־ריאַבלען קאַפּיטאַל פּלוס דעם מעהרווערטה—קאָן טאָג־איין, טאָג־אויס קיינמאָל ניט גרייכען די סומע פון 400 טאָלער אָדער 24×100 ארבייט־שטונדען. אַ פערקלענערונג פון דעם וואַריאַב־לען קאַפּיטאַל קאָן, הייסט עס, אויסגעגליכען ווערן דורך אַ פער־גרעסערונג פון דער ראַטע פון מעהרווערטה, אָדער דאָסזעלביגע געזאָגט מיט אַנדערע ווערטער: אַ פערקלענערונג פון דער צאָהל בעשעפטיגטע ארבייטער קאָן אויסגעגליכען ווערן דורך אַ פער־גרעסערונג פונ׳ם גראַד פון זייער עקספּלואַטאַציע, נאָר אין די פיזיאָלאָגישע גרעניצען פון דעם ארבייטס־טאָג, ד.ה. אויך אין די גרעניצען פון דער מעהר־ארבייט, וואָס דער טאָג שליסט אין זיך איין.

אַט דאָס פון אויבען־אויף קלאָרע צווייטע געזעץ איז וויכטיג פאַר דער ערקלערונג פון פיעלע קאָמפּליצירטע ער־שיינונגען. מיר ווייסען שוין, אַז קאַפּיטאַל זוכט צו פּראָדוצירן אַ וואָס גרעסערע מאַסע מעהרווערטה. שפּעטער וועלען מיר זעהן, אַז עס שטרעבט אין דערזעלבינער צייט צו פערקלענערן אַזוי־פיעל ווי מעגליך זיין וואַריאַבלען טייל אָדער די צאָהל ארבייטער, וואָס ער עקספּלואַטירט, פּראָפּאָרציאָנעל צו דער אויסברייטערונג פון

זיין אונטערנעהמונג. **אט** די טענדענצען פאלען אריין אין א ווידערשפרוך איינע צו דער אנדערער, וויבאלד אז די פערקלער נערונג פון איינעם פון די ביידע פאקטארען, וועלכע בעשטימען די מאסע פון מעהרווערטה, קאן ניט מעהר אויסגעגליכען ווערן דורך א פערגרעסערונג פון דעם אנדער פאקטאר.

**א דריטעס געזעץ** קומט ארויס פון דער בעשטימונג פון דער מאסע פון דעם פראדוצירטען מעהרווערטה דורך די צוויי פאקטארען, די ראטע פון מעהרווערטה און די גרויס פון אויסגעלעגטען װאריאבלען קאפיטאל. אזוי ווי דער ווערטה איז מעהר נארנישט ווי נאר די רעאליזירטע ארבייט, דאן איז קלאר, אז די מאסע פון ווערטה, וואס א קאפיטאליסט קאן לאזען פראדוצירן, העננט אב אויסשליסליך פון דער סומע ארבייט, וואס ער ברענגט אין בעוועגונג. מיט דערזעלבינער צאהל ארבייטער קאן ער ברענגען אין בעוועגונג מעהר אדער וועניגער ארבייט, לויט נאך דער גרעסערער אדער קלענערער לענג פון דעם ארביימס-טאג. ווען אבער דער ווערטה פון דער ארבייטס-קראפט און די ראטע פון דעם מעהרווערטה זיינען בעשטימט; מיט אנדערע ווערטער, ווען דער דויער פון דעם ארבייטס-טאג און זיין איינטיילונג אין נויט־ווענדיגע ארבייט און מעהר־ארבייט זיינען בעשטימט, דאן וועט די גאנצע סומע פון דעם ווערטה, אריינרעכענענדיג אויך דעם מעהרווערטה, וואס דער קאפיטאליסט רעאליזירט, ווערן בעשטימט אויסשליסליך דורך דער צאהל ארבייטער, וואס ער עקספלואטירט, און אט די סומע העננט ווידער אב פון דער גרויס פון דעם וואריאבלען קאפיטאל, וואס ער לעגט אויס.

פאלגליך, ווען די ראטע פון מעהרווערטה און דער ווערטה פון דער ארבייטס-קראפט זיינען בעשטימט, פערהאלט זיך די מאסע פון דעם פראדוצירטען מעהרווערטה דירעקט ווי די גרויס פון דעם אויסגעלעגטען װאריאבלען קאפיטאל. מיר וויסען שוין אבער, אז דער קאפיטאליסט טיילט איין זיין קאפיטאל אין צוויי טיילען. איין טייל לעגט ער אויס אין פראדוקציאנס-מיטלען. דאס איז דער קאנסטאנטער טייל פון זיין קאפיטאל. דעם אנדער טייל פערבייט ער אויף לעבעדיגער ארבייט-קראפט. אט דער טייל מאכט אויס זיין װאריאבלען קאפיטאל. אויפ'ן באזיס פון דעמ־זעלבינען פראדוקציאנס-אופן קומט פאר אין פערשיידענע פראר

דוקציאָנס־צווייגען אַ פערשיידענע טיילונג פונ׳ם קאַפּיטאַל אין קאָנסטאַנטע און וואַריאַבלע בעשטאַנד־טיילען. אין דעמזעלבען פּראָדוקציאָנס־צווייג בייט זיך אָט די פּראָפּאָרציע מיט דער ענדערונג אין דער טעכנישער גרונדלאַגע און אין דער געזעלשאַפטליכער קאָמבינאַציע פון דעם פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס. ווי אָבער אַ געגעבענער קאַפּיטאַל זאָל ניט צופאַלען אין אַ קאָנסטאַנטען און אַ וואַריאַבלען בעשטאַנד־טייל: סיי דער לעצטער פערהאַלט זיך צום ערשטען ווי 1 צו 2, 1 צו 10, אָדער 1 צו x.—ריהרט עס דעם נאָר־וואָס אויפגעשטעלטען געזעץ ניט אָן, היות ווי לויט דעם פריהערדיגען אַנאַליז געהט דער ווערטה פון קאָנסטאַנטען קאַפּיטאַל ניט אריין אין דעם ניי־געשאַפענעם ווערטה־פּראָדוקט, הגם ער ווייזט זיך ווידער ארויס אין דעם ווערטה פון פּראָדוקט. כדי צו בעשעפטיגען 1000 שפּינער פאָדערט זיך נאַטירליך מעהר רויה־מאַטעריאַל, שפּינדלען א.אַז.וו. איידער עס איז נויטיג אויף צו בעשעפטיגען 100 שפּינער. דער ווערטה אָבער פון אָט די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, וואָס דאַרפען צוגעלעגט ווערן, מעג שטייגען, פאַלען, בלייבען אומפערענדערט, זיין גרויס אָדער קליין, האָט ער קיין ברעקעל איינפלוס ניט אויף׳ן פערווערטהונג־פּראָצעס פון די אַרבייטס־קרעפטען, וועלכע ברענגען זיי אין בעוועגונג. דאָס נאָר־וואָס קאָנסטאַטירטע געזעץ נעהמט דעריבער אָן אָט די פאָרם: די מאַסען פון ווערטה און מעהרווערטה, וואָס זיינען פּראָדוצירט פון פערשיידענע קאַפּיטאַלען, זיינען, ביי אַ געגעבענעם ווערטה און אַ גלייך־גרויסען גראַד־עקספּלואַטאַציע פון דער אַרבייטס־קראַפט, דירעקט פּראָפּאָרציאָנעל צו דער גרויס פון די וואַריאַבלע בעשטאַנד־טיילען פון די דאָזיגע קאַפּיטאַלען, ד.ה. צו זייערע בעשטאַנד־טיילען, וואָס ווערן פערוואַנדעלט אין לעבעדיגער אַרבייטס־קראַפט.

דאָס דאָזיגע געזעץ געהט אין פלוג לחיפך צו יעדער אויבענאויפיגער ערפאַהרונג. יעדער איינער וויים, אז אַ באוועל־שפּינער, וועלכער פערווענדט, אין אַ פּראָצענט־פּראָפּאָרציע צום גאַנצען אריינגעלעגטען קאַפּיטאַל, לפי ערך פיעל קאָנסטאַנטען קאַפּיטאַל און וועניג וואַריאַבלען קאַפּיטאַל, בעקומט ניט צוליעב דעם וועניגער ריוח אָדער מעהרווערטה איידער אַ בעקער, וועלכער ברענגט אין בעוועגונג לפי ערך פיעל וואַריאַבלען קאַפּיטאַל און וועניג

קאנסטאנטען קאפיטאל. כדי צו פערענטפערן אט דעם אויבענ־
אויפינען ווידערשפרוך, פאדערן זיך נאך פיעלע צווישענדיגע
רינגען, פונקט ווי אין דער עלעמענטארער אלגעברא פאדערן זיך
פיעלע צווישענדע רינגען, כדי צו פערשטעהן, אז $\frac{0}{0}$ קאן פאר־
שטעלען א ווירקליכע גרויס. הגם די קלאסישע עקאנאמיע האט
קיינמאל דאס געזעץ נים פארמולירט, פונדעסטוועגען האלט זי זיך
פעסט אן איהם אינסטינקטיוו, ווייל עס איז א נויטוועדיגע קאנ־
זעקווענץ פון דעם ווערטה־געזעץ בכלל. זי זוכט איהם צו ראטעווען
דורך א געוואלטזאמער אבסטראקציע. מיר וועלען שפעטער זעהן,[203]
ווי ריקארדא׳ס שוהלע איז געשטרויכעלט געווארן אן דעם אבן נגף.
די וואולגאר־עקאנאמיע, וועלכע האט „טאקע באמת גאר נישט געל־
לערנט", כאפט זיך אן דא ווי אומעטום פאר דעם שיין פון דער
זאך אנטקעגען דעם געזעץ פון דער ערשיינונג. זי גלויבט, להיפך
צו שפינאזא, אז „די אונוויסענהייט איז א גענינענדער גרונד."

די ארבייט, וואס ווערט טאג־איין, טאג־אויס געבראכט אין
בעוועגונג פון דעם קאלעקטיור־קאפיטאל פון א געזעלשאפט, קאן
בעטראכט ווערן ווי איין איינציגער ארבייטס־טאג. אויב צ.ב.ש.
די צאהל ארבייטער איז א מיליאן, און דער דורכשניט־ארבייטס־
טאג פון אן ארבייטער איז 10 שטונדען, דאן בעשטעהט דער געז־
זעלשאפטליכער ארבייטס־טאג פון 10 מיליאן שטונדען. ביי א
געגעבענער לענג פון דעם ארבייטס־טאג—סיי זיינע גרעניצען זיינען
פעסטגעשטעלט פיזיש אדער סאציאל—קאן פערמעהרט ווערן די
מאסע פון דעם מעהרווערטה נאר דורך א פערמעהרונג פון דער
צאהל ארבייטער, דאס הייסט פון דער ארבייטער־בעפעלקערונג.
דער וואוקס פון דער בעפעלקערונג פארמירט דא די מאטעמאטישע
גרעניץ פאר דער פראדוקציאן פון מעהרווערטה דורך דעם געזעל־
שאפטליכען קאלעקטיור־קאפיטאל. פערקעהרט, ביי א געגעבענער
גרויס פון דער בעפעלקערונג ווערט אט די גרעניץ פארמירט דורך
דער מעגליכער פערלענגערונג פונ׳ם ארבייטס־טאג.[204] מיר וועלען

[203] נענויערעס וועגען דעם אין פערטען בוך. [פגל. דעם דריטען באנד פון מארקס' „טעאריען איבער דער מעהרווערטה". — פ.]

[204] „די ארבייט, דאס הייסט די פערנוצטע צייט אין דערווירטהשאפט פון א געזעלשאפט, איז א בעשטימטע גרויס, צ.ב.ש. 10 שטונדען טעגליך פון 1

זעהן אין דעם נעקסטען קאַפּיטעל, אַז דאָס דאָזיגע געזעץ גילט נאָר פאַר דער פאָרם פון מעהרוועהרטה, וואָס איז בעהאַנדעלט געוואָרן ביז אהער.

פון דער ביז־איצטיגער בעטראַכטונג וועגען דער פּראָדוקציאָן פון מעהרוועהרטה קומט אויס, אַז ניט יעדע געלד־ אָדער ווערטה־סומע קאָן פערוואַנדעלט ווערן אין קאַפּיטאַל, נאָר פערקעהרט, אַז א בעשטימטער מינימום פון געלד־ אָדער טויש־ווערטה אין די הענד פון דעם איינציגנעם געלד־ אָדער סחורה־בעזיצער ווערט אָנגענומען ווי א תנאי קודם. דער מינימום פון וואַריאַבלען קאַפּיטאַל איז דער קאָסט־פּרייז פון אַן איינצעלנער ארבייט־קראַפט, וועלכע ווערט פערנוצט טאָג־איין, טאָג־אויס דעם גאַנצען יאָהר אויף צו געווינען מעהרווערטה. ווען אָט דער ארבייטער וואָלט פערמאָגט זיינע אייגענע פּראָדוקציאָנס־מיטלען און וואָלט זיך בעגנוגנט צו לעבען ווי אַן ארבייטער, וואָלט פאַר איהם גענוג געווען די ארבייט־צייט, וואָס איז נויטיג צו רעפּראָדוצירן זיינע לעבענס־מיטלען, לאָמיר זאָגען 8 שטונדען טעגליך. ער וואָלט אויך גע־דאַרפט האָבען פּראָדוקציאָנס־מיטלען נאָר פאַר 8 ארבייט־שטונדען. פערקעהרט, דער קאַפּיטאַליסט, וועלכער צווינגט איהם אויסצואַר־בייטען, א חוץ די 8 שטונדען, לאָמיר זאָגען נאָך 4 שטונדען מעהר־ארבייט, מוז האָבען נאָך א צוגעגעבענע געלד־סומע, כדי צו פער־שאַפען זיך די צוגעגעבענע פּראָדוקציאָנס־מיטלען. לויט אונזער השערה אָבער מוז ער שוין בעשעפטיגען צוויי ארבייטער, כדי פון דעם מעהרווערטה, וואָס ער נעהמט צו טעגליך, צו קאָנען לעבען ווי אַן ארבייטער; ד.ה. כדי צו קאָנען בעפריעדיגען זיינע נויט־ווענדיגע בעדערפענישען. אין דעם פאַל וואָלט דער צוועק פון זיין פּראָדוקציאָן געווען בלויז צו דערהאַלטען זיין לעבען, ניט די פערמעהרונג פון רייכטום; בעת אין דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָ־דוקציאָן איז דער צוועק די פערמעהרונג פון רייכטום. כדי ער זאָל נאָר קאָנען לעבען נאָכאַמאָל אַזוי גוט ווי אַן ארבייטער און

מיליאָן ארבייטער—10 מיליאָן ארבייט־שטונדען.... דאָס קאַפּיטאַל האָט זיין גרעניץ פאַר דער פערמעהרונג. די דאָזיגע גרעניץ קאָן אין יעדער געגעבענער פעריאָדע געגרייכט ווערן אין דעם פאַקטישען פערנעהם פון דער ארבייט־צייט, וואָס ווערט פערנוצט אין דער ווירטהשאַפט." "4n Essay on the Political Economy of Nations," London 1821, p. 48, 49.

א הט... פון דעם פראדוצירטען מעהרווערטה צוריק אריינ׳עגען אין קאפיטאל, וואלט ער געמוזט אי די צאהל ארבייטער, אי דעם מינימום פון אויסגעלעגטען קאפיטאל פערגרעסערן 8 מאל אזוי־פיעל. געוויס קאן ער אליין דירעקט צולעגען א האנד אין דעם פראדוקציאנס־פראצעס, ווי זיין ארבייטער; אבער דאן איז ער נאר א צווישען־זאך צווישען קאפיטאליסט און ארבייטער, א „קליינער מייסטער". א געוויסער הויך־גראד פון דער קאפיטא־ליסטישער פראדוקציאן פאדערט, אז דער קאפיטאליסט זאל קאנען פערווענדען די גאנצע צייט, אין וועלכער ער פונקציאנירט אלס קאפיטאליסט, ד.ה. אלס פערזאניפיצירטער קאפיטאל, אויף צו־צונעהמען און פאלגליך קאנטראלירן די פרעמדע ארבייט און צו פערקויפען די פראדוקטען פון דער דאזיגער ארבייט.[205] די גילדעם פון מיטעלאלטער האבען דעריבער געזוכט צו שטערן מיט געוואלט די פערוואנדלונג פון דעם האנדווערק־מייסטער אין א קאפיטאליסט, דורכדעם וואס זיי האבען בעשרענקט די צאהל ארבייטער, וואס אן איינצעלנער מייסטער מעג בעשעפטיגען, אויף זעהר א קליינעם מאקסימום. דער געלד־ אדער סחורה־בעזיצער ווערט צוערשטווירקליך פערוואנדעלט אין א קאפיטאליסט, ווען די מינימום־סומע, וואס ווערט אויסגעלעגט אין דער פראדוקציאן, שטייגט א סך אריבער דעם מאקסימום פון מיטעלאלטער. דא, אזו גוט ווי אין

205 דער פאכטער טאר זיך ניט פערלאזען אויף זיין אייגענער ארבייט, און אויב ער פערלאזט זיך יא, בעהויפט איך, אז ער וועט נאר פערלירן דערביי. זיין בעשעפטיגונג דארף בעשטעהן אין דער אלגעמיינער אויפזיכט אויף דעם גאנצען בעטריעב: ער דארף אכטונג געבען אויף דעם דרעשער, זיין לוין זאל ניט אויסגעגעבען ווערן אומזיסט, ווען די תבואה איז ניט גענוג אויסגעדראשען; ער מוז אויפפאסען אויף די שניטער, די קאסארעס א.אז.וו. ער מוז נאכאנאנד ארומגעהן איבער אלע פעלדער, זעהן אז קיין זאך זאל ניט פערנאכלעסיגט ווערן, וואס עס וואלט פאסירן, ווען ער וואלט געבליבן אויף איין פלאץ." (“An Enquiry into the Connection between the Price of Provisions and the Size of Farms etc.” by a Farmer, London 1773, p. 12.) די דאזיגע שריפט איז זעהר אינטערעסאנט. מען קאן פון דעם שטודירן די ענטשטעהונג פון דעם „קאפיטאליסט־פארמער", אדער „סוחר־פארמער", ווי ער ווערט אויסדריקליך אנגערופען, און בעמערקען זיין זעלבסט־פערהערליכונג לגבי דעם „קליינעם פארמער", וועלכער איז פערטאן מיט קוים מאכען א לעבען. „דער קאפיטאליסטישער קלאס ווערט צוערשט בעפרייט טיילווייז און ענדליך גאר אינגאנצען פון דער [illegible] צו ארבייטען מיט

דער נאטור־וויסענשאפט, האלט אויס די ריכטיגקייט פון דעם געזעץ, וואס העגעל האט ענטדעקט (אין זיין „לאגיק"), אז ביי געוויסע פונקטען גייען בלויז־קוואנטיטאטיווע ענדערונגען אריבער אין קוואליטאטיווע אונטערשיידען.*[205]

דער מינימום פון דער ווערטה־סומע, וואס אן איינצעלנער געלד־ אדער סחורה־בעזיצער מוז האבען אין זיין רשות, כדי זיך צו פערוואנדלען אין א קאפיטאליסט, בייט זיך אויף פערשיידענע ענטוויקלונג־שטופען פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן, און איז פערשיירען, אויף א געגעבענער ענטוויקלונג־שטופע, אין די פערשיידענע ספערען פון דער פראדוקציאן, לויט זייערע בעזונדערע טעכנישע בעדינגונגען. געוויסע פראדוקציאנס־ספערען פאדערן שוין אין די אנפאנגען פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן א מינימום קאפיטאל, וועלכער געפינט זיך נאך ניט אין די הענד פון איינצעלנע אינדיווידומען. דאס רופט טיילוויז ארויס די שטאאטס־אונטערשטיצונגען צו פריוואטע פערזאנען, ווי א שמייגען אין פראנקרייך, אין קאלבערט'ס צייט און אין איינינע דייטשע שטאאטען ביז אויף היינטיגען טאג; און טיילוויז די פארמירונג פון געזעלשאפטען מיט א געזעצליכען מאנאפאל צו בעטרייבען געוויסע אינדוסטריע־ און האנדעלס־צווייגען[206] — די פארלויפער פון די מאדערנע אקציען־געזעלשאפטען.

---

מיר ווילען זיך ניט אבשטעלען אויף די פרטים פון יענע פערענדערונגען, וואס די שייכות צווישען קאפיטאליסט און לוין־ארבייטער האט דורכגעמאכט אין פערלויף פון דעם פראדוקציאנס־פראצעס, און ממילא אויך ניט אויף די ווייטערדיגע ענטוויקעלטע בעשטימונגען פון קאפיטאל גופא. מיר ווילען דא נאר בעטאנען איינינע הויפט־פונקטען.

---

די אייגענע הענד." (ריטשארד דזשאנס: "Textbook of Lectures on the Political Economy of Motions," Herlford, 1852, Lecture III, p. 39.

*[205] די קאלעקולארע טעאריע, וואס ווערט אנגעווענדעט אין דער מאדערנער כעמיע, און איז צוערשט וויסענשאפטליך ענטוויקעלט געווארן פון לאורענט און גערהארדט, איז געבוים נאר אויף אט דעם געזעץ.

[206] מארטין לוטהער רופט אן די דאזיגע אינסטיטוציעס „די געזעלשאפט מאנאפאליע".

אין דעם פראדוקציאנס־פראצעס האט קאפיטאל בעקומען די קאמאנדע איבער דער ארבייט, ד.ה. איבער דער טהעטיגער ארבייטס־קראפט אדער דעם ארבייטער גופא. דער פערזאניפיצירטער קאפיטאל, דער קאפיטאליסט, פאסט אויף, דער ארבייטער זאל טהאן זיין ארבייט בשלימות און מיט דעם ריכטיגען גראד פון אינטענסיוויטעט.

קאפיטאל האט זיך ענטוויקעלט ווייטער אלס א צוואנג־שייכות, וואס צווינגט דעם ארבייטער־קלאס ארויסצוגעבען מעהר ארבייט וויפיעל עס פאדערט דער ענגער קרייז פון זיינע לעבענס־בעדערפענישען. און אלס אן ארויסברענגער פון פרעמדער ארבייטזאמקייט, אלס אן אויסזויגער פון מעהר־ארבייט און עקספלואטאטאר פון ארבייטס־קראפט שטייגט ער אריבער אין ענערגיע, גרעניצלאזיגקייט און ווירקזאמקייט אלע פריהערדיגע פראדוקציאן־סיסטעמען, וואס זיינען געוועזן געבויט אויף דירעקטער צוואנג־ארבייט.

קאפיטאל מאכט פון אנפאנג די ארבייט אונטערטעניג צו זיך אונטער די טעכנישע בעדינגונגען, אין וועלכע ער געפינט זי היסטאריש. ער ענדערט דעריבער ניט דירעקט דעם פראדוקציאנס־אופן. די פראדוקציאן פון מעהרווערטה, אין דער פארם וואס מיר האבען זי ביז אהער בעטראכט, דורך אן איינפאכער פערלענגערונג פון דעם ארבייטס־טאג, האט זיך דעריבער בעוויזען אונאבהענגיק פון יעדער ענדערונג אין דעם פראדוקציאנס־אופן גופא. אין דער אלט־מאדישער בעקעריי איז זי געוועזן ניט ווייניגער ווירקזאם, ווי אין דער מאדערנער באוועל־שפינעריי.

ווען מיר האבען בעטראכט דעם פראדוקציאנס־פראצעס פון דעם שטאנדפונקט פון דעם ארבייט־פראצעס, האט זיך ארויסגעוויזען, אז דער ארבייטער פערהאלט זיך צו די פראדוקציאנס־מיטלען ניט ווי צו קאפיטאל, נאר פשוט ווי צו א מיטעל און מאטעריאל פון זיין צוועקמעסיגער און פראדוקטיווער טהעטיגקייט. אין א גארבעריי, צ.ב.ש., בעהאנדעלט ער די פעל ווי זיינעם א פשוט'ן ארבייטס־געגענשטאנד. ער גארבערט א פעל, ניט דעם קאפיטאליסט'ס פעל. עס איז אנדערש ווען מען בעטראכט דעם פראדוקציאנס־פראצעס פון דעם שטאנדפונקט פונ'ם פראצעס פון שאפען מעהרווערטה. די פראדוקציאנס־מיטלען האבען זיך תיכף

פערוואנדעלט אין מיטלען אויף איינצוזויגען פרעמדע ארבייט. עס איז שוין ניט דער ארבייטער, וואס פערברויכט די פראדוקציאנס־מיטלען, נאר עס זיינען די פראדוקציאנס־מיטלען, וואס פערברויכען דעם ארבייטער. אנשטאט צו ווערן פערצעהרט פון איהם, ווי די מאטעריעלע עלעמענטען פון זיין פראדוקטיווער טהעטיגקייט, פערצעהרן זיי איהם ווי א פערמענט [א מיטעל וואס טרייבט אן טהעטיגקייט] פון זייער אייגענעם לעבענס־פראצעס, און דער לעבענס־פראצעס פון קאפיטאל בעשטעהט נאר אין זיין בעוועגונג אלס ווערטה, וואס פערמעהרט זיך אליין. שמעלץ־אויוועגס און ארבייטס־געביידען וואס רוהען ביינאכט און זויגען ניט איין קיין לעבעדיגע ארבייט, זיינען א „ריינער היזק" פאר דעם קאפיטאליסט. דעריבער זיינען שמעלץ־אויוועגס און ארבייט־געביידען א לעבעדיגע „תביעה אויף דער נאכט־ארבייט" פון די ארבייט־קרעפטען. די איינפאכע פערוואנדלונג פון געלד אין מאטעריעלע פאקטארען פון'ם פראדוקציאנס־פראצעס, אין פראדוקציאנס־מיטלען, פערוואנדעלט זיי אין געזעצליכע טיטולען און צוואנג־טיטולען אויף פרעמדער ארבייט און מעהר־ארבייט. נאך איין ביישפיעל וועט צום שלוס בעווייזען, ווי אט די אייגענטימליכע פערקעהרטקייט, וואס איז כאראקטעריסטיש פאר דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן,— ווי אט די צומישונג פון דער שייכות צווישען טויטער און לעבעדיגער ארבייט, צווישען ווערטה און דער קראפט וואס שאפט דעם ווערטה,—שפיעגעלט זיך אב אין בעוואוסטזיין פון די קאפיטאליסטישע קעפ. אין דער צייט פון דעם אויפשטאנד פון די ענגלישע פאבריקאנטען, צווישען 1848 און 1850, האט געשריבען „דער הויפט פון דער לייוונט און באוועל שפינערייי אין פייזלי, פון דער פירמע קארלייל, זיהן און קאמפאניע, איינע פון די עלטסטע און רעספעקטאבלסטע פירמען פון וועסט־שאטלאנד, וועלכע עקזיסטירט זינט 1752 און ווערט געפיהרט פון פיער דורות פון דערזעלביגער פאמיליע"—אט דער העכסט „אינטעליגענטער זשענטלמאן" האט אלזא געשריבען אין די „גלאזגאוו דיילי מייל" פון 25טען אפריל 1849 א בריעף[207] אונטער דעם טיטול „דער רעלע־סיסטעם", אין וועלכען עס געפינט זיך צווישען אנדערע זאכען

---

207 רעפארטס עטצ., אפריל 1849, ז. 59.

די פאלגענדע ווילד־נאאיווע שטעלע: „לאמיר איצט בעטראכטען די צרות, וואס וועלען קומען פון א פערקירצונג פון דער ארבייטס־צייט פון 12 אויף 10 שטונדען.... דאס וועט בעטייטען א העכסט ערנסטער שאדען פאר דעם פאבריקאנט'ס אויסזיכטען און זיין אייגענטום. ווען ער (ד.ה. זיינע „הענד") האט פריהער גע־ארבייט 12 שטונדען און ווערט איצט בעשרענקט אויף 10 שטונ־דען, ווערן יעדע 12 מאשינען אדער שפינדלען פון זיין פאבריק צוזאמענגעשרומפט אין 10 ("then every 12 Machines or spindles in his establishment shrink to 10") און זאל ער וועלען פער־קויפען זיין פאבריק, וועלען זיי געשאצט ווערן נאר אין דעם ווערטה פון 10, אזוי אז עס ווערט דערמיט ארונטערגעצויגען א זעקסטער טייל פון דעם ווערטה פון יעדער איינציגער פאבריק אין גאנצען לאנד."[208]

פאר אט דעם בירושה־אבגעשטאמטען קאפיטאליסטישען מוח פון וועסט־שאטלאנד איז אזוי צונויפגעמישט דער ווערטה פון די פראדוקציאנס־מיטלען, פון די שפינדלען א.אז.וו. מיט זייער קא־פיטאל־אייגענשאפט צו פערמעהרן דעם אייגענעם ווערטה אדער איינצושלינגען יעדען טאג א בעשטימטע סומע פרעמדע אומזיס־טיגע ארבייט, ניט־בעצאהלטע ארבייט, אז דער הויפט פון דער פירמע קארלייל און קאמפ. שטעלט זיך ווירקליך פאר, אז ווען ער פערקויפט זיין פאבריק, וועט מען איהם אויסצאהלען ניט נאר דעם ווערטה פון די שפינדלען, נאר א חוץ דעם אויך פאר זייער כח ארויסצושלעפען מעהרווערטה. ער מיינט, אז מען וועט איהם בעצאהלען ניט נאר פאר דער ארבייט, וואס עס שטעקט אין די דאזיגע שפינדלען און וועלכע פאדערט זיך צו פראדוצירן אנדערע

---

[208] דארט נופא, ז. 60. דער פאבריק־אינספעקטאר סטוארט, אליין א שאט־לאנדער, און פערקעהרט ווי די ענגלישע פאבריק־אינספעקטארען, א מענש וואס איז אינגאנצען פערכאפט פון דעם קאפיטאליסטישען ארט דענקען, בעמערקט אויסדריקליך, אז אט דער בריעף, וועלכען ער האט פערקערפערט אין זיין בעריכט, איז „די ניצליכסטע מיטטיילונג וואס ווער עס איז פון די פאבריקאנטען, וועלכע ווענדען אן דעם רעליי סיסטעם, האט ווען עס איז געמאכט, און מען זאל גאנץ בעזונדערס רעכענען, אז ער וועט דינען אוועקצונעהמען די פאראורטיילען און די מענות אגמישינען דעם דאזיגען סיסטעם."

שפּינדלען פון דעמזעלבען סאָרט, נאָר אויך פאַר דער מעהר־ארביים, װאָס זיי העלפען ארויספּומפּען יעדען טאָג פון די בראַווע װעסט־שאָטלאַנדער פון פּייזלעי; און דערפאַר מיינט ער טאַקע, אַז פּער־קירצענדיג דעם ארבייטס־טאָג אויף 2 שטונדען, װעט דער פער־קויף־פּרייז פון יעדע 12 שפּין־מאשינען צוזאַמענגעשרומפּט װערן און ארונטערפאַלען צו דעם פּרייז פון 10 מאשינען!